**WYSHKOW BOOK • ספר וישקוב**

העורך: דוד שטוקפיש

רעדאַקטאָר: דוד שטאָקפיש

ועד הספר: ירחמיאל וילנסקי, פנחס יחיאלי (שולץ), יעקב מיטלסבך, מנחם כספי, מנחם שטלונג

בוך־קאָמיטעט: ירחמיאל ווילענסקי, פנחס יחיאלי (שולץ), יעקב מיטלסבאַך, מנחם כספי, מנחם שטעלונג






נדפס בישראל, 1964

Printed in Israel, 1964

„הדפוס החדש" בע"מ, תל־אביב, רח' המסגר

# הקדמה

„ספר וישקוב" — הפרי הבשל של שמונה שנות כתיבה ועריכה, של מאמץ חברתי והתאזרות כספית — מוגש בזה לבני וישקוב. ב־356 עמודות הספר מסופרים במלל ובתמונה תולדותיה, התפתחותה וחורבנה של קהילה יהודית בפולין.

אנו, שארית־הפליטה של עיירה יהודית על גדות נהר בוג, איננו יכולים להעריך את הספר הזה כספר־יזכור רגיל, כי אם לראות בו מצבת־עד, על הקברות האלמוניים של יהודי וישקוב הידועים והיקרים לנו כל־כך, שניספו על קידוש־השם.

לכאורה, לא היתה וישקוב שונה מעיירות יהודיות אחרות בפולין הטרום־מלחמתית. אך אנו, שנולדנו ובגרנו בעיירה זו, יודעים, כי וישקוב הצטיינה בייחודה ובצביונה. וזאת לא בלבד בנופה, מראיה וגודלה, כי אם ביהודיה, יהודי שבת־ויומטוב ויהודי חולין, האדוקים בדתם והחופשיים בדעותיהם, מאמיני שיבת־ציון והאנטי־ציונים. במיוחד נחרת בלבנו הנוער היהודי הוישקובאי שביקש לגאול תבל ומלואה, אך עמו הוא נעלם מעיניו, וכן הנוער היהודי ששאף לגאולה שלמה בהאמינו כי בזכות זו יגאלו עמים אחרים...

אולם כוונתו העיקרית של ספר וישקוב היא: להחיות את כל הדמויות המזהירות ולהעלותם לאור־היום ביגונם וששונם, במאוויהם ובמאבקיהם על קיומם העצמי ועל קיום האומה כולה, לספר כיצד הם עיצבו את החיים החברתיים, הדתיים והפוליטיים, ולהנציח לדורי־דורות את כליונם הטראגי בגיטאות ובונקרים, ביערות ובדרכים בנוטלם את חלקם בגורל יהדות אירופה כולה, עליה גזרו הרוצחים־הנאצים השמדה ומוות.

הקורא ישפוט אם תפקידנו זה בוצע. לצערנו, חסרים בספר כמה סקירות ותיאורים על פעולתם של מפלגות מסויימות, חברות ואירגונים וכן שורה של שמות של עסקני ציבור, שללא ספק צריכים היו להיות מונצחים מעל דפי ספר־היזכור שלנו. אך האחריות למעוות זה אינה נושאת מערכת הספר, כי אם אלה מבין יוצאי־העיר שלא מצאו לנכון לתאר את אירגוניהם וחבריהם. כמו כן מבקשים אנו סליחת קוראינו על טעויות־הדפוס, ועל השיבושים בשמות, תאריכים ומאורעות שחלו בספר — דבר שאין למנעו בספר כזה.

*

„ספר וישקוב" מחולק למדורים הבאים:

א) תולדות העיירה, זכרונות כלליים ותיאורים.
ב) מפלגות, חברות, ארגונים ומוסדות.
ג) החיים הדתיים.
ד) אישים, עסקנים, דמויות וטיפוסים.

ה) חורבן וישקוב.
ו) בני־וישקוב בישראל ובעולם.
ז) יזכור.
ח) מילואים.

במידה שהחומר המצוי בידינו הניח, נשמר הסדר הכרונולוגי. אך מן הנמנע היה לשמור על שיבוץ החומר לפי מדוריו, לכן ימצא הקורא הרבה תיאורים על אודות מפלגות, חיי הדת ואישים — בתוך תיאורים כוללים וזכרונות. אולם בטוחים אנו, כי העבודות הגדולות והקטנות כאחד, המונות יותר ממאה, יתארו תמונה מלאה, אם לא מושלמת, של חיי עיירתנו.

אשר לחורבנה של וישקוב, אין בספר תיאורים מפורטים על כליונה של העיירה, כי כבר בימיה הראשונים של המלחמה הופצצה העיירה ועלתה באש. תושביה נפוצו לכל רוח, ורק מתי־מעט של שארית הפליטה הרגישו את היעוד הקדוש לתאר את דרך הגיהנום אותה עברו בנכר, בגיטאות זרים, במחנות־המוות או בחבורות הפרטיזנים.

קושי מיוחד היתה „בעית־השפות". בעוד שיוצאי־העיר בחוץ־לארץ תבעו מרבית הטקסט ביידיש, תבעו לעומתם הוישקובאים בישראל, ששפה העברית תהיה המכרעת בספר. הפשרה שאפשר היה לנקוט בענין זה היתה: העבודות שנכתבו בעברית — הודפסו בספר בשפתן המקורית, נוסף על־כך תורגמו לעברית מספר עבודות בעלות חשיבות וערך מיוחדים.

*

ולסיום — תודתנו הלבבית והעמוקה נתונה לאירגוני יוצאי־וישקוב ולפרטים בניו־יורק, לוס־אנז'לס, ארגנטינה, אורוגוואי, צרפת ואחרון־אחרון — בישראל (עם מזכיר האירגון ה' ירחמיאל וילנסקי בראש) על עזרתם המוסרית והכספית הנאמנה והמסורה, שסייעה להוציא־לאור ספרנו זה.

תודה מיוחדת מביעים אנו לעורכו הנכבד של הספר, ה' דוד שטוקפיש, על עבודתו ללא־לאות באיסוף, מיון ועריכת החומר — מבחינה ספרותית וגראפית — של „ספר וישקוב". רב הוא חלקו של „הבחור הזעצער" ה' ישראל פרידמן, אשר יצק לתוך שורות העופרת חלק מנשמתו, כדי שהספר יקבל את צורתו הנאה והמשופרת. כמו כן מובעת תודתנו הנאמנה לכל עובדי הדפוס ולמנהלת „הדפוס החדש" אומרים אנו „יישר כוחכם!" יהי שכרם — של כל אלה אשר סייעו לנו בעצה ובמעשה להוצאת „ספר וישקוב" — ההכרה שהודות למאמציהם הונצחה קהילה יהודית קטנה אך חשובה בפולין הטרום־מלחמתית.

**מנחם שטלונג**
יושב־ראש אירגון יוצאי וישקוב בישראל

תל־אביב, ינואר 1964

# הקדמה

„ספר ווישקאָוו״ — די צייטיקע פּרוכט פון 8 יאָר שרייבערישע און רעדאַקטאָרישע אַרבעט, פון געזעלשאַפטלעכן אָנשטרענג און פינאַנ־סיעלער מי — ווערט איצט איבערגעגעבן די בני ווישקאָוו. די 356 דאָפּלט־זייטן דערציילן אין וואָרט און אין בילד די געשיכטע, אַנטוויקלונג און חורבן פון אַ יידישער קהילה אין פּוילן.

מיר, די שארית־הפליטה פונעם יידישן שטעטל אויפן בוג, טאָרן נישט באַטראַכטן דעם ספר ווי סתם אַ יזכור־בוך — נאָר זען אין אים די איין־און־איינציקע דויערהאַפטע מצבה אויף די אומבאַקאַנטע קברים פון די אונדז טייערע, גוט־באַקאַנטע ווישקאָווער יידן, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם.

אויסערלעך האָט ווישקאָוו זיך נישט אונטערשיידט פון אַנדערע, ענלעכע ישובים אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן. אָבער מיר, געבוירן און אויסגעוואַקסן אין דעם שטעטל, ווייסן, אַז ווישקאָוו האָט פאַרט געהאַט אין זיך עפּעס ספּעציפישס און אייגנאַרטיקס נישט נאָר אין דער לאַנדשאַפט, אויסזען און גרייס, נאָר דער עיקר האָבן זיך אויסגעטיילט אירע יידן — די שבת־יומטובדיקע און וואָכעדיקע, די פרומע און פריידענקער, די גלויביקע אין שיבת־ציון און די אַנטי־ציוניסטן. באַזונדערס איז אונדז איינגעבאַקן אין האַרצן די וויש־קאָווער יידישע יוגנט וואָס האָט געוואָלט באַפרייען די גאַנצע וועלט און ווי פאַרזען דאָס אייגענע פאָלק, ווי אויך די וואָס האָבן גע־שטרעבט צו דער גאולה שלימה און דערביי געטראַכט, אַז אין דעם זכות וועלן אויך אַנדערע פעלקער דערלייזט ווערן...

די הויפּט־כוונה פון דעם „ספר ווישקאָוו״ איז: מחייה־מתים זיין די אַלע ליכטיקע געשטאַלטן, אַרויסברענגען זיי אין זייערע ליידן און פריידן, שילדערן זייערע שטרעבונגען און גראַנגל פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ און פאַרן קיום האומה, דערציילן ווי אַזוי זיי האָבן פאַרמירט דאָס געזעלשאַפטלעכע, רעליגיעזע און פּאָליטישע לעבן אין ווישקאָוו און איבערגעבן לדור דורות דעם טראַגישן אומקום זייערן אין די געטאָס, בונקערס, וועלדער און וועגן, טיילנדיק דעם גורל פון דעם אייראָפּעישן יידנטום, אויף וועלכן די נאַצי־רוצחים האָבן אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל.

דער לייענער וועט משפטן צי די דאָזיקע אויפגאַבע איז דערפילט געוואָרן. ליידער, פעלן אין דעם בוך עטלעכע באַשרייבונגען פון דער טעטיקייט פון געוויסע פּאַרטייען, חברהס צי אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך נעמען פון אַ ריי געזעלשאַפטלעכע טוער וואָס האָבן זיכער באַדאַרפט פאַראייביקט ווערן אין אונדזער בוך־מאָנומענט. די שולד דערפאַר טראָגט נישט די רעדאַקציע, נאָר יענע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן נישט געפונען פאַר נייטיק צו באַשרייבן זייערע באַוועגונגען און חברים. אויך בעטן מיר פאַרשטענדעניש און מחילה פאַר געוויסע דרוק־פעלערן, טעותים אין נעמען און געשעענישן — אַ זאַך וואָס איז אוממעגלעך אויסצומיידן אין אַזאַ בוך.

*

„ספר ווישקאָוו״ איז איינגעטיילט פאָלגנדיק:

א) געשיכטע פון שטעטל, אַלגעמיינע זכרונות און שילדערונגען.
ב) פּאַרטייען, געזעלשאַפטן, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס.
ג) דאָס רעליגיעזע לעבן.
ד) פּערזענלעכקייטן, עסקנים, געשטאַלטן און טיפּן.
ה) חורבן ווישקאָוו.

ו)ווישקאָווער אין ישראל און אין דער וועלט.
ז) יזכור־אָפּטיילונג.
ח) דערגענצונגען.

אויף וויפל דער פאראנענער מאטעריאל האָט דערלויבט, איז אָפּגעהיטן געוואָרן די כראָנאָלאָגיע און אויך א געוויסער סדר. דער־פאר איז אָבער געווען אוממעגלעך אויסצומיידן דאָס „אריינגנבענען" זיך פון „פרעמדן" חומר אי׳ן די באזונדערע אָפּטיילונגען. אזוי וועט דער לייענער געפינען א סך אינפאָרמאציע וועגן די פארטייען, רעליגיעזן לעבן און פערזענלעכקייטן — אין די אלגעמיינע שילדערונגען און זכרונות. מיר זענען איבערצייגט, אז די איבער הונדערט גרעסערע און קלענערע ארבעטן וועלן געבן א גאנץ, הגם נישט פולקאָם בילד פון שטעטל.

בנוגע דעם חורבן ווישקאָוו זענען נישט פאראן אין בוך קיין אויס־פירלעכע שילדערונגען וועגן אומקום פון שטעטל, ווייל ס׳איז באלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה באָמבארדירט און פארברענט געוואָרן, די איינוווינער זענען זיך צעלאָפן און בלויז געציילטע פון דער שארית־הפליטה האָבן געהאלטן פאר זייער הייליקן חוב צו שילדערן דעם גהינום־וועג וועלכן זיי האָבן אדורכגעמאכט אין דער פרעמד, אין אנדערע געטאָס, אין די טויט־לאגערן צי אין די פּאַרטי־זאנער־אָפּטיילונגען.

א באזונדער פּראָבלעם איז ביי אונדז געווען די א.ג. „שפּראכן־פראגע". בעת אונדזערע לאנדסלייט אין אויסלאנד האָבן פּאַרלאַנגט מער יידיש, זענען די ווישקאָווער אין ישראל געווען דערפאר, אז עברית זאָל דאָמינירן אין בוך. די מעגלעכע פשרה וואָס האָט זיך געלאָזט אָנווענדן: די ארבעטן וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין העברעיש — זענען אין אָריגינאל אריין אין בוך. דערצו זענען עטלעכע וויכטיקע ארבעטן איבערגעזעצט געוואָרן אויף עברית.

*

צום סוף — אונדזער ברודערלעכער הארציקער דאנק די ווישקאָווער לאנדסמאנשאפטן־אָרגאניזאציעס און יחידים אין ניו־יאָרק, לאָס־אַנזשעלעס, אַרגענטינע, אורוגוויי, פראנקרייך און אחרון אחרון — אין ישראל (מיטן סעקרעטאר פון אירגון, ה׳ י ר ח מ י א ל ו ו י ל ע נ ס ק י בראש), פאר זייער באמת גרויסער, מאָראלישער און מאטעריעלער הילף צום דערשיינען פון אונדזער בוך.

א באזונדערן דאנק קומט דעם חשובן רעדאקטאָר פון בוך, ה׳ ד ו ד ש ט א ָ ק פ י ש, פאר זיין מיפולער ארבעט ביים איינזאַמלען, אָפּקלייבן און אויסרעדאגירן דעם מאטעריאל, ווי אויך ביים צונויפשטעלן — ליטעראריש און גראפיש — דעם „ספר וישקוֹב". גרויס איז אויך דער פארדינסט פון „הבחור הזעצער" ה׳ י ש ר א ל פ ר י ד מ א ן, וועלכער האָט אין די בליי־שורות אויך אריינגעגאָסן א שטיק פון זיין הארץ און נשמה, כדי אונדזער בוך זאָל ארויס־קומען וואָס שענער און בעסער. די דרוקעריי־ארבעטער, ווי דער דירעקציע פון „הדפוס החדש", קומט א יישר־כוח פאר זייער הילף. דער שכר פאר די אלע וואָס האָבן מיט ראַט און טאַט געהאָלפן ארויסגעבן דעם „ספר וישקוֹב", דארף זיין דער באוווסטזיין, אז א דאַנק זייער מי, איז פאראייביקט געוואָרן א קליינע, נאָר וויכטיקע יידישע קהילה אין פוילן.

**מ נ ח ם ש ט ע ל ו נ ג**

פּאָרזיצער פון אירגון יוצאי וישקוב בישראל

תל־אביב, יאַנואַר 1964

ערשטער טייל

חלק ראשון

א.

# געשיכטע פון שטעטל, אלגעמיינע זכרונות און שילדערונגען

א.

# קורות העיירה, זכרונות כלליים ותיאורים




# דער יחוס־בריוו פון ווישקאָוו

## (צו דער געשיכטע פון שטעטל)

ד. שטאָקפיש
רמת־גן

ווי לאַנג עקזיסטירט ווישקאָוו? ווי אַזוי האָט זיך פאַר־מירט די געשיכטע פון שטעטל?

נישט שווער צו ענטפערן אויףביידע פראַגן. די פוילישע היסטאָרישע ליטעראַטור, ווי אויך ענציקלאָפעדיעס און לעק־סיקאָנען פון גרויסע אייראָפּעישע מדינות, האָבן דעם קליינעם שטעטל אויפן בוג געווידמעט זייער אַ סך אָרט, פאָרשונגען און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען. די פאַראַנענע מאַטעריאַלן אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין וואַרשע דערציילן בפרטיות די געשיכטע פון ווישקאָוו. הגם די יידן פון שטעטל ווערט נישט אָפּגעגעבן צופיל אָרט, איז אויך פון די ווינציקע אָנגאַבן צו דרינגען, אויף ווי ווייט אחינו בני ישראל זענען דאָ, פונקט ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, געווען פאַרוואָרצלט אין משך פון יאָרהונדערטער. אָבער נישט אויף אַזויפיל, אַז די וואָרצלען זאָלן קאָנען אויסטראָגן די פאַרשידענע רדיפות, נגישות און פאָגראָמען. אַזאַ ווידער־שטאַנדס־קראַפט האָבן יידן אויפן פוילישן באָדן נישט באַזיצט. און ווישקאָוו איז נישט געווען קיין אויסנאַם.

### די ערשטע דערמאָנונג וועגן ווישקאָוו

צום ערשטן מאָל ווערט ווישקאָוו דערמאָנט אין קאָנראַד'ס דאָקומענטן פון יאָר 1302. צווישן די אויסגערעכנטע דאָרט ביסקופּישע גיטער, ווי: טוכלין, גוראַ, בעלינא און טורינא (טושין), געפינט זיך אויך — ווישקאָוו. (בראָניסלאַוו כלעבאָווסקי: דאָס שטעטל ווישקאָוו. געאָגראַפישער ווערטער־בוך פון קרוין־פוילן. 14־טער באַנד, וואַרשע, 1895, ז"ז 147—148)

ס'ווערט דאָרט דערציילט:

ווישקאָוו, אַ שטאָטישע זידלונג, פריער — אַ שטעטעלע אויפן רעכטן ברעג פון טייך בוג, פּולטוסקער פּאָוויאַט, דער־ווייטערט פון צפון־מזרח 27 קילאָמעטער פון סעראָצק און 45 קילאָמעטער פון יאַבלאָננע. ליגט עטלעכע קילאָמעטער נידעריקער פון קאַמיענטשיק, וואָס אויפן לינקן ברעג בוג. אַ באַן־סטאַציע. פאַרמאָגט אַ געמויערט קלויסטער פון דער פּאַראַפיע, אַן אָנפאַנג־שול, אַ גמינע־אַמט און אַ פּאָסט־אַמט. אַריבער 150 הייזער און מער ווי דריי טויזנט איינוואוינער, די מערהייט — יידן. אין יאָר 1827 זענען געווען 102 הייזער און 1283 איינוואוינער, אין יאָר 1864 — 108 הייזער, צווישן זיי — 8 געמויערטע. 2354 איינוואוינער, צווישן זיי — 543 יידן. ליגט ביים שאָסיי וואָס פירט פון וואַרשע קיין ביאַלי־סטאָק. ס'בויט זיך איצט אַן אייזנבאַן־ליניע וואָס דאַרף באַהעפטן וואַרשע מיט אָסטראָלענקע און וועט אַדורכגיין דורך דער ווישקאָווער סטאַציע. איבערן בוג וועט מען אויפ־בויען אַן אייזערנע בריק.

ווישקאָוו איז אַן אַלטערטימלעכע זידלונג און אייביק אייגנטום פון דער פּלאָצקער קירכע.

דער מאַזאָווער פירשט טריידאָם האָט פאַרכאַפּט וויש־קאָוו, מיטן קלויסטער אויפן בוג און קאַמיאָן אויפן ווייסל, ווי אויך טאַרגאָווע נעבן קאַמיאָן וואָס הינטער וואַרשע.

די זין פון פירשט טריידאָם — זשעמאָוויט און קאַזשימיעזש, האָבן די אַלע גיטער אומגעקערט די ביסקופן.

דערפאַר האָבן די לעצטע צוריק אָפּגעגעבן די פירשטן דאָס דאָרף ווישקאָוו אויף 8 יאָר (לויטן אַקט פון יאָר 1347, צונויפגעשטעלט אין טשערווינסק) און זיי פאַרפליכטן זיך נאָך דער צייט דאָס אומצוקערן דער קירכע („לאָקאַטאַם עט אינפאָרמאַטאַם"), לויטן מאַזאָווישן קאָדעקס 58 און 59.

די פלאָצקער ביסקופן האָבן פון לאַנג דאָ אויסגעבויט זייער פּאַלאַץ און אָפט אין אים פאַרברענגט.

אין יאָר 1502 האָט דער ביסקופּ ווינצענטי פּשערעמבסקי באַשאָנקען די זידלונג מיט שטאָטישע (א. ג. כעלמינסקע) רעכט, וואָס האָבן באַפרייט די איינוווינער פון יעטוועדער צוואַנג־דינסט.

זיגמונט דער ערשטער האָט דערלויבט די ווישקאָווער אויפבויען אַ בריק איבערן בוג און נעמען אַן אָפּצאָל פאַרן אַדורכפאָרן די בריק. זיגמונט דער דריטער האָט אין יאָר 1599 געגעבן רעכט די אָרטיקע צעכן.

דער זון פון דאָזיקן קעניג, קאַרל פערדינאַנד (ער איז געווען פלאָצקער ביסקופּ), האָט דאָ אויפגעבויט אַ באַקוועמען פּאַלאַץ און זיך באַזעצט אויף שטענדיק. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1655.

אין יאָר 1657 האָבן די שוועדן פאַרניכטעט דאָס שטעטל. די מגיפה וואָס איז דאַן אויסגעבראָכן, האָט פאַרענדיקט דעם חורבן.

סטאַניסלאַוו אַוגוסט האָט דערפילט די ביטע פון פלאָצקער ביסקופּ מיכאל פּאָניאַטאָווסקי און לגמרי אָפּגעשאַפט די אָפּהענגיקייט פון ווישקאָוו פון די ביסקופּן און אין יאָר 1781 איינגעפירט טאַרגן און יאַרידן. די מיעשטשאַנעס, שטיצנדיק זיך אויף די באַקומענע פּריווילעגיעס, האָבן זיך מערער נישט געוואָלט אונטערוואַרפן די ביסקופּן. ביי די אָפטע שטרייקן, וואָס זענען צוליב דעם אויסגעבראָכן צווישן די ביסקופּן און די מיעשטשאַנעס, האָבן תמיד פאַרמיטלט קאָמיסאַרן, באַשטימטע דורכן קעניג.

דער „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני" („אילוסטרירטע וואָך") פון יאָר 1876 דערציילט, אַז ווישקאָוו מיט דער גמינע און פּאַראַפיע האָט פאַרמאָגט אַ שטח פון 16,628 מאָרג און 7,693 איינוווינער, צווישן זיי: 6 פּראַוואָסלאַוונע, 21 פּראָטעסטאַנטן און 2,682 יידן, איבערהויפּט אין שטעטל גופא.

דער פּאַלוואַרק ווישקאָוו, וואָס גייט אַריין אין באַשטאַנדטייל פון די רעגירונגס־גיטער, האָט אין יאָר 1876 פאַרמאָגט אַ שטח פון 1,280 מאָרג; וואַלד — 20,654 מאָרג.

די גמינע ווישקאָוו גרענעצט זיך מיט די גמינעס: גרעמבקאָוו, אוכאַוונאַ, באָזשע און רוכנאַ. אין באַשטאַנדטייל פון דער גמינע גייען אַריין: דאָמבראָווע, גראָדזשיסק, מראָטשקי, אַשטזשעזשע, פּיעזשכאַלי, פּאַלקאָוו, פּרושעוו, פּרושעווסקאַ וואָלקאַ, סוכאָדאָלי, וויטאַנקי, ווישקאָוו, זאַלעשע און זשאַמאַקי.

### אַ דענקמאָל וואָס מען ווייסט נישט זיין באַדייט

אין יאָר 1886 דערציילט דער זעלבער „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני" (באַנד 13, ז"ז 232) וועגן אַן אָבעליסק מיטן הערב פון די וואַזאַ'ס אין ווישקאָוו.

קאַרל פערדינאַנד, דער פערטער זון פון קעניג זיגמונט דעם דריטן (וואַזאַ), פלאָצקער ביסקופּ, איז אין די לעצטע יאָרן זיינע געווען אַ מעלאַנכאָליקער. (יוליאַן באַרטאָשעוויטש: פירשטן־ביסקופּן. וואַרשע, 1851) אַרומפּאָרנדיק איבער זיינע גיטער, איז אים געפעלן געוואָרן די וואַלדיקע געגנט אויפן טייך בוג, דאָס שטעטל ווישקאָוו וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון וואַרשע. דאָ האָט ער זיך אויסגעבויט אַ באַקוועמע וווינונג און זיך באַזעצט. דאָ איז ער געשטאָרבן אין יאָר 1655. זיין טויטער קערפּער איז צום ערשט איבערגעפירט געוואָרן קיין וואַרשע און דערנאָך — קיין קראָקע, אין די קעניגלעכע קברים אויפן וואַוועל.

ווען דער שוועדישער קעניג גוסטאַוו אַדאָלף האָט אָקופּירט פּוילן, איז ווישקאָוו, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען באַפעסטיקט מיט אַ שוץ־מויער און וואַך־טורעמס, אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן.

נישט ווייט פון שטעטל, נעבן דעם אַמאָליקן טראַקט וואָס פירט פון וואַרשע קיין ליטע, שטייט אויף אַ גענוג פאָרמיקן פונדאַמענט, אַ נישט־גרויסער אָבעליסק פון גראָען, היימישן מאַרמאָר. נישטאָ אויף אים קיין שום אויפשריפט, אויסער דעם לעניגלעכן הערב פון די וואַזאַ'ס: אַ בינטל אויף אַלע פיר זייטן פונעם דענקמאָל, אויסגעהאַקט מיט אַ גראָבער דאָלאָטע. אַ צווייטער ענלעכער אָבעליסק, אויך מיטן הערב פון די וואַזאַ'ס, איז געשטאַנען אויף דער אַנדערער זייט ווישקאָוו. דער שטיינהאַקער, אויסקריצנדיק אויף אים דעם הערב פון די וואַזאַ'ס, האָט אויף אַ מאָדנעם אופן, אפשר אומוויסנדיק, פאַראייניקט דעם פאַמיליע־נאָמען וואַזאַ מיט זייער הערב, אַז גיכער האָט עס די געשטאַלט פון אַ קריג מיט צוויי אויערן, איידער פון אַ בינטל.

מיט אַ 40 יאָר צוריק האָט דער פּראָבאָשטש אַוועקגעשטעלט אויפן פּיעדעסטאַל בלויז דעם פּיראַמידאַלן שפּיץ און אינדערמיט; אַריינגעזעצט אַ קאָמפּאַס מיטן הערב.

צוזאַמען מיטן שטעטל זענען אויך פאַרברענט געוואָרן אַלע אַקטן און שריפטלעכע באַווייזן לזכר די דענקמעלער וואָס מ'האָט אויפגעשטעלט.

די אָבעליסקן און אויפשריפטן זענען שטום און דערציילן גאָרנישט. בלויז פון די הערבן קאָן מען זיך אָנשטויסן, אַז זיי זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורכן פירשטלעכן ביסקופּ פון דער פאַמיליע וואַזאַ. אַן אָרטיקע לעגענדע גיט איבער, אַז דאָס איז אַן אָנדענק פון אַ צוזאַמענטרעף פון צוויי ברידער, קעניגלעכע זין, איינער פון וואַרשע און דער אַנדערער פון דער דעמאָלטיקער ליטע. מען ווייסט אויך צו דערציילן וועגן פאַנטאַסטישע אוצרות וואָס געפינען זיך איינגעמויערט אין די אָבעליסקן און ווערן געהיטן דורך שדים. דאָס איז אויך געווען די סיבה פון פונאַנדערנעמען איינעם פון די דענקמעלער. מען האָט אָבער קיין שום באַהאַלטענעם אוצר ווי אויך דאָקומענטן — נישט געפונען. זעט אויס, אַז די גרויסע רייכטימער וואָס דער קעניגלעכער ביסקופּ האָט פאַרמאָגט און געהאַלטן זיי אין איין פאַרמערן ביזן סוף פון זיין לעבן, האָבן צעשפּילט די פאַנטאַזיע ביי מענטשן וועגן איינגעמויערטע אוצרות.

דאָקעגן פּטווערין פון ווישקאָוו, אין זיין „היסטאָרישע סקיצע פון דער שטאָט ווישקאָוו" (אַרויסגעגעבן דורך היפּאָליט סקימבאָראָוויטש אין יאָר 1841, ז"ז 13—16, 25—32, 50—52), איז זיך אַזוי משער מכוח דעם באַדייט פוןביידע אָבעליסקן אין שטעטל:

„אַביסל הינטער דער שטאָט, נעבן דעם אַמאָליקן וואַרשעווער טראַקט, שטייט אַ דענקמאָל אין פאָרם פון אַן אָבעליסק, 18 מעטער די הייך, פון גראָען מאַרמאָר, אָן שום אויפשריפטן, נאָר מיטן הערב פון די וואַזאַ'ס. דער אויבערשטער טייל איז שוין פאַרניכטעט דורך

צער צייט. אַ צווייטער דענקמאָל, נאָר מיט אַן אַנדערן הערב פון די וואַזאַ׳ס, איז געשטאַנען פון דער צוויי־טער זייט שטאָט. ער איז אָבער אויף אַ באַרבאַרישן אופן פאַרניכטעט געוואָרן דורך אַן אומבאַקאַנטער האַנט און זיינע רעשטלעך וואַלגערן זיך נאָך אַלץ אויפן קלויסטער־בית־עולם.

דורך וועמען און ווען די דענקמעלער זענען אויפ־געשטעלט געוואָרן — ווייסט קיינער נישט. קיין שום אַקטן אין די קלויסטערס און שטאָטישע אַנשטאַלטן — זענען נישט געפונען געוואָרן.

נאָר די לעגענדע דערציילט, אַז די צוויי דענק־מעלער זענען אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך די צוויי גרויסע עפּידעמיעס, וואָס שיינט צו זיין העכסט וואַר־שיינלעך, צוליב די דאָפּלטע צלמים וואָס געפונען זיך אויף זייער שפּיץ."

### „כסדרדיקער צופלוס פון דער באַפעלקערונג"

דער דערמאָנטער סטוועדין פון ווישקאָוו הייבט אָן זיין היסטאָרישן איבערזיכט מיט אַ ציטאַטע פון אַ ליד:

> אונטער מיינע פיס, מיט געזילבערטע פּערל / שווימט דער אַלטער בוג, / אַרום־און־אַרום מיט צעשמייכלטן גרינס / איז באַוואָקסן דער ברעג.

„פּשעגלאָנד וואַרשאַווי", 10־טער העפט, 1890

און ווייטער:

אין פּולטוסקער קרייז, אויף ליטווישער ערד, אויף אַ הויכקייט, וואָס ביי איר צופוסנס קאָלערט זיינע ערנסטע שטראָמען דער אַלטער בוג — דער גאַנגעס פון די אוראַלטע סלאַווען, ליגט דאָס שטעטעלע ווישקאָוו, וואָס מיט איין אָרעם גרייכט עס ביזן סאַמע טייך.

ווינצענטי פשערעמבסקי מיטן הערב „נאַווינאַ", דער קרוין־קאַנצלער און פּלאָצקער ביסקופּ, האָט אין פרייטיק פון דער וואָך „יודיקאַ", דערהויבן אין יאָר 1502 דאָס דאָרף ווישקאָוו, וואָס האָט באַלאַנגט צו די ביסקופּן, צו דער מדרגה פון אַ שטאָט און זי באַשאָנקען מיט פאָלגנדיקע פּריווי־לעגיעס:

1. די שטאָט זאָל הייסן נישט אַנדערש ווי ווישקאָוו.
2. באַפרייען די מיעשטשאַנעס פון אַלע צוואַנגס־אַרבעטן און פליכטן. זיי דאַרפן בלויז צאָלן שטייערן.
3. דעם מאַגיסטראַט האָט ער געגעבן די רעכט צו קאָנטראָלירן די מאָסן און וואָגן, מיט דער מעגלעכקייט צו באַשטראָפן פאַר פעלשונגען, לויט די כעלמינער געזעצן — און די איינקונפטן דערפון באַשטימט פאַר עפנטלעכע באַדער־פענישן.
4. אַ פרייען צוטריט פאַר די מיעשטשאַנעס אין די ביסקופּישע וועלדער, צו נעמען געהילץ פאַר זייערע און שטאָטישע באַדערפענישן.
5. צוגעטיילט דער שטאָט לאָנקעס.
6. פון די איינקונפטן פון באָד, פון קליידער־געשעפטן אַרום אָדער אין דעם ראָטהויז, פון שאַרפע געטראַנקען אָדער סחורות, האָט ער יעדן דריטן גראָשן באַשטימט פאַר דער שטאָט.
7. דערלויבט די שטאָטישע איינוווינער צו פאַנגען מיט קליינע נעצן פיש אין טייך בוג.
8. די שטאָט ווישקאָוו האָט ער אויסגעגליכט מיט די רעכטן פון דער שטאָט פּולטוסק, איבערלאָזנדיק זיך די רעכט אַליין צו באַשטימען דעם בירגערמייסטער און די ראַטמענער.

די אָריגינעלע אַקטן פון די פּריווילעגיעס זענען פאַר־ברענט געוואָרן, נאָר די קאָפּיעס האָבן זיך געפונען אין די ביסקופּישע אַרכיוון.

די פּריווילעגיעס פון קעניג זיגמונט דעם ערשטן, געגעבן דער שטאָט ווישקאָוו אויפן פּיאָטרקאָווער סיים אין יאָר 1533, אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מיט אַלע אָנפאַנג־שטעט, זענען דעם 6־טן יאַנואַר 1557 באַשטעטיקט געוואָרן אין וואַרשע דורכן קעניג זיגמונט אויגוסט.

אין יאָר 1528, אין דער צייט פון פּיאָטרקאָווער סיים, האָט די שטאָט ווישקאָוו באַקומען פון קעניג זיגמונט דעם ערשטן די דערלויבעניש צו בויען אַ בריק איבערן בוג, מיט דער רעכט צו נעמען אַן אָפּצאָל לטובת די פּלאָצקער ביס־קופּן פאַרן אַדורכפאָרן די בריק.

די צעשפּרייטקייט פון אַמאָליקן ווישקאָוו, ווי אויך אירע גרענעצן, זענען נישט באַקאַנט.

ערשט דער דעקרעט פון אַ „קאָמיסיע פאַר גוטער אָרדע־נונג" האָט אין יאָר 1775 אויף שטענדיק באַשטימט 3 אַקער־פעלדער צו 12 וולאָק כעלמינסקער מאָס, ווי אויך 73 פּלעצער צו 73 מאָרג.

די גרייס פון ווישקאָוו איז, זעט אויס, אַ פּיל פאַרנעמיקע, ווייל אויף די אַרומיקע פעלדער קאָן מען נאָך היינט אָנטרעפן פונדאַמענטן פון מויערן און שורץ־טורעמס. די לעגענדע זאָגט אויך, אַז ווישקאָוו האָט געגרייכט ביזן דאָרף ריביענקאַ.

אין יאָר 1841 איז ווישקאָוו געווען אַ קליין שטעטעלע פון 95 הילצערנע און 8 געמויערטע הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן געוווינט 1149 „קעפּ" — מער ווי אַ העלפט יידן. דער הערב איז אין דער פאָרם פון אַ דאָרפישער גראַביע.

אַמאָל האָט די שטאָט באַזיצט אַ ראָטהויז, געבויט פון האָלץ, וועלכן מ׳האָט פונאַנדערגענומען אין יאָר 1806, כדי צו שטעלן אַ בריק פאַרן אַריבערגיין פון מיליטער איבערן בוג. אָבער נאָך דעם האָט מען די בריק פאַרברענט.

דאָס שטעטל פאַרמאָגט נישט קיין שום פאַבריקן. אינ־דערמיט פון ווישקאָוו שניידט דורך אַ שאָסיי, וואָס פירט פון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק. דאָס גאַנצע שטעטל איז ברוקירט, וואָס שטערט נישט, אַז עס זאָלן אויך זיין בלאָטעס. אין די פינצטערע נעכט איז עס באַלויכטן מיט עטלעכע לאַמטערנס.

אַ קליין טייכל, אויף וועלכן עס געפונען זיך צוויי בריקן, טיילט אָפּ ווישקאָוו פונעם דאָרף נאַדבוזשע. באַלד נאָכן בריק, אויפן אָרט ווו דאָס טייכל פאַלט אַריין אין בוג, שטייט אויף אַ באַרג איינער פון די עלטסטע קלויסטערס אין פּוילן, וועלכער גרייכט נאָך די צייטן פון באָלעסלאַוו כראַברי, אָדער זיין נאָכפאָלגער — און איז שוין צוויי מאָל רעסטאַווירירט געוואָרן. דער איצטיקער, געמויערטער קלויס־טער, איז אָנגעהויבן געוואָרן אין יאָר 1790 און פאַרענדיקט אין יאָר 1793, פאַרן געלט פון קרישטאָף הילאַרי שעמבעק, דעם פּלאָצקער ביסקופּ.

די כאָליערע, וואָס האָט אין די יאָרן 1581, 1634, 1708 און 1710 אויסגעליידיקט די פּוילישע פּראָווינצן, האָט אויך נישט אויסגעמיטן ווישקאָוו. די לעצטע עפּידעמיע אין די צייטן פון לודוויג זאַלוסקי, דעם פּלאָצקער ביסקופּ (1722), האָט אינגאַנצן אויסגעליידיקט ווישקאָוו פון מענטשן און בהמות.

און דאָ דערלויבט זיך דער היסטאָריקער אויף אַ מיאוסן, אַנטיסעמיטישן אויסברוך, באַשולדיקנדיק די יידן אין דער אויסגעבראָכענער מגיפה:

„די כאָליערע אין יאָר 1831 — שרייבט סעווערין פון ווישקאָוו — איז געווען אַ גאַנץ „לייכטע", אָבער שוין אין יאָר 1837 האָט זי אַרויסגערופן אַ פּאַניק, איבערהויפּט אין שטעטל פול מיט יידן, וואָס האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט ריינקייט. ווען מען האָט די לעצטע אַרויסגעטריבן אין די וועלדער, האָט זיך די מגיפה אָפּגעשטעלט."

די הויפּט־פּרנסה פון די איינוווינער איז געווען פון ערד־אַרבעט, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקן ניוואָ. דאַקעגן דער טייך בוג, וואָס איז פּאַרקער־פּעיק, האָט געגעבן גרויסן ריווח די איינוווינער דורכן ביימער־ספּלאַוו פון די אַרומיקע וועלדער — קיין דאַנציק. אָבער אויך דאָס האָט נישט באַוויזן צו דערהייבן זייער אָרעמען לעבנס־ניוואָ.

דער כאַראַקטער פון די איינוווינער צייכנט זיך נישט אויס מיט קיין שום ספּעציעלס, צוליבן כסדרדיקן צופלוס פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז באַשטאַנען פון פאַרשידענע אַרמייען. דאָס אָפּטע בייטן זיך פון די רעגירונגען אין פאָריקן און אין איצטיקן יאָרהונדערט, האָבן איבערגעלאָזט אויף דער שטאָט נישט־אָפּמעקבאַרע צייכנס.

נידעריקער פון פּאָלוואַרק געפינט זיך אַ גרויסער זאַלץ־לאַגער, אויפגעבויט דורך דער פּרייסישער רעגירונג, פול מיט בערלינקעס, וועלכע ברענגען פון וויעליטשקע און טשענסטאָכאָוו זאַלץ, וואָס איז איצט אַזאַ לעבנסוויכטיקער פּראָדוקט פאַר אַלע.

פרילינג זעט דער טייך אויס זייער אַנגענעם מיט די טויזנטער אַדורכשווימענדיקע שיפלעך, אָנגעפולטע מיט גאָל־דענעם ווייץ פון וואָלין און טראַטוועס מיט האָלץ, וואָס איילן צום באַלטישן ים...

### ווישקאָוו אין אַנדערע מקורות

אַזוי ווערט געשילדערט די געשיכטע פון שטעטל אין דער פּוילישער היסטאָרישער ליטעראַטור. אָבער אויך ערנסטע וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבעס אין פאַרשידענע לענדער האָבן נישט פאַרזען ווישקאָוו און פאַרעפנטלעכט אַ ריי סטאַטיס־טישע אַנגאַבן פון שטעטל אין פאַרשידענע צייטן. אין מעיערס לעקסיקאָן, דערשינען אין יאָר 1930 אין לייפּציג (צוועלפטער באַנד, ז' 1631), ווערט געזאָגט: ווישקאָוו, אַ שטאָט אין דער פּוילישער וואָיעוואָדעשאַפט וואַרשע, קרייז פּולטוסק אין יאָר 1921 — 9,084 איינוווינער. אַ העלפט דערפון — יידן. געפינט זיך אויפן בוג און באַן־ליניע טלושטש—אָסטראָלענקע. גלאָז־אינדוסטריע.

אין פּאַריזער „לאַרוס" (1939, באַנד 6, ז' 1631) ווערט די צאָל איינוווינער פון ווישקאָוו אָנגעגעבן אויף 10,050, מיט פאַבריקן פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים און מאַשי־נען. אין ריטטערס געאָגראַפיש־סטאַטיסטישן לעקסיקאָן, דער־שינען אין לייפּציג מיט הונדערט יאָר צוריק (ז' 883, פינפטע אויפלאַגע), געהערט נאָך ווישקאָוו צו רוסלאַנד און ליגט אין דער... פּלאָצקער גובערניע. די צאָל איינוווינער — 1,290. און אין דעמזעלבן לעקסיקאָן, נאָר דערשינען אין יאָר 1910 (ניינטע אויפלאַגע, באַנד 2, ז' 1302), באַלאַנגט ווישקאָוו צו דער לאָמזשער גובערניע.

מערער ידיעות וועגן יידן גיט אָן די „יעווריעיסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ' (פינפטער באַנד, ז' 865, ס. פּעטערבורג): ווישקאָוו — אַ ישוב אין דער פּולטוסקער גובערניע. יידן האָבן דאָ נישט אָנגעטראָפן אויף וועלכע ס'איז שוועריקייטן ביים באַזעצן זיך. אין יאָר 1856 — 1,023 יידן, 512 קריסטן. אין יאָר 1897 — 5,038 איינוווינער, פון זיי — 3,207 יידן.

### אונדזער דענקמאָל

אַ נישקשהדיקער יחוס־בריוו פון אַ שטעטל. לויידער, איז די געשיכטע פון יידישן ווישקאָוו ברוטאַל און גרויזאַם איבערגעהאַקט געוואָרן אין די ערשטע טעג סעפּ־טעמבער 1939, מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. זינט יענער דאַטע, איז עס פאַר יידן נישט מער קיין געשיכטע פון אַ ישוב, נאָר קנאות איבער אַן אויס־געהרגעטער יידישער קהילה. דער היסטאָרישער דענקמאָל פון ווישקאָוו זענען שוין נישט די אָבעליסקן פוןביידע זייטן שטעטל, וואָס מען ווייסט נישט גענוי לזכר וועמען מ'האָט זיי אויפגעשטעלט. איצט אין יאָר 1964, אין דער גרעסטער שטאָט פון דער יידישער מדינה, אין תל־אביב, האָבן מיר אויפגעשטעלט אַן אַנדערן „אָבעליסק" — „ספר וישקוב", צום אָנדענק פון אַן אַקטיוון שעפערישן יידישן קיבוץ, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט חסידישקייט און וועלטלעכקייט, מיט ציוניזם און סאָציאַליזם, מיט פאָלקסטימלעכקייט און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויסטן.

זאָל דאָס בוך־מצבה דינען אַלס דערמאָנונג די לעבנ־געבליבענע, אַרויסרופן ביי זיי דערינערונגען און גערירטקייט, טיפן טרויער און אַ פאַרבאָרגענע טרער איבערן גורל פון אַ יידישן ישוב וואָס איז מער נישטאָ...

# זכרונותי על וישקוב

מנחם כספי (סרברניק)
כפר־אונו

עיירתי וישקוב לא היתה יוצאת מגדר הרגיל. לא הת־בלטה בתולדותיה ואף לא הוציאה מתוכה אישים שרישומם ניכר. תמיד שקועה היתה בבעיות המייחדות חיי עיירה פרובינציאלית. הציר המרכזי בחיי העיירה היתה דמותו של הרב, השוחט או „מחלוקת לשם שמים". ראש־הקהל התקיף והנוער המתעורר שאין לו במה להיאחז ונשאר תלוי על בלימה.

כשאני שוקע בהרהורים ובהעלאת דמותה מתהום העבר ומנסה להיזכר ולהחיות את הכל, נמוג אט־אט ערפל השיכחה. העיר עצמה מתחילה להופיע כמו שהיתה, על סימטותיה, אנשיה, בעיותיהם, מלחמתם ומאבקם הקשה למען החיים. הנה פלוני, שבכל ימות השבוע אינו מנסה להביע דעה כשסתם יהודים משוחחים בעניני דיומא או מילי דבדי־חותא. הוא רק מרכין את ראשו ומהנהן בזקנו כאות הסכמה לכול. אבל ביום השוק עיניו מתיזות רשפי אש וכל כולו כפקעת חיה, הרגלים בתנועה עצומה והידים סופקות כדי לשכנע את זה או אחר, כאביר הלוחם בשדה קרב קשה.

### עם דמדומי בוקר

מתעורר אני עם שחר בבוקר אביבי. העצים בלבלובם, וכל העיר עטופה בדומיה, רק מפעם לפעם מפסיק אותה

רעש גלגלי הברזל של העגלות הנוסעות על גושי האבן המרוצפים.

אני פוסע לי בניחותא ושואף את האויר הנקי והרענן, גן התפוחים („הסנטור סאַד״) קורץ אלי. אני קופץ לשדרה של עצים מקוטעים־למחצה הלוחות של גדר גן התפוחים מהודקים אחד לשני. מהפש אני פירצה להתבשם מהריח ומהמראות, עד שאני מגיע לדוכן שם מוכרים את הפרי ומציץ להנאתי. מאחורי אחד „הדייגים״, שקנו את הגן הזה, זקנו הארוך מתפתל על הבג־דים עם האף הבשרי, מתקרב אלי ובקצה אצבעותיו תופס אותי באזני.

„יינגל״, מה אתה מריח פה. לך ללמוד הגמרא שלך. משה הנפח מכה בקורנס, הגיצים מתיזים מרחוק ויחד עם הגיצים — המבט הער־מומי שלו. הפנים מכוסים פיח ובריסי עיניו מתחיל לשחק מין ברק כזה, כאילו תנור שחור נפתח ומתוכו יוצאת להבה. לך מהר לחדר! אחרת תהיה כמוני, מרים את הקורנס ודופק עוד יותר בכוח. אני מרגיש עצמי מאושר שאלמד ולא אצטרך כל כך קשה לעבוד.

עובר אני ביעף את בית הלבנים האדומות, בו שוכנת המשטרה והדואר. מדי עוברי במקום הזה, תוקף אותי פחד מהול בסקרנות. רוצה אני להציץ בתוך השער העשוי כקשת, ולדעת את הסודות הכמוסים שם. רק פעם אחת הצלחתי להציץ פנימה, כשהביאו גוויית גוי שאיבד את עצמו לדעת. התאספו אז הרבה אנשים וגם אני נדחקתי לשם, אך מיד גירשו אותי וכעת פגה סקרנותי. ללמוד אני רוצה!

העגלות, עב בשר מבית־המטבחיים, רק הגיעו והאיטליזים נפתחים ברוב רעש. „יוס׳ל קצב״ הגבוה, פניו כחושים וחיוו־רים, גידים אדומים מתמתחים על פניו כעין־שתי־וערב, וכל פעם שעובר עם נתח בשר מקבל מכה. צועק לעומתו „יוטה ציביעס זין״, גמיש כאילו על קפיצים ופניו ספק צוחקים ספק כועסים והעיניים תמיד בתנועה. הלו! לא לשוא אין לך שכל, כל פעם אתה נתקל במשקוף ומקבל מכות בראש, עד שאתה מאבד את השכל... אתה צוחק! היום רצו לשחוט בבית־המטבחיים. בהמה׳לה יפה קניתי, באמת אַ „גאָלדענע מציאה״. הם ביקשו להטריף אותה, מצאו בה משהו בריאה, הם לא רצו לנפח, רק אני, השוחטים והרב רעדנו כמו בשמונה־עשרה. אם היה זה טריף הייתי שוחט אותם. בקושי עשו כשר. והנה רמזו אלי באצבע: „ישיבה בחור מיינער״, צאַצקע שלי, אתה הרי לומד מהגמרא הגדולה. תגיד, מה הם מטמטמים את המוח, „ד׳ שיינע יידן״, נשואי פנים אלה, כשר — גלאט כשר. בחיי, אני לא מבין אותם, אם כשר — אז כשר בשביל כולם, ואם זה טריף, אז מַה אני גוי? בקושי מתחמק אני מידם ומתקדם בזריזות לעבר ה„רינעק״. רק הפיאות מתנפנפות לאחור.

ה„רינעק״ הומה אנשים, עגלות וסחורות, הכל בערבוביה.

הסוסים, שראשיהם בעגלות, מצליפים בזנביהם ומתמידים באוכל. הגויים, עם השוט בידם, מסלסלים את שפמם ומרחרחים איזה עסקים אפשר לעשות עם ה„ז׳ידעק״. חיה פוכרת ידיה. פניה המחוספסים מכל מיני בוהקים ושומות נעשים אדומים.




ל״ג בעומר מאַרש פון „מכבי״ און „השומר הצעיר״ — אויף דער בריק איבערן בוג
מצעד ל״ג בעומר של „מכבי״ ו„השומר הצעיר״ — על הגשר מעל נהר בוג

הצעיף על ראשה מתנועע מעצמו כשרואה את בעלה הנמוך השמנמן בא, פניו הלבנבנים קורנים אור עם הטלית תחת בית השחי. לא יכולת לקצר היום את התפילה ולשוחח פחות? שכחת שהיום יום שוק? שים עין כבר על ה„לקחע־נער״ הזה. והוא בא בלי אומר, נדחק בין הקונים והפה ממלמל: „בזיל הזול, זה מהמובחר, זו מציאה״ — כאילו הוא עוד ממשיך בתפילה.

### ה„רינעק״

אני מנסה במבט חטוף לסקור את „הרינעק״, כיכר רחבת ידים זו בעלת אבנים מרוצפות בשוליים ומסביב מוקפת חנויות על הנויות. ביום רגיל נגרמת לך הנאה מרובה בטיילך בה. במבט אחד אתה מקיף את כל החנויות הרב־גוניות עם האנשים העומדים על סף חנותם, פיהם פעור לכל אירוע, לכל מלה, מוכנים להכנס לשיחה, אפילו הגוי קופצ׳יק יכבד אותך בהרחת טבק. היום ב„יריד״ הכול מטלטל כמוץ ברוח. הכיכר מלאה דוכנים ושולחנות, ארגזים, קולבים עם בגדים, מגפים מבריקות, כובעים משונים וכל פעם מגיח מישהו עם משא על הכתף וכורע תחת כובדו, ובריצתו גורף גם אותך. אתה רק רואה פנים מעווקים, שרירי פנים מנופחים, ידים מופעלות ורגלים שתמיד מוכנות לקפיצה, קשקושי לשון ושפה מסורסת. בקושי פורץ אני לעצמי דרך אל גשר העץ, כדי לשאוף אויר, שם נשארתי נשען על המעקה ונרכן אל נהר בוג הזורם והולך בלי סוף. רוח קלילה מתגנבת מאחורי גבי ומחליקה על פני, לוהטות מקרני השמש המגיחות מתוך העבים הכבדים ומשתזרים עם זרמי המים המבזיקים כצבע כסף.

זרמי מים חדשים רצים, שוצפים וחוזר חלילה. מימי הבוג נישאים ממרחקים עם המיה חרישית של משאלות, זרועות נישאות והולכות למרחקים, גידים מתמשכים כראי

לטוש, ואני, הגשר, הכל נסחף, נגרף ונישא בזרם ככיסופי לבי. פתאום מתפתל שוט בצוארי ומשאיר בי כאבים צורבים, מלווה בקול צורמני: „היי, ז׳ידעק עם הפיאות, לך מפה, לך לפלסטינא שלך״. כן, ללכת מפה לפלסטינא שלי, לבית המדרש, ללמוד. חטאתי.

„לך לך״

בית־הכנסת הקטן היה כבר ריק מאנשים. השמש הציפה אותו, הכל בפנים נראה באורו הבהיר. השעון התלוי על הקיר עם לוח המחוגים הכתוב באותיות עבריות, שעליו היתה גאוות בית־הכנסת, השולחנות הכבדים, הארוכים שהיו דבוקים לרצפה. קרני השמש כאלומות אש מאירות את ארון הקיר הלבן וכזרם אור מכוון לאותיות הכתובות בשחור על רקע לבן — „חברת חוק לישראל״. לעת ערב נראית הפינה הזאת כפינה האפלולית ביותר. רואים רק אנשים המורכנים על הספרים העבים ומנענעים בראשם לאות הסכמה לכל מלה היוצאת מפי הרבי בהתלהבות ובמתיקות. לא רואים קיר, לא בית, רק פקעת אנשים מסתופפים והרבי המלהיב. הדברים מתגלגלים בחללה של פינה זו. הקירות הבהירים מתמזגים עם חלל בית הכנסת. נורות החשמל, במנורת שבעת הקנים בעמוד התפילה נראים כמקלות חיוורים, אפילו עגלת המתים ולוח־הטהרה שעומדים מאחורי בית־הכנסת שתמיד מטילים עליך אימה. בערב, יחד עם הצל, נדמה כאילו הנשמות המתות נאחזות עוד בעגלה, הן נמצאות מאחורי ארון־הקודש, מאחורי הקיר, באות לחטוף „קדושה״, קריאת־שמע לעילוי נשמתם. ביום — אור השמש מחליק על דפניה השחורים של העגלה המרובעת עם האותיות הגדולות והלבנות: „צדק לפניו יהלך״ ומחפש אני את עקבות האנשים המתפללים. בית־הכנסת הקטן („דאס קליינע בית המדרש״), צורתו ההי־צונית קווים ישרים, פשוטים ונקיים, טבוע כולו בלובן. היה זה בית־הכנסת של בעלי־המלאכה; חיטים, נפחים, נגרים. נשמעים בו צעדים של מגפים כבדות, שנכנסו למלחמת הקיום, מתקרבים בחפזה לבית־הכנסת, מתאבקים עם היום, עם התפילה. מסתלקים הם עם זריחת החמה, ליום של עבודות פרך. הבית אפוף מסתורין של בדידות, מחפש אתה את הצעדים הכבדים של אלה שבתפילותיהם החרישיות הכניסו צער ויגון ורישומם אין.

„הגמרא הפתוחה קורצת אלי: „נא, התחל לשפוך לבך״: אמר אביי, אמר רבא. קול ערגה, והמיית לב ממלאים את חלל בית־הכנסת מקצה אחד עד קצהו השני. ההדים מתגלגלים ומתעלים. היצר הרע מסית ומדיח, הנה בית־הכנסת לפניך, שולחנות, ספסלים לדלג ולקפץ באין מפריע, לפזז, לכרכר, משולחן אחד למשנהו באין מעצור. הנה זליק פישר מופיע ביום־שוק — איך זה? צועק לעומתי: מיין „שמעדרעש״, מיין טיש, מיין זייגער, בית הכנסת שלי, השולחנות שלי, השעון שלי ואתה בא לקלקל! צא מפה! שוב לצאת. נכשלתי וחטאתי.

מתחמק אני ל„גרר שטיבל״. רק מעבר, מין מבוא סתום מפריד בין בית־הכנסת הקטן לבית חסידי גור, קירות מקולפים, חתיכות טיח שזורות עם קורי־עכביש והמדרגות הרעועות, שהן ספק מדרגות ספק גושי אדמה, ובהול האפל כבר נשמעים קולות הבוקעים ממנו. המתפללים מתהלכים הלוך ושוב, מפעם לפעם פורצים בצעקות ואי אפשר להבחין אם זה סיום התפילה או רק התחלתה. ההמולה היא פה גדולה. כל אלה שהתפללו ומתפללים עוד, כאילו קולותיהם מהדהדים בחלל, אבן מקיר זועק והכל מביע אמר.

שיחות חולין

מנדל זרומבר יושב, פניו חרושים קמטים, זקנו דליל, ועיניו המבטות נכחן, מפיקות חכמה וטוב־לב. מלמד הוא את בנו תורה, אך יודע כי זו ברכה לבטלה. מוחו הקטן של יוצא חלציו אינו קולט מאומה. שמואל המנקר, אי־שקט טבוע בו, פעם מפשיל ידיו לאחוריו ובאופן פתאו־מי מפעיל אותן בתנועה עצומה יחד עם הרגלים, הספיק להסתובב בכל פינה ולמשש כל ספר, העין נטתה הצדה וקרא ספר בקרן זוית. הוא החזיק את ה„תניא״ שעמד בקצה הארון, עלעל בו ובספר „שפת־אמת״ הכרסתני ובגמרא וסיפורי מעשיות, הפך בהם והפך בהם ולא מצא ענין בשום דבר. פניו צרות אבל מלאות, הטבע קימץ לו שערות בזקן, אי אפשר לקבוע כיוונו וצבע שלו, עיניו מביעות פקחות ולא איכפתיות, מרץ ואזלת יד, רוצה להיאחז במשהו, ומרוב דברים הוא מתבלבל. התגלגל לשולחן של ר׳ מנדל. ר׳ מנדל נשם לרווחה. נו, אתה מקשיב, איך התורה חודרת לתכשיט שלי, קצת קשה, אמר בקולו הצרוד האופיני לו. מספרים על כפרי שהגיע לפסוק „שמש ביום לא יככה״ צעק: פוי, מלה מכוערת כזאת בתפילה לא יכולה להיות; צריכים להגיד „לא יבבה״. על המציאה הזאת קפץ שמואל המנקר: אני מכיר „בעלי עברי״ שבמקום למנצח היו אומרים לצמנח ועוד המון דוגמאות כאלו וסיפורים לאין ספור. הוא נעמד עם הרגל על הספסל והיד על הברך, קצה אצבעותיו מונחות בתוך זקנו המדובלל. הבחורים היו תמיד מסתודדים עם התפילין על זרועותיהם. היתה להם הנאה מרובה לשוחח כששרוול אחד מופשל וחצי קפוטה על הכתף והתפילין מבצבצים מעל הזרוע, כאבירים מיוחדים. שפע של מלל רבגוני, תמיד מוכנים לקבל עוד השראה. כששמואל ור׳ מנדל נפגשו היו מושכים תשומת לבם של הבחורים האלה, שהתאסף מסביב, השיחה התחילה להיות ערה. שמואל קיבל מתוך הרחבת הדעת משנה מרץ. נדחקתי גם כן להיות בין הנוכחים, שמואל הפעיל את הידים החזקות וחנן אותי בצביטה כהלכה, שאף פעם קשה היה לדעת אם מתוך חיבה או מתוך שנאה.

בית חסידים דגור
כמרכז העצבים של העיר

בית־החסידים דגור בצורתו החיצונית נראה דל, שני חדרים עזובים. החדר השני אפל למחצה. למרות שהיו בו חלונות, השמש אף פעם לא חדרה בו כהלכה ובאמצעו ארבעה עמודי עץ ממקלות פשוטים. בכל זאת היה בו קסם מיוחד. לא התבלטו בו אישים מיוחדים בעלי כוח



החלוץ הצעיר

השפעה ומשיכה חברתית. היה בו חתך של סוחרים עירניים, בעלי ידיעה שטחית בתורה, אבל אנשי מעשה, תמיד הרגישו במציאות וערים להתרחשויות בעיר. מתוכם יצאו פרנסי העיר והחלטות חשובות. המעש של בית־החסידים היה קרן אור בשביל הנוער.

## אגודת ישראל

כשנכנסתי להול האפל הזה תמיד נמשכתי למדרגות הלוליניות המביאות אותך להדר עליה. בשני החדרים נמוכי התקרה היו שורות ספרים, ספרים היצוניים. כמה אני סקרני ומבקש לדעת מה מתרחש בעולם הגדול, מעבר ל׳זה המסובב אותי. ושם אפשר להציץ בו. מטפס אני על המדרגות, אולי הדלת פתוחה. מתקימת שם אסיפה. יושב הראש מדבר מסעי־פים (פאראגרפים בלע״ז), בחורים עם רצון לפרוץ גדר, מדברים על תנועה הדשה, תורה בלבוש אירגון וסדר, לצקת את התורה לכלים חדשים. בעינים יוקדות ובהתלהבות מדברים על זה. הספריה פתוחה, טורים ארוכים של ספרים נוצצים לנגד עיני, בולע ספרי ליהמן, שהיא האהבה הטהורה, הטבע הבלתי אמצעי, השדות המוריקים. יש תנועות של חסי־דים המתנגדות לרעיון, פריצת גדר! הנוער יהא למאכלת אש!

## המחלוקת בין חסידי גור ואלכסנדר

חסידי אלכסנדר עניים, מעוטי יכולת, אבל עתירי תורה. לא היה ביכולתם להחזיק אפילו חדר לתפילה והיו מיטלטלים ממקום למקום עד שמצאו מקום מנוחה על יד הבוג. חדר קטן וצר, אבל היתה נסוכה בו נעימות נפשית המתמזגת עם אידיליה, שררה בו האחוה האנושית של אנשים מדוכאים פיזית אך חופשים ברוחם. בית החסידים היה מקום בריחה מהחיים מלאי הסבל. פה מצאו שלוה נפשית. התפילה התנהלה בשקט ובהתאפקות, ברוך נפשי. התפילות רפרפו בתוך ה„שטיבל״, ליטפו, הרגיעו, ונמזגה הרמוניה בלבבות. בשבת בבוקר היתה אופפת את השטיבל רוח טובה מהלימוד בגמרא שלפני התפילה ובמיוחד של בעריש כהן, זה היה מין ניגון מיוחד, חרישי, לא מרקיע שחקים, לא עצבות נפש, אלא אקורדים טבעיים של סם החיים ותענוג רוחני. בעריש כהן שעסק כל השבוע במסחר רישומו של המסחר לא היה ניכר בו, לא דיבור קולני ולא תנועות ידים, מתון, נעים־הליכות, דיבור שקט וטבעי. מראהו עורר נעימות, קמטי פניו השתפכו יחד עם הזקן הישר שכל שערותיו מצאו מקומם ולא הסתבכו אחד בשני. היה נוהג לבוא כל שבת בבוקר לפני התפילה ללמד גמרא. ניגונו העדין התמזג יחד עם שקשוק הנהר שנראה דרך החלון, יצרו מין צרוף נפלא של אדם ויקום. הוא היה אחד מאלה שהגורל הטיל עליהם לעמוד בפרץ ולהתבוע עלבונה של תורה, שהבחורים מתפרקים ממנה. עבירה גוררת עבירה והבחורים „יציצו ויפגעו״. אם אין גדיים אין תיישים ונישאר בלי תורה ובלי דרך ארץ. מפורסם ביניהם ר׳ שמעון. כבר משעה שתים בלילה ואבא מאמץ את מוחו בלימוד תורה, מסתובב בבית הלוך ושוב, הידים באבנטו, פניו עייפים, אבל השפתים עוד מלחשות פסוקים וקטעי אמרות מהזוהר. „וכולהו עלמין הוחרבו מאי טעמא משום דאדם לא הותקן״, האדם לא תיקן את עצמו בדמותו כצלם אלוהים. והם עוד מוסיפים להשחית אותו. וי לאותו בן שמושיבים אותו על פתחו של תרבות רעה. מה יעשה הבן שלא יחטא! וכך החליט לצאת בחרוף נפש כנגד הגיזרה זו. והתגלגלה המחלוקת.

## הנוער פורץ לרחוב

קשה לקבוע מה קודם למה: העירנות — למחלוקת או המחלוקת — לעירנות. המדרגות הלולניות השבורות רעדו כל הזמן מהריצות של הבחורים מה„גערער שטיבל״ למעלה ל„אגודת ישראל״ וחזרה. היו אסיפות, ישיבות, בחרו במזכיר, ויכוח על מזכירות ומלוה מלכות. החדרים העלובים נמוכי התקרה שוקקים. מלאי חיים ותנועה, מרץ ולהט של נוער. פתאום נדם הרעש, התרוקן הגערער שטיבל, שכרגיל היה מלא ספרים קרועים. הנוער הרחיק צעדיו. היכן הם? הנוער נמשך לרחוב. בליל־שבת נהפך הקטע של רחוב קושצ׳ושקו עד הגשר לטיילת, לא רואים חנויות, בתים, רק בחורים ובחורות. פנס החשמל מפיץ אורות קלושים על פניהם הזוהרים של הנוער. פה ושם פורץ ציחקוק וכעכוע של בחורה או דיבור קולני. נעמדים, ושוב הולכים ומטיילים בלי סוף. לאן הולכים? „אין גאַס אַריין״, באים עד הגשר, מסתכלים בתהום החשוכה וחוזרים לטייל.

בשבת מתנועע הגשר לצעדי הנוער כעריסה של תינוק. אחדים נאחזים בספסלים העשויים בגשר ונהנים מזיוו הנהר, אבל בדרך כלל עוברים את הגשר מהר, קסמי היער מושכים יותר. בשלבי הולם מושך אותי יוס׳ל אחי בשרוולי, כמה זמן עוד תסתכל במים האינסופיים המפלסים להם דרך בין עמודי הגשר. מהר, צריכים להגיע לצד השני בגלל ה„עירוב״ מכלונסאות ששמנו תחת הגשר בערב שבת. נעמדים לפיש קמעא, קרעי עבים מרחפים מעלינו אט אט ומתרחבים. אלומות קרני השמש נופלות על לובן הרקיע וחוזרות אלינו. עינים נפקחות לרווחה, המבט מרחיק לראות את השדות המתמשכים לאורך הנהר. השדות והנהר מתמזגים לאלפי גונים. היער משכר, מעורר רצונות רדומים. הנה זוג מתחבק, תמיד הייתי רואה אותם. היא, בת הנפח, היתה נראית כצוענית; הוא, נמוך ורחב גרם. היו צועדים אחד על יד השני בלי דברים ובאדישות. ביער קיבלו פניהם גון חי. מתחבקים וממהרים לעבי היער. בכל כיווני היער נערכים אסיפות... פגישות... ואני שוכב על האדמה התחוחה מתחת לעצי מחט. העצים הזקופים מתרוממים אל על, ענפיהם מסתבכים אחד בשני. רוח חרישית העוברת ביעף מנענעת אותם, ההד מתגלגל למרחקים. קרן אור מתגנבת ומשאירה רסיסי שמש, ואני מלא כיסופים להתחבר עם החברה שהת־חבאו, בצל העצים. עוד מעט יצאו כולם ממחבואם, יתאספו פה ואני אתם.

## הספורט מאיץ בנו

התארגנו קבוצות ספורטאיות, הילדים מנסים להוציא מאמהותיהם את הגרושים, כדי להצטרף ולקנות כדור וחוזרים הביתה בלי נעלים ובלי סבלנות. מחכים לשבת אחרי הצהרים לרוץ ישר למגרש כדורגל על יד בית־הספר הפולני. בחירוף נפש עברנו הגדר. היהודים משחקים נגד הפולנים. ליזר „מסינג״ הצבעי כולו מכופף, מסתכל איך בנו מסתבך עם „קרפ״ הגוי, ממצמץ בשפתיו ועושה עם היד כאילו החזיק מברשת לצבוע. אברמ׳ל השוער ידיו על המותנים, פניו מתוחים, כולו דרוך לזינוק ולתפוס את הכדור. אברמ׳ל בן יעקב השוחט, שאביו ניסה בכל מיני דרכים להכניס בו תורה, אך לשוא. הוא נהפך עד מהרה אליל העיירה; כולו שחור, פניו הבעה גברית וזריזות, עיניו מרצדות במהירות אחרי הכדור, כל המבטים מופנים אליו, מתפללים שלא הגויים

ינצחו ח"ו את היהודים. הוא תפס את הכדור, כולם מודים לו במבטי הערצה. אני מסתכל לעניו, שיפנה מבטו גם אלי, סוף־סוף שכן שלו. הוא לא שם לב אלי כאילו אני לא קיים. הלואי ויכניסו לו „גול" ויתפוצץ, שלא יהיה יהיר כזה. שוב הגויים באו בסערה ובהבעת זלזול רוצים לבעוט ב„מושקה" ואברמ'ל יצא מהשער ואני מלוה אותו בחרדה ומתפלל. אני מוחל לו. אין דבר, העיקר שיצליח...

### האשליה לרגע

בכביש שהוביל לסרוצק אחרי בית־הספר הפולני על יד גשר הרכבת, עמד בית בודד, הבית הקיצוני של העיר. שהיה תקוע בין שדרות עצים עבותים וגני תפוחים, שם התאספו להתארגן למצעד, בכביש. הבחורים עמדו בשורה שקועים במחשבות, פתאום התמתחו כמקלות, דרוכים להת־מסרות פיזית ונפשית כאחד. דגל כחול־לבן הופיע. הפנים לא הביא רישומים אישיים אלא התלכדות איתנה. הדגל עטף אותם והעבירם למושגי עולם אחרים. ובהמיית לבם שרו את „התקוה" — לארץ ישראל. ולעיני התגלה ארץ־ישראל אחרת, לא של עולם־הבא של משיח, אלא של תקוה וציפיות, ארץ ישראל ממש. כנראה התכוננו למצעד השלישי במאי, יום החוקה של פולין.

תכונה רבה היתה בעיר, לקראת היום הזה. ד"ר ליכר תרם 100 זל' לקישוט בית־המדרש הגדול וגם „הגמינה" הפרישה תקציב מסויים. בית־הכנסת הגדול היה בנין רחב־ידים ותפס כל פינת הרחוב. שלוש כניסות הובילו לשם. בפנים התרוממו אל על שני אריות מעשה ידי אמן. בכניסה היה נדמה לך שהם חיים ומסוגלים לבלוע את כולם. החלונות היו קמורים נוסח גותי. בבית־הכנסת היה מן הנעי־מות וכשנכנסת לשם הרגשת עצמך חפשי. תמיד מצאת בו מנין. היה בו מהרגשה הביתית. בית־המדרש הגדול היה העורק המרכזי של העיר וכעת קישטו אותו בדגלים של נייר דק בכל מיני צבעים, ושרשראות חברו לנברשת הגדולה המלאה ציציות של זכוכית. ירק ונייר קישטו עמודי הבמה, שזורים עם דגלי אדום־לבן. הכניסה הראשית שהיתה מול המשטרה היתה תמיד סגורה, כנראה מחשש עינא בישה מהשכנים ממול. הפעם קישטו אותה בירק עשוי כעין שער ועל ראשה התנוסס הנשר הפולני ומסביב לו מגן־דוד, מנורות חשמל בכל מיני צבעים. דומה כאילו נכנסו להתחרות הנשר היהודי של בית־המדרש — „החי קל כנשר" — עם הנשר הפולני החוצפני והדורסני. הסתכל אחד בשני במבטי אימים ומוזרים אט אט התרגלו ופרשו כנפיהם בריפרוף כעין סוכת שלום, כאילו נמצאה הבנה משותפת בינינו ובין הגויים.

### החגיגה ותוצאותיה

הכניסה הראשית של בית־הכנסת הגדול היתה פתוחה, הרחוב היה מלא אנשים, ילדי בית־הספר של „פווושֶכנאַ שקולאַ" היו מסודרים בשישיות. כולם צהלו, השמש המאַית שלטפה, נסכה בכולם חדווה ורצון חיים. מעולם לא היתה כמיהה כזו לבית־המדרש הגדול, וכשלא נתנו להיכנס, נדחקתי בין תלמידי בית־הספר הפולני. בתוך בית־הכנסת היה רעש והמולה, ד"ר ליכר נאם בפולנית, את ידיו הבשריות הצמיד לגוף כאילו היה חייל. קולו צילצל כממקלט, הוא כולו גוץ, סביב עיניו תפיחות. בעצם הופעתו היה מן היהירות. גם הרב שלנו הופיע, גבוה ותמיר וזקנו יורד על פי מידותיו, ששיווה לו הדרת פנים. בדיבורו הרחב והשבלוני עם הוספה ש„לא מן המנין", שפולין תגדל ותתרחב לאורך ולרוחב, כאילו לא היו בה פוגרומים. הוא חרג בנושא הרצאתו, והקהל קיבל את דבריו במורת רוח, וכשנגמר עם „יידן, זאָל לעבן מרשל פילסודסקי", התפרץ ההימנון הפולני „יעשצ'ע פאָלסקאַ" מפי ילדי בית־הספר שהתמזג עם ההללויות והתפי־לות בתוך בית־המדרש והיוו מין צירוף משונה.

בחוץ — המצעד, תזמורת מכבי־האש ניגנה שירי־לכת צבאיים, בראש מכבי־האש הבורמיסטש פבלובסקי, הכומר, הגימנסיה ואחריהם ה„סוקול" בחולצות אדומות, בשרוול אחד מועבר חבל שזור דרך הזרוע, מבטיהם עזים וחוצפה וגאווה פולנית. אי שקט שורר בנו, היכן הנציגות היהודית? היא הזדנבה בסוף המצעד, השיקסעס צוחקות „ז'ידק", תראו! הדגל שלנו, הכחול־לבן לא עורר בי התלהבות, מבוייש היה, אנו צריכים שיינשא ברמה, בכוחות עצמנו.

### „הבה נתחכמה לו"

סיסמות אנטישמיות ולאומניות צצו ככמהים ופטריות על הגדרות והקירות באותיות גדולות: „פרעץ' ז'ידאַמי". „אַל תקנו אצל יהודים". הילדים הפולנים מציקים לילדי היהודים בבית־הספר, חוזרים משם בוכים, גוי שיכור מגרש את הנוער מהגשר. אנחנו מלאי חרדה ותמהים, מדוע לא התנגדו. הולכים לטייל קמעה בשדרה, להתבשם מריח הערמונים שמתמשכים משני צידי השדרה, המתנועעים רכות לפי קצב הרוח הנוגעת בצמרת וזרעו צללים בין פסי אור, שחדרו דרך הענפים ויצרו מין משחק של אור וצל והרגיעו את ערגת נפשם ומורת רוחם החבויה בהם. פתאום — מהלומת מקל של „גוי" על ראשו של אחי צדוק, דם נשפך, גז הטעם לחיים. כאב לי הדבר והצטערתי שאני לא יודע את שפתו של הגוי, הייתי פונה אליו ושואלו: למה הוא מכה אדם שאינו מכיר אותו ואף לא עשה לו שום דבר רע? לשמע שעטת סוסים ונקישת גלגלים מרחוק היינו נדחקים הצדה, כדי להתרחק מהטווח שלו, אבל הגוי עמד דרוך עם השוט „בְּטָם גו" („תן לו שוט"). בלילה חלמתי חלום בלהות — גויים רבים, כל אחד עם שוט בידו, ואני באמצע, והם צעקו: „בטם גו, בטם גו, בטם גו".

הדרכים התחילו להיות שוממים, אורבים לנו בכל דרך, יש רק הרבה התקהלויות ב„רינעק", לחישות עוברות מפה לאוזן. לכל אחד חצי סיפור, מין כאב בלתי מוגמר, שהיה לו איזה שהוא ויכוח עם גוי, מה שאמר לו הגוי ומה שענה לו היהודי ואיך שהצליח „לדקור" אותו במלים חריפות. נקמת הנרדפים ברודפיהם. בדמיונם שוזרים הם את ההת־נגדות. הפרנסה מתמעטת. מופיעים „פיקֶטים", יורדים לתוך חיינו. גוי שקונה אצל יהודי דומה כעושה פשע או טובה. ביהודים פועמת ההרגשה, שהם מנודים ואם נוהגים בהם אחרת, כאילו עושים אתם חסד. מתהלכים סיפורים איך „ענדעקים" באו לחנויות בדלת האחורית, ומספרים על כך בסיפוק ובהרחבה. ה„רינעק" נהיה דליל, כל פעם יצאו מהשורה בעלי דוכן ונהפכו לעניים ממש. ר' איטשה, יהודי גבוה ותמיר, זקנו הארוך והישר כאילו נשזרים מחוטי ברזל, אוסף כל הסחורה במטלית אחת, כדי להעביר אותה לדוכן ליום שוק. תמיד היה זקוק לעזרתם של בניו כדי להוציא את הסחורה של השוק ואף הוא עצמו היה שוקע תחת עומס הסחורה, אך כעת אין לו צורך להטות שכמו. ביד קמוצה סוחב צרורו על הכתף ובידו השניה הוא נושא אתו קדרת גחלים לוהטות לחמם את הידים. כי בין כך לא יהיה לו מה לעשות. כשהוא

געזאָלט אַרומגענומען ווערן פון דער דאָזיקער גזירה. דער סטאַראָסטע האָט שוין אַרויסגעגעבן אַ טערמין פון אַריבערטראָגן דעם מאַרקפּלאַץ ווייט הינטער דער שטאָט. דער סוחרים־פאַראיין האָט אינטערווענירט ביי דעם בירגערמייסטער וואָלסקי, אַ ליבעראַלער פּאָליאַק. מיר האָבן אים באַוויגן, אַז ער זאָל צוזאַמען מיט אַ דעלעגאַציע פון סוחרים־פאַראיין


די „תרבות”־שול        בית־הספר „תרבות”

פאָרן צום וואָיעוואָדע אין וואַרשע, כדי עס זאָל בטל ווערן די גזירה. אויך דער מאַגיסטראַט איז געווען קעגן דער פאַראָרדענונג פון סטאַראָסטע. בראש פון דער דאָזיקער דעלעגאַציע איז טאַקע געשטאַנען ד״ר לייכער. דאָס איז געווען זיין פאַרדינסט וואָס די פאַראָרדענונג איז אָפּגערופן געוואָרן. מיר האָבן דעם ד״ר לייכער באַשטימט פאַר אַ לעבנסלעגנלעכן ערן־מיטגליד פון דעם סוחרים־פאַראיין אין ווישקאָוו.

דאָ וויל איך דערמאָנען אַ צווייטן פאַל פון דער פינצטערער צייט, ווען אין פוילן האָט זיך פאַרשפּרייט די אַנטיסעמיטישע העצע פון נישט קויפן ביי יידן, ווען פון דער סיים־טריבונע האָט דער אינערן־מיניסטער סקלאַדקאָווסקי דערקלערט, אַז עס איז דערלויבט אַ ווירטשאַפטלעכער אַנטי־יידישער באָיקאָט. זיין באַקאַנט ווערטל צו דערלויבן די דאָזיקע אַנטי־יידישע העצע איז געווען: „אָ ו ו ש ע ם” („אדרבה”). ביי דער מיטהילף פון די אָפיציעלע פוילישע אינסטאַנצן, האָבן זיך אָנגעהויבן מערן נייע סוחרים — פּאָליאַקן, וואָס האָבן מיט מסחר קיין מאָל נישט געהאַט צו טאָן. זייער איינציקער ציל איז געווען: צעברעכן יידישע עקזיסטענצן. צו־הילף די דאָזיקע „סוחרים” זענען געקומען די „פּיקעטן” באַנדעס, אָנגעפירט פון כוליגאַנישע סטודענטן, וואָס פלעגן דעמאָנסטרירן איבער די גאַסן מיט אַנטי־יידישע לאָזונגען און סלאָגאַנען „סוווי דאָ סוועגאָ” (דאָס הייסט: גייט נאָר צו אייגענע, נישט צו קיין פרעמדע). פּאָליציי האָט די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס נישט געשטערט. עס האָט געהייסן, אַז דאָס זענען פרידלעכע דעמאָנסטראַנטן, וואָס פירן אויס דעם מיניסטערס לאָזונג „אָווּשעם”. פּאָליציי האָט נאָר געהיט, אַז די דאָזיקע דעמאָנסטראַציעס זאָלן נישט דערפירן צו אַוואַנטורעס.

ביי איינער אַזאַ ענדעקיש־אַנטיסעמיטישער דעמאָנסטראַציע, ווען די אויפגעהעצטע מאַסע איז אַדורך די שטאָט מיט אירע לאָזונגען, האָבן זיי אָפּגעהאַלטן זייערן אַ מיטינג אין מאַרק, נעבן דעם אייזן־געשעפט פון פּנחס פיינצייג. דאָ האָט עמעץ פון דער מאַסע פּראָוואָצירט אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער. עס האָבן זיך שוין געפונען עדות, וואָס האָבן געזען, אַז דאָס האָט מען געשאָסן פון פּנחס פיינצייגס באַלקאָן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן די ערשטע סימנים פון אַ פּאָגראָם. מען האָט אָנגעהויבן ראַבירן די סחורות ביי די מאַרקשטייערס.

אָבער דער סוחרים־פאַראיין מיטן ציוניסטישן לאַווניק חיים־נתן ווענגראָוו, איז געשטאַנען אויף דער וואַך. עס איז גלייך אַרויס אין גאַס דער בירגערמייסטער צוזאַמען מיט דער פּאָליציי און צוגעפאָרענע פּאָליציי פון פּולטוסק, וואָס דער בירגערמייסטער האָט לויט אונדזער אינטערווענץ אַרויסגערופן. מיר האָבן דאַן אָפּגעראַטעוועט ווישקאָוו פון אַ זיכערן פּאָגראָם..

דער סוחרים־פאַראיין האָט געגרינדעט אַ סוחרים־באַנק, פּאָפּולער אונטערן נאָמען „באַנק קופּיעצקי”. די באַנק האָט דערליידיקט אַלע מעגלעכע ליי־ און האַנדלס־אָפּעראַציעס, געגעבן הלוואות, געבאָרגט אויף פראַכטן פון סחורות, געהאָלפן בעת שטייערן. דאָס פּרעזידיום פון „באַנק קופּיעצקי” איז געווען: ד״ר לייכער, מרדכי־מענדל לעמבערג, איטשע בהרב; אין דער פאַרוואַלטונג: יצחק־בער ראָזענבערג, יצחק עפּשטיין, שמואל עלבוים, יוסף ווענגאָזש; קאַסיר — יצחק מאָנדרי, בוכהאַלטער — משה־יוסף אַבראַמטשיק, געהילף — זונדל עלבוים. די באַנק האָט געפירט איר קאָנסטרוקטיווע טעטיקייט ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עס איז אויך געווען אין ווישקאָוו אַ „גמילות־חסדים־קאַסע”. בראש פון דער קאַסע זענען געשטאַנען: ישראל־משה צעמבאַל, משה שטערן, יעקב־דוד פּזשעטיצקי; סעקרעטאַר — שייקע פּאָסטאָלסקי; בוכהאַלטער — יעקב יאַקובאָוויטש. די „גמילות־חסדים־קאַסע” האָט ווירטשאַפטלעך געראַטעוועט אַ סך יידן. זייער פיל האַנטווערקער אָדער קליינהענדלער האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו באַקומען ביז 300 זלאָטעס הלוואות, מיט דער פּריווילעגיע אויסצוצאָלן די דאָזיקע הלוואות צו 15 זלאָטעס אַ וואָך.

עס איז ביי אונדז אויך געווען אַן „אגודת האורטודוקסים”, דאָס מיינט — אַן אָרגאַניזאַציע פון „אגודת ישראל”,


אַ גרופּע „החלוץ”־חברים        קבוצת חברים מ„החלוץ”

אַרום וועלכער עס האָט זיך גרופּירט דאָס גאַנצע פרום־רעליגיעז־טראַדיציאָנעלע יידנטום. זיי האָבן געהאַט זייערע פאָרשטייער אין דער קהילה און אויך אין מאַגיסטראַט. זיי האָבן געשאַפן אַ „בית־יעקב” שול פאַר מיידלעך. לערערינס האָבן זיי געהאַט פון צענטער. פון די אָרטיקע אגודהשע פרויען־טוערינס האָבן זיי געהאָלפן צירל און הדסה ראָזנבערג (היינט — אין מדינת ישראל). די פירער פון דער „אגודה”

זענען געווען: חיים־בנימין ווערניק, מרדכי ווינטער, ברוך ציוויאַק, יעקב־משה פלאַנטשאַק, חיים־מאיר ליס.

געווען ביי אונדז אַ רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אַ גאָר היפשער ווירקונג. אין דער שפּיץ זענען געשטאַנען די פירער פון די רעוויזיאָניסטן אין ווישקאָוו: ליפּע קערנער, דענטיסט (היינט אין ישראל) און מיין קוזין שטעלונג משה ע"ה.

עס איז געווען אַן אָפּטיילונג פון דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצאָ", וואָס פלעגט מיטהעלפן אַלע ציוניסטישע אַקציעס. די טוערינס זענען געווען: ברכה קאַלוסקי (פרוי פון ד"ר לייכער), רבקה שקאַרלאַט, רחל יאָניש.

עס איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון „מזרחי". זיי האָבן אַפילו געהאַט אַן אייגן גערער שטיבל. זיי האָבן אַנטייל גענומען אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס. זייער פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון יעקב לעווין, יצחק־מאיר וויסאָצקי, משה אָסטרי, לעמל רובין.

עס האָבן געפירט אַ טעטיקייט די רעכטע פּועלי־ציון. זיי האָבן געשאַפן אין ווישקאָוו דעם „החלוץ" און אָנגעפירט מיט די הכשרה־קיבוצים. זיי האָבן געשיקט אַ סך חלוצים אין ישראל. געשיקט אַנדערע און אויך אַליין געפאָרן. זייערע אָנפירער: ישראל קאַלוסקי, שמעיה גורני, חיים־בנימין ברוק (אַלע דריי — איצט אין ישראל).

אונדזער ווישקאָווער „השומר הצעיר" האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן לאָקאַל, אַן אייגענע ביבליאָטעק מיט אַ סך העברעישע ביכער, ווו די יוגנט האָט זיך געלערנט העברעיש און זיך געגרייט צו פאָרן אין ארץ־ישראל. די אָנפירער זענען געווען: חיים בהרב, פאַלעק גורני, לעווין, חנטשע שאַפּירא. זייער פיל פון זיי זענען טאַקע היינט אין ישראל.

די לינקע פּועלי־ציון האָבן פאַרמאָגט אַ „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער". זיי האָבן געבראַכט לערער פון וואַרשע. זייערע אָנפירער זענען געווען: ישראל־משה צעמבאַל, יעקב שטעלונג, יעקב וואָלמאַן. זיי האָבן געהאַט פאָרשטייער אין אַלע אינסטיטוציעס.

עס איז אין ווישקאָוו אויך געווען אַ ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מכבי", מיט אַן אייגענעם אָרקעסטער. מיט ספּאָרט־איבונגען האָט אָנגעפירט ד"ר לייכער, דענטיסט לעשטשינסקי, דענטיסטין פרוי גוטשטאַט. אַלע זענען זיי קדושים.

אין דער שטאָטישער „תלמוד־תורה" האָבן געלערנט די קינדער פון די ווייניק־פאַרמעגלעכע עלטערן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו צאָלן שכר־לימוד די פּריוואַטע מלמדים. די „תלמוד־תורה" האָט פאַרנומען 3 שטובן ביי דעם גרויסן בית־המדרש. דער בודזשעט איז צוזאַמענ־געשטעלט געוואָרן מיט דער הילף פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג. יעדער האָט געצאָלט וואָכן־געלט און די קהילה האָט געגעבן געהעריקע סובסידיעס. די אָנפירער־



גרופּע „שבולים" פון „השומר הצעיר"
קבוצת „שבולים" של „השומר הצעיר"



„מכבי" ווישקאָוו, 1931 — „מכבי" וישקוב, 1931

שאַפט פון דער „תלמוד־תורה" איז געווען: מרדכי־מענדל אַלענבערג, יצחק עפּשטיין, יצחק־בער ראָזנבערג.

### די קהילה

די הויפּט־אינסטיטוציע פון אַלע ווישקאָווער יידן איז געווען די יידישע קהילה. צווישן די דאָזיקע — פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, וואָס זענען אויסגעוויילט געוואָרן דורך אָפיציעלע וואַלן, אויפן יסוד פון אַ פּראָפּאָרציאָנעל סיסטעם. די קהילה האָט אָנגעפירט מיט אַלע רעליגיעזע התטרכותן פון דער יידישער באַפעלקערונג: ראַבינאַט, שחיטה, מקווה, בתי־מדרשים. אין קהילה־בודזשעט האָט אויך פאַרנומען אַ געהעריק אָרט די סאָציאַלע הילף פאַר אָרעמע. דער בודזשעט האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט פון דעם עטאַט, וואָס יעדער קהילה־מיטגליד האָט בייגעטראָגן. פון דעם עטאַט און הכנסה פון דער שחיטה, זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן אַלע אינסטיטוציעס פון דער קהילה. די קהילה האָט אויך געהאַט צו זאָגן אויף דער חברה קדישא.

אין דעם לעצטן פּעריאָד איז ראש־הקהל געווען יצחק עפּשטיין; ערשטער וויצע־פּרעזיצער — הענעך קאַלוסקי; צווייטער וויצע־פּרעזיצער — מרדכי־מענדל אַלעמבערג; סעקרעטאַר — משה־יוסף אַבראַמטשיק. דער בודזשעט פון דער קהילה פלעגט דאַרפן באַשטעטיקט ווערן פון דעם סטאַראָסטע אין פּולטוסק. איז אינטערעסאַנט דאָ צוצוגעבן אַ קליינעם פּרט. מיר ציוניסטן האָבן אין בודזשעט אַריינגעפירט אַ פּאָזיציע פון הילף פאַר פיר חלוצים וואָס פאָרן קיין ארץ־ישראל. דער בודזשעט אַלס גאַנצער איז באַשטעטיקט געוואָרן. דער סטאַראָסטע האָט אָבער געשטראָכן די פּאָזיציע פון הילף פאַר די חלוצים. פאַר אים איז ארץ־ישראל געווען אַ טריפהנער ענין...

### די ישיבה, בתי־מדרשים, שטיבלעך און מנינים

די ווישקאָווער ישיבה „בית־יוסף" האָט געהאַט אַ גוטן שם אויך אויסער דעם שטעטל. והראיה: פון די 250 תלמידים

וואָס האָבן דאָרט געלערנט, איז דער רוב געווען צוגעפּאָרענע פון דער פרעמד. די ישיבה האָט זיך געפונען איבערן גרויסן בית־המדרש און איז געפירט געוואָרן אין גייסט פון די מסורניקעס פון ר׳ יוסף סאַלאַנטער ז״ל. ר׳ שמעון חפץ, דער ראש־הישיבה, האָט פאַר זיך גאָרנישט באַדאַרפט, ווייל זיין גאַנצע שטרעבונג איז געווען צו דערציען די תלמידים צו תורה, זיי זאָלן כסדר לערנען, בייטאָג און ביינאַכט. ער האָט געזאָגט די בחורים ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט, כדי צו געניסן פון יענער וועלט.

רבי אין ישיבה איז געווען ר׳ אברהם ציטרין, וואָס איז דערנאָך געוואָרן אָנערקענטער רב אין אַ גרויסער שטאָט. אויסער דעם פלעגן אַנדערע בעלי־תורה געבן אַ שיעור. צום ישיבה־קאָמיטעט האָבן געהערט: דער גערער חסיד ר׳ אברהם לערנער, דער חסיד ר׳ יעקב שמילקעס, ר׳ עלי ראָזען, ר׳ בּוטשע דער בעקער, זיין איידעם אלתר און אַנדערע טייערע יידן, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די זאָרג פאַר די בחורים צו זיכערן זיי אַ נאַכטלעגער, עסן, קלאָרע וועש און אַנדערע הצטרכותן.

אַ ספּעציעלער פרויען־קאָמיטעט האָט מיט התלהבות און ענערגיע געהאָלפן דער ישיבה און אירע תלמידים. בעת פאַר די עלטערע בחורים האָט עקזיסטירט אַ קיך, פלעגט מען די ייִנגערע איינאָרדענען ביי פאַרשידענע באַלעבאַטים, ווו זיי האָבן „געגעסן טעג״ און אויך געהאַט ווו צו שלאָפן. אונדזערע פרומע מאַמעס האָבן אַלץ געטאָן, כדי די תלמידים זאָלן רואיק לערנען תורה און זיין באַזאָרגט מיטן סאַמע נייטיקן. די מיטגלידערינס פון דעם פרויען־קאָמיטעט האָט מען גערופן „די גבאיטעס פון דער ישיבה״. אייניקע פון זיי וויל איך דאָ דערמאָנען: ריווטשע אָסטראָוויאַק, חוה מאַרקוסכאַמער, ליבע רובין, דבורה די שטריקערמאַכערקע, רוזשקע מאַלאָטעק און אַנדערע.

איינמאָל נאָך פּסח זענען צו מיר אין געשעפט אַריין די צוויי גבאיטעס חוה מאַרקוסכאַמער און ריווטשע אָסטראָוויאַק און געבעטן אָרט צום שלאָפן פאַר צוויי ישיבה־בחורים. איך אַליין, וואָס האָב אַמאָל געלערנט אין דער מאַקאָווער ישיבה אין משך פון צוויי יאָר, „געגעסן טעג״ און געשלאָפן אויף פרעמדע געלעגערס, פילנדיק דעם טעם פון אַ ישיבה־בחור — האָב באַלד מסכים געווען אויף דער ווענדונג. ווי לאַנג אין וויִשקאָוו ס׳האָט עקזיסטירט די ישיבה, זענען ביי מיר געשלאָפן צוויי תלמידים, פון וועלכע איינער האָט ביי מיר געגעסן יעדן שבת און אַן אַנדערער (נישט פון די וואָס זענען ביי מיר געשלאָפן) האָט געגעסן יעדן טאָג.

אויסער דעם פרויען־קאָמיטעט, זענען אויך אַ 20 יידן געווען פאַרנומען אין אַ ספּעציעלן ישיבה־קאָמיטעט. אויך זיי האָבן אויף זיך פרייוויליק גענומען דעם עול צו באַזאָרגן די ישיבה מיט אַלעם נייטיקן, הגם אַליין האָט מען נישט געהאַט צו עסן צו דער זעט... ביידע קאָמיטעטן האָבן אויך געשאַפן פאַר די ישיבה־בחורים „טאַשן־געלט״ — און אַליין איז מען געווען גאָר ווייט פון צו האָבן פּרנסה...

וויִשקאָוו האָט פאַרמאָגט 9 בתי־תפילות און 2 מנינים. פון די אַלע האָט זיך אויסגעטיילט דאָס גרויסע בית־המדרש אויף דער וואַרשעווער גאַס, ווו ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט כמעט דאָס גאַנצע רעליגיעזע לעבן פון דער שטאָט: די קהילה, די תלמוד־תורה וואָס האָט פאַרנומען דריי גרויסע צימערן, די ישיבה אינדערהייך, די מקווה אויפן הויף, די הכנסת־אורחים, ווו יעדער פרעמדער האָט געקאָנט איבערנעכטיקן. אין דעם בית־המדרש האָט מען געדאַוונט אין דער פרי 8 מאָל. עס זענען דאָרט געווען 14 ספר־תורות.

אַלע דריי טישן זענען בין מנחה למעריב געווען באַזעצט מיט לערנער. ביים טיש רעכטס האָט געלערנט ר׳ חיים־יהושע פרידמאַן מיט דער חברה „עין־יעקב״. צו דער דאָזיקער חברה האָבן געהערט שניידערס, שוסטערס און אַנדערע בעלי־מלאכות. זיי האָבן אַוועקגעלייגט שער־און־אייזן, די קאָפּיטע און אָל, דעם זעג און האַמער און געקומען באַפריִדיקן זייער גייסטיק באַדערפעניש. גבאים פון דער חברה „עין־יעקב״ זענען געווען: ניסן בזשעזשינסקי, יהודה־יוסף מאַלטשיק, הערש־פייוול גערשקאָווסקי, יעקב האָלצמאַן.

ביים טיש אין דער מיטן איז געזעסן די חברה „מסילת ישרים״, ווו דער רבי איז געווען ר׳ שמעון סרברניק, די גבאים: פישל בראָנשטיין, חיים מאַרכעווקע, שמואל בראַמאַ. דעם לינקן טיש האָט פאַרנומען די חברה „משניות״.

גבאים אין דעם גרויסן בית־המדרש זענען געווען: יחיאל־מאיר דאָמב, הערשל האָלצמאַן, און אין קאָמיטעט פון בית־המדרש: יעקב אייכענבוים, משה בהרב, שמואל־לייב האָלאַנד. געהאַט האָט דער בית־המדרש צוויי שמשים: איינעם האָט מען גערופן שמולע, מיטן צונאָמען „מווו״. ער האָט געהאַט אַ געהילף הערשל, באַקאַנט מיטן פּאָפּולערן נאָמען הערשענקע און זיין פרוי חינקעלע.

שמולעס צונאָמען „מווו״ האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער איז שטענדיק געווען ביים רב. איינמאָל זענען באַאַמטע געקומען צום רב עפּעס פרעגן, דער רב האָט נישט געקענט קיין פויליש, האָט ער דאָך אין פויליש געהייסן דעם שמש שמואל). הערשענקעס געהאַלט איז געווען פון דעם וואָס רעד״). פון דאַן איז געבליבן דער צונאָמען „מווו״. זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסקערן דעם בית־המדרש, אָנצינדן די ליכט אויף שבת, צוגרייטן וואַסער צום דוכענען, ברענגען די חופּה מיט די שטאַנגען צו אַ חתונה (דעם בעכער מיט דער פלאַש וויין פלעגט טראָגן דער הויפּט־שמש שמואל. הערשענקעס געהאַלט איז געווען פון דעם וואָס ער פלעגט דאַנערשטיק און פרייטיק אַרומגיין איבער די יידישע הייזער און נעמען צו 5 אָדער 10 גראָשן. פון דעם האָט ער געלעבט אַ גאַנצע וואָך און נאָך שבת־געמאַכט — און הערשענקע פלעגט טאַקע מאַכן שבת מיט פיש און פלייש...

הערשענקע האָט נאָך געהאַט אַ צוגאָב־מיסיע. ער פלעגט אַלע פרייטיק ביינאַכט, 4 אַזייגער, זומער און ווינטער, אויפשטיין און אַפילו אין דער סאַמע ברענענדיקער קעלט, גיין איבער די וויִשקאָווער גאַסן און מיט אַ מאָנאָטאָנעם, אָבער וווּנדערלעך זיסן ניגון אויסרופן: „יידעלעך, יידעלעך, הויבט זיך אויף לעבודת הבורא!״. און די יידן האָבן אים געפאָלגט, פלעגן טאַקע אויפשטיין און גיין אין בית־המדרש, כדי בציבור זאָגן תהילים.

אַזוי האָט הערשנקע 25 יאָר נאָכאַנאַנד געוועקט די וויִשקאָווער יידן לעבודת הבורא. געוועקט, נישט שטענדיק אַ זאַטער און אָן אַ וואַרעמען מלבוש, ביז ער האָט זיך איין מאָל שטאַרק פאַרקילט און ד״ר לייכער האָט אים געהייסן זיך לייגן אין בעט און פאַרזאָגט נישט צו גיין מער וועקן צו תהילים... הערשענקע איז אַ צייט נישט געגאַנגען וועקן. איז געקומען אונדזער אַ וויִשקאָווער ייד צו אים, אַ שניידער, און אים געגעבן 150 זלאָטעס פאַר אָפּטרעטן אים די זכות צו גיין וועקן פרייטיק ביינאַכט די יידן צו תהילים. הערשענקע האָט פאַרקויפט די דאָזיקע זכות, אָבער דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז שוין נישט הערשענקעס „יידעלעך, יידעלעך...״.

אַ צייט שפּעטער איז הערשענקען בעסער געוואָרן. ער

האָט אָנגעהויבן צוריק איינקאַסירן זיין „פּענסיע” — דאָס וואָכן־געלט פון 10 און 5 גראַשן. ער האָט אָבער זייער שלעכט אויסגעזען. ווען מ׳האָט אים געפרעגט וואָס אים איז, האָט ער געענטפערט, אַז יעדער נאַכט הערט ער אַ קול פון הימל: „הערשל, הערשל, וואָס האָסטו געטאָן? וואָס פאַר אַן ענטפער וועסטו געבן אויף יענער וועלט, ווען מען וועט דיך פרעגן פאַרוואָס האָסטו פאַרקויפט אַזאַ מצווה... אַוועקגעגעבן אַזאַ מצווה פאַר געלט?...



איטשע שקאַרלאַט — פון די ערשטע ציוניסטן אין שטאָט
איצ׳ה שקרלט — מראשוני הציונים בעיר

הערשענקע מיט כינקעלע האָבן געוויינט, געוואַלדעוועט — און די יידן אין ווישקאָוו האָבן אָפּגעגעבן דעם שניידער די 150 זלאָטעס. הערשענקע האָט צוריק באַקומען זיין רעכט צו וועקן די יידן לעבודת הבורא.

אָבער אין די פרייטיקדיקע נעכט איז שוין הערשענקע אַליין נישט געגאַנגען. מיט אים איז מיטגעגאַנגען זיין כינקעלע... זי האָט מורא געהאַט אים איבערצולאָזן אַליין. זיין געזאַנג איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער.

איין פרייטיק ביינאַכט איז טאַקע הערשענקע געפאַלן אויף זיין פּאָזיציע... בעתן וועקן לעבודת הבורא, זינגענדיק זיין לידל: „יידעלעך, יידעלעך, שטייט אויף...” — איז ער אַליין געפאַלן, זיך איינגעבראָכן...

דאָס קליינע בית־המדרש אויף דער סטראַזשאַצקע גאַס האָט געהערט צו דער חברת תהילים, פאַרמאָגט 6 ספר־תורות און אויסער דעם דאַווענען עטלעכע מאָל אין טאָג, האָט מען אויך פיל געלערנט. גערופן האָט מען עס „דאָס בית־המדרש פון דער חברה קדישא”.

אויף דער וואַרשעווער גאַס האָט זיך אויך געפונען דאָס א. ג. ציוניסטישע בית־המדרש, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון זיין אייגנטימער עלי־מאיר גאָלדמאַן ז״ל, וועלכער האָט דאָס איבערגעשריבן ביי זיין לעבן פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אויף די נעמען פון הענעך קאַלוסקי, איטשע בהרב, שמעיה ראַפּאַפּאָרט.

פון די שטיבלעך קומט אומבאַדינגט די בכורה דעם גערער שטיבל אויף דער סטראַזשאַצקע גאַס, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן דורכן גביר און חסיד ר׳ זכריה קאָפּלאָוויטש. דאָרט האָט מען אַ גאַנצן טאָג געדאַוונט און געלערנט. דורך די פענצטער האָט זיך געטראָגן דאָס שיינע קול פון די בחורים, וואָס האָבן געקנעלט אַ בלאַט גמרא מיט תוספת. יעדן פאַרנאַכט האָבן ביי אַ 60 יידן זיך אויסגעזעצט ביים לאַנגן טיש אין ערשטן צימער און געלערנט דעם דף יומי. אין דער צווייטער שטוב זענען געזעסן עלטערע חסידים און סתם שיינע יידן, געשמועסט וועגן תורה, דערציילט מעשיות וועגן רבין. אייניקע נעמען פון זיי געדענק איך איצט: ברוך צייטאג, איטשע־מאיר ציוויאַק, יהושע סאָקאָל (מיין שווער), מאָטל בהרב (מיין פאָטער, אַ שוחט), יעקב שוחט בלומשטיין, אייזיק מלמד, יצחק מאָנדרי, חיים־הענעך שטעלונג — דער בעל־מוסף פון ראש־השנה און יום־כפור (איך קאָן עד היום נישט פאַרגעסן זיין מתיקותדיק און התלהבותדיק דאַווענען). יצחק־הערש ביאַליסטאָק, בעריש טשערוואָנאָגורע, שלום זיסמאַן, חיים־חייקל הילער, יצחק עפּשטיין — דער פּרעזעס פון דער קהילה.

אין צווייטן גערער שטיבל אויף דער וואַרשעווער גאַס האָבן געדאַוונט די אָנהענגער פון „מזרחי” און פיל יונגעלייט, וואָס פלעגן פאָרן צום גערער רבין. זיי האָבן שוין דאַן פאַרשטאַנען, אַז מען קאָן פאָרן קיין גער און גלייכצייטיק ליב האָבן ארץ־ישראל... די גבאים פון דעם שטיבל זענען געווען: ר׳ משה אָסטער, חיים קרעמער, יעקב לעווין, יצחק־מאיר וויסאָצקי, לעמל רובין.

אין אָטוואָצקער שטיבל האָבן געדאַוונט די... וואָרקער חסידים, וואָס פלעגן אויך אויסנוצן יעדער פרייע צייט אויף צו לערנען גמרא מיט תוספות. ר׳ ברוך־מענדל בורשטיין פלעגט דאָרט זיצן יום ולילה און לערנען, בעת זיין פרוי קריינדיל איז געווען די פרנסה־געבערין. ברוך־מענדל איז זיין גאַנץ לעבן געגאַנגען בלויז אויף איין וועג: פון זיין שטוב אין אָטוואָצקער שטיבל — און צוריק... ער האָט זיך געשלייכט ביי די ווענט, כדי קיינעמען נישט אָנקוקן, צי אָנרירן. ער איז אומגעקומען אויף קידוש־השם, ווי אַנדערע מתפללים פון אָטוואָצקער שטיבל: ר׳ יצחק־בער ראָזענבערג, ר׳ פּיניע פּיעניק, משהלע פּשעשטשעלעניעץ, יעקב־יוסף פלאַנטשיק, ישראל־דוד קרישטאַל, יעקב מאַרקוסכאַמער, מרדכי־מענדל האָלענבערג, כיל־מאיר רובין און פיל אַנדערע.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דאָס אַלעקסאַנדער שטיבל מיט די טייערע חסידים און שיינע יידן, ווי דער תלמיד־חכם און למדן שמעון סרעבניק (חאַצקלס), די שיינע יידן און חסידים: ר׳ יחיאל שולץ, בעריש וואָלינסקי, זישע קאַלוסקי, מרדכי חנהס, פייוול שרון, וואָס זענען מיט זייערע פאַמיליעס אומגעקומען אויף קידוש־השם.

פון די אָנגעזעענע חסידים אין ראַדזימינער שטיבל געדענק איך: שמחה שנעק, וואָס פלעגט יעדן שבת נאָך דעם עסן שפּאַצירן אויף דער בריק און דערביי זאָגן 10 בלאַט גמרא פון אויסנווייניק; דוד־לייב דאָמב, בנימין בראָדע, יוסף ווענגאָזש, שעפּסיל באָרענשטיין און אַנד.

אין דער „פּשעדמיעשטשע” האָט זיך געפונען דער גרויסער מנין ביי ר׳ יאָסקע לאַכער. דאָ האָבן געדאַוונט די יידן פון דער געגנט. אויך די פּאָרענדזשער שוסטערס האָבן געהאַט זייערן אַ מנין, ווו מ׳האָט געדאַוונט מנחה־מעריב און אויך יעדן אינדערפרי. אויסער דעם האָבן דאָרט די טייערע בעלי־מלאכות געלערנט עין־יעקב. זיי האָבן מערער אינזינען געהאַט דאָס דאַווענען און לערנען, איידער די פּרנסה...

מיין איבערבליק איבער די בתי־תפילה אין ווישקאָוו וויל איך פאַרענדיקן מיטן אַמשינאָווער שטיבל און אירע טייערע חסידים: גדליהו שוחט טענטשע, צבי ראָזענבערג

(איצט אין ישראל), משה־יוסף אַבראַמטשיק, אברהמטשע האָלאַנד (פּאַר. שטאַטן).

די לעצטע רבנים אין ווישקאָוו

די לעצטע גרויסע למדנים און רבנים, וואָס ווישקאָוו האָט פאַרמאָגט פאַרן חורבן, זענען געווען:

דער אַלטער רב ר׳ בן־ציון ראָזענבוים; זיין איידעם — דער מורה־הוראה, למדן און תלמיד־חכם ר׳ מענדעלע ברעסלער; דער גרויסער למדן און תלמיד־חכם ר׳ יעקב־אריה מאָרגענשטערן, דעם קאָצקערס אַן אייניקל, דעם לאָמאַזער רבינס זון, דעם אַמשינאָווער רבינס איידעם. נאָך דער פּטירה פון ראַדזימינער רבי ר׳ מענדעלע, איז ער געוואָרן ראַדזימינער רבי ביזן טאָג פון דעם מלחמה־אויסברוך. זיין זון, דער למדן און חכם ר׳ דוד שלמה, איז געוואָרן ווישקאָווער רב. דעם נאָמען פון לעצטן מורה־הוראה אין ווישקאָוו געדענק איך נישט — אָבער אויך ער, ווי אַלע טהורים און קדושים אין שטעטל, זענען אומגעקומען.

איך האָב געפּרוּווט אַרויסרופן פון מיין זכרון געוויסע געשטאַלטן פון אונדזער פאַרטיליקטער הייליקער קהילה ווישקאָוו. איך ווייס, אַז דאָס איז נאָר אַ טייל; דאָס זענען נאָר ברעקלעך פון דעם וואָס אונדזער שטאָט האָט געהאַט און פאַרמאָגט. איך האָב דערמאָנט די נאָענטע, די יעניקע וואָס איך האָב געקענט, די יעניקע וואָס עס איז מיר אויסגעקומען צוזאַמען מיט זיי ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן מיטצואַרבעטן אָדער זען זייער טעטיקייט. איך ווייס, אַז כ׳האָב אַ סך נעמען דורכגעלאָזט — זאָלן זיי אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן. זאָלן די שורות מיינע זיין אַ באַשיידענער קדיש לזכר די אַלע קדושים וטהורים, וואָס זענען צוזאַמען מיט זייערע קדיש־זאָגער אומגעקומען אויף קידוש־השם.

# בלוטיקע „זאַבאָווע" פון פּאָליאַקן אין 1920

מרדכי וו. בערנשטיין
בוענאָס־איירעס

אין די באַשרייבונגען וועגן דעם נאַצי־חורבן אין פּוילן; אין די פאַרשידענע זכרונות, גבית־עדותן און אַנדערע דאָקומענטן, ווערט איבערגעגעבן וועגן דער האַלטונג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג בעת די נאַצישע רציחות איבער יידן. אין רוב פאַלן ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז נישט נאָר האָבן זיך די פּאָליאַקן פאַרהאַלטן פּאַסיוו צו די נאַצישע אכזריותן, נאָר זענען אָפט געווען אַקטיווע מיטבאַטייליקער אין די דאָזיקע שווידערלעכע אַקטן לגבי יידן. נישט נאָר וואָס זיי האָבן זייער אָפט געדינט ווי דענונציאַנטן אין די שטעט און שטעטלעך, ווו זיי האָבן אָנגעוויזן די דייטשן אויף די יידן און אויך זייער אָפט איבערגעגעבן אין דייטשישע הענט אויסבאַהאַלטענע יידן — נאָר האָבן אויך מיטגעאַרבעט ביים פייניקן די יידן; זיך באַטייליקט אין די רויבערייען סיי בעת די „אַקציעס" און „אויסזידלונגען" און לסוף געוואָרן די „יורשים" פון דעם הפקר־געוואָרענעם האָב־און־גוטס.

פאַר די וואָס געדענקען, אָדער ווייסן וואָס די פּאָליאַקן האָבן אָפּגעטאָן אין דער „האָניק־צייט" ביים אויפקומען פון דער אומאָפּהענגיקער פּוילן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די דאָזיקע האַלטונג און האַנדלונג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, יעדנפאַלס אין איר מערהייט — קיין איבערראַשונג. שוין דאַן, ווען די נייע פּוילישע מלוכה האָט געשטעלט אירע ערשטע טריט, ביים געבורט פון דער נייער „זשעטשפּאָספּאָליטאַ", האָבן די וו י י ע ן געהאַט די יידן. זיי זענען עס אָפּגעגאַנגען אין בלוט, ווען די פּוילישע מלוכה איז אויפגעשטעלט געוואָרן.

נישט דאָ איז דער פּלאַץ וועגן דעם גענויער צו דערציילן. וועגן דער דאָזיקער פּאָגראָם־כוואַליע אין די יאָרן 1918—1919 זענען אין אַ ריי ווערק פאַראַן גענויע פּרטים, מאַטעריאַלן און דאָקומענטן. דאָס קלאַסישסטע איז די אַרבעט פון באַקאַנטן טוער פון פּועלי־ציון, לעאָן כאַזאַנאָוויטש, וועלכער ברענגט די פאַקטן און דאָקומענטן פון פּאָגראָמען און עקסצעסן אין 105 שטעט און שטעטלעך אין פּוילן אין נאָוועמבער־דעצעמבער 1918 *.

צוויי באַזונדערס שווידערלעכע הריגות, דורכגעפירט פון דעם נייעם פּוילישן מיליטער, די שחיטות אין ל ע מ ב ע ר ג פון יענער צייט און די צעשיסונג אין פּ י נ ס ק אין ניסן תרע"ט (1919), ווערן באַשריבן אין ספּעציעלע אַרבעטן.** אָבער מיר ריידן דאָ וועגן אַ צווייטער כוואַליע פון אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען, וואָס זענען געקומען אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע. אין דער דאָזיקער צייט האָט זיך איבער פּוילן פאַנאַנדערגעוויגט אַ וויסטע אַנטי־יידישע העצע. פון די אָפיציעלע מיליטערישע אָנפירנדיקע קרייזן, פון גענעראַל־שטאַב אין זיינע באַפעלן, ביז דער פּוילישער אונטערוועלט, איז געלאָזן געוואָרן אין גאַנג דער בילבול, אַז יידן האָבן מיטגעאַרבעט מיט די באָלשעוויסטישע „רעווקאָמען"; אַז יידן האָבן שפּיאָנירט לטובת דער רויטער אַרמיי; אַז יידן האָבן געשאָסן צו די פּוילישע מיליטער־אָפּטיילונגען אאַז"וו.

עס איז שוין דאַן אין פּוילן געווען אַ כמו יידישע רעפּרעזענטאַנץ אין דער פאָרם פון יידישן נאַציאָנאַל־ראָט, ווו עס זענען געזעסן די אויסגעוויילטע יידישע דעפּוטאַטן אין פּוילישן סיים. דער דאָזיקער נאַציאָנאַל־ראָט האָט אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן אַלע גרוילטאַטן; האָט געשיקט זיינע פאָרשטייער אין אַ ריי ערטער, ווו עס זענען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אָדער אַנדערע אַרויסטרעטונגען קעגן יידן; האָט פּובליקירט אַ סעריע מיט מאַטעריאַלן; אַריינגעטראָגן אין סיים אינטערפּעלאַציעס וכדומה.

די מאַטעריאַלן וועגן דער דאָזיקער בלוטיקער צייט האָט טאַקע די יידישע סיים־פראַקציע פּובליקירט דאַן אין אַ ריי העפטן, ווו עס זענען פאַראַן אויטענטישע פאַקטן וועגן שחיטות אין הונדערטער שטעטלעך.***

* L. Chazanowitsch: Die Polnische Judenpogrome im November und Dezember 1918. Tatsache und Dokumente. Stockholm, 1918.

** וועגן ל ע מ ב ע ר ג: Josef Bendoow: „Der Lemberger Judenpogrom" (November 1918 — Januar 1919), Wien. וועגן פּ י נ ס ק: אברהם־אשר פיינשטיין — „מגילת פורעניות", תל־אביב, תרפ"ט.

*** צוויי העפטן אונטערן נאָמען „Inwazja Bolszewicka a Żydzi" אַרויסגעגעבן פון: Narodowy Klub Żydowski Posłów Sejmowych przy tymczasowej Żydowskiej Radzie Narodowej. ביידע דערשינען אין וואַרשע 1921.




דעם סענאַטאָרס גאָרטן

הגן של הסינטור

אין דער ערשטער זאַמלונג איז צווישן די מאַטעריאַלן פאַראַן אַ דרינגענדיקע אינטערפּעלאַציע, וואָס איז דעם 24־טן סעפּטעמבער 1920 אַריינגעטראָגן געוואָרן אין פּוילישן פּאַרלאַמענט דורך די יידישע דעפּוטאַטן: גרינבוים, פאַרבשטיין, האַרטגלאַס און אַנדערע, וועגן דער פּאָליטיק פון פאַרפאָלגן די יידן, וואָס ווערט געפירט דורך דער פּוילישער רעגירונג. אין דער אינטערפּעלאַציע ווערט דערציילט וועגן צענדליקער שטעטלעך וואָס זענען פּאָגראָמירט געוואָרן און וועגן די הונדערטער רויב־ און שענדונג־פאַלן, וואָס די פּוילישע מיליטער־אָפּטיילונגען, ביי דער מיטאַרבעט פון אָרטיקע פּוילישע גרופּן (אָפיציעלע און ציווילע) האָבן דורכגעפירט.

צווישן די מאַטעריאַלן, וואָס איז בייגעלייגט געוואָרן ווי באַווייז־דאָקומענטן, געפינען זיך צוויי דאָקומענטן פון ווישקאָוו. מיר ברענגען דאָ ווייטער די דאָזיקע דאָקומענטן אין דער יידישער איבערזעצונג, ווי זיי שטייען און גייען. די דאָזיקע פּובליקאַציעס זענען היינט ממש אַ זעלטנהייט, דעריבער איז וויכטיק, אַז דאָס דאָזיקע קאַפּיטל זאָל נישט פעלן אין דעם „ספר וישקוב”.

דער ערשטער דאָקומענט איז אַ פּראָטאָקאָל, צוגעשטעלט דורך יוסף גראַוויצקי, וועלכער איז געשיקט געוואָרן פון דער יידישער דעפּוטאַטן־פראַקציע אין פּוילישן סיים קיין ווישקאָוו, כדי דאָרטן פעסטצושטעלן וואָס ס'איז געשען. דער צווייטער דאָקומענט איז אַ דערקלערונג, וואָס עס איז געלונגען דאַן אַרויסצובאַקומען פון יידישע אַרעסטירטע.

לסוף ברענג איך אַ דריי דערקלערונגען צו די דאָזיקע דאָקומענטן, וואָס עס איז מיר געלונגען צו באַקומען ביי איינעם פון די דריי יידן, וואָס זענען געחתמעט אויף דעם דאָקומענט נומער 2.

### דאָקומענט נומער 1

צום
דעפּוטאַטן־קלוב פון דעם צייטווייליקן יידישן נאַציאָנאַל־ראַט
אין שטאָט (וואַרשע)

אין הסכם מיט אייער אויפטראג, האָב איך דעם 27־טן היינטיקן חודש (אויגוסט) באַזוכט ווישקאָוו און איך האָב דעם כבוד, מיט דעם, בייצולייגן דעם באַריכט פון די געשעענישן אין ווישקאָוו.

די אינפאָרמאַציעס זענען פון די ידיעות, וואָס איך האָב דערהאַלטן פון די באַשעדיקטע און פון די פאַקטן, וואָס איך בין דערביי געווען אַן עד־ראיה.

דעם 11־טן היינטיקן חודש, נאָך מיטאָג, איז אין ווישקאָוו אַריין דאָס באָלשעוויסטישע מיליטער. דאָס דאָזיקע מיליטער האָט זיך פאַרהאַלטן פאַרהעלטניסמעסיק רואיק. דער באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר האָט געשאַפן אַ מיליץ, מיטן ציל איינצוהאַלטן די אָרדענונג אין שטאָט. די דאָזיקע מיליץ איז באַשטאַנען פון קריסטן און יידן.

דעם 18־טן היינטיקן חודש, אין אָוונט, האָבן די באָלשעוויקעס פאַרלאָזן די שטאָט אין רעזולטאַט פון דער פּוילישער קאָנטר־אָפענסיווע. פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט, האָבן די באָלשעוויסטישע זעלנער, ספּעציעל דער אַריעגאַרד (די לעצטע אָפּטרעטנדיקע גרופּע), באַרויבט די געוועלבער און די הייזער, בעיקר — יידישע.

דעם זעלביקן אָוונט, ווען עס איז אַריינגעקומען דאָס פּוילישע מיליטער, זענען שוין געווען איינצלנע פאַלן פון רויבערייען. אויף מאָרגן פרי האָבן צווישן די זעלנער אָנגע־

הויבן קורסירן קלאַנגען, פאַרשפּרייטע דורך דער פּוילישער באַפעלקערונג, אַז פון די יידישע הייזער האָט מען געשאָסן אויפן פּוילישן מיליטער. אויפן גרונט פון די דאָזיקע קלאַנגען, זאָל מען האָבן אַרויסגענומען צום דערשיסן אַלע איינוווינער פון רייכמאַנס הויז (רינעק):

חיים־דוד גאָלדוואַסער, 60 יאָר אַלט, מיט דער פרוי און 3 טעכטער;

לייבע זרענטשני, 32 יאָר אַלט;

שמואל־לייב האָלאַנד, 26 יאָר אַלט, מיט דער פרוי און קינדער;

חייקל הילער, 40 יאָר אַלט, מיט דער פרוי;

אברהם רייכמאַן, 65 יאָר אַלט, מיט דער פרוי;

משה באַראַק, 32 יאָר אַלט, מיט דער פרוי;

אייזיק־מאיר קרישטאָל, 50 יאָר אַלט, מיט דער פרוי;

משה־מענדל גרינבערג;

יצחק־הערש ביאַליסטאָק (דער בלינדער), 60 יאָר אַלט, מיט זיין פרוי,

און אַנדערע יידישע איינוווינער פון דעם הויז.

אַלע אויבנדערמאָנטע האָט מען אויסגעשטעלט אויפן הויף, דערקלערנדיק זיי, אַז זיי וועלן דערשאָסן ווערן. אין גאַנצן הויז האָט מען דורכגעפירט רעוויזיעס, בעת וועלכע מען האָט צוגענומען געלט, וועש, ווערטזאַכן און דאָס גלייכן.

אַ דאַנק די דערקלערונגען פון די פּוילישע שכנים, אַז די קלאַנגען וועגן שיסן דורך די פענצטער פון דאָזיקן הויז זענען נישט קיין באַשטעטיקטע — האָט מען זיי באַפרייט.

פאַרן פאַרלאָזן דורך די באָלשעוויקעס די שטאָט ווישקאָוו, האָבן עטלעכע הונדערט יידן, מורא האָבנדיק פאַר די מלחמה־טעטיקייטן, אַוועק דעם 17־טן היינטיקן חודש קיין אָסטראָוו. צוויי טעג שפּעטער נאָך זייער אָנקומען קיין אָסטראָוו, זענען אַהין אַריין די פּוילישע זעלנער. די ווישקאָווער יידן זענען אַוועק צום מיליטערישן קאָמענדאַנט פון אָסטראָוו און צום אָרטיקן בירגערמייסטער מיט דער ביטע ער זאָל זיי געבן רייזע־דערלויבענישן קיין ווישקאָוו; זיי האָבן אויך געבעטן אַ פּאָליציאַנט, וואָס זאָל זיי באַגלייטן. זיי האָבן מורא געהאַט אַליין צו גיין, ווייל די וועגן זענען פול געווען מיט מיליטערישע עשאַלאָנען. דער בירגערמייסטער האָט זיי געגעבן פיר פּאָליציאַנטן, פאַר וואָס זיי האָבן אים איינגעצאָלט 7,300 מאַרק.

דינסטיק, דעם 24־טן, אין דער פרי, זענען זיי אָנגעקומען קיין ווישקאָוו. אין דאָרף קאָמיסאַרקע (7 וויאָרסט פון ווישקאָוו) האָט שוין אויף זיי געוואַרט די פּאָליציי פון ווישקאָוו, וואָס האָט די יידן אָפּגעפירט, צוזאַמען מיט די אָסטראָווער פּאָליציי, אין שטאָט אַריין. מען האָט די יידן אַריינגעפירט אין דער פייערלעשער־שאָפּע. גלייך איז אַהין געקומען דער ציווילער פּאָליאַק ליסקעוויטש און זיי דערקלערט, אַז זיי וועלן דערשאָסן ווערן ווי באָלשעוויקעס. אין אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט מען זיי פון דער פייערלעשער־שאָפּע אָפּגעפירט אין דעם אַזוי גערופענעם „סענאַטאָרס גאָרטן".

אין דאָזיקן גאָרטן האָבן זיך שוין געפונען עטלעכע הונדערט ציווילע איינוווינער פון שטאָט (פּאָליאַקן), אגב, דער ערגסטער עלעמענט, בעיקר — יוגנטלעכע. דאָרטן האָט מען אויסגעשטעלט די געבראַכטע יידן, אין דער צאָל פון 200, צו פיר אין אַ ריי און דערביי זיי מערדערלעך געשלאָגן. די פּאָליציי האָט געהייסן דער יוגנט זי זאָל צווישן די יידן געפינען די באָלשעוויקעס. אין דער זעלביקער צייט האָט מען אַרויסגערופן די שטאָטישע בירגער (קריסטן) זיי זאָלן אַרויסברענגען זייערע תביעות צו די יידן־באָלשעוויקעס, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען זקנים.

די יעניקע, אויף וועלכע מען האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס זענען באָלשעוויקעס, האָט מען אַרויסגענומען פון די רייען און זיי געשלאָגן מיט נאַהייקעס, שטעקנס און דראָטן, צו וועלכע עס זענען געווען אָנגעבונדן שטיינער, ווי אויך — מיט ביקסן־קאָלבעס.

פון מאַגיסטראַט האָט מען געבראַכט טישן. ביי איינעם האָט זיך געזעצט דער סעקרעטאַר פון גמינע־געריכט, וואָיעוווּדזקי און צוויי מיליטער־לייט פון העכערן ראַנג. פון דעם אָרט, ווו עס זענען געשטאַנען די רייען מיט די יידן, ביזן טיש, האָט זיך אויסגעשטעלט אַ צוויי־רייענדיקער שפּאַלער פון ציווילע פּאָליאַקן און זעלנער. יעדער ייד, וואָס איז אַדורך דורך דעם דאָזיקן שפּאַלער צום טיש, האָט אויפן וועג באַקומען פון ביידע זייטן גרויזאַם געשלאָגן מיט שטעקנס, דראָטן, נאַהייקעס, ביקסן־קאָלבעס און אַפילו מיט באַגנעטן.

ווער עס איז צוגעקומען צום טיש, איז געוואָרן רעווידירט, אויסגעטאָן און מען האָט אים געלאָזן אין איין העמד. ביי די דאָזיקע רעוויזיעס האָט מען ביי די יידן צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט. נאָך דעם האָט מען זיי געהייסן אַרויפגיין אויף אַ טיש. שטייענדיק דאָרט, האָט מען זיי געהייסן אויסרופן: „זאָל לעבן פּוילן! זאָל פּגרן דער רב!". אויך האָט ער געדאַרפט פרעגן דעם המון: „צי האָט ווער צו מיר אַ פּרעטענסיע? צי האָב איך עמעצן ווען נישט איז געטאָן אַן עוולה?".

דערביי האָט מען זיי געשלאָגן אָן איבעררייס.

פאַרשטייט זיך, אַז עמעצער פון המון פלעגט זיך שטענדיק אָפּרופן, אַז ער דערקענט, אַז דער דאָזיקער איז אַ באָלשעוויק, אָדער אַז ער האָט וועמען באַעוולט.

שפּעטער האָט מען די דאָזיקע אַראָפּגעוואָרפן פון טיש אַזוי, אַז דער טיש האָט זיך איבערגעקערט אויף זיי און זיי אוממעגלעך געמאַכט אויפצושטיין. ווען זיי זענען סוף־כל־סוף אויפגעשטאַנען, האָבן זיי ווידער געמוזט דורכגיין דעם שפּאַלער און דאָ האָט זיך איבערגעחזרט דאָס ווייטערדיקע פייניקן. בעת דער עקזעקוציע האָבן פיל יידן פאַרלאָרן דעם באַוווסטזיין.

איך האָב אַליין געזען, בעת מיין באַזוך, יידן מיט בלוטנדיקע ווונדן; איך האָב אויך געזען פרויען, וועלכע זענען געוואָרן פאַרוווּנדעט ווען זיי האָבן, בעת דער עקזעקוציע, געוואָלט זיך צובאַקומען צו זייערע ברידער און פאָטערס.

די עקזעקוציע האָט געדויערט פון 9 פרי ביז 3—4 נאָכמיטאָג און אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג און טומל ביי דער יידישער באַפעלקערונג און אויך ביי אַ טייל פּאָליאַקן, אַז די זעלנער און פּאָליציאַנטן זענען געווען געצוווּנגען, כדי אָפּצושרעקן און „באַרואיקן" דעם עולם, צו שיסן עטלעכע מאָל אין דער לופטן. מען האָט מיר דערציילט, אַז איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די עקזעקוציע, זענען איבער די הייזער אַרומגעגאַנגען פּאָליציאַנטן און זעלנער, וועלכע האָבן גערופן די פּוילישע באַפעלקערונג זי זאָל קומען אין גאָרטן צו אַ „פאַרוויילונג" („Zabawa").

בעת דער דאָזיקער „פאַרוויילונג" זענען געווען אָנוועזנד, ווי איך האָב עס פעסטגעשטעלט:

דער בירגערמייסטער פון שטאָט סטאַניסלאַוו פּאַוולאָווסקי; דער שטאָטישער דאָקטער ריבקאַ; דער מיליטערישער דאָקטער שאַרקיעוויטש; צוויי גלחים און פיל פון דער אָרטיקער פּוילישער אינטעליגענץ.

נאָך דער עקזעקוציע האָט מען די פאַרוואונדעטע און צעבלוטיקטע יידן אַריינגעפירט אין דעם שטאָטישן אַרעסט־הויז און אויפן וועג זיי ווידער געשלאָגן. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעחזרט אין אַרעסטהויז גופא.

איצט געפינען זיך די יידן אין אַרעסטהויז. בעת מיין זיין אין ווישקאָוו, האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייטווייליקע אויס־פאַרשונג און מען האָט שוין באַפרייט עטלעכע יידן. אין די טעג וועט מען באַפרייען אַ גרעסערן טייל.

די אַרעסטיר'טע יידן פירט מען יעדן טאָג צו דער אַרבעט, ביים בריק פון טייך בוג. ביי דער אַרבעט שלאָגט מען זיי. עסן האָט מען זיי אָנגעהויבן צו געבן אַ טאָג פאַר מיין קומען, דאָס הייסט — פרייטיק דעם 27־טן היינטיקן חודש.

די בירגער־מיליץ, וואָס באַשטייט פון בלויז קריסטן (צווישן זיי געפינען זיך אויך אַזעלכע וואָס זענען געווען פאָליציאַנטן אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער אינ־וואַזיע), היטן די אַרעסטירטע. ווי איך האָב פעסטגעשטעלט, לאָזן זיי אַריין צו זיי (אין אַרעסטהויז) די דורכגייענדיקע זעלנער, וועלכע שלאָגן זיי און לאָזן זיך איבער זיי ווילגיין.

דער איצטיקער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט דאָס דאָזיקע פאַרווערט און במשך די לעצטע צוויי טעג האָבן זיך אַזעלכע פאַלן נישט איבערגעחזרט.

די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט לעבט אין זייער שווערע באַדינגונגען. דאָס שלאָגן יידן און אָפשניידן ביי זיי די בערד דורך פאַרבייגייענדיקע סאָלדאַטן איז אַ דערשיינונג וואָס מען באַמערקט אויף שריט און טריט.

י. גראַוויצקי

וואַרשע, דעם 29־טן אויגוסט 1920

דאָקומענט נומער 2

דערקלערונג

מיר, אונטז אונטערגעשריבענע: יצחק באַראַב, 29 יאָר אַלט; שלמה ראָזענבעג, 28 יאָר אַלט, און יצחק נוימן, 23 יאָר אַלט, איינוווינער פון ווישקאָוו, דערקלערן דאָס ווייטערדיקע:

דינסטיק, דעם 17־טן היינטיקן חודש (אויגוסט), זענען מיר אַוועק קיין אָסטראָוו. מיר זענען דאָרטן געווען 2 טעג, נאָך דעם זענען אין אָסטראָוו אַריינגעקומען די פוילישע זעלנער. צוזאַמען מיט די אַנדערע פּליטים פון ווישקאָוו, זענען מיר אַוועק צום מיליטערישן קאָמענדאַנט פון אָסטראָוו, צום בירגערמייסטער פון דער דאָזיקער שטאָט און געבעטן, ער זאָל אונדז געבן אַ פּאָליציאַנט, וועלכער זאָל אונדז אַוועקפירן קיין ווישקאָוו. מיר האָבן מורא געהאַט צו גיין אָן דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט, ווייל די וועגן זענען געווען איבערפולט מיט זעלנער. דער בירגערמייסטער האָט מסכים געווען אויף אונדזער ווענדונג און אונדז געגעבן 4 פּאָליציאַנטן, פאַר וואָס מיר האָבן באַצאָלט 7,300 מאַרק.

מאָנטיק, דעם 23־טן היינטיקן חודש, האָבן די פּאָלי־ציאַנטן אונדז אָפגעפירט קיין ווישקאָוו.

דינסטיק, דעם 24־טן היינטיקן חודש, אין דער פרי, זענען מיר אָנגעקומען קיין ווישקאָוו. שוין אין דאָרף קאָמי־סאַרקע (7 וויאָרסט פון ווישקאָוו) האָבן אונדז אָפּגעוואַרט 5 פּאָליציאַנטן פון ווישקאָוו, וועלכע האָבן אונדז, צוזאַמען מיט די אָסטראָווער פּאָליציאַנטן, אַריינגעפירט אין שטאָט אַריין. גייענדיק דורך דער שטאָט, האָט מען קיינעם נישט

**Wyszków**

Do

Klubu Poselskiego przy Tymcz. Żyd. Radzie Narod.

w Miejscu.

Zgodnie z poleceniem Sz. Panów zwiedziłem dn. 27-go b. m. miasto Wyszków i mam zaszczyt przy niniejszym złożyć sprawozdanie z wydarzeń w Wyszkowie.

Wiadomości moje czerpałem z informacji poszkodowanych i faktów, których byłem naocznym świadkiem.

Dnia 11 b. m. w południe wkroczyły do Wyszkowa wojska bolszewickie. Wojska te zachowywały się względnie spokojnie. Komisarz bolszewicki utworzył milicję w celu utrzymania porządku w mieście. Milicja ta składała się z chrześcijan i Żydów. Dn. 18 b. m. wieczorem opuścili bolszewicy miasto wskutek kontrofenzywy polskiej. Przed opuszczeniem miasta żołnierze bolszewiccy, szczególnie arjergarda, obrabowali sklepy i domy, przeważnie żydowskie. Tego samego wieczora, kiedy wkroczyły wojska polskie, były już pojedyńcze wypadki rabunku. Nazajutrz rano zaczęły pomiędzy żołnierzami krążyć pogłoski, rozpowszechniane przez ludność polską, że z domów żydowskich strzelano do wojska polskiego. Na skutek tych pogłosek miano rozstrzelać wszystkich mieszkańców domu REICHMANA (ulica Rynek): Chaima Dawida Goldwassera, lat 60, z żoną i 3 córkami, Lejba Zrecznego, lat 32, Szmula Lejba Hollanda, lat 36, z żoną i dziećmi, Chajkla Hillera, lat 40, z żoną, Abrama Reichmana, lat 65, z żoną, Mojsze Baraka, lat 32, z żoną, Ajzyka Majera Krystała, lat 50, z żoną, Mojsze Mendla Grinberga, Icka Hersza Białystoka (ślepy), lat 60, z żoną i jeszcze kilku mieszkańców (Żydów) tego domu. Wszystkich wyżej wymienionych ustawiono na podwórzu, oświadczając, że będą rozstrzelani. W całym domu zarządzono rewizję, podczas której zabrano pieniądze, bieliznę, kosztowności i t. d.

Wskutek zaświadczenia sąsiadów polskich, iż pogłoski o

...ch dwóch dni wypadki te już się nie powtarzały.

Ludność żydowska w mieście żyje w warunkach bardzo ciężkich. Bicie i obcinanie bród Żydom przez przechodzących żołnierzy są to zjawiska, które można obserwować na każdym kroku.

(—) J. Grawicki.

Warszawa, dnia 29 sierpnia 1920.

My, niżej podpisani: Icek BARAB, lat 29, Szlojme ROZENBERG, lat 28 i Icek NEUMAN, lat 23, zam. w Wyszkowie, zeznajemy, co następuje:

We wtorek, dn. 17 b. m., udaliśmy się do Ostrowia. Byliśmy tam dwa dni, po upływie których wkroczyły do Ostrowia wojska polskie. Udaliśmy się wraz ze wszystkimi uciekinierami z Wyszkowa do Komendanta Wojskowego w Ostrowiu, do burmistrza tegoż miasta i prosiliśmy, żeby nam dali policjanta, któryby nas odprowadził do Wyszkowa. Baliśmy się chodzić bez policjanta, gdyż drogi były przepełnione żołnierzami. Burmistrz zgodził się na naszą propozycję i dał nam 4 policjantów, zaco zapłaciliśmy mu 7.300 mk.

W poniedziałek, dn. 23 b. m., policjanci zaprowadzili nas do Wyszkowa.

We wtorek, dn. 24 b. m., zrana przyszliśmy do Wyszkowa. Jeszcze w Komisarce (wieś o 7 w. od Wyszkowa) oczekiwało nas 5 policjantów z Wyszkowa, którzy razem z policjantami z Ostrowia wprowadzili nas do miasta. Po drodze przez miasto nie pozwolono nikomu podchodzić do nas ani wyglądać z okien. Strzelano na postrach do tych, którzy usiłowali porozumieć się z nami. Wprowadzili nas do szopy Straży Ogniowej, do której wszedł cywilny Polak Liśkiewicz i oznajmił, że jesteśmy bolszewikami i jako tacy będziemy rozstrzelani. Po upływie pół godziny wprowadzili nas do „Ogrodu Senatorskiego".

W ogrodzie ustawili nas w czwórki, przytem bito nas bez litości. Było tam wielu żołnierzy i policjantów, jak również cywilnych mieszkańców miasta. Policja kazała chłopcom Polakom, którzy się zebrali w ogrodzie, rozpoznać między nami bolszewików, a ci rozkaz ten spełnili. Jednocześnie z miasta zawezwano

כאַטאָקאָפּיעס פון באַריכטן צו דער „קאָלאָ" פון די יידישע סיים־דעפּוטאַטן וועגן די בלוטיקע געשעענישן אין י. 1920

העתקים מן הדו"ח לחברי הפרלמנט היהודיים ב„סיים" הפולני על מאורעות הדמים בשנת 1920

דערלויבט צוגיין צו אונדז נאָענט, אַפילו נישט אַרויסקוקן דורך די פענצטער. מען האָט געשאָסן, כדי אָפּצושרעקן די, וועלכע האָבן זיך באַמיט מיט אונדז צו פאַרשטענדיקן. אַריינגעפירט האָט מען אונדז אין דער שאָפּע פון די פייער־לעשער, וווהין עס איז אַריין דער ציווילער פּאָליאַק ליסקע־וויטש און דערקלערט, אַז מיר זענען באָלשעוויקעס און ווי אַזעלכע וועלן מיר דערשאָסן ווערן. אין אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט מען אונדז אָפּגעפירט אין דעם „סענאַטאָר־פּאַרק".

אין דעם פּאַרק האָט מען אונדז אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי, דערביי האָט מען אונדז געשלאָגן אָן רחמנות. עס זענען דאָרטן געווען אַ סך זעלנער און פּאָליציאַנטן, ווי אויך ציווילע איינוווינער פון שטאָט. די פּאָליציי האָט געהייסן די פּוילישע יוגנט וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין גאָרטן, אַז זיי זאָלן צווישן די פאַרהאַלטענע דערקענען די באָלשעוויקעס. די יוגנטלעכע האָבן דעם דאָזיקן באַפעל אויסגעפירט. אין דער זעלבער צייט האָט מען אַרויסגערופן פון שטאָט די קריסטן, וועלכע זאָלן אַרויסהייבן זייערע פּרעטענסיעס צו די יידן.

צווישן אונדז זענען אויך געווען זקנים. די, אויף וועמען די יוגנטלעכע האָבן אָנגעוויזן (אַז זיי זענען באָלשעוויקעס), האָט מען אַרויסגעפירט פון די רייען און געשלאָגן מיט שטעקנס, נאַהייקעס, דראָטן צו וועלכע עס זענען געווען צוגעפעסטיקט שטיינער, און דאָס גלייכן. די דאָזיקע האָט מען אָוועקגעשטעלט באַזונדער. נאָכדעם האָט מען געבראַכט אַ טיש, ביי וועלכן עס האָבן זיך געזעצט: דער סעקרעטאַר פון גמינה־געריכט, וואָיעוואָדזקי און צוויי עלטסטע מיליטער־לייט. פון דעם פּלאַץ וווּ עס זענען געשטאַנען די אָפּגעטיילטע יידן (די א"ג „באָלשעוויקעס"), ביזן טיש, איז אויסגעשטעלט געוואָרן אַ שפּאַלער פון צוויי רייען ציוויליסטן און זעלנער. יעדער פון אונדז, וועלכער איז דורכגעגאַנגען דעם דאָזיקן שפּאַלער, האָט באַקומען געשלאָגן אכזריותדיק — מיט שטעקנס, נאַהייקעס און דראָטן. ווען מיר זענען צוגעקומען צום טיש, האָט מען אונדז רעווידירט, אויסגעטאָן און איבערגעלאָזן אין בלויזן העמד. מען האָט אונדז באַרויבט פון דעם אַלעמען וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך. נאָך דעם האָט מען אונדז געהייסן אַרויפגיין אויפן טיש, וווּ מיר האָבן געמוזט שרייען: „זאָל לעבן פּוילן! זאָל פּגרן דער רב!". פאַרשטייט זיך, אַז צו יעדן פון אונדז האָט עמעץ פון המון געהאַט עפּעס אַ פּרעטענסיע און האָט זיך דערמאָנט אין כלומרשטע עוולות וואָס מען האָט אים געטאָן.

נאָכדעם האָט מען אונדז אַראָפּגעוואָרפן פון טיש, איבער־דרייענדיק אים אַזוי, אַז ער זאָל פאַלן אויף אונדז. מען האָט אונדז נישט געלאָזט זיך אויפהויבן און אַזוי ליגנדיק אויף דער ערד, האָט מען אונדז ווידער געשלאָגן מיט נאַהייקעס און שטעקנס. ווען מיר האָבן זיך ענדלעך אויפגעהויבן און ווידער דורכגעגאַנגען דעם שפּאַלער, האָט זיך איבערגעחזרט די פריערדיקע עקזעקוציע.

נאָך דער דאָזיקער עקזעקוציע, פאַרבלוטיקטע (אַ סך פון אונדז האָבן פאַרלאָרן דעם באַוווסטזיין), זענען מיר געקומען צו די רייען און דאָ האָט מען אונדז ווידער געשלאָגן.

די דאָזיקע עקזעקוציע האָט זיך געצויגן פון 9 פרי ביז 3 נאָכמיטאָג. 4 אַזייגער האָט מען אונדז אָפּגעפירט אין שטאָטישן אַרעסט. אויפן הויף פון אַרעסטהויז האָט מען געהייסן זיך אויסזעצן אויף „טערקיש", דאָס הייסט — די פיס האַלטן אונטער זיך. דער וואָס האָט עס נישט געקאָנט טאָן, האָט מען געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן. אַזוי זענען מיר אויף „טערקיש" אָפּגעזעסן ביז 7 אַזייגער. דערנאָך האָט מען אונדז ווידער אַוועקגעפירט אין גאָרטן אַריין אויף איבער נאַכט.

אין דער צייט, ווען מען האָט דורכגעפירט אין גאָרטן די עקזעקוציע, האָט זיך איבער דער שטאָט געטראָגן דאָס געשריי פון די מאַמעס, שוועסטער און אַנדערע. כדי איינ־צושטילן דעם המון, האָט מען געשאָסן פון ביקסן אויף אָפּשרעקן.

בעת דער עקזעקוציע זענען געווען אָנוועזנד: דער בירגערמייסטער פון שטאָט סטאַניסלאַוו פּאַוולאָווסקי דער שטאָטישער דאָקטאָר ריבקאַ; ד"ר סיאַרקעוויטש; אַ מיליי־טערישער דאָקטאָר, דער גלח, די אַזוי גערופענע שטאָטישע אינטעליגענץ. געשלאָגן האָט אונדז די שטאָטישע פּאָליציי, מיטן קאָמיסאַר סטאַזשינסקי בראש.

איצט זיצן מיר אין אַרעסט. מיר זענען 200 פאַרשפּאַרטע יידן. כסדר לאָזט מען צו אונדז אַריין זעלנער, וועלכע שלאָגן אונדז און פייניקן אונדז.

דורכגעלייענט:

איצעק באַראַב; שלמה ראָזענבערג; איצעק נוימאַן.

### צוגאָב־אויפקלערונגען

דער גורל האָט געוואָלט, אַז איינער פון די דריי יידן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן די דערמאָנטע גבית־עדות וועגן דער „זאַבאַווע" אין ווישקאָוו, יצחק בהרב (באַראַב, אָדער ווי ער איז געווען באַקאַנט אין ווישקאָוו: איטשע־מאָטל דעם שוחטס זון), זאָל איבערלעבן די מלחמה. גראָד דעם דאָזיקן יצחק בהרב איז מיר אויסגעקומען צו טרעפן אויף די נע־ונד־וועגן אין סאַמאַרקאַנד און שפּעטער — אין בוענאָס־איירעס. אָנשטויסנדיק זיך אויף זיין נאָמען אויפן דאָקומענט, האָב איך טאַקע געקענט פעסטשטעלן, אַז דאָס איז דער זעלביקער. ביי אים האָב איך באַקומען די ווייטער־דיקע פּרטים, וואָס דערגאַנצן דאָס בילד פון יענע בלוטיקע פּיין־טעג פאַר די ווישקאָווער יידן.

ראשית ווערט אויפגעקלערט די פראַגע, ווי אַזוי זענען הונדערטער יידן פון ווישקאָוו געקומען קיין אָסטראָווע.

נישט נאָר פון ווישקאָוו, נאָר יונגעלייט פון אַ סך שטעט און שטעטלעך אין פּוילן, האָבן דאַן, ווען די באָלשעוויקעס זענען פאַרטריבן געוואָרן, זיך געפונען מחוץ זייערע שטעט־לעך. געשען איז עס נישט צוליב דעם, וואָס יידן זענען געווען באָלשעוויקעס און אָפּגעטראָטן צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי, (געווען אויך אַזעלכע, אָבער גאָר אַ קליינע מינדערהייט), נאָר יידן זענען געווען אָנגעשראָקן, טאַקע פון די דראָונגען פון פּאָליאַקן, אַז ווען „אונדזערע" (עס מיינט די פּאָליאַקן) וועלן קומען, וועט מען זיך אָפּרעכענען מיט די יידן פאַר זייער דינען די באָלשעוויקעס. באמת, זענען אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט אין די „רעווקאָמען" (רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטן), פּאָליציי (אָדער מיליץ), ווי אויך אין אַנדערע אַמטן, געווען, אין אַ גרויסער מאָס, באַטייליקט די פּוילישע באַפעלקערונג. לגבי די דאָזיקע פּאָליאַקן האָט מען אָבער, אין דער גרעס־טער מערהייט, נישט אָנגענומען קיין שום רעפּרעסיע־מיטלען.

זייער פיל יידן (יצחק בהרב בתוכם) האָבן זיך אויס־באַהאַלטן בעת דער פּוילישער הערשאַפט, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט מאָביליזירט ווערן אין דער פּוילישער אַרמיי. עס האָט דאַן בכלל נישט געברענט דער „פּאַטריאָטיזם" לגבי

דער אַרמיי, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט ווילדער שנאה און אָנפאַלן אויף יידן. טייל האָבן זיך אויסבאַהאַלטן מחוץ זייערע שטעטלעך. ווען די פּוילישע מאַכט האָט זיך סטאַביליזירט, האָבן אַ טייל אָנגעהויבן צוריקקומען אין זייערע היימשטעטלעך. אגב, איז לגבי די דאָזיקע אויסבאַהאַלטענע אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אַמנעסטיע, וואָס האָט זיי באַפרייט פון פאָרוואורף פון דעזערציע, אויב זיי וועלן זיך מעלדן צו די מיליטערישע קאָמיסיעס.

די הונדערטער יידן פון ווישקאָוו, וואָס האָבן זיך געפונען אין אָסטראָוו אַלס פּליטים, זענען בכלל ווייט געווען פון פּאָליטיק, שוין אָפּגערעדט פון האָבן באָלשעוויסטישע סימפּאַטיעס. דאָס זענען געווען יונגעלייט און עלטערע, געשטאַמט פון סוחרישע קרייזן, וועלכע האָבן אַממייַנסטן געליטן פון די „רויטע" קאָנפיסקאַטעס פון זייערע סחורות (אָדער וועמענס סחורות עס זענען נישט קאָנפיסקירט געוואָרן, האָט מען סתם „אויסגעקויפט" פאַר ווערטלאָזע רובלעס). אַ גאָר גרויסער טייל פון זיי איז געווען באַקאַנט מיט זייערע ציוניסטישע סימפּאַטיעס, צווישן זיי — טאַקע אַקטיווע ציוניסטישע טוערס.

די גרופּע, וואָס האָט זיך געוואָנדן צום אָסטראָווער בירגערמייסטער, אַז ער זאָל זיי געבן באַגלייטער צוריקצוקערן זיך קיין ווישקאָוו, איז באַשטאַנען פון אַ הונדערט מאַן בערך. געהאָלפן צו באַקומען די דערלויבעניש האָט טאַקע דער אָרטיקער ציוניסטישער טוער שולץ. דאָס געלט, 7,300 מאַרק, וואָס מען האָט איבערגעגעבן דעם בירגערמייסטער, איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן ביי די דאָזיקע פּליטים.

די פּערזאָנען, וועלכע האָבן אָנגעשריבן די גבית־עדות פון אַרעסטהויז, זענען (חוץ יצחק בהרב, וועלכער איז שוין אונדז באַקאַנט), אויך געווען:

שלמה ראָזנבערג, דאַן אַ בחור; זיין פאָטער ר' יצחק־בער ראָזנבערג איז געווען אַ שאַרפער וואָרקער חסיד, געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געוועלב. שלמה אַליין איז געווען אַ ציוניסט. ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט שמואל עלבוימס טאָכטער מלכה, געוווינט אין וואַרשע, ווו ער האָט געהאַט אַ לעדער־געשעפט. אומגעקומען מיט דער משפּחה, צוזאַמען מיט אַלע וואַרשעווער יידן.

יצחק נוימאַן, זיין פאָטער, אַ גערער חסיד, האָט געהאַט אַ הורטאָווניע פון זאַלץ, הערינג און נאַפט. דאַן געווען אַ בחור. שפּעטער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ר' מענדל שקאַרלאַט; נאָך דער חתונה געהאַט אַ הורטסקלאַד פון מעל. בעת דעם נאַצישן אָנגריף, אין יאָר 1939, אַנטלאָפן מיט אַ סך יידן קיין ביאַליסטאָק. יצחק בהרב האָט אים טאַקע געטראָפן אין ביאַליסטאָק צוזאַמען מיט זיין פרוי חנה און 2 קינדער. נוימאַן האָט, משמעות, גענומען אַ סאָוויעטישן פּאַספּאָרט און איז געבליבן אויפן סאָוויעטיש־אָקופּירטן געביט פון פּוילן און איז מיט דער משפּחה אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

און איצט — עטלעכע ווערטער וועגן די פּערזאָנען, וואָס ווערן דערמאָנט אין דעם ראַפּאָרט פון יוסף גראַוויצקי:

חיים־דוד גאָלדוואַסער, אַ גערער חסיד, געהאַט דעם ספּירט־מאָנאָפּאָל. משמעות געשטאָרבן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

שמואל־לייב האָלאַנד. געווען אַ פערדהענדלער. אומגעקומען מיט דער משפּחה בעת דער נאַצישער הערשאַפט, משמעות אין יאַדעווע, וווּאַהין ער איז אַנטלאָפן פון ווישקאָוו.

חייקל הילער. געווען דער פאַרטרעטער פון וואַרשעווער יידישע צייטונגען. ער מיט דער פרוי אומגעקומען. אַ טייל פון זיינע קינדער זאָלן זיך געפינען אין ישראל.

אברהם רייכמאַן, פון פאַך — אַ שניידער. געווען דער אייגנטימער פון הויז, פון וואַנען מען האָט אַרויסגענומען די מענטשן. ער איז געווען אַ שטיקל צייט אין אַמעריקע, דאָרטן „געמאַכט אַ פּאָר דאָלאַר", צוריקגעקומען און געקויפט דאָס הויז אויפן מאַרק.

משה באַראַק. עס דאַרף זיין באַראַב, ברודער פון יצחק בהרב, זון פון מאָטל שוחט. געווען אַ זייגערמאַכער. אומגעקומען מיט דער משפּחה אין וואַרשעווער געטאָ.

אייזיק־מאיר קרישטאַל. געהאַט אַ געוועלב פון טאַבאַק. אומגעקומען.

משה־מענדל גרינבערג. געהאַט אַ געשעפט פון אייזנוואַרג. די לעצטע יאָרן געוווינט אין אָסטראָלענקע.

יצחק־הערש ביאַליסטאָק, דער בלינדער. אומגעקומען מיט זיין פרוי אין ווישקאָוו, איידער מ'האָט אָנגעהויבן די אַלגעמיינע אויסראָטונגען.

אגב דאַרף צוגעגעבן ווערן, אַז אין יענער צייט האָט ווישקאָוו געגעבן צוויי קרבנות ממש: אונטערן פאָרוואורף פון „דעזערציע" זענען דערשאָסן געוואָרן צוויי יידישע יונגעלייט: אברהם־יצחק דער שניידער, פרידעס אַ זון. דעם נאָמען פון צווייטן וועלן זיך אפשר דערמאָנען אַנדערע ווישקאָווער לאַנדסלייט. דערוווּסט האָט מען זיך דערפון, ווען אין אַ געוויסן טאָג, אַ וואָך־צוויי נאָך דער אויבן־געשילדערטער „זאַבאַווע", האָט דער שטאָט־קאָמענדאַנט אַרויסגערופן דעם מורה־הוראה ר' מענדל ברעסלער, אַז ער זאָל מיט די דאָזיקע צוויי צום טויט פאַראורטיילטע דורכפירן די ווידוי־צערעמאָניע. דערשאָסן האָט מען זיי הינטערן שטאָט.

אגב, דעם דאָזיקן חטא פון „דעזערציע" האָבן עובר געווען אַ סך פּאָליאַקן, אָבער זיי האָט מען אַזוי נישט באַשטראָפט.

✶

צום סוף: עטלעכע ביאָגראַפישע פּרטים פון יוסף גראַוויצקי, וועלכער האָט אָנגעשריבן דעם ראַפּאָרט וועגן מעשה ווישקאָוו, לויט דעם „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור", באַנד 2, ניו־יאָרק 1958.

געבוירן געוואָרן אין וואַרשע דעם 8־טן נאָוועמבער 1900, געשטאָרבן אין ישראל — דעצעמבער 1955. געהייסן לעצטנס יוסף ר ג ב. באַקומען אַ יידישע און אַלגעמיינע דערציאונג. געענדיקט קרינסקיס גימנאַזיע אין וואַרשע און שטודירט אין ווין מלוכה־וויסנשאַפט. פון די יינגסטע יאָרן געווען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. געווען פון די גרינדער און גענעראַל־סעקרעטאַר פון די צעירי־ציון אין פּוילן. אין די יאָרן 1921—1932 — מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט און גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. געווען דעלעגאַט צו אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן אין די דאָזיקע יאָרן. 1928—1932 געווען מיטגליד פון קהילה־ראַט אין וואַרשע. 1932 עולה געווען קיין ישראל; געווען טעטיק אין דער יידישער אַגענץ. פון 1948 ביז זיין טויט — געווען דירעקטאָר פון פּרעסע־דינסט פון דער ישראל־רעגירונג.

# פויליש־באלשעוויסטישער טעראר אין 1920

י. מיטלסבאך
פתח־תקווה

.1

דאס הויז אויף דער פולטוסקער גאס אין ווישקאוו, באַ־קאנט אונטערן נאמען „עפשטיינס האטעל", האט דערפילט א נישט־קליינע אויפגאבע אין דער געשיכטע פונעם יידיש־געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין שטעטל. דער דאזיקער האטעל איז אבער טרויעריק באַרימט געווארן איז יאר 1920, ווען די באלשעוויקעס האבן פאר דער קורצער צייט פון זייער הערשן אין ווישקאוו, פארוואנדלט דעם בנין אין זייער הויפט־שטאב, ווו ס׳האט זיך אויך געפונען די קאמענדאטור, די „טשעקא" און אנדערע אמטן זייערע.

אבער פאר אלעמען איז עפשטיינס האטעל געווען באקאנט מיט דער ביבליאטעק און לייען־זאל, ווו די יוגנט פלעגט זיך צוזאמענקומען אין די אוונטן. ווער עס איז געקומען טוישן א בוך, ווער לייענען א צייטונג (נישט יעדער האט דאן געקאנט אבאנירן א צייטונג און אויך נישט אלע עלטערן האבן דערלויבט זייער קינד לייענען א צייטונג).

פון צייט צו צייט פלעגן אין איינעם פון די לאקאלן פארקומען פארלעזונגען און קעסטל־אוונטן, ווו די רעפערענטן זענען געווען אייגענע חברים: ישראל גאלדוואסער, יחיאל בזשאזע, יורמאן, איטשע שקארלאט, דער געלער אברהם פערדמאן ז״ל, און אנדערע. די לאנגע ווינטערדיקע אוונטן פלעגן מיר זיצן ביי די טישן — ווער ס׳האט געלייענט א בוך אדער א צייטונג און ווער ס׳האט אויף די קליינע טישלעך געשפילט א שאך.

א שטילקייט האט געהערשט אין דעם זאל, אז מען האט געקאנט הערן דאס זשומען פון א פליג. יעדער איז געווען פארטיפט אין דעם ספר אדער צייטונג. דאס צימער איז געווארעמט געווארן דורך דעם גרויסן, ווייסן קאכלאויוון, באפוצט מיט א גזימס פון צוויי לייבן, געפארבטע אויף גאלד...

אונטער דעם זעלבן דאך ווו ס׳האט זיך געפונען די ביבליאטעק און דער לייען־זאל, האט א געוויסער טייל פון די באזוכער געגלויבט, אז פון מזרח וועט קומען די באַ־פרייאונג פאר די אונטערדריקטע, און צווישן זיי — אויך פאר די יידן.

.2

פון צייט צו צייט האט זיך אויך געלאזט הערן דאס זארגלאזע געלעכטער און געזאנג. נאר, ווי געזאגט, איז אין א געוויסן טאג דער גאנצער בנין, צוזאמען מיט זיינע קולטורעלע אינסטיטוציעס, פארוואנדלט געווארן אין דער קאמענדאטור פון דער רויטער ארמיי און „טשעקא". דארט האט מען פארמשפט פיל אומשולדיקע מענטשן, וואס זענען ארויסגעפירט געווארן הינטער דער שטאט און מיט ברוטאלע מיטלען איז אויסגעפירט געווארן דער טויט־אורטייל. צווישן די פארמשפטע האבן זיך געפונען צוויי יידישע בחורים, וועלכע זענען געבראכט געוורן דורך דער „טשעקא" פון ברײנסק: אברהם־יוסף בן אליעזר מישאריק, גזבר פון דער ברײנסקער ציוניסטישער ארגאניזאציע; ישראל (סרוליק) שאפירא, סעקרעטאר פון דער זעלבער ארגאניזאציע. די צוויי בחורים האט מען א פרייטיק נאכמיטאג ארויסגעפירט הינטער דער שטאט, ביי דער אייזערנער בריק, און דארט האט מען זיי דערמארדעט אויף אן אכזריותדיקן אופן: דעם גזבר האבן זיי לעבעדיקערהייט דעם קאפ צעשפליטערט און דעם סעקרעטאר האבן זיי אראפגענומען די הויט פון די פינגער, ווי מען טוט אויס א הענטשקע. דער פאל איז מיר באקאנט דערפאר, ווייל כ׳בין ארעסטירט געווארן נאכן פארטרייבן די באלשעוויקעס, ווען אונדזער געגנט איז באפרייט געווארן. אין דער שטאט אסטראווע זענען געווען פארזאמלט טויזנטער פליטים, וואס האבן געשטרעבט צו דערגרייכן קיין רוסלאנד. נאכן זיג פון דער פוילישער ארמיי, האבן אלע יידישע יינגעלייט זיך באדארפט מעלדן אין מאגיסטראט, כדי צוריק־געשיקט ווערן אין זייערע שטעט. אויך איך בין געווען צווישן אונדזערע ווישקאווער, וואס האבן דעם באפעל אויס־געפירט און זיך פארשריבן. מ׳האט אונדז מיט א ציווילער וואך געפירט ביז ווישקאוו. דא איז באשטימט געווארן דער גורל פון יעדן איינעם.

צענטליקער יינגעלייט זענען פארהאלטן געווארן ביז א משפט. איך מיט אברהמל רובין (אלתר רובינס זון, דער גראבינקער) זענען געווען נאענטע חברים פון קינדרוייז אויס — און איצט באדארפט געמשפט ווערן דורך א פעלד־געריכט, אין גימנאזיום אין סענאטארס גארטן. דארט בין איך פון אים געווארן וועגן אורטייל איבער די צוויי בריאנסקער יידן, ווייל ער איז געווען אין דער מיליץ. רובין איז פארמשפט געווארן אויף 10 יאר תפיסה. איך בין דאן געווען מינדעריעריק, האט מען מיך אוועקגעפירט קיין ווארשע. דאס זעלבע געריכט האט אויך געפסקנט טויט־שטראף דריי יונגעלייט. דעם אורטייל האט מען אויסגעפירט הינטער די פענצטער פון דער גימנאזיע. די דריי פארמשפטע זענען געווען: יעקב (ישראל שניידערס זון), וועלכער האט געטענהט פארן פעלד־געריכט: „יא ניע כצען סלוזשיטש" („כ׳וויל נישט דינען"). די אנדערע צוויי זענען געבראכט געווארן פון דעם שטעטל יאדאווע. איינעם פון זיי האב איך



מצבה פון די צוויי בריאנסקער קדושים, וועלכע זענען אומשולדיק דערשאסן געווארן דורך די באלשעוויקעס אין יאר 1920. דער ערשטער רעכטס: חיים־נתן ווענגראוו ז״ל, וואס א דאנק זיין איניציאטיוו זענען די גופים פון די דערשאסענע איבערגעפירט גע־ווארן פון קריסטלעכן אויפן יידישן בית־הקברות אין ווישקאוו.

מצבת שני קדושי בריאנסק, שנורו על לא חמס בכפם ע״י הבולשבי־קים בשנת 1920. מימין: חיים־נתן ונגרוב ז״ל, שלפי יוזמתו הועברו גופות החללים מבית־הקברות הנוצרי לבית־עלמין יהודי בווישקוב.

פּערזענלעך געקענט: ער האָט געהייסן יאַנקל זשעלעניק, דער איינציקער פון די אַלטע רעוואָלוציאָנערע קעמפּער פון יאָר 1905. ער איז נישט איבעראַשט געוואָרן, ווען ר׳האָט באַקומען דעם טויט־אורטייל. די, וועלכע וואָס האָבן זיך מיט אים געפינען אין דעם זעלבן זאַל, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זיך נישט לאָזן פירן צו דער עקדה ווי אַ שעפּעלע. ווי נאָר מ׳האָט אים אַרויסגענומען פון צימער צום שיסן, האָט ער זיך גלייך אַ קער געגעבן אין דער זייט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן. און אַזוי איז ער מיטן אויסגעשריי „איך האָב איבערגעלאָזט מיין איינציק טעכטערל" — דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

.3

איידער די קריג מיט די באָלשעוויקעס איז אויסגעבראָכן, האָטווישקאָוו געהאַט די ערע צו הערן אַ פאָרטראַג פון פּרץ מאַרקיש איבער ישו. צוליב דער באַלדיקער מסירה פון דער פרוי קאָזלאָווסקאַ, וועלכע האָט רעפּרעזענטירט דעם צענזאָר, האָט מען פאַרהאַלטן אַלע מענער, וועלכע האָבן בייגעוווינט די פאָרלעזונג. אַ טייל פון די אָנוועזנדע איז געווען אַקטיוו אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס און ביי זיך געהאַט אומלעגאַלע שריפטן. ווער עס האָט נאָר געהאַט ביי זיך רשימות פון פּערזאָנען, האָט די רשימות צעקייט און אַראָפּגעשלינגען. איך האָב דאַן אויך געהאַט אַ רשימה פון די לייענער פון דער יוגנט־צייטונג „פרייע צוקונפט" — און די ליסטע אויף שנעל צעקייט און אַראָפּגעשלינגען. יחיאל בזשאָזען איז איינגעפאַלן אָנצוטאָן מאַרקישן אַ דאַמען־מאַנטל און אים אַרויספירן דורך דער הינטער־טיר.

די דערמאָנטע קאָזלאָווסקאַ איז אויך געווען שולדיק אין שווערן אורטייל איבער אברהם רובין. ווען מיר האָבן אַדורכגעמאַכט די קאָנטראָל, וואָס איז פאָרגעקומען אין גאָרטן פון די פייערלעשער־רעמיזע, האָט זי אָנגעוויזן אויף רובינען, אַז ער האָט אָנטיילגענומען אין דערשיסן פּאָליאַקן וואָס זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן פּוילישן צמענטאַזש.

# אַ דערמאָנונג פון „יענעם יאָר"

ליבער וויגאַדאַ
תל־אביב

(לזכר מיין פאָטער ישראל, מיין מוטער חיה, מיין ברודער יהודה און דעם באַליבטן מענדל מורה־הוראה)

די באָלשעוויסטישע אינוואַזיע אין יאָר 1920 האָט דערגרייכט אויך קיין ווישקאָוו. די ערשטע „ראַזוויעדקע" (אויסשפּיר־אָפּטיילונג) פון דער רויטער אַרמיי האָט זיך באַוויזן אויף דער קאָשטשושקע־גאַס, ווו מיר האָבן געוווינט. גאָר נאָענט האָט זיך געפונען די פּוילישע זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט באַוויזן צו אַנטלויפן ממש עטלעכע מינוט פאַרן אָנקום פון די באָלשעוויקעס. כדי צו פאַרדעקן די חרפּה פון אַנטלויפן, האָבן די פּאָליאַקן געשלאָגן יעדן ייד וועלכן זיי האָבן געטראָפן אויפן וועג. האָבן יידן זיך פאַרשפּאַרט אין די הייזער. אין אַזאַ צייט האָט יעדער געהאַלטן פון „אשרי יושבי ביתך..."

אין יענע אומרואיקע טעג איז אין אונדזער שטוב געבוירן געוואָרן מיין ברודער יהודה. מיין אָפּגעשוואַכטע מוטער איז נאָך געלעגן אין בעט און דער פאָטער איז געווען באַזאָרגט: ווי אַזוי יידישן דאָס קינד? איך און מיין יונגערער ברודער ראובן זענען דערפאַר געווען פריי פון די עלטערנס אויפזיכט. מיר האָבן געוואָלט וויסן וואָס טוט זיך אין דרויסן. דורך דער שפּאַרע פון דער קוים געעפנטער טיר, האָבן מיר געזען ווי רוסישע זעלנער, באַוואָקסענע און שלעכט אָנגעטועטע, דערנענטערן זיך צו אונדזער שטוב מיט רשימות אין די הענט. מיר האָבן שנעל פאַרמאַכט די טיר און באַלד געהערט אַ קלאַפּ. מיין פאָטער האָט געעפנט די טיר און זיי האָבן אים געפרעגט אויף רוסיש ווו איז דאָס הויז פון דער זשאַנדאַרמעריע. אויף דעם ענטפער, אַז אַ ביסל ווייטער איז דאָס הויז וואָס זיי זוכן, האָבן זיי פאַרלאַנגט אַז עמעץ פון די קינדער זאָל זיי באַגלייטן און ווייזן דאָס אָרט. נאָך אַ פאַרזיכערונג, אַז ס׳וועט מיר גאָרנישט געשען, האָט מיין פאָטער דערלויבט מיר מיטגיין מיט די זעלנער.

די גאַס איז געווען ליידיק און שטיל — ווי אויף אַ בית־הקברות. איך בין בשלום צוריקגעקומען אַהיים. דאָ האָט מען זיך געגרייט צו דער ברית־מילה פונעם ניי־געבוירענעם קינד. אמת, מיין פאָטער האָט נאָך נישט געוווּסט פונוואַנען וועט ער נעמען אַ מנין יידן. ביי דער אומזיכערער לאַגע אין שטעטל איז געווען קלאָר, אַז נישט יעדער איינער וועט איצט וועלן אַרויסגיין אין גאַס, אַפילו אויף צו טאָן אַזאַ מצווה. מיין מוטער האָט געעצהט צו ווענדן זיך צו מענדל מורה־הוראה, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון אונדז. ער האָט טאַקע גלייך מסכים געווען און באַפוילן צוגרייטן אַלץ וואָס ס׳איז נייטיק — און אין זכות פון אברהם אבינו וועט דער אייבערשטער העלפן...

צומאָרגנס האָבן די פאַרבעטענע שכנים און געסט פאַרגעסן אין דער געשפּאַנטער און אומזיכערער לאַגע אין שטעטל און געקומען צו אונדזער שמחה. מ׳האָט געטרונקען „לחיים" און זיך געווונטשן מזל־טוב און — בעסערע צייטן. דער מורה־הוראה (ר׳ מענדל ברעסלער) איז געווען סנדק. אינמיטן דער שמחה האָבן זיך דערהערט שטאַרקע קלעפּ אין טיר. פון יענער זייט האָט מען געשריגן אויף רוסיש: „עפנט אויף!" אַלע זענען געבליבן ווי פאַרשטיינערט. בלויז ר׳ מענדל איז געזעסן רואיק אויף זיין אָרט און האַלטנדיק דאָס קינד, האָט ער אַלעמען באַרואיקט. מיין פאָטער האָט זיך נישט פאַרלוירן, נאָר צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי געעפנט. צוויי אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי זענען אַריין אין שטוב און געפרעגט: „וואָס איז דאָ פאַר אַ ,פּראַזדניק׳ (יומטוב)?" מיין פאָטער האָט אָנגעוויזן אויף דער קימפּעטאָרין אין בעט און זיי דערקלערט, אַז היינט, אויפן אַכטן טאָג פון געבוירן אַ בן־זכר, פּראַוועט מען ביי יידן דעם ברית־מילה...

די אָפיצירן האָבן רואיק אויסגעהערט די אויפקלערונג, יעדן איינעם גוט אָנגעקוקט — און דערלויבט ווייטער אָנצוגיין מיט דער שמחה. אויך די האַלטונג פון די געסט האָט, אַ סברה, געווירקט באַרואיקנדיק אויף די אָפיצירן. אַלע אָנוועזנדיקע האָבן פריי אָפּגעאָטעמט, ווען די רויטאַרמייער האָבן פאַרלאָזט די שטוב און דערנאָך געלויבט זייער פיינע האַלטונג און מענטשלעכע באַציאונג.

# ווישקאָווער דערינערונגען

ישראל גראַנאַט
תל־אביב

1920

כ׳בין דאַן אַלט געווען 10 יאָר. ווען די רויטע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן פון וואַרשע, זענען צוזאַמען מיט איר אַנטלאָפן קיין מזרח אַ 400 יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אַריינפאַלן צו די פּאָליאַקן. ביי אָסטראָווּ־מאַזאָוויעצק האָט מען אָבער אַלע געכאַפּט און צוריקגעבראַכט קיין ווישקאָוו, ווו מ׳האָט זיי געפירט איבער דער שטאָט מיט אַ טריומפאַלער מינע, פאַרשפּאַרט אין סענאַטאָרס גאָרטן און דאָרט זיי געפּייניקט.

כ׳בין געווען נייגעריק צו זען וואָס מ׳טוט מיט זיי. כ׳בין אַרויף אין דער ווייבער־שול פון קליינעם בית־המדרש און פון דאָרט אָבסערווירט אַלץ וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין גאָרטן:

אַלע אַרעסטירטע זענען געווען אויסגעזעצט אויף דער ערד. אינמיטן איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, צו וועלכן מ׳האָט, לויט דער ריי, צוגעפירט יעדן באַזונדער. די יידן זענען געשלאָגן געוואָרן פון ביידע זייטן — מיט דרענגער און שטעקנס, וואָס פּאָליאַקן האָבן געהאַט אָנגעגרייט. נאָך דריי טעג אָפּהאַלטן אין אַרעסט, האָט מען זיי אַלע באַפרייט. מ׳האָט נאָר פאַרהאַלטן די דעזערטערן פון פּוילישן מיליטער, וועלכע מ׳האָט אָפּגעפירט אין געריכט, ווו מ׳האָט זיי געפרעגט צי זיי ווילן דינען אין דער אַרמיי. אַלע האָבן געענטפערט „יאָ”, נאָר איינער האָט געענטפערט „ניין”. דאָס איז געווען פרידער אברהם, יצחק שניידערס זון. דאָס געריכט האָט אים פאַרמשפּט צום טויט און מ׳האָט אים דערשאָסן אין סענאַטאָרס גאָרטן און דאָרט באַגראָבן. ערשט אין אַכט טעג אַרום האָט אים די חברה קדישא געבראַכט צו קבר־ישראל.

נאָך דריי יידן זענען דערהרגעט געוואָרן אויפן וועג פון אָסטראָוו. די באָלשעוויקעס האָבן זיי מיטגעגעבן אויפרייס־מאַטעריאַל, וואָס האָט אויפן וועג אויפגעריסן און אומגעבראַכט די ווישקאָווער יידן:

רייכמאַן, זון פון אברהם־משה;
בראַק, זון פון נחום סטאָלער;
סאַנע שוסטער, חיה־נעשעס מאַן.

1924—1921

אין די ערשטע יאָרן פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט זענען אין שטעטל אַנטשטאַנען פיל פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. די אַרבעטער־יוגנט גרופּירט זיך ביי לינקע פּועלי־ציון, ווו דער



פאַרוואַלטונג פון דער פאָלקס־שול ציש״אָ
ועד בית־הספר עממי של ציש״אָ

אָנפירער איז געווען צעמבאַל; ביים „בונד” — אונטער דער אָנפירערשאַפט פון שמחה־יעקב ווענגראָוו; ביי די קאָמוניסטן — אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דזבאַנעק. ס׳זענען אויך אַנטשטאַנען די פּאַרטייען פון אַלגעמיינע ציוניסטן און רעכטע פּועלי־ציון.

די אַרבעטער־יוגנט איז דער עיקר „געלאָפן” צו לינקע פּועלי־ציון און קאָמוניסטן. דער פריער דערמאָנטער דזבאַנעק האָט דערנאָך געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל אין דער וואַר־



פּועלי־ציון אין 1919 פועלי־ציון ב־1919

שעווער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווו ער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקע פּאָזיציע. אין יאָר 1940 ווערט ער דורך די סאָוויעטן אַרעסטירט אין מאַנישעוויטש (אוקראַינע). באַשולדיקט אין טראָצקיזם — ווערט ער פאַרמשפּט צום טויט.

ווישקאָוו האָט אַרויסגעגעבן נאָך אַן אָנגעזעענעם טוער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג: חיים טרעמבלינסקי. אין יאָר 1939, ביים אויסברוך פון דער מלחמה, ווערט ער באַפרייט. כ׳האָב זיך מיט אים געטראָפן אין ביאַליסטאָק. וואַרשיינלעך איז ער אין לעמבערג אַרעסטירט געוואָרן און מ׳ווייסט נישט וועגן אים ביזן היינטיקן טאָג. מיר איז באַקאַנט, אַז טרעמבלינסקי איז געווען פון סטאַלינס פאַרטרויאונגס־מענער אין פּוילן און ער האָט עס סטאַלינען מיטגעהאָלפן צו ליקווידירן אַ גאַנצע ריי זיינע קעגנער צווישן די פּוילישע קאָמוניסטן.

1930—1925

אויף דער שקאָלנע גאַס האָט עקזיסטירט אַ געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער, ווו ס׳האָבן זיך געלערנט יוגנטלעכע, אָפּשטאַמיקע פון אַרבעטער־משפחות, וועלכע האָבן כמעט נישט געהאַט קיין עלעמענטאַרע בילדונג. די קורסן זענען געפירט געוואָרן אין 3 קלאַסן. איך האָב געלערנט אין דריטן קלאַס (פאָרגעשריטענע). די קורסן זענען געפירט געוואָרן דורך די לערער:

ראָזענבלאַט — יידיש;
וויסטענעצקי חנה — פּויליש;
גאָלדוואַסער ישראל — נאַטור־וויסנשאַפט.

די דאָזיקע אינסטיטוציע איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך לינקע פּועלי־ציון און האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1928.

אין דעם זעלבן יאָר איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע

שול־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער ס׳האָבן מיטגעאַרבעט: לינקע פועלי־ציון, בונד און קאָמוניסטן. די פאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פון די חברים:

פאָסטאָלסקי שייקע, רינעק מאָטל, רינעק הערשל, פאַכט נאָטע, צעמבאַל אהרון, צעמבאַל ישראל־משה און אָסטראָוויאַק ביינ׳יש.

ביי דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט אַ דראַמאַטישער קרייז, אין וועלכן ס׳האָבן אָנטייל גענומען:

שקאַרלאַט ישראל, פאָסטאָלסקי שייקע, יצחק שייגא, סאַפירשטיין מאָטל, קראַזא חנה, מאַרקוסכאַמער משה און אַנדערע.

פון צייט צו צייט האָבן זיי געשפּילט טעאַטער. דער איינקונפט איז געווען באַשטימט פאַר דער שול־אָרגאַניזאַציע.

דער יידישער ספּאָרט־קלוב, ביי דער שול־אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ברוך כוטניצקי, האָט געפירט אַ לעבהאַפטע ספּאָרט־טעטיקייט.

די שול־אָרגאַניזאַציע אין ווישקאָוו האָט עקזיסטירט ביי אַ 3 יאָר. צוליב די אינערלעכע פּאַרטיי־רייסערייען, וועלכע האָבן נישט איינמאָל דערפירט צו דער אינטערווענץ פון די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען, און מיט דער הסכמה פון דער ציש״אָ אין וואַרשע, איז די שול אויפגעלייזט געוואָרן אין יאָר 1930.

יענעם יאָר איז אַנטשטאַנען דער יידישער אַרבעטער



אַרבעטער ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן״, 1925
מועדון לספורט „מורגנשטרן״, 1925

ספּאָרט־קלוב „שטערן״, ווו איך בין געווען אַ מיטגליד. געשפּילט און געאיבט האָבן מיר נאָר אין שבת, ווייל דאַן זענען מיר געווען פריי. דערויף האָט די אָרטיקע שומרי־שבת רעאַגירט זייער שאַרף און אויסגערופן אַ חרם. אין בית־המדרש איז געמאָלדן געוואָרן, אַז יעדן מחלל־שבת׳ניק וועט מען נאָכן טויט באַגראָבן הינטערן פּאַרקן...

אין שטעטל האָט געאַרבעט אַלס בעקער אַ געוויסער חנא־יידל. ער איז געווען אַ מיטגליד אין „שטערן״. איינמאָל אין אַ שבת, בעתן באָדן זיך אין טייך, איז ער דערטרונקען געוואָרן. אַזוי ווי ער איז געווען אַ מחלל־שבת׳ניק, האָט חברה קדישא באַשלאָסן אים צו באַגראָבן הינטערן פּלויט. די גאַנצע שטעטלדיקע יוגנט, פון רעכטס ביז לינקס, האָט זיך אָרגאַניזירט און נישט געוואָלט דערלאָזן צו דער חרפּה. ס׳איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פּאָליציי פון פּאָוויאַט און אונטער אַ שטאַרקער וואַך, איז דער באַשלוס פון דער חברה קדישא יאָ רעאַליזירט געוואָרן. מ׳האָט אים באַגראָבן הינטערן פּלויט. אָבער דאָס איז געווען דער ערשטער און לעצטער פאַל אין ווישקאָוו.

1935—1930

אין דאָזיקן פעריאָד האָט געהערשט אַ שטאַרקע געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג ביי דער יידישער יוגנט אין פּוילן, און במילא — אויך אין אונדזער שטעטל. צו יענער צייט האָב איך געאַרבעט אַלס נאָדל־אַרבעטער אין וואַרשע. איך פלעג זיך אָפט אַראָפּכאַפּן קיין ווישקאָוו, ווו כ׳האָב צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע חברים, אָרגאַניזירט די ערשטע פאַרזאַמלונג פון די נאָדל־אַרבעטער, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַלד. ס׳זענען געווען אָנוועזנד ביי אַ 150 פּערזאָן. אויף אָט דער פאַרזאַמלונג זענען אויסגעוויילט געוואָרן צוויי אינסטאַנצן: אַ פאַראיינס־פּאַרוואַלטונג און אַ יוגנט־פאַרוואַלטונג. אין דער ערשטער אינסטאַנץ זענען אויסגעקליבן געוואָרן:

גראַנאַט ישראל, טשערוואָנאַגוראַ יואל, פּאָפּאָווסקי אַלטער, מאַרקוס סימע, זוזעל שרה, גערשאָנאָוויטש שמחה און שעראַק פּנחס.

אין דער יוגנט־פאָרוואַלטונג: שיקאָר יחיאל, גאַרנעק חיים, זעלטמאַן יוסף, גורשטיין פייוול, קאַרטאָפעל, גרושקאַ, קאָן מנוחה.

די ערשטע אויפגאַבע איז געווען — רעגולירן דעם אַרבעטס־טאָג. ביז דאַן האָט מען געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן פון פרי ביז נאַכט, אָן אַ חשבון. אַ דאַנק דער אַקציע פון פאַראיין, איז דער אַרבעטס־טאָג איינגעשטעלט געוואָרן אויף 8 שעה.

די צווייטע אויפגאַבע איז געווען: קאַמף קעגן מיטל־אַלטערלעכן צעכן־געזעץ, וועלכער איז אין דער ערשטער ריי געווען געווענדעט קעגן יוגנטלעכן אַרבעטער און אים פּשוט פאַרשקלאַפט. צוליב דעם איז אויסגעבראָכן אַ שטרייק, וועלכער האָט געדויערט 4 וואָכן און זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן זיג. אין רעזולטאַט דערפון, איז דער צעכן־געזעץ נישט געווען חל ביי אונדז אין שטעטל.

דער פאַראיין האָט געפירט אַ ברייטע קולטורעלע טעטיקייט צווישן דער אַרבעטער־יוגנט. אַלע שבת זענען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען און רעפעראַטן. מ׳האָט איינגעאָרדנט קעסטל־שמועסן, ווו מ׳האָט ברייט דיסקוטירט וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען. ס׳זענען אַרויסגעטרעטן חברים מיט פאַרשידענע מיינונגען.

אין ווישקאָוו האָבן עקזיסטירט כמעט אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען: לינקע פועלי־ציון — בראש מיט וואָלמאַן און פּאָפּאָווסקי; פון בונד — אברהם יעדוואָב; פון די קאָמוניסטן — פרידער. געווען אויך טעטיק דער השומר־הצעיר און הפועל־המזרחי. דער החלוץ האָט געפירט זיין הכשרה־טעטיקייט.

דער אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג

כ׳בין דאַן געווען אין וואַרשע. דעם 5־טן סעפּטעמבער 1939 בין איך אָנגעקומען קיין ווישקאָוו. די שטאָט ווערט אומאויפהערלעך באָמבאַרדירט. ס׳זענען שוין דאָ געהרגעטע. דער ערשטער קרבן איז געפאַלן חיים זילבערבערג, ווען ער איז געגאַנגען פון וואָקזאַל. ס׳ברעכט דאַן אויס אַ גרויסע פּאַניק. ביי אַ 60 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג אַנטלויפט קיין יאַדאָוו און וועגראָוו. די אַנדערע איינוווינער האָבן זיך אַזוי לאַנג אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס, ביז די דייטשישע אַרמיי האָט פאַרנומען די שטאָט. גלייך נאָכן אַריינמאַרש פון די היטלעריסטן קיין ווישקאָוו, זענען אַלע יידן קאָנצענטרירט געוואָרן אויף די פּאַרצעלעס, ווו מ׳האָט

אויפן אָרט דערשאָסן 10 מאַן. די פרויען און קינדער ווערן צוריקגעשיקט אַהיים און די אַרבעטס־פעיקע מענער — קיין פולטוסק. די אַלטע לייט האָט מען דערשאָסן.

ביי אַ 300 יידן זענען געטריבן געוואָרן ביז פּאָפּליוועס הינטער פולטוסק. דאָרט האָט מען זיי געצוווּנגען אויסצוגראָבן גריבער און זיי שפּעטער דערמאָרדעט. אַזוי ווי כ'האָב ס'לעצטע יאָר פאַר דער מלחמה געוווינט אין פולטוסק, בין איך נאָך ראש־השנה אַוועק אַהין. דאָרט האָט מען מיר דערציילט וועגן דער טראַגעדיע און לעצטע מינוטן פון די ווישקאָווער יידן.

קדושים און קעמפער

די לעבנגעבליבענע יידן פון ווישקאָוו זענען זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן. אַ טייל — קיין רוסלאַנד, נאָר זיי זענען דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן אין די סיבירער געגנטן. אַנדערע זענען אַוועק אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי ווענגראָוו, יאַדאָוו און אַנד.

איך האָב זיך געראַטעוועט קיין רוסלאַנד, געווען אין סיביר, ווו אַ טייל פון די פאַרשיקטע ווישקאָווער איז אויסגעשטאָרבן:

אַלטמאַרק אַבע מיט זיין פרוי; צימעט דוד־יוסף; שמעון אַלטמאַרק מיט זיין פרוי; האָלאַנד ביינish מיט זיין פרוי.

נאָך דער באַפרייאונג פון סיביר זענען עטלעכע ווישקאָווער יידן געשטאָרבן אין טורקעסטאַן פון פאַרשידענע עפּידעמיעס:

האָלאַנד פייגע־צירל; קיריס שמעון; דאָברעס; האָלאַנד שרה־רויזע; זוזעל אברהם.

פיל ווישקאָווער יידן האָבן אָנטיילגענומען אין די פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן: פילער פייוול; פילער רחל; ניימאַן שמחה־משה; די פאַמיליע יאַנאָוויטש.

# ווישקאָוו אין ליידן און אין פריידן

מ. ראַבין
ניו־יאָרק

מיין אַרטיקל „ווישקאָוו אין ליידן און אין פריידן" פרעטענדירט נישט צו זיין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן יידישן לעבן אין ווישקאָוו אין דער עפּאָכע צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמות. דאָס ווישקאָווער יידנטום, אַלס אַ טייל פונעם גאַנצן פוילישן יידנטום, איז אין די אַנטוויקלונגען און ענדערונגען מיטגעגאַנגען מיטן יידישן שטראָם פון גאַנץ קאָנגרעס־פוילן.

.1

מיט דער דייטשישער אָקופּאַציע פון פוילן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אָפּגעשטאָרבן געוואָרן דאָס גאַנציִ עקאָנאָמישע לעבן אין פוילן און שטאַרק געטראָפן אויך ווישקאָוו; דער האַנדל האָט זיך אָפּגעשטעלט, די פויערים זענען נישט געקומען אין שטעטל. זיי האָבן נישט געהאַט וואָס צו קויפן און האָבן אויך מורא געהאַט צו ברענגען זייערע פּראָדוקטן צום פאַרקויפן, אַז די דייטשן זאָלן עס נישט צונעמען.

אַלץ איז פאַרבאָטן געוואָרן אַריינצופירן און אַרויספירן; אַלץ איז געווען טריף און האָט געהייסן „שמוגל"; די פרייזן האָבן זיך געהויבן. די, וואָס האָבן נאָך געהאַט אַ ביסל געלט, האָבן געקאָנט צאָלן די הויכע פרייזן און די וואָס האָבן נישט געהאַט פאַרוואָס — און מיט וואָס — צו שמוגלען, האָבן דורכגעמאַכט אַ ביטער לעבן. אונטערהונגערן איז געווען אַ געוויינלעכע זאַך.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אויסצופּליענדערן פוילן. אַלץ, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ ווערט, האָבן זיי גענומען אַרויסציִען קיין דייטשלאַנד. אַפילו זשיווויצע איז פאַר זיי אויך געווען אַ סחורה... ווי היישעריקן זענען זיי באַפאַלן דעם ווישקאָווער וואַלד, געמאַכט גרויסע ווונדן אין אַ גרויסער צאָלביימער, כדי אָפּצוציִען די זשיווויצע. דער ווישקאָווער וואַלד איז געשטאַנען אַ פאַרוואונדעטער, אַן אָפּשטאַרבנדיקער, אַזוי, אַז שפּעטער האָט מען געמוזט אויסהאַקן די אָפּגעשטאַרבענע ביימער... נאָר דער וואַלד האָט ווי פאַרשוווירן זיין יונגן דור, די יונגעביימלעך, זיי זאָלן שנעל וואַקסן, ווייל דאָ מוז זיין אַ וואַלד. און אַ וווּנדער — וועלדער וואַקסן געוויינלעך לאַנגזאַם, אָבער דער ווישקאָווער וואַלד איז צוריק געוואָרן וואַלד... אין עטלעכע יאָר אַרום איז אויסגעוואַקסן אַ יונגער, געדיכטער וואַלד.

.2

דעם סענאַטאָרס גאָרטן האָבן די ווישקאָווער יידן געקאָנט זען דורך די שפּאַלטן פון דעם פּאַרקן אַרום דעם גאָרטן און זיי האָבן געהאַט וועגן אים פאַרשידענע פאַנטאַזיעס: וועגן זיינע סאָרטן ביימער און בלומען, וואָס מען האָט זיי געוויס געבראַכט פון פאַרשידענע מדינות און זיי אין גאָרטן פאַרפלאַנצט; וועגן די פאַרשידענע פייגל וואָס מען ווייסט גאָרנישט זייערע נעמען און שפּרענגען דאָרט אַרום ווי אין גן־עדן התחתון. האָבן די דייטשן געעפנט דעם פּאַרקן, איינגעאָרדנט דאָרט זייער קאָמענדאַנטור און דער גאָרטן איז פאַר ווישקאָווער יידן געוואָרן אַ גהינום התחתון: אַהין זענען געגאַנגען יידן, מענער און ווייבער, פאַרוויינטע און פאַרקלאָגטע, אָפּבעטן די גזירות וואָס פלעגן יעדן טאָג אַרויסגעגעבן ווערן פון דער דייטשישער מאַכט.

אָבער אין דערזעלבער צייט וואָס זיי האָבן באַהערשט פוילן און זי עקאָנאָמיש פאַרשקלאַפט, האָבן די דייטשן געגעבן פוילן אַזעלכע פּאָליטישע פרייהייטן צו וועלכע מען איז פאַרן צאַריזם נישט געווען געוווינט: עס האָבן זיך גענומען גרינדן פּאַרטייען און געזעלשאַפטן אויף אַ לעגאַלן אופן...

.3

ווען די דייטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט מיט זייער פראָנט ביי די פינסקער זומפּן, האָבן זיי פון דאָרט עוואַקואירט אַ גרעסערע צאָל יידן און זיי געשיקט טיפער קיין פוילן. אַ טייל פון די עוואַקואירטע האָבן זיי פאַרשיקט קיין פולטוסק און ווישקאָוו. די דייטשן האָבן זיי גערופן „פליכטלינגע", אָבער די יידן האָבן זיי גלייך באַצייכנט מיטן ריכטיקן נאָמען: „היימלאָזע"...

איך דערמאָן זיך דעם טאָג, ווען די היימלאָזע זענען

אומדערוואַרטעט געבראַכט געוואָרן קיין ווישקאָוו. ממש אין פאַרלויף פון מינוטן איז אָנגעזאָגט געוואָרן אין שטעטל, אַז מען האָט געבראַכט היימלאָזע יידן און מען זאָל פאַר זיי ברענגען עסן אין בית־המדרש אַריין. האָט מען גענומען טראָגן עסן פון אַלע זייטן. די אָרעמסטע האָבן אָפּגעריסן פון זייערע בידנע מאָלצייטן און מען האָט אָנגעבראַכט אַזויפיל עסן, אַז מ׳האָט געקאָנט זאַט מאַכן נאָכאַמאָל אַזויפיל היימלאָזע. די ווישקאָווער יידן האָבן די היימלאָזע „אויסגעכאַפּט" אויף נאַכטלעגער און שפּעטער האָט מען זיי איינגעאָרדנט אין וווינונגען.

צווישן די היימלאָזע האָבן זיך געפונען עטלעכע אינטעליגענטע יונגעלייט. די היימלאָזע יידן, ווי בכלל פון ליטע און ווייסרוסלאַנד, זענען געגאַנגען אייראָפּעיש געקליידעט און ווישקאָווער יידן האָבן דערזען, אַז אַ ליטוואַק איז נישט קיין „צלם־קאָפּ", אַז מען קאָן גיין אָנגעטאָן ווי אַ „דאַאַטש" און גוט קאָנען אַ בלאַט גמרא...

ווישקאָווער בחורים זענען נאָך געגאַנגען דאַן כמעט אַלע לאַנג געקליידעט. די גרופּע אינטעליגענטע יונגעלייט האָבן דירעקט און אומדירעקט אָנגעהויבן צו האָבן אַ געוויסע השפּעה אויף דער ווישקאָווער יוגנט. אַ פּאָר היימלאָזע האָבן געעפנט אַ מאָדערנעם חדר, כמעט ווי אַ שול. עטלעכע האָבן געגעבן לעקציעס אין די הייזער און ווישקאָווער יוגנט האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אינערלעך ווי אויסערלעך ווערן וועלטלעכער, רייפער. מען האָט איינגעאָרדנט קעסטל־אָוונטן פאַר פראַגן און ענטפערס, מען האָט געגרינדעט אַ ביבליאָטעק, געמאַכט פאַרזאַמלונגען פאַר דער יוגנט, און ווי געוויינלעך — ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן פאַרטייען און געזעלשאַפטן.

.4

דער ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט איז געווען פון דער ספּאָרט־געזעלשאַפט „מכבי". מיידלעך אין ווייס־בלויע קליידונג און ייִנגלעך אין „מכבי"־היטעלעך האָבן אין אַ שיינעם זוניקן טאָג ערגעץ אין אַ גאָרטן גענומען מאַכן גימנאַסטישע איבונגען און דאָס שטעטל איז געלאָפן ווי אויף אַ בייז



„מכבי"־ספּאָרטלער אין ווישקאָווער וואַלד
ספורטאי „מכבי" ביער וישקוב

וווּנדער אָנקוקן דעם אוניפאָרמירטן יידישן חיל... זיך צוגעקוקט מיט גרויס אינטערעס צו זייער קליידונג און צו זייערע איבונגען. נישט אַלע ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן זיך באַוויזן פאַר דער עפנטלעכקייט אין דער „מכבי"־קליידונג, האָבן ריזיקירט אַהיימצוגיין נעכטיקן, ווייל זיי האָבן געוווסט וואָס זיי דערוואַרט אין דער היים פון זייערע עלטערן... אָבער ביסלעכווייז האָבן זיך טאַטע־מאַמע צוגעוווינט צו דעם און באין־ברירה האָבן ווישקאָווער חסידישע יידן גענומען ווערן טאָלעראַנטער צו דערשיינונגען פון דער נייער צייט.

אין וואַרשע האָבן גענומען ווערן טעטיק די ביכער־פאַרלאַגן (קיין צענזור איז מער נישט געווען). מען האָט גענומען אַרויסגעבן אַ סך ביכער. ס׳האָט אויפגעבליט אַ יידישע פּרעסע פון פאַרשידענע ריכטונגען. עטלעכע ווישקאָווער בחורים האָבן גענומען ברענגען יעדן טאָג אַ גרעסערע צאָל יידישע צייטונגען. ווען איינער האָט געקויפט אַ צייטונג, האָבן זי צען געלייענט, אַזוי, אַז אויך דער חסידישער עולם איז געוואָרן אַ צייטונגס־לייענער און אָנגעהויבן צו ווערן פאַרבונדן מיט דער וועלט און צייט, און ביסלעכווייז גענומען אַרויסקריכן פון זייערע חסידישע ווישקאָווער ד׳ אמות...

די יוגנט האָט געלייענט אַ סך פּאַרטיי־ליטעראַטור און ביכער און די דיסקוסיעס איבער פאַרשידענע פראַגן האָבן פאַרנומען דעם גרעסטן פּלאַץ אין יוגנטלעכן לעבן. עס האָבן זיך געשאַפן אָרגאַניזאַציעס פון כמעט אַלע פּאַרטייען אין פּוילן. הגם קיין גרויסן יידישן פּראָלעטאַריאַט האָט ווישקאָוו נישט געהאַט, האָט דאָס נישט געשטערט צו גרינדן אָרגאַניזאַציעס מיט פּראָגראַמען און נעמען פון די אַרבעטער־פּאַרטייען אין פּוילן.

.5

מיט דער גרינדונג פון די פּאַרטייען איז מיטאַמאָל אָפּגעווישט געוואָרן די מחיצה פון שטאַנדן, וואָס האָט יאָרנלאַנג אָנגעהאַלטן אין יידישן לעבן בכלל און אין די שטעטלעך בפרט. אַ באַלעבאַטיש קינד האָט זיך נישט געחברט מיט אַ קינד פון אַ בעל־מלאכה (אַ באַלעבאַטיש קינד האָט געהייסן יעדער, וועמענס טאַטע האַלט נישט קיין האַמער אָדער נאָדל אין האַנט. און אַזוי־ווי דאָס זענען געווען די גרעסטע צאָל ווישקאָווער יידן, זענען במילא די באַלעבאַטישע קינדער געווען אַ רוב). זיך לערנען אַ מלאכה פאַר אַזאַ קינד איז נישט געווען פּאַסיק, האָבן זיך די גרעסטע צאָל יוגנטלעכע אַרומגעדרייט ליידיק. אָבער דער איבערברוך איז געקומען מיטאַמאָל — הגם די פּסיכאָלאָגיע האָט זיך אַזוי שנעל נישט געענדערט. ס׳האָט זיך אָבער געענדערט די לאַגע און צייט. די ציוניסטישע עמיגראַציע־פּראָפּאַגאַנדע קיין ארץ־ישראל און די שטרעבונגען צו עמיגרירן אין אַנדערע לענדער בכלל, האָבן געכשרט די מלאכה. און אין אָנפאַנג האָט מען געקאָנט הערן פון טאַטע־מאַמע ווי אַ פאַרענטפערונג: מיין זון אָדער טאָכטער דאַרף דעם פאַך צוליב פּאַלעסטינע, אַרגענטינע, אַמעריקע... דאָס האָט געזאָלט הייסן, אַז ווען נישט צוליב די לענדער, וואָלטן זייערע קינדער קיין מלאכה נישט געדאַרפט לערנען... הגם די טויערן פון אַלע לענדער זענען נאָך געווען פאַרשלאָסן, האָט מען זיך שוין גענומען לערנען אַ מלאכה, אָדער אַרומגעטראָגן זיך מיטן געדאַנק צו דערגרייכן אַ פאַך.

.6

נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד (1918), ווען די דייטשן האָבן גענומען לויפן פון פּוילן, האָבן אין אַ געוויסן טאָג זיך באַוויזן אויף די ווישקאָווער גאַסן פּאָליאַקן מיט יעגער־ביקסן, גענומען זוכן פאַרבליבענע דייטשן, כדי זיי צו אַנטוואָפענען. און ווי תמיד, האָבן יידן דערפילט, אַז אַן

ענדערונג אין דער מאַכט, וועט אויסגיין צו זייערע קעפּ... איז זיך ספּאָנטאַן צונויפגעקומען אַ טייל יידישע יוגנט אין אַ הויז אויף אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן פאַר יידישער זעלבסטשוץ אין אַן עת־צרה. אָבער באַלד האָבן זיך באַוויזן מודעות אין די גאַסן, אונטערגעשריבן פון דעם קאָמענדאַנט פון אַ געגרינדעטער פּוילישער מיליץ אין ווישקאָוו, אַז פאַר יעדער גוואַלדטאַט וואָס וועט באַגאַנגען ווערן — וועט מען באַקומען טויטשטראָף. און ווישקאָווער יידן האָבן זיך באַרואיקט.

מיט דער גרינדונג פון אַ פּוילישער מלוכה, אין אָנפאַנג — אַ האַלב־דעמאָקראַטישע, האָט זיך דאָס לעבן אין ווישקאָוו כמעט געגומען נאָרמאַליזירן. אָבער באַלד איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין לעמבערג, וועגן וועלכן די פּוילישע רעגירונג האָט פאַרבאָטן צו שרייבן אין דער פּרעסע. מען האָט זיך אָבער פאָרט דערוווּסט אַלע פּרטים, און די שטימונג אין שטעטל איז געווען אַ דערדריקטע.

שפּעטער, ווען די פּוילישע רעגירונג האָט זיך גענומען פאַרבינדן מיט די וועלט־מלוכות און אויך אַמעריקע האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער פּאָליטישער לאַגע אין פּוילן, איז געקומען קיין פּוילן העברי מאָרגענטוי, וואָס האָט דער אַמעריקאַנער רעגירונג באַדאַרפט אויך באַריכטן וועגן אַנטי־יידישע עקסצעסן. און ווייל ווישקאָוו, הגם אַ קליין שטעטל, מיט אַ קליינעם יידישן קיבוץ, איז געווען נאָענט צו וואַרשע און געהאַט גוטע שאָסייען — איז מאָרגענטוי געקומען קיין ווישקאָוו. ער איז פאַרפאָרן צום רב און דאָס גאַנצע שטעטל יידן איז זיך צונויפגעלאָפן, פול געמאַכט דעם רב׳ס הויז און דער עולם וואָס האָט נישט געקאָנט אַריין, איז געבליבן וואַרטן אין גאַס בלויז אָנצוקוקן מאָרגענטוי׳ען...

און יידן האָבן געקוקט אויף אים, ווי אויף אַן אַמעריקאַנער משה מאָנטעפיאָרע. כאַראַקטעריסטיש, אַז די יוגנט איז געשטאַנען פונווייטן, ווי זי וואָלט באַלד אָפּגעשאַצט, אַז נישט מאָרגענטוי וועט ברענגען די גאולה פאַר יידן אין פּוילן (ווי עס האָט טאַקע נאָכדעם פּאַסירט, לויטן באַריכט, וועלכן ער האָט אָפּגעגעבן דער אַמעריקאַנער רעגירונג).

.7

אין 1920 איז אויסגעבראָכן די באָלשעוויסטיש־פּוילישע מלחמה. און הגם יידן האָבן אין פראָפאָרץ געהאַט זייער אָנטייל אין פּוילישן מיליטער, האָט די דעמאָלטיקע פּוילישע רעגירונג געקוקט מיט אומצוטרוי אויף אַלע יידן בכלל און אויף די יידישע סאָלדאַטן אין דער אַרמיי — בפרט. און איידער די באָלשעוויסטישע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו וואַרשע, האָט מען אויף רעכטס און לינקס אַרעסטירט פיל יידן, אויך אַ סך יונגעלייט אין ווישקאָוו — אָן וועלכער עס איז באַשולדיקונג.

די רוסישע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו וואַרשע, און הגם ווישקאָוו איז נישט געווען קיין פעסטונג־שטאָט, איז זי צוליבן טייך בוג און די שאָסייען געוואָרן אַ ציל־פּונקט פאַר ביידע אַרמייען. ווישקאָוו איז דאַן איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. און כאָטש די שטאָט האָט אויסערלעך נישט געליטן, ווייל די דעמאָלטיקע חיילות האָבן געקעמפט אַרמיי קעגן אַרמיי און נישט קעגן דער ציווילער באַפעלקערונג — איז אָבער ווישקאָוו געוואָרן אינערלעך צעטרייסלט צוליבן קריג.

באַלד נאָך דער מלחמה האָבן די ווישקאָווער גענומען פאַרנעמען גאָר אַן אָנגעזען אָרט אין די לאַנגע רייען ביים אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין וואַרשע. ס׳האָט אין אָנפאַנג פון די צוואַנציקער יאָרן זיך אָנגעהויבן די עמיגראַציע קיין צפון־אַמעריקע. און אַז די קוואָטע האָט פאַרצוימט דעם וועג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט מען גענומען פאָרן קיין דרום־אַמעריקע. היינט־צו־טאָג איז נישטאָ קיין איין דרום־אַמעריקאַנער לאַנד, ווו ס׳זאָלן זיך נישט געפונען קיין ווישקאָווער פון יענער עמיגראַציע, וואָס האָט דאַן שיטער געמאַכט די רייען פון דער יוגנט. אָבער אינגיכן איז אונטערגעוואַקסן אַ נייע יוגנט, וואָס האָט שוין געפונען כמעט אַלע לענדער פאַרשלאָסן. געבליבן איז נאָר אַ האָפענונג אויף ארץ־ישראל, צו וועלכער מען קאָן צוקומען דורך הכשרה, החלוץ און אַנדערע ציוניסטישע פאַרצווייגונגען — און די יוגנטלעכע האָבן דאַן פול געמאַכט די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס.

.8

די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן טאַקע אַריינגעבראַכט אַ סך לעבן אין ווישקאָוו — נישט אַזוי מיט זייערע פּראָגראַמען, ווי מיט זייער זינגען און טאַנצן. און אָנשטאָט ווי אַמאָל, ווען מען פלעגט הערן אַ שטיל זינגען פון אַ פאָלקס־ליד דורך עטלעכע מיידלעך, ביי פאַרמאַכטע פענצטער און לאָדן, איז איצט דאָס געזאַנג אַרויס אויפן גאַס. כמעט יעדן אָוונט האָט מען געקאָנט הערן ביז שפּעט אין דער נאַכט חלוצישע געזאַנגען און טענץ.

אַ סך הייטערקייט פלעגט אַריינברענגען צווישן דער יוגנט דער געגרינדעטער מכבי־אָרקעסטער. ער פלעגט שפּילן ביי פאַרשידענע אונטערנעמונגען. אויך ביי די רעפּעטיציעס פלעגט אין דער שטילער ווישקאָווער נאַכט זיך גאַנץ אָפּט אַדורכרייסן ווי אַ שופר דאָס קול פון אַן אינסטרומענט... דער מכבי־אָרקעסטער איז אַ געוויסע צייט געווען אַן אינסטיטוציע פאַר זיך. און אין די האָניק־חדשים פון דער פּוילישער זעלבשטענדיקייט, ווען דער 1־טע מאַי איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ יומטוב און אין ווישקאָוו האָט דעמאָנסטרירט דער פּוילישער פּראָלעטאַריאַט, האָבן די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דער מאַי־דעמאָנסטראַציע און מ׳האָט אַפילו אויסגעבאָרגט דעם מכבי־אָרקעסטער, הגם מכבי האָט צום 1־טן מאַי נישט געהאַט קיין שום שיכות.

די גרעסטע צאָל יוגנט האָט געהערט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ס׳האָבן אָבער אויך עקזיסטירט אַנדערע פּאַרטייען און יעדע פון זיי פלעגט אַראָפּברענגען רעפערענטן. כמעט אַלע גרעסערע פּאַרטיי־לידערס פון וואַרשע האָבן געהאַלטן רעפעראַטן אין ווישקאָוו. אויסער די פּאַרטיי־רעדנער, פלעגן די אָרגאַניזאַציעס אויך אַראָפּברענגען ליטעראַרישע רעפערענטן, צו וועמענס פאָרלעזונגען ס׳פלעגן שוין אַלע זיין מחותנים, אויך פון אַנדערע פּאַרטייען.

אַ סך יומטוב פאַר דער יוגנט פלעגן אַריינברענגען די דראַמאַטישע קרייזן. יעדער גרעסערע אָרגאַניזאַציע האָט געשטרעבט צו האָבן אַזאַ גרופּע. אָנפאַנג האָט מען געהאַט די אַמביציע אַליין צו רעזשיסירן גאַנץ ערנסטע פּיעסן, אָבער שפּעטער האָט מען שוין אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע אַ פּראָפעסיאָנעלן אַקטיאָר אויף איינרעפּעטירן און איינרעזשיסירן.

אַז מען פלעגט געבן אַ פאָרשטעלונג אין פייערלעשער־זאַל, וואָס האָט געדינט פאַר אַ טעאַטער, פלעגן טאַקע לאַנג־געקליידעטע יידן נישט קומען אין „טריאַטער״, אָבער די יוגנט פלעגט אויספילן דעם זאַל ביזן לעצטן ווינקל. געווען

אויסנאַמען, װען אויך חסידישע ייִדן זענען געקומען אין טעאַטער.

איינמאָל, װען חזן סיראָטאַ האָט געגעבן אַ קאָנצערט אין טעאַטער־זאַל, זענען געקומען אויך חסידישע ייִדן. נאָך היינט זע איך פאַר מיינע אויגן, װי דער באַרימטער חזן איז געשטאַנען אויף דער בינע אין װישקאָװער טעאַטער־זאַל און טרויעריק געקוקט צום נידעריקן סופיט, צוליב װעלכן ער האָט צום ערשטן מאָל זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער אויבערשטער „צע"...

אַ צװייטער פאַל איז געװען, װען הלל צייטלין איז געקומען קיין װישקאָװ. די פּערזענלעכקייט פון הלל צייטלין האָט אויך געבראַכט לאַנג־געקליידעטע ייִדן אין טעאַטער־זאַל, װוּ ס'איז פאָרגעקומען זיין רעפעראַט. מיט װאָס פאַראַ רעספּעקט און ליבשאַפט די װישקאָװער יוגנט פלעגט זיך באַציִען צו אַן אָנגעזעענעם ליטעראַט, באַװייזט דאָס בילד, װאָס איז אַראָפּגענומען געװאָרן פינף אַזייגער פאַרטאָג, נאָכדעם װי אַ גרופּע װישקאָװער יוגנט איז כמעט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, כדי קאָנען באַגלייטן הלל צייטלין צו דער באַן קיין װאַרשע — און אַריינגעכאַפּט אַ בילד צוזאַמען מיט אים. אָט אַזוי האָט אונדזער יוגנט געלעבט מיטן אָרעמען שפּייז פאַרן גוף, אָבער מיט אַ סך שפּייז פאַרן גייסט.

.9

אויפן זעלבן אופן האָבן אויך געלעבט די חסידישע ייִדן: זיי האָבן אויך געהאַט זייערע פּאַרטייען און חברות. דער יודע ספר האָט געפונען זיין גייסטיקע שפּייז אין־ ספר און די װאָס זענען נישט געװען אַזוי נאָענט מיטן ספר, האָבן זיך צוגעהערט צו אַ פּרק משניות. חוץ מזה האָבן זיי אויך געהאַט זייערע רעפערענטן — די דורכפאָרנדיקע מגידים און חזנים, מיט װעלכע ס'פלעגן אויך טרעפן קוריאָזן. איינער אַזאַ פאַל איז געװען מיט אַ ייִד, װאָס האָט זיך באַװיזן אין בית־המדרש און געזאָלט האַלטן אַ דרשה. פּלוצים האָט איינער פון עולם אַ זאָג געטאָן, אַז דער ייִד איז גאָרנישט קיין מגיד, נאָר דער מיסיאָנער, װעמען ער האָט געזען אין יאַדעװע. אין שטעטל איז געװאָרן אַ טומל און חברה טרעגער האָבן זיך שוין מכין געװען מקיים פּסק זיין דעם „מיסיאָנער". ער װאָלט שוין קיין גאַנצער נישט אַרויס פון זייערע הענט.

װען מען האָט אָבער באַמערקט, אַז אַ פּאָליציאַנט (די קאָמענדאַנטור איז געװען אַנטקעגן דעם בית־המדרש) האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן טומל, איז געװאָרן שטיל. מען האָט דעם פּאָליציאַנט פאַררעדט די ציין און ס'איז געבליבן, אַז מ'זאָל דעם ייִד אַװעקפירן צום באַן און זען ער זאָל באַלד אַװעקפאָרן. אַלע זיינע טענות, אַז ס'איז אַ טעות, אַז ער איז נישט, חלילה, קיין מיסיאָנער, האָט נישט געהאָלפן און מען האָט דעם ייִד געפירט צום באַן װי אַ חתן צו דער חופּה, מיט שומרים ביי דער זייט.

אין אַ פּאָר װאָכן אַרום איז דער ייִד װידער געקומען קיין װישקאָװ באַלאַדן מיט פּעק בריװ פון רבנים, אַז ער איז דער־און־דער מגיד. ער האָט געהאַלטן אַ דרשה, אַז ס'האָט געהאַט אַלע טעמים. און געלט האָט ער באַקומען מער װי צען אַנדערע מגידים, אויסצוקויפן זיך דעם חטא, װאָס מ'האָט אים אומזיסט מבייש געװען.

אַ צװייט מאָל איז געװען אַ מעשה מיט אַ חזן. עס איז געקומען אַ ייִד אָנגעטאָן האַלב־דייטש האַלב־אָרטאָדאָקסיש, מיט אַ הדרת־פּנים און זיך פאָרגעשטעלט אַלס דער־און־דער אָבער־קאַנטאָר פון אַ בערלינער שול, אַן אַנטלאָפענער פון דייטשלאַנד צוליבן היטלעריזם. מ'האָט אים אויפגענומען בכבוד גדול, איינגעאָרדנט אין בית־המדרש אַ מעריב אויף בילעטן. דער בית־המדרש איז געװען געפּאַקט. מבינים האָבן געזאָגט, אַז אַזאַ נגינה איז נאָך אין װישקאָװ נישט געהערט געװאָרן. מ'האָט פאַרלאַנגט איינצואָרדענען אַ צװייטן מעריב. איז אָבער מיטאַמאָל דער „קאַנטאָר" נעלם געװאָרן, װען אַ װישקאָװער יונגערמאַן האָט אים צופעליק דערקאָנט אַלס שניידער פון אַ שטעטל נעבן ביאַליסטאָק...

.10

אָט אַזוי האָבן די ייִדן אין װישקאָװ געלעבט זייער אייגנאַרטיק לעבן. אַ גרויסער טייל װישקאָװער האָבן מיט די גופים געלעבט אין שטעטל און מיט די געדאַנקען — איבער אַלע ימים. כמעט יעדער האָט געהאַט אַ קינד, אַ טאַטן, אַ מאַן מעבר־לים און דער בריװטרעגער האָט פאַרנומען אַ גאָר װיכטיק אָרט אינעם װישקאָװער ייִדישן לעבן. יעדן פרימאָרגן האָט מען געזען ביים בית־המדרש, אַנטקעגן דער פּאָסט, קופּקעלעך ייִדן און װייבער, װאָס װאַרטן אומגעדולדיק אויפן בריװטרעגער. דער, װאָס פלעגט דערהאַלטן אַ בריװ, פלעגט מיט שמחה לויפן אַהיים. און די, װאָס האָבן קיין בריװ נישט באַקומען, פלעגן בלייבן שטיין טרויעריקע, פאַרטראַכטע...

אָבער נישט נאָר דער יחיד האָט געלעבט מיט די געדאַנקען מעבר לים. אויך די אויגן פונעם װישקאָװער כלל־טוער זענען געװען געװענדעט צו אַמעריקע און שוין חנוכה־צייט האָט מען גענומען חשבונען מיט װיפל די װישקאָװער אין אַמעריקע װעלן דאָס יאָר אַרויסהעלפן דעם נויטבאַדערפטיקן שטעטל.

און װעמען צו העלפן אין װישקאָװ האָט קיינמאָל נישט געפעלט. העלפן פלעגט מען דאַרפן אַ גאַנץ יאָר, אַמאָל דעם, אַמאָל יענעם. װעגן דעם האָבן געװוּסט יחידי סגולה, װאָס פלעגן „שפּיאָנירן" װוּ עס שטייט װינטער אַן אויװן קאַלט, װוּ דער דלות איז פאַרדעקט מיט אַ פלושענעם טישטעך און די טעפּלעך אין קוך זענען ליידיק. אין װישקאָװ זענען געװען קלייבער פאַר אַזאַ מתן־בסתרדיקער צדקה. מ'האָט די קלייבער קיינמאָל נישט געפרעגט פאַר װעמען; מ'האָט געװוּסט, אַז מ'דאַרף געבן.

װישקאָװ האָט אויך געהאַט אַ סך פּראָפעסיאָנעלע אָרעמעלייט (הייזער־גייער — שטעטלדיקע און דורכגייענדיקע), אפשר צען־פופצן אַ טאָג. און מיטן ליידיקן פלעגט קיינער נישט אַװעקגיין, אַפילו פון דעם אָרעמסטן. צדקה איז געװען אַ טייל פון בודזשעט ביים אָרעמסטן.

.11

די װאַלן צום שטאָטראַט האָבן פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אין װישקאָװער ייִדישן לעבן, װייל דער שטאָטראַט האָט געדאַרפט באַזאָרגן די לאָקאַלע נויטן אין שטעטל, ד.ה. אויך די ייִדישע אינטערעסן אין שטעטל. הגם, לויט די װאַלפאָרשריפטן, האָבן ייִדן געקאָנט האָבן זייערס אַ מערהייט אין שטאָטראַט — האָבן זיי עס אָבער נישט אויסגענוצט, צוליב שלום־װעגן... די ייִדישע ראַטמענער פלעגן זיין צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע גרעסערע פּאַרטייען. און נאָך אַלע עמיגראַציע־שטימונגען און דיסקרימינאַציעס מצד די פּױלישע רעכטע פּאַרטייען, האָבן ייִדן דאָך זיך געפילט װי תושבים פון דורות און געפאָדערט, געמאָנט און דעמאָנסטרירט זייער רעכט. כאַראַקטעריסטיש, אַז װען מ'האָט אין שטאָטראַט

אַריינגעטראָגן אַ פֿאָרשלאַג צו אַסיגנירן אַ געוויסע סומע געלט פֿאַר ציוניסטישע צוועקן, איז דער פֿאָרשלאַג נישט אָנגענומען געוואָרן, ווייל... נישט אַלע ראַטמענער האָבן דעם פֿאָרשלאַג געשטיצט: אַביסל — צוליב פּאַרטיי־פּאָליטיק, אַביסל — מה יאמרו הגוים...

ווישקאָוו איז געווען יידיש. אמת, יידן האָבן באַטראָפֿן נישט מער ווי אַ העלפֿט פֿון דער באַפֿעלקערונג, דאָך האָט זי אויסגעזען ווי זי וואָלט געהאַט 90 פּראָצענט יידן. דאָס איז דערפֿאַר, ווייל יידן האָבן פֿאַרנומען דעם צענטער פֿון שטעטל. אַן אויסנאַם זענען געווען די מאַרק־טעג, ווען אין שטעטל פֿלעגן זיך צוזאַמענקומען אַ סך מער קריסטן ווי יידן. אָבער אַפֿילו אין די מאַרק־טעג האָט דער טומל פֿון די פּויערים אויפֿן „באַבסקע באַרג" נישט געקאָנט פֿאַרשרייען דעם גמרא־ניגון פֿון דער ישיבה און די קלינגענדיקע קולעכלעך פֿון די קינדער אין תלמוד־תורה.

.12

דער פֿרילינג אין ווישקאָוו פֿלעגט אָנקלאַפּן ביינאַכט אין די לאָדנס און אָנזאָגן וועגן זיין אָנקום. אַמאָל — מיט אַ טראַסק פֿונעם אייז אויפֿן בוג און מיט אַן אָפּקלאַנג פֿון דעם וואַלד; און אַמאָל — מיטן קרעכצן פֿונעם אייז, וואָס האָט געקעמפּט מיטן וואַרעמען פֿרילינג און נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן. און אַז דאָס אייז האָט גערירט, האָט דאָס גאַנצע שטעטל באַלד געוווּסט וועגן דער געשעעניש — און עס פֿלעגט ווערן אַ חול־המועד־שטימונג. קרעמער פֿלעגן פֿאַרלאָזן זייערע קרעמלעך, בעלי־מלאכות — זייערע וואַרשטאַטן און זיך געלאָזט צו דער הילצערנער בריק ווו דאָס אייז גייט...

דער ווישקאָווער ייד, הגם לויטן אויסזען האָט ער זיך נישט אונטערשיידעט פֿון אַ ייד אין אַן אַנדער שטעטל, איז ער פֿאָרט געווען עפּעס אַנדערש... הגם ער איז געווען אַ שטעטלדיקער עלעמענט, און ווי אַלע שטעטלדיקע — אָפּגעריסן פֿון דער נאַטור, האָט אים די פּרעכטיקע ווישקאָווער לאַנדשאַפֿט ווי דערנענטערט צו דער נאַטור. קיין בלימל אַרום אַ יידיש הויז האָט מען טאַקע נישט געזען, אַ בלומענטאָפּ אין אַ יידיש פֿענצטער — זעלטן, ווי ער וואָלט געזאָגט: וואָס טויג מיר אַ בלום, אַז כ'האָב דעם גאַנצן וואַלד...

נישט נאָר די יוגנט האָט גענאָסן פֿון וואַלד, נאָר דער גאַנצער כלל. שבת נאָכמיטאָג, אין די זומער־חדשים, פֿלעגט זיך אָנהייבן אַ שפּאַציר אין וואַלד אַריין. אָנהויבנדיק פֿון דער גאַנצער לענג בריק, האָבן אויף דעם ראַדזימינער און לאָכאָווער שאָסיי ווייט־ווייט זיך געצויגן רייען מיט שפּאַצירנדיקע יידן: יונג און אַלט, מענער און פֿרויען.

דער ווישקאָווער וואַלד האָט זיך אָנגעהערט גענוג דיסקוסיעס וועגן ציוניזם, סאָציאַליזם און פֿאַרשידענע וועלטפּראָבלעמען. דער וואַלד האָט אויך גענוג זיך אָנגעהערט מיטן געזאַנג פֿון פֿאַרשידענע פֿאָלקס־לידער, ליבע־סערענאַדעס און חסידישע ניגונים, אויך דברי תורה. כמעט יעדן זומער אין די לעצטע יאָרן פֿלעגט אַן אַנדערער רבי אָנקומען אויף זומער־וווינונג אין ווישקאָווער וואַלד און חסידים פֿלעגן מיט אַ סך געזאַנג פּראַווען ביים רבין שלוש־סעודותן און מלוה־מלכה'ס.

.13

אַ באַזונדערן פּלאַץ האָט פֿאַרנומען די ווישקאָווער „בנות־יעקב" מיידלעך. פֿון פֿאַרשידענע שיכטן פֿון די ווישקאָווער יידן פֿלעגן די יינגערע לערנען אין דער בית־יעקב שול נאָך די שעהן פֿון די פּוילישע פֿאָלקס־שולן. און די עלטערע מיידלעך האָבן געהאַט אַ באַזונדערע קלאַס אין דער בית־יעקב שול. דער פּראָגראַם פֿון דער בית־יעקב שול איז געווען אָפּהענגיק פֿון דער קוואַליפֿיקאַציע פֿון דער לערערין. גאַנץ אָפֿט האָט די בית־יעקב שול געהאַט לערערינס פֿון גאָר אַ הויכער גייסטיקער קוואַליטעט. די בנות־יעקב פֿלעגן זיך אויסטיילן פֿון אַנדערע מיידלעך מיט זייער סאָלידער קליידונג, שטילערן ריידן און שעמעוודיקן בליק.

.14

אין די לעצטע יאָרן פֿאַר דער לעצטער מלחמה, אין דער צייט פֿון דער „סטראַגאַן־עפּאָכע", ווען מען האָט די ווישקאָווער יידישע סטראַגאַנעס אַראָפּגענומען פֿונעם „מזרח" פֿון דער בריק און זיי אַראָפּגערוקט ווייטער אין מאַרק אַריין, האָבן די ענדעקעס קינצלעך געשאַפֿן קריסטלעכע סוחרים מיט סטראַגאַנעס אויפֿן מאַרק. זיי האָבן געבראַכט פּויערים, זיי געגעבן געלט און איבער נאַכט זיי פֿאַרוואַנדלט אין „סוחרים". די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, יידן האָבן מורא געהאַט פֿאַרן מאָרגנדיקן טאָג — אָבער אויך דעמאָלט האָבן יידן נישט פֿאַרלוירן זייער הומאָר. די קריסטלעכע און יידישע סטראַגאַנעס האָבן זיך דאָך געגרענעצט און דער קריסטלעכער נייער „סוחר" האָט זיך געוואָלט עפּעס אויסלערנען פֿונעם יידישן סוחר... האָט אַמאָל אַזאַ נייער סוחר געפֿרעגט ביי זיין שכן, דעם יידישן הענדלער, פֿאַרוואָס ער, דער פּאָליאַק, לייזט נישט און דער ייד — יאָ, הגם ביידע באַזיצן די זעלבע סחורות. האָט אים דער ייד געענטפֿערט: „טאַקע דערפֿאַר לייזטו נישט, ווייל דו האָסט די זעלבע סחורה וואָס איך; ווען דו וואָלסט געהאַט אַזאַ סחורה וואָס איך האָב נישט, וואָלט מען עס ביי דיר צעכאַפּט"... פֿרעגט אים דער נייער סוחר: „וואָס אַ שטייגער ראַטסטו מיר צו ברענגען?" ענטפֿערט דער ייד: „ברענג, למשל, שקאַרפּעטקעס מיט פֿינגער, וועל איך אַליין עס אָפּקויפֿן ביי דיר און געבן אַ גוטן ריווח"... האָט דער נייער סוחר צונויפֿגעלייגט זיין טישל און געפֿאָרן קיין וואַרשע איינקויפֿן ביי די נאַלעווקער סוחרים שקאַרפּעטקעס מיט פֿינגער. האָבן די וואַרשעווער יידישע סוחרים פֿון אים נישט געחוזקט, נאָר געשיקט איינער צום אַנדערן, ביז דער לעצטער האָט אים געזאָגט, אַז דאָס אַרטיקל קאָן ער באַקומען נאָר אויף מאַרשאַלקאָווסקע, ביי די גרויסע קריסטלעכע סוחרים...

✶

אַזעלכע זענען מיינע ערינערונגען וועגן אַמאָליקן ווישקאָוו.

# בילדלעך פון דעם שטעטל

באַראַנעק
ניו־יאָרק

### הלל צייטלין קומט נישט קיין ווישקאָוו

איידער פוילן איז געוואָרן זעלבשטענדיק, האָבן עטלעכע באַלעבאַטישע בחורים און מיידלעך אין ווישקאָוו זיך פאַרקוקט אויף דער גרויסער שטאָט וואַרשע און געוואָלט ביי אונדז איינאָרדענען אַ ליטעראַרישן אָוונט, מיטן אָנטייל פון דעם באַרימטן שרייבער און דענקער הלל צייטלין. זיי האָבן טאַקע צו אים געשריבן וועגן דעם.

ווען דער ווישקאָווער רב, אַ קלוגער ייד, נאָר פון אַלטן שניט, האָט זיך דערוווּסט, אַז די יוגנט פּלאַנט איינצואָרדענען אַ פאַרזאַמלונג מיטן אָנטייל פון אַ וואַרשעווער שרייבער, האָט ער זיך אויף אַן אמת דערשראָקן: יידן זענען דאָך אין גלות, „פּאַניע״ קאָן מיינען, אַז מ׳בונטעוועט זיך קעגן מלכות. און אַן דעם פעלן אויך נישט קיין צרות ביי יידן!

האָט ער געלאָזט צו זיך רופן די פּני פון שטעטל. ביי אים אין שטוב האָט מען זיך באַראַטן, ווי אַזוי נישט דערלאָזן, אַז די יוגנט זאָל זיך פאַרנעמען מיט פאַרזאַמלונגען און ליטעראַרישע אָוונטן, וועלכע קאָנען נאָך, חלילה, ברענגען אומגליק פאַרן כלל, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מ׳זאָל דעם נאָענטסטן שבת אויסרופן אין די בתי מדרשים, אַז די עלטערן זאָלן זיין געוואָרנט און נישט לאָזן זייערע קינדער זיך באַשעפטיקן מיט אַזעלכע ענינים...

אַז די איניציאַטאָרן פון ליטעראַרישן אָוונט האָבן דערהערט, אַז מ׳וויל זיי שטערן אין זייערע פּלענער, זענען זיי געוואָרן נאָך איינגעשפּאַרטער. וואָס הייסט — האָבן זיי געטענהט — מ׳לעבט שוין נישט אין די אַלטע צייטן. פאַרוואָס טאָרן זיי נישט זען און הערן זייער באַליבטן שרייבער?!

אין שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע מחלוקת. די עלטערן האָבן זיך באַמיט מיט גוטן און בייזן איבערצוציוגן זייערע קינדער, אַז זיי גייען אין שלעכטע וועגן. אָבער די יוגנט האָט זיך געהאַלטן ביי אירס. זיי האָבן זיך געוואָנדן צו דער מאַכט וועגן אַ דערלויבעניש אויף דעם אָוונט. אין שטעטל האָט דאַן גראָד סטאַציאָנירט אַן אָפּטיילונג דאָנער קאָזאַקן. האָט מען זיך פאַרשטענדיקט מיט זייערס אַן אָפיציר, אים געגעבן „אין האַנט־אַריין״, ער זאָל אויפן אָוונט שיקן עטלעכע קאָזאַקן צו היטן די אָרדענונג, ווייל מ׳האָט זיך גערעכנט, אַז די פרומע וועלן אוודאי וועלן שטערן.

דער רב איז אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. דערוויסנדיק זיך, אַז קאָזאַקן וועלן זיין ביים זאַל און מ׳וועט נישט קענען אויפרייסן דעם געפּלאַנטן אָוונט, האָט ער דעפּעשירט צו הלל צייטלין קיין וואַרשע און אים געבעטן, אַז צוליב שלום־בית אין ווישקאָוו און כדי אויסצומיידן איבעריקע צרות פאַרן כלל ישראל, זאָל ער צום אָוונט נישט קומען און בלייבן אין וואַרשע.

הלל צייטלין, באַקומענדיק די דעפּעשע, האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז גלייכער נישט צו קומען. ער האָט גלייך געלאָזט וויסן דער ווישקאָווער יוגנט, אַז ער רופט אָפּ זיין באַזוך, אפשר וועט ער קומען אַ צווייט מאָל.

די יוגנט האָט צוריק דעפּעשירט, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, ווייל קאָזאַקן וועלן אים באַשיצן.

און דאָס שטעטל האָט זיך געגרייט צום ליטעראַרישן אָוונט מיט דער גאַנצער ענערגיע. אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט אין זאַל, וואַרטנדיק געדולדיק אויפן אָנקום פון רעדנער. ליידער, הלל צייטלין איז דאַן נישט געקומען. אַלע האָבן אומזיסט געוואַרט.

הלל צייטלין איז פונדעסטוועגן יאָ געקומען קיין ווישקאָוו — נאָר ערשט אין אַ צען יאָר אַרום...

### אַז מ׳וועט נישט דאַרפן קיין נדן, איז ער מסכים מיטן פּאַרטיי־פּראָגראַם

ווען ס׳איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה באַוווּסט געוואָרן די נייעס, אַז די בירגער פון פוילן האָבן וואַלרעכט — איז געוואָרן ששון ושמחה אין שטעטל. אַלע האָבן זיך געפרייט. אַ קלייניקייט! פון איצט אָן וועט מען קאָנען וויילן אייגענע מענטשן אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג!

יעדע פּאַרטיי האָט גערופן פאַרזאַמלונגען און אַרויסגעשטעלט אירע קאַנדידאַטן.

אין ווישקאָוו איז געוואָרן לעבעדיק, ס׳האָט זיך געטומלט. נאָר איין פּאַרטיי איז עפּעס צוגעגאַנגען שווערלעך דער ענין וואַלן.

די פרומע האָבן אַרויסגעשטעלט פאַר אַ קאַנדידאַט דעם רב — אַ קלוגער ייד און אַ גוטער בעל־דרשן. די ציוניסטן האָבן אַרויסגעשטעלט זייערן אַ פירער — אַ מענטש מיט אַ געשליפענער צונג, אַ פלאַמפייערדיקער רעדנער. די בונדיסטן האָבן געהאַט אַ ביסל צרות. זיי האָבן נישט געקאָנט געפונען קיין פּאַסיקן קאַנדידאַט. כמעט אַלע זייערע מיטגלידער זענען נאָך געווען צו יונג אויף צו קאַנדידירן און די וואָס האָבן שוין יאָ געמעגט — זענען געווען באַלעבאַטים פאַר זיך. און אַרויסשטעלן אויף דער קאַנדידאַטן־ליסטע אַ שניידער־, שוסטער־ צי סטאָלער־אייגנטימער — דאָס האָבן די אַרבעטער נישט געוואָלט. ס׳טייטש, אַרויסשטעלן פאַר זייערן אַ קאַנדידאַט אַ... בלוטזויגער!!...

נאָך עטלעכע פאַרזאַמלונגען איז געבליבן, אַז אַלס זייער פאַרשטייער זאָל קאַנדידירן דער פעלדשער. ער איז כשר צו רעפּרעזענטירן די אַרבעטער; ער היילט אַלעמען, פיל אָרעמע היילט ער אַפילו אומזיסט. דערצו איז ער אַ מענטש מיט וויסן. ער לייענט אַפילו פּוילישע צייטונגען. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן זיך אַדורכצושמועסן מיטן פעלדשער.

אַז דער קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע געזעלן, איז געקומען צום פעלדשער, איז ער פּונקט געזעסן פאַר דער שטוב און געלייענט אַ פּויליש בלאַט, וואָס ער האָט אויסגעשריבן פון וואַרשע. די געזעלן האָבן אים דערציילט, אַז זיי זענען געשיקט פון דער בונדישער פּאַרטיי און ווילן, אַז ער זאָל מסכים זיין אויף זייערס אַ קאַנדידאַט צו די שטאָטראַט־וואַלן.

דער פעלדשער האָט זיי רואיק אויסגעהערט און דערנאָך זיך אויסגעפרעגט פאַר וואָס קעמפט דער בונד, וואָס איז זיין פּראָגראַם? די יונגעלייט האָבן אים גענומען אויפקלערן, אַז דער בונד קעמפט קעגן די בייזע הערשער, קעגן די באַלעבאַטים — די בלוטזויגער. דער בונד וויל, אַז אַלע זאָלן זיין גלייך. ס׳זאָל זיין אַ וועלט פון יושר און גערעכטיקייט, מ׳זאָל אָפּשאַפן דאָס געלט.

דערהערנדיק אַזאַ געדאַנק, פרעגט דער פעלדשער:

— אַז מ׳וועט אָפּשאַפן דאָס געלט, טאָ ווי אַזוי וועט מען קויפן וואָס מ׳דאַרף?

ענטפערן אים די יונגעלייט, אַז דאָס איז גאַנץ איינפאַך. דאַן וועלן אַלע אַרבעטן און וואָס יעדער איינער וועט דאַרפן — וועט ער באַקומען פריי. למשל: אַז איינער וועט דאַרפן אַ פּאָר שיך, וועט ער אַריינגיין צו אַ שוסטער און ביי אים באַשטעלן שיך. און אַז דער שוסטער וועט דאַרפן ברויט, וועט ער אַריינגיין צום בעקער און ער וועט נעמען ברויט וויפל ער דאַרף. אַזוי אַרום וועט איטלעכער באַקומען אַלץ וואָס ער דאַרף.

— נו, און אַז איך וועל דאַרפן חתונה מאַכן מיינע טעכטער, ווו וועל איך נעמען נדן, אויב מ׳וועט אָפּשאַפן דאָס געלט? — פרעגט דער פעלדשער.

— מיידלעך וועלן דעמאָלט נישט דאַרפן קיין נדן, מ׳וועט חתונה האָבן אָן נדן — האָבן דערקלערט די יונגעלייט.

— אויב אַזוי, אַז מ׳וועט נישט דאַרפן געבן קיין נדן — זאָגט דער פעלדשער — מעגט איר מיך אַרויפשטעלן אויף אייער קאַנדידאַטן־ליסטע. אייער פּאַרטיי געפעלט מיר זייער...

### פאַרדינט זיך אַ סאַמעטן היטעלע...

געווען אין ווישקאָוו אַ חברה תהילים. זיי האָבן געהאַט אַן אייגן שילעכל, מיט אַ גבאי, שיינע יידן און עמך. ביי זיי האָט זיך געפירט ווי ביי יעדער חברה.

אברהם־ברוך דער שוסטער, איינער פון דער חברה, האָט שטאַרק געוואָלט האָבן אַ סאַמעטן היטעלע. אברהם־ברוך האָט געהאַט אַ קול־נגינה און אָפט געדאַוונט פאַרן עמוד. אָבער פאַרדינען זיך אַ סאַמעטן היטעלע איז אים געווען שווער, ווייל ווייטער פון דאַווענען שבת ביים עמוד פון „פאָרנט" — איז ער נישט געגאַנגען. בלויז ראש־חודש און חול־המועד האָט ער געקאָנט ווייזן זיין קענטעניש. דאַן פלעגט ער „אָוועקלייגן" אַ הלל, אַז ס׳איז זיך אַזש צעגאַנגען אין די ביינער. אָבער צו אַ שבתדיק אָדער יומטובדיק דאַווענען איז עס נישט דערגאַנגען.

איינמאָל אַ שבת האָט אברהם־ברוך זיך אָנגענומען מיט מוט און פאַרמאָסטן צו דאַווענען גאַנץ שחרית. וואָס האָט ער געטאָן? ווי נאָר ר׳האָט געענדיקט דאָס דאַווענען „פון פאָרנט", איז ער מיט אַ געהויבענעם ניגון איבערגעגאַנגען צום ווייטערדיקן דאַווענען און געגעבן אַ זינג־אויף דעם „שוכן עד". נאָר אין דער זעלבער מינוט איז צו צום עמוד אַ „שיינער באַלעבאָס", וואָס האָט געהאַט אַ חזקה צו דאַווענען שבת ביים עמוד, אים אָפּגעשטופּט פון אָרט און זיך געשטעלט אַליין דאַווענען.

עמך איז געווען געפּלעפט פון אַזאַ חוצפה מצד דעם „שיינעם ייד". ווען ס׳איז געקומען צו קריאת־התורה, האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. עמך האָט גערודערט און נישט געלאָזט לייענען. ס׳האָבן זיך באַלד געשאַפן צוויי צדדים, מ׳האָט זיך גענומען קריגן. ס׳איז שפּעטער געקומען צו אַ דין־תורה.

אין רעזולטאַט פון דעם אַלעמען, האָט עמך באַשלאָסן אַליין צו ווערן באַלעבאָס פון שולעכל. אַז ס׳איז געקומען צו שמחת־תורה, האָט מען אברהם־ברוך׳ן אויסגעקליבן פאַר אַ גבאי פון דער חברה.

אַזוי איז אברהם־ברוך דער שוסטער דערהויבן געוואָרן. און אַז ס׳איז געקומען שבת בראשית, איז אברהם־ברוך אַריינגעקומען אין שולעכל אין אַ סאַמעטן היטל מיט אַ ברייטער דענקע — און געדאַוונט פאַרן עמוד גאַנץ שחרית.

### אָבער אַ שוסטער איז ער!

אין ווישקאָוו איז געווען טעטיק אַ חברה שוסטערס אונטערן נאָמען „מסילת ישרים". זיי האָבן געהאַט אַן אייגן שולעכל מיט אַן אייגענעם גבאי און אייגענעם שמש. ס׳האָט זיך ביי זיי געפירט ווי אין אַנדערע חברות אין שטאָט. מ׳האָט געפּראַוועט שמחות, מ׳האָט זיך געמישט אין פּאָליטיק און ס׳זענען פאָרגעקומען מחלוקתן, דערנאָך זיך איבערגעבעטן — ווי ביי לייטן...

איינמאָל האָט איינער פון די שוסטערס געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה, פונקט ווי ס׳פירט זיך ביי באַלעבאַטישע יידן. צום סיום־הספר, אַז די ספר־תורה איז פאַרטיק געוואָרן און מ׳האָט זי באַדאַרפט ברענגען אין שולעכל — האָט מען געמאַכט אַ גרויסע שמחה.

יענעם טאָג האָבן שוין די שוסטערס נישט געאַרבעט. זיי אַליין, מיט די ווייבער און קינדער, האָבן זיך אויסגעפוצט אין די שבתדיקע מלבושים. די ספר־תורה האָט מען מיטן גאַנצן פּאַראַד געטראָגן איבערן מאַרק. פאָרויס איז געגאַנגען די שטאָטישע קאַפּעליע. די קלעזמערס האָבן געשפּילט און געצימבלט און חברה שוסטערס האָט געמאַכט אַרום זיי אַ רעדל, מ׳האָט געזונגען תהילות און תשבחות. שוסטערס האָבן געטאַנצט מיט אַזאַ אימפּעט און כוח, אַז די הייזלעך אין שטעטל האָבן געציטערט. וואָס וועלן זיי זיך זשאַלעווען? זיי האָבן דען מורא, אַז די פּאָדעשוועס וועלן זיך אָפּרייסן? נישקשה — זיי וועלן דערנאָך צוקלאַפּן נייע.

און אַזוי ווי מ׳טאַנצט און מ׳איז פריילעך, שפּרינגט אַריין אין ראָד דער גוישער שוסטער פון שטאָט, כאַפּט אַרום די אַנדערע שוסטערס ביי די הענט — און כאַפּט אַ טענצל...

די שוסטערס זענען צומערשט מבולבל געוואָרן: אַ גוי אויף אַ הייליקער, יידישער שמחה?! דער גוי האָט דערפילט די צעמישונג און אַ געשריי געגעבן:

„ליודי, מענטשן, און אַז כ׳בין נישט קיין ייד — אָבער אַ שוסטער בין איך דאָך!..."



ביינִיש טרעגער כאַפּט אַ דרימל אין מיטן גאַס...
ביינִיש הסבל נרדם ברחוב...

# ראָמאַנטיש, געזעלשאַפטלעך, אידעאַליסטיש

יחיאל בזשאָזאַ
לאָס־אַנזשעלעס

כ'ווייס נישט געגוי וויפל יידן ס'האָבן געוווינט אין ווישקאָוו. געוויסע לאַנדסלייט שאַצן אָפּ אַזוי הויך, ווי צען טויזנט נפשות. אַן אַנדערער אַלטער תושב זאָגט מיר, אַז ס'האָבן דאָרט געלעבט אַ פופצן הונדערט יידישע פאַמיליעס. אַלץ וואָס איך ווייס, אַז ס'איז דאָרט געווען אַ גרויסער און קליינער בית־המדרש, אַ ציוניסטיש שילעכל, דאָס גרויסע גערער שטיבל און פינף אָדער זעקס אַנדערע חסידישע שטיבלעך. דער קליינער בי"לע, ווי מ'האָט אים גערופן, האָט געהאַט אַ שול ביי זיך, אויסער נאָך אייניקע קלויזלעך און מנינים, צעוואָרפענע איבערן שטעטל.

דאָס שטעטל איז געלעגן ביים סאַמע ברעג פון וואַסער און אונדזער טייך בוג האָט זיך אַ צוואָנציק וויאָרסט ווייטער פאַראייניקט מיטן טייך נאַרעוו — און צוזאַמען זענען זיי אַריינגעלאָפן אין דער ווייסל. אין די זומערדיקע חדשים פלעגט מען מיט וואַסער שיקן אַ סך האָלץ קיין דייטשלאַנד און אַ גרויסע צאָל יידישע פאַמיליעס האָבן דערביי געמאַכט אַ שיין לעבן. דער געהילץ־מסחר איז איבערהויפּט געווען ביי אונדז אַ גרויסער ענין. די דאָנעס, יאַקובאָוויטשעס, די פאַמיליע שקאַרלאַט און סאָקאָל — מיט זייערע זעג־מילן, די אומצאָליקע „שרייבערלעך" — וויסטינעצקי מיט די שריי־קעס, דער שוואַרצער יצחק מיט זיינע בנים און פערד און אַנדערע, וואָס האָבן געשלעפּט די קלעצער פון טאַרטאַק צום וואַסער; די יידישע פישער־לייט, וואָס האָבן געהאָלפן צונויפשטעלן די טראַטוועס און שפּעטער זיי אַרויסגעפירט אינמיטן טייך.

מיין פאָטערס צוויי־שטאָקיקע קאַמיעניצע איז געשטאַנען אויף אַ באַרג ביים ברעג פון טייך און איז געווען די סאַמע ערשטע הויז ביי דער הילצערנער בריק. פון קינדווייז אַן



הלל צייטלין באַזוכט ווישקאָוו. ערשטע ריי — פון רעכטס צו לינקס **(שטייען)**: עפשטיין אלתר, עפשטיין צינאַמאָן דוד, נאָוואָמינסקי, האָלצמאַן משה, ניימאַן איטשע, עפשטיין הענעך, סעגאַל יחיאל, ליכטענשטיין, הנה מלכה, אָרענשטיין שמואל־עלי, עפשטיין משה. **צווייטע ריי**: פונט, לעווין שרה, רינעק יעקב, שקאַרלאַט רפאל, אָרענשטין פערל, פיינצאַג פנחס, טיק, פיצעניק (לערערין), טשיזשעווער וועלוול. **דריטע ריי**: קירזשנער, שקאַרלאַט פעסיע, קאָהן בלומע, שקאַרלאַט בלומע, שקאַרלאַט רבקה, גילבערט שלמה, צייטלין הלל, יונגשטיין (גאָלדמאַן), אייזענשטאַט פייגע, גראָסבאַרד מרים, אָרענשטיין פעסיע, בהרב איטשע. **לעצטע ריי**: בזשאָזאַ אַלטע, נאָוואָמינסקי חייה, שקאַרלאַט ברײנע, מאָנדרי הערשל (די אַנדערע נעמען — אומבאַקאַנט).

ביקורו של הלל צייטלין בוישקוב. **שורה ראשונה (עומדים)**: אֶפשטיין אלתר, אֶפשטיין צינמון דוד, נוֹבוֹמינסקי, הולצמן משה, ניימן איצ'ה, אֶפשטיין חנוך, סגל יחיאל, ליכטנשטיין, הנה מלכה, אורנשטיין שמואל־אליהו, אֶפשטיין משה. **שורה שניה**: פונט, לוין שרה, רינק יעקב, שקרלט רפאל, אורנשטיין פרל, פיינדג פנחס, טיק פיצניק (מורה), צ'יז'בר וולף. **שורה שלישית**: קירז'נר, שקרלט פסיה, קוהן בלומה, שקרלט בלומה, שקרלט רבקה, גילברט שלמה, צייטלין הלל, יונגשטיין (גולדמן), אייזנשטט פייגה, גרוסברד מרים, אורנשטיין פסיה, בהרב איצ'ה. **שורה אחרונה**: בז'וזה אלתה, נובומינסקי חייה, שקרלט ברײנה, מונדרי הערשל. (יתר השמות — בלתי־ידועים).

פלעג איך מיט אינטערעס נאָכפאָלגן נאָך אַלץ וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפן טייך און אַרום אים.

פון דער אַנדערער זייט בריק האָבן זיך אָנגעפאַנגען ציִען פון רעכטס דער ראַדזימינער שאָסיי און לינקס — דער לאַכעווער שאָסיי. אָבער דער עיקר: דאָרט האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען דער וואַלד. אַלט און יונג האָבן ליב געהאַט דעם וואַלד, אַמערסטן — דאָס יונגוואַרג, ווייל דאָרט פלעגט מען זיך שוין טרעפן מיט מיידלעך און שפּאַצירן צוזאַמען. דאָרט פלעגט מען זינגען אויפן קול העברעישע און יידישע לידער, דיסקוטירן איבער יידישע און וועלט־פּראָבלעמען — ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.

נאָכן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און מיטן אָנקומען פון די היימלאָזע פון פּינסק און בריסק, האָט זיך אונדזער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אַ שטאַרקן ריר געטאָן. צווישן די פּליכטלינגען האָבן זיך געפונען אַ צאָל אינטעליגענטע מענטשן, העברעישע לערער, דערפאַרענע געזעלשאַפטלעכע טוער און מיט זייער הילף האָבן מיר גלייך אָרגאַניזירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע ליטעראַריש־קולטורעלע טעטיקייט מיט קאָנצערטן, רעפעראַטן, קעסטל־שמועסן און אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע.

מיר האָבן שוין פון פריער געהאַט צוויי ביבליאָטעקן. אין דער „גרויסער" איז געווען טעטיק פּערל קופּער. איך פלעג דאָרט זיין דער ביבליאָטעקאַר צוויי אָוונטן אין וואָך. אין דער קליינער ביבליאָטעק האָט געאַרבעט בעלאַ טעף.

נאָך דער מלחמה און מיטן אויפקום פון דער פּוילישער מלוכה, איז אונדזער יוגנט געוואָרן אַלץ מער באַוווּסטזיניק און אין רעזולטאַט דערפון זיך צעטיילט אויף פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך...

אין יענער צייט האָבן מיר פּרובירט גרינדן אַן אַלגעמיי־נעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. יצחק מאַרקוסכאַמער און איך האָבן זיך אין דעם אַקטיוו באַטייליקט. מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס האָט אין די ערשטע יאָרן געהאַט צו פאַרצייכענען אַ דערפאָלג. די דראַמאַטישע געזעל־שאַפט איז אויך געווען געשפּאָלטן: אַן אַלגעמיינע און די אַרבעטער דראַמ.־סעקציע. איך בין דאַן געווען שטאַרק פאַר־קאָכט אין טעאַטער און פלעג דעריבער מיטאַרבעטן מיט ביידע גרופּן. פון צייט צו צייט פלעג איך מיט ביידע אַנסאַמבלען אויפפירן פּיעסן. אינעם אַלגעמיינעם דראַמאַטישן קרייז איז מלכה שקאַרלאַט (מאַרקוס) געווען אַ „קראַפט". איר ברודער איז באמת געווען אַ טאַלאַנט. אברהמל מאַרקוס־כאַמער איז געווען דער טעטיקסטער מיטגליד אין דער אַרבעטער דראַמאַטישער סעקציע און די רעפּעטיציעס פלעגט מען אַדורכפירן ביי אים אין הויז.

וואָס איך האָב דאָ געוואָלט אַרויסברענגען:

מיר זענען פון אונדזער פריסטער יוגנט געווען ראָמאַנ־טיש, געזעלשאַפטלעך און אידעאַליסטיש...

# צרור זכרונות מהימים ההם...

חיים לוין
גבעת־השלושה

כל כך הרבה מאורעות וגם שנים עברו עלי מאז שהייתי בווישקוב, שקשה לי לזכור תאריכים ופרטים. אני רק זוכר שחיינו שם היו מלאי תוכן עשיר ותנועה.

חייתי בווישקוב בשנים הכי טובות של האדם — בשנות הנעורים, עד היותי בן 24. מיום הולדתי כמעט שלא עזבתי את העיר.

אנסה להעלות משהו על הנייר מהשנים ההן.

בזמן מלחמת העולם הראשונה, הקימה קבוצת חברים (קלוסקי, מיטלסבך, רוזנברג מנדל, שטלונג יעקב ועוד) את סניף „יוגנט" בעיר. זאת היתה הסתדרות נוער ציונית־סוציאליסטית (של מפלגת פועלי־ציון). הרבה כוחות השקענו בהסתדרות הזאת. פעולות הסברה ועבודה תרבותית ענפה, שיעורים, הרצאות, נשפים וספריה. העבודה היתה חצי ליגאלית. אצל השלטון היינו תמיד חשודים. בכל זאת התחלנו גם לארגן את הנערים העובדים אצל בעלי המלאכה: חייטים, סנדלרים ונגרים, שלמדו מקצוע. היה נהוג אז, שמתלמד כזה היה עובד 3 שנים מבלי לקבל שכר ועוד ניצלו אותו לעבודות שרות בביתו הפרטי של „בעל המלאכה". היתה לנו עבודה קשה מאוד. גם ההורים של הנערים התנגדו לפעולתנו מתוך פחד מפני בעלי המלאכה, שמא יפטרו את הנערים. האסיפות עם הנוער הזה היו תמיד תחת כפת השמיים, בפינות נידחות של העיר, כדי להסתתר מעיני בעלי־המלאכה והמשטרה. בכל זאת הצלחנו הרבה פעמים להיטיב מצב נער זה או אחר. הנערים האלה היו אחר כך החברים בהסתדרות הנוער והמפלגות.

לכל הפעולות האלו התנדבנו מתוך רצון טוב, במטרה לעזור לנוער העובד הזה. לא פעם תרמנו מכספנו להוצאות.

באותו הזמן התקיימה בעיר גם הסתדרות נוער מה„בונד" — „צוקונפט". אתם היו לנו תמיד ויכוחים, כי הם התנגדו לציונות. אמנם, הוויכוחים העיקריים היו פומביים, אחרי נאו־מים של מרצים, שכל מפלגה היתה מזמינה מווארשה. אולם מלבד זה היינו ערים מאוד והיו אסיפות בלי סוף בקשר עם כל מאורע חשוב ביהדות ובעולם.

היתה בעיר ספריה גדולה ביידיש ומקצת גם בעברית. על הספריה הזאת היתה גאוותנו. כולנו שאפנו ממנה דעת. הרבה ספרי מדע היו שם. והנה כשקמו מפלגות, כל אחת רצתה להשפיע על הספריה הזאת לפי השקפתה היא, ולהכניס שינויים לפי רוחה. זה גרם למריבות ולמי שהיו יותר קוראים בספריה הוא סחב אותה אליו. אסיפות הקוראים הכריעו לא פעם לצד אחר, למפלגה אחרת. עד שקמנו קבוצת חברים ששמנו לנו מטרה לקיים ספריה לשמה, בתור נכס תרבותי כללי ועיבדנו תקנון מיוחד בשביל אסיפת הקוראים. בתקנון היה סעיף, שלכל המפלגות יש ביאות כוח שווה ושאסור להעביר את הספריה לרשות מפלגה כלשהי. האסיפה אישרה את התקנון, ומאז התקיימה הספריה והתפתחה. שום ועד קהילה או מוסד אחר לא תמך בספריה הזאת. התשלום בעד הספרים היה כמעט סמלי ואת ההוצאות כיסינו מעריכת נשפים, הצגות וכו' ובעיקר בהתנדבות. בסוף מלחמת העולם הראשונה היא נהרסה קצת ע"י טילטולים והחרמות מצד השלטון הפולני, שהכל היה בעיניו „טרף" ואסור.

באותן השנים התקיים גם מועדון ברח' שקולנה, שקראנו לו „פאַריין" (אגודה מקצועית). למעשה זה היה מקום לעבודה תרבותית ענפה ביידיש של יחידים, חברי מפלגות סוציאליסטיות, שיכלו לעבוד עבודה משותפת, שקטה, בלי

ויכוחים פוליטיים. במיוחד, זוכר אני את חברי הטוב, בייניש אוסטרוביאק. אני הייתי ציוני והוא שמאלי, קומוניסט. ובכל זאת עשינו יחד כמעט את כל העבודה האינטנסיבית הזאת. יסדנו סניף ציש״א (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע). היו לנו קשרים הדוקים עם המרכז בוורשא. אירגננו בית־ספר יום, וגם ערב, לילדים עניים. רכשנו ספרים וכלי־כתיבה ושכרנו מורים. בית־הספר הזה התקיים כמה וכמה שנים והכספים בשבילו השגנו מתרומות חודשיות של חברים ומדמי כניסה להרצאות שנשאו הכנסה קלה. כל העבודה הארגונית היתה בהתנדבות והילדים לא שילמו כלום.

צריך לזכור שהשלטון העויין, בעיקר הפולני, לא נתן לנו מנוח. כל מרצה שהבאנו העירה היה חשוד בעיניהם. הצטרכנו להערים עליהם ולהסוות בכל מיני אופנים כדי שלא יפריעו לנו. פעם, בזמן הרצאה באותו „פאריין״, ב־10 בלילה, הקיפה המשטרה את הבית והתחילה בחיפוש מדוקדק. זאת היתה תוצאה של איזה „מסירה״. אמנם לא מצאו דברים חשודים מחוץ לספר סוציאליסטי אחד וניירות, ובהם טיוטה־תקנון לסניף „החלוץ״ שהיה שמור אצלי. לפני החיפוש הסתרתי את המחברת באחד המקומות, אבל אחרי שעזבנו את האולם הם הפכו את הכל ומצאו אותה. למחרת, בהשתדלות הנכבדים, קיבלנו בחזרה את התקנון מידי המשטרה, כי הם כבר חשדו שמתקיים איזו ארגון בלתי ליגאלי. התקנון היה כתוב עברית וכשתירגמו להם זאת הרפו מאתנו.

אמנם החזיקו אותנו אז בלילה עד אור הבוקר כמעט, אבל זה לא מנע מאתנו להמשיך בימים הבאים את עבודתנו. העיירה היתה כמרקחה בגלל הענין הזה, ולכמה שבועות היינו מוכרחים להעביר את מקום בית־הספר לבית אחר.

בגלל דברים כגון אלו נאלצנו לסדר גם אסיפות אחד־במאי ביער... עם שרשרת סדרנים מסביב. כמובן שהשתתפו באסיפות אלו רק חברי מפלגות סוציאליסטיות.

כל המפלגות כמעט התקיימו וניהלו פעולות תחת מסווה איזה שהוא. רק הציונים הכלליים, „אגודה״ התקיימו באופן ליגאלי, והיה מועדון פתוח. והיות שהמבוגרים ביניהם לא היו פעילים, אז אנחנו, הנוער החלוצי, השתמשנו הרבה במועדון הזה. אפילו את הספריה הגדולה העברנו לשם, כי זה היה המקום הבטוח ביותר.

זכורני אסיפה בבית אלי־מאיר גולדמן על „הכביש הוורשאי״ (רח׳ קושצ׳ושקו), בזמן שהצבא האדום היה בעיר, בסוף מלחמת העולם הראשונה. האסיפה נקראה ביוזמת הקו־מוניסטים, בהשתתפות קצין מהצבא שניהל את האסיפה. דרשו בשם השלטון, שכל המפלגות הסוציאליסטיות תתפרקנה.

ה„בונד״ הודיע אז שהוא מתפרק כי „הסוציאליזם כבר בא״ והשאלה היהודית תיפתר. אנו, פועלי ציון, ידענו והרגשנו שאין זו אמת. הודענו, אחרי שיקולים וויכוחים, שאנו קשורים עם המרכז בוורשא וכשהצבא האדום יכנס בקרוב לוורשא ניתן תשובה כל ארצית, כי אנו רק סניף. תשובתנו נתקבלה אצלם באי אמון, אבל האסיפה התפזרה. הצבא היה בסביבתנו שבוע ימים וכשנסוג נסוגו אתו הרבה קומוניסטים. למחרת שמענו שהצבא הפולני שנכנס העירה ירה והרג 2 פולנים ויהודי מהקומוניסטים שנתפסו, בלי שום דין ומשפט.

מפלגת פועלי ציון המשיכה כמובן להתקיים, אבל ה„בונד״ לא יכול היה הרבה זמן להרים ראש, כי הרי התפרקו...

מאז התגברה פעולתנו הציונית. אספנו כספים לקק״ל ולקפא״י (קופת פועלי ארץ־ישראל) דאז. הרחבנו את „החלוץ״ וכו׳. כשהתחולו הנגישות והרדיפות נגד המיעוט היהודי בפולין — החלה העלייה לארץ גם מוישקוב, כמובן מהדור הצעיר.

זכורני אמנם עליתו של יהודי מבוגר אחד לפני זה. וזה היה המקרה: יהודי ושמו רוזנצווייג, סנדלר פשוט, בא לאבא שלי בשנת 1920, כמדומני, ופנה אליו היות שידע אותו בתור עסקן ציוני וביקש לעזור לו לעלות ארצה.

אבי השתומם מאוד על היהודי הזה ושאל אותו איך הוא יסתדר בארץ עם משפחה גדולה? וגם מאורעות אירעו אז בארץ ונסעו ארצה רק צעירים, אם בכלל נסעו, ולא מבוגרים. אבל היהודי הזה הודיע שהוא נוסע ירושלימה ולוקח אתו נשק — אקדח... הוא יאפה לחם ויכניס את הנשק בתוך ככר הלחם... אבא שלי, בראותו את התלהבותו של רוזנצווייג זה, עזר לו והמליץ עליו בפני מוסדות „המזרחי״. והיהודי נסע ואחר כך העביר את משפחתו. ועד היום נמצא חלק ממנה בירושלים. זה היה המקרה היחידי בשנים ההן.

היהודים ברובם, או שהיו אדישים לציונות או שהתנגדו בגלל אדיקותם הדתית. לאבי היו הרבה ויכוחים עם היהודים האלו, עם החסידים והרב. הרבה פעמים נאם ב„בית המדרש״ על נושאים ציוניים, מטעם „המזרחי״. אצל החסידים והרב אמרו עליו, שהוא „אפיקורס״, בגלל הציונות שלו. וכשאבי ז״ל נפטר, התנגדו הרב והחברא קדישא להעמיד מצבה על קברו משום שחרוט היה עליה „מגן דוד״... והיתה מריבה גדולה בעיר בין הציונים וה„מתנגדים״. זה קרה בשנת 1926. אבל עוד לפני זה, ב־1924, עלו הראשונים מ„החלוץ״ בוויש־קוב וזאת היתה שמחה גדולה אצלנו. הריקודים בתחנת הרכבת נמשכו הרבה זמן. וב־1925 עליתי גם אני.

# דערמאָנונגען פון דער אלטער היים

משה סטאָליק
תל־אביב

אין מיין זכרון זע איך ווישקאָוו ווי אַ שטעטעלע פון גרויסן יידישן דלות און פריילעכע יומטובים. אויף די גאַסן — אַ לויפעניש און געאייל פון די מענטשן, וואָס יעדער איינער פון זיי איז פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן, דאגות, צרות און האָפענונגען.

באַזונדערס האָבן זיך איינגעקריצט אין זכרון מיינע יוגנט־יאָרן אין שטעטל, פון יאָר 1929 ביז 1939. דאָ האָב איך פאַרבראַכט מיט מיין טאַטע־מאַמע, שוועסטערס און ברודער, פעטערס און מומעס, קוזינען און קוזינעס, חברים און פריינד. דאָ זענען פון דור־דורות געזעסן יידן, דער רוב פון זיי — סוחרים, הענדלער און בעלי־מלאכות.

דאָס שטעטל האָט אויך געהאַט אירע געזעלשאַפטלעכע טוער און עסקנים. עס דערמאָנט זיך מיר דער אומבויגזאַמער און ענערגישער קעמפער פאַר די יידישע רעכט, דער ראַטמאַן פון שטאָטראַט חיים־נתן וועגראָוו (געשטאָרבן מיט אַ צייט צוריק אין ישראל); דער דאָקטאָר לייכער און די דריי דענטיסטן: קערנער, לעשטשינסקי, גוטשטאַט. דער פעלדשער מאַלאָוואַנטשיק, וואָס בייזע צינגער האָבן גערעדט, אַז

ניסט תמיד האָט ער פֿאַרשריבן די ריכטיקע רעצעפּט. און די פֿאַרשידענע סוחרים: בעריש ווילענסקי, יונה טאַוב, טשערוואָנאַגוראַ, פּשעטיצקי, קרישטאַל ברוך און אַנדערע. די בעלי־מלאכות זענען געווען פֿאַרטראַטן דורך כמעט אַלע טראַדיציאָנעלע יידישע פֿאַכן: שניידערס, שוסטערס, בעקערס, פּריזירערס, בעל־עגלות, וואַסער־טרעגערס, האָלץ־העקער, דאַראָזשקאַזשעס און שפּיליטערס. עס שוועבן אויף אין זכרון די נעמען פון חיים מאַרכעווקאַ, פון וואַרשעווער שניידערס — שוקרין, שעדלעצקי, זוזעל, דער דאַראָזשקאַזש אַסטראָוויאַק, דוד ליכטמאַן מיט זיינע זין, וועלכע זענען צוויי מאָל אין וואָך געפֿאָרן קיין וואַרשע ברענגען סחורות. און דער טאָקער פּשעטשעליעניעץ מיט זיין פֿאַמיליע, וועלכע האָט אויך פֿאַרקויפֿט... מילך.

און ווער קאָן פֿאַרגעסן די שניט־סוחרים, וואָס זענען יעדן דינסטיק און פֿרייטיק געשטאַנען אויפֿן מאַרק און די אַנדערע טעג אין וואָך — אַרומגעפֿאָרן אויף די יאַרידים. אין שטעטל זענען געווען אַ שם־דבר די בעקערס בוטשע סטאַליק, פּשעמיעראָווער, עלי־מאיר גאָלדמאַן, ליס; די בעקערין די אַלמנה, וואָס האָט געבאַקן שוואַרץ ברויט מיט בלעטער, גערופֿן האָט מען זי „מוישעליכע". אויך אין רינעק איז געווען אַ בעקערין אַן אַלמנה, וואָס האָט געבאַקן גערשטענע פּלעצלעך און בייגל.

שבת איז געווען אַ פֿאַרגעניגן צו זען ווי אונדזערע פֿרויען און מיידלעך האָבן געטראָגן די טשאָלנטער אַהיים (דער טעם פון אַ ווישקאָווער טשאָלנט ליגט מיר נאָך היינט אין מויל...). מיר דערמאָנט זיך אויך דער הרב מאָרגנשטערן, וועלכער האָט געוווינט אין רינעק און דער מורה־הוראה פון דער אָסטראָווער גאַס. ביי אים האָט מיין פֿאָטער צבי־יוסף סטוליק ע"ה געלערנט יעדן אָוונט אַ בלאַט גמרא.

און איצט — די קהילה בראש מיטן גערער חסיד, פּרעזעס עפּשטיין; די דיינים, שוחטים, שמשים, חזנים, מיטן הויפּט־חזן פון דער גרויסער שול, מלכיאל שוחט און זיין באַרימטער כאָר. און די פֿאַרשידענע עסקנים פון דער הכנסת אורחים, הכנסת כלה, גמילת חסדים, חסד של אמת און פֿיל פֿיל אַנדערע, וואָס האָבן געאַרבעט מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט.

אין די אַנדערע שולן און שטיבלעך זענען די בעלי־תפֿילות געווען: יאַנקל שוחט און איטשע־מאיר שוחט, חיים־העניך שטעלונג (בעל־תפֿילה אין גערער שטיבל) און די חזנים ביי די אָטוואָצקער, קאָצקער און ראַדזימינער חסידים. אויסער די מנינים, ווו עס האָבן נישט געפֿעלט קיין גבאים, שמשים און... קריגערייען. עס דערמאָנען זיך מיר די צוויי מלמדים, ביי וועלכע כ'האָב געלערנט: דער לאָדזשער און פּאַרניאַרזש. דער לעצטער האָט געוווינט ביי דער בלינדער פּייגע, וואָס האָט פֿאַרקויפֿט הייוון. דער דאָזיקער מלמד פֿלעגט שלאָגן זיינע תלמידים מיט אַ שטריק, איינגעווייקט אין וואַסער...

די יוגנט אין שטעטל, אין גרעסטן טייל — אַן אַרבעטס־עלעמענט, האָט נאָך דער אַרבעט אַקטיוו זיך באַטייליקט אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און געווען טעטיק ביים בונד, קאָמוניסטן, אגודת ישראל. דער רוב האָט געהערט צו די פֿאַרשידענע ציוניסטישע גרופּירונגען — אַלגעמיינע ציוניסטן, לינקע פּועלי־ציון, השומר הצעיר, החלוץ הצעיר, מזרחי, ליגע פֿאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. מ'האָט זיך אויך פֿאַרנומען מיט ספּאָרט: „הפּועל" און „מכבי". אין יאָר 1934 איז געשאַפֿן געוואָרן אַ הכשרה־קיבוץ, וואָס איז געווען אַן אָפּטיילונג פון „גוש גרוחוב". דער שטאָלץ פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט איז געווען — די גרויסע ביבליאָטעק.

דאָס ציוניסטישע לעבן אין שטעטל האָבן פֿאַרמירט די באַקאַנטע טוער: קאַלוסקי, לייביש פּשעטיצקי, יצחק בהרב, מאיר שטיגעל, ראובן לעווין, משה סטוליק, לאה הילער, לאה נודעל, בנימין־חיים ברוק, קוויאַטעק, אַלתּה טשעכאַנאָוויצקאַ, יוסף לעווינער און פֿיל פֿיל אַנדערע.

אין יאָר 1935 האָבן די יידישע קאָמוניסטן פֿאַרפֿירט אַ קאַמף קעגן הכשרה־קיבוץ אין ווישקאָוו. זיי האָבן נישט נאָר געהאַקט שויבן, נאָר אויך באַפֿאַלן און געשלאָגן די קיבוץ־חברים. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט אַפֿילו באַקומען אַ דראָענונגס־בריוו, ווייל ער האָט געוואַגט צו פֿאַרטיידיקן די חברים פון קיבוץ. אויף אַ געוויסע צייט האָט ער צוליב דעם געמוזט פֿאַרלאָזן די שטאָט...

דאָס זענען מיינע דערמאָנונגען פון ווישקאָוו.

# א ווישקאָווער ניגון

א. פּאַט
ניו־יאָרק

איידער דער נאַצי־חורבן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די יידן אין פּוילן, האָט ווישקאָוו פֿאַרנומען אַ גאַר חשובן אָרט צווישן די באַוווּסטע ישובים. דער נאָמען ווישקאָוו ווערט באַגלייט מיט אַ ניגון פון ליבשאַפֿט און בענקשאַפֿט נאָך יידיש־קולטורעלן אויפֿבוי. די איינגעוואָרצלטע ליבע איז קאָנצענטרירט אַרום דעם מאַרק־פּלאַץ, וואָס פֿאַרקערפּערט אין זיך אַ טראַדיציע פון קאַמף אויפֿצוהאַלטן אַן אייגן פּנים, פֿאַרן קיום האומה. אינעם אַלטן און נייעם בית־המדרש האָבן יידן זיך אָנגעשטרענגט ביז מסירת־נפש, אַז דער נר ד' זאָל קיינמאָל נישט אויסגיין.

ווישקאָוו איז נישט אָפּגעשטאַנען פון דעם נייעם קולטור־גייסט פון דער צייט. דער לייען־קרייז, אייגענע טעאַטער־אויפֿפֿירונגען און וויכטיקע רעפֿעראַטן האָבן פֿאַרבונדן דעם יוגנטלעכן דור מיט די יידן פון די תפוצות ישראל. אינעם פייערלעשער־זאַל זענען אויפֿגעטרעטן אייגענע און איינגעלאַדענע יידישע אַרטיסטן, שרייבער און וואָרט־קינסטלער. אויפֿן געביט פון שפּיל און פֿאַרווײַלונג קאָן נישט אויסגעלאָזן ווערן פון זכרון די בריק איבערן טייך בוג און דער פּראַכטפֿולער וואַלד, וואָס האָט זיך איינגעהערט צו דער יוגנטלעכער פֿרייד און פּיין־איבערלעבענישן, מיט דער אייביק סודותפֿולן וויגנדיקן גערויש פון בלעטער אין זומער־צייט און מיסטעריעזן פּייפֿן פון ווינט אין ווינטער־צייט.

אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן האָט ווישקאָוו זיך שוין געהאַט פֿאַרנומען אויף ברייטערע שליאַכן, מיט גאָר נייע ניגונים. די דערוואַקסטע יוגנט האָט שטאַלצירט מיטן אייגענעם מכבי־אָרקעסטער, מיט אַ דראַמאַטישן קלוב און דעם יידישן בוך. עס איז אויסגעוואַקסן אַ נחתדיקע יוגנט, וואָס האָט מיטן באַקאַנטן חסידישן ברען געלעכצט נאָך וויסן און דערפֿילט אַ נויטווענדיקייט פּטור צו ווערן פון צוריקגעשטאַנענקייט און איזאָלאַציע. עס זענען אויפֿגעקומען נייע

חברות און פאַרטייען — אַ נאַטירלעכער המשך פון דער שיינער חסידישער טראַדיציע, וואָס די ווישקאָווער יוגנט האָט געירשנט פון פריערדיקע דורות. מיט דער התלהבות און שבת־קודשדיקן אהבת הכלל האָט זיך אין גאַס געטראָגן דאָס ליד פון באַפרייאונג און נאַציאָנאַלער גאולה. מיטן גייסט פון פּאָעטישער התפעלות אין האַרצן און מיט דער נייער התעוררות פון דער צייט, איז אַנטשטאַנען אַ קולטורעל־חשיבותדיקע באַציאונג צו שפּראַך און פאָלק, צו די אַספּיראַציעס פון יינגן דור.

אין יענער צייט האָט די ווישקאָווער יוגנט איינגעלאַדן אויף אַ רעפעראַט דעם גרויסן שריפטשטעלער און דענקער הלל צייטלין (פונעם וואַרשעווער „מאָמענט"). כאָטש דער עקסטרעמער טייל חסידים אין שטעטל האָט אַרויסגעוויזן אַ שאַרפע קעגנערשאַפט צו דער איינלאַדונג, איז דער רעפעראַט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתער פאָלקספאַרזאַמלונג. עס זענען געקומען יידן פון אַלע שאַטירונגען: קורץ־געקליידעטע און ראַזירטע, מיט חסידישע מלבושים און בערד און פּיאות. דאָס תנאישע הדרת־פּנים און זיינע שוואַרץ־דורכדרינגענדיקע אויגן האָבן געוואונען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און זיינע רייד האָבן אַריבערגעטראָגן צו דער פּרעכטיקער פאַרזאַמלונג אַ זיכערקייט און גלויבן אין די אייגענע כוחות. דער גרויסער למדן האָט גערעדט וועגן וועלטלעכקייט אין גייסט פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע. פון זיינע רייד האָט גערעדט דער מאָדערנער סאָציאָלאָג — און דאָס מיט אַזאַ נאָענטקייט צום מדרש און משניות. ביי יענעם רעפעראַט האָט ווישקאָוו דערפילט די גרויסע חשיבות און פּאָעטישע שעפערישקייט וואָס איז פאַרבאָרגן אין יידיש־לשון. הלל צייטלין האָט אין זיך פאַראייניקט דאַן דעם גרויסן בעל־תורה און די פשטות פון פאָלקס־מענטש.

נאָך דעם יומטובדיקן צוזאַמענקום, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז אין דער ווייטער נאַכט, האָט דער גאַסט פאַרשפּעטיקט די באַן, וואָס האָט אים באַדאַרפט צוריקפירן קיין וואַרשע. קיינער האָט נישט געטראַכט וועגן שפּאָרן צייט, ווייל ביי אַלעמען האָט געהערשט אַזאַ געהויבענע שבתדיקייט. ווען דער גאַסט האָט אויסגעפונען, אַז ער וועט ביז פאַרטאָג מוזן וואַרטן אויף אַ באַן, האָט ער ערשט פונדאָסניי זיך פאַרנומען צו ענטפערן אויף פראַגן פונעם פאַרזאַמלטן עולם. ווען דאָס שטעטל איז שוין געווען פאַרזונקען אין שלאָף הינטער די פאַרמאַכטע טירן און פאַרריגלטע לאָדנס, איז אַ גרופּע יוגנט פאַרבליבן מיטן גאַסט. הלל צייטלין, אין באַגלייטונג פון דער גרופּע, האָט אויסגעזען ווי אַ צדיק מיט חסידים, וואָס איז אַרויס אין גאַס איינאָטעמען די פרישע לופט, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם דערפרישנדיקן ווינטל, אונטער די טאַנצנדיקע שטערנדלעך אויפן טיף־בלויען פּרוכת. ווען זיי זענען צוגעקומען צום וואַלד, האָט זיך געוויאַוועט אַ קלוגער אַלטיטשקער און האַרציק אַרומגענומען דעם גאַסט. גערעדט האָט דער אַלטיטשקער מיט התפעלות וועגן צייטלינס למדנות און חריפות. דערווייל האָט חברה צעלייגט אַ פייער און זיך אַרומגעזעצט אויף אָפּגעזעגטעביימער. דער אַלטיטשקער גופא איז געזעסן אויף אַ קעסטל, נאָענט צום שייטער. זיין פּנים האָט געלויכטן מיט מתיקותדיקער פאַרטראַכטקייט אין דעם פינצטערן וואַלד. ער האָט דערציילט, אַז מיט פיל יאָרן צוריק, אין דער צייט פון רבי שלמהלע אייגער, דער דעמאָלט פּאָפּולערער גאון, איז ווישקאָוו געווען געבענטשט מיט אַ ייד, וואָס כאָטש ער איז נישט געווען קיין בן־תורה, איז ער אָבער געווען איבערגעגעבן צו עבודת־הבורא אויף זיין אייגענעם שטייגער. ער איז גרייט געווען זיך מוסר־נפש זיין פאַר קהל יעדע מינוט אין מעת־לעת. אַזאַ ייד איז געווען הערשעלע וואַסערטרעגער. דעם שורש פון די היינטיקע לידער און ניגונים קאָן מען געפינען, אויב מ׳וועט זוכן — אין הערשעלעס ניגון. „עורו־נא, קומו־נא, התעוררו!" — האָט זיך געטראָגן מיט קרישטאָלענער קלאָרקייט און נחתדיקן ציטער איבער יידישע הייזער אין דער גאָטספאָרכטיקער שטילקייט פונעם ערב שבת־קודש. ס׳איז געווען זיין מזמור, זיין שירה צום באַשעפער. מען דערציילט, אַז מיט די פּאָלעס, פאַרשטעקטע הינטערן גאַרטל, פלעגט ער מיט דער לייכטקייט פון אַ הירש זיך פאַרבייטראָגן די פאַרמאַכטע לאָדנס און מיט גרויס ליבשאַפט געוועקט די ווישקאָווער יידעלעך זיי זאָלן אויפשטיין צו תהילים און זינגען שירה צום בורא־עולם. פאַר אים איז דאָס געווען דאָס שענסטע געזאַנג, ס׳איז געווען אַ מין באַהעפטן זיך מיט דער אייביקייט. „עורו־נא, קומו־נא", האָט אַריינגעדרינגען דורך די לאָדנס און ס׳האָט אַ צי געטאָן נאָך נעגל־וואַסער. הערשעלעס ניגון איז פול געווען מיט רחמים, וואָס דער יצר־הרע פון שלאָף האָט נישט געקאָנט גובר זיין. און דער ניגון האָט געפרעגט: „למה רגשו גויים"? — און טירן האָבן זיך געעפנט, יידן זענען אויפגעשטאַנען צו תהילים. דאָס איז געווען זיין חלק אין עולם־הבא. ער איז געווען אַרומגעגאַרטלט מיט קדושה, ווען ר׳האָט געהערט אויף די גאַסן טריט פון יידן וואָס האָבן קוים די ערד באַרירט.

אין דער חשכות פון דער גאָר שפּעטער נאַכט, האָבן זיך פון בית־המדרש געצויגן לאַנגע פּאַסמעס ליכט. באַלד איז דאָס בית־התפילה פול געוואָרן מיט געזאַנג און דער למנצח בנגינות האָט זיך ווי הימלישע שירה געטראָגן אין דער פרימאָרגן־לופט. די מזמורים האָבן זיך אויסגעמישט מיטן בלעטער־גערויש פון וואַלד און אין ערשטן בליאַסק פון פרימאָרגן־ליכט האָבן די פייגל פאָרגעזעצט דעם מזמור, גלייך די גאַנצע וועלט וואָלט געזונגען אַ שבח דעם בורא און דעם שבת־קודש. אַלץ האָט זיך האַרמאָניש צונויפגעגאָסן אין איין ווונדערלעכן ניגון.

ווען ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטראַלן פון זון־אויפגאַנג, איז הערשעלע שוין געשטאַנען איבער דער בריק ביים טייך בוג. ער האָט געלויכטן, ווי גאָטס שכינה וואָלט געווען זיין בגד. עס האָט אויסגעזען ווי דער טייך, הימל און זון וואָלטן זיך אַרומגענומען, געהאַלדזט און געקושט. ער איז מיט יראת־הכבוד געשטאַנען ווי פאַרן כביכול. דער פרימאָרגן איז פול געווען מיט סודותדיקן גערויש, גלייך דער טייך וואָלט געדאַוונט שחרית. אינמיטן טייך האָט זיך אויפגעהויבן אַ וואָלקן־זייל, וואָס האָט זיך קאָלירט אין רעגנבויגן־פאַרבן, אין פּראַכט פון זון־אויפגאַנג. די פאַרבן האָבן זיך געביטן רגעוויִיז, זיך געצויגן צום הימל און אויפגעלייזט אין זוניקן ליכט־שטראָם. דער וואָלקן־זייל איז ענלעך געווען צום ענן־האש וואָס האָט זיך פאַר משהן באַוויזן אין מדבר, ווי ס׳איז באַשריבן אין חומש. עס האָט אויסגעזען גלייך דאָס קדמון־פייער וואָלט דאָ געשוועבט איבערן טייך. אין די פייערדיקע וואָלקן־זיילן האָט הערשעלע געזען מלאכים פון דער פמליא של מעלה און געהערט געזאַנג. באַלד איז די מתיקות איבערגעגאַנגען אין מעכטיק־שאַלנדיקע נגינות צום שבתדיקן אור־הבוקר.

מיט חדווה אין האַרצן און יראת הכבוד איז ער געשטאַנען, ווי מען שטייט אין די ימים־נוראים און בקול דממה דקה, אויסגעזונגען „מזמור שיר ליום השבת" אויף זיין אייגענעם, אויסטערלישן שטייגער. הערשעלע איז גאָרנישט

געוועזן קיין בקי אין לשון־קודשדיקער עברי, האָט ער אָנגעהויבן זינגען מיט אַ באַנומענער התפּעלות אויף פּראָסט מאַמע־לשון און ס'האָט זיך באַקומען ספּאָנטאַנע פּרעכטיקע יידישע פּאָעזיע. און אַזוי ווי ער צעגייט זיך אין זיין געזאַנג און ריקודל, האָט ער דערפילט אַ האַנט אויף זיין פּלייצע. הערשעלע האָט אַ ציטער געגעבן, זיך אויסגעדרייט און דערזען פאַר זיך אַן אימה: נישט קיין אַנדערן, ווי דעם פּויזנער גאור אַליין רבי שלמהלע אייגער. ער האָט געוווּסט, אַז דער גאון, פאָרנדיק פון וואַרשע, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין ווישקאָוו. אָבער אַז ער, הערשעלע, זאָל שטיין פאַר אים פּנים־אל־פּנים, דאָס האָט אים זיכער אַ היפּש ביסל צעטומלט און דערשראָקן.

רבי שלמהלע אייגער האָט פאַרשטאַנען וואָס הערשעלע פילט, האָט ער אים אַרומגענומען און באַרואיקט מיט רייד און ווי צו זיינס גלייכן דערציילט וואָס ער האָט געזען אין וואַרשע, די רחבות און גדלות פון די דאָרטיקע רבנים. נאָר הערשעלע האָט, ווייזט אויס, זיך נישט איינגעהערט אין תוך פון זיינע רייד. ווייל מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו רבי שלמהלען און אים געפרעגט מיט אַ ציטערדיק קול:

— רבי, מעג מען רעדן צו גאָט אויף פּראָסט יידיש?

רבי שלמהלע האָט אַ ווײַלע געשמייכלט און נאָכדעם אים זייער ערנסט געענטפערט:

— דאָס לשון, וואָס קומט פון האַרצן, פאַרשטייט גאָט אַמבעסטן. דיין לשון, הערשעלע, איז נישט פּראָסט. און אויב אַפילו יאָ פּראָסט, איז פאַראַן קדושה אין דער פּראָסטקייט. ווען איינער הייבט אויף די אויגן, קוקט און באַוווּנדערט גאָטס באַשאַף און איז זיך מתדבק מיט דער יצירה דורכן געזאַנג פון ווינט, דעם וואַלד און פון פעלד; ווען אַ ייד קאָן אַזוי זינגען און מיט אַזאַ אהבת הכלל וועקן צו עבודת הבורא, ווערט זיין לשון נישט נאָר קודש — ער ווערט אַ מליץ־יושר אויף דער זינדיקער ערד פאַר גאולה און ביאת המשיח.

ווען הערשעלע האָט דערהערט אַזעלכע דיבורים פון דעם גאון אַליין, האָט זיין פּנים אויסטערליש אויפגעלויכטן. אין יענעם שבתדיקן פרימאָרגן האָט מען געהערט און געזען ווי דער מתנגדישער גאון־הדור האָט געלערנט אין ווישקאָוו וועגן דער קרובהשאַפט צווישן מתנגדות און חסידות. אין יענעם פרימאָרגן פאַר דעם שחריתדיקן דאַווענען, האָט רבי שלמהלע אייגער פאַרבראַכט מיט הערשעלע וואַסערטרעגער און גערעדט תורה אויף פּראָסט יידיש. ס'איז געוואָרן דאָס לשון פוי דער נשמה־יתירה און פון נאַציאָנאַלער חשיבות.

*

אַזוי האָט די יוגנט אין ווישקאָוו פאַרבראַכט מיט הלל צייטלין ביז כעלות השחר און אויסגעהערט ווי הערשעלעס ניגון „עורו־נא, קומו־נא, התעוררו" איז אויסגעוואַקסן צום געזאַנג פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג...

# די ווישקאָווער קאַפּעליע; דאַלעקעס

יצחק מאַרקוסכאַמער
לאָס־אַנזשעלעס

מיין היים איז שוין לאַנג אָפּגעברענט,
נאָר דער ווינט בלאָזט דאָס אַש מיר אין די אויגן.
א חלום נישט געשטויגן און נישט געפלויגן,
פירט מיך דורך שפּינוועבס־בריק צו מיין היים צוריק.
(נחום באָמזע)

...אַן אַסיפה פון ווישקאָווער לאַנדסלייט, אַז די צוויי ווישקאָווער „היסטאָריקער", ר' הערי און ר' חיים — איז ווי אַ חתונה אָן כלי־זמרים...

זיצן זיי און שמועסן וועגן די יידן אין אַמאָליקן ווישקאָוו. צווישן איין קרעכץ און אַ צווייטן דערמאָנען זיי דעם און יענעם, די און יענע חברות און אָרגאַניזאַציעס, די בילד־רייכע נאַטור־לאַנדשאַפטן אַרום אונדזער שיין שטעטל: דער סאָסנאָווער וואַלד, די גרינע לאָנקעס, דער ברייטער און טיפער טייך בוג, די גרויסע פרוכט־סעדער מיט די באַטעמטע פלוימען, עפּל, באַרן. הײנט די ווייסע און רויטע קאַרשן, וועלכע זענען געווען באַרימט ווייט־ווייט איבער די גרענעצן פון אונדזער שטעטל.

— הײנט אונדזער יוגנט — כאַפּט אונטער ר' יצחק, איינער פון די לאַנדסלייט, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך. — „די ברויזנדיקע יוגנט", ווי אהרן איינהאָרן האָט אָנגערופן די ווישקאָווער יוגנט, ווען ער האָט זיך באַקאַנט מיט זייערע אַקטיוויסטן, זייענדיק אויף דאַטשע אין אונדזער שמעקעדיקן סאָסנאָווער וואַלד.

— די ברויזנדיקע יוגנט — זאָגט ר' חיים — איז געווען ברויזנדיק, ווייל זיי האָבן געלעבט אין אָרעמקייט. אוי, די אָרעמקייט!

— אָבער דערפאַר, — זאָגט הערי, — ווען ס'איז געקומען שבת אָדער יום־טוב, געדענקסטו, חיים, די דערהויבענע געזאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון כמעט יעדער הויז. און אויף שמחות, געדענקסטו? מעטש מיטן פידל און נאָסעלע אויפן קלאַרנעט? אמתע טאַלאַנטן!

— און ווייסטו כאָטש, הערי, ווי אַזוי און ווען עס האָט זיך געשאַפן די קאַפּעליע אין ווישקאָוו? געדענקסטו די גראָבע דאַנטשיכע? אויף איר חתונה איז דאָס געשען. די גראָבע לאה־איטע, די כלה, האָט זיך איינגעעקשנט, אַז זי וועט בשום־אופן נישט גיין צו דער חופה, ביז מען וועט איר נישט ברענגען די גאַנצע פולטוסקער קאַפּעליע מיטן בדחן.

— וואָס? — האָט זיך צעשריגן איר פאָטער — אונדזער מעטש מיט נאָסעלען זענען דיר ווייניק? זיי דאַרפן נישט מאַכן קיין פּרנסה? וואָס עפּעס כלי־זמרים פון אַן אַנדערער שטאָט?

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די כלה איז באַשטאַנען אויף אירס. געזען אַז ס'איז שלעכט, איז איר פאָטער אַוועק צו מעטשן און אים דערציילט וואָס די כלה וויל: אַ קאַפּעליע מיט אַ בדחן.

— וואָס הייסט זי וויל? — שרייט מעטש. — ס'איז עפּעס הפקר אַ וועלט? פונדעסטוועגן האָט ער זיך באַלד באַרואיקט און מבטיח געווען, אַז עס וועט זיין אַ קאַפּעליע מיט אַ בדחן — „ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן".

אַז דער מחותן איז אַוועק, רופט זיך אָן נאָסעלע:

— טאַטע, ווו וועסטו נעמען אַ באַס, אַ פּויק און אַ פּידעלע? איך מיין טאַקע אַ פידעלע וואָס זאָל „רעדן", אַריינקריכן טיף אין האַרצן. איי, ווען דו קענסט קריגן

איסערן. אַז ער פאַנגט אָן שפּילן, באַקומען דאָך אַלע ווייבער די כאָלעריע.

— וואָס? — כאַפּט זיך מעטש — איסערל? ער וועט נישט וועלן שפּילן אין דער קאַפּעליע? פון די פּאָר שטיקלעך פּעטרעשקע און פּאַרפוילטע עפּל, וואָס זיין ווייב פאַרקויפט אויפן סטראַגאַן, גיט זי אים יאָ פּרנסה? פאַר אַ פּאָר קערבלעך וועט ער שפּילן! ער וועט? — גיט ער אַ פרעג שטילערהייט.

— און אַ באַס, אַ פּויק און טאַקע אַ בדחן? — פרעגט נאַסעלע.

— אַ באַס — זאָגט מעטש — האָב איך: פאַלוכל.

— פאַלוכל? טאַטע, ער האָט דאָך נישט קיין אויער!

— מאַכט נישט אויס — זאָגט מעטש. — איך וועל זיך נעמען צו אים. און אַ פּויקער האָב איך אויך — יידל! יאָ, יידל האָט אַ פּויק.

— וואָס? — שרייט נאַסעלע — יידל וואָס וואַשט די פּלאַקעס? ווײ איז מיר! וועט דאָס זיין אַ קאַפּעליע: יידל מיטן פּויק און פאַלוכל מיטן באַס!

— און אַ בדחן האָב איך אויך — זאָגט מעטש. — אונדזער ייִנגל חיים־הענעכל. איכ׳ל אים גלייך שיקן קיין וואַרשע צום גרויסן יאָסעלען, און אין איין טאָג מאַכט ער פון אים אַ בדחן.

כך הוה. אויף דער חתונה פון דער גראָבער דאַנטשיכע האָט געשפּילט די ווישקאָווער קאַפּעליע. איי, איז דאָס געווען אַ חתונה. מען איז געשטאַנען קעפּ אויף קעפּ, ממש דער־שטיקט צו ווערן. יונג און אַלט, יידן און גויים. מען איז געקומען נישט אַזוי זען די חתן־כלה, ווי הערן די נײ־געשאַפענע קאַפּעליע.

מעטש, אַ ברייט־פּלייציקער הויכער ייד, איז געשטאַנען אַ בלאַסער און גערעדט צו נאַסעלען:

— הער, מיין קינד, ווען דו שפּילסט, זאָלסטו שפּילן! דו ווייסט דאָך וואָס איך מיין. צימבל זיי אַריין אַן עפּקי מיט אַ בי. הערסט, דערלאַנג זיי, אַז דער רוח זאָל זיי נעמען!

און צו פאַלוכן זאָגט ער:

— ס׳וועט אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין, אויב וועסט אָנהייבן מאַכן קונצן מיט דיין באַס. קום אַריין גלייך מיט אַלעמען און ענדיק מיט אַלעמען, אַנישט וועט מען דיך ענדיקן באַלד נאָך דער חתונה...

און צו יידל פּאַלקער זאָגט ער:

— דאָרטן, ווו דו וואַשסט די פּלאַקעס און ווען דו זופּסט פון דער פלאַש — אַרט מיך נישט. אָבער אַז דו וועסט נעמען דאָ זופּן פון דער פלאַש, וועל איך מאַכן פון דיר אַ פּלאַק. דו הערסט? איך מיין עס, ווי איך בין אַ קלעזמער!

און צו איסערן זאָגט ער:

— נישט געזאָרגט, איסערל, עס וועט גיין. נאַסעלע וועט האַלטן אַן אויג אויף זיי. חיים־הענעכל, מיין ייִנגל (דאָ צעווײנט ער זיך), גיי ווייז זיי וואָס דו קאָנסט. פאַנג אָן דבר׳ן.



אַמאַטאָרן־קרייז — חוג חובבי הבמה

חיים־הענעכל טוט אָן זיין קאַפּל, שטעלט זיך אויף דער באַנק און הייבט אָן זאָגן תורה, שאַרפע ווערטער אין גראַמען. די ווייבער ווישן זיך די אויגן, די כלה קוקט דעם בדחן גלייך אין די אויגן, איר מויל — אָפן, זי לאַכט. חיים־הענעכל פאַרענדיקט זיין „זאָגעכץ״ מיט די פאָלגענדיקע גראַמען:

„אוי, כלהשי, כלהשי, וויין, וויין,
ביי דיין מאַמען האָסטו אַ סך חן,
און ווען דיין חתן וועט דיר אָנקוקן,
וועט ער אויך אויסברעכן אין אַ גרויס געוויין —
ונאמר: אמן!״

אַצינד גיט ער אַ געשריי:

— טאַטע, נאַסעלע, שפּילט אויף אַ פריילעכס! שפּילט אויף פאַר דער כלה אַ פריילעכס! אונטערפירערס! אונטער־פירערינס!

עס ווערט אַ טומל, מעטש מיט נאַסעלען פאַנגען אָן צו שפּילן און בעת מעשה טאַנצן זיי זיך אונטער. איסערל שפּילט אויפן פידעלע, אָבער די טענער זענען אַזוי דין, אַזוי ליריש, ווי זיי וואָלטן זיך בעטן: לאָזט מיך אָפּ. פאַלוכל שלעפּט דעם באַס און גרילצט אונטער. יידל קלאַפּט אויפן פּויק און מיט יעדער קיילעכל שנײ וואָס ער קריגט פון די ווייסע חברהניקעס, גיט ער פאַר כעס אַן עקסטראַ זעץ אין פּויק, שרייענדיק צו זיי:

— ס׳וועט אייך טרעפן אַ נאַגלע כאָלערע, ווען מיר וועלן פאַרטיק ווערן...

עס איז שטאַרק פינצטער, ס׳בלאָזט אַ ווינטל, אַ דריבנער שנײ פאַלט, די חופּה־ליכטלעך, וואָס די מחותנים טראָגן צווישן די פינגער, לעשן זיך. אין מיטן־דערינען הערט זיך אַ געשריי: „עס ברענט, עס ברענט!״ די פּאַטשיילע ברענט ביי דער משוגענער לאהלען. פון אַ ליכטל, וואָס זי האָט געטראָגן, האָט זיך אָנגעצונדן די פּאַטשיילע. עס ווערט אַ סומאַטאָכע, יידל און פאַלוכל נוצן דערווייל אויס די געלעגנהייט, כאַפּן זיך אַריין אין קיך און מאַכן אַ „לחיים״.

— איי, יידל, יידל, — זאָגט פאַלוכל, — ווען גאָט שיקט אונדז צו כאָטש יעדע וואָך אַזאַ פעטע חתונה!

— יאָ, — פאָנפעט יידל, — די בולקעס, די פיש, די טייערע יויך מיט די מאַנדלען. איי, אַ רוח זאָל עס נעמען!

— ווייסטו וואָס? — זאָגט פאַלוכל, — לאָמיר זיך צע־טיילן: דיר אַ פּאָר בולקעס, מיר אַ פּאָר בולקעס. מיינע קינדער האָבן שוין לאַנג אַפילו נישט געזען אַזעלכע בולקעס.

— לאָמיר לויפן, פאַלוכל! — שרייט יידל. — מען האָט שוין צעבראָכן דאָס קידוש־גלעזל, באַלד וועלן מיר דאַרפן אויפשפּילן דעם חופּה־מאַרש.

פאַלוכל לויפט, שלעפּנדיק דעם גרויסן באַס, וואָס איז צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי ער. יידל, אָנגעטאָן אין זיין פּויק, קאָן אים קוים נאָכלויפן. באַלד דערהערט זיך דער חופּה־מאַרש און דער עולם לאָזט זיך הוליען.

— יידן, וואָס האָבן בייגעווױנט די חתונה, וועלן דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן — פאַרענדיקט ר׳ חיים זיינע זכרו־נות. — אָט אַזאַ איז געווען די ווישקאָווער קאַפּעליע, וועלכע האָט אָן שום מוזיקאַלישע ידיעות — פאָרט אַריינגעבראַכט פרייד אויף די שמחות...

ד אַ ל ע ק ע ס

פאַר דעם וואָס איז נישט געווען אין ווישקאָוו בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה,

ווערט דאָס וואָרט „דאַלעקעס" קלינגען ווי אַ נאָמען פון דער הפטורה. ווייל אין יענער צייט איז דאַלעקעס אַפילו קיין באַן־סטאַציע נישט געווען. עס פלעגט זייער זעלטן טרעפן, אַז איינער אין דלוגאָשאָדלע האָט זיך געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס צו פאָרן מיט דער באַן דורך דאַלעקעס. און ווען דאָס האָט שוין יאָ פּאַסירט, פלעגט מען דעם פּאַסאַזשיר אין איילעניש אַראָפּלאָזן, און — אין עטלעכע סעקונדן איז שוין די באַן ווייטער געלאָפן אין דער ריכטונג פון אָסטראָלענקע.

ווען דער דייטשישער מיליטערישער קנאפּל האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף דער געגנט, האָבן זיי פון דאַלעקעס געמאַכט אַ שליסל־באַזע, וווּאַהין זיי האָבן צונויפגעפירט דאָס אָנגערויבטע רייכטום אין די שטעטלעך און דערפער. און פון דאַנען האָט מען דאָס געלאָדן אין וואַגאָנעס און געשיקט קיין דייטשלאַנד. פון דאַלעקעס זענען אָפּגעפאָרן טויזנטער וואַגאָנעס מיט אַלדאָס גוטס: האָלץ, קאָרן, ווייץ, יאַגאָדעס, לעבעדיקער אינווענטאַר און בכלל אַלץ אויף וואָס דער דייטש האָט געקאָנט לייגן זיינע הענט.

די עטלעכע יידישע פאַמיליעס, וואָס זענען געוואָרן קאָנצעסיאָנערן ביי די דייטשן, האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ שפּאָר ביסל יידישע אַרבעטער קיין דאַלעקעס. און אַזוי איז דאָס פאַרוואָרפענע דאַלעקעס אויפגעריכט געוואָרן, זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער באַן־סטאַציע אין דער געגנט און יידישע יונגעלייט האָבן געהאַט ווו צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט

דאָס קאַפּיטל דאַלעקעס איז פון אָנפאַנג געווען גענוג טרויעריק. דאָס עסן און שלאָפן — אומדערטרעגלעך, אָבער אויסער די פיזישע באַקוועמלעכקייטן, האָט אונדז דער עיקר אינטערעסירט דאָס קולטורעלע אויסלעבן זיך. ביי אונדז, יונגנטלעכע, איז דעמאָלט געווען אַ הייסער דראַנג נאָך אַ קולטור־לעבן, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזערע שטעטלעך. שפּעטער האָט זיך די לאַגע אַ סך פאַרבעסערט: עס זענען אויפגעבויט געוואָרן עטלעכע הייזער. עס איז צוגעקומען אַ געוועלבל, וואָס האָט פאַרקויפט עסנוואַרג און גאַנץ אָפּט — אויף באָרג. אָבער הויפּטזעכלעך, וואָס עס האָט דערפרייט אונדזערע הערצער, איז געווען: דאָס קומען אין דאַלעקעס פון דעם האַרציקן קולטור־מענטש יונגשטיין, וואָס האָט באַקומען אַ שטעלע אַלס שרייבער ביים געהילץ.

עס האָט זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן אַ ניי און אינטערעסאַנט לעבן. אַ דאַנק יונגשטיינס איניציאַטיוו האָבן מיר אָנגעהויבן אָרגאַניזירן קולטור־אָוונטן מיט געזאַנג און פאָרלעזונגען וועגן י. ל. פּרץ, שלום־עליכם, אברהם רייזען. די יאַטן האָבן שוין געוואַרט אויף די צונויפקונפטן. נאָך דער אַרבעט, אָפּגעגעסן דאָס אָרעמע מאָלצייט, קומט מען זיך צונויף. אינדרויסן ווערט צעלייגט אַ פייער, מען זעצט זיך אויס אויף די אָנגעלייגטע קלעצער. פריער קומען רעדעס און דיסקוסיעס, שפּעטער — פאָרלעזונגען. און עס פאַרענדיקט זיך געוויינלעך מיט געזאַנג. טאַלאַנטירטע יונגען, וואָס קאָנען גאַנצע שטיקער „קאָלדוניע" און „שולמית" פון גאָלדפאַדן, „דערלאַנגען" פאָרשטעלונגען, מיטן הימל און שטערן אַלס דעם סופיט פון טעאַטער; מיט דעם וואַלד אַרום — אַלס דעקאָראַציע און די טויזנטער פייגל — אַלס אָרקעסטער וואָס באַגלייט אונדזערע לידער.

די קולטור־אָוונטן און פאַרווייַלונגען אין דער פּרעכטיקער אומגעבונג פון דער נאַטור, האָבן געגעבן מוט און כוחות אויסצוהאַלטן די שווערע אַרבעט, וואָס אונדז איז אויסגעקומען צו טאָן, כדי צו פאַרדינען פאַר זיך און אונדזערע פאַמיליעס, זיי זאָלן נישט ליידן קיין הונגער.

# אַ טאָג אין דעם שטעטל

משה פאַרבשטיין
לאָס־אַנזשעלעס

ווען איך דערמאָן זיך אין ווישקאָוו, ווו ס'האָבן דורות־לאַנג געלעבט אונדזערע נאָענטע און טייערע, שוועבן דורך פאַר מיינע אויגן פאַרשידענע טיפּן און געשטאַלטן, וואָס האָבן געבילדעט דאָס יידישע, נאַציאָנאַלע, פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן; יידן פון אַלע שיכטן, וואָס האָבן געפירט דעם געראַנגל פאַרן טאָג־טעגלעכן קיום.

דער קאַמף פאַר חיונה — ווער ביי אַרבעט, ווער ביי מסחר און ווער ביי... אַרבעטלאָזיקייט, איז געווען אַ שווערער, בפרט פאַר יידן. דער ייד אין דעם האַלב־פאַשיסטישן און אַנטיסעמיטישן פּוילן איז נישט צוגעלאָזט געוואָרן אויף מלוכהשע צי מוניציפּאַלע אַמטן, אין קיין פאַבריקן, נאָר זיך געמוזט צונויפדרענגען אין די ספּעציפיש־יידישע פאַכן און בראַנזשעס. אין די לעצטע יאָרן פאַרן צווייטן וועלט־קריג האָט דער בויקאָט רואינירט אויך דעם יידישן מסחר.

פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך געווען האַלב פינצטער, פלעגן ווישקאָווער יידן אויפשטיין צו עבודת הבורא, אויפן רוף פון הערשינקע דעם באַהעלפער. אַ פּשוטער, טייערער ייד איז דאָס געווען, וואָס „האָט נישט געהאַט קיין גאַל" אין זיך, נאָר תמיד שמח בחלקו. ווער צום גרויסן, ווער צום קליינעם בית־המדרש, האָבן יידן אַהין געאיילט, אויף שנעל אָפּגעדאַוונט, צי מיט מנין, צי ביחידות. און עמעץ פלעגט נאָך „אַריינכאַפּן" דעם יום־תהילים. עטוואָס פאַרשפּעטיקטע האָבן שוין געדאַוונט מיטן צווייטן מנין — און געאיילט אַהיים, צו דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט מיטן שעפּן וואַסער פון שטאָטישן פּלומפּ. דאָס קלאַפּן פון די עמערס מיט די האָלאָביעס פון יידן־וואַסערטרעגער, פלעגט אויפוועקן די אַרומיקע איינוווינער. זומער פאַר אַ גראָשן און ווינטער פאַר צוויי (אַ פּאָר עמערס), פלעגט ער טראָגן דאָס וואַסער אין די רייכערע הייזער, וואָס האָבן זיך געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס. די מערהייט איינוווינער האָט אָבער אַליין געשלעפּט דאָס וואַסער צו זיך אַהיים.

פון בוג קערן זיך אום יידן, וואָס פלעגן אַלע פרימאָרגן זיך טובלען אין טייך — סיי זומער, סיי ווינטער. אָט פאָרט שוין דער שוואַרצער יצחק מיט זיינע זין אין ניעגראָווער וואַלד, נאָך קלעצער פאַר שקאַרלאַטס טאַרטאַק. זיי איילן זיך שטאַרק, כדי באַווייזן צוויי „יאַזדעס" אַ טאָג, צו פאַרדינען אויף חיונה פאַר זיך און... פאַר די פערד.

ס'איילן זיך מענטשן צו הערשל האָלצמאַן, וואָס האָט די קאָנצעסיע צו פירן פּאַסאַזשירן מיטן פּולטוסקער שאָסיי אין פּאָוויאַט, ווו מען מוז דערליידיקן פאַרשידענע אַמטלעכע ענינים אין סטאַראָסטע אָדער שטייער־אַמט — פּערזענלעך צי דורך דעם שטאָט־לאַווניק חיים־נתן וועגראָוו. אויף דודטשעס וואָגן מיטן ווייסן פערד פירן קצבים פון שעכטהויז

זייטלעך פלייש אין די יאַטקעס, כדי זיי דאָרט פערטלען און טרייבערן און צוגרייטן צום פאַרקויף.

ווער אין שול, ווער אין גימנאַזיע, ווער אין די חדרים — יינגלעך און מיידלעך איילן זיך. ווער צום געלן הערשל און ווער צו שמעון מלמד, דעם עילוי און יראת־שמים. יידיש־




דער מאַרק־פּלאַץ נעבן דער בריק ה„רינאֶק" ליד הגשר

געקליידעטע בהורים גייען אין בית־המדרש לערנען אַ בלאַט גמרא.

די סוחרים עפענען די געשעפטן, די שפּיליטערס ווידער איילן זיך צו די בריטשקעס פון די דאַנעס, וואָס האָבן די הויפּט־קאָנצעסיע צו פירן פּאַסאַזשירן צום באַן וואָס פאָרט קיין וואַרשע, כדי דאָרט איינקויפן פאַרשידענע סחורות פאַרן שטעטל און זיי ברענגען פאַר די הורט־סוחרים.

צווישן די קליינהענדלער און סוחרים באַמערקט זיך אַ באַזאָרגעוודיקייט פון שלעפּן דעם עול־פּרנסה. זיי מוזן אָפט אָנקומען צו אַ גמילות־חסד און זאָרגן דאָס אָפּגעבן צו דער צייט. פאַראַן בעלי־יכולת וואָס העלפן זיי און זענען מקיים די מצווה עזור תעזור.

אין די פאַרמיטאָג־שעהן זעט מען שוין יידישע יינגעלייט פּוסט־און־פּאַסט שפּאַצירן איבער די ווישקאָווער גאַסן, אָן שום אויסזיכט אויף וועלכער ס׳איז עקזיסטענץ אין דער צוקונפט. מען רעדט וועגן עמיגראַציע אַלס די איינציקע לייזונג — אָבער וווהין? אַבי אַוועק פונדאַנען, ווו די אויגן וועלן טראָגן. חלוצים טרוימען צו פאָרן אויף הכשרה און דערנאָך — קיין ארץ־ישראל, אַנדערע ווידער — קיין צפון־אָדער דרום־אַמעריקע. אַזוי זענען ווישקאָווער געוואָרן צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. נאָר דאָס איז געזאָגט געוואָרן כלפּי די גליקלעכע, וואָס האָבן פאַרמאָגט די נייטיקע פּאַפּירן און געלט. די איבעריקע פלעגן ווייטער מעסטן די ווישקאָווער גאַסן — פון בוג ביז פּשעדמיעשטשע. און דערנאָך פלעגט מען מידע און שעמעוודיקע זיך אומקערן אַהיים, צו טאַטע־מאַמע, כדי אָפּעסן דאָס מאָלצייט.

אַזוי האָט געלעבט אַ טייל ווישקאָווער יידישע יוגנט.

אמת, עס זענען געווען אין ווישקאָוו פיל בתי־מדרשים, שטיבלעך און — — — קלויסטערס, נאָר דאָס האָט נישט געשטערט צו אַ פריי לעבן. ווער געדענקט נישט די חסידים־שטיבלעך (ראַדזימינער, אָטוואָצקער, אַלעקסאַנדער, אַמשינאָווער און איבערהויפּט די גערער חסידים — און נאָך און נאָך)? די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פאַראיינען, פאַרטייען פון אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען און אויבנאָן — די ציוניסטישע באַוועגונג, די גרעסטע, רייכסטע און אַקטיווסטע פאַרטיי?

ווער געדענקט נישט די בתי־מדרשים מיט די אַלטע, פאַרגעלטע ספרים, פון וועלכע מען האָט יום ולילה געלערנט?

ווישקאָוו האָט אויך פאַרמאָגט אייגענע דראַמאַטישע סעקציעס צי אַמאַטאָרן־טרופּעס, וואָס האָבן געשטעלט פאַרשידענע פּיעסן און גראָד זייער ערנסטע.

דאָס שטעטל האָט אויך פאַרמאָגט אַנטיסעמיטישע פאַרטייען, וואָס האָבן שטענדיק געוואָלט אונדז שלעכטס טאָן. אין מיינסטע פאַלן איז עס זיי נישט געלונגען, צוליבן אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד מצד די יידן, דער עיקר — פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט באַקעמפט די דמאָווסקיס, סקלאַדקאָווסקיס און אַנדערע שונאי־ישראל.

ווישקאָוו האָט אויך אַדורכגעלעבט פאַרשידענע אינוואַזיעס אין משך פוןביידע וועלט־מלחמות — רוסן, דייטשן, באָלשעוויקעס און צום לעצט — די נאַצי־רוצחים. די אַלע אינוואַזיעס האָבן תמיד גורם געווען פאַר יידן צרות, ביז די לעצטע היטלעריסטישע מגיפה האָט אַלץ פאַרניכטעט.

אויך די פּאָליאַקן פון שטעטל האָבן באַוויזן, אַז אין דער מלאכה פון פאַרגיסן יידיש בלוט, שטייען זיי נישט אָפּ פון די דייטשע מערדער. עס געדענקט זיך נאָך אַ פאַקט פון יאָר 1920, ווען מען האָט געבראַכט קיין ווישקאָוו די אַנטלאָפענע יידן און אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך. מען האָט זיי צונויפגענומען אין סענאַטאָרס גאָרטן, נעבן דעם פייער־לעשער־זאַל. צוויי לאַנגע שורות פון צענדליקער פּאָליאַקן, באַוואָפנטע מיט שטעקנס, האָבן זיך אויסגעשטעלט — און יידן האָבן געמוזט אַדורכגיין דורך דער „בראַנד". מיט סאַדיסטישער הנאה האָבן די כוליגאַנעס געשלאָגן די אומגליקלעכע יידן. טייל זענען געוואָרן אינוואַלידן און ביי אַנדערע האָט עס גענומען טעג און וואָכן ביז זיי זענען געקומען צו זיך...



דראַמאַטישער קרייז חוג חובבי הבמה

# זכרונות פון די יוגנט־יאָרן

שמואל ניעסטענפּאָווער
מאָנטעווידעאָ

### דזשיגאַן און שומאַכער „דרייען" אַ פילם אין ווישקאָוו

איך האָב געוווינט אין פישער־געסל, ביי זעליק פישער — מיין פּרויס זיידע.

איינמאָל, געדענק איך, איז געוואָרן אַ טומל אין געסל. צו מיין פענצטער קומט צו יאָסל בינדוסקיס פרוי, רחל, און שרייט אויס:

— שמואל, איר זיצט אין שטוב? אויפן מאַרק איז לעבעדיק. דאָס גאַנצע שטעטל איז דאָרט. מען מאַכט אַ פילם מיט יידישע אַרטיסטן...

איך בין שנעל אַוועק אויפן מאַרק און דאָרט געזען ווי פון חייהטשע שליזאַנערס רעסטאָראַן גייען אַרויס שיכור דזשיגאַן און שומאַכער. דער פאָטאָגראַף האַלט אין איין דרייען דעם אַפּאַראַט און יעדע באַוועגונג פון די צוויי יידישע קאָמיקער ווערט פאַראייביקט אויף דער פילם־טאַשמע.

ביי דער בריק איז געשטאַנען אסתר־זעליקס מיט אברהמל פאַרעניאַזש, עלע שטויב, חיים דער פישער, עליע־מאיר בעקער מיט זייט פרוי, עלקע־שאַשע די באַלעגאַלטע, קנאַסטער דער שפּיליטער און דער אַלטער, שטומער בעקער, וועלכער האָט אַ צופרידענער געשמייכלט, אַז „זיין" ווישקאָוו האָט מען אויסגעקליבן צו דרייען אַ יידישן פילם...

### דער פּאַליאַק וואַלערעק שפּילט יידישע מעלאָדיעס

איידער די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָט מען שוין געפילט זאָרג און אומרו ביי דער יידישער באַפעלקערונג, אַן אַנזאָג פון אָנקומענדיקן שטורעם. די יידן אין ווישקאָוו, ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, האָבן געליטן פון אַנטיסעמיטיזם, עקאָנאָמישן בויקאָט און רדיפות.

עטלעכע טעג פאַרן 1־טן סעפּטעמבער 1939, האָט מען מאָביליזירט די רעזערוויסטן פון פּוילישן מיליטער. אויך מיך האָט מען אויפגעפאָדערט זיך צוזושטעלן צום 13־טן פּאַלק אין פּולטוסק. צוזאַמען מיט פיל ווישקאָווער, בין איך אָנגעקומען אין דער שכנותדיקער שטאָט, ווו מען האָט אונדז גלייך געשיקט גראָבן אַנטי־טאַנקן גריבער און אָקאָפּעס. מיר זענען געווען באַשעפטיקט פון 5 פאַרטאָג ביז 11 ביינאַכט.

דעם 23־טן אויגוסט האָבן מיר באַקומען נייע מונדירן און געווער. אויפן גרויסן הויף פון די קאַשאַרן פאַרמירן זיך די איינהייטן. אַרום דעם פּאַרקאַן, אויף דער טשענסטאָכאָווער גאַס, האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל פּולטוסקער איינוווינער, כדי געזעגענען די זעלנער וואָס דאַרפן אָפּמאַרשירן אויפן פראָנט. דער ערשטער באַטאַליאָן, צו וועלכן איך האָב געהערט, האָט אונטער די קלאַנגען פון אַ מיליטערישן אָרקעסטער אַרויסמאַרשירט פון טויער אין דער ריכטונג פון וואָקזאַל. די גאַסן זענען פול געווען מיט מענטשן, קיין שמייכל, קיין פרייד — נאָר טרויער און טרערן אויף אַלעמענס פּנימער. אַן אַלטע פּוילישע פרוי גייט צו מיר צו און זאָגט:

— שלאָג די היטלעריסטן, אויב איר לאָזט זיי אַדורך, וועלן זיי אַלעמען אויסקוילן...

ווישקאָווער יידישע יונגעלייט האָבן זיך גוט געשלאָגן. זיי זענען געפאַלן אויף די מלאַווער פעלדער, ביים שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער היטלעריסטישער אַרמיי. באַזונדערס געדענק איך שלמה בורשטין, פּעפקע דעם שוסטערס זון.

פון די ווישקאָווער פּאַליאַקן איז מיט אונדז געווען אין ערשטן באַטאַליאָן דער מוזיקער וואַלערעק. די דאָזיקע משפחה איז גוט געווען באַקאַנט אין שטעטל, ווייל זיי האָבן געשפּילט אין אַרטיקן קינאָ, ביז ס'איז אויפגעקומען דער קלאַנג־פילם. איצט, זייענדיק אויפן פראָנט, האָט וואַלערעק געהאַט מיט זיך זיין פידל.

איינמאָל, זיצנדיק אין די אָקאָפּעס, האָט ער אַרויסגענומען די פידל און אָנגעהויבן שפּילן... יידישע מעלאָדיעס. עס איז אַזוי גוט געוואָרן אויפן האַרץ, הערנדיק די היימישע יידישע ניגונים. די יידישע און פּוילישע זעלנער, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו די שיינע קלאַנגען, האָבן אין יענעם מאָמענט פאַרגעסן, אַז יעדע רגע דראָט דער טויט. און באמת: אין סאַמע עקסטאַז פון דעם דאָזיקן אָריגינעלן קאָנצערט אין די אָקאָפּעס, איז אָנגעפלויגן אַן עסקאַדרע דייטשישע עראָפּלאַנען און באָמבאַרדירט אונדזערע פּאָזיציעס. פיל זענען דאַן געפאַלן אין שלאַכט.

אַז עס האָט זיך באַרואיקט, האָט וואַלערעק ווידער גענומען שפּילן. דאָסמאָל — שאָפּענס טרויער־מאַרש...

אַן אַנדערש מאָל האָט וואַלערעק גענומען שפּילן ספּעציעלע מעלאָדיעס פאַר... די ווישקאָווער. „ווער ווייסט — האָט ער געזאָגט, — קאָן זיין, אַז אונדזער שטאָט איז חרוב און אירע איינוווינער ליגן אונטער די חורבות". ביי יעדן פון אונדז איז פאַרגליווערט געוואָרן דאָס בלוט. מיר האָבן די ביקסן שטאַרקער געדריקט אין די הענט...

אין אָוונט האָט מען גערופן די זעלנער צו רעגיסטרירן זיך אין „טויטן־בוך". אין פאַל פון אַן אומגליק, זאָל מען קאָנען צווויסן געבן דער משפּחה. איך האָב אָנגעגעבן דעם נאָמען פון נעכע זילבערמאַן־ניעסטענפּאָווער...

זינט איך געפין זיך אויף דער אורוגווייער ערד (נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה), באַגלייטן מיך וואַלערעקס קלאַנגען און דערמאָנען אין געפאַלענע חברים און אין דער אומגעבראַכטער יידישער באַפעלקערונג און אין דעם שטעטל, ווו כ'בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן.




די ביאַלאָסטאָצקע גאַס   רחוב ביאלוסטוצקה

# אונדזער וואָקזאַל; דער ישוב פּאָרעמבאַ

יעקב פּאַלוך
בוענאָס־אײַרעס

א.

ווישקאָוו האָט נישט פאַרמאָגט קיין סך פאַרוויילונגס־ערטער, ווו די אָרטיקע באַפעלקערונג זאָל זיך קאָנען אויסלעבן און פאַרברענגען נאָך אַ טאָג אַרבעט. די יידישע יוגנט, וועלכע האָט זיך געריסן צו אַ ניי לעבן, האָט פאַר אַ שפּאַציר־גאַנג אויסגענוצט די בריק איבערן בוג. דאָרט איז געווען דער זאַמל־פּונקט, פון דאָרט האָבן זיך געהערט פאַרשידענע דיסקוסיעס, סתם געשפּרעכן און געזאַנג.

געווען אָבער אין ווישקאָוו נאָך אַן אָרט, ווו מ׳האָט געקאָנט זיך אָנזעטיקן מיט דער פרישער לופט און געניסן פון דער שיינער לאַנדשאַפט: דער וואָקזאַל.

די שיינע און זיסע זכרונות פון אונדזער שטעטל קאָנצענטרירן זיך אַרום דעם וואָקזאַל. דאָרט זענען פאָרגעקומען די צוזאַמענטרעפן („ראַנדקעס”) צווישן יינגלעך און מיידלעך. ביי דער בריק האָט זיך יעדער איינער געפילט עמך׳דיק, ווי ביי זיך אין דער היים. דאַקעגן האָט דער שפּאַציר צום וואָקזאַל געטראָגן אַ מער אינטעליגענטערן כאַראַקטער און געפאָדערט אַ קאָרעקטע האַלטונג. ביים וואָקזאַל האָבן אונדזערע יוגנט־טרוימען געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצורייסן פון דער טאָג־טעגלעכער וואָכעדיקייט, זיך אויפהייבן אויף אַ ווייַלע אויף אַ העכערער שטופע פון חלומות וועגן אַ שיינער צוקונפט.

מ׳קאָן נישט זאָגן, אַז אונדזער שטעטל האָט געהאַט פאַר איר אונטערוואַקסנדיקער יוגנט אויסזיכטן אויף בעסערע צייטן. דער אַלטער דור איז געווען ווי צוגעשמידט צום פּלאַץ, נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו רירן זיך פון אָרט. אָבער די יוגנט, וואָס איז שוין אַרויס פון חדר און בית־המדרש און געהאַט אַ ברייטערן קוק אויפן לעבן, האָט אין די ראַמען פונעם קליינעם שטעטל זיך געפילט ווי אין אַ קלעם. דעריבער האָט זיי געצויגן וואָס מער זיך אַרויסצורייסן פון דער קליינשטעטלדיקער אַטמאָספער. האָבן טאַקע די שפּאַצירן צום וואָקזאַל זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין דערווייטערן זיך, זאָל זיין אויף עטלעכע שעה, פון דער טאָגטעגלעכער שטעטלדיקער מרה־שחורה. דאָרט, אויף דער פרייער לופט, האָט מען דערזען אַ פענצטער צו דער גרויסער וועלט.

ב.

די סטאַציע ווישקאָוו האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דער הויפּט־גאַס פון שטעטל, דעם פּולטוסקער שאָסיי. דער וועג צום וואָקזאַל האָט געפירט דורך אַ שמאָלן און לאַנגן גאָרטן מיט צוויי אַספאַלטירטע וועגן, צום אַריינפאָר און אַרויספאָר. ביי די זייטן פון וועג זענען געשטאַנען, איינגעגראָבן אין דער ערד, הילצערנע בענק מיט אָנלענס. די בענק, געפאַרבט אויף גרין, האָבן געדינט אַלס אָפּרו־אָרט פאַר די באַן־באַאַמטע אין זייער פרייער צייט. אויך פאַר אַנדערע איינוווינער איז נישט געווען קיין פאַרבאָט צו געניסן פון דער פרישער לופט און פון די בענק אויף דער אַלייע. נישט זעלטן פלעגט מען טרעפן מענטשן, ווי זיי כאַפּן אַ דרימל אויף די וואָקזאַל־בענק.

אין אַלגעמיין האָט די וואָקזאַל־געביידע געמאַכט אויסערלעך אַ גוטן איינדרוק. זי האָט אויסגעזען ווי אַ קירכע, נאָר אָן דעם קלויסטער־טורעם מיטן גלאָק. שטיינערנע טרעפּ האָבן געפירט צו די ברייטע איינגאַנגס־טירן מיט גרויסע שויבן. דאָס האָט געשאַפן דעם איינדרוק, ווי מ׳וואָלט געשטאַנען פאַר אַ פריצישן פּאַלאַץ.

דער וועג צום וואָקזאַל, נישט קיין צו לאַנגער, איז געווען אַ שיינער שפּאַציר־גאַנג. דאָך האָבן ביי אַ צען פאַמיליעס פון דראָזשקאַזשעס געצויגן דערפון פרנסה. די אויסגעדאַרטע פערד, שטענדיק איינגעשפּאַנט און גרייט צו פאָרן אויף יעטוועדן רוף, זענען געשטאַנען אינמיטן מאַרק. דער נעבעכדיקער אויסזען פון די פערד האָט מיט טויזנטער מיילער געשריגן וועגן דער נויט פון זייערע אייגנטימער...

די דראָזשקאַזשעס פלעגן אָפט גאַנצע טעג אָפּשטיין אָן אַ פאַרדינסט. די פערד האָבן געהירזשעט, זיך געבעטן אַביסל האָבער. זייערע באַלעבאַטים האָבן זיך אַרומגעדרייט איבערן שטעטל און אויסגעקוקט אַ פאַרדינסטל. זיי זענען געווען גרייט אויף יעטוועדער „יאַזדע”, ווי ווייט. פון גאָרנישט טאָן האָבן זיך די דראָזשקאַזשעס געהאַלטן אין איין וויצלען. ווי נאָר ס׳האָט זיך באַוויזן אַ פּאַסאַזשיר, האָט זיך פון אַלע זייטן אָנגעהויבן אַ רופעריי, פון וועלכער דער פּאַסאַזשיר זעלבסט איז צעמישט געוואָרן. דערפאַר איז יעדע דראָזשקע געווען פול, ווען ס׳זענען צוריקגעקומען פון וואַרשע און פון די דערבייאיקע שטעט און שטעטלעך סוחרים און שפּיליטערס. יעדער האָט מיטגעבראַכט זיינע פּעק מיט סחורה, קאַסטנס אַרומגעוויקלטע מיט אייזערנע רייפן.

ג.

אַנדערש האָט דער וואָקזאַל אויסגעזען פאַרטאָג. די לאָקאַלע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אויסגעפּועלט, אַז דער צוג זאָל וואַרטן אויף די פּאַסאַזשירן אַ גאַנצע נאַכט. אָנקומענדיק אין אָוונט, האָט דער לאָקאָמאָטיוו אויפגעהערט צו לאָזן רויך פון זיין קוימען, איבער נאַכט זיך אָפּגערוט, אָננעמענדיק כוחות צום מאָרגנדיקן טאָג. באַגינען האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען די פּאַסאַזשירן קיין וואַרשע, אָדער ערגעץ אַנדערש. די פּוילישע פּאַסאַזשירן פלעגן זיך אויסצייכענען מיט זייער געמיטלעכקייט, רואיק וואַרטן אויפן מאָמענט, ווען זיי וועלן איינשטייגן אין צוג. דאַקעגן די יידישע פּאַסאַזשירן זענען שטענדיק אָנגעקומען אין גרויס יאָגעניש. זיי האָט תמיד אויסגעפעלט אַ מינוט צו דער שעה. יידן און יידענעס זענען אין איילעניש, ממש מיט די לעצטע כוחות און געפילדער, אַריינגעפאַלן אויפן וואָקזאַל און שווער סאָפּנדיק, קוים באַוויזן זיך אַדורכצושטופּן צו דער קאַסע און קויפן דעם נייטיקן בילעט.

אין דער זעלבער צייט פלעגט דער קאַסיר, אַן אויסגעפּוצטער און אויסגערוטער, געלאַסן און פלעגמאַטיש זיך נעמען צו דער אַרבעט הינטערן פאַרקראַטעוועטן פענצטערל, גלייך דער צוג וואָלט נאָך געשטאַנען ערגעץ ווייט. צו דער באַשטימטער מינוט איז דאָס פענצטערל געוואָרן אויפגעעפנט, און ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטופּעניש און געדראַנג ביים קויפן די בילעטן. דערנאָך פלעגן יידן כאַפּן די פּעק און זעק און הענדום־פּענדום זיך געלאָזט לויפן צום צוג, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן צו שפּייען מיט פייער און רויך.

אין די נאָכמיטאָג־שעהן איז דער ווישקאָווער וואָקזאַל פול געווען מיט יידישער יוגנט. יעדער האָט דערוואַרט, אַז צו אים זאָל עמעץ קומען מיטן צוג פון וואַרשע. אייניקע שעה פאַרן אָנקומען פון צוג, האָט יונגוואַרג זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם וואָקזאַל און זיך געוויילט אויף אַ פאַרשידנאַרטיקן אופן.

איך געדענק אויך צייטן, ווען דער שפּאַציר צום וואָקזאַל איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַרן. איבער פוילן האָט זיך פונאַנדערגעגאָסן די אַנטיסעמיטישע כוואַליע. אונדזערע בחורים האָבן אָבער נישט אָפּגעטראָטן, נאָר גוט אָנגעבויקערט די ביינער פון די אָנפאַלער. און געטאָן איז עס געוואָרן אַזוי, אַז די פּאָליציי זאָל אונדז נישט כאַפּן. הגם נישט מיר, נאָר די ענדעקישע „העלדן" זענען געווען די אָנפאַלער אויף אונדזערע מיידלעך און ייִנגלעך אָדער סתם יידן, איז שטענדיק געווען אַ געפאַר, אַז די פּאָליציי זאָל אַרעסטירן נאָר די באַפאַלענע. האָבן מיר אָנגענומען אַ טאַקטיק: שנעל און גוט זיי אָנגעשלאָגן און — באַלד זיך אָפּגעטראָגן.

די צייטן זענען געוואָרן אַלץ ערגערע. אויך איך האָב נאָך לאַנגע וואַקלענישן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מיין געבורט־שטעטל (פּאָרעמבע). נאָך סוכות האָב איך זיך געלאָזט צופוס איבער די צוויי נישט־ברוקירטע, בלאָטיקע געסלעך, צום איינציקן שאָסיי פון אונדזער ישוב, כדי אָנקומען צום אויטאָבוס, וואָס האָט קורסירט אויף דער ליניע ביאַליסטאָק—וואַרשע.

אויפן שאָסיי בין איך אַזוי אָפּגעשטאַנען אַ צוויי שעה. פון אויבן האָט דער הימל געפינקלט מיט זיינע שטערן. ס'האָט געבלאָזן אַ קיל האַרבסט־ווינטל, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער.. מיין וואַרטן אויפן אויטאָבוס איז אָבער געווען אומזיסט. ער איז נישט געקומען. איך האָב וואָס שנעלער זיך באַדאַרפט דערשלאָגן צום ווישקאָווער וואָקזאַל. כ'בין גלייך אַוועק צו אַ באַקאַנטן פויער, לאָיעק, וועלכער פלעגט מאַכן „יאַזדעס" פאַר עטלעכע זלאָטעס, אַ ציגאַר, אַ הערינג מיט אַ פרישער בולקע. כ'האָב אים געבעטן שפּאַנען די פערד און מיך צופירן צו דער באַןסטאַציע פון ווישקאָוו.

דער וועג פונעם שאָסיי ביזן וואָקזאַל האָט געדויערט אַ היפּש שטיקל צייט, ווייל מ'האָט באַדאַרפט פאָרן ביי אַ 20 קילאָמעטער. איך און לאָיעק זענען דורכגעפרוירן געוואָרן. מיר האָבן געהאָפט צו דערוואַרעמען זיך אויפן וואָקזאַל. גרויס איז אָבער געווען אונדזער אַנטוישונג. ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל, איז נאָך געווען האַלב פינצטער. אין אַ ווינקל אויף אַ באַנק איז געלעגן אַ פויער און געשמאַק געשלאָפן. אין זאַל איז געווען קאַלט. מיר האָבן זיך געמוזט דערוואַרעמען מיט אַ שנעל לויפן איבערן זאַל הין און צוריק און קלאַפּן מיט די הענט. לאָיעק האָט געשאָלטן אויף וואָס די וועלט שטייט.

ביסלעכווייז האָט דער וואַרטע־זאַל זיך אָנגעהויבן אָנפילן מיט מענטשן, ס'איז טאַקע געוואָרן וואַרעמער. צום לעצטן מאָל בין איך געווען אַן עדות פון יידישער איילעניש ביים אָנקומען צום צוג. האַלב־פאַרשלאָפענע מענטשן מיט גרויסע פּעק זענען אין גאַיעג אַריינגעפאַלן אין דער וואָקזאַלליכטיקייט. צום לעצטן מאָל האָב איך זיך געזעגנט מיט די ליבע און באַקאַנטע ערטער און אַוועק אין דער ווייטער אומבאַקאַנטקייט...

כ'האָב פאַרלאָזט פוילן!

## דער ישוב פּאָרעמבאַ

נישט נאָר אין די גרעסערע יידישע ישובים אין פוילן, נאָר אויך אין די קלענערע און גאָר קליינע ערטער, האָט געשפּרודלט מיט אַ פולבלוטיק געזעלשאַפטלעך יידיש לעבן, כמעט אויף אַלע געביטן.

זיין חותם אויפן שטעטל האָט דער עיקר געלייגט דער רעליגיעזער טייל. די גייסטיקע שליטה האָבן געהאַט די קליינע און גרעסערע רביים, יעדער אין זיין שטיבל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דער שטאָט, ווו דער הייליקער צדיק האָט געפירט זיין טיש. גענוג צו דערמאָנען דעם שבת קודש, ווען יידן האָבן זיך אויסגעטאָן פון דעם וואָכעדיקן און זיך איבערגעגעבן דער רוחניות, באַגלייט מיט התלהבותדיקע טענץ און געזאַנג, וואָס האָט אָפּגעהילכט ווייט־ווייט. ערשט די שלוש־סעודותן מיט די מלווה־מלכות... ס'האָט זיך אַלץ נישט געוואָלט שיידן מיט דער שבת־מלכה און צוריקגיין צו דער וואָכעדיקער גראָקייט מיט אירע צרות און דאַגות.

יידן זענען געווען באַשעפטיקט — ווער אויף דעם שוסטער־בענקעלע, ביי דער שניידער־מאַשין, אין קוזשניע און ווער ביים קליינהאַנדל. יעדער האָט שווער געהאָרעוועט, כדי אַרויסציען חיונה, אָבער נישט תמיד מיט דערפאָלג. יעדער האָט אויף זיין אופן געפייערט די יום־טובים און שבתים.

### א.

אין אונדזער שטעטעלע האָט אויך נישט געפעלט דער יונגער, אויפגעקלערטער דור, מיט זיינע אָרגאַניזאַציעס, פאַרטייען און פאַרטייעלעך, וואָס האָבן געוואָלט ראַטעווען פוילן, די וועלט, ארץ־ישראל. אויך מיר האָבן געהאַט פעריאָדן, ווען מ'האָט פאַרגעסן אין די טאָג־טעגלעכע דאגות, זייענדיק פאַרטאָן אין כלל ענינים. דאָס זענען געווען צייטן פון קהילה־וואַלן, אָדער סיים־וואַלן, מחלוקתן וועגן אַ גבאי אין שול, אָדער אין שטיבל, צי ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַראָפּברענגען אַ נייעם שוחט און רב.

האָט מען וועגן אַזעלכע שטעטעלעך געהערט? האָט זיך עמעצער פאַראינטערעסירט מיט אַזעלכע קליינע ישובים אַרום ווישקאָוו, ווי: פּאָרעמבאַ, דלוגאָשאָדלע און אַנדערע, מיט זייערע תושבים און דעם שפּרודלדיקן יידישן לעבן?

אָדער אַפילו אַזעלכע יידיש־פּוילישע דערפער, ווי: קאַמיענטשיק, בראַנשטשיק, שטשאָנקאַ און פיל־פיל אַנדערע, ווו ס'האָבן געוווינט צו עטלעכע יידישע פאַמיליעס?

און ווער האָט געהערט פון אַזעלכע ערטער, ווי באַצק און אָסטראָוויעצק, ווו ס'האָט געפלאָסן אַ יידיש לעבן — אַן אָפּשפּיגלונג פונעם אַלגעמיין־יידישן לעבן אין פוילן? גענוג געווען צו אָבסערווירן די אָרטיקע יוגנט אין אַ שבתדיקן טאָג, ווען מ'איז געווען פריי פון די טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונגען און געהאַט דעריבער אַ מעגלעכקייט זיך אָפּצוגעבן דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן אין די פיר ווענט פונעם פאַרטיי־לאָקאַל, וואָס איז געווען אייגן פאַר צוויי פּאָליטישע ריכטונגען... אונטער אַ געמיינזאַמען דאַך האָבן זיי געפירט דיסקוסיעס אַרום די זעלבע פּראָבלעמען, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג. דיסקוסיעס — שטורמישע, וואָס נישט איינמאָל פלעגן זיי זיך ענדיקן מיט ברוגזן.

ווילט זיך איצט דערמאָנען מיין געבורט־שטעטעלע פּאָרעמבאַ און אַרויסברענגען אייניקע אינטערעסאַנטע פּרטים:

ס'האָבן דאָרט געלעבט ביי אַ זעכציק יידישע פאַמיליעס. די איינציקע יידישע הויפּט־גאַס, נישט ברוקירט, איז אינמיטן

געווען איבערגעשניטן דורך אַ האַלב־שטיינערנעם, האַלב־אייזערנעם צלם, וואָס איז געשטאַנען אויפן שייד־וועג, וועלכער האָט געפירט צו עטלעכע דערפער (אויך מיטן זעלבן נאָמען), וווּ ס׳האָבן געוווינט אַ קליינע צאָל יידישע משפחות. דאָס שטעטעלע האָט פאַרמאָגט אַ שיין און גרויס בית־המדרש, וואָס איז אויך געווען אַ מקום פאַר פאַרשידענע רייסערייען צוליב פריוואַטע אָדער קהלישע ענינים. ס׳זענען אויך געווען צוויי באַזונדערע שטיבלעך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַשטימטע רביים. פון די צוויי חדרים האָבן די מלמדים נישט געהאַט קיין פרנסה. פּאָרעמבאַ האָט געהאַט איר רב, אַ שוחט און אַ מקווה. אַרום דעם אָרטיקן שוחט, אַן אַלטער ייד, וועלכן מ׳האָט געוואַלט אָפּזאָגן פון פּאָסטן און אויף זיין אָרט אַראָפּברענגען אַ יינגן שוחט, וואָס זאָל אויך זיין אַ בעל־תפילה, זענען פאָרגעקומען שאַרפע מחלוקתן.

ב.

דאָס שטעטל האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסן קלויסטער מיט, אַמאָל אַ גוטן, אַמאָל אַ שלעכטן גלח. אין פּאָסט־אַמט האָט מען פון די אַמעריקאַנער בריוו, וואָס יידן פלעגן באַקומען פון זייערע קרובים, נישט איינמאָל אַרויסגענומען די עטלעכע דאָלאַרן, וואָס מ׳פלעגט פון צייט צו צייט שיקן אַלס אַ רעטונג אין זייער שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע. געווען אַ טעלעפאָן־פאַרבינדונג; אַן אַפּטייקער, וואָס פלעגט אַרויסגעבן רעצעפּטן אָן אַ דאָקטאָר; צוויי פעלדשערס, וואָס האָבן צווישן זיך נישט געלעבט בשלום. ביידע האָבן געמוזט זיך צוהעלפן מיט פריזירעריי. געווען אַ פּוילישער גמינע־אַמט, אַן אָרטיקער אַרעסט, וווּ צוזאַמען מיט שיכורים, זענען דאָרט אָפּגעקומען זייערע שטראָפן אויך אָרנטלעכע באַלע־באַטים פאַר נישט האַלטן ריין ביי זיך אין הויף; געווען אַ פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט מיט אַ קאָמענדאַנט, וועמען מ׳האָט געקאָנט אונטערקויפן. דער דאָזיקער קאָמענדאַנט איז געווען מיט אַלעמען אַזוי באַפריינדעט, אַז ער פלעגט ביי פאַרביי־גייענדיקע יידן אַרויסנעמען די פעדערן פון זייערע בערד. געווען אַ „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע", וואָס האָט נישט אַריינגענומען אין אירע רייען קיין יידן, נאָר אָפּט אַרויסגערופן אַן אַליאַרם, כדי איבערצושרעקן די אָרטיקע יידן... געווען אויך איינמאָל אין חודש אַ יאַריד, אַ שם־דבר אין דער גאַנצער געגנט. דאָ, ווי אין אַנדערע יידישע ישובים אין פּוילן, זענען פאָרגעקומען אַנטי־יידישע עקסצעסן און פּיקעטן פאַר די יידישע געשעפטן. פאַרשטענדלעך, אַז דער „גוטער" פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט זיך דאַן אויסבאַהאַלטן. געווען אויך אַ פּוילישע „ספּולקע", וואָס האָט גערופן די אָרטיקע פּויערים נישט צו קויפן ביי יידן.

און טראָץ אַלעמען — האָט מען ווי ס׳איז געלעבט, דערצויגן קינדער, זיי חתונה געמאַכט און דערלעבט אַ ביסל נחת. געווען אויך צייטן פון טרויער ביי יידן: אַן אבל אין אַ יידישער שטוב, אָדער סתם אַן אומגליק. געווען אַ יידישע, פולבלוטיקע יוגנט מיט אַ סך אַ סך האָפענונגען אויף אַ וועלט אַ שענערע, אַ בעסערע און אַ מער פריינדלעכע פאַר יידן.

ג.

מיין קליינער ישוב האָט פאַרמאָגט די זעלבע גוטע און שלעכטע מעלות פון יעדער יידישן ישוב אין פּוילן. מיר האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע געשעענישן — גרויסע ווי קליינע, וויכטיקע און אומוויכטיקע, וואָס האָבן פון צייט צו צייט אויפגעשטורעמט די אַלגעמיינע און יידישע עפנטלעכע מיינונג. מיר האָבן מיט שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט נאָך אַלע וויכטיקע געשעענישן, געלייענט מיט אינטערעס די באַריכטן פון די סיים־זיצונגען, וווּ מ׳האָט באַהאַנדלט יידישע ענינים.

בעת דעם בייליס־פּראָצעס, אין יאָר 1911, זענען מיר אַלע געווען אונטערן שטאַרקן רושם פון די אַרויסטרעטונגען פון ביידע צדדים. אין בית־המדרש, אין גאַס, אין מרחץ, אין די היימען — אומעטום ווו יידן האָבן זיך געטראָפן, איז דער דאָזיקער פּראָצעס געווען די טעמע פון טאָג. שפּעטער, אין יאָר 1913, ווען בייליס איז באַפרייט געוואָרן, איז די פרייד ביי יידן געווען אין לשער. מיר האָבן באַקומען אַ וואָגיק געווער קעגן אונדזערע שונאים.

אין דער זעלבער צייט איז געשען דער פאַל מיטן גלח מאַטשיוש, וואָס איז דורכן געריכט פאַרמשפּט געוואָרן פאַרן אַרויסגנבענען די בריליאַנטענע אויגן פון די הייליקע פיגורן אין קלויסטער. אַז קריסטלעכע יינגלעך פלעגן אונדז נאָכשרייען „בייליס" — פלעגן מיר ענטפערן: „בייליס זשיע — מאַטשיוש גניִע !..." („בייליס לעבט, מאַטשיוש פוילט").

ד.

גרויס איז געווען אונדזער פרייד אין דער צייט פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. יידן זענען גרייט געווען אַלץ איבערלאָזן און פאָרן קיין ארץ־ישראל. די יוגנט איז גרייט געווען צו רעזיגנירן פון די וואַרעמע היימען, כדי צוריק דעראָבערן די אַלט־נייע היים.

אין פּאָרעמבאַ איז געווען אַ ביבליאָטעק פון עטלעכע הונדערט ביכער, וואָס האָט באַדינט די יוגנט פון אַלע ריכטונגען אין שטעטל און אַרומיקע דערפער. זייער אָפט זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרשידענע ליטעראַרישע אָוונטן, קעסטל־שמועסן, קאָנצערטן, דיסקוסיעס און וויסנשאַפטלעכע לעקציעס. אויך דער שרייבער פון די שורות איז געווען איינער פון די רעפערענטן. די דאָזיקע נוצלעכע אינסטיטוציע איז שפּעטער געשפּאָלטן געוואָרן דורך די אָנהענגער פון דער א. ג. לינקער ריכטונג.

מיטן אַנטשטיין פון השומר־הצעיר, איז אונדזער יוגנט פאַרכאַפּט געוואָרן מיט דעם נייעם געדאַנק. אַלע אָוונטן האָבן מיר פאַרבראַכט אין געזאַנג, האָראַ־טענץ, ביים אויסהערן רעפעראַטן. דער לאָקאַל איז געווען באַצירט מיט בלוי־ווייס, אויף די ווענט זענען געהאָנגען בילדער פון די פּראָמינענטע ציוניסטישע פירער.

ה.

ס׳זענען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן פיל ביכער געווידמעט אונדזער לעצטן חורבן. אָבער בדרך כלל זענען אַזעלכע קליינע ישובים, ווי אונדזער שטעטעלע פּאָרעמבאַ, באַעוולט געוואָרן. אין דער אמתן האָט דאָך אויך אין די קליינע שטעטעלעך געשפּראָצט אַ יידיש־נאַציאָנאַל לעבן, אַ דאַנק וועלכן מיר האָבן געקאָנט אויסהאַלטן אַזאַ לאַנגן גלות־וועג. דאָרט, אין די קליינע ישובים, האָט זיך קאָנצענטרירט אַ באַדייטנדיקער טייל פון דעם יידישן קיבוץ אין פּוילן. נישטאָ די געהעריקע כוחות, וואָס זאָלן איבערוויין דער געשיכטע די העראָישקייט פון דער יידשער יוגנט אין די קליינע ישובים אין זייער קאַמף מיט די היטלעריסטישע מערדער. וויפל קאָלעקטיווע העלדישקייט האָט זיך אַנטפּלעקט אין די צייטן פון חורבן בית שלישי — און גראָד אין די דאָזיקע קליינע ישובים?

חבל על דאבדין, איר קליינע ישובים, מיט די טויזנטער און טויזנטער יידן. דערמאַנט אייך ווער? וועט אייך די געשיכטע פאַראייביקן?

# מוישקוֹב עד קיבוץ דפנה

יהודה אילן
קיבוץ דפנה

שנות נעורי עברו עלי בין כותלי ה„חדר" והמשכם בישיבה של הרבי ברדזימין. מוצאי ממשפחה חסידית ענפה של הרבי מגור וחינוכי היה יהודי מסורתי. משפחתי — משפחת אולשקר — התבלטה בפעילות בחיים הציבוריים של הקהילות היהודיות ופעלה רבות בענינים השוטפים של היהודים בווישקוֹב.

לדאבוני וצערי הרב לא זכיתי להכיר את האמא היקרה שלי, שיינה־פרומה־מלכה — אשה צדקנית, פקחית וטובת לב, כפי שסיפרו לי עליה. היה בה משילוב הכל: לפי השם שלה היתה יפה (שינה), אדוקה (פרומה) ומלכה ממש. כולם חיבבוה והעריכו אותה מאד מאד. היא היתה בכל המקומות ונתנה ידה לעזרת חולים ונדכאים, והכנסת כלה. תמיד עזרה במתן בסתר לנצרכים — ופעם לפני פסח יצאה לאסוף תרומות ל„מעות חטים" ליהודים שאין להם לסדר את הפסח ואז התקררה. ביום א' דחול־המועד פסח נפטרה ואני אז רק בן 2, והיא היתה רק בת 32. חבל דאבדין ולא משתכחין.

כאמור, מוצאי ממשפחה חסידית ואבי, יצחק יוסף, לא חסך עמל וטרח כדי לחנכני בדרך ה„ישר", דרך בה הוא ואבות אבותיו הלכו בה. בישיבה למדתי בדבקות רבה ושקעתי בים של סוגיות תורה שבעל־פה. מנגד עיני לא מש הש"ס, הגמרא, בה אני הייתי שקוע יום ולילה. שנות בגרותי עברו בישיבה. אבל ביום בהיר אחד בקע זיק ניצוץ של חיים אחרים — חיים של דור הרואה את הנולד, דור הרואה את עתידו בארץ־ישראל, בארץ שירגיש את עצמו חופשי כמו עמים אחרים שחיים בארצות שלהם.

בעירנו, וישקוֹב, נוסדה אז הסתדרות „החלוץ". על אף חינוכי בישיבה ראיתי בעין חדה ב„החלוץ" את הדרך בה אני צריך ללכת, אבל זה לא היה פשוט כל כך בשבילי להגיע ל„החלוץ" משום שההורים שלי התנגדו בכל תוקף לדרך זו, ששם התאספו יחדיו בנים ובנות ולפי השקפתו של אבי נקרא דבר זה בפיו אפיקורסות־להכעיס. השקפתו של אבי היתה: ללכת בדרך של הדורות הקודמים, להיות יהודי אדוק בבית ואדם ברחוב ולא לצאת לתרבות־רעה. אמנם, אבי היה אדוק וחסיד גדול ויום־יום לפנות בוקר למד את הדף היומי, דף גמרא וגם למד פוסקים בין מנחה למעריב והיה מקובל בין היהודים החרדים, שמקומו ב„שטיבל" היה במזרח ומסר הרבה מזמנו להיים ציבוריים. אבל יחד עם זה היה גם מקובל כלפי חוץ, אצל הגויים, כיהודי גאה ומסודר למופת, מפאת עסקו בסחר־עצים, חלקות יערות ושותף במנסרה, שעבדו שם עשרות רבות של פועלים והוא גם ניהל את הפנקסנות עם „פריצים" פולניים אצילים בעניני עסק, קנית חלקות יערות עבור המנסרה. אבא שלי (לא כמו שהיה בזמנו עם יהודים אחרים, חנפנים ומלחכי־פינכה של פריץ). בביקוריו אצל הפריצים, לא התחנף להם וידע להיות גאה ולהבליט את יהדותו וגם בלבושו האצילי היה יהודי במלוא מובן המלה. ב„שטיבל" היה בין המארגנים וגם גבאי. היה חבר במוסדות יהודיים רבים ופעל בהם רבות. בכל שבת היה מקובל על כל חסיד להזמין חסידים לביתו ל„קידוש".



הנוער הציוני אין 1918, צוזאַמען מיט ד"ר גאָטליב
הנוער הציוני בשנת 1918, יחד עם ד"ר גוטליב

קידשו על כוסית י"ש עם עוגיות ושמחו את לבם בשבת־אחים לפני שהתפזרו כל אחד לביתו לסעודה. וכך באו גם אלינו החסידים ושתו „לחיים". בין כוסית לכוסית שרו ניגון חסידי נרגש ובהמשכו השתלבו כתף על שכם בריקוד חסידי נלהב. החיים היו מלאי התלהבות ומדי שנה בשנה נסע אבא לרבי מגור לביקור ימים מספר. וכך רצה אבי לתת לי חינוך בו הוא התחנך, אבל, כפי שאמרתי כבר, התחילה התמרדות פנימית ודחפה אותי לצאת למרחב, לאוויר צח יותר ולא לשהות רוב שעות היום והלילה בין כותלי הישיבה.

בשקט „במחתרת" התחלתי לפעול ב„החלוץ". שם מצאתי פורקן למאוויי וגם פגישות עליזות עם חברים ובעיקר עם חברות, שעד אז הייתי רחוק מהן. אמנם, גם בהיותי בישיבה הצצתי מעבר לחלון, לעבר הבנות שרבות מהן מצאו חן בעיני, אבל זה היה רק במחשבה, לא להראות את זה בגלוי והס מלהזכיר על פגישה עם בת — דבר שהיה אסור בתכלית האיסור. ב„החלוץ" התחלתי לפעול במלוא התלהבות. הפגי־שות שלי קיימתי, כמובן, בלי שההורים שלי ידעו, אך המשכתי יום־יום במשנה מרץ בלימודים בישיבה, כדי שלא לעורר חשד בלב ראשי־הישיבה או תלמידי ישיבה אחרים, שלבי כבר נמצא במקום אחר, ובחיים של הכנה לעתיד, להגיע סוף־סוף לארץ המקווה — ארץ־ישראל.

להסתדרות התמסרתי בעבודת ה„מחתרת" למען ארץ־ישראל ולא הגיע שמץ דבר לאזניו של ראש הישיבה וגם



אַ גרופּע פון החלוץ הצעיר
קבוצה של החלוץ הצעיר

לאבא שלי לא נודע דבר על החיים הכפולים שלי. בשנת 1923, בין פורים לפסח, נבחרתי עם מספר תלמידים מצטיינים בישיבה לנסוע לוורשה, לרבי מרדזימין, להבחן בסוגיות אותן למדנו במשך השנה. אבי היה מלא שמחה על שנבחרתי לנסוע לרבי לבחינות. הייתי אצל הרבי שבוע ימים והשמש שמר עלי כבבת עינו ואחר קיבל אותי הרבי סוף־סוף לבחינות ונבחנתי ב־20 עמוד ממסכת פסחים. ידעתי את 20 העמוד על־פה עם כל המפורשים מהרש״א, תוספות וכו׳ ויצאתי מהבחינות שארכו מספר שעות בהצלחה ממלאה. הרבי נתן לי צביטה בלחי ואמר לי שאהיה מתמיד ותלמיד טוב. אבל באותו זמן חשבתי בלבי כבר אחרת, רעיונותי כבר היו רחוקים יותר מהדרך הזאת בה הלכתי עד אז. חזרתי הביתה וראש הישיבה מסר לאבא שלי על התוצאות של הבחינות הטובות ביותר ורווה הרבה „נחת״ ממני. אבל אני התייצבתי אצל אבי והודעתי לו באופן סופי ומוחלט, שאינני יכול להמשיך הלאה בלימודי בישיבה בלי להודיע לו על מחשבותי בנוגע לדרך החדשה שלי. לא הועילו לו בקשותיו שאמשיך אחרי הציונים הטובים. אמרתי לו שברצוני לעזור לו במנסרה במדידות וכו׳. אחרי ויכוחים רבים הסכים לדעותי, אבל ביקש ממני, כדי שלא אשכח את התלמוד, ללמוד ערב־ערב ב„שטיבל״ דף גמרא. וכמובן עשיתי את זה זמן לא רב.

אז נפל הפור. ידידים טובים של אבא מסרו לו על יציאתי ל„תרבות־רעה״ ומסרו לו פרטים על פגישותי ב„החלוץ״. בשבת אחרי הסעודה הולך אני עם החברה ליער מעבר הגשר של הבוג. והרי דבר זה כשלעצמו הוא עבירה על „תחום שבת״, וגם דברים אחרים שאסור לבטא אותם. פעם אחת החליט אבא שלי לא לישון ביום והלך אל הגשר כדי לפגוש אותי ולהחזיר אותי ל„מוטב״, והכדור התפוצץ והענין יצא לאוויר העולם. אמנם, באותו יום הלכתי חזרה הביתה אתו, אבל מאז בא שינוי: במקום לעבוד ב„מחתרת״, הלכתי בגלוי. אחרי ויכוחים סוערים הסכים לדרכי, ברור — לא בלב שקט.

המעבר מחיי ישיבה להתעסקות בעסק של אבי לא עלה לי בקשיים ואותו דבר בפעילות הציבורית.

בכ״ה בתמוז תרפ״ה (1925) נפטר אבי אחרי מחלה כתוצאה מהתקררות, כי לעיתים קרובות היה מופיע אצל פריצים במזג־אויר רע ולא שם לב להתקררות עד שנכנס למצב שקשה היה אז לרופאים לעזור לו. האסון הזה פגע בנו קשה מאוד אחי יעקב היה כבר בעל משפחה עם שני ילדים והשתקע באוסטרוב מזוב. בבית נשארנו אני ואחי בוצ׳ה (ברוך). שמואל אחי יצא לארגנטינה בשנת 1921 ולא יכולתי להמשיך עם השותפים במנסרה שהמצב בשנים ההן במסחר העץ היה בכי רע והממשלה הפולנית גבתה מסים רבים מעל ליכולת העסק לעמוד בהם, ובסופו של דבר החרימה הממשלה את המנסרה בעד המסים שהעסק היה חייב ובקושי יכולנו לחסל את העצים ולמוכרם. כך אני התחלתי לנדוד לוורשה, שם פתח לו הרש יוסף סוקול, בנו של שותף מהמנסרה, בית־מסחר של עצים בוורשה והוא הזמין אותי שאעבוד אצלו בתור פקיד. ובוצ׳ה אחי, שהוא צעיר ממני בחמש שנים, נשאר בווישקוב עם אמי ודודתי מלכה. הוא המשיך ללמוד שם בישיבה

בוורשה שהייתי 5 שנים, 1926—1931, והשנים ההן היו שנים סוערות. בהתחלה עוד המשכתי בפעולות ב„החלוץ״, עד הפלוג ב„החלוץ״, שחלק ממנו פנה שמאלה יותר, ואני ביניהם, עד שבאתי במגע עם המפלגה הקומוניסטית. הייתי מאוד מקובל אצלם, העריכו אותי, עד שהחליטו למסור לי מכונת־דפוס, להוציא חוברות תעמולה קומוניסטיות בשביל בתי־חרושת לנשק ותחמושת בוורשה. עבודה מחתרתית זאת ביצעתי בלי־לות הקיץ כשגרתי במשרד בית־המסחר בו עבדתי. ביום באו אלי סטודנטים עם תיקים לבקרני על מנת למסור לי ספרי אמנות לקריאה ובהזדמנות זאת מסרתי להם לתיקיהם את חבילות החוברות שהדפסתי בלילה. החבאתי את חוברות התעמולה נגד המשטר מתחת ערימות עצים שהיו בשטח. כשנתיים בערך עבדתי ככה ולא הגיעה לבעל־הבית שלי שום ידיעה על פעולותי. במשך הזמן הייתי פטור מלהיפגש עם חברי המפלגה וגם פטור מביקורים בתאים של המחלקות השמאליות. כדי שלא יפול עלי חשד, ביקרתי באגודה של פקידים מהמקצוע שלי, שהיתה תחת השפעה קומוניסטית, אגודה עשירה ושם גם התקיימו שעורים ונאומים מחברי המפלגה הקומוניסטית, עד שפעם הקיפו את הבנין, חקרו את כולם שהיו באסיפה זאת ורשמו אותם בשמותיהם, כך שגם אצל בעל־הבית שלי, ביקרו חיפשו וחיטטו בין מטלטלי, אבל לא מצאו שום דבר, גם לא אמרו לו סיבת החיפושים אצלי, אך בעל הבית התחיל לעקוב אחרי, עד שהגיע הדבר לאזניו מעובד שעבד אתי ורצה להגיע לדרגתי (אכל קורצא). הוא לפעמים עזר לי בלילות בהדפסה ולא עלה על דעתי שיעשה זאת. ואז בלי אומר ודברים לקחתי את המכונה שהיתה חבויה במקום נסתר, ומסרתי אותה לידי מי שקי־בלתי אותו ממנו. באותו מעמד הגעתי למסקנה אחרי כל מיני מחשבות נוגות שהיו לי בענין זה, שגם ההנהלה ועבודתה לא מצאו חן בעיני ולא יכולתי להשלים עם דעותיהם. אחר־כך הודעתי באופן סופי ומוחלט שמפסיק אני את חברותי במפלגה והבטחתי להם ששום דבר ממה שידוע לי לא ייצא לאויר העולם, ושהכול ישאר טמון בלבי. התיחסו אלי באופן יוצא מן הכלל והבינו אותי, אמנם רצו מאד לעזור לי להסתדר ולתת לי אמצעים לכך, אבל דחיתי את זה וכך שוב באתי חזרה לביתי, „החלוץ״.

הרבה זמן כבר לא המשכתי בוורשה ועברתי לעירת סוקולי, שם חיתה משפחתי מצד אמי — ובלהיטות רבה התמסרתי לפעולות ציוניות ואיסוף כסף לקרנות ויחד עם זה התחלתי לחשוב על הגשמה עצמית שזאת היתה שאיפתי התמידית. בשנת 1933 החלטתי לצאת להכשרה ולהתכונן באופן סופי לעלות לארץ־ישראל. 5 שנים חייתי בהכשרה בקיבוץ בורוכוב בלודז׳ ובשנים ההן כמעט שלא נתקבלו סרטיפיקטים לעולים. בשביל למעלה מ־300 חברים נתקבלו 5 סרטיפיקטים, כך שלא היה סיכוי לעלות.

בשנים ההן התחילה ההעפלה, עליה ב׳, וזה היה כרוך בסכנות לא מעטות, אבל החלטתי היתה נחושה לעלות ויהי מה, אפילו שזה יעלה בסכנות רבות. אבל גם לעליה בלתי ליגלית היה תור. באחד הלילות בשנת 1938 הגיעה, באמצע השינה, לאזני לחישה מהמזכיר לצאת בבוקר מוקדם הביתה ולהתכונן לעליה בלתי ליגלית ולא להיפרד מהחברים והידידים שחייתי עמם מספר שנים. מה לא עושים כדי שהכל „ידפוק״ בסדר? נסעתי הביתה לסוקולי וגם שם לא סיפרתי לאף ידיד חוץ מהקרובים ביותר. כשיצאתי לדרך באו ללוות אותי רק בני המשפחה. ברכבת נסענו מוורשה דרך גרמניה הנאצית, שם בדקו אותנו וחיפשו אצלנו אם אין לנו כסף או דבר חשוד אחר. עברנו את הארץ הטמאה לאיטליה. ברכבת נסענו קרוב ל־3 ימים עד שהגענו לנמל באיטליה, שם עמדה כבר הספינה, ספינה בלי שם, עלינו עליה כשאנו מצטופפים כמו דגים מלוחים. הספינה היתה ל־40—50 איש, אך היינו שם 302 אנשים. קיצוב המים היה חמור, בלי להתרחץ וגם לשתות מעט. האוכל היה בכי רע, אבל מחשבותי היו רק להגיע לארץ היעודה וכל הקשיים והמכשולים היו קלים בעיני.

אחרי 5 ימים של שהייה בים ראינו מרחוק את חופי הארץ, אבל אסור היה לנו להגיע לפני הזמן המיועד לכן שטנו בלב ים עד שהאניה קיבלה (באניה עבדו גם מספר ישראלים) איתות שיכולים להתקדם ובמהירות הבזק התקדמה האניה לעבר המולדת ונעמדה במרחק־מה משפת הים, מול חופי נתניה. בחשכת הלילה באו סירות עם חברי „הפועל"



קאָמיטעט פון פועלי־ציון (צ. ס.) אין ווישקאָוו (עס שטייען פון רעכטס אויף לינקס): חיים־שלמה לעווין, טשעכאנאָוויעצקי, לייבל ברעסלער. (עס זיצן): שלמה ניימאַרק, משה פערלע, ישראל קאַלוסקי, חנא אַפּעלבוים.

ועד פועלי־ציון (צ. ס.) בוישקוב (עומדים — מימין לשמאל): חיים־שלמה לוין, צ׳כנוביצקי, לייב ברסלר. (יושבים): שלמה ניימרק, משה פרלה, ישראל קאלוסקי, חנא אפלבוים.

ואנו קפצנו לתוכן. כשהגענו קרוב לחוף הורידו אותנו במים, המים הגיעו עד חצי הגוף ולמעלה, עם החבילות המעטות שהיו ברשותנו. הלכנו במים עד החוף ושם קיבלו אותנו ותיקי הישוב מה„הגנה" בסבר פנים יפות והאיצו בנו שנתקדם אל ההר וללכת מהר, ונוטרים יהודים בנשק ביד הלכו סביבנו. הלכנו שעות מספר ברגל עד קיבוץ מעברות ושם עשינו מנוחה בלי מורא ופחד, כי באנו לחוף מבטחים. סודרה לנו מסיבה יפה סביב שולחנות ערוכים. למרות שהיינו עייפים, רטובים, שבורים ורצוצים היינו שמחים שהגענו לחוף.

היו אלה שנות המאורעות של 1936—1939. הנהגים נסעו בתא משורין וגם האוטובוסים היו משוריָנים, כדי שלא יחדרו כדורי ערבים שירו ממארבים. יום יום שמענו על התנפלויות ערבים על יהודים. באתי לקיבוץ נס ציונה (גבעת מיכאל), עבדתי בפרדס וגם בתורנות לילה בשמירה בעמדות נגד התנפלויות ערבים. העבודה בפרדסים היתה מפרכת, עבודות טוריה ועבודות אחרות היו ללא נשוא. הקיבוץ התקיים מעבודה שכירה בתקציב יומי של 28 מילימים (1000 מילימים ללירה). בדוחק קיימנו את עצמנו. אז, בלי דרישות מופרזות, מספיקים היו מיטה, מזרון ושמיכה, באוהל, בלי כסא ושולחן, שלא לדבר על ארון שגם לא היה צורך בו, מכיוון שלא היה לנו מה להכניס בו. אבל היו חיים טובים, חיים שמחים ורעננים, תמיד בשירה, בזמרה ובריקוד, עד שנת 1939. במשך השנים ההן חיפשה מחלקת ההתישבות של הסוכנות מקום ליישוב קבע עבור גבעת מיכאל והציעו את רוחמה (נולדה אז בת וקראו לה רוחמה) ואח"כ הציעו קדש־נפתלי וגם מזה לא יצא כלום, עד שהגענו להתישבות באדמות דפנה שע"י נחל הדן. בתאריך 1.5.1939 עלינו למקום הזה בהכנות מוקדמות של חדשים מספר. בלילה גויסו אלף איש ממקומות שונים בארץ עם הרבה מכוניות ובמשך לילה העמידו את ישוב החדש — ישוב „חומה ומגדל", מספר צריפים ומרפאה, חדר אוכל, מקלחת. בבוקר עמד הישוב על תלו, כך שהבריטים לא יכלו להורידו, מפני שהיה חוק שאם מכסים בית עם גג, אסור להורידו. שטחים אלו היו אסורים להתיישבות עבור יהודים והתחלנו בהתלהבות להכשיר את הקרקע שהיה שומם. השטחים היו מפוצלים ובכוחות משותפים בנינו משק למופת ולתפארת, ומי שמבקר בו כיום אינו יכול להאמין שבתקופה כה קצרה הגענו למה שהגענו.

בשנת 1.9.1939 פרצה מלחמת עולם השניה ואז כבר הייתי בדפנה, עבדנו במלוא המרץ להקים את הישוב החדש.

באותו זמן יצאתי מטעם הקיבוץ לעבוד בסדום, שם היתה פלוגה, מקובצת מהקיבוץ המאוחד. בשנת 1941 נוסד הפלמ"ח (פלוגות המחץ של „ההגנה"). בהתחלת שנת 1942 התנדבתי לפלמ"ח — באותו זמן התגייסו רבים לבריגדה העברית וגם ממשקנו התנדבו לבריגדה. אני עם עוד מספר חברים יצאנו למחנות הפלמ"ח שהיו מפוזרים במשקי ההתישבות העובדת.

פלמ"ח, צבא בלי מדים חיילים־חלוצים, שהיו משלבים עבודה ואימונים בבסיסים של הקיבוצים, החיים במחנות אוהלים ומעבירים אותם לפי פקודה מקצה הארץ לקצה השני. פעולתנו ועבודתנו היו במחתרת. היינו צבא עברי שהיה מושתת על עבודה ואימונים במשקים, אך לא קיבלנו שכר בעד העבודה — קיבלנו מזון, לבוש דל ושיכון באוהלים ודמי־כיס. כולם היו מתנדבים מרצונם הטוב והחופשי. התאמנו בכל הכלים שהשגנו. בידינו היו רק כלים מעטים לפעולתנו. עברנו כמעט כל המקצועות, לא רק בנשק, גם עזרה ראשונה, חבלה, חתירה בים וכו׳. ועיקר העיקרים — להכיר את שבילי הארץ. מפעם לפעם יצאנו למסעות לשבועיים: הליכה ברגל



קאָמיטעט פון „החלוץ" (פון רעכטס): גראָסבאַרט ישראל, גורני שייקע, קאַלוסקי ישראל, עפשטיין מלכה, מיטלסבאַך יעקב, ברעסלער לייבל, לעווין חיים־שלמה.

ועד של „החלוץ" (מימין): גרוסברט ישראל, גורני שייקה, קאלוסקי ישראל, אֶפשטיין מלכה, מיטלסבך יעקב, ברסלר לייב, לוין חיים־שלמה.

בדרך־לא־דרך ועברנו על פני מישורים וואדיות, עמקים, והרים. פעם הלכנו ברגל לירושלים, צפון ים המלח, יריחו, לאורכו של ים המלח, עין גדי, מצדה, סדום, מכתשים, מעלה עקרבים, דרך ערבה עד רביבים. ובפעם אחרת — לגליל המערבי, הרי אפרים ועוד.

✶

לרכוש הכללי, נוסף לרכושי הפרטי — אשה ושלושה ילדים חמודים — „צברים"...

# ייסוד אגודה ציונית בוישקוב

מרדכי קרוננברג
תל־אביב

בשנת 1910· התר"ע, בתשעה־באב אחרי־הצהרים, נקראו כל הנוער, חובשי בית־המדרש, לאסיפה ביער (בדרך לרדזימין), למטרות התארגנות למען ישוב ארץ־ישראל. בראש המארגנים עמדו ר' איצ'ה שקרלט וישראל אסמאן.

ראשוני הפעילים היו:

ר' איצ'ה שקרלט, ישראל אסמאן, רפאל שקרלט, אברהם מרדכי אסתרזון, לייבל רוזנברג (לייבל יהושע חיימ'ס), חיים ביאליסטוק (בנו של ר' יצחק הירש ה„סגי נהור", כעת: חיים ביאלאס, בלוס־אנג'לס), יחיאל מאיר אלטמאן (בעל חנות ברזל ואח"כ מגדולי הסיטונאים בעיר), יעקב יודל קאשע־מאכער'ס, שמואל אלי' ארענשטיין (ממיסדי כפר חסי־דים) וכותב שורות אלה — מרדכי קרוננברג (מרדכי, יהושע וויינמאכער'ס), ועוד אנשים, שאיני זוכר את שמותיהם.

באסיפת יסוד זו קרא לפנינו ר' איצ'ה שקרלט את „בעיר ההרגה" של המשורר ח. נ. ביאליק ואת הכרזת הד"ר צ'לנוב למען ה„קרן הקימת לישראל". ישראל אסמאן הרצה לפנינו על חשיבות ההתארגנות לאגודות ציוניות ולשם הגשמה מעשית של הציונות בישוב ארץ־ישראל, אשר רק הנוער מוכשר לבנות שב עם חדש וחיים חדשים.



ציוניסטישער קאָמיטעט אין 1918 — הוועד הציוני ב־1918



קורס פאַר העברעיש, 1919 — קורס לעברית, 1919

אסיפה זו השאירה עלינו רושם חזק ביותר. מיד החילונו בתעמולה בעיר, למען הצטרפות לאגודה זו. והתוצאה — הרבה מהנוער, בחורות ובחורים, הצטרפו אלינו בהתלהבות גדולה.

בעזרת ישראל אסמאן נוסדו חוגים, למען הקרן הקימת, למען לימוד השפה העברית, יסוד בי"ס „תרבות" בווישקוב ומכירת שקלים לקונגרסים ציוניים, וגם להגשמה מעשית, לעליה מידית לארץ־ישראל, לבנית מושבות ועבודה מעשית בארץ־ישראל.

ואני, כותב שורות אלה, זכיתי להיות הראשון, שנשלח לארץ־ישראל מטעם אגודת הנוער, בשנת 1910.

# די ערשטע חלוצים אין שטעטל

ישראל קאַלוסקי
תל־אביב

א.

די ערשטע יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט זענען אין ווישקאָוו, גענוי ווי אין גאַנצן לאַנד, געשטאַנען אונטערן צייכן פון אַ שטורעמדיקן באַרג־אַרויף אין דער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די יידן. אַלע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און פאַראיינען, וואָס זענען ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן אויסגעוואַקסן אין די קליינע און גרויסע יידישע ישובים אין פוילן, האָבן אויך נישט אויס־געמיטן אונדזער ווישקאָוו. די יידישע באַפעלקערונג אין שטעטל האָט מיט טעמפּעראַמענט זיך אַריינגעוואָרפן אינעם צעברויזטן לעבן, זוכנדיק פאַר זיך אַ אידעישן וועג.

די פּאַרטייען האָבן זיך געטאָן ס'זייעריקע: פאַרזאַמ־לונגען, עפנטלעכע פאָרלעזונגען, קרייזן, פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט, אָרגאַניזירונג אדג"ל. גרויס איז געווען דער אויסוואַל פון פּאָליטישע צי געזעלשאַפטלעכע אַדרעסן פאַר דער ווישקאָ־ווער יידישער יוגנט. דער אידעישער געראַנגל האָט אָנגע־האַלטן נישט נאָר ביי די שוין אָרגאַניזירטע, נאָר דער עיקר ביי די וועלכע האָבן נאָך נישט געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון פּאַרטייאישקייט, הויפּטזעכלעך ביי די בית־המדרש און ישיבה־בחורים, אַרבעטער־יוגנט אוןביים עלטערן דור. דער עיקר־פאַרמעסט איז אָנגעגאַנגען צווישן די ציוניסטישע און אַנטי־ציוניסטישע גרופּירונגען. הגם די עצם ציוניסטישע באַוועגונג איז געווען גענוג פאַרביק און צאָלרייך אין אירע פאַרשידנאַרטיקע פאָרמאַציעס, האָט פונדעסטוועגן געפעלט די אָרגאַניזאַציאָנעלע ראָם פאַר פּראַקטישער טעטיקייט אין צוגרייטן די יוגנט צו עליה קיין ארץ־ישראל.

די ציוניסטישע יוגנט אין ווישקאָוו האָט דעריבער גע־פילט אַ באַדערפעניש אין אַ פּיאָנערישער, חלוצישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אין שטעטל גופא זיך פאַרנעמען מיט פּראָדוקטיוויזירן די יונגעלייט, וואָס זענען געווען זייער

ווייט פון פיזישער אַרבעט, אָדער בכלל נישט באַזיצט קיין פאַך. אין יאָר 1922 זענען זיך צוזאַמענגעקומען עטלעכע יוגנטלעכע, כדי גרינדן די ערשטע חלוצישע אָרגאַניזאַציע: ישעיהו גורנער (איצט אין תל־מונד), ישראל גראָסבאַרד (תל־אביב), שלמה לעווין (קיבוץ גבעת־השלושה), אריה ברעסלער (עינת), יעקב מיטלסבאַך (פתח־תקוה) און דער שרייבער פון די שורות. אונדזער ציל איז געווען אַ קלאָרער: אָנהייבן אַרבעטן אין ווישקאָוו, כדי אין ארץ־ישראל זיין פּראָדוקטיווע מענטשן.

ב.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען 18 יאָר. מיין דערציאונג, ווי די גאַנצע אַטמאָספער אין אונדזער שטוב, איז געווען אַ דורכאויס ציוניסטישע. מיינע עלטערן האָבן נאָר געטרוימט וועגן ציון און פלעגן זיך איבערשרייבן און באַקומען בריוו פון אַרטור רופּין, מ. מ. אוסישקין און אַנדערע ציוניסטישע מנהיגים. אַ דאַנק דער דאָזיקער ציוניסטישער אַטמאָספער אין דער היים, איז מיר לייכט געווען דער וועג צו דער באַוועגונג, אַ וועג וועלכן פיל יוגנטלעכע אין שטעטל האָבן געמוזט דורכמאַכן מיט פיל מכשולים.

זייענדיק איינגעשטעלט אויף עליה און פאַרשטייענדיק די וויכטיקייט פון אַרבעט דאָרט, אין ארץ־ישראל, האָב איך צוזאַמען מיט שלמה לעווין און ישראל גראָסבאַרד זיך אָנגעהויבן לערנען שלאָסעריי אין די רעמאָנט־וואַרשטאַטן פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען פון משה־דוד יאָסקאָוויטש (איצט אין אַמעריקע). יאָסקאָוויטשן האָבן אַלע געקענט אין שטעטל סיי צוליב זיין מאָדערנער קליידונג און לאַנגע וואָנצעס, און סיי צוליב זיינע ציוניסטישע איינשטעלונגען. צו די אַכט אַרבעטער, וועלכע ר׳האָט סטאַביל באַשעפטיקט אין זיין וואַרשטאַט, איז ער גרייט געווען צוצונעמען נאָך יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען איינגעשטעלט אויף עליה.

די באַוועגונג האָט אויך געזאָרגט פאַר אייגענע הכשרה־פונקטן, ספּעציעל פאַר מיידלעך, וועמענס טרוימען און האָפענונגען אויף עליה און פּראַקטישע שטרעבונג צו פּראָדוקטיוויזאַציע, זענען נישט געווען קלענער ווי ביי די יינגלעך. דערפאַר זענען גרויס געווען די אויפגאַבן פונעם ערשטן החלוץ־קאָמיטעט אין ווישקאָוו, צו וועלכן ס׳האָבן געהערט: חיים־שלמה לעווין, אריה ברעסלער, יעקב מיטלסבאַך, ישראל קאַלוסקי, ישעיהו גורנער, ישראל גראָסבאַרד און מלכה עפּשטיין.

אונדזער לאָקאַל איז געווען אַ בשותפותדיקער מיט דער פּאַרטיי פּועלי־ציון (צ. ס.) און האָט זיך געפונען אויף דער צענטראַלער שקאָלנע גאַס, אין הויז פון עלי־מאיר גאָלדמאַן. די ברייט־פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט פון „החלוץ" האָט אַרומגענומען קודם־כל לעקציעס פאַר דערלערנען עברית אויף ספּעציעלע אָוונט־קורסן, ידיעת הארץ („פּאַלעסטינאָגראַפיע") און אַקטועלע לעקציעס צי רעפעראַטן אויף פאַרשידענע טעמעס, נישט אויסמיידנדיק דערביי יידישע געשיכטע. אין אָנהייב איז נישט געווען צו מערקן אַ גרויסער וווקס פון דער אָרגאַניזאַציע, ווייל מיר זענען געקומען אַביסל צו שפּעט, ווען אין שטעטל האָט ממש געווימלט פון פאַרשידנאַרטיקע יוגנט־באַוועגונגען פון יעדער פּאַרטיי. אויך האָט דערצו גורם געווען דער פאַקט, וואָס אין „החלוץ" האָט מען אָנגענומען יוגנטלעכע אין עלטער פון 18 יאָר אָן, בעת די איבעריקע אָרגאַניזאַציעס האָבן 15־יאָריקע קינדער געגעבן די מעגלעכקייט צו ווערן זייערע מיטגלידער. אויך איז דעמאָלט די פּערספּעקטיוו אויף עליה געווען זייער אַ שוואַכע, בפרט פאַר אַזאַ אָרט ווי ווישקאָוו.

ג.

אין דער ערשטער תקופה פון החלוץ אין ווישקאָוו, האָט זיך געלאָזט פילן אַ שטאַרקע פליסיקייט צווישן דער מיטגלידערשאַפט. דער אַריינגעקומענער עלעמענט, דער רוב חסידישע יינגעלייט, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין טראַדיציע פון אָרגאַניזאַציע־אָנגעהעריקייט, איז נישט נוטה געווען צו פאַרבלייבן אין אַ באַוועגונג, וואָס האָט געפאָדערט פון יעדן אָנהענגער אירן סיי פיזישע אַרבעט און סיי געדולד און אויסדויער מיטן וואַרטן אויפן סערטיפיקאַט. וואָס שייך די יינגעלייט פון בית־המדרש צי ישיבה, איז זייער באַלאַנגען צום החלוץ אין מיינסטע פאַלן געווען אומלעגאַל, אָנעם וויסן פון די עלטערן. דאָס שיקן אַזאַ בחור צו אַרבעט, וואָלט אים איינגאַנצן דעקאָנספּירירט פאַר טאַטע־מאַמע און די אָרגאַניזאַציע וואָלט צוליב דעם געהאַט קאָלאָסאַלן שאָדן. אָט־אָ די אַלע מאָמענטן האָבן גורם געווען דערצו, אַז אין סאַמע אָנהויב פון זיין קיום, האָט דער החלוץ נישט געהאַט קיין שטאַרקן דערפאָלג.

אין יאָר 1924 האָט דער ווישקאָווער החלוץ באַקומען דעם ערשטן סערטיפיקאַט. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דאָס דאָזיקע ווערטפולע פאַפּירל, וועלכן טויזנטער חלוצים אין פוילן האָבן אַזוי באַלאַנגט, איז גראָד אַריינגעפאַלן צו מיר. אַ דאַנק דעם בין איך געווען דער ערשטער עולה פון החלוץ אין שטעטל און דער ערשטער, וואָס האָט זוכה געווען צו פאָרן לעגאַל קיין ארץ־ישראל זינט דעם פאַרענדיקן די וועלט־מלחמה פון 1914—1918. מיט גערירטקייט דערמאָן איך זיך איצט, וויאַזוי כ׳האָב זוכה געווען צו דעם סערטיפיקאַט:

אין נאָוועמבער 1923 האָט דער מרכז פון החלוץ אין פוילן באַקומען צוגעטיילט 35 סערטיפיקאַטן. דערוויסנדיק זיך דערפון, בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע צו אליהו דאָבקין און אים שטאַרק געבעטן ער זאָל מיר דערמעגלעכן עולה צו זיין. מיין מיטשמועסער האָט אָבער נישט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקן חשק אַנטקעגנצוקומען מיין בקשה, אָנווייזנדיק דערביי אויף מיינע נישט אויסגעאַרבעטע הענט און יינגן עלטער, וואָס קוואַליפיצירן מיך נישט אַלס קאַנדידאַט אויף עליה. אינמיטן אונדזער געשפּרעך איז אַריינגעקומען אין צימער אליהו גאָלאָמב, שפּעטערדיקער הויפּטקאָמענדאַנט פון דער הגנה, וועלכער האָט דאַן געוויילט אין



אַ גרופּע חלוצים פון ווישקאָוו אין יפו, 1927
קבוצת חלוצים מוישקוב ביפו, 1927

פּוילן אַלס שליח פון ארץ־ישראלדיקן ישוב. גאָלאָמב האָט מיט מיר פֿאַרפֿירט אַ געשפּרעך אין עברית און נאָך העכער אַ שעה פון אויסטענהן זיך, האָט ער מיך געזעגנט מיט פֿאָלגענדע ווערטער:

— פֿאָר אַהיים קיין ווישקאָוו און אַרבעט זיך אויס אַ פּאַספּאָרט...

ס'האָט נאָך גענומען אַ שטיקל צייט ביז כ'בין געוואָרן פּוליעריק אויף אַרויסצובאַקומען אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט. אָבער דער גליקלעכער מאָמענט איז געקומען — און כ'האָב עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ד.

צוליב פּערזענלעכע סיבות און דער עיקר — צוליב געזונטהייטס־טעמים, בין איך נאָך פיר יאָר זיין אין לאַנד, צוריקגעקומען קיין פּוילן. אין ווישקאָוו האָב איך געטראָפן אַ ברייט־פֿונאַנדערגעוואַקסענע אָרגאַניזאַציע פון החלוץ, וואָס האָט געציילט פּיל מיטגלידער און אַ גרעסערן אַקטיוו טרייע איבערגעגעבענע חברים. צענטליקער חלוצים פון שטעטל האָבן צו יענער צייט זיך געפונען אויף די וויכטיקסטע הכשרה־פּונקטן אין טשענסטאָכאָוו, קלאָסאָוו, וולאָצלאַוועק, מלאַווע און אין אַ ריי ערטער אין דער וואַרשעווער געגנט. די באַוועגונג האָט באַזיצט אַן אייגענעם לאָקאַל, וועלכער איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויכטיקן צענטער פֿאַר אַלע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין ווישקאָוו. דער החלוץ איז געוואָרן דער אַלגעמיינער קאַנאַל, דורך וועלכן די מיטגלידער פון די ציוניסטישע יוגנט־גרופּירונגען האָבן באַקומען סערטיפיקאַטן.

אין די יאָרן 1936—1935 האָט אין ווישקאָוו זיך געפונען אַ הכשרה־פּונקט פון דער החלוץ־צענטראַלע אין פּוילן. קיין סטאַבילע אַרבעטס־פּלעצער האָט די הכשרה נישט באַזיצט און זיך געמוזט צופרידנשטעלן מיט ספּאָראַדישע אַרבעטן ביי איינצלנע יידן, ווי: וואַשן וועש, האַקן האָלץ, טראָגן וואָסער אדג"ל. גרויס איז געווען די העצע פון די אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן קעגן די וואָס האָבן מיט זייער שווערער פּראַצע און אָרעמען לעבן זיך געגרייט צו עליה. און נאָך גרעסער איז געווען דער טעראָר: כסדרדיקע איבערפֿאַלן אויפן לאָקאַל, אויף באַזונדערע חברים און אויף די אַרבעטסערטער. איינמאָל האָט מען אונדזערן אַ חלוץ אַזוי צעשלאָגן, אַז מ'האָט אים געמוזט אַוועקפירן אין שפּיטאָל קיין וואַרשע.

די אַטמאָספער אין שטעטל איז געווען אַ געשפּאַנטע. די באַוועגונג האָט געפילט, אַז מיט אייגענע כוחות וועלן מיר נישט זיין אימשטאַנד זיך קעגנצושטעלן דעם יעווסעקישן טעראָר און דערפֿאַר איז מען געווען געצווינגען אַראָפּצוברענגען צוויי „באָיוווקאַזשעס" פון וואַרשע — די באַוווסטע יידל פּראַגער און אריה טרעגער. מיר האָבן אַפילו פֿאַראויסגעזען די עווענטואַליטעט פון באַנוצן זיך מיט געווער — און צו דעם צוועק זענען ביי מיר אין שטוב געווען אויסבאַהאַלטן עטלעכע רעוואָלווערן.

אויך די יידישע קאָמוניסטן זענען נישט געשלאָפן. זיי האָבן געוווסט, אַז מיט אייגענע כוחות וועט זיי נישט געלונגען צו צעברעכן דעם החלוץ און ליקווידירן דעם הכשרה־פּונקט. דערפֿאַר האָבן זיי פון נאָענטן דערפל בראַנשטשיק אַראָפּגעבראַכט אַ גרופּע פּוילישע שוסטער־כאַלופּניקעס, וועלכע האָבן געאַרבעט פֿאַר די גרויסע שיך־געשעפטן אין וואַרשע. די דאָזיקע שוסטערס זענען געווען קאָמוניסטן און זיי האָבן געהאַלטן פֿאַר אַ מצווה צו העלפן זייערע יידישע חברים אין שטעטל אין קאַמף מיט דער „ציוניסטישער געפֿאַר". אַ געוויסן זונטיקדיקן אָוונט איז דער החלוץ־לאָקאַל אויפן רינעק אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט בראַנשטשיקער כאַלופּניקעס און אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן. אין שטעטל האָט זיך געפילט אַ פּאָגראָם־שטימונג. די שלעגער האָבן קיינעמען נישט אַרויסגעלאָזט צי אַראָפּגעלאָזט פון לאָקאַל. אין אַזאַ פֿאַל האָט פּאָליציי זיך נישט אַריינגעמישט. אדרבה, זיי וואָלטן שטאַרק הנאה געהאַט, ווען ס'וועט פֿאַרגאָסן אַ ביסל יידיש און קאָמוניסטיש בלוט.

אָבער אונדזערע חברים האָבן זיך נישט געלאָזט פּראָוואָצירן. אונדזער האַלטונג איז געווען אַ ווירדיקע, אָן פּחד, אָן פּאַניק, אָבער אויך נישט קיין אַרויסרופּערישע, כדי מען זאָל אויף די החלוץ־חברים נישט קאָנען אָנווייזן ווי אויף די שולדיקע אין עווענטועלע געשעענישן. אונדזער טאַקטיק האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ ריכטיקע. מאָנטיק גאַנץ פרי האָבן די שוסטערס פון בראַנשטשיק געמוזט אָפּפאָרן אַהיים, צו זייער אַרבעט. די באַלאַגערונג האָבן שפּעטער אַדורכגעפירט די אָרטיקע יעווסעקן, אָבער שוין נישט מיט דעם אימפּעט און חוצפּה, ווען זייערע פּוילישע חברים האָבן זיך געפינען אין ווישקאָוו. די איבעריקע ציוניסטישע גרופּירונגען האָבן דערזען די געפֿאַר וואָס דראָט מצד די יידישע קאָמוניסטן — און געאייניקט אַרויסגעטרעטן קעגן דעם רויטן כוליגאַניזם און טעראָר.

ה.

מיט אַ צייט שפּעטער איז ווידער נייטיק געווען צו פֿאַראייניקן אַלע יידישע כוחות, אַריינגערעכנט אויך די יעווסעקציע, אַרטיקע פּוילישע קאָמוניסטן און פּ.פּ.ס. — קעגן דער געפֿאַר פון די כוליגאַניש־ענדעקישע און „נאַראַ"־באַנדעס מיט זייערע פּיקעטן ביי יידישע געשעפטן, איבערפֿאַלן אויף יידן־דורכגייער און ווילדער אַנטיסעמיטישער העצע, וואָס האָט פֿאַרסמט די לופט אין שטעטל. עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אַלגעמיינער קאָמיטעט צום קאַמף קעגן פֿאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם, וועלכער האָט געפירט זיין פּרוכטבאַרע טעטיקייט אין משך פון אַ יאָר צייט. דער קאָמיטעט האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען אין געהיים, וועלכע זענען אין רוב פֿאָרגעקומען ביי מיר אין שטוב, אַלס פֿאָרזיצער פון אויבנדערמאָנטן קאָמיטעט. איך האָב דעמאָלט רעפּרעזענטירט די פּאַרטיי פּועלי־ציון (צ.ס.) אין ווישקאָוו און סיי די פּוילישע פֿאָרשטייער (קאָמוניסטן און פּ.פּ.ס.), ווי די יידישע פּאַרטייען, זענען געווען אייניק אין איבערגעבן די פּרעזעסור פֿונעם קאָמיטעט דעם פֿאָרשטייער פון פּועלי־ציון (צ.ס.). מיר האָבן געזאַמלט געלט, דער עיקר ביי רייכע יידן, געגרייט געווער און איינגעשטעלט ספּעציעלע קאַמפּס־גרופּן אויף אָפּצושלאָגן עווענטועלע אָנגריפן. געמיינזאַמע פּאַטרולן פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער פלעגן אין די אָוונטן אַרומשפּאַצירן איבערן שטעטל, כדי געבן פילן די אַנטיסעמיטן וועגן קיום פון אַ שטאַרקן, געמיינזאַמען, יידיש־פּוילישן ווידערשטאַנד. אויסער דעם איז געפירט געוואָרן אַן אויפקלערונגס־אַרבעט אין די אַרומיקע דערפער און אין שטעטל גופא. צוויי קאָמוניסטן זענען דערפֿאַר אַפילו פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף תפיסה. אין דער דאָזיקער וווּנדערבאַרער סאָלידאַריטעט־אַקציע האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די צוויי פּוילישע אַרבעטער־טוער: ציטרינעק (פון די פּוילישע קאָמוניסטן) און דראָזדאָווסקי (פון פּ.פּ.ס. — פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי).

ו.

צום סוף — עטלעכע דערינערונגען וועגן דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי און איר יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט", ווו ס'איז מיר אויסגעקומען צו זיין טעטיק אין משך פון אַ קורצער צייט.

די פּועלי־ציון־באַוועגונג אין פּוילן האָט געהאַט געשלאָגן טיפע וואָרצלען צווישן יידישן ישוב און אויך נישט אויס־געמיטן אונדזער שטעטל. איך געדענק, אַז שוין אין יאָר 1917 (כ'בין דעמאָלט אַלט געווען 12 יאָר), איז פון זיך זעלבסט אויסגעוואַקסן אַ שטאַרקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע ביי דער פּאַרטיי און די עלטערע חברים זענען ממש איבעראַשט געוואָרן פון אַזאַ אַנטוויקלונג. מיר האָבן צו יענער צייט זיך געקאָנט דערלויבן אַראָפּברענגען פון וואַרשע אַ ספּעציעלן מדריך, דעם לערער פריינט. ביז דער שפּאַלטונג (אין יאָר 1920) האָט די אָרגאַניזאַציע געהאַט צו פאַרצייכענען אַ כסדר־דיקן באַרג־אַרויף. דער לאָקאַל אויף קאָשטשושקע־גאַס, אין הויז פון אברהם־יאָסל יאָסקאָוויטש, האָט געשפּרודלט מיט לעבנס־פרייד און אומאויפהערלעכן יוגנטלעכן געזאַנג. די אַקטיווסטע טוער פון דער באַוועגונג זענען געווען: יעקב שטעלונג, לאה מאַלטשעק (זיין שפּעטערדיקע פרוי), מענדל ראָזענבערג, בזשעזשינסקי, חיים־שלמה לעווין, יעקב מיטלסבאַך און איך.

אויף אָוונט־קורסן זענען ווישקאָווער יידישע יונגעלייט געזעסן און געלערנט עברית, אַלגעמיינע בילדונג, גרעצ'ס געשיכטע פון יידישן פאָלק. אַ בכבודיק אָרט אין דער קולטור־אַרבעט האָבן פאַרנומען די רעפעראַטן פון די סאַמע אָנגע־זעענסטע פּרעלעגענטן פון וואַרשע — שרייבער, זשורנאַליסטן, פּאַרטיי־טוער. דער שיינער ווישקאָווער וואַלד און די אַרומיקע געגנט, זענען געווען אַ פיין דאַטשע־אָרט פאַר וואַרשעווער יידן, באַזונדערס פאַר עסקנים, וועלכע פלעגן די הייסע זומער־חדשים פאַרברענגען אין שטעטל. האָט מען דעריבער אויס־געניצט זייער וויילן אין ווישקאָוו און אונדזער יוגנט האָט זיך געקוויקט מיט די פאָרלעזונגען פון אַ פּרץ מאַרקיש, אלתר קאַציזנע, דער טונקעלער, גאָטליב און פיל אַנדערע.

ז.

אין יאָר 1921 זענען די באָלשעוויקעס אַריין קיין וויש־קאָוו און דאָרט געהערשט גאַנצע אַכט טעג. דאָס איז געווען די תקופה פונעם „האָניק־חודש פון דער וועלט־רעוואָלוציע", ווי מיר פלעגן עס באַצייכענען. יידישע קאָמוניסטן זענען דעמאָלט געווען „אויפן פערד". דער רוב יידישע פּאַרטייען האָבן דעמאָלט מיט זיי סימפּאַטיזירט — אַביסל אויס מורא, אַביסל אויס דרך־ארץ... כמעט אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן צו יענער צייט באַקומען רחבותדיקע לאָקאַלן מיט אַ סך צימערן. אין משך פון דער וואָך רוסישער הערשאַפט אין ווישקאָוו, זענען די לאָקאַלן געווען איבערפולט, ספּעציעל דער קלוב פון פּועלי־ציון, ווייל דאָס האָט באַדאַרפט שאַפן אַ געוויסע לעגאַליטעט פאַר אָנגעהעריקייט צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. יעדן אָוונט פלעגן פאָרקומען ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס מיטן אָנטייל פון „פּאָליטרוקן" פון דער רויטער אַרמיי און קאָמוניסטישער יוגנט, וועלכע האָבן פאָרגעלייגט זיך אָנצושליסן אין זייער לאַגער. דער רוב יידישע יוגנט האָט אָבער באַשלאָסן נישט אידענטיפיצירן זיך מיט די קאָמוניסטן, נאָר בלייבן טריי דער ציוניסטישער אידעאָלאָגיע.

נאָכן פאַרטרייבן די באָלשעוויקעס פון ווישקאָוו, איז די קאָמוניסטישע יוגנט אַראָפּ אין אונטערגרונט און די רעאַקציע האָט געהערשט מיט אַ שטאַרקער האַנט. פיל אַקטיוויסטן זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה. די באַוועגונג איז געוואָרן אָפּגעשוואַכט. אַ גרויסער טייל איז גלייך נאָך דער שפּאַלטונג פון פּועלי־ציון אין ווישקאָוו (פאָרגעקומען סוף 1921) אַוועק צו די לינקע פּועלי־ציון, דער קלענערער טייל איז געבליבן ביי די רעכטע. די איבעריקע — נישט אַהער, נישט אַהין.

ערשט מיט 2 יאָר שפּעטער האָט די אָרגאַניזאַציע באַקו־מען דעם נאָמען „פרייהייט" און איינגעשריבן אַ הערלעך בלעטל אין דער געשיכטע פון ציוניסטישער טעטיקייט אין ווישקאָוו. די „פרייהייט" האָט אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע ירידות און עליות. באַזונדערס שוואַך איז געוואָרן די באַוועגונג, ווען דער רוב טוער האָבן זיך געלאָזט אויף עמיגראַציע קיין אַמעריקע און אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער.

די טעטיקייט פון „פרייהייט" איז סיי אָרגאַניזאַציאָנעל ווי אידעאָלאָגיש געווען ענג פאַרבונדן מיט דער אַרבעט פונעם „החלוץ". פיל טוער, צווישן זיי אויך איך, האָבן נישט געזען קיין שום סתירה אין דער אַקטיווער אַרבעט צווישן ביידע באַוועגונגען, נאָר גראָד אַ האַרמאָנישע גאַנצקייט.

אין יאָר 1936 בין איך צוזאַמען מיט מיין פרוי און זון עולה געווען (צום צווייטן מאָל) קיין ארץ־ישראל.

דאָס זיין אָפּגעריסן פון דער באַוועגונג אין משך פון יאָרן צוליב דער עליה צוויי מאָל, דערמעגלעכט מיר נישט אַרויסצוברענגען דאָס גאַנצע בילד פונעם הערלעכן קאַפּיטל יידישע געשיכטע אין ווישקאָוו, וואָס טראָגט דעם נאָמען „חלוצישע באַוועגונג". מיט די געציילטע פראַגמענטן פון די אויבנדערמאָנטע זכרונות האָב איך געוואָלט פאַרצייכענען דעם בראשית און שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג פון אַן אידעאַ־ליסטישער און שעפערישער יידישער יוגנט אין אַ קליינעם יידישן ישוב אין פּוילן, וואָס האָט אָבער געגעבן איר וואָגיקן צושטייער צו חלוצישער וויזיע און טאַט סיי אין פּוילן, סיי אין ארץ־ישראל.



אַ גרופּע ספּאָרטלער פון „מאָרגנשטערן"
קבוצת ספורטאים מ„מורגנשטרן"

# לינקע פועלי־ציון און איר יוגנט

יעקב שטעלונג
בוענאָס־אײַרעס

.1

1917. העכער דריי יאָר ווי אויף די אייראָפּעישע שלאַכט־פעלדער גייט אָן אַ בלוטיקער קריג. מיליאָנען טויטע און פאַרוווּנדעטע. אינעם א. ג. הינטערלאַנד, אין די שטעט און שטעטלעך אין פּוילן — הונגער און נויט, טיפוס און כוואַליעס פּליטים. די מאַכט טוישט זיך אַלעמאָל. פונדעסט־וועגן האָפט מען, אַז צו דער שחיטה וועט נעמען אַ סוף. וויפל איז דער שיעור צו ליידן?

און ווי אַזוי אויסדריקן די דאָזיקע בענקשאַפט, אויב נישט דורך אידעאַלן און אָרגאַניזאַציעס? ווּ געפינען אַ טרייסט און באַרואיקונג, אויב נישט אין דעם פּאַרטיי־קלוב, אין אַ געזעלשאַפט מיט אַ געמיינזאַמען ציל? דאָס יאָר 1917 איז טאַקע געווען דער פאָרגייער פונעם שפּעטער־דיקן „שטורעם־און־דראַנג־פּעריאָד” אין די גרויסע שטעט, און אויך אין די קלענערע ישובים.

דעריבער איז זיך נישט צו וווּנדערן, וואָס שוין אין יאָר 1917 איז אין ווישקאָוו געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטער־היים, וועלכע די חברים יורמאַן, צעמבאַל, דערגיטש, רחל מאַלינע און אַנדערע האָבן געוואָלט נישט נאָר שיין באַפּוצן, נאָר אויך אים אויספילן מיט אידעישן אינהאַלט. און לויט זייער טיפסטער איבערצייגונג, האָט נאָר דער באָראָכאָוויסטישער אידעאַל געקאָנט זיין דער סאַמע פאַסיקסטער פאַרן ווישקאָווער אַרבעטער און פאָלקס־מענטש. ווי דער שטייגער, האָט מען אויפגעשטעלט קרייזן פאַר זעלבסטבילדונג, מען האָט פאַרשפּרייט ליטעראַטור און געטרוימט וועגן אַ בעסער לעבן אין אַ באַפרייטער וועלט און אין אַן אויסגעלייזטער ארץ־ישראל...

באַגלייך מיט די פּאַרטייען, וואָס האָבן קאָנצענטרירט אַרום זיך אויך עלטערע מענטשן, האָט די שטעטלדיקע יוגנט אָנגעהויבן זוכן אירע אידעאַלן. צו יענער צייט האָט די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט” שוין געהאַט אַ שטאַר־קע השפּעה אין ווישקאָוו. זייער לאָקאַל איז געווען דער זאַמלפּונקט פאַר די יונגעלייט אין שטעטל. אַ סברה, אַז די „צוקונפט” וואָלט פאַרבליבן די איינציקע אָרגאַניזאַציע אין ווישקאָוו אויף לאַנגע יאָרן, ווען נישט זייער קעגנערשאַפט צום ציוניזם און צו ארץ־ישראל. דאָס נעגירן דורך זיי דעם נאַציאָנאַל־באַפרייערישן געדאַנק, האָט גורם געווען דערצו, אַז אַ טייל יוגנט, אַריינגערעכנט זייערע אייגענע מיטגלידער, האָבן אָנגעהויבן זיך בונטעווען קעגן אַזאַ איינשטעלונג. דעריבער האָב איך צוזאַמען מיט בנימין טיק, צונויפגערופן אַ באַראַטונג פון די אומצופרידענע מיטן בונדישן פּראָגראַם. אויב דער זכרון פאַרפירט מיך נישט, האָבן אין יענעם ערשטן צוזאַמענטרעף זיך באַטייליקט: קאַלוסקי, ח. ש. לעווין, י. מיטלסבאַך, מ. בזשאָזע. איך האָב דאַן אַרויסגעברענגט מיינע ספקות בנוגע דעם פּראָגראַם פון „צוקונפט”, וואָס געפעלן געפעלט ער מיר יאָ, נאָר פאַרוואָס אָן דעם וואָרט



פועלי־ציון יוגנט אין ווישקאָוו

נוער של פועלי־ציון בוישקוב

פאַלעסטינע... אַזויווי אין ווישקאָוו געפינט זיך אַן עלטערער חבר (געמיינט — יורמאַנען), זאָלן מיר זיך צו אים ווענדן, אפשר וועט ער אונדז דערקלערן די אַלע פראַגן וואָס מאַטערן די יונגע מוחות.

אויף דער דאָזיקער אַסיפה האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך די חברים קאַלוסקי און לעווין האָבן געהאַט די זעלבע מיינונגען, אָבער נישט פאַרמאָגט גענוג איניציאַטיוו. איצט האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אינעם געדאַנק וועגן אויפשטעלן אין ווישקאָוו אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל אין איר פּראָגראַם אויך האָבן אַ פּונקט וואָס הייסט ארץ־ישראל... זיי האָבן אָבער פאַרגעלייגט, אַז בנוגע „אויפקלערונג" דאַרף מען זיך ווענדן צום חבר סעגאַל. (איר דאַרפט וויסן זיין, אַז בעת יורמאַן האָט געהערט צו פּועלי־ציון, האָט סעגאַל זיך געהאַלטן אידעאָלאָגיש נאָענט צו די צעירי־ציון). פאַרשטייט זיך, אַז נישט איינמאָל האָט מען זיך געטראָפן מיט די צוויי יידן, טעג און נעכט דיסקוטירט און זיך אויפגעקלערט — ביז די אַנטשיידונג איז געקומען: בעת קאַלוסקי, לעווין און מיטלסבאַך האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר צעירי־ציון, האָט בזשאָזאַ, טיק און איך באַשלאָסן צו גיין מיטן חבר יורמאַן (ד. ה. — מיט פּועלי־ציון).

אָבער ביידע גרופּעס זענען געווען אָרגאַניזאַציאָנעל שוואַך און געהאַט ווייניק מענטשן. טוען האָט זיך געוואָלט אַ סך, דער עיקר — נישט דערלאָזן, אַז די אַנטי־ציוניסטישע „צוקונפט" זאָל פאַרכאַפּן דאָס שטעטל. איז מען געקומען צו אַ הסכם, אַז ביידע גרופּעס, הגם אידעיש נישט אייינשטימיקע, זאָלן אָנהייבן פירן אַ געמיינזאַמע אַרבעט, קודם־כל — די ווערביר־אַקציע און דערנאָך — זאָלן פאָרקומען געהיימע וואַלן, וואָס וועלן אַנטשיידן מיט וועמען צו גיין. דערווייל איז יעדע גרופּע געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט איר עלטערן חבר, וואָס האָט זיי מדריך געווען. ביידע צדדים האָבן זיך געגרייט צום קאַמף.

אין ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן די כללים פון די וואַלן, וויאַזוי פירן די אַגיטאַציע, ווען און ווו אָפּגעבן די שטימצעטלען אאַז"וו. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין כעלענאָווסקיס הויז, וואָס האָט געשמט מיטן ברייטן טויער. אַזויווי אין טאָג פון די וואַלן זענען קיינער פון מיינע משפּחה־מיטגלידער נישט געווען אין דער היים, האָט מען דאָס אויסגענוצט און דעם גרויסן ברייטן טויער פאַרקלעפּט מיט וואַל־ליטעראַטור פון ביידע גרופּעס. דער אָפּמאַך האָט געלויטעט, אַז די וואַלן וועלן זיין אָנשטענדיקע, קיינער טאָר נישט אַראָפּרייסן קיין אויפרוף, אָדער שטערן דער שריפטלעכער און מינדלעכער אַגיטאַציע. פונדעסטוועגן האָט איינער פון די צעירי־ציון חברים נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן און אַראָפּגעריסן אַ פּלאַקאַט פון צד שכנגד. אַזאַ עוולה האָב איך נישט געקאָנט פאַרטראָגן און דעם, וואָס האָט געבראָכן אונדזער אָפּמאַך, האָב איך דערלאַנגט אַ פּאַטש. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז מיר זענען דעמאָלט אַלט געווען אַ 15 יאָר און די אַלע ענינים האָט מען גענומען שטאַרק ערנסט — און די נטיה צו דערלאַנגען פּעטש האָט געשטאַמט פון דער חסידישער סביבה, ווו מיר זענען אויסגעוואַקסן.


רעפערענטן־קרייז פון פּועלי־ציון
חוג מרצים של פּועלי־ציון

און דער ר'עזולטאַט פון די וואַלן? אַ מערהייט האָט באַקומען פּועלי־ציון! דאָס האָט אונדז געגעבן מוט און מיט באַנייטן שווונג זענען מיר צוגעטרעטן צו דער אַרבעט.


זעלבסטבילדונגס־קרייז פון פּועלי־ציון
חוג להשתלמות עצמית של פּועלי־ציון

.2

ביי דערגיטשן אין הויז האָט מען אָפּגעדונגען אַ קליין צימערל, פאַרלויפיק — אויף אַ סעקרעטאַריאַט. די אַרבעט און די צאָל מיטגלידער זענען זיך פונאַנדערגעוואַקסן. דאָס צימערל איז געוואָרן צו ענג אויף צו באַדינען די גרויסע באַדערפעניש. אַ פּריוואַטע שטוב האָט שוין נישט געטויגט. מען דאַרף דינגען אַ לאָקאַל. אַ פּאַסיקע דירה פאַר דעם צוועק האָבן מיר באַקומען אויף קאָשטשושקע 5. באַלד דערנאָך איז דאָרט געבוירן געוואָרן אַ ביבליאָטעק מיט סאָציאַליסטישע ביכער און בראָשורן. עס זענען אויך געפירט געוואָרן קורסן פאַר לייענען און שרייבן, שמועסן אויף פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס. דערביי האָבן מיר אויך געזאָרגט פאַר אַ בופעט, ווו מען האָט געקאָנט טרינקען אַ גלעזל טיי און עפּעס צובייסן.

ווישקאָווער יוגנט האָט אָנגעהויבן שטראָמען אין לאָקאַל צוליבן דורשט נאָך אַלגעמיינעם וויסן און דעם אינטערעס נאָכצופאָלגן די אַקטועלע פּאָליטישע געשעענישן אין דער וועלט און אויף דער יידישער גאַס. יעדער אָוונט איז דער לאָקאַל געווען פול. אין שטעטל האָט מען געוווסט, אַז די יוגנט פון קאָשטשושקע 5 איז שווער בייצוקומען אין אַ דיסקוסיע. קיין סך עלטערע חברים האָבן מיר נישט געהאַט, ווייל פיל האָבן געמוזט גיין דינען אין פּוילישן מיליטער, בעת אַנדערע האָבן זיך באַמיט אַרויסצודרייען פון דער דאָזיקער דינסט — צוליבן אומווילן צו קעמפן קעגן די באָלשעוויקעס און אויך צוליב אַנדערע מאָטיוון.

די גאַנצע לאַסט פון דער פּאַרטייאישער אַרבעט איז דעריבער געפאַלן אויף די חברים יורמאַן און צעמבאַל (דער לעצטער איז געהאַט צוריקגעקומען פון דער רוסישער געפאַנגענשאַפט, נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה) און אויף עטלעכע יוגנטלעכע.

עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנטאַקט מיט דער

יוגנט־צענטראַלע אין וואַרשע, וואָס איז צו יענער צייט אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם לערער אברהם פריינט. איך דערמאָן זיך מיט אַ וואָסער ציטער מיר האָבן גענומען אין האַנט די ערשטע אויסגאַבע פון דער „יוגנט" — „דער יינגער קעמפער", וואָס איז געווען העקטאָגראַפירט. די באַוועגונג האָט זיך געגרייט צום ערשטן „יוגנט"־צוזאַמענפאָר.

.3

אין יאָר 1919 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען דער ערשטער לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט. ווישקאָוו האָט שוין דעמאָלט געהאַט די רעכט צו שיקן אירס אַ דעלעגאַט. אַזיווי דער צוזאַמענפאָר איז געווען האַלבלעגאַל, האָט דער שרייבער פון די שורות געמוזט זיך באַנוצן מיט אַ פּסעוודאָנים, כדי קאָנען רעפּרעזענטירן זיין אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע. פון שטעלונג איז געוואָרן... חייט.

דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע מלחמה — צווישן פּוילן און סאָוויעט־רוסלאַנד. מיטן דערנענטערן זיך פון די באָלשעוויקעס, האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות קעגן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס קעגן די יידישע. אונדזער לאָקאַל איז געשלאָסן געוואָרן און דערמיט איז אויך אָפּגעשטעלט געוואָרן יעטוועדע אָרגאַניזאַציאָנעלע און קולטורעלע טעטיקייט. אָבער דאָס האָט אונדז נישט אָפּגעהאַלטן פון אַרויסגעבן אַן אומלעגאַלן אויפרוף, ווו עס איז באַלויכטן געוואָרן די אַלגעמיינע סיטואַציע און די יוגנט איז גערופן געוואָרן צו וואַכזאַמקייט.



„באָראָכאָוו־גרופּע" ביי פּועלי־ציון, צו דער באַפרייונג פון ח׳ צעמבאַל (16.7.21)
„חוג ע״ש בורוכוב" בפועלי־ציון — לשחרורו של הח׳ צמבאל (16.7.1921)

אין זייער מאַרש אויף וואַרשע, האָבן די באָלשעוויקעס פאַרנומען ווישקאָוו. זיי האָבן דערלויבט באַנייען אונדזער אַרבעט און דער רעווקאָם האָט אונדז אַפילו אויסגעטיילט אַ לאָקאַל — אַ געוועזענע אָנפאַנגס־שול אויף דער קאָשטשושקע גאַס.

די דאָזיקע גוטע באַציאונג האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז דערשינען אַ דעלעגאַציע פון רעווקאָם און געפאָדערט... זיך אויפלייזן און אַריינטרעטן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. אין יענער דעלעגאַציע האָט זיך באַטייליקט די חברטע דזבאַנעק פון „בונד", וואָס האָט זיך שוין געהאַט אויפגעלייזט און דער רוב זיינע מיטגלידער זענען טאַקע אַריבער צו די קאָמוניסטן. מיר אָבער האָבן נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ איילעניש. דער ענטפער איז געווען: מיר וואַרטן אויף אָנווייזונגען פון צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע. דערביי האָבן מיר זיי דערמאָנט, אַז אויך אין ראַטנפאַרבאַנד איז פּועלי־ציון אַ לעגאַלע פאַרטיי. אינטערעסאַנט, דער סאָוויעטישער קאָמיסאַר האָט מסכים געווען מיט אונדזער שטאַנדפונקט, בעת די חברטע דזבאַנעק האָט געפאָדערט שוין זיך אויפלייזן. מען האָט איר נישט צוליב געטאָן...

אין משך פון די אַכט טעג, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן זיך געפונען אין ווישקאָוו, האָבן מיר מיט זיי מיטגעאַרבעט און אַפילו געהאָלפן שאַפן די בירגער־מיליץ.

.4

ווי נאָר די פּאָליאַקן זענען צוריק געוואָרן די באַלעבאַטים אין שטאָט, האָבן זיך אָנגעהויבן רעפּרעסיעס קעגן די, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט אָדער סימפּאַטיזירט מיט די באָלשעוויקעס. באַזונדערס האָבן זיי גערודפט די יידן. אין סענאַטאָרס גאָרטן האָט פונקציאָנירט אַ שטאַנד־געריכט. די פּוילישע פּרעסע האָט דאַן באַצייכנט אונדזער שטעטל „די רויטע ווישקאָוו". דאָס שטאַנד־געריכט האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעהאַלטן פון אַרויסטראָגן אַ טויט־אורטייל איבערן יוגנטלעכן רובין — און נאָר אַ דאַנק זיין יונגיטשקן עלטער, איז דער פּסק־דין פאַרביטן געוואָרן אויף צען יאָר תפיסה.

די פּאָליאַקן האָבן אויך מיך פאַרשפּאַרט אין תפיסה. נאָכן אָפּזיצן אַ זעקס חדשים אינעם באַרימטן „10־טן פּאַווילאָן", אין דער וואַרשעווער טורמע אויף דזשיקע, אין מלאַווע און אין פּולטוסק — האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט קעגן קויצע ביז אַ נייעם פּראָצעס. אומקערנדיק זיך אין שטעטל, האָב איך שוין געטראָפן אַ באַנייטע טעטיקייט און אַ שטאַרק אויסגעוואַקסענע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גרופּירט אויף קאָשטשושקע 5. מיר זענען געוואָרן דער גרעסטער אָרגאַניזירטער כוח אין שטעטל — ביז דער שפּאַלטונג אין יאָר 1921.

.5

דער ריס אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג אין וועלט־מאַסשטאַב, האָט אויך נישט אויסגעמיטן ווישקאָוו. נאָך לאַנגע און שטורמישע דיסקוסיעס האָבן מיר אויף אַ שבת צונויפגערופן אַ מאַסווקע אין וואַלד, מיטן אָנטייל פון צ.ק.־פאָרשטייער ח׳ קאַראָל. נאָך אַ לענגערן מיינונגס־אויסטויש און אַן אָפּשטימונג, האָט בלויז אַ קליינע גרופּע (קאַלוסקי, לעווין, מיטלסבאַך און ראָזענבערג) פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג. אינטערעסאַנט, אַז דאָס זענען געווען די זעלבע חברים, וואָס

נאָך אין יאָר 1917 האָבן זיי זיך אָריענטירט אויף צעירי־ציון. איצט זענען זיי אַוועק צו די רעכטע פועלי־ציון.

ביי לינקע פועלי־ציון איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט (יוסף צעמבאַל, בזשעשינסקי, מ. בזשאָזאַ, משה סאָקאָל און איך). די גרויסע צאָל מיטגלידער איז איינגעטיילט געוואָרן אין קרייזן, וואָס האָבן געהאַט זייערע צוזאַמענקונפטן אין די וווינונגען פון באַזונדערע חברים, ווייל די נייע מאַכט האָט אונדז שיקאַנירט. אין לאָקאַל איז שווער געווען צו פירן די פאָליטיש־אויפקלערערישע אַרבעט. אַמיינסטן איז אויסגענוצט געוואָרן די וווינונג פון דער מוטער פון חבר צעמבאַל — און דערפאַר האָט מען די פועלי־ציוניסטן אין שטאָט גערופן „צעמבאַליסטן"...

סוף 1921 האָבן עטלעכע חברים זיך צוריקגעקערט פון מיליטער־דינסט, וואָס האָט אַריינגעברענגט גרויס אויפלעבונג אין דער פאַרטיי. דער ניי־דערוויילטער קאָמיטעט האָט געזאָרגט צו פאַרשפרייטן די וואַרשעווער „אַרבעטער־צייטונג", אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער אַלגעמיינער שטאָטישער ביבליאָטעק און דערביי נישט פאַרנאַכלעסיקט די טעטיקייט פון דער „יוגנט"־אָרגאַניזאַציע.

.6

אין יאָר 1923 האָט אונדז באַזוכט ד"ר אייזענשטאַט פון וואַרשע, כדי העלפן אויפשטעלן אַן אָפּטיילונג פון דער „געזעלשאַפט אָונט־קורסן פאַר אַרבעטער". אמת, דער דאָזיקער נאָמען האָט אין אַ געוויסער מאָס געדינט אַלס שילד פאַר פועלי־ציון צו פירן איר פאַרטייאישע און פאָליטישע טעטיקייט, אָבער נישט ווייניקער האָט דער דאָזיקער נאָמען אויך פאַרפליכטעט צו פירן ממשותדיקע קורסן פאַר יוגנטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן נישט געקאָנט אָנשרייבן אַן אות. באַזונדערס אין ווישקאָוו איז גרויס געווען די צאָל אַנאַלפאַבעטן. ווי נאָר מיר האָבן געעפנט די קורסן, האָבן זיך פאַרשריבן אַ הונדערט פופציק יוגנטלעכע. די ערשטע לערער זענען געווען: פאַר פויליש — די פריילינס וויסטיניעצקאַ און מאַלאָוואַנטשיק; פאַר יידיש — ח' זאר, געשיקט פון דער צענטראַלע. אויף די קורסן האָט מען געלערנט לייענען, שרייבן, רעכענען, יידישע געשיכטע, ליטעראַטור, פאָליטישע עקאָנאָמיע און ארץ־ישראל־קענטעניש. אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג זענען אויסגעוויילט געוואָרן: ישראל און אהרון צעמבאַל, אברהם פאָפּאָווסקי. נאָך דעם ווי די אינסטיטוציע איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן און זי האָט שוין געציילט פופציק דערוואַקסענע, אַקטיווע מיטגלידער, זענען פאָרגעקומען וואַלן צו אַ נייער פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זענען אויסגעקליבן געוואָרן: א. צעמבאַל — פאָרזיצער, וויסטיניעצקאַ — סעקרעטאַרין, משה סאָקאָל — קאַסיר, ישראל צעמבאַל, חנה שקאַרלאַט, חמהנעשע כילעס, א. פאָפּאָווסקי און וועלוול פאָפּאָווסקי. דערנאָך האָבן געלערנט אויף די קורסן די לערערס: זאר, ליסמאַן, פלוסקאַלאָווסקי און צוקער (אַלע געשיקט פון דער צענטראַלע).

אַ דאַנק דער געזעלשאַפט אָונט־קורסן, האָבן מיר אויך אָנגעהויבן פירן אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט. די ביבליאָטעק און לייען־זאַל האָבן דערגענצט די אַרבעט פון די קורסן גופא. אַלס ביבליאָטעקאַרן האָבן אַמטירט: וועלוול רוזשע, א. צעמבאַל, יאַנקל שטעלונג, מ. יאַזשעמסקי, וועלוול פאָפּאָווסקי, וועלוול נאָוואָגראָדזקי. צוליב דער פאַרגרעסערטער טעטיקייט האָט מען געמוזט דינגען אַ נייעם לאָקאַל, ווו ס'איז אויך געווען אַ גרויסער זאַל מיט אַ בינע. דאָס איז געווען דער גרעסטער פאַרטיי־לאָקאַל אין שטאָט, ווו יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס האָט מען אַדורכגעפירט פאָליטישע און ליטעראַרישע אונטערנעמונגען, קעסטל־שמועסן און רעפעראַטן מיטן אָנטייל פון אָרטיקע רעדנער און פון וואַרשע: ד"ר אייזענשטאַט, י. זרובבל, נ. בוקסבוים, י. פעטערזייל, וואַל, יוסף ראָזען, יצחק לעוו, ד"ר רפאל מאַהלער, ד"ר עמנואל רינגעלבלום, דער לערער בראָטמאַכער, ח. גלאַט, לויפער, ז. סעגאַלאָוויטש, ד"ר י. קרוק, יואל מאַסטבוים, לעאָ פינקעלשטיין, שלמה מענדעלסאָן, ד"ר וויינרייך, ד"ר קראַסוצקי, מינע אַבעלמאַן און אַנד.

אונדזער געזעלשאַפט איז געווען די ערשטע, וואָס האָט פאַרבעטן גאַנצע טרופעס צו שפּילן אין ווישקאָוו טעאַטער, און גראָד פרייטיק־צו־נאַכטס, הגם עס איז צוליב דעם אויסגעקומען צו פירן אַ ביטערע מלחמה מיט די שומרי־שבת. מיר האָבן אויך פון צייט צו צייט אַראָפּגעבראַכט רעציטאַטאָרן פון וואַרשע.

אויפן חשבון פון פועלי־ציון און פון דער געזעלשאַפט אָונט־קורסן דאַרף אויך פאַרשריבן ווערן דאָס גרינדן דעם אַרבעטער ספּאָרט־קלוב „גוויאַזדאַ — שטערן", וואָס האָט געציילט עטלעכע הונדערט מיטגלידער און פאַרמאָגט סעקציעס פאַר גימנאַסטיק, פוטבאָל און פינג־פאָנג און אָרגאַניזירט אויספלוגן אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי: רוזשאַן, פולטוסק, יאַדאָוו, באַצק. מיט די גימנאַסטישע איבונגען האָט אָנגעפירט אהרון צעמבאַל



אַ טייל פועלי־ציון חברים אין ווישקאָוו

חלק ממפלגת פועלי־ציון בוישקוב

אויף אונדזער איני־ציאַטיוו איז אין וויש־קאָוו געגרינדעט גע־וואָרן אַ פאָלקס־שול אין פאַרשטענדיקונג מיט דער צענטראַלער יידי־שער שול־אָרגאַניזאַציע (צוויש״אָ) אין וואַרשע. די פאַרוואַלטונג איז גע־ווען אַ צווישנפּאַרטייאי־שע — און פּועלי־ציון איז דאָרט געווען רעפּרע־זענטירט דורך די חב־רים: ישראל־משה צעמ־באַל, אהרון צעמבאַל, יאַנקל בראָנשטיין און וועלוול רוזשע און אַנ־דערע.



„יוגנט״־קרייז מיט זיינע אינסטרוקטאָרן

חוג של „יוגנט״ עם מדריכיו

.7

אין לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט אָוונט־קורסן האָט זיך אויך גרופּירט די פּועלי־ציון פּאַרטיי און איר „יוגנט״. די צוויי באַוועגונגען האָבן געפירט אַ אינטענסיווע פּאָליטישע אויפקלערונג, באַזונדערס צווישן דער יוגנט. די יוגנט־קרייזן האָבן געטראָגן די נעמען פון באָראָכאָוו, שורעק און מאַרקס. געלערנט האָט מען: פּאָליטישע עקאָנאָמיע, היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, ערפורטער פּראָגראַם, באָראָכאָווס „קלאַסן־אינטערעסן און די נאַציאָנאַלע פראַגע״, ווי אויך אַקטועלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אויף די אינער־לעכע קרייזן האָט מען זיך אַרויסגעהאָלפן מיט אייגענע רעפערענטן, די חברים: יוסף צעמבאַל (ביז זיין אָפּפאָרן אין די פאַר. שטאַטן), משה סאָקאָל, ישראל־משה צעמבאַל, יאַנקל שטעלונג, אהרון צעמבאַל, יאַנקל וואָלמאַן, משה יאַזשעמסקי און פייוול ערנשטיין. אַ באַזונדערן אָרט האָבן פאַרנומען די באָראָכאָוו־אַקאַדעמיעס, וואָס פלעגן יעדעס יאָר איינגעאָרדנט ווערן אין חודש דעצעמבער, מיטן אָנטייל פון אַ רעדנער פון וואַרשע. די צענטראַלע פלעגט אויך צושיקן רעפערענטן צו עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען. אונדזער אויפגאַבע איז אויך געווען צו פאַרשפרייטן די פּרעסע און אויסגאַבן, וואָס זענען דערשינען אין וואַרשע.

דער איינציקער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין אין וויש־קאָוו — פון די נאָדל־אַרבעטער — איז געווען צוזאַמענ־געשטעלט פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען. די פּועלי־ציון־חברים אין דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין: ב. ישמח, וו. רוזשע, וו. נאָוואָגראָדזקי און פייוול ערנשטיין, וועלכע האָבן דאָרט אַקטיוו מיטגעאַרבעט.

מיט גרויס מי איז געלונגען צו אָרגאַניזירן די טרעגער־אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ דורכאויס רעליגיעזער עלעמענט און דערביי זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו די פּאַרטייען, וואָס האָבן זיי געוואָלט צונויפברענגען אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. נאָך דעם ווי דער טראַנספּאָרט־פאַראיין איז שוין יאָ געשאַפן געוואָרן, האָט דאָרט געאַרבעט אַלס טעכנישער סעקרעטאַר — אָן באַלוינונג! — דער חבר שטעלונג.

באַזונדערס אַקטיוו איז פּועלי־ציון געווען ביי די וואַל־קאַמפּאַניעס צום פּוילישן פּאַרלאַמענט (סיים). אַ דאַנק דער הויז־אַגיטאַציע, וואָס מיר האָבן געפירט אין די שטיבן, האָבן מיר שטענדיק באַקומען עטלעכע הונדערט שטימען. די עפנטלעכע מיטינגען האָבן אויך צוגעצויגן פיל מענטשן. ביי די לעצטע סיים־וואַלן האָט דער צ.ק. באַשטימט, אַז מיר זאָלן אַריינטראָגן די ראַיאָן־ליסטע פון פּועלי־ציון — און מיר האָבן די דאָזיקע אָנווייזונג אויסגעפירט מיט כבוד.

אַ באַזונדערן דערפאָלג האָבן מיר געהאַט ביי די וואַלן צום ווישקאָווער שטאָטראַט. די 226 באַקומענע שטימען אויף דער ליסטע נומער 2 (לינקע פּועלי־ציון) האָט געגעבן עפּעס מער ווי איין ראַטמאַן (ישראל־משה צעמבאַל). פאַרטרויונגס־מאַן פון דער ליסטע איז געווען אהרון צעמבאַל.

ביי די שפּעטערדיקע וואַלן איז ווידער דער זעלבער חבר געוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן. אויפן צווייטן אָרט האָט קאַנדידירט דער שרייבער פון די שורות. פאַרטרויאונגס־מאַן — משה קנאַסטער. פאַר די אַכט יאָר צייט וואָס פּועלי־ציון איז געווען פאַרטראָטן אין שטאָטראָט און זיך באַטייליקט אין די אַרבעטן פון עטלעכע שטאָטישע קאָמיסיעס (ווי פאַר אַרבעטלאָזע און אַנד.), האָבן מיר שטענדיק פאַרטיידיקט און אין זינען געהאַט די אינטערעסן פונעם יידישן אַרבעטער און פאָלקסמענטש, נישט שרעקנדיק זיך פאַר די שיקאַנעס מצד דער סאַנאַציע און אַנדערע אַנטיסעמיטן.

.8

צום ערשטן פּראָ־פּאַלעסטינער אַרבעטער־קאָנגרעס האָט די ווישקאָווער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אַדורכגעפירט אַ גרוי־סע אויפקלערונגס־אַרבעט. און דער רעזולטאַט? העכער 600 שטימען און צען דעלעגאַטן: צעמבאַל אהרון, צעמבאַל ישראל־משה, שטעלונג יאַנקל, קנאַסטער משה, יאַזשעמסקי משה, פּאַפּאָווסקי וועלוול, ישמח ברוך, בראָנשטיין יאַנקל, סטאַראָוויעצקי משה און רוזשע וועלוול. כדאי אונטערצו־שטרייכן, אַז דער אויבנדערמאָנטער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין זיצונגס־זאַל פון וואַרשעווער שטאָטראַט. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, אַז אַ יידישער צוזאַמענפאָר זאָל אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען אין דעם זאַל.

די וואַלן צום וועלט־קאָנגרעס פונעם אַרבעטנדיקן ארץ־

ישראל, וואָס איז אין יאָר 1927 פאַרגעקומען אין בערלין, האָבן דערפירט צו אַן אינצידענט מיט דער פּאָליציי, וועלכע האָט פאַרחתמעט די אורנע אינמיטן ציילן די שטימען. ערשט נאָך אַן אינטערווענץ ביים סטאַראָסטע אין פּולטוסק, האָט מען דערלויבט צוריק עפענען די אורנע און דאַן פאַר־ענדיקט דאָס ציילן די שטימען. ווי געזאָגט, האָבן מיר דאַן פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט.

די פּאַרטיי האָט אויך אַרויסגעשטעלט אירע קאַנדידאַטן צו די קהילה־וואַלן, מיט די חברים י. מ. צעמבאַל און דוד שרעדני בראש. פאַרטרויאונגס־מאַן — י. שטעלונג. אינטערע־סאַנט, אַז גראַד אויף דעם דאָזיקן געביט האָבן מיר געהאַט אויסצושטיין פאַרשידענע רעפּרעסיעס און אַפילו מאַכינאַציעס מצד דער אגודה, וואָס האָט אַמיינסטן מורא געהאַט פאַרן דערפּאָלג פון אונדזער ליסטע. צוליב זייערע האַנדלונגען, האָט מען אַפילו איינמאָל אָפּגעלייגט די קהילה־וואַלן אויף עטלעכע חדשים שפּעטער, ביז זיי האָבן באַוויזן צוצוגרייטן

ווילער־ליסטעס מיט פיל נעמען פון... פאַרשטאָרבענע. אַ דאַנק דעם איז זיי געלונגען צו זיכערן אַ ווייטערדיקע ממשלה אין דער קהילה. טראָץ דעם אַלעמען, האָט אונדזער ליסטע באַקומען מערער שטימען ווי די האַנטווערקער און די אַלגעמיינע ציוניסטן.

עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות און נגישות מצד די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען קעגן דער יידישער באַפעלקערונג און באַזונדערס קעגן פּועלי־ציון. דאָס איז געווען אַ בייזער אָנזאָג פון ווייטגייענדיקע געענדערטע באַציאונגען כלפּי דער גרעסטער נאַציאָנאַלער מינדערהייט אין פּוילן, אין גייסט פון דער היטלעריסטישער פּאָליטיק. דער עקאָנאָמישער באָיקאָט האָט זיך געדעקט פולשטענדיק מיט דער פּאָליטישער עקס־טערמינאַציע — ביז ס'איז געקומען דאָס בלוטיקע מלחמה־יאָר 1939 און חרוב געמאַכט דעם יידישן ישוב אין אונדזער שטעטל.

# בשורות השומר הצעיר בוישקוב

לאה גולדשטיין
רמת־גן

היה זה באחת השבתות של חודש מאי 1927. שתי בנות באו בריצה והודיעו בשמחה שהוזמנו להשתתף באסיפת־קן, אשר מתקיימת ביער הסמוך מאחורי הגשר. למען האמת, לא התפעלתי מן הרעיון וכמובן — לא הצטרפתי. חשבתי את עצמי לילדה רצינית למדי, והעיקר בפעולות הקן היה — ריקודים ושירה שלא נמשכתי אחריהם. אבל מאום לא עזר לי. הבנות לא הרפו ממני וערב אחד הצליחו לקחת אותי לפגישה הראשונה של הקבוצה שנועדה להתקיים בקן.

התאספנו כ־14 בנות, כולן תלמידות בית־ספר עממי, חלקן בכיתה ז׳ וחלק גדול יותר — בכיתה ח׳. הפגישה השאירה עלינו רושם רב. כראש קבוצה קיבלנו את חנה דויטשר ז״ל. כבר לאחר פגישה זו נוכחתי לדעת שבפעולות אלו יש תוכן רב. התחלנו לעבוד במרץ, נבחרו ועדות שונות. במלים אחרות — ניתן בנו האומץ ללמוד להיות עצמאיים. התחלנו להכין פעולות בעצמנו, כי חנה היתה עסוקה מאוד. היא למדה בביה״ס התיכון ושם התנגדו כמובן שתלמידים ישתייכו לתנועות נוער, ובעיקר — תנועת־נוער ציונית. כדי לבוא לקן, היה עליהם להסתתר ולהתחפש, שלא יכירו אותם, אחרת צפוייה היתה להם הרחקה מבית־הספר. בית־ספר זה היה פולני ותלמידים יהודים היו בו מעטים. ממילא לא היו מעוניינים לקבל אותם וכן שכר־הלימוד היה כל כך גבוה שמעטים יכלו להרשות לעצמם להמשיך בלימודים.

באין ברירה, היה רוב הנוער מוכרח להסתפק בלימודים עממיים ולהמשיך באופן עצמאי להשתלם. ואני יכולה להגיד בסיפוק רב, שרק תנועת השומר הצעיר האירה לנו את הדרך לכך. ומן השירים והריקודים למראית עין, נטלנו על עצמנו עול כבד. הקן עבר משבר, הבוגרים מסיימי התיכון החליטו להמשיך בלימודים, חלק אחר לא חשב על הגשמה חלוצית, כי שערי הארץ היו סגורים. ובאין סיכוי לעליה — עזבו את התנועה. בהגה הקן נשארו אלה, שרק לפני שנה ומחצה היו הצעירים. האחריות היתה גדולה, נשארו כמה קבוצות צעירות. ונשאלה השאלה: האם נוכל להמשיך? התלבטנו הרבה, חיפשנו פתרון, כי חבל היה להרוס מפעל נהדר כזה.

זוכרת אני שהוזמנתי לישיבת הנהגת הקן והודיעו לי שעלי לקבל את ניהול הגזברות. לא ידעתי אז במה הדברים אמורים, אך חיש מהר התברר לי הכול. החבורה המבוגרת החליטה להתפרק ולאט־לאט לצרף את הכוחות הצעירים, דבר שבזמנים רגילים לא היו עושים.

ביום בהיר אחד התבשרנו בתפקידים חדשים: כמה בנות צורפו למועצה פדגוגית וכמובן קיבלו קבוצות להדרכה. כל זה התקדם במהירות מסחררת. תוך 3 חודשים נשארנו הגדוד האחראי לכל הנעשה בקן. בתחילה היה מצב־רוח קשה. הרגשנו את עצמנו מיותמים, כל המדריכים והבוגרים עזבו אותנו, נשארנו כאילו בלי מצפן. כנראה שהמקרה הזה היה ידוע בהנהגה הראשית בוורשה והיא החישה עזרה לקן בווישקוב. שליחיה התחילו להגיע אלינו. הראשון היה יודקס, אחריו — יעקב פ., יהיאל ה. ועוד רבים. הביקורים האלה היו בשבילנו גורליים. אחרי שיחות ממושכות הגענו למסקנה, שיחד עם הקומץ המקומי יש לנו זכות קיום. וזה נתן לנו הרבה אומץ. ההנהגה הראשית הבטיחה לנו עזרה מכסימלית, היות שהמרחק מוורשה לווישקוב היה בסך־הכול כ־50 קילומטר. העידוד הזה הוסיף לנו כנפיים והחלטנו: אנו נמשיך!



די גרופּע „שלהבת" פון השומר הצעיר, 1927
קבוצה „שלהבת" של השומר הצעיר, 1927

נאבקנו קשות עם התקציב. לא היו לנו הכנסות קבועות. הכול היה בנוי על מס חודשי, שכל קבוצה ופרט היו צריכים לתת מדי חודש בחודשו. יש להודות, שעמדנו בנסיון. הילדים ויתרו על הממתקים, חסכו כל פרוטה על־מנת לשלם את המס הדרוש.

ומילדים נעשינו למבוגרים. המבצע הראשון היה — לצאת למושבת־קיץ, למרות שלא היה לרשותנו הסכום הדרוש לכך. ההורים בעלי־האמצעים לא הסכימו שילדיהם ייצאו — והזמן היה קצר. עשינו קופה משותפת, קיבלנו על עצמנו ביצוע כל מיני עבודות, כגון: תיקון גרביים, עשיית שקיות מנייר והעיקר — אריזת סוכריות. סחבנו לקן שקים מלאים ושם התישבנו כל ערב ובמשך כמה שבועות עבדנו במרץ רב. הצלחנו לצבור סכום די הגון ויחד עם החסכונות הפרטיים אורגנה בדלוגושודלה מושבת צופים מעשרים וכמה בנות. המושבה הזאת נתנה לנו הרבה חוויות ועוד יותר — עידוד. למדנו שהתנועה היא חזקה ויש טעם להיאבק למען קיומה גם בווישקוב. לאחר המושבה חזרנו לעבודה וללימודים יותר מבוגרים, יותר חזקים ויותר בטוחים בצדקת דרכנו.

התגברנו על הקשיים הראשונים, התאמנו ראשי קבוצות לכל קבוצה וגדוד, נכנסנו לעבודה סדירה. הבאנו אפילו מורה ללימוד השפה העברית (בעירנו לא היה קיים בית־ספר עברי). עלינו שלבים־שלבים, אבל בדרך נכונה ובטוחה. אחרי זמן קצר בא נציג ההנהגה הראשית לביקור כדי להעניק לחלק גדול מן הגדוד סמלי צופים בוגרים. היינו גאים מאוד על־כך... ואמנם הגיע לנו הדבר, אם אמנם הצלחנו לצאת מן המשבר.

במשך הזמן התעוררו בעיות חדשות. בעלת־הדירה לא רצתה להחזיק אותנו יותר. הניעו אותה תלונות השכנים ואף היא עצמה היתה אנטישמית. נוסף לכך: השכן הקרוב היה פרופסור לתיאולוגיה בתיכון. השכנים (כולם פולנים) עשו כל המאמצים לנשל אותנו — ולבסוף הצליחו במזימתם. נשארנו בחוץ ללא כל אפשרות להשיג מקום כה יפה ונוח כמו הקן ברחוב קושצ׳ושקו, אצל קופצ׳יקובה.

במשך הקיץ המשכנו את עבודתנו בחיק הטבע. הרכוש הדל אוחסן בכל מיני בתים פרטיים. ביתנו, למרות התנגדותם של ההורים, היה לבסוף הבית היחידי אליו העברתי את ארכיון הקן. לא בנקל השלמנו עם אבדן הקן. לבסוף מצאנו בית אחר שנמצא בקצה הרחוב ומסביבו גינה קטנה. היו לנו 3 חדרים. אחד מהם — אולם גדול ובו יכלו לנהל 3—4 קבוצות את פעולותיהן — ואחת לא הפריעה לשניה. נוסף לזה היו הגינה והמרפסת. בגינה היה עץ גדול — עץ לילך שהצל לנו בימי חום. אהבתי את הקן הזה שהיה בית אמיתי לכל אחד מאתנו, בו מצאנו תוכן בחיים והרגשנו טוב מאוד. פה למדנו להכיר את האדם ולגלות את היפה והטוב שבו.

לבית הזה הקדשנו דאגה ומסירות. כל חודש היינו עושים נקיון יסודי. היו בו רצפות מעץ וכדי שלא יהיה אבק בזמן הריקודים, היינו מורחים אותם בשמן עם תוספת של נפט. הברקנו את החלונות, הדלתות והקירות קישטנו בכל מיני תמונות וויטראז׳ים. היתה התחרות בין הקבוצות. אחרי נקיון כזה היינו מבלים שעות בקן ולהזין בו את עינינו. היה זה חלק בלתי־נפרד ולא הרגשנו אפילו עד כמה התקשרנו לרעיון ולחיים החדשים.

והזמן עשה את שלו — מדאגות קטנות „עברנו" לדאגות גדולות. הקבוצה הבוגרת צריכה לצאת להכשרה. הכוחות מעטים והתפקידים מרובים. אני החלטתי הראשונה לצאת להכשרה. בבית לא ידעו כלום. ברור לי מראש, שלא אשיג את הסכמת ההורים. לאט־לאט ובשקט התכוננתי — וביום בהיר קיבלתי ידיעה לצאת להכשרה עונתית לחינצ׳יני. אחרי ויכוחים רבים שיחררו אותי מעבודת הקן. צעד זה צריך לשמש כדוגמה לרבים אחרים. אני עזבתי את הקן לשלושה חודשי קיץ.

אני יצאתי יחידה מגדודנו והגעתי למקום נידח וקטן, בו נמצאו 10 בחורים ו־2 בנות. הפגישה הראשונה עם המציאות היתה קשה. התברר, שתפקיד הבנות הוא רק — השרותים: בישול, כביסה, סידור הבית וכו׳. ואני תיארתי לי אחרת את ההכשרה לקראת החיים... אבל חיש מהר קיבלתי את תפקידי בלי היסוסים ומצאתי גם תוכן באורח־חיים זה.

תקופת ההכשרה עברה. חזרתי הביתה ביתר מרץ ונכנסתי מחדש לתפקידים בקן. במשך הזמן השגנו איזה שהוא חדר שקשה היה לנו להגדיר אותו כקן. אחר כך החלפנו את המקום לדירה אחרת, עם שני חדרים, מחוץ לעיר. פה התחלנו לעצב אופי למקום, אבל את ההשראה שהיתה לנו ברחוב קושצ׳ושקו לא יכולנו להחזיר לנו בשום מקום ואופן. השתדלנו להקים את הקן מחדש. עשינו תוכנית עבודה, צירפנו כוחות חדשים והתקדמנו.

כל שנה היינו יוצאים למושבות־קיץ מכל השכבות ונעשינו לקן נורמלי. הרגשנו בחוש שעלינו לעשות מאמצים כדי להגשים ולעלות לארץ־ישראל. כמובן, שלא מעט לעגו לנו, אבל הוכחנו שיש לנו השקפה נכונה על החיים. עבדנו רבות בשביל התנועה הציונית. הפצנו שקלים, אספנו כל חודש את התרומות למען הקרן הקימת לישראל. היינו מבקרים 3־4 פעמים בית אחד, עד שלא יכלו לסרב ותרמו את התרומה שבעצמם קבעו. וכך המשכנו שנים. את פעילי הקן הכירו בכל העיר. קודם כל השתדלנו ללבוש את המדים שלנו, שעליהם היתה גאוותנו: החולצה האפורה עם העניבה השחורה — ולטייל בחוצות העיר.

היינו ל„שם־דבר". מיטב הנוער התרכז בשורותינו ובכוחות משותפים יצקנו תוכן ציוני ומתקדם לרבים מאתנו.

האנטישמיות התחילה להתפשט. היו מקרים רבים שנוער יהודי פחד ללכת ברחובות שקטים וצדדיים. וכשהיינו מתאוננים במשטרה, היו אומרים לנו: „מי אמר לכם לטייל שם?!" זכורות לי היטב כמה עובדות שחזיתי בעצמי: פעם לבשתי סוודר חדש, ורוד, שקיבלתי אותו מאחותי רחל׳ה ז״ל. במצב רוח מרומם לבשתי אותו והלכתי לרבצ׳ה אַלטמן ז״ל להכין שעורים. ביתה היה באיזור של פולנים. דומני שהם היו המשפחה היהודית היחידה שגרה שם. פתאום הגיח איזה בחור צעיר, החזיק בידו קומקום מלא פיח ובמהירות נגש אלי — — — וכל הפיח השאיר על הסוודר החדש שלי. נשארתי המומה. כל חיי אזכור את המקרה הזה. הנער היה בריון ידוע שלא יכול היה לראות יהודי בדרכו... המקרה השני שנחרת בזכרוני היה ערב לפני עליתו של שמחה פ. ארצה. התאספנו במועדון של החלוץ, כדי להיפרד ולהגיד



דער גדוד „חביבי" — גדוד „חביבי"

כמה מלים אחד לשני. המועדון היה בקצה רחוב סטודולנה. אחרי הברכות והאיחולים וכל הכרוך בזה, נפרדנו כל אחד לדרכו הביתה. כ־20 צעדים לפני ביתי הופיע אותו „שייגץ", נתן לי סטירה כל כך חזקה בעין, שהרגשתיה חודש ימים לאחר מכן. כמובן, שלמחרת לא יכולתי ללכת לתחנת הרכבת. נשארתי בבית זמן רב, כי התביישתי לצאת לרחוב. העין קיבלה כל מיני צבעים...

ואז נולדה אצלי תחושה חדשה: לנוער היהודי אין עתיד בפולין. הזמנים באמת השתנו, כל האוכלוסיה היהודית התחילה להרגיש בזה יותר ויותר.

יצאתי בפעם השניה להכשרה לוֹלוֹצלַבק והתחלתי באופן רציני להגשים את חלומותי. מהבית קיבלתי מכתבים וידיעות על כל סוגי פרעות: שליהודים אסור להעמיד דוכנים בחלק מסויים של העיר, אסור ליהודים למכור מיצרך מסויים, אסור להם לטייל בפאַרק הגדול. הגבלות על כל צעד ושעל.

חזרתי מההכשרה הביתה. העליה היתה אפסית. הייתי צריכה לחכות לתורי. לא יכולתי למצוא לי מקום בעיירתנו. לעבודת הקן לא יכולתי שוב לחזור, לא מצאתי כבר את הקשר. חוץ מזה — היו ממשיכים אחרים. במשך השנים החדרנו מסירות והכרה בלב החניכים שהמשיכו במסורת.

אחרי שנה עליתי ארצה. זה היה בשנת 1934. לאט־לאט הופיעו יותר הפעילות. היה זה רק חלק קטן יחסית מכל אלה שצריכים היו להגיע. רבים מאתנו לא תיארו לעצמם שהקיץ הקץ על יהדות פולין בפרט ועל יהדות אירופה — בכלל...

# אין דער יוגנט־באַוועגונג השומר הצעיר

בינע יאַקובאָוויטש־טאַבאַק
רמת־גן

נאָך היינט קלינגט אין מיינע אויערן דאָס געזאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער דער קאָשטשושקע־גאַס און די טענץ אין אונדזער קן אין ווישקאָוו. ס׳זענען שוין אריבער פיל יאָרן, אַוועק די יוגנט, אָבער מיר דוכט זיך, אַז כ׳בין נאָך אַלץ דאָס יינגע ווישקאָווער מיידל פון „השומר הצעיר", וואָס טרוימט וועגן עליה קיין ארץ־ישראל. און ס׳איז נישט קיין וווּנדער: מיינע בעסטע און שענסטע יאָרן געהערן צו יענער תקופה, ווען כ׳בין געווען אין דער באַוועגונג.



ראַט פון קן השומר־הצעיר. מועצת קן השומר הצעיר

קיין ווישקאָוו בין איך געקומען מיט מיינע עלטערן אין יאָר 1922. מיין פאָטער איז געווען אַ ווישקאָווער.

נאָך די עטלעכע גרויסע שטעט, ווו מיר האָבן געוווינט אין רוסלאַנד, האָט דאָס קליינע שטעטל מיר אויסגעזען פרעמד און אָפּשטויסנדיק. אָבער נאָך אַ קורצער צייט, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו באַזוכן די גימנאַזיע און זיך באַפריינדעט מיט די שילער און שילערינס, בין איך מיט דער גאַנצער נשמה געוואָרן אַ ווישקאָווערין. שפּעטער, אַז מען פלעגט מיך פרעגן פונוואַנען איך שטאַם, האָב איך מיט שטאָלץ געענטפערט: פון ווישקאָוו!...

אויף דער הויפּט־גאַס (די קאָשטשושקע־גאַס), אין אַ סאָד, איז געשטאַנען אַ ווייסער גרויסער בנין, אַרומגענומען מיט אַ מויער. דאָס איז געווען די גימנאַזיע. דער עיקר האָבן דאָ געלערנט יידישע מיידלעך. ווישקאָוו איז געווען אַ חסידיש שטעטל און אין גימנאַזיע האָט מען געמוזט לערנען אין שבת. דערפאַר האָבן ווייניק יידישע עלטערן (בסך־הכל — 3) געשיקט אַהין זייערע קינדער.

די ווישקאָווער יוגנט האָט אָבער געזוכט וועגן, וויאַזוי זיך אויסצולעבן קולטורעל, פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך. דערפאַר זענען אַנטשטאַנען פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

אַ גרופּע שילערינס פון 6־טן קלאַס גימנאַזיע: חנה יאַקובאָוויטש (היינט אין תל־מונד), פייגע און אסתר ראַסנער (היינט אין חיפה), רפאל גורני און חיים באַראַב (ביידע אין תל־מונד), אסתר בזשאָזע און חנה דייטשער (ביידע אומגעקומען ביי די דייטשן), בערל בזשאָזע (היינט אין אַמעריקע), ווי אויך די שרייבערין פון די שורות — שאַפן די ערשטע קבוצה פון השומר־הצעיר אונטערן נאָמער „עבודה", וואָס אָרגאַניזירט דעם קן. אַלס ראש־הקן ווערט אויסגעוויילט רפאל גורני. אויך אַנדערע מיטגלידער פון „עבודה" ווערן מיט דער צייט ראשי־קנים. איך פיר אָן מיטן קן „פרחים", צו וועלכע ס׳געהערן: חנה יאַקובאָוויטש, חנה שפּירא, בינע האָלצמאַן, חיה ניימאַרק און חנה קאַווע. זיי אַלע זענען געווען גימנאַזיע־שילערינס, נאָר מיט איין קלאַס נידעריקער פון מיר.

מיר זענען געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער ההנהגה הראשית אין וואַרשע און פון דאָרט באַקומען אינסטרוקציעס בנוגע אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט. ס׳פלעגן אונדז אויך באַזוכן חברים פון דער צענטראַלע. דער ווישקאָווער קן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שיינער קולטורעלער



די קבוצה „גיבורים" קבוצת „גיבורים"

אַרבעט, מיט די עברית־קורסן און מיט דער צונויפלעבונג פון איינעם מיטן צווייטן. די גימנאַזיסטינס האָבן זיך אָנגעהויבן חברן מיט די „שומרים" — פשוטע אַרבעטער־יינגלעך. עס איז אויך געווען אַ קבוצה פון בלויז יינגלעך אויפן נאָמען „הגיבורים" (דער ראש־הקבוצה איז געווען רפאל גורני). כ׳געדענק נאָך אייניקע קבוצות, ווי „שיבולים" (ראש־קבוצה — פייגע ראַסנער); „חילות" (ראש־קבוצה — בערל בזשאָזע).

אין וואָס איז באַשטאַנען אונדזער טעטיקייט?

די קבוצה „עבודה" פלעגט אויף אירע „זביורקעס" אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון אַרבעט, צוגעפּאַסט צו יעדער קבוצה. איינמאָל אין וואָך זענען פאַרגעקומען צוזאַמענטרעפן פון יעדער קבוצה. מען פלעגט לערנען יידישע געשיכטע, סאָציאָלאָגיע, ליטעראַרישע שמועסן איבער פאַרשידענע ביכער, איבערהויפּט פון פּרצעס און פרישמאַנס נאָוועלן. צו אַזאַ „זביורקע" פלעג איך זיך גרייטן ווי אַ לערער אין קלאַס, אויסאַרבעטן טעזן. אויך די מיידלעך פלעגן זיך צוגרייטן — און מיר האָבן הייס און געשמאַק דיסקוטירט די באַהאַנדלטע טעמע.

מיר האָבן אויך איינגעאָרדנט משפטים פאַר אַ גרעסערן פאָרום, פון עטלעכע גרופּן צוזאַמען. כ׳געדענק אַזאַ עפנטלעכן משפט איבער שילערס „רויבער", וואָס מיר האָבן אַדורכגעפירט צוזאַמען מיטן עלטערן גדוד. אַ דאַנק דער קולטור־טעטיקייט, האָבן מיר איינגעפלאַנצט אין דער יוגנט אַזאַ וויסן, וואָס די גימנאַזיע האָט זיי נישט געגעבן.

מיר פלעגן אָפט איינאָרדענען אויספלוגן אין דעם נאָענטסטן וואַלד. וואָס האָט זיך געפונען אויף יענער זייט טייך. דער וועג אַהין האָט געפירט איבער אַ לאַנגער היל־צערנער בריק. אָנקומענדיק אין וואַלד, האָבן מיר מיט געזאַנג אויפגעשטעלט פּאַלאַטקעס, אָנגעצונדן פייערן און געטאַנצט אַ „האָראַ".

אין מיין זכרון איז פאַרבליבן דער ערשטער ל״ג בעומר פון אָרגאַניזירן אונדזער קן. מיר האָבן אַדורכגעמאַרשירט איבער די ווישקאָווער גאַסן. פאָרויס האָט מאַרשירט דער ראש־הקבוצה מיטן בלוי־ווייסן פאָן, דאַן די אַנדערע קבוצות, אָנגעטאָן ווי סקויטן מיט די פאַרשידנקאָליריקע קראַוואַטן, וואָס האָבן באַצייכנט די גרופּן מיט די ראשי־קבוצות אין שפּיץ, דאַן די פייקלער און טרומייטלער. מיר האָבן שיין מאַרשירט צום טאַקט און אונדזער געזאַנג האָט פאַרהילכט די גאַסן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַוואונדערט אונדזער „פּאַראַד" און אַפילו די עלטערן, וואָס האָבן צוליב פרומקייט געשטערט זייערע קינדער צו באַזוכן דעם קן, האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן פון פרייד און שטאָלץ, וואָס יידישע יוגנט מאַרשירט אַזוי שיין און דיסציפּלינירט.

טייערע, שיינע אומפאַרגעסענע יאָרן! כ׳זע אייך ווידער, מיינע ליבע און טייערע חברים און כ׳טאַנץ מיט אייך ווידער דעם „האָראַ" און זינג מיט אייך ראָמאַנטישע לידער.

אַזוי האָט געלעבט און געאָטעמט דאָס שטעטעלע ווישקאָוו מיט איר יוגנט, פול מיט אידעאַלן און שטרעבונגען, פאַר אַ טרייערן און בעסערן מאָרגן, פאַר אַ פרייער עליה, באַגייסטערט און דערצויגן דורכן „השומר־הצעיר".

# מן הפעולות של השומר הדתי

מנחם נאַגל
בני־ברק

כחבר התנועה של אחד הזרמים בתוך הציונות הדתית, בתקופה הטרום מלחמתית, הנני רואה חובה לעצמי להזכיר את התנועה וחבריה אתם צעדתי שכם אחד במשך כל שנות נעורי במקום מגורי וישקוב.

הסתדרות הנוער הצופית היהודית „השומר הדתי", אשר אחת מסיסמותיה היה הרעיון הנעלה של שיבת העם למולדת ואשר חרתה על דגלה את הסיסמה „עם ישראל ברוח תורת ישראל וארץ ישראל" — היתה אחת התנועות שלא הסתפקה בסיסמאות ריקות, אלא הטילה חובת הגשמה אישית על כל חבריה כפי שדרשה מכל הנוער היהודי המסורתי.

הסתדרות „השומר הדתי" נוסדה ע״י קומץ של בני נוער בעירנו. בין היוזמים הראשיים יש להזכיר במיוחד את שמעון פאַזור (מזכיר הסניף של צעירי מזרחי והחלוץ המזרחי), שמואל חיים וואנסוור, משה שדלצקי, שלום קופּלוביץ׳, יוסף קופּלוביץ׳ (כולם ניספו), וייבדלו לחיים -- שמואל זאַטורסקי, מנחם ברונשטיין וכותב הטורים האלה.

בראש פעולתנו, תוך כדי מאבק רעיוני טהור, באנו במגע עם חוגי נוער שונים בעיר. לא פסחנו על חברי תנועות שונות, כגון: בית״ר, השומר הצעיר, בנות אגודת ישראל וצעירי אגודת ישראל. תוך תקופה קצרה השפעתנו גדלה והלכה — מחצי מניין בני נוער בתקופת היסוד הגענו במשך חדשים מועטים ל־40 אחים ואחיות, אשר הצהירו אמונים לתנועה הציונית־דתית. יחד עם גידולנו המספרי נתרחבו תחומי הפעילות שלנו, היינו פעילים בוועדות שונות בעיר, קרן קיימת לישראל, קרן היסוד ובכל הקרנות הציוניים. ניהלנו פעולה תרבותית ענפה וכתוצאה ממנה הצטרפו אלינו בני נוער מזרמי הימין והשמאל גם יחד. מספר חברינו הוכפל במשך זמן קצר, רכשנו אהדה בכל החוגים. היו הרבה מקרים של עזיבות בקני בית״ר והשומר הצעיר. גם חברות מבנות אגודת ישראל עזבו את תנועת אגודת ישראל והצטרפו אלינו. סוד הצלחתנו היה: האווירה הציונית הדתית, משולבת עם אווירה מרוממת בדבר הגשמת הרעיון של שיבת ציון בדורנו



די אָנפירונג פון השומר הדתי. **פון לינקס אויף רעכטס:** משה שעדלעצקי, מענדל נאַגעל, שמעון פאַזור, שמואל זאַטאָרסקי, שלום קאָפּלאָוויטש, חיים יאַגאָדע.

ההנהגה של הקן השומר הדתי. **משמאל לימין:** משה שדלצקי, מנדל נאגל, שמעון פזור, שמואל זטורסקי, שלום קופלוביץ׳, חיים יאגודה.

אנו. נוסף לפעולה התרבותית, התנהלו כ"כ פעולות ספור־טיביות, שילוב של ספרא וסייפא.

בגלל הצפיפות בקן, שלא יכול היה להכיל את כל חברי התנועה של „תורה ועבודה", חילקנו את כל הקן לקבוצות. כל קבוצה ניהלה את פעולת התרבות שלה בקנה־מידה מוגבל, פרט לזאת התקיימו אסיפות כלליות ושיחות חופשיות של כל הקן בהדרכת המדריך שמואל חיים וואנסוור ושמעון פאזור. האמצעים הדלים לא הירשו בהתחלה רכישת אולם עצמאי ונדדנו ממקום למקום. בתקופה הראשונה התאספנו באולם המזרחי, בבית ויסטניצקי ז"ל, ברחוב קושצ'ושקו, ומשם עברנו יחד עם התנועה המבוגרת למקום בית־הכנסת של אלי־מאיר גולדמן ז"ל. לעתים תכופות ניהלנו את אסיפו־תינו בחצר של זלמן פלנר ז"ל, עד שבסופו של הדבר הגענו בכוחות עצמנו ובעזרת תרומות החברים לאולם שלנו.

הפעולה הבאה היתה להלביש את חברי הקן בתילבושת אחידה בגווני הצופים ובפסי תכלת־לבן על הכובעים. במשך זמן קצר הצלחנו בפעולת התלבושת ובל"ג בעומר וכ' תמוז (יום הזכרון של תיאודור הרצל) הופענו באקדמיות בתל־בושתנו.

עם הלבשת חברי הקן נערכה מסיבה חגיגית לכבוד המאורע. עד אור הבוקר שרנו ורקדנו שירים וריקודים ארצישראליים. לרגל החגיגה ביקרו נציגי ההנהגה הראשית של השומר הדתי בפולין. כמה מאושרים היינו כששמענו שבחים רבים לזכות הקן שלנו. סניפי הסביבה הביטו עלינו ב„קנאה" בגלל הצלחתנו האירגונית והמשמעת המופתית, כי רק שנתיים בערך אחרי יסוד הקן, בשלהי 1934—5, ערכנו כנס איזורי מכל קני השומר הדתי בסביבה, שהתקיים באולם שלנו המקושט בדגלי תכלת־לבן ותמונות של מנהיגי הציונות העולמית והמזרחי. בקיר הראשי בלטו במיוחד התמונות של מייסד המזרחי העולמי — הרב ריינס זצ"ל, ורבי צבי הירש קלישר, אליהו גוטמכר. מצד ימין ניראו תמונות של הרצל, ביאליק, סוקולוב ואוסישקין ודיאגרמות של ההתישבות היהודית החדשה בארץ ישראל.

כעבור זמן קצר אחרי הכינוס, נסענו לכינוס איזורי במאקוב־מאזוביצקי. שלחנו את צירינו שנבחרו באסיפה הכל־לית. מה מאושר הייתי, כשנודע לי על בחירתי כנציג הקן למחנה קייץ באחד היערות בסביבה, יחד עם מנחם רוזנברג. כבוד היה לנו לקבל מההנהגה הראשית מווארשה את הכרטי־סים כחברי המחנה.

בשובנו מהכינוסים וממחנות קיץ, נגשנו בייתר מרץ לפעולה התנועתית, כי בכינוסים רכשנו הדרכה מעולה איך לנהל את פעולות הקן.

הנהגת הקן אירגנה חוגים חינוכיים לנושאים שונים: דברי ימי עולם, דברי ימי עם ישראל, תולדות הציונות, שיחות על נושאי טבע, צופיות ותנ"ך. פעם בשבוע נערך עיתון בעל־פה — הכניסה היתה חופשית. כ"כ ערכנו „תיבת נח" וטיולים שונים בסביבה של הנהר בוג. לפעמים באו באורח אישי אלינו שליחי הארץ אשר תיארו בכבוד את צורת החיים בקיבוצי הפועל המזרחי. כל אחד מאתנו שאף בכל כוחותיו להגשים את האידיאל של תנועת „תורה ועבודה". והנה התקרבה הסערה שהמיטה שואה על ישראל ולדאבוננו לא זכו בהגשמת הרעיון.

זוכר אני מאורע ידוע אחד, בעת הלוויית המרשאל פילסודסקי, שעברה מווארשה בדרכה לווילנה. אפילו אז קינאו בנו הצופים הפולניים. הם לא יכלו להאמין למראה עיניהם, כי נוער יהודי צועד בצעידה משמעתית ובתלבושת מסודרת למופת, כמו צופים אמיתיים. כמובן שזה חרה לצופים הפולניים. ברם אנחנו התגאינו בהתנהגותנו ובצורת הופעתנו.

לבי רק דואב שכל אלה שצעדו בשורותינו לא זכו לצעוד על אדמתנו בחגי העצמאות במדינת ישראל. המלחמה הפושעת הקיצה את הקץ המר על חלק הארי של היהדות באירופה ובתוכם על בני עירנו. לא ידוע לי כיצד ואיפה נהרגו ונשרפו האחים היקרים והאחיות היקרות. רק שרידים נשארו, מפוזרים בכל קצות תבל...

ידוע לי שמזכיר הקן של השומר הדתי בווישקוב, מנחם ברונשטיין, חי בארה"ב. והייתר חיים בישראל: מנחם רוזנברג, שמואל זאטורסקי, פייוול אוסטרי, סימה מארחווקה, שרה הולנד, ברכהצ'ה אוסטרוביק, פייה ברמה, מוטל פארבשטיין.

ובסוף יורשה נא לי להזכיר את חברי שניספו: שמעון כאזור — מזכיר המזרחי, שמואל חיים וואנסוור — חבר המזכירות של צעירי מזרחי והחלוץ המזרחי ומדריך הקן, משה שדלצקי, שלום קופלוביץ', יוסף קופלוביץ', חיים יאגודה, משה מאיר נובגרוצקי.

יהי זכרם ברוך!

# ערב די קהילה־וואלן אין יאָר 1931

ביי אונדז אין שטאָט רידערט זיך היינט מיט די דאָזאַר־וואַלן. אונדזער שטאָט ציילט ביז 800 פאַמיליעס. עס האָבן זיך געשאַפן זעקס ליסטעס:

1) אַ האַנטווערקער ליסטע (נומער 1), מיט ה' משה דוד יאָסקאָוויטש אין דער שפיץ.

2) ראַדזימינער חסידים — מיט חיים־יהושע פרישמאַן (מלמד) אין דער שפיץ.

3) האַנטווערקער ליסטע (נומער 2) מיט ישעיהו פאָס־טאָלסקין אין דער שפיץ.

4) ציונים — מיט די ה"ה חיים נתן ווענגראָוו, יאַניש, שמעי' ראַפּאַפּאָרט.

5) פועלי־ציון — מיט ה' ישראל משה צעמבאַל אין דער שפיץ.

6) אגודה — מיט ה' חיים מאיר ליס.

די אַלע זעקס ליסטעס האָבן איינגעאָרדנט די וואַל־מיטינגען פונקט ווי אין אַלע גרויסע שטעט. קיין רעדנער ב"ה פעלן היינט ביי אונדז אויך נישט. דער עולם האָט זיך אויסגעלערנט רעדן און דעם זונטיק בייטאָג האָבן די גערער חסידים איינגעאָרדנט ביי זיך אין שטיבל אַ „וויעץ". האָבן גענומען עטלעכע פאַרטייען זיך ווילן, ביז מ'האָט איינעם אַ בחור אַריינגעשטאָכן אַ מעסער אין האַנט...

וועגן רעזולטאַט פון די וואַלן וועל איך שרייבן באַ־זונדער.

(לויט אַ קאָרעספּאָנדענץ פאַרעפנטלעכט אין דער וואָכנשריפט „דאָס נייע בלאַט" — צייטונג פאַר פּראַגע און אומגעגענט, נומער 4, ה' סיון תרצ"א, 21 מאַי 1931, — געחתמעט דורך אַ ווישקאָווער.)

# ווישקאָווער לײַ־קאַסע אין יאָר 1931

פּאַוּל א. קרעמער
ניו־יאָרק

(פונעם אַרטיקל „פּאַראײַניקטער יידישער רעליעף", דערשינען אין „דער לאַנדסמאַן" און אַרויסגעגעבן לכבוד דעם 40־יאָריקן יובל פון ווישקאָווער אונטער־שטיצונג־פאַראיין — 1936—1896, ניו־יאָרק, 1936)

פאַר מיר ליגט אַ פולשטענדיקער באַריכט פון דער ווישקאָווער לײַ־קאַסע פון יאָר 36־35. לויט דעם באַריכט, האָט די לײַ־קאַסע אַרויסגעגעבן אין יאָר 1935 הלוואות צו פאָלגנדע פאַכלייט:

41 שניידערס, 50 שוסטערס, 12 סטאָלערס, 6 קצבים, 102 — פון פאַרשידענע פאַכן.

און צו די פאָלגנדיקע סוחרים:

9 פון מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע, 24 — לעדער־אויסאַרבייטונגען, 16 — שפּייז־קרעמער, 79 — מאַרק־פאַרקויפער און גאַסן־הענדלער, 6 — דאָרפס־גייער און צו אַנדערע פאַרשידענע קליינהענדלער — 170 הלוואות.

צוזאַמען האָבן פינף הונדערט מיט צוויי און דרייסיק פערזאָן זיך באַנוצט מיט הלוואות פון דער ווישקאָווער לײַ־קאַסע אין יאָר 1935.

אין דעם זעלבן יאָר זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער ווישקאָווער לײַ־קאַסע פאָלגנדיקע הלוואות:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 40 | הלוואות | צו | 25 | זלאָטעס |
| 20 | „ | „ | 30 | „ |
| 9 | „ | „ | 40 | „ |
| 172 | „ | „ | 50 | „ |
| 8 | „ | „ | 60 | „ |
| 70 | „ | „ | 75 | „ |
| 316 | „ | „ | 100 | „ |
| 2 | „ | „ | 200 | „ |
| 13 | „ | „ | 150 | „ |
| 14 | „ | „ | 20 | „ |

סך־הכל זענען דורכן יאָר צעטיילט געוואָרן הלוואות צו יחידים — פופציק טויזנט פינף הונדערט מיט ניין און צוואַנציק זלאָטעס.

נעמענדיק אין אַכט די נישט גאַנץ גרויסע יידישע באַפעלקערונג אין ווישקאָוו, גיבן די ציפערן אַ גענויעם באַגריף פון דער צרהדיקער יידישער לאַגע, און דער עיקר — ווי וויכטיק עס איז די לײַ־קאַסע פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג אין ווישקאָוו.



**פאַרוואַלטונג פון דער גמילות־חסדים קאַסע, 1935. עס שטייען פון רעכטס:** ברוך הוטניצקי, בעריש האָלדאַק, יעקב גמרא, זלמן פעלנער, בראַמאַ. **זיצן:** יהודה יאָסל מאַלטשיק, משה־זעליק אוסטרי, שייקע פאָסטאָלסקי, יעקב־דוד פשעטיצקי, ברוך ציוויאַק, יצחק באַבעק.

ועד קופת גמילות־חסד, 1935. **עומדים מימין:** ברוך הוטניצקי, בריש הולדק, יעקב גמרא, זלמן פלנר, בראמא. **יושבים:** יהודה־יוסל מאלצ׳יק, משה־זליג אוסטרי, שייקה פוסטולסקי, יעקב־דוד פשטיצקי, ברוך ציביאק, יצחק באבק.



ביערונג צום 5־יאָריקן יובילייַ פון דער גמילות־חסדים קאַסע, 1935. **עס זיצן פון רעכטס:** יאָסל פּאָלאָצקער, יאַנקל יאַקובאָוויטש, ד״ר גוטשטאַט, ד״ר לייכער, דירעקטאָר גיטערמאַן (פון דער „דזשאָינט״־צענטראַלע), ישראל משה צעמבאַל, מ. ז. אָסטרי, שייקע פּאָסטאָלסקי, יעקל־דוד פּשעטיצקי, זונדל עלבוים, חיים יאָנאַסאָוויטש.

חגיגה לרגל 5 שנות קיומה של קופת גמילות־חסד, 1935. **יושבים מימין:** יוסל פולוצקר, ינקל יאקובוביץ', ד״ר גוטשטט, ד״ר לייכר, מנהל גיטרמן (ממרכז „דז'וינט״), ישראל־משה צמבל, מ. ז. אוסטרי, שייקה פוסטולסקי, יאֶקל־דוד פשטיצקי, זונדל אֶלבוים, חיים יונאַסוביץ'.

# גמילות־חסד קאסע ביים סאָציאַליסטישן האנטווערקער פאראיין

י. מ. צעמבאַל
בוענאָס־איירעס

אין די ערשטע יאָרן פון פוילנס אומאָפּהענגיקייט, ווען די פאַראָרעמונג פון די יידישע מאַסן איז געווען גרויס און פאַר די געזעלשאַפטלעכע קיכן, וואָס האָבן אומזיסט געטיילט זופּן, זענען געשטאַנען לאַנגע רייען פון מענטשן, וואָס האָבן זיך געגייטיקט אין הילף — האָט דער „דזשאָינט״, די וויכטיקסטע הילפס־אינסטיטוציע פון אַמעריקאַנער יידנטום פאַר די אייראָפּעישע יידן, באַשלאָסן איבערצוגיין אויף מער קאָנסטרוקטיווע וועגן פון שטיצן די יידישע באַפעלקערונג אין פוילן. אַנשטאָט איינמאָליקע, אָדער צייטווייליקע הילף אין דער פאָרב פון פאָלקס־קיכן, פּראָדוקטן־פאַרטיילונג, פּעקלעך מיט קליידונג אדג״ל — איז באַשלאָסן געוואָרן צו עפענען אָנפּראַצענטיקע לייַ־קאַסעס, פאָלקס־בענק צי גמילת־חסדים קאַסעס צו ערטיילן הלוואות אויף גינסטיקע באַדינ־גונגען פאַר נויטבאַדערפטיקע און זיי שטעלן אויף די פיס. די כוונה איז געווען, אַז די אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן, וואָס זענען אויסגעשטעלט אויף צו נעמען שטיצע, זאָלן זיך אַריינפלעכטן אין קאָנסטרוקטיוון לעבן — אין מסחר, האַנט־ווערקעריי און קליינהאַנדל. דאָס איז געווען איינער פון די שענסטע און בעסטע אויפטוען אין דער געשיכטע פון „דזשאָינט״: געצווונגענע סאָציאַלע פאַלן פאַרוואַנדלען אין פּראָדוקטיווע מענטשן.

צו יענער צייט האָבן אין גאַנץ פוילן, בתוכם אויך אין ווישקאָוו, זיך געשאַפן פאַרשידענע אינסטיטוציעס, אָרגאַני־זאַציעס און געזעלשאַפטן מיטן ציל צו באַדינען נישט נאָר פאַרטייאיש־פּאָליטיש, נאָר אויך סאָציאַל און מאַטעריעל — די פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. ליידער, האָב איך נישט איצט די נייטיקע מאַטעריאַלן וועגן דעם אַלעמען, ווייל דער עצם־פאַקט פון אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, רעדט גענוג וועגן גורל פון ווישקאָוו. וועל איך דעריבער לויטן זכרון דערציילן די אַנטשטייאונג און אויפטוען פון דער גמילת־חסד־קאַסע ביים סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין אין אונדזער שטעטל. אויסער דעם האָב איך פאַר־לאָזט ווישקאָוו אין יאָר 1936 און דער איינציקער זכר, וואָס האָט זיך דערהאַלטן ביי מיר ביז היינט: אַ קליינער לוח פון דער קאַסע, אַרויסגעגעבן אין יאָר 1933...

ביים סוף פון די צוואַנציקער יאָרן איז אין ווישקאָוו אַנטשטאַנען אַ האַנטווערקער־פאַראיין, אַלס לאָקאַלע אָפּטיי־לונג פון דער בירגערלעכער האַנטווערקער־צענטראַלע אין וואַרשע. בראש פון דער ניי־געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע זענען געשטאַנען: אליהו־מאיר גאָלדבערג, אַ בעקער־אונטערנעמער, וואָס איז אַליין נישט געשטאַנען ביים אויוון, נאָר באַשעפ־טיקט אַרבעטער; משה־דוד יאָסקאָוויטש, אַ טעכניקער; אַ געוויסער כזשאַן, פישל בראָנשטיין א. א. זיי האָבן געדונגען אַ צימער ביי גאָלדמאַנען אין הויף, זיך איינגעשאַפט

אַ סטעמפּל און באַקומענדיק פון „דזשאָינט" עטלעכע הונדערט דאָלאַר -- האָט מען געעפנט אַ קאַסע.

ליידער מוז געזאָגט ווערן, אַז די דאָזיקע נייע אינסטיטוציע האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט גרויסער אַקטיווירטעט און ברייט־פאַרמאָסטענע אַרבעטן. נאָכן אַרויסגעבן עטלעכע קלענערע הלוואות אַן אומבאַדייטנדיקן טייל האַנטווערקער — האָט זיך כמעט אָפּגעשטעלט די טעטיקייט פון דער קאַסע. דאָס האָט דערפירט, אַז אויך דער „דזשאָינט" האָט אָפּגעשטעלט די שטיצע. עס האָט געדראָט אַ געפאַר, אַז ווישקאָוו זאָל בלייבן אָן אַ מקור פון עפעקטיווער און קאָנסטרוקטיווער הילף פאַר האַנטווערקער, קליינהענדלער און סתם נויטבאַדערפטיקע יידן.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די ווענדונגען צו אונדזערע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק זענען געווען אַלץ אָפטערע און שטאַרקערע. פון אַ צוויי טויזנט נפשות אין שטעטל, האָבן אַ העלפט געמוזט אָנקומען נאָך פסח־שטיצע פון זייערע לאַנדסלייט אויף יענער זייט אָקעאַן. אונדזערע ברידער אין ניו־יאָרק האָבן נישט געקאַרגט קיין הילף. אויף יעדן פסח פלעגן זיי שיקן טויזנט דאָלאַר צום פאַרטיילן. דער ווישקאָווער הילפס־פאַראיין אין די פאַרשטאַטן האָט אָבער אויך געוווּסט, אַז דער „דזשאָינט" שטיצט אָנפּראָצענטיקע ליי־קאַסעס אין פּוילן און האָט דעריבער זיך געווענדעט מיט אַן אָנפראַגע, פאַרוואָס עקזיסטירט נישט אין ווישקאָוו אַזאַ קאַסע. איז געקומען אַן ענטפער פון „דזשאָינט", אַז זיי האָבן קיין ווישקאָוו יאָ געשיקט דאָלאַרן און אַז אַזאַ קאַסע איז דערעפנט געוואָרן, נאָר זי פירט נישט קיין טעטיקייט. די פּאָליטיק פון „דזשאָינט" איז אויך געווען, אַז די שטאָט גופא דאַרף שאַפן געלט פאַר אַ ליי־קאַסע. נאָך דעם ווי די נייטיקע סומע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אויפן אָרט, האָט דער „דזשאָינט" צוגעלייגט דעם זעלבן סכום — און אַזאַ קאַסע איז געשאַפן געוואָרן. אָבער ווישקאָוו האָט דאָס נישט געטאָן. האָבן די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק אַדורכגעפירט אַ קאַמפּיין פאַר קאָנסטרוקטיווע הילף און אַזוי אַרום געזיכערט, אַז דער „דזשאָינט" זאָל אויך געבן זיינעם אַ גרעסערן צושטייער.

ווען אַ גרופּע האַנטווערקער אין ווישקאָוו פון פאַרשידענע ריכטונגען האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, האָבן זיי אויף אַ צוזאַמענטרעף באַשלאָסן אַרויסצושיקן אַ דעלעגאַציע צום „דזשאָינט" אין וואַרשע. אָבער דאָ האָט מען דערקלערט דער דעלעגאַציע, אַז כּל־זמן די עקזיסטירנדיקע קאַסע וועט נישט ווערן רעאָרגאַניזירט — וועלן זיי גאָרנישט טאָן.

צוריקקומענדיק קיין ווישקאָוו, האָבן סיי די שליחים, סיי די באַזונדערע האַנטווערקער, געבעטן די פאַרוואַלטונג פון דער קאַסע צו באַנייען די טעטיקייט; רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אויסוויילן אַן אַנדערע פאַרוואַלטונג -- אָבער אָן דערפאָלג. מען האָט די דאָזיקע טויער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַקטיוויזירן די קאַסע מיינט אויך — באַקומען פאַרגרעסערטע שטיצע פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע און פון „דזשאָינט".

ליידער, ס׳איז נישט געלונגען צו קומען צו וועלכער ס׳איז פאַרשטענדיקונג. איצט האָבן אַלע געפילט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי גרינדן אַ צווייטן האַנטווערקער־פאַראיין. אַ ווענדונג צו דער וואַרשעווער צענטראַלע פון סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין האָט שנעל געגעבן רעזולטאַטן: אין ווישקאָוו איז אַנטשטאַנען אַן אָפּטיילונג פון דאָזיקן פאַראיין.

אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג זענען אויסגעקליבן געוואָרן: פּאָסטאָלסקי, צעמבאַל, ווענגראָוו, אָסטרי, מאַלטשיק, בראַמע און אַנד

די קאַסע איז געעפנט געוואָרן אין יאָר 1930. ביזן לעצטן מאָמענט זענען געמאַכט געוואָרן באַמיאונגען צו אַקטיוויזירן דעם אַלטן פאַראיין — אָבער אָן דערפאָלג.

מיר האָבן אין ווישקאָוו גופא צונויפגעשטעלט אַ קליינעם קאַפּיטאַל און אָנגעהויבן אַרויסגעבן די ערשטע הלוואות. די שפּעטערדיקע פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף אַזאַ אופן: יצחק רייטשיק — פאָרזיצער, אַ פּשוטער ייד, פון פאַך אַ שמיד; וויצע־פאָרזיצער — ישראל־משה צעמבאַל; סעקרעטאַר — שייקע פּאָסטאָלסקי; קאַסיר — משה־זעליק אָסטרי; פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: חיים יאַנאָסאָוויטש, יהודה־יאָסל מאַלטשיק, שמואל בראַמע און אַנדערע, וועמענס נעמען כ׳קאָן זיך נישט איצט דערמאָנען. יעדער מיטגליד פון דער קאַסע האָט באַדאַרפט צאָלן אַ מינימום־אָפּצאָל פון 10 גראָשן אַ וואָך.

מיט אַ צייט שפּעטער האָבן מיר באַקומען געלט פון אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע און אויך פון „דזשאָינט" אין וואַרשע. פון טאָג צו טאָג האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל הלוואות־נעמער, צו וועלכע ס׳האָבן געהערט נישט נאָר האַנטווערקער, נאָר אויך קליינהענדלער. שטענדיק האָט אויסגעפעלט געלט צו באַפרידיקן אַלעמען — און מען האָט געמוזט וואַרטן אין דער ריי צו באַקומען די הלוואה.

די ערגסטע צייט פאַר דער קאַסע איז געווען ערב די יומטובים. די שניידערס, שוסטערס, קאַמאַשנמאַכערס און קליינהענדלער, וואָס האָבן געפירט זייער מסחר אויף סטראַגאַנעס, פלעגן ערב פסח און ערב ראש־השנה פאָרן קיין וואַרשע זיך איינקויפן דעם רווישטאָף און צודאַטן אויף אויסצואַרבעטן זייערע אַרטיקלען און פאַרקויפן אין די מערקטעג — דינסטיק און פרייטיק.

איך וועל נישט פאַרגעסן די דינסטיקדיקע אָוונטן, נאָך אַ מאַרק־טאָג, אָדער נאָך דעם יאַריד־טאָג (יעדן דינסטיק נאָכן ערשטן פון חודש פלעגט פאָרקומען אַ יאַריד־טאָג), ווען אונדזערע יידישע האַנטווערקער און קליינהענדלער האָבן אויסגעציילט און אויסגערעכנט דעם פּדיון פון טאָג און באַלאַגערט די קאַסע מען זאָל זיי אַרויסגעבן אַ דרינגענדיקע הלוואה, כדי צומאָרגנס, מיטוואָך, אַריינפאָרן קיין וואַרשע און ווידער זיך איינשאַפן די נייטיקע סחורות אויף צו פירן דעם מסחר און מלאכה. אָבער נישט איינער פלעגט פאַרלאָזן דעם לאָקאַל פון דער גמילת־חסד־קאַסע מיט אנטוישונג און פאַרביטערונג, ווייל די פאַראַנענע קאַפּיטאַלן זענען נישט געווען אימשטאַנד צו באַדינען אַלע נויטבאַדערפטיקע. נישט ביי איין ייד האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, ווייל פון אַזאַ קליינער הלוואה איז געווען אָפּהענגיק זיין עקזיסטענץ...

די פאַרוואַלטונג האָט זיך טאַקע געראַנגלט מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם — וויאַזוי פאַרגרעסערן דעם קאַפּיטאַל־פאָנד פון דער קאַסע? עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו ווענדן זיך צו די מער פאַרמעגלעכע יידן אין ווישקאָוו זיי זאָלן אויף עטלעכע חדשים אויסבאָרגן דער קאַסע געוויסע סומען געלט, אָן פּראָצענט, כדי לינדערן די נויט פון די וואָס ווילן אַ הלוואה. טיילווייז איז דער דאָזיקער פּלאַן געלונגען. מיר שרייבן טיילווייז, ווייל די מערהייט רייכע יידן האָבן נישט געוואָלט אָנפאַרטרויען זייער געלט דער קאַסע.

מיט אַ צייט שפּעטער בין איך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג. די שטרעבונג איז געווען, אַז אונדזער קאַסע זאָל באַדינען אַלע שיכטן פון דער

באַפעלקערונג, באַזונדערס די יידן אין שטעטל, וואָס אַ קליינע הלוואה, אויף גינסטיקע באַדינגונגען, איז עלול זיי צו שטעלן אויף די פיס. צו דעם צוועק איז צונויפגערופן געוואָרן אַ ברייטע באַראַטונג מיט פאָרשטייער פון אַלע שיכטן. אויך דער רב און דעלעגירטע פון די רעליגיעזע פּאַרטייען האָבן זיך באַטייליקט, הגם דער רוב פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון דער גמילת־חסד קאַסע ביים סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין זענען געווען וועלטלעכע יידן. מיר האָבן אויף דער באַראַטונג אינפאָרמירט וועגן דער טעטיקייט פון דער אינסטיטוציע און מיט ציפערן און פאַקטן באַוויזן ווער עס ווערט באַדינט פון דער קאַסע, דערציילט וועגן די שוועריקייטן און וועגן דער באַציאונג פון די רייכע יידן.

דער באַריכט, ווי אויך דער פאַקט וואָס אין דער פאַרוואַלטונג זענען געווען פאַרטראָטן מענטשן פון אַנדערע שיכטן און גרופּן, האָט באַוויגן די באַראַטונג צו באַציען זיך מיט מער ערנסטקייט צו אונדזער אינסטיטוציע. עס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן אַ „געזעלשאַפט פריינט פון דער גמילות־חסדים קאַסע“. אַלס פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט איז אויסגעקליבן געוואָרן דער שטאָט־דאָקטאָר ד״ר לייכער, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אויך פאָרזיצער פון דער קאַסע ביים סוחרים־פאַראיין; ד״ר גוטשטאַט — דענטיסט, יעקב יאַקובאָוויטש, יאָסל פלאָצקער, יצחק עפשטיין — פּרעזעס פון דער קהילה אאַנ״ד. (ד״ר לייכער איז דערנאָך געווען קאָמענדאַנט פון אויפשטאַנד אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע. יאַנקל וויערניק, באַשרייבנדיק אין זיין בוך וועגן אויפשטאַנד אין טרעבלינקע, גיט אָן על־פי־טעות, אַז ד״ר לייכער איז געקומען פון ווענגראָוו. קיין טרעבלינקע איז ער טאַקע געקומען פון ווענגראָוו, ווייל ווישקאָוו איז באַלד אין די ערשטע מלחמה־טעג פאַרניכטעט געוואָרן — אָבער ד״ר לייכער איז אַ ווישקאָווער).

דאָס גרינדן אַזאַ קאָמיטעט האָט אונדזער אינסטיטוציע צוגעגעבן פיל חשיבות. אויך די רייכע יידן האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן מער אינטערעס און שטיצע דער קאַסע. עס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן נאָך אַקציעס אויף צו פאַרגרעסערן די פאָנדן פון דער קאַסע. במילא האָט אויך דער „דזשאָינט“ פאַרגרעסערט זיינע סובווענצן.

אין יאָר 1935 האָבן מיר אין שייכות מיט דער פינף־יאָריקער עקזיסטענץ פון דער קאַסע אַדורכגעפירט אַ גרויסע יובל־פייערונג, צו וועלכער עס איז אַפילו געקומען דער גענעראַל־דירעקטאָר פון „דזשאָינט“ אין פוילן, ד״ר גיטערמאַן. דאָס האָט אויך באַוויזן דעם גוטן נאָמען, וועלכן מיר האָבן געהאַט אין „דזשאָינט“ און די באַציאונג פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע צו אונדזער קאַסע. (ביי דער געלעגנהייט וויל איך דערציילן פאָלגנדיקן פאַקט: איך בין געפאָרן קיין וואַרשע ברענגען דעם ד״ר גיטערמאַן צו אונדזער פייערונג. צוריקפאָרנדיק קיין ווישקאָוו, אין דעם זעלבן צוג, האָט ער געהאַט אַ פלאַץ אין ערשטן קלאַס, בעת איך בין געפאָרן מיטן דריטן קלאַס. אָבער ווי נאָר דער צוג האָט גערירט, איז ער געקומען צו מיר אין דריטן קלאַס און מיר האָבן שוין אַזוי אַ גאַנצן וועג געשמועסט וועגן אונדזערע ענינים).

די פייערונג איז פאָרגעקומען אין גרויסן סאַלאָן־זאַל פון די פייערלעשער. נאָכן באַריכט פונעם שרייבער פון די שורות און באַגריסונג פון ד״ר לייכער, פריינט פון דער געזעלשאַפט גמילת־חסד קאַסע, האָט דירעקטאָר גיטערמאַן רעפערירט וועגן די הילפס־קאַסעס אין פוילן. נאָך דער פייערונג האָבן מיר צוגעגרייט אַ שיינעם אָוונט־ברויט פאַרביידע פאַרוואַלטונגען און פאַר די דעלעגאַטן פון יאַדאָוו, סעראָצק, דלוגאָשאָדלע, גאָוואָראָווע א. א. נאָכן מאָלצייט האָבן אַלע באַגלייט דעם דיר׳ גיטערמאַן צום באַן.

אויף צו גרינדן גמילת־חסדים־קאַסעס אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָט דער „דזשאָינט“ אין וואַרשע באַפולמעכטיקט אונדזער פאַרוואַלטונג. די חברים פּאָסטאָלסקי, עלבוים און צעמבאַל האָבן באַזוכט די אַרומיקע יידישע ישובים, אַרויסגעטרעטן אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און פּראַקטיש געהאָלפן איינשטעלן זייער אַרבעט.

מיין באַריכט וועט נישט זיין קיין פולקאָמער, ביזן טרויעריקן סוף פון יאָר 1939, ווייל איך האָב פאַרלאָזט ווישקאָוו דעם 26־טן יאַנואַר 1936, עמיגרירנדיק קיין אַרגענטינע. אויפן געזעגענונגס־באַנקעט לכבוד מיין אָפּפאָר, האָט דער פאָרזיצער, ד״ר לייכער, ווי פאָרגעפילט דאָס קומענדיקע און אין זיין באַגריסונגס־וואָרט דערקלערט צוו. אַנד.:

„איך בין אייך מקנא וואָס איר פאַרלאָזט פוילן. ווען איך וואָלט געקאָנט, וואָלט איך דאָס זעלבע געטאָן...“

נאָכן אונטערטראָגן מיר אַ מתנה און אָפּשאַצן מיין טעטיקייט, איז געקומען אַ פאָרשלאַג כ׳זאָל בלייבן ביי דער אַרבעט און אַז די קאַסע איז גרייט מיר צו צאָלן אַ געהאַלט (די ביזאיצטיקע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פרייוויליק). פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב דעם פאָרשלאַג נישט אָנגענומען.

אויף וויפל איך געדענק, האָבן אין אָנהייב פון יאָר 1936 באַקומען הלוואות ביי אַ 800 פאַמיליעס. צו דער פאַרוואַלטונג האָבן דאַן געהערט: פאָרזיצער — י. מ. צעמבאַל; סעקרעטאַר — שייקע פּאָסטאָלסקי; קאַסיר — יעקב־דוד פשעטיצקי; חיים יאַנאָסאָוויטש, בינם בורשטין, יהודה־יאָסל מאַלטשיק, בעריש אַלדאָק, יאַנקל וואָלמאַן א. א. בוכהאַלטער איז געווען זינדל עלבוים און יעקב יאַקובאָוויטש — פרייוויליקער בוכהאַלטער.

צום געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט „פריינט פון דער קאַסע“ האָבן געהערט: פאָרזיצער — ד״ר לייכער, ד״ר גוטשטאַט, יוסף פלאָצקער, דוד שרעדני, משה שטערן, יצחק עפשטיין א. א. אויב עס איז ווער נישט דערמאָנט געוואָרן, זאָל ער דערין נישט זען קיין בייזוויליקייט, נאָר פשוט — אַ נישט־געדענקען, און דאַרף זיך נישט פילן דערפון געטראָפן.

שוין זייענדיק אין אַרגענטינע, בין איך ביזן יאָר 1939 געשטאַנען אין אַ שטענדיקן בריוולעכן קאָנטאַקט מיט ד״ר לייכער און מיט פּאָסטאָלסקין, וועלכע האָבן מיך אינפאָרמירט וועגן דער לויפנדיקער אַרבעט פון דער קאַסע.

נאָך מיין אָפּפאָר איז אַלס פאָרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג דערוויילט געוואָרן ה׳ זשעפּקאַ.

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 איז אויף אייביק אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס ברויזנדיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן פונעם ווישקאָווער יידנטום. דערמיט איז אויך פאַרענדיקט געוואָרן די קורצע, אָבער פּרוכטבאַרע טעטיקייט פון דער ווישקאָווער אַנפּראָצענטיקער ליי־קאַסע ביים סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין.

# ספּאָרט־קלובן אין זעלבסטשוץ

ברוך ישמח
בוענאָס־איירעס

אין יאָר 1925 איז אין שטעטל געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו גרינדן אַ ספּאָרט־קלוב. פאַרשטענדלעך, אַז די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַזאַ קלוב איז געווען נאָך אַ רינגעלע אין דער קייט געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, ווי: פרימאָרגן־שולן, אָוונט־קורסן, פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען. די ערשטע איז געווען — די האָלץ־סעקציע, נאָכדעם האָט עס זיך אויסגעברייטערט אויף פיל אַנדערע פאַכן. ס׳איז אויך אַריין אין דער אַמביציע צו שאַפן ביבליאָטעקן. כמעט יעדע פּאַרטיי צי אָרגאַניזאַציע האָט אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו אויפצושטעלן אַן אייגענע ביבליאָטעק. פאַרשטענדלעך, אַז דער אויסוואַל פון ביכער איז נישט געווען קיין גאָר גרויסער, אָבער מען האָט געלייענט. יעדע ביבליאָטעק האָט אַוועקגעשטעלט אַלס ביבליאָטעקאַר איר בעסטן מענטש. ס׳איז אויך באַשטימט געוואָרן, אַז אַ לייענער טאָר נישט מער ווי 15 טעג האַלטן אַ בוך. ווען אַ לייענער האָט געבראַכט אַ בוך צום טוישן — האָט דער ביבליאָטעקאַר געהאַט אַ רעכט אים צו עקזאַמינירן צי ער האָט דאָס בוך געלייענט, און אויב יאָ — צי ער האָט עס פאַרשטאַנען. ס׳פלעגן אָפטמאָל זיך פאָרפירן שטאַרקע און ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס איבער די העלדן פון דעם אָדער יענעם בוך. די געפאָדערטע ביכער זענען דער עיקר געווען: פון שלום־עליכם, שלום אַש, י. ל. פּרץ, אברהם רייזען, פּרץ הירשביין, נאָמבערג, מיר, די יינגע לייענער, נאָר וואָס אַרויס פון חדר, האָבן ליב געהאַט דעם יידישן שרייבער.

אין צווייטן עטאַפּ זענען געפאָדערט געוואָרן די ווערק פון טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי און אַנדערע. פאַרשטענדלעך,



ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן" מועדון הספורט „מוֹרגנשטרן"

אַז די ווערק זענען נישט געווען אין צופיל עקזעמפּלאַרן. איז אויסגעקומען אין געוויסע פאַלן צו וואַרטן לאַנגע וואָכן אויף צו קענען באַקומען דאָס געפאָדערטע בוך. דערביי האָט דער ביבליאָטעקאַר געהאַט אויסצושטיין פון אַלעמען, ווייל ער איז געווען דער שולדיקער...

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף ביבליאָטעקן, ווייל אין די סטאַטוטן פון די דריי ספּאָרט־קלובן, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט אָרגאַניזירט, איז די ערשטע אַרבעט געווען — שאַפן אַ ביבליאָטעק.

אָנגעפאַנגען האָט זיך די ספּאָרט־באַוועגונג מיט צוויי קלובן: „מכבי", פון דעם בירגערלעכן עלעמענט פון שטאָט, מיט דער אַקטיווער מיטבאַטייליקונג פון „החלוץ" און „השומר הצעיר"; און דער פאַראייניקטער אַרבעטער ספּאָרט־קלוב „סקאלא". אָבער די פאַראייניקונג האָט לאַנג נישט געדויערט. בלויז געציילטע וואָכן. די הויפּט־סיבה איז געווען — דער אידעאָלאָגישער מאָמענט. פון „סקאַלאַ" איז אַרויסגעטרעטן די גאַנצע אָרגאַניזירטע באַוועגונג פון לינקע פּועלי־ציון און האָבן גלייך געשאַפן דעם דריטן ספּאָרט־קלוב — „גוויאַזדאַ" („שטערן"). דאַן האָט זיך צעפלאַקערט די אַמביציע צו ווערן איבערשטייגן איינער דעם צווייטן.



לעגיטימאַציע

TOWARZYSTWO ... DLA ROBOTNIKÓW W WARSZAWIE

LEGITYMACJA

ZARZĄD ODDZIAŁU

יעדער קלוב האָט געשאַפן אַ פוטבאָל־מאַנשאַפט און אין שטעטל איז געוואָרן לעבעדיק צוליב די פאַרמעסטן. די ערשטע צייטן זענען די מעטשן געווען בלויז פון לאָקאַלן כאַראַקטער, די זיגן — פאַרשידענע. איבעריק צו זאָגן, אַז די אַטמאָספער אין שטאָט איז געווען אָנגעשטרענגט. ווייל אַ זיג אויף אַ מעטש — האָט אויך געמיינט „באַזיגן די אידעע" פון דעם אָדער יענעם קלוב...

איך האָב שוין פריער באַמערקט די פּאָליטישע אָנגעהעריקייט פון די קלובן „מכבי" און „גוויאַזדאַ". דער קלוב „סקאַלאַ" האָט געהערט צו די קאָמוניסטן, באַקאַנט אַלס יעווסעקציע. זיי האָבן אויך אַריינגעצויגן אַ געוויסן עלעמענט, פּאָליטיש נישט דעצידירטע, אונטער דער לאָזונג „ביסט אַן אַרבעטער, דאַן מוזטו געהערן צו דעם קלוב". אַזוי אַרום איז כמעט יעדער קלוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאַרטיי־פעסטונג. הגם דער קאַמף צווישן די יידישע קלובן איז געווען אַ פאַרביטערטער, זענען דאָך געווען געוויסע מענטשן מיט פאַרשטענדעניש. ווען איינעם פון די קלובן איז אויסגעקומען אַרויסצופאָרן שפּילן אַ מעטש אין אַן אַנדערער שטאָט, האָבן זיי זיך אויסגעבאָרגט שפּילער. עס זענען אויך געווען מאָמענטן פון פאַראַט. ווען, צום ביישפּיל, „גוויאַזדא" האָט געדאַרפט שפּילן מיט אַ בירגערלעכן קלוב פון אַ צווייטער שטאָט און זיך געבאָרגט אַ שפּילער אָדער צוויי, האָבן די לעצטע ספּעציעל געשפּילט שוואַך, כדי זייער „אידעען־קלוב" זאָל זיגן. אַנדערש אָבער איז געווען, ווען אַ פּוילישער קלוב האָט אַרויסגערופן צו אַ פאַרמעסט. דאַן זענען „מכבי" און „גוויאַזדאַ" געווען אין פולער פאַרשטענדעניש צו שפּילן מיט דער גאַנצער ערנסטקייט און זיגן. ס׳איז אויך געווען אַ צייט, ווען צוויי קלובן האָבן געמאַכט אַן אָפּמאַך וועגן

געמיינזאַם אַדורכפירן גימנאַסטישע איבונגען. דער איינציקער קלוב, וואָס האָט גוט אָרגאַניזירט אַ גאַנצע ריי ספּאָרט־סעקציעס, איז געווען „גוויאַזדאַ״. זיי האָבן אַפילו געהאַט אוניפאָרמען פאַר יעדער סעקציע. אימפּאָזאַנט איז געווען, ווען דער קלוב פלעגט דורכמאַרשירן פון זיין לאָקאַל דורך דער שטאָט, צו די פלעצער פון גימנאַסטיק. אונדזערע עלטערן זענען נישט געווען צופרידן. ס'האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע וואָס האָבן זיך באַמיט צו פאַרשפּרייטן אַלערליי רכילות. אָבער ויען מיר האָבן זיי אויפגעקלערט די באַדייטונג פון אַן אָרגאַניזירטער זעלבסטשוץ און אַז גימנאַסטיק מאַכט שטאַרק די מוסקולן, האָבן זיי טרויעריק געשוויגן.

צוויי מאָמענטן זענען געבליבן אין זכרון פון יענער שיינער עפּאָכע. איינער: ווען דער ספּאָרט־קלוב „גוויאַזדאַ״ (כמעט דער גאַנצער), אין באַשטאַנד פון דער מענער־סעקציע, פרויען־סעקציע און יוגנט־סעקציע, אַלע אין זייערע רעפּרע־זענטאַטיווע אוניפאָרמען און ספּאָרט־מכשירים, האָבן מאַרשירט פון צענטער שטאָט צום באַן און פון דאָרט געפאָרן ביז דער סטאַציע פּאָפּלאַוועס און דערנאָך אין פולער אויסשטאַ־טונג אַריין אין שטעטל רוזשאַן. אונדזער אַריינקומען אין רוזשאַן האָט דאָרט געמאַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע. אַ פרום שטעטל, וואָס איז נישט געוווינט געווען צו זען אַזאַ מחנה יונגען, מיידן און קינדער, אָנגעטוענע ווי סאָלדאַטן — און זענען דאָך נישט קיין סאָלדאַטן. די יידן זענען געלאָפן צו זייער רב פרעגן וואָס טאָן מיט אונדז. דער רב האָט געפסקנט, אַזוי ווי ס'איז ערב שבת, דאַרף אונדז די שטאָט שיין אויפ־נעמען. מיר האָבן זיך גוט געפילט יענעם שבת און זונטיק. מאָנטיק אָוונט, ווען מיר זענען צוריקגעקומען, האָט אונדז אָפּגעוואַרט אַ גרויסע מאַסע מענטשן און דאָס אַריינ־מאַרשירן אין שטאָט איז געווען אַ שיינע דעמאָנסטראַציע פון יידישן כוח און אָרגאַניזאַציע.

דער צווייטער מאָמענט איז געווען: דער 13־טער פּולק זעלנער, וואָס איז אַזוי באַרימט געווען אין פּולטוסק מיט זייער פוטבאָל־סעקציע, צוזאַמענגעשטעלט פון אָפיצירן, האָבן אַרויסגערופן דעם קלוב „גוויאַזדאַ״ אויף אַ מעטש קיין פּולטוסק. די עלטערן פון אונדזערע שפּילערס האָבן זיי נישט געלאָזט פאָרן. דער פּולק איז געווען באַקאַנט אַלס אַנטיסעמיטישער פון ערגסטן מין. וויסנדיק, אַז אונדזער חברה וועט זיי נישט לאָזן לייכט געווינען, איז פשוט געווען אַ מורא פאַרן לעבן פון אונדזערע שפּילער. און דעם אַרויס־רוף האָט מען געמוזט אָננעמען. נאָך אַ ריי באַראַטונגען, אין וועלכע עס האָט אָנטיילגענומען דער גרעסטער טייל יידן פון שטאָט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאָרן און זיי לאָזן געווינען, נאָר אויף אַ בכבודיקן אופן.

געווען אויך מאָמענטן, ווען די יידישע קלובן האָבן געהאַט געמיינזאַמע אויפגאַבן.

געווען אין ווישקאָוו אַ מאָדע (שווער פעסטצושטעלן פון וועלכע צייטן זי איז איינגעפירט געוואָרן), אַז פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָכן מאָלצייט, פלעגט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל יידישע יוגנט אַרויסגיין אויפן מאַרק און שפּאַצירן אַהין־און־צוריק אין פּאָרלעך און אין גרופּעס. מ'האָט געשמועסט, דיסקוטירט, באַרעדט דעם אָדער יענעם. געווען גענוג צייט אויף דעם. דער שפּאַציר האָט געדויערט פון אַ זייגער 9 ביז 11 ביינאַכט. די גאַס פלעגט זיין פול מיט מענטשן. די געלעכטערס און פריידיקע שטימען האָבן געמאַכט אָנגענעם דעם שפּאַציר. ווייזט אויס, אַז דאָס האָבן אונדזערע פּוילישע שכנים נישט געקאָנט פאַרנעמען, און זיי האָבן געדינגען גאַסן־יונגען, זיי אָנגעטרינקען און געשיקט אַראָפּ־טרייבן די יידן פון גאַס. ווען אַזאַ גוי האָט זיך באַוויזן צווישן די שפּאַצירנדיקע און גענומען שרייען „זשידי דאָ פּאַלעסטיני״, איז אין גאַס געוואָרן אַ טומל, אַ געלויף,



אויספלוג פון ווישקאָווער ספּאָרט־קלוב „שטערן״ אין שטעטל רוזשאַן

טיול של מועדון הספורט הוישקובאי „שטרן״ בעיירה רוז'אן

מענטשן זענען געפאַלן, איינער האָט געטרעטן אויפן צווייטן... אין איין עק שטאָט איז מען געלאָפן און אין צווייטן עק שטאָט האָט מען געשריגן, אַז מען שעכט יידן. נאָך אַזאַ פּאַניק, איז דער מאַרק געוואָרן פּוסט און ליידיק. ס'איז געוואָרן אַ מורא אַרויסצוגיין פון שטוב. די־אָ דערשיינונגען זענען געוואָרן אַלץ אָפטער. צו די געדונגענע כוליגאַנעס זענען צוגעקומען פיל פרייוויליקע. זיי איז געפעלן געוואָרן דער שפּיל. און די חוצפּה איז געוואָרן יעדעס מאָל גרעסער. פאַר איין גוי אַנטלויפן טויזנט יידן. זענען זיך צונויפגעקומען די אָנפירער פון די יידישע ספּאָרט־קלובן און באַשלאָסן צו שאַפן אַ זעלבסטשוץ. מען האָט אויסגעקליבן געזונטע און געוואַגטע בחורים, איינגעטיילט אין פּאָרלעך צו צוויי. די ערשטע אויפגאַבע איז געווען אַ סוף מאַכן צו דער פּאַניק, אָפּשטעלן דאָס אַנטלויפן פאַר איינעם, פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד און פאַרהיטן קעגן מעגלעכע ערנסטע אָנפאַלן. און צווייטנס — נישט לאָזן אָפּשאַפן דעם שיינעם מנהג פון שבתדיקע שפּאַצירן. נישט קיין לייכטע אויפגאַבע איז עס געווען איבערצוצייגן די פאָרשטייער פון קלוב „סקאַלאַ", אַז די ערשטע אַרבעט מוז זיין דאָס אַראָפּנעמען פון גאַס די געדונגענע שלעגער, מערסטנס — האָלץ־אַרבעטער, וואָס האָבן געהערט צום זעלבן פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און זיי אויפקלערן, אַז פאַר אַ ביסל בראָנפן דאַרפן זיי נישט פאַרקויפן די אידעע. אויף דעם געביט האָבן מיר זייער ווייניק אויפגעטאָן, אָבער די שפּאַצירנדיקע יידן האָבן געוווסט, אַז צווישן זיי זענען דאָ געזונטע הענט און מען איז גרייט אָפּצושלאָגן יעטוועדן אַנגריף. ס'זענען געווען פאַלן, ווען מיר האָבן געלאָזט אונדזערע פּויסטן אויף יענעם כוליגאַן, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט באַרויקן און גיין אַהיים. אונדזער טאַקטיק איז געווען: אין אָנהייב אים אַריינגעמען אין אונדזער קלעם און בעטן ער זאָל אויפהערן, ווייל היינט וועט אים די אַרבעט נישט געלונגען. אין געוויסע פאַלן איז אונדז געלונגען אויסצומיידן אַ קאַמף, אין אַנדערע פאַלן האָבן מיר אים געמוזט מקיים־פּסק זיין און געבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון רינשטאָק־וואַסער, ווו מיר האָבן אים געלאָזט ליגן ער זאָל זיך אויסניכטערן.

די אַנטיסעמיטישע קליקע האָט אויך נישט גערוט. אויב ס'זענען זיי ווייניק געווען זייערע כוחות, האָבן זיי גענומען צוהילף פּאָליציי. הינטער זיי זענען שטענדיק געגאַנגען פּאָליציאַנטן. אַזוי אַרום זענען זיי געווען די גערעכטע און מיר — די שולדיקע. זיי האָבן אויף אַ גוט אָרגאַניזירטן אופן אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן איינצלנע מענטשן פון דער פאַרטיידיקונג, אויף וועלכע ס'איז זיי אָנגעוויזן געוואָרן. און ס'איז געקומען אַ וואָרענונג: אָדער פאַרלאָזן די שטאָט, אָדער אַ מעסער אין רוקן. פיל פון די יונגע זענען זיך צעפאָרן, דער עיקר אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער — דאָס איינציקע אָרט וווהין מען האָט געקאָנט אויסוואַנדערן אין די יאָרן 1929—1930.

די יידישע לאַגע איז געוואָרן ערגער; די זעלבסטשוץ האָט זיך געמוזט אויפלייזן. קעגן כוליגאַנעס האָבן מיר זיך געקאָנט פאַרטיידיקן, אָבער קעגן דער פּאָליציי זענען מיר שוין געווען צו שוואַך. אַחוץ דעם האָט מען אונדז געדראָט, אַז יעדער מין פאַרטיידיקונג קאָן דערפירן צו אַ פּאָגראָם.

# דער ספּאָרט־קלוב „מכבי"

ש. ש.
ניו־יאָרק

די נאַציאָנאַל־געשטימטע יוגנט אין ווישקאָוו האָט פאַרשטאַנען, אַז אויסער די אַלגעמיין־פּאָליטישע, דערציערישע און ציוניסטישע אַרבעט, איז אויך נייטיק אַריינצוציען דעם יינגערן דור אין אַן אייגענער ספּאָרט־געזעלשאַפט. צו דעם צוועק איז אין פרילינג 1927 געגרינדעט געוואָרן דער ספּאָרט־קלוב „מכבי", ווו ס'זענען אַריינגעטרעטן די יוגנטלעכע, וואָס דער ציון־אידעאַל איז זיי געווען נאָענט צום האַרצן.

אונטערן פאָרזיץ פון שאול שטיינבערג, איז אין הויז פון מענדל שטעלונג פאָרגעקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. דעם פּראָטאָקאָל האָט געפירט דער סעקרעטאַר בנימין בראַק. אויף וויפל איך געדענק, האָבן זיך דאַן באַטייליקט: יצחק נאָדעל, אסתר קארנעט, מענדל ראָזענבערג, יהודה אָלשאַקער, פייגע בראָנשטיין, גיטעלע הילער, בלומע זוזעל, חוה עדעלמאַן, שאול גראָסבאַרד (אַלע איצט אין ישראל); דינע ראָזענשטיין (אין קאָסטעריקאַ); ישראל טענענבוים (אַרגענטינע); שרהטשע בזשאָזאַ (אין קובאַ); און די קדושים שמשון אירליכט, ישראל מאַלינאַ, מיכאל האָלאַנד, זונדל עלבוים, אברהם באנאך, מייטשע פּאַניאַטשיק, נחמה בלומשטיין, ישראל שקאַרלאַט (דער זון) און גיטעלע ניימאַרק. פון די פאַרשטאָרבענע — חנה יאַקובאָוויטש, פייוול גרינבערג, חוה קרישטאַל. זאָלן מיר מוחל זיין די, וועלכע כ'דערמאָן נישט צוליבן שוואַכן זכרון.

דער רוף פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז אויפגעכאַפּט געוואָרן מיט באַגייסטערונג דורך פיל פון דער ווישקאָווער יידישער יוגנט. עס האָט נישט גענומען קיין סך צייט און „מכבי" איז זיך צעוואַקסן אין אַ גרויסן ספּאָרט־




פון רעכטס (מימין): ישראל טענענבוים, גאָלדמאַן, גורנער, זעלטמאַן, מעסינג, ראָטענבערג, לעווינער, בלומשטיין, דאָמב, יאַגאָדע, פּראַגער, מיארע, טאנדעטשאַש, בזשאָזע. עס זיצן (יושבים): אָלענבערג, ראָטענבערג, זעלטמאַן.

קלוב, וואָס האָט גענאָסן פון מאָראַלישער און פינאַנסיעלער שטיצע פון דעם רוב ציוניסטישע גרופּירונגען אין שטאָט.

די חברים שמשון אירליכט און ישראל מאַלינאַ זענען באַשטימט געוואָרן אַלס אינסטרוקטאָרן און האָבן זייער אַרבעט אויסגעפירט מיט פיל ענטוזיאַזם און איבערגעגעבנקייט. דעם חבר אירליכט געלונגט אויך אויפצושטעלן אַן אייגענעם כאָר,

וואָס איז מיט גרויס דערפאָלג אויפגעטרעטן אויף כמעט אַלע אונטערנעמונגען פון „מכבי״.

די פוטבאָל־סעקציע האָט געפירט אַ נאָרמאַלע טעטיקייט און די לייכט־אַטלעטישע גרופן האָבן זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אין ראַיאָן און אָנערקענט געוואָרן דורכן פוילישן פאַרבאַנד פון ספאָרט־קלובן אין ווישקאָווער קרייז.

דער קרייז־פאַרבאַנד, באַקאַנט אונטער די ראשי־תיבות W. O. Z. L. A. („ווישקאָווסקי אָקרענגאָווי זוויאָנזעק לעקקאָ־אַטלעטיטשני״), וועלכער האָט אויסער ווישקאָוו, אויך אַרומגענומען פולטוסק, מאַקאָוו, סעראָצק און טשעכאַנאָוו, ווענדעט זיך צו „מכבי״ וועגן אָנשליסן אין פאַרבאַנד. די איינלאַדונג ווערט אָנגענומען און דער ווישקאָווער יידישער ספאָרט־קלוב




לייכטאַטלעטיקער פון „מכבי״
קבוצה לאתלטיקה קלה של „מכבי״

ערשטע ריי (שורה ראשונה): מיכאל בראַמאַ, חנה יאַקובוביטש. נחמה בלומשטיין, בלומה זוזעל, ישראל מאַלינאַ. צווייטע ריי (שורה שנייה): אברהם בהרב, שמשון אירליכט, זונדל עלבוים, יאַן וויערניצקי (אַ פאָליאַק, פאָרזיצער פון וו.אָ.ז.ל.א.), טענענבוים, דינה ראָזענשטיין, אסתר קארנעט, מירטשע פאניאטשיק, פייוול גרינברג.

נעמט אָן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע ראַיאָן־פאַרמעסטונגען.

די לעבנגעבליבענע ווישקאָווער יידן געדענקען נאָך היינט יענעם ל״ג־בעומר, ווען „מכבי״ האָט מיט דער בלוי־ווייסער פאָן זיך באַוויזן אויף די גאַסן פון שטעטל און מאַרשירט אונטער די קלאַנגען פון אָרקעסטער, וואָס האָט געשפילט ציון־לידער. דער ענטוזיאַזם ביי די יידן איז געווען אין לשער. אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט נישט געקאַרגט קיין קאָמפּלימענטן פאַר דעם שיינעם אויפטריט.

די טעטיקייט פון „מכבי״ האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז צו ספאָרט־איבונגען און פאַרמעסטונגען. זייער אָפט ווערן איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען, קאָנצערטן, אַקאַדעמיעס, בעלער, פאַרוויילונגען. אויף אינערלעכע קרייזן און גרופּן האָט מען געלערנט יידישע געשיכטע און ערטיילט לעקציעס וועגן אַנאַטאָמיע.

טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון איז די דערפאָלגרייכע הרצל־אַקאַדעמיע אין כ׳ תמוז, וואָס איז פאָרגעקומען אין גרעסטן זאַל פון שטאָט — אין זאַל פון די פייערלעשער. כמעט אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיך באַטייליקט אין דעם געלונגענעם אָוונט, מיטן אָנטייל פון אָרטיקע און פרעמדע כוחות. פיל יידן זענען געבליבן אין דרויסן, צוליבן מאַנגל אין פּלאַץ.

אויך די פאַרשידענע פייערונגען, טאַנץ־אָוונטן און בעלער, אין פאַרבינדונג מיט געוויסע יידישע יומטובים, האָבן תמיד געהאַט גרויס דערפאָלג און אַדורכגעגאַנגען אין אַ יומטובדיקער שטימונג.

בכלל האָט „מכבי״ נישט אַדורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו פייערן די יידישע יומטובים. קלאָר, אַז אַלע הכנסות זענען געווען באַשטימט פאַרן קרן קימת לישראל.

אַ דאַנק דער ספאָרט־ און אַלגעמיינער טעטיקייט, אַנטוויקלט זיך דער קלוב זייער אינטענסיוו. עס שאַפן זיך נייע סעקציעס. דאָס לעבן פון דער יידישער יוגנט באַקומט אַ גאָר אַנדערן אויסזען.

אונדזער ספאָרט־קלוב איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן אויף פאַרשידענע אונטערנעמונגען אין די אַרומיקע שטעטלעך.




פוטבאָליסטן פון „מכבי״ בעת זייער אַ מעטש מיט אָסטראָלענקע
כדורגלני „מכבי״ בעת משחק עם אוסטרולנקה

איינמאָל אַ חול־המועד סוכות איז די פוטבאָל־סעקציע פון „מכבי״, צוזאַמען מיטן אָרקעסטער, אַרויסגעפאָרן קיין פולטוסק. נאָכן מעטש איז פאָרגעקומען אַ גרויסער באַל מיט פאַרשידענע אַטראַקציעס. די הכנסה פון דער אונטערנעמונג איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם קרן קימת.

בכלל איז נישט געווען קיין ציוניסטישע אונטערנעמונג אין ווישקאָוו, אַז „מכבי״ זאָל נישט זיין דאָרט אַקטיוו מיטבאַטייליקט.

ליידער, בין איך נישט אימשטאַנד פון בלויזן זכרון צו שילדערן די אַלזייטיקע און ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט פון „מכבי״־קלוב, בפרט, אַז איך האָב פאַרלאָזט פוילן נאָך אין יאָר 1932.



„הפועל״ ווישקאָוו, 1936
„הפועל״ וישקוב, 1936

# אַרבעטער ספּאָרט־קלוב „סקאלא"

מאיר־לייב האָלצמאַן
בוענאָס־איירעס

אומגעפער אין יאָר 1925 איז געגרינדעט געוואָרן דער אַרבעטער ספּאָרט־קלוב „סקאַלאַ". צו יענער צייט זענען אויך אַנטשטאַנען פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס.



דריי מיטגלידער פון דער ציקליסטן־סעקציע (פון רעכטס): חיים אַיאָן, שיינע אַיאָן, מענדל שטעלונג.

שלושת חברי סקציית אופניים (מימין):
חיים איון, שיינה איון, מנדל שטלונג.

„סקאַלאַ" איז געווען דער ערשטער אַרבעטער ספּאָרט־קלוב אין ווישקאָוו און אַרומגענומען די מער באַוווסטזיניקע יוגנט, וועלכע האָט אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די איבונגען, פאַרמעסטונגען און אויפטריטן פון קלוב.

פאַרנאַכט, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, זענען מיר זיך צונויפגעקומען אין וואַלד, אויף פאַרשידענע ספּאָרט־איבונגען. מאַרשירט עטלעכע קילאָמעטער אויפן ראַדזימינער וועג, ביז קאַמענטשיק, זינגענדיק דערביי פאַרשידענע לידער. אונדזערע אינסטרוקטאָרן האָבן געקענט די מלאכה, זיי האָבן געדינט אין פּוילישן מיליטער.

מיר האָבן געפירט פאַרשידענע קורסן אויף קולטורעלע און פּאָליטישע טעמעס. זומער 1926, ווען אַ צאָל חברים, געבוירענע אין יאָר 1905, האָבן זיך באַדאַרפט צושטעלן צום מיליטער־דינסט, האָבן מיר אויף ראָווערן איינגעאָרדנט אַן אויספלוג קיין פּולטוסק, אין די ספּאָרט־קליידער פון קלוב. מיר זענען גוט אויפגענומען געוואָרן דורך דער פּולטוסקער יוגנט.

ביים קלוב איז געווען טעטיק אַ ציקליסטן־סעקציע, געגרינדעט און אָנגעפירט דורכן ח' מענדל שטעלונג. אָנגעטאָן אין ווייסע היטלען מיט אַ גרינעם פּאַס און אַ שוואַרץ־לאַקירטן דאַשעק, זענען מיר אויף אַ דיסציפּלינירטן און רעפּרעזענטאַטיוון אופן געפאָרן איבן זיך אויפן סעראָצקער שאָסיי. נאָכן פאַרענדיקן די איבונגען, האָבן מיר שפּאַצירמעסיק זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין דורך דער הילצערנער בריק. בעת די יידן האָבן אויף אונדז געקוקט מיט שטאָלץ און פרייד, האָבן די פּוילישע יוגנטלעכע אָפן אַרויסגעוויזן זייער קנאה און אומצופרידנהייט מיט די יידישע ציקליסטן.

דאָס אַלץ האָט עקזיסטירט ביז די היטלער־בעסטיע איז באַפאַלן פּוילן און אויך פאַרניכטעט אונדזער היים־שטאָט ווישקאָוו.



ארבעטער ספּאָרט קלוב
„סקאלא"
אין ווישקאוו.

Opłata miesięczna

| | | |
|---|---|---|
| I | II | III |
| IV | V | VI |
| VII | VIII | IX |
| X | XI | XII |

ROBOTNICZY
KLUB SPORTOWY
„SKALA"
w Wyszkowie.

מיטגלידס־קאַרטע פון „סקאַלאַ"

פנקס־חבר של „סקאלה"



אַרבעטער־יוגנט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אין וואַלד, 1929 נוער עובד — באסיפה ביער, 1929

# רעליגיעזע אינסטיטוציעס און „שטיבלעך"

מאַטל וועגנער
מאָנטעווידעאַ

ווישקאָוו האָט געשמט אַלס יידישע און חסידישע שטאָט. דער דאָזיקער שם איז געווען פולקאָם באַרעכטיקט. גענוג געווען צו כאַפּן אַ בליק אויפן שטעטל, באַזונדערס אויפן רינעק און די הויפּט־גאַסן, בעת די שבתים און יומטוב־טעג, כדי יעדער יידיש האַרץ זאָל זיך אָנפילן מיט שטאָלץ. אַלץ איז געשלאָסן, די יידן, אָנגעטאָן אין די שענסטע און בעסטע בגדים, מיט די טלית־זעקלעך אונטערן אָרעם, שטראָמען אין גרויסן בית־המדרש, אין די חסידים־שטיבלעך און מנינים. דאַקעגן די שוין פאָרגעשריטענע יוגנט האָט זיך געמיטלעך שפּאַצירט און געכאַפּט אַ שמועס וועגן וועלטלעכע, פּוילישע און לאָקאַלע געשעענישן. אַז מ'איז מיט דער באַן אָנגעקומען קיין ווישקאָוו, האָבן דיך גלייך באַגעגנט יידישע דראָזש־קאַזשעס און פאָרגעלייגט זייער הילף.

דאָס שטעטל איז רייך געווען אין רעליגיעזע אינסטי־טוציעס. דעם אויבנאָן האָט פאַרנומען דאָס גרויסע בית־המדרש, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרעסערן בנין מיט אַ הויף. דאָ איז אויך געווען די יידישע קהילה (פּרעזעס — יצחק עפּשטיין), ווו צווישן אירע פילצאָליקע פונקציעס, האָט זי אויך דערלעדיקט דאָס אַרויסגעבן קוויטלעך צו שעכטן בהמות... אין דעם זעלבן הויז האָט זיך געפונען די תלמוד־תורה, אָנגעפירט דורך ר' ברוך ציוויאַק. די אָרעמע קינדער פון שטעטל האָבן דאָ געלערנט אין 4 גרופּן. אין בית־המדרש איז אַ גאַנצן טאָג און אין אָונט געווען אַ באַוועגונג. די מיטגלידער פון די פאַרשידענע חברות — עין־יעקב, חברה מדרש, חברה משניות און אַנדערע האָבן געלערנט פאַר זיך, אָדער מיט מלמדים.

גבאי פון גרויסן בית־המדרש איז געווען יחיאל־מאיר דאָמב. די שמשים: ר' טוביה, ר' שמואל און אַנד. געהילפס־שמש — ר' הערשינקע, וואָס פלעגט אויך וועקן צו סליחות. אין בית־המדרש איז געווען אַ גרויסע שאַנק מיט ספרים, פון וועלכע ס'האָבן גענאָסן די לערנערס — פון יראי־תורה ביז פשוטע בעל־מלאכות. די טישן זענען געווען פאַרטריפט פון די חלב־ליכט. לינקס, איז מען אויף טרעפּ אַרויף אין דער ווייבער־שול, וואָס פלעגט יעדן שבת און יומטוב זיין פול.

אַ שטאָק העכער איז געווען די ישיבה בית יוסף. פון די אָפענע פענצטער אין זומער האָט זיך געטראָגן דאָס געשמאַקע לערנען פון די ישיבה־בחורים. זייער שפּראַך איז געווען אַ ליטווישע און מ'האָט דאָרט געלערנט פון אַ סך מוסר־ספרים. מנהל הישיבה איז געווען ר' שמעון חפץ, אַ שטרענג פרומער ייד, אַ הדרת־פּנים, וועלכער האָט כסדר גערופן צו התעוררות, צו תשובה טאָן, באַזונדערס אין אלול, דעם חודש פאַר ראש־השנה. ראש־הישיבה איז אַ שטיק צייט געווען ר' שמעון סרעברניק. ער האָט חתונה געהאַט אין ווישקאָוו און געוואָרן אונדזער אַ תושב.

מיט דעם איז נאָך נישט געענדיקט די רשימה פון רעליגיעזע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער בית־המדרש־געביידע. אויפן הויף איז נאָך געווען די מקווה. די בעדערין האָט געהאַט די קאָנטראָל איבער אַלע יידישע ווייבער, צי זיי היטן אָפּ טהרת המשפחה. די בעדער ווידער האָבן צוגעשטעלט בעזעמלעך זיך אויסצושמייסן און געזאָרגט, אַז דאָס וואַסער אין מקווה זאָל שטענדיק זיין קאָכעדיק. דער לעצטער בעדער איז געווען יחיאל־מאיר ראַמפּע, וועל־כער איז אין די ערשטע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן נעבן דער מקווה.

אַנטקעגן דער מקווה האָט זיך געפונען דאָס שחיטה־שטיבל פאַר עופות. יעדן ערב שבת און יומטוב, באַזונדערס ערב יום־כפור, איז דער הויף פול געווען מיט ווייבער, וואָס זענען געקומען מיט אַן עוף צום שעכטן. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז אַ געשאָכטענער האָן האָט מיט די לעצטע כוחות זיך אויפגעשטעלט און אַפילו אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן, פלאַטערנדיק מיט די פליגל...

אויף דעם זעלבן הויף האָט זיך אויך געפונען די הכנסת־אורחים, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן — איינער פאַר מענער און איינער פאַר פרויען. דער אויפזעער איז געווען אַ קליין, געל יידל, וואָס האָט געהאַט נאָך אַ באַשעפ־טיקונג: שוסטעריי. ער מיט זיין פאַמיליע האָבן געוווינט אויפן אָרט. אַנטקעגן אים האָט געוווינט דער שטאָט־שמש שמואל מיטן צונאָמען „מווו" („רעד"), ווייל דער רבי, נישט קענענדיק קיין פּויליש, האָט אים אַמאָל געהייסן רעדן פאַר זיך, בעת אַ באַזוך פון אַ רעגירונגס־באַאַמטן. שמואל שמש האָט געהאַט נאָך אַ פּרנסה: ביים אַריינגאַנג אין בית־המדרש־הויף האָט ער געהאַט אַ געשטעל, ווו ר'האָט פאַרקויפט געקאָכטע באָבז, באַניקערן, געפעפערטע אַרבעס, צוקערוואַרג און עפּל — אויפן מעסטל, אויפן קווערטל און אויפן שטיק... דער רוב קונים זיינע זענען געווען די ישיבה־בחורים און די יינגלעך פון תלמוד־תורה.

אין שכנות פון בית־המדרש־הויף איז געשטאַנען דאָס הויז פון ווישקאָווער רב ר' יעקב־אריה מאָרגענשטערן. אין דעם לאַנגן הויף האָט מען יעדעס יאָר אין סוכות אויפגע־שטעלט אַ לאַנגע סוכה. ווישקאָוו האָט זוכה געווען, אַז אונדזער רב זאָל ווערן דער ממלא מקום פון לאָמאַזער רבין און פון ראַדזימינער. אויף די יומטובים פלעגט קומען צו אים אַ גרויסער עולם חסידים און מ'האָט זיך געניי טיקט אין אַ גרויסער סוכה. עס ווערט דערציילט, אַז ווען די ווישקאָווער חסידים האָבן געוואָלט אויפשטעלן אַ געמויערטע



פאַרוואַלטונג פון דער ווישקאָווער תלמוד־תורה. **פון רעכטס**: מרדכי־מענדל דאָמב, יצחק עפּשטיין, יצחק־בער ראָזענבערג, מרדכי־מענדל אָלענבערג.

ועד תלמוד־תורה בוישקוֹב. **מימין**: מרדכי־מנדל דוֹמב, יצחק אֶפּשטיין, יצחק־בר רוֹזנברג, מרדכי־מנדל אוֹלנברג.

סוכה, האָט אַ רײַכער ייד מנדר געװען דעם דאַך, אַ צװײ־טער — די פענצטער, אַן אַנדערער װידער — די װענט, און נאָך אײנער — די פּאָדלאָגע. אַזױ װי ס׳האָט זיך נישט געפונען עמעצער, װאָס זאָל שפּענדן דעם פונדאַמענט — האָט מען די סוכה נישט אױפגעבױט...

אױף דער סטראַזשאַצקע גאַס האָט זיך געפינען דאָס א.ג. קלײנע בית־המדרש, בשכנות מיט די שטאָטישע פײַער־לעשער. דאָ האָט געהערשט אַ מנהג, װאָס איז אײַנגעשטעלט



א שיעור אין דער תלמוד־תורה

געװאָרן דורך דער חברת תהילים, אַז פאַר יעדן דאַװענען, האָט מען בציבור געזאָגט תהילים און ערשט דערנאָך זיך געשטעלט מתפלל זײַן. אַ גאַנצן טאָג האָט דאָרט געלערנט אברהמקע מלמד מיט זײַנע דרדקי־קינדער. צװישן מנחה און מעריב האָט מיט דער חברת תהילים געלערנט ר׳ זיש׳ע קאַלוסקי, װאָס האָט שטענדיק צוגעצױגן אַ גרױסן עולם.

אַלע ערב ראש־חודש האָט די חברה קדישא געזאָגט יום־כיפּור קטן. אין קלײנעם בית־המדרש איז געװען אַ װײַבער־שול. דער גבאי איז געװען דער באַגרעבער און דער שמש — דער קברן, װאָס פלעגט יעדן טאָג קלאַפּן מיט דער פּושקע און געבעטן דאָרט אַרײַנװאַרפן עטלעכע גראָשנס... ער האָט די שװאַרצע עגלה געהאַלטן אױפן בית־המדרש־הױף.

די מער פאַרמעגלעכע יידן האָבן געדאַװנט אין עלי־מאירס בית־המדרש, אױף קאָשטשושקע־גאַס — אָבער נאָר שבת און יומטוב.. פריער איז דאָרט געװען אַ הדר מתוקן, װו מ׳האָט אױך געלערנט העברעיש.

.2

אַ באַזונדער קאַפּיטל זענען די חסידים־שטיבלעך אין װישקאָװ, װאָס אַ גרױסער טײל פון די חסידים פלעגן אױף יום־טוב אַרױספאָרן צו זײערע רביים. פאַרשטײט זיך, אַז עס פלעגן אָפט פאָרקומען מחלוקתן צװישן די אַלעקסאַנדער און גערער חסידים. דאָס גערער שטיבל, אַ שכן פון קלײנעם בית־המדרש, האָט געהאַט אַן אײגענע געבײדע מיט צװײ גרױסע צימערן און אַ היפּשע צאָל אָנהענגער. יעדן טאָג האָבן דאָ געדאַװנט עטלעכע מנינים. אַ גאַנצן טאָג האָט מען געלערנט, קײן ספרים האָבן נישט אױסגעפעלט. דאָרט האָט אױך געלערנט דער ראַדזאָלאָװער מלמד מיט זײַן חדר. דאַקעגן אין די אָװנטן האָט דער לובאַװיטשער חסיד ר׳ חיים ליס געלערנט אַ שיעור, בעת אַן אַנדערע גרופּע האָט געלערנט דעם דף יומי, װאָס איז אײַנגעפירט געװאָרן דורכן ראש־הישיבה פון ישיבת חכמי לובלין, הרב ר׳ מאיר שאַפּיראָ.

דאָס גערער שטיבל האָט אױך געשמט מיט די שײנע ניגונים, װאָס פלעגן זיך דאָרט הערן, באַזונדערס װען מ׳האָט גע־פּראַװעט שלוש־סעודות.

איבערן גערער שטיבל האָבן זיך געפונען די אָרגאַני־זאַציעס אגודת ישראל, פּועלי אגודת ישראל און פּרחי אגודת ישראל. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט איר צימער. אַלע האָבן פאַרמאָגט אַ גרױסע ביבליאָטעק און יעדן טאָג האָט מען דאָרט געלײענט די טעגלעכע אָרטאָדאָקסישע צײַטונג, װאָס איז דערשינען אין װאַרשע („טאָגבלאַט”). פּועלי אגודת ישראל האָט אױך געשיקט אירע בחורים אױף הכשרה און דערנאָך — קײן ארץ־ישראל.

נאָך אַ גערער שטיבל האָט זיך געפונען אױף קאָשטשושקע גאַס, בײַ שלום זיסמאַן אױפן הױף. איך מײן, אַז די שפּאַלטונג צװישן די גערער איז פאָרגעקומען צוליב ערנסטע חילוקי־דעות. די פון קאָשטשושקע גאַס זענען געװען מער פאָרגע־שריטן.

בײַ ר׳ פײַװעלע שראַן אין הױז, אױף סענאַטאָרסקע גאַס, איז געװען אַן אַלעקסאַנדער שטיבל מיט אַ קלײנער צאָל חסידים, נאָר זײ האָבן זיך געהאַלטן װי אַ משפחה. געלערנט האָט מען אַ גאַנצן טאָג, אַלע זענען געװען אָנערקענטע לומדים.

פון די אַנדערע שטיבלעך איז כדאי נאָך אױסצורעכענען: דאָס װאָרקער, אָדער אָטװאָצקער שטיבל אין פישער־געסל, אָפן כמעט אַ גאַנצן טאָג, װו מ׳האָט כסדר געלערנט פון די ספרים, װאָס האָבן זיך דאָרט געפונען אין אַ גרױסער צאָל. דאָס אַמשינאָװער שטיבל אױפן רינעק, בײַ פּעפּקע שוסטער. דאָ האָבן געלערנט און געדאַװנט שײנע באַלעבאַטים, טײַערע יידן און לומדים. דאָס ראַדזימינער שטיבל, בשכנות מיטן רב אין דעם זעלבן הױז, האָט געהאַט אַ גרעסערע צאָל חסידים, מיט װעלכע עס האָט געלערנט ר׳ שמחה שנעק — אומגעקומען אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה.

בײַ גדליה שוחט אױפן הױף האָט זיך געפינען אַ בית־יעקב שול פאַר מײדלעך פון פרומע עלטערן. פיל עסקנים, װי: יעקב יוסף פּלאַנטשאַק, בערטשע אָלדאַק, ברוך ציװיאַק, חיים־בנימין װיערניק (געשטאָרבן אין ישראל אין יאָר 1961) און אַנדערע, האָבן זיך מוסר־נפש געװען פאַר דער אַנט־װיקלונג פון דער דאָזיקער שול.

.3

פון די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס דאַרף מען דער־מאָנען דעם סוחרים־פאַרבאַנד אױף דער סטראַזשאַצקע גאַס, אַנטקעגן די פײַערלעשער, װו מ׳האָט דיסקאָנטירט װעקסלען. סעקרעטאַר איז געװען משה־יוסף אַבראַמטשיק, פּרעזעס — זעלקע ראָזענבערג. אױף אים פלעגט מען זאָגן, אַז דאָס איז געװען אַ העכסט אָרנטלעכער מענטש, אַ גרױסער בעל־צדקה. די גמילות־חסדים קאַסע, די ביקור־חולים און אַנדערע פילאַנ־טראָפּישע אינסטיטוציעס, האָבן פיל געהאָלפן לינדערן די נױט פון דער אָרעמער באַפעלקערונג און גלײַכצײַטיק אַרײַנ־געצױגן אַ גרױסע צאָל אַקטיװיסטן, באַזונדערס צװישן די פרױען, צו אַרבעטן לטובת הכלל.

די אַלעקסאַנדער חסידים האָבן זיך קונה־שם געװען אין שטאָט נישט נאָר אַלס לומדים, נאָר אױך װי מענטשן מיט אַנטװיקלטע משפחה־געפילן, װעלכע האָבן זיך מקריב געװען אײנער פאַרן צװײטן און אױף אַלע געביטן זיך געהאָלפן בלב ובנפש. לײדער, כ׳געדענק נישט אַלעמען, אָבער יעדער פון זײ איז װערט פאַרשריבן צו װערן אין יזכור־בוך.

כ׳וועל זיך באַמיען צו דערמאָנען וויפל איך געדענק.

דעם ערשטן וועל איך פאַראייביקן מיין פאָטער יהושע ע"ה, „כי כבוד אב". מיין פאָטער איז געווען פון דור־דורות אַ ווישקאָווער. זיין פאָטער, יצחק־הערש וועגנער, אַ חסיד פון ראַדזימינער רבין, האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין אויפבוי פון אַ סך רעליגיעזע אינסטיטוציעס. ביי זיך אין הויז איז געווען אַ הכנסת־אורחים פאַר יורדים. אין דער סביבה האָט זיך מיין פאָטער דערצויגן. ער האָט חתונה געהאַט מיטן סטערדינער רבס טאָכטער, מיין מוטער ריוועלע ע"ה. ר׳ אליעזר הלוי אייבעשיץ איז געווען אַ רבי פון לעצטן אַלעקסאַנדער רבי ר׳ מנחם מענדל. ער האָט מיטגענומען מיין פאָטער קיין אַלעקסאַנדער צו לערנען חסידות. וויפל איך געדענק, זענען זיי אַלע שבת, סיי זומער און סיי ווינטער אין דער פרי, נאָך די מקוה, זיך צונויפגעקומען כמעט דער גרעסטער טייל אַלעקסאַנדער חסידים ביי אונדז אין שטוב, געטרונקען טיי פון דעם שבתדיקן קעסל, וועלכער איז צו־געגרייט געוואָרן פרייטיק פאַרנאַכט. מען האָט זיך פאַרציילט חסידישע מעשיות וועגן העלפן איינער דעם צווייטן. פון די ערשטע וואָס זענען געקומען, איז געווען ר׳ בנימין בשבש. (אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען אַ „כבד־פה"). ר׳ בנימין האָט געווינט אַנטקעגן דעם גרויסן בית־המדרש. ער איז געווען דער גבאי פון דער חברה משניות און דער ערשטער אויפצומאַכן דעם גרויסן בית־המדרש. ר׳ בנימין האָט אַוועקגעגעבן זיין לעצט געלט במתנות בסתר און דערצו געווען אַ גרויסער בעל הכנסת־אורחים. (זיין ווייב האָט מען גערופן באַשע).

דער צווייטער איז געקומען ר׳ שמעון סרעבניק (שמעון מלמד). דער ייד האָט באמת געלערנט יום ולילה, און אַלץ — אויסנווייניק. דאָס איז געווען אַ גרויסער ייד. פאַר זיין פטירה האָב איך אים געטראָפן אין ביאַליסטאָק, אַנטלויפנדיק פון די דייטשישע מערדערס. איין באַק איז געווען פאַרבונדן. ער האָט מיר דערציילט, אַז די רוצחים האָבן אים אויסגעריסן אַ האַלבע באָרד.

דערנאָך איז אָנגעקומען ר׳ מרדכי קויפמאַן (ר׳ מרדכי חנהס). ער איז שטענדיק געווען אַ רבי פון חברה מדרש און ראש־ישיבה פון דער חסידישער ישיבה. כמעט אַלע שאלות ותשובות האָט מען אים געפרעגט. ווען ר׳ מרדכי איז נפטר געוואָרן אין וואַרשע, האָט מען אים געמאַכט אַ הספד אין גרויסן בית־המדרש. ווי גרויס אָרעמאַן ער איז געווען, האָט ער אַלץ געזאָרגט פאַר יענעם. איך וויל אויך דערמאָנען זיין זון ישראל, וועלכער איז באמת געווען אַן איש תמים, אויך אַ גרויסער למדן. ער האָט נאָר געוווסט דעם וועג פון זיין שטוב ביז דעם אַלעקסאַנדער שטיבל. ער איז געווען אַ גרויסער יורא שמים.

שפעטער איז אָנגעקומען דער כוהן פון די אַלעקסאַנדער חסידים, ר׳ בעריש ווילענסקי ע"ה. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, זייער באַליבט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג. מיט זיין אויסערלעכן אויסזען, פאַטריאַרכאַלישער באָרד, געלאַסענע טריט און מיט זיין באַנעמונג בכלל — האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ כוהן־גדול, וואָס זאָרגט פאַרן כלל ישראל. זיין שטענדיק געשפרעך איז געווען: מען דאַרף העלפן דעם אָדער יענעם. זיין פרוי ביילע, אַן אשת־חיל, האָט אים צוגעהאָלפן אין זייער שניט־קראָם. זי האָט אויך געהאַט אַ גרויסן חלק אין זיין מתן־בסתר צו העלפן יידן. אַזוי זענען דערצויגן געוואָרן זייערע זין און טעכטער, אין וועלכע די גאַנצע שטאָט האָט זיך געשפיגלט. זיי זענען אַרויסגעוואַקסן לומדים און געזעלשאַפטלעכע טוערס — ביזן היינטיקן טאָג.

דערנאָך זענען געקומען זישע קאַלוסקי, מאָטל קאָוואַלס, וואָס האָט מיט דער מתיקות פון זיין לערנען צוגעצויגן פיל יידן. ער האָט געלערנט אין אַ קליינעם בית־המדרש מיט די חברה תהילים. בשכינות איז געווען דאָס גערער שטיבל. צו זיין לערנען זענען אָנגעקומען פיל חסידים. איך וויל צוגעבן, אַז דער ווישקאָווער נגיד, דוד גורנער, האָט אויף די עלטערע יאָרן זיך גענומען ר׳ זישען צו לערנען און געוואָרן אַן אַריינגייער אין אַלעקסאַנדער שטיבל, געטאָן פיל צדקה פאַר יידן.

ס׳איז אויך אָנגעקומען ר׳ פייוועלע שראַן, אונדזער שכן, אויך אַ בן־בית, ר׳ שמעון סרעברעניקס אַ שוואָגער. ר׳ פייוועלעס פרוי האָט געהאַט צו אים טענות, הלמאי ער גיט זיך נאָר אָפּ מיט באַזאָרגן אַלע יידן, אויסער זיין שטוב. ער האָט אַריינגענומען צו זיך אין הויז די אַלעקסאַנדער חסידים און עס איז געוואָרן אַן אַלעקסאַנדער שטיבל. ער האָט אויך געזאָרגט פאַר אַלץ. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער ייד ר׳ פייוול זאָל זיך אויסלעבן אַלס אַ חסידישער ייד אַפילו אין רוסלאַנד. זיין זון איז געווען אַ הויכער באַאַמטער דאָרט, האָט אים באַזאָרגט מיט כשר עסן. ער האָט אויך געהאַט די זכיה צו קומען קיין ישראל און נפטר געוואָרן אין טיפן עלטער.

שפעטער איז אָנגעקומען דער פאָרעמבער רב, וועלכער איז געווען מורה־הוראה אין ווישקאָוו. ער פלעגט זאָגן, אַז די אויפגאַבע פון חסידות איז — העלפן איינער דעם צווייטן, וועט דער אייבערשטער אויך העלפן. דער רבונו של עולם וויל נאָר דאָס גוטע האָרץ.

עס איז אויך אָנגעקומען דער לאַנגער לייבל (כ׳געדענק נישט זיין פאַמיליע־נאָמען). מען האָט אים גערופן דער וואַרשעווער עילוי. ער איז געווען אַ חסיד, אַ בטלן, נישט געטראַכט וועגן פרנסה. זיין פרוי פלעגט פאָרן קיין וואַרשע צו פאַרקויפן געשאָכטענע עופות, בעת ער איז שטענדיק



אַ גרופּע „צעירי אגודת ישראל", 1934
קבוצת „צעירי אגודת ישראל", 1934

געזעסן אין שטובל און געלערנט, געפאָרן צום רבין און געשמעקט אַ סך טאַבאַק.

דערנאָך איז אָנגעקומען ר׳ לייזער סאַפּירשטיין. ער האָט געוווינט נעבן דער באַן־סטאַציע, אַ שכן פון זלמן גראָסבאַרד. אים פלעגט מען רופן דער רבי פון די ווישקאָווער אַלעקסאַנדער חסידים. ווען עס איז געווען אַ יומא דפגרה — אַ יום־טוב פון די חסידים, צי אַ יאָרצייט פון אַ רבין, אַ ראש־חודש, שושן־פורים, פלעגט מען גיין צו ר׳ לייזערן. געווען אַ גרויסער בעל־צדקה. מיין פאָטער ע״ה האָט מיר דערציילט, אַז פאַר זיין פּטירה האָט ער צונויפגערופן זיינע נאָענטסטע חסידים און געבעטן מיין פאָטער, וועלכער איז געווען שוחט, אַז ער זאָל שעכטן פאַר אים אַן עוף, כדי ער זאָל האָבן די מצוה פון כסוי דם, דאָס הייסט, אַז מען טוט אַ מצוה פאַרן טויט, איז גלייך ווי ער וואָלט מקיים געווען די גאַנצע תורה. דערנאָך האָט ער זיך געהייסן מאַכן תשע קבים וואַסער צום טובלען זיך, באַפוילן צו זאָגן מיט אים די גרויסע ווידוי מיט אַ פּרק משניות — און באַלד נפטר געוואָרן. אַ מערק־ווירדיקע זאַך: זיין פרוי, די רביצין ווי מען האָט איר גערופן, איז געגאַנגען אין זעלבן דרך.

מ׳דאַרף דאָ צוגעבן ר׳ יצחק־הירש ראָטבאַרד, ר׳ שלמה פרידמאַן, ר׳ הענעך בזשאָזאַ, ר׳ יחיאל קאַלוסקי (אַ זון פון זישע קאַלוסקי, געשטאָרבן אין עכו), ר׳ זלמן פעלנער, ר׳ יחיאל שולץ און הערשל שולץ (דערנאָך זענען די שולצ׳ס אַוועק אין גערער שטיבל, ווען די אַלעקסאַנדער חסידים האָבן אין משך פון עטלעכע חדשים נישט געהאַט זייער שטיבל) און ר׳ בערל־דוד קוויאַטעק.

אַלע אַלעקסאַנדער חסידים זענען געווען לומדים מופלגים, געלערנט מיט חברות, געווען געזעלשאַפטלעכע עסקנים, גבאים, רביים א. א. וו.

ווען דער מורה־הוראה (געוועזענער רב אין פּאָרעמבאַ) האָט געלעבט, פלעגט מען צו שלוש־סעודות זינגען זמירות ביי זיין טיש און הערן תורה. נאָך זיין טויט האָט מען געפּראַוועט שלוש־סעודות אין שטיבל.

איך האָב פאַרצייכנט בלויז די חסידים, וועלכע כ׳געדענק.

# ווישקאָוו - אַ פרום שטעטל

וועלוול אַלענבערג
חיפה

ווישקאָוו איז געווען אַ רעליגיעז־חסידישע שטאָט, וואָס איז אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן באַהערשט געוואָרן פון פאַרשידענע „גוטע יידן״, „חסידישע הייף״ און זייערע מקורבים. ווי אין הונדערטער פוילישע שטעטלעך, זענען אויך דאָ פאַרשפּרייט געווען ווונדער־מעשיות, אין וועלכע דאָס פאָלק האָט געזוכט טרייסט, האָפענונג און אַן אַדרעס פאַר זייערע ליידן און פריידן. כ׳וועל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף די פאַרשידענע לעגענדעס, וואָס זענען געווען פאַרשפּרייט ביי יעדער גרופּע חסידים, וועגן דער גרויסקייט פון זייער רבין. אין יעדן חסידים־שטיבל פלעגט מען וועגן זיי דערציילן ביי די „שלוש סעודותן״, „מלווה־מלכהס״ אַדער יאָרצייטן פון רבין.

פון די אָנגעזעענסטע חסידים־שטיבלעך זענען געווען: די גערער, אַלעקסאַנדער, אָטוואָצקער, אַמשינאָווער און ראַדזימינער. אויך האָט ווישקאָוו געהאַט אַן אייגענעם רבין (אויף דעם פּולטוסקער שאָסיי), וואָס פלעגט נעמען „קוויטלעך״ און „פּדיונות״. ביי אים פלעגן דאַווענען ביי אַ צוויי מנינים יידן. ער איז געווען אַ רבי אַ וואַנדערער. די מערסטע צייט אין יאָר איז ער אַרומגעפאָרן.

די „חברא קדישא״ האָט געטראָגן אַ שטאָטישן כאַראַקטער און זיך נישט געמישט אין פּאָליטישע פראַגן. די גבאים זענען געווען: בוטשע בעקער (סטאָליק) און משה־אהרן אָלשאַקער. זיי האָבן געהאַט גרויס אָנזען און אַלעמענס אָנערקענונג.

פון די הויפּט „חברות״ זענען געווען: חברה ש״ס, חברה משניות, חברה תורה, חברה חוק לישראל, חברה מדרש, חברה מסילת ישרים, וואָס פלעגן דאַווענען אין גרויסן בית־המדרש. צו דער חברה תהילים האָט געהערט דער קליינער בית־המדרש. די דאָזיקע חברות פלעגן זיך „קויפן אַ רבין״ ער זאָל מיט זיי לערנען און זיין זייער גייסטיקער מנהיג. יעדעס שטיבל און חברה פלעגן וויילן גבאים, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַרן בודזשעט, איינקאַסירט דעם חודש־אָפּצאָל, פאַרקויפט עליות לתורה, אויפגעשטעלט גמילות־חסד קאַסעס.

זיי פלעגן העלפן אַ „געפאַלענעם״, אַ יורד מנכסיו, מיט אַן איינמאָליקער אַקציע, כדי אים „שטעלן אויף די פיס״.

אַ גרויסע ענדערונג איז אַנטשטאַנען מיט דער שאַפונג פון „ציוניסטישן בית־המדרש״ (געשאָנקען פון עלי־מאיר גאָלדמאַן), אונטער דער אָנפירערשאַפט פון הענעך קאַלוסקי, יעקב יאַקובאָוויטש, דוד גורני, לייביש פשעטיצקי, איטשע בהרב, יעקב ניימאַן און אַנדערע. זיי האָבן אָנגעפירט מיט די אַקציעס פאַרן „קרן קימת״ און „קרן היסוד״, מיטגעהאָלפן שאַפן די אָרגאַניזאַציעס און קלובן: „החלוץ״, „השומר הצעיר״, „מכבי״, „גוויאַזדאַ״, בית״ר — און דערביי געהאַט גרויס אונטערשטיצונג פון דער באַפעלקערונג.

די יידישע קהילה איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון אַלע קרייזן: פרעזעס — יצחק עפּשטיין; וויצע־פרעזעס — מרדכי־מענדל אַלענבערג; סעקרעטאַר — משה־יוסף אַבראַמטשיק. פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: יצחק־בער ראָזענבערג, יצחק מאָנדרי, שמואל עלבוים, בערטשע אָלדאַק, הענעך קאַלוסקי, דוד גורני און חיים־נתן ווענגראָוו. די קהילה האָט נישט געזאָרגט פאַר אַ יידיש שול־וועזן. אַלע קינדער האָבן באַקומען רעליגיעזע דערציאונג אין די חדרים, ביי פּריוואַטע מלמדים (אויך מיידלעך פלעגן לערנען ביי מלמדים). מיט דער גרינדונג פון דער „תרבות״־שול דורך די ציוניסטן, האָט די „אגודה״ געגרינדעט אַ „בית יעקב״־שול. די רעגירונג פלעגט אויסהאַלטן די פאָלקס־שולן („פּאָווששעכנע״) מיט יידישע לערער.

די אָרעמע פאַמיליעס, וואָס האָבן געוואָלט דערציען זייערע קינדער אין רעליגיעזן גייסט, האָט די שטאָט פאַר זיי געגרינדעט אַ תלמוד־תורה. דאָרט האָבן געלערנט ביי אַ 120 קינדער, און אויך באַקומען יעדן אינדערפרי ברויט מיט קאַקאַאָ, אויף מיטאָג — געקעכטס און אויף יומטוב — באַקליידונג און געלט. דער תלמוד־תורה־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון: מרדכי־מענדל אַלענבערג (פרעזעס), יצחק־בער ראָזענבערג, יצחק עפּשטיין, מרדכי־מענדל דאָמב. די ערשטע גרינדער פון דער תלמוד־תורה: שלמה פרידמאַן (אַלעקסאַנ־

דער חסיד, היינט אין קאַנאַדע) און מענדל עפשטיין (היינט אין אַמעריקע). אויף אויסצוהאַלטן די לערער און מלמדים האָט דער קאָמיטעט איינקאַסירט אַן אָפּצאָל ביי דער יידישער באַפעלקערונג. פאַר דער קיך ביי דער תלמוד־תורה און הלבשה פאַר די אָרעמע קינדער האָבן געזאָרגט דער „דזשאָינט" און די ווישקאָווער קאָמיטעטן אין אַמעריקע.

פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס איז געווען די אַלגעמיינע גמילות־חסד־קאַסע (פּרעזעס — שייקע פּאָסטאָלסקי. געקומען אין ארץ־ישראל אין יאָר 1943, נאָך לאַנגע וואַנדערונגען אין רוסלאַנד מיט זיין פאַמיליע, און געשטאָרבן אין אַ צייט אַרום. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פון „אירגון יוצאי וישקוֹב בישראל"). פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: ברוך דאָברעס, וו. גראַבינאַ, הענעך קאַלוסקי, יעקב־דוד פשעטיצקי (פון די גרינדער פון „אירגון יוצאי וישקוֹב בישראל" און קאַסירער ביזן יאָר 1957), מרדכי־מענדל אַלענבערג און אַנד.

געווען אויך אין ווישקאָוו אַ ישיבה „בית יוסף", אַ נאָוואַראָדקער ישיבה. מנהל איז געווען ר' שמעון חפץ. איבער 50 תלמידים פון ווישקאָוו און אומגעגנט האָבן געלערנט אין דער דאָזיקער ישיבה. די פרעמדע תלמידים פלעגן עסן „טעג" ביי די רייכע באַלעבאַטים. אָבער די הויפּט־שטיצע פאַר דער ישיבה, תלמוד־תורה און די שטאָטישע גמ"ח־קאַסע איז געקומען פון אַמעריקע. אויך פלעגט דער ווישקאָווער קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, אונטער דער לייטונג פון פרוי רחל ראַדזימינסקי, אַריינשיקן יעדעס יאָר 1,000 דאָלאַר אויף פסח. פון דעם — 100 דאָלאַר פאַר דער תלמוד־תורה, 100 — פאַר דער ישיבה און 100 פאַר דער גמ"ח־קאַסע. די איבעריקע 700 דאָלאַר האָט מען פאַרטיילט דער אָרעמער באַפעלקערונג אויף יומטוב. צום קאָמיטעט צו פאַרטיילן די שטיצע פון ניו־יאָרק האָבן געהערט: איצל ראַדזימינסקי, מרדכי־מענדל אַלענבערג, יצחק־בער ראָזענבערג און הענעך קאַלוסקי. די דאָזיקע פסח־שטיצע האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַריינגעברענגט פיל אויפלעבונג אין שטאָט. די יוגנט איז על פי רוב געווען ציוניסטיש. אָבער אויך די חסידישע יידן האָבן זיך גענומען גרייטן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, ספּעציעל מיטן שטראָם פון דער דריטער עליה (ישראל־יצחק טיק מיט זיין פאַמיליע, די שענבערגס און אַנד.). טיק איז געווען אַן אָטוואָצקער חסיד און די אָטוואָצקער חסידים האָבן מיט אים מיטגעשיקט בריוולעך צום וואָרקער רבין, צום קבר פון אַלטן אָטוואָצקער רבי ר' מרדכי־מנחם קאַליש זצ"ל אין טבריה, וואָס פלעגן אים רופן דער רבי פון ארץ־ישראל, איינער פון די גרינדער פון אַלגעמיינעם „כולל" אין יאָר 1863.

די גרויסע ציוניסטישע אויפלעבונג, די חלוצישע באַוועגונג און די דריטע עליה, האָבן אַרויסגענומען די הויפּט־איניציאַטיוו פון דער „אגודה". אויך דער „בונד" איז צו יענער צייט געווען אַ גרויסער כוח און זיין יוגנט פלעגט אויסוואַנדערן אין די אַמעריקאַנער לענדער, אָנשטאָט קיין ארץ־ישראל.

נאָך דער פטירה פון ווישקאָווער מורה הוראה, וואָס איז געווען אַ חסיד פון אַלעקסאַנדער רבין, האָבן די גערער חסידים געוואָלט אויפנעמען זייערס אַ חסיד אַלס מורה־הוראה. האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערער קאַמף ביים אויסוויילן די פאַרשידענע קאַנדידאַטן, וואָס האָבן באַדאַרפט האַלטן דרשות. די אָטוואָצקער חסידים האָבן אַרויסגעשטעלט זייערס אַ קאַנדידאַט. די אַלעקסאַנדער האָבן אונטערשטיצט דעם קאַנדידאַט פון די אָטוואָצקער, און זייער מיינונג האָט דעצידירט אויך אין אַלע פראַגן. די גערער האָבן געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן דאָזיקן קאַנדידאַט. האָבן די אָטוואָצקער חסידים אויסגענוצט די אָפּוועזנהייט פון גמינע־פּרעזעס יצחק עפשטיין (גערער חסיד), ווען ער איז געפאָרן אויף קוראַציע קיין טשעכאָטשינעק, און דער וויצע־פּרעזעס, מרדכי־מענדל אַלענבערג (אָטוואָצקער חסיד), האָט אַדורכגעפירט די אָפּשטימונג פאַר דעם אָטוואָצקער חסיד אַלס מורה־הוראה — און באַקומען די באַשטעטיקונג פון דער מאַכט.

אין דער זעלבער צייט האָבן די אַלעקסאַנדער חסידים אַרויסגעשטעלט זייערס אַ קאַנדידאַט אַלס שוחט, ר' יהושע וועגנערזש — אַ באַליבטער מענטש, וואָס האָט אויך געהאַט די אונטערשטיצונג פון ציוניסטישן בית־המדרש. האָבן דערפאַר די גערער חסידים באַשלאָסן נישט צו דערלאָזן ער זאָל געוויילט ווערן. דער דאָזיקער קאַמף פון די אַלעקסאַנדער חסידים, וואָס האָט זיך געצויגן אַ לענגערע צייט, איז געוואָרן אונטערשטיצט פון די אָטוואָצקער חסידים און פון מורה־הוראה. די אַלע חסידישע מחלוקתן האָבן געהאַט טיפע אָפּקלאַנגען...

# מיינע קינדער זענען נישט קיין אפיקורסים...

פריידע קאָפּלאָוויטש
בועֶנאָס־איירעס

גטוויידמעט דעם אָנדענק פון מיינע עלטערן און שוועסטער, אומגעבראַכט דורך די נאַצישע רוצחים; דעם אָנדענק פון מיין פעטער מענדל, דער מורה־הוראה, געשטאָרבן אין יאָר 1922

**.1**

דאָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1916. איך געדענק ווי איצט: די יוגנט אין ווישקאָוו האָט אָנגעהויבן ווערן פרייער, אַרויסגעקראָכן פון די ענגע ד' אמות, באַפרייט זיך פון פאַנאַטיזם. עס אַנטשטייען קלובן, ביבליאָטעקן, פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און פאַרטייען. צווישן די טוער — אויך מיין שוועסטער הינדע (אומגעבראַכט דורך די נאַצישע רוצחים).

אַ געוויסן טאָג האָט איינע פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען אויף אַ קאָנצערט דעם וועלט־באַרימטן חזן גרשון סיראָטאַ. מען האָט אָפּגעדונגען אַ זאַל אויף דער סטראַזשאַצקע גאַס, פונקט אַנטקעגן דעם גערער שטיבל, ווו מיין פאָטער האָט געדאַוונט. אין שטעטל איז געוואָרן אַ בהלה: סטייטש, אַזאַ אַפּיקורסות! אין יענע צייטן האָט עס אין די אויגן פון אונדזערע פרומע עלטערן אויסגעזען ערגער ווי שמד.

יענעם אָוונט פון קאָנצערט האָבן אַלע גערער חסידים זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן געסל, וואָס האָט געפירט אין זאַל. זיי האָבן געוואָלט זען די קינדער וואָס גרייטן זיך אָפּטאָן די אַפּיקורסות, כדי די עלטערן זאָלן זיי שפּעטער מקיים פּסק זיין. מיין פאָטער איז נישט געווען פון

די צופּיל פאַנאַטישע. ער האָט אָבער געוווּסט, אַז אויב מיר, קינדער, וועלן גיין הערן סיראָטאַן, וועלן אים די גערער חסידים אַרויסטרייבן פון שטיבל און אפשר אויך — לייגן אין חרם... ער איז שנעל אַוועק אַהיים, ווו ר'האָט געטראָפן די קינדער זיך גרייטן צום קאָנצערט. נאָך זיינע בקשות און רואיקע אויפקלערונגען, האָבן מיר באַשלאָסן נישט אָנטאָן קיין צרות און עגמת־נפש דעם טאַטן. צו סיראָטאַן זענען מיר נישט געגאַנגען... גרויס איז געווען די פרייד פון אונדזער פאָטער. ער האָט געזאָגט:

— איצט וועל איך דערציילן אין שטיבל, אַז מיינע קינדער זענען נישט קיין אַפּיקורסים, מיט וועלכע דאָס שטעטל איז לעצטנס פאַרפּלייצט געוואָרן...

.2

עס דערמאָנט זיך מיר דער יום־כּפּור פון יאָר 1919. דאָס שטעטל האָט צו יענער צייט שוין פאַרמאָגט פאַרשידענע קולטור־אינסטיטוציעס און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי — די בונדישע „צוקונפט". פאַר מוסף, ווען פרומע און אַפילו פריידענקערישע יידן האָבן פאַרפולט די שולן און אַלע בתי־מדרשים און שטיבלעך פון ווישקאָוו, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין דעם „צוקונפט"־לאָקאַל אויף רינעק האָט מען געזען אַ רויך פון קוימען. נישט אַנדערש, מען קאָכט דאָרט אין יום־כּפּור.

דאָס שטעטל האָט אויפגעשטורעמט. מיין פאָטער מענדל און נאָך עטלעכע יידן זענען גלייך אַוועק אין בונדישן קלוב, כּדי זיך איבערצייגן צי האָבן טאַקע יידישע יונגעלייט געוואַגט צו פאַרשוועכן דעם הייליקסטן טאָג. זיי האָבן דאָרט געטראָפן עטלעכע יוגנטלעכע און זיי שטרענג אויסגעמוסרט פאַר אַזאַ האַנדלונג. באַזונדערס האָט ער גערעדט צום געוויסן פון דעם עלטערן חבר שמיעטאַנקע (איצט — אין אַמעריקע). ער האָט פון זיי געפאָדערט נישט טאָן מער אַזעלכע זאַכן.

צומאָרגנס, ווען כ'בין געקומען צו מיין פאָטער, האָט ער, דער שטענדיק צוריקגעהאַלטענער און שווייגער, זיך געווענדעט צו מיר בזה הלשון:

— גייענדיק נעכטן אין „צוקונפט"־לאָקאַל זען צי מען קאָכט דאָרט אין יום־כּפּור, האָב איך געהאַט אַ שווער געמיט און אַ ביטער האַרץ, קוים, חלילה, טרעף איך דאָרט מיינע פּלימעניצעס. גרויס איז אָבער געווען מיין פרייד אַריינ־קומענדיק אין לאָקאַל, ווען איך האָב דאָרט קיינעמען פון אייך נישט געזען. איך בין שטאָלץ דערמיט וואָס מיינע פּלימעניצעס האָבן מיך נישט פאַרשעמט...

# דער ערשטער חדר מתוקן

פ. מ. ר.

ווען ס'איז אין ווישקאָוו געשאַפן געוואָרן דער נייער דערציאונגס־אַנשטאַלט, דער א.ג. חדר־מתוקן, איז דערביי געווען די כּוונה פון אונדזערע עלטערן נישט נאָר צו געבן די יידישע קינדער אַ רעליגיעזע דערציונג, נאָר אויך אָנצינדן אַ פייערל אין זייערע הערצער צו זיין שטאָלצע יידן, דורכ־געדרונגען מיט אהבת ישראל.

דער חדר־מתוקן האָט זיך געפונען אין קליינעם בנין אויף דער וואַנסקע גאַס (ביי רעטקען), ווו ס'האָט אין פרילינג געשמעקט דאָס ביימער־בליעכץ און זומער האָבן די עפּל מיט די רויטע פּלעקן געצייצט אונדזער אַפּעטיט.

דער ליבער לערער און אומפּאַרגעסענער תושב, יצחק שקאַרלאַט ז"ל, האָט מיט אונדז געלערנט תנ"ך, דערוועקט ליבשאַפט צו ארץ־ישראל און עם ישראל. ער פלעגט אונדז שטענדיק אַריינפירן עפּעס אין אַ צויבערלאַנד, מיר האָבן געשוועבט ערגעץ אין די בלויע הימלען... מיט אָפענע מיילער האָבן מיר אויפגעכאַפּט זיין אויסטייטש וועגן לערנען און פּראַקטיצירן שיינע מידות, וואָס מיר האָבן באַקומען אויפן באַרג סיני, וועגן די העלדישע קעמפער פון תנ"ך און פון די אַלע וואָס האָבן אונדזער געשיכטע באַשיינט און באַרייכערט.

.2

ווער קאָן פאַרגעסן אונדזער טייערן לערער יוסף פּעטשע־ניק, מיט זיין יידיש־אַריסטאָקראַטישער געשטאַלט, ווען זיין פּעך־שוואַרצע טשופּרינע פלעגט זיך באַוועגן אין ריטם פון די העברעישע לידער, וואָס ער האָט געלערנט. יעדער וואָרט זיינס האָט געקלונגען מיט ליבשאַפט און איבערצייגונג.

איך געדענק נישט קיין אומעטיקן טאָג אין פאַרלויף פ־ן די עטלעכע יאָר לערנען אין חדר־מתוקן, אויסער איינעם, וואָס האָט אונדז דערמאָנט אין חרוב געוואָרענעם בית־המקדש. יענעם טאָג זענען טרערן כּסדר גערונען פון מיינע קינדערישע אויגן, באַזונדערס דאַן, ווען אונדזער טייערער לערער שאַ־פּירא, מיט זיין בנעימותדיק געשטאַלט, האָט זיך געזעגנט צוליבן אומקערן זיך צו זיין פאַמיליע קיין פּינסק. מיין קינדיש האַרץ האָט געפילט, אַז דאָס איז אַ געזעגענונג אויף שטענדיק... און אַ צייט אַרום איז ער טאַקע געשטאָרבן.

אַ דאַנק אַזעלכע עלטערן און דערציער, איז אונדזער שטעטל געווען אַ גינסטיק פעלד פאַר ציוניסטישע טעטיקייטן. ס'איז אַנטשטאַנען דער ספּאָרט־קלוב „מכבי", אַ דאַנק וועלכן מיר האָבן אין ל"ג בעומר מאַרשירט מיט דער בלוי־ווייסער פאָן איבער די גאַסן סטאַדאָלנע, וואַנסקע, קאָשטשושקע, רינעק און די בריק — ביז סקושעוו. אין אונדזערע אויגן איז דאָס געווען... אַ מאַרש קיין ארץ־ישראל. אַזוי ווי כ'בין געגאַנגען בראש פון די קינדער, האָט מיין מוטער מיך אויס־געפּוצט אין אַ ווייס קליידעלע, אַ בלויע באַנד און בלוי־ווייסע קרעלן.

די וועלטלעכע און נאַציאָנאַל־יידישע דערציונג אין חדר־מתוקן האָט געלאָזט קענטיקע שפּורן אויף דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון אַ טייל ווישקאָווער קינדער.



פרויען־קאָמיטעט פון ווישקאָווער ביקור־חולים: עלקע גאָלדמאַן, נחמה שטערן, די רביצין מאָרגנשטערן, פייגע־מאַלע אַבראַמטשיק.

# זכרונות של תלמיד ישיבת „דרכי נעם״

חיים אומיאל

.1

כשנה לפני פרוץ מלחמת עולם הראשונה, יצא קול־קורא של האדמו״ר מראדזימין, נשיא „כולל פולין״, על פתיחת ישיבת „דרכי נעם״ בוישקוב. לחניכיה הובטח: א) „חסכון־נדוניה״ במשך זמן הלימודים; ב) אם יעלו לארץ־ישראל, מובטחת להם משרה בירושלים, ב„כולל־פולין״. שליחים יצאו לעיירות פולניה לבשר את הבשורה המושכת — וילדי ישראל נהרו לישיבה בוישקוב.

באותה תקופה גרתי בז׳יראדוב. פעם הופיע אצלנו הרב מקלימנטוב, שמחה גילרנטר, בנאום לוהט בעיירתנו הידועה ממפעלי בדים שלה. הרב פנה לקהל השומעים במלים אלה: „הקול קול יעקב — והידים ידי עשו... בזמן שיגבר קולו של יעקב בתורה, תחלש ידו של עשו״. מי עוד כמונו, ילדי ז׳יראדוב, ידעו והרגישו את „ידו״ של עשו?! ונאחזו הורינו בהבטחות של הרב — ורשמו אותנו לישיבה.

בליל אביב אחד אנו יוצאים ב„אומניבוס״ רתום לסוסים, ההולך בקו ראדזימין—וישקוב. מגיעים לפנות בוקר על גשר העץ מעל הנהר בוג. כאן התחלת עיר יהודית — ותיקף פתרנו את החידה שבשאלה: למה קראו לגוי „קליפה״? מפני שהם יושבים מסביב לעיירה — אז הם הקליפה, והיהודים שבתוכה — הגרעין...

הישיבה שלנו היתה ברחוב פשדמישצ׳ה, בתוך גן פרי שהשומר שלו היה פולני שהקפיד מאד שלא ידבק בנו מאומה. לכן קראנו לעצי הגן „נרות חנוכה״... אפשר היה לראותם ולא להשתמש בהם — שעור מצויין לכבוש את הייצר. אבל חוץ מהגוי הזה וידי עשו שלו, לא ראינו מן המין הזה בוישקוב. וחזרנו על דבריו של האדמו״ר מראדזימין: ע״י קול יעקב שלנו ייעלמו ידי עשו...

הפנימיה שלנו בישיבה היתה על טהרת הצנע. הילדים אכלו „ימים״, כלומר: כל יום אצל בעל־בית אחר. אני זוכר טוב את יום ג׳ בשבוע, שאכלנו כעשרה תלמידים אצל מר יוסף יעקובוביץ׳, סוחר יערות. אחרי סעודת ערב היה נותן לכל אחד ואחד „דידקה״ (3 קופייקות) כדמי־כיס.

בראש־חודש אלול נוסעים שוב ב„אומניבוס״ לבחינות אצל האדמו״ר מראדזימין. אחרי הבחינות — סעודת צהריים חגיגית עם חלוקת התעודות. בתום חלוקת התעודות ביקש האדמו״ר שאנחנו נברך אותו בבן זכר, יורש כסאו. והוא יברך אותנו: שלא נהיה חיילים בצבא הצאר הרוסי. כאן התפרצו הרבי והתלמידים, ואני בתוכם: יהי רצון שנהיה חיילים בצבא המשיח... ולא פעם, בעמדי ב„הגנה״, עם נשק ביד, מול הפורעים, חשבתי, שאולי נתקבלה אז תפילתנו. רק לאדמו״ר לא קם יורש...

.2

נזכרתי במעשה שהיה בימים ההם: בוישקוב היה יהודי אמיד והבית הכי גדול בשוק, שהרב מורגנשטרן היה גר בו, היה שלו. הבית הקיף שניים או שלושה רחובות. לימים חלה האיש שהיה חשוך בנים. השאיר צוואה להוריש את הבית לאדמו״ר מראדזימין. לבסוף החלים האיש ואשתו ילדה לו בן־זכר. האשה והילד הגישו תביעה לאדמו״ר להחזיר להם את הבית בנימוק, שהתנאי שבצוואה בוטל. התביעה נתגלגלה מערכאה אחת לשנייה — ודי בזיון וקצף...

.3

בשבת חזון לפני תפילת מנחה ישבנו אצל יעקב־דוד זאטורסקי, לא רחוק מבית־הכנסת, אכלנו חומוס ושתינו בירה. והנה — צעקות ופעמון־אזעקה של מכבי־אש, שבראשם היהודי היחיד במוסד זה — „פישקה עם הקישקה״ (עם צנור־גומי). הם רצו לעבר בית־הכנסת להציל נשים ממפולת בעזרת־הנשים. נפצעו אז קשה שלוש נשים — ואנחנו אחר־כך התלוצצנו „שלוש אמהות ניזוקות״, כי למדנו אז על „ארבעה אבות נזיקין״...

להציל את הפצועות הוזעק חובש העיירה המוכר לי מזה שעקר לי שן... מר ברל קרנר, אשר על דלתו היו תלויות שלוש צלחות נחושת באמצע השוק, עסק ב„מדיצינה״: היה עוקר שיניים, מגלח זקנים, מרכיב אבעבועות, חובש שברים, מרכך פצעים וכו׳. מרפאה פרטים בזעיר אנפין...

# די ישיבה „בית יוסף״

פאַול א. קרעמער
ניו־יאָרק

(פונעם זאַמלבוך „דער לאַנדסמאַן״, אַרויס־געגעבן צום 40־יאָריקן יובילײ פון ווישקאָווער אונטערשטיצונג־פאַראיין. ניו־יאָרק — 1936)

אין דער ישיבה „בית־יוסף״ לערנען אַרום 84 בחורים. דער גרעסטער פּראָצענט זענען ווישקאָווער, די איבעריקע — אָנגעפאָרענע פון שטעט און שטעטלעך אַרום ווישקאָוו.

הרב ר׳ שמעון ארי׳ חפץ, אַלס מנהל און ראש־ישיבה, פירט אָן מיט די לימודים מיט נאָך פיר רביים. זיי אַלע דאַרפן דאָך לעבן. די שכירות זייערע דורכן יאָר באַטרעפן צוזאַמען זיבן טויזנט זעקס הונדערט און אַכציק זלאָטעס. דאָס מאַכט אויס פאַר יעדן מלמד באַזונדער פופצן הונדערט מיט זעקס און דרייסיק זלאָטעס יערלעך. אַ קיימא־לן פון דריי הונדערט און זיבן דאָלאַר אַ יאָר אויף אַמעריקאַנער געלט; אַן ערך זעקס דאָלאַר אַ וואָך. דערביי קאָן מען זיכער באַהויפּטן, אַז די מורים וואָלטן געוועז די גליקלעכסטע, ווען זיי קריגן כאָטש די מאָגערע שכירות רעגלמעסיק אַלע וואָך.

חוץ אויסצוהאַלטן די אָרעמע בחורים מיט קליידער און שפּייז, קאָסט אויך דירה, באַהייצונג, באַלייכטונג און אַנדערע קליינע הוצאות.

פון שטאָט ווישקאָוו קומט אַריין אין דער ישיבה די קיילעכדיקע סומע פון טויזנט זיבן הונדערט און צוואָנציק זלאָטעס; פון שכר־לימוד דורכן יאָר — הונדערט און פופציק זלאָטעס. מאַנכע צאָלן 10 גראָשן, מאַנכע 5 גראָשן וועכנט־

לעך. פֿאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס זענען קוים בכוח צו צאָלן איין זלאָטע, אָדער גאָר פּופציק גראָשן אַ חודש.

דער ווישקאָווער פּרויען־פֿאַראיין פֿון דער ישיבה שאַפֿט יעדן יאָר אומגעפֿער פֿופֿצן הונדערט זלאָטעס.

אַלץ צוזאַמען האָט די ישיבה „בית יוסף" אַ יערלעכע הכנסה פֿון 3370 זלאָטעס.

לויט דעם חשבון סטייעט נישט פֿאַר די אָרעמע מלמדים נישט נאָר זייער מאָגערע, זעקס־דאָלאַרדיקע שכירות, נאָר אַפֿילו האַלב פֿון די קלאָגנדיקע שכירות — אויך נישט.

טאָ פֿאָרט: ווי קומט מען אויס?

איז דער תירוץ: „כך היא דרכה של תורה. פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה ועל הארץ תישן". דאָס הייסט: „אַזוי איז דער וועג צו לערנען תורה: עסן ברויט מיט זאַלץ, טרונקען וואַסער מיט אַ מאָס און שלאָפֿן אויף דער הוילער ערד"...

אָבער ברויט מיט זאַלץ דאַרף מען אויך האָבן פֿאַר וואָס צו קויפֿן און אַפֿילו אויף דער ערד צו שלאָפֿן מוז אויך זיין אין אַ דירה, נישט אויף דער גאַס.

ליגט טאַקע אַ חוב קדוש אויף די ווישקאָווער לאַנדסלייט צו שטיצן דעם ווישקאָווער אוהל תורה „בית יוסף" און זיי באַזאָרגן לכל הפּחות מיט דעם נייטיקסטן, זיי זאָלן נישט דאַרפֿן לעבן אַ חיי צער ביים לערנען תורה.

# יידישע קייטן*

הרב שמעון ארי' חפץ
מנהל פֿון דער ישיבה „בית יוסף" אין ווישקאָוו

אין גאָלדענעם לאַנד —
די ווישקאָווער אַ דאַנק;
פֿאַר אייערע נאָבעלע הערצער פֿול ליבע,
צו שטיצן די קינדער
וואָס לערנען מיט פֿלייס
אין ווישקאָווער „בית־יוסף" ישיבה.

דער איינציקער שטראַל
אין פֿינצטערע צייטן,
איז שטענדיק געווען אונדזער תורה.
מיט אמונה געפּאַנצערט,
מיט בטחון פֿאַראַנקערט,
געוואַנדערט אין גלות אָן מורא.

צייטן געוועזן
געמיינט שוין אַן עק,
מיט יאוש און צווייפֿל געבליבן,
נאָר פּלוצים ערשינען
פֿון ניו־יאָרק איז הילף,
די נויט פֿון ישיבה פֿאַרטריבן.

איר באַשוכט און באַקליידט,
באַזאָרגט און באַנייט,
איר שאַרפֿט יידישע מוחות,
כדי אין אויסברוך פֿון שטורעם
אונדזערע שונאים באַזיגן
מיט גייסטיקע כּוחות.

טאָ העלפֿט אונדז אויך ווייטער,
ניו־יאָרקער לאַנדסלייט,
צו שמידן די יידישע קייטן —
די קייטן פֿון דורות
וואָס לערנען אונדז שטרענג
רחמנות און יושר פֿאַרשפּרייטן.

ווישקאָוו, 5 מאַי 1936.

* אַ דאַנק־בריוו (אין פֿערזן) די ווישקאָווער אין ניו־יאָרק פֿאַר זייער הילף דער ישיבה „בית־יוסף". פֿונעם זאַמלבוך „דער לאַנדס־מאַן", אַרויסגעגעבן צום פֿערציק־יאָריקן יובילעום פֿון ווישקאָווער אונטערשטיצונגס־פֿאַראיין (1936—1896). ניו־יאָרק, 1936.

# מיינע זכרונות פֿון דער ישיבה

שמעון זכריה מאַלאָוואַנטשיק
תל־אביב

אונדזער ישיבה, הגם זי האָט זיך געפֿינען אין ווישקאָוו און אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער שטאָט, האָט געטראָגן דעם נאָמען נעוואָרדיקער ישיבה און איז געפֿירט געוואָרן אין גייסט פֿון ר' ישראל סאַלאַנטער, על־פּי דרך המוסר. אין דער ישיבה האָבן געלערנט איבער 200 בחורים, אין 6 כּיתות.

פֿון 5 פֿרי ביז 9 אָוונט זענען די תלמידים געווען באַשעפֿטיקט. פֿון גאָר באַגינען האָט מען אָנגעהויבן לערנען ביז 7.30 פֿרי. דערנאָך האָט מען געדאַוונט שחרית מיט גרויס התלהבות. אַ טייל בחורים זענען אַ גאַנצע האַלבע שעה געשטאַנען שמונה־עשרה. נאָכן דאַוונען איז מען אַוועק עסן פֿרישטיק אין דער קיך, וואָס איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך אַ ריי ווישקאָווער באַלעבאַטים און איז געפֿירט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלן פֿרויען־קאָמיטעט, וואָס איז געווען זייער אַקטיוו אויף דעם געביט. צום ועד פֿון די באַלעבאַטים האָבן געהערט: ר' עלי ראָזען, וואָס האָט טאָג און נאַכט זיך מוסר געווען פֿאַר דער ישיבה; ר' אברהם לערמאַן, ר' ברוך סטאָליק, ר' אלתר סוקעניק. אין פֿרויען־קאָמיטעט זענען געווען טעטיק: חוה מאַרקוסכאַמער, לאה אָסטראָוויאַק און דבורה די שטריקער־מאַכערקע. זייער זאָרג איז געווען, אַז די ישיבה־בחורים זאָלן האָבן אָפּצועסן צו דער זעט און אויך האָבן ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. זיי פֿלעגן באַשטימען ביי וועלכע ווישקאָווער יידן די בחורים זאָלן גיין „עסן טעג". די מיטגלידער פֿון ביידע קאָמיטעטן זענען געווען די „פֿאָטערס און מוטערס" פֿון די ישיבה־בחורים.

פֿון 9.30 ביז 2.30 האָט מען מיט גרויס התמדה געלערנט.

די ווענט פון דער ישיבה און פון בית־המדרש, ווו די ישיבה האָט זיך געפונען, האָבן אָן אויפהער איינגעזאַפּט אין זיך דברי תורה. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז אַ טייל ישיבה־בחורים פלעגן אין משך פון די לאַנגע ווינטער־נעכט לערנען. פאַר זיי איז די וועלט געווען נישט מער ווי אַ פּרוזדור, דאַקעגן דאָס ישיבה־לעבן — בלויזע רוחניות. אויב אַ ווישקאָווער ייד האָט געוואָלט דערפילן דעם טעם פון רוחניות, איז ער געקומען אין דער ישיבה און געהאַט די פולסטע באַפריי־דיקונג.

1.30 האָט מען פאַר די כיתות געזאָגט שעורים. פון מרכז אין ביאַליסטאָק זענען דורכן רבי ר׳ אברהם יפה שליט״א געשיקט געוואָרן קיין ווישקאָוו ספּעציעלע מדריכים־גאונים, ווי ר׳ נחמן־דוד לאַנדינסקי, ר׳ לייזער לעווינסקי, ר׳ אהרון סטאָלנער, ר׳ נח סטאָלנער, ר׳ יוסף לאָמזשער, ר׳ אברהם ציטרין. זיי זענען געווען גוטע רעדנערס און דאָס לערנען האָבן זיי געפירט מיט גרויס פאַרנעם.

דער גייסטיקער אָנפירער פון דער ישיבה איז געווען ר׳ שמעון חפץ, דער מנהל, און אויך ר׳ אברהם ציטרין. ר׳ שמעון איז ממש געווען אַ צדיק. די אַרומיקע וועלט איז אים נישט אָנגעגאַנגען, ער האָט געקאָנט לעבן אויף ברויט מיט וואַסער. דער עיקר זענען ביי אים געווען — מידות טובות. ר׳ שמעון האָט צוויי מאָל אין וואָך געפירט שמועסן. דערנאָך האָט יעדער בחור גענומען נאָך צוויי בחורים און זאַלבעדריט האָט מען שפּאַצירט אַהין־און־צוריק און גערעדט ווי אַזוי צו זיין אַ ייד, אַז מען דאַרף זיין אסור מרע ועשי טוב. אַזעלכע שפּאַצירן האָט מען גערופן „בירזשעס״.

יעדן טאָג האָט מען איין שעה געלערנט מוסר. און יעדן ערב ראש חודש האָט מען איינגעאָרדנט איין ועד פון מוסר, די מדריכים האָבן געפירט אינטערעסאַנטע שמועסן. דערנאָך האָט מען געדאַוונט מנחה, מיט התפעלות און גרויס דבקות געזאָגט אבינו מלכנו.

אין די ערשטע יאָרן האָט די ישיבה זיך געפינען אין בית־המדרש. דערנאָך האָט מען איבערן בית־המדרש צוגע־בויט אַ ספּעציעלן בנין פאַר דער ישיבה. די גאַנצע געביידע איז פאַר אונדז, ווישקאָווער, געווען ווי אַ בית־המקדש... פאַרשטייט זיך, אַז אויף דעם אַלעמען האָבן געשיקט געלט אונדזערע בני־העיר אין אַמעריקע.

אויך ר׳ אברהם ציטרין פלעגט האַלטן זייער שיינע דרשות מיט טרעפלעכע משלים און פיל משפיע געווען אויף די בעלי־הבתים, וואָס פלעגן קומען הערן אים רעדן. איין בעל־הבית האָט שטאַרק געוואָלט אים האָבן פאַר אַן איידעם — און מצליח געווען. ער האָט אים איינגעאָרדנט און געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד. ר׳ אברהם איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן. מען גיט איבער, אַז איידער די מערדער האָבן אים דערשאָסן, האָט ער צו זיי געהאַלטן אַ שווערע באַשול־דיקונגס־רעדע און זיי פאָראויסגעזאָגט אַ שלעכן סוף, ווייל זיי האָבן אָנגעהויבן מיט יידן. ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם. יהיה זכרו מבורך!

שבועות ביינאַכט איז די גאַנצע ישיבה געווען אויף דער וואַך. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געלערנט מיט התמדה און געזאָגט תיקון שבועות. 4 פאַרטאָג איז מען געגאַנגען אין מקוה אַריין און דערנאָך האָט מען געדאַוונט מיט גרויס התפעלות. נאָכן דאַווענען האָט מען געמאַכט אַ קידוש און עס זענען אַוועק ריקודים מיט אַזאַ ברען, אַז יעדן איינעם האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין דעם מאָמענט רעדט מיט אים דער בורא עולם אַליין... פון 12 ביי טאָג ביז 5 פאַרנאַכט האָט מען גערוט, דערנאָך איז מען געקומען אין ישיבה, געדאַוונט

מנחה און ווידער פאַרברענגט ביים לערנען. מיט די שביעות־פייערונגען אין דער ישיבה האָבן אָנגעפירט: ר׳ אברהם ציטרין, ר׳ נח סטאָלנער און ר׳ שמעון חפץ.

אַז ס׳איז אונטערגעקומען דער חודש אלול, איז אין ישיבה שטאַרקער געוואָרן דער רוח המוסר. מען האָט מערער גע־לערנט שערי התשובה, מסילת ישירים, אורחת צדיקים און חובת הלבבות. מ׳האָט געזאָגט התעוררות און דערביי פאַר־לאָשן די ליכט, כדי יעדער זאָל קאָנען מאַכן מיט זיך



„בית־יעקב״ שול פון אגודת ישראל
ביה״ס „בית יעקב״ של אגודת ישראל

אַ חשבון־הנפש און זיך אויסוויינען פאַרן בורא עולם... מען האָט ממש געפילט דעם זיך דערנענטערנדיקן יום־הדין און אַז דער ניצוץ הקדושה צעפלאַקערט זיך מיט מער קראַפט.

מיט א באַזונדערער טרייקייט צו דער ישיבה האָבן זיך אויסגעצייכנט אַ ריי עסקנים, בראש מיט אברהם לערמאַן ז״ל. ער האָט געזאָרגט פאר די משפחות פון די ראשי־הישיבה און פון די רבנים וואָס האָבן דאָרט געלערנט. א. לערמאן האָט איינגעשטעלט עטלעכע גרופּן פון רעליגיעזע יידן, וועלכע פלעגן זאמלען וואָכן־געלט פאַר דער ישיבה, ביי פאַרשידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. און אַז עמעץ האָט נישט געקאָנט גיין אויף דער זאַמל־אַקציע, פלעגט אברהם לערמאַן אים פאַרטרעטן נישט נאָר מיטן באַזוכן די היימען, נאָר אויך — מיטן צולייגן פון זיין קעשענע גאַנץ באַדייטנדיקע סומען, ווען זיי האָבן צוגע־פעלט. און געפעלט האָט שטענדיק...

דאָס איינגעזאמלטע געלט פלעגט ער אַוועקטראָגן צו די פרויען פון די ראשי־הישיבה, זיי זאָלן צוגרייטן שבת. נישט איינמאָל האָט דער ראש־הישיבה, ר׳ שמעון חפץ, געזאָגט:

— ר׳ אברהם, גאָט זאָל אייך שטאַרקן פאַר דעם וואָס איר טוט פאַר אונדז. ווען נישט אייער איבערגעגעבנקייט, ווער ווייסט, ווי מיר וואָלטן, חלילה, אויסגעזען. אין אַלע שווערע מאָמענטן קומט איר צו הילף. מיר וועלן דאָס שטענדיק געדענקען!

אַ דאַנק דער טעטיקייט פון אַזעלכע יידן, איז מעגלעך געווען אומגעשטערט צו דערהאַלטן די ישיבה אין ווישקאָוו און זיכערן די בחורים לימוד תורה.

אויף צו פאַרהערן און עקזאַמינירן די ישיבה־בחורים זענען געקומען קיין ווישקאָוו: ר׳ דוד באָדניק, ר׳ חיים סטעטשינער, ר׳ הלל וויטקינד. צו די בחינות האָט מען זיך געגרייט יום ולילה, יעדנס אַמביציע איז געווען צו באַקומען אַ גוטע תעודה.

אַזאַ איז געווען די ווישקאָווער ישיבה.

# די שומרי שבת אין שטעטל

אריה שטעלונג
בוענאָס־איירעס

אין יאָר 1922 איז אין װישקאָװ געגרינדעט געװאָרן די חברה שומרי־שבת, אין װעלכער מיין פאָטער, חיים־הענעך ז״ל, איז געװען איינער פון די אַקטיװוסטע מיטגלידער. זייער אויפגאַבע איז געװען: אַכטונג געבן מ׳זאָל נישט מחלל־שבת זיין אין שטעטל.

איך האָב דאַן געאַרבעט און געװוינט אין װאַרשע. פון צייט־צו־צייט פלעג איך באַזוכן מיינע עלטערן און משפחה. צו קומען קיין װישקאָװ איז מיר אַמבאַקװעמסטן געװען מיט דער באַן, װייל זי פלעגט קורסירן צװיי מאָל אין טאָג: אינדערפרי און פאַרנאַכט.

איינמאָל בין איך אָנגעקומען פרייטיק פאַרנאַכט אין שטעטל. ס׳איז שוין געװען אַ 5 מינוט נאָך ליכט־צינדן. מיין פאָטער האָט געװוסט, אַז כ׳װעל אָנקומען מיט „אַ שטאָך אין שבת״, האָט ער אָנגעזאָגט דער מוטער, זי זאָל מיטן עסן נישט װאַרטן אויף אים, נאָר גלייך װי כ׳װעל אָנקומען, זאָל זי מיר געבן אָפּצועסן, אַז װען ער קומט פון דאַװענען, זאָל ער מיט מיר, דעם מחלל־שבתניק, נישט דאַרפן זיצן ביי איין טיש...

אַזוי איז טאַקע געשען. מיין מוטער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט, װייל מיר האָבן זיך נישט געזען אַ לענגערע צייט. זי האָט מיר געװאָלט געבן אָפּצועסן, דערציילנדיק דערביי די גאַנצע געשיכטע. איך האָב בשום אופן נישט געװאָלט מסכים זיין: ס׳טייטש, אַ זון קומט צו עלטערן אויף שבת און זאָל נישט עסן מיט אַלע ביי איין טיש? זעענדיק מיין איינגעשפּאַרטקייט, האָט מיר די מוטער געגעבן אַן עצה, כ׳זאָל זיך שוין אַװעקשטעלן דאַװענען און ענדיקן אַקוראַט, װען דער טאַטע װעט קומען פון שול — און דאַן אים געבן „שלום״. מעגלעך, אַז אַזוי װעל איך אים מפייס זיין. מיין טאַטע איז אָבער געװען צו איינגעשפּאַרט און דערצו נאָך — אַן איבערגעגעבענער מיטגליד פון דער חברה שומרי־שבת, און האָט נישט געקאָנט זיך דערלויבן אָפּצוװייכן פון דעם באַשלוס נישט צו געבן קיין „שלום״ און נישט עסן שבת ביי איין טיש מיט מחלל־שבתניקעס. אויסרוקנדיק זיך שמונה־עשרה, בין איך צוגעגאַנגען צום טאַטן און אים דערלאַנגט די האַנט, האָט ער זי געלאָזט הענגען אין דער לופטן און דערביי צוגעגעבן, אַז לויטן דין טאָר ער נישט געבן קיין „שלום״ אַ מחלל־שבתניק. מיין מוטער האָט ער באַפוילן, זי זאָל מיר געבן באַזונדער עסן.

דאָס האָט מיך שטאַרק אויפגערעגט און כ׳האָב פאַרלאָזט די שטוב. אָבער װוהין גיין?

אין שטעטל האָבן אויך געװוינט מיינע צװיי עלטערע ברידער, ביידע פאַרהייראַטע: משה (דער עלטערער) און יעקב. כ׳האָב באַשלאָסן אויך צו זיי נישט אַריינצוגיין. כ׳האָב זיך אַ שטיקל צייט אַרומגעדרייט אויף דער גאַס און דערנאָך אַװעק צו אברהמל מאַרקוסכאַמער, װעלכער האָט געהאַט אַ רעסטאָראַן. צו אים פלעגן קומען מיטגלידער פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, דער עיקר — בונדיסטן, װייל ער אַליין איז געװען אַ בונדיסט.

אַריינקומענדיק צו אברהמלען אין אַ צייט, װען אין אַלע שטובן איז מען געזעסן ביי דער פרייטיקצונאַכטס־סעודה, האָט ער זיך שטאַרק פאַרװוּנדערט. כ׳האָב אים באַלד אויפגעקלערט די סיבה פון מיין װיזיט. ער מיט זיין פרוי האָבן מיך אויפגענומען מיט גרויס פרייד און מיך אַװעקגעזעצט עסן מיט זיי צוזאַמען. כ׳האָב זיי דערנאָך געװאָלט באַצאָלן (דאָס איז דאָך געװען זייער פרנסה), אָבער זיי האָבן ביי מיט נישט געװאָלט קיין געלט. (ער װוינט היינט אין מעקסיקע און איך שיק אים איבער מיין דאַנק).

דערנאָך בין איך אַרויס אין גאַס אָפּזוכן מיינע חברים: זינדל עלבוים, אברהמקע בורשטיין, איטשע שייקע און אַנד. (זיי זענען אַלע אומגעקומען אין די יאָרן 1939—45).

אַ שפּאַציר אויף דער װישקאָװער בריק אין אַ זומער־נאַכט, האָט אין זיך געהאַט אַ סך פאַרגעניגנס. ס׳האָבן אָבער געשטערט די שומרי־שבתניקעס, װעלכע זענען יעדן איינעם פון אונדז נאָכגעגאַנגען װי אַ שאָטן, קאָנטראָלירט צי מען רויכערט נישט קיין סיגאַרעטן. און מיך האָבן זיי געכאַפּט רויכערן. צומאָרגנס שבת, ביי שחרית אין גערער שטיבל, װוּ מיין פאָטער האָט געדאַװנט, האָבן זיי אים איבערגעגעבן, אַז איך, זיין זון, האָב גערויכערט פרייטיק־צו־נאַכטס. מיין פאָטער האָט עס אָפּגעלייקנט, װייל ער האָט געדענקט, אַז איך רויכער נישט...

מוצאי־שבת האָט אין װישקאָװ געשפּילט טעאַטער. דוכט זיך, אַז יעקב װייסליץ מיט זיין טרופּע. די פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען אין פייערלעשער־זאַל און דער פאָרפאַרקויף פון בילעטן — אין „סאַלאָן״ פון די פייערלעשער, װאָס האָט זיך געפינען קעגנאיבער דעם גערער שטיבל.

שבת אינדערפרי האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין חברטע שרהטשע בזשאָזאַ (כיל בזשאָזעס שװעסטער). ביידע זענען מיר אַװעק אין „סאַלאָן״ קויפן בילעטן. דאָרט איז שוין געשטאַנען אַ שומר־שבתניק — מיינער אַ געװעזענער מלמד. ער שטעלט מיך אָפּ מיט אַ פראַגע:

— װוּהין גייסטו, אריה?

— כ׳גיי זיך דערװויסן װעגן היינטיקן טעאַטער.

ער לאָזט מיך אָבער נישט אַריינגיין, כאַפּט מיך אָן פאַר ביידע לאַצן און האַלט פעסט. מיר איז אויסגעקומען לאַנג זיך צו אַמפּערן אויף אַרויסרייסן זיך פון זיינע הענט.

פאַרשטענדלעך, אַז די געשעעניש איז באַלד איבערגעגעבן געװאָרן אין גערער שטיבל, װוּ מיין פאָטער האָט זיך געפינען.

אַזוי איז אַדורך דער שבת. אויף טריט און שריט איז מיר אויסגעקומען זיך צו אַמפּערן מיט די שומרי־שבתניקעס.

אויך די צװייטע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן אין דער היים, נאָר ביי מיין ברודער. זונטיק גאַנץ פרי איז מיין פאָטער געקומען אַהין און געװאַרט ביז כ׳װעל זיך אויפכאַפּן פון שלאָף. דערנאָך איז ער צו מיר צוגעגאַנגען און מיר דערלאַנגט די האַנט אויף „שלום״. כ׳האָב זיך דאַן געװויצלט, אַז אייגנטלעך טאָר איך אים די האַנט נישט געבן, װייל ס׳איז... זונטיק. מיר זענען אַװעק אַהיים. ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער האָט אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען.

מיין פאָטער האָט געהערט צו די לומדים, געװען אַ קלוגער מאַן און געהאַט פיל סענטימענטן פאַר זיין פאַמיליע. נישט איין עװלה האָט ער פאַרשװיגן. ס׳האָט אים זייער װיי־געטאָן דער גאַנצער אינצידענט. אויך מיין מוטער האָט געהאַט פיל עגמת־נפש, װאָס איר זון, קומענדיק אַלס גאַסט פון װאַרשע, האָט געמוזט עסן ביי פרעמדע טישן. מיין פאָטער האָט מיך געבעטן, כ׳זאָל אים צוליב טאָן און אין שבת מער נישט קומען קיין װישקאָװ...

# דער חרם

ברוך ישמח
בוענאָס־איירעס

אין אַ האַרבסטיקן אָוונט אין יאָר 1925 (אָדער 1926) איז אין גרויסן בית־המדרש, ביי אָנגעצונדענע שוואַרצע ליכט, דערקלערט געוואָרן אַ חרם קעגן אַ חשובן באַלעבאַטישן ייד אין שטאָט. די דאָזיקע געשעעניש האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרודערונג. איז עס דאָך געווען דער ערשטער פאַל פון אַ חרם אין דער געשיכטע פון ווישקאָוו; צווייטנס, האָט דער ייד געהאַט גרויסע פאַרדינסטן אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט: ער איז געווען פאָרזיצער פון קאָמיטעט אויסצוהאַלטן די ישיבה פון די ליטווישע יונגעלייט, וואָס זענען אין די מלחמה־



„צעיר' מזרחי"

יאָרן 1914—1918 פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע היימשטעט. זיי זענען שוין געבליבן אין ווישקאָוו. דער אויבנדערמאָנטער ייד האָט עס געזאָרגט פאַר די ישיבה־בחורים זיי זאָלן האָבן אַלץ אין וואָס זיי האָבן זיך גענייטיקט.

אין שטעטל האָט מען ברייט און פאַרשידנאַרטיק קאָמענטירט די געשעעניש. שווער געווען צו גלויבן, אַז הרב מאָרגענשטערן וועט אָנווענדן אַזאַ האַרבן פסק־דין.

די געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ... שידוך. אַ זון פון דערמאָנטן ייד האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון דעם שכנותדיקן שטעטל מאַלקין. די כלה איז געווען זייער אַ שיינע. אין די ערשטע צייט האָט דאָס יונגע פאָרל געלעבט גליקלעך. אָבער דערנאָך איז דער שלום־בית צעשטערט געוואָרן. די קריגערייען זענען געוואָרן אָפטערע און שאַרפערע. ביז דער יונגערמאַן איז אַוועק פון דער היים. ממש אַלץ איבערגעלאָזט. די פרוי, פאַרשטייענדיק אַז דער מאַן איז פון איר אַנטלאָפן, האָט אַלאַרמירט אירע קרובים אין שטאָט, וועלכע זענען געווען נאָענט צום רב. דער רב האָט באַשלאָסן צו רופן צו אַ דין־תורה דעם פאָטער פון אַנטלאָפענעם מאַן. זיי האָבן פון אים געפאָדערט ער זאָל צוריקברענגען זיין זון. טראָץ זיינע טענות, אַז ער ווייסט נישט ווו דער זון געפינט זיך און אַז ער איז שוין אַ פוליאָריקער און דערצו נאָך אַ חתונה־געהאַטער, אויך וועמען דער טאַטע האָט נישט קיין השפעה — איז דאָך געפאַלן דער פסק־דין: אין פאַרלויף פון 8 טעג מוז דער פאָטער צוריקברענגען דעם זון און גלייכצייטיק צאָלן דער שנור אַ גרויסע סומע געלט. און אויב דער אורטייל וועט נישט אויסגעפירט ווערן מיט אַלע איינצלהייטן, וועט מען קעגן פאָטער אָננעמען די שטרענגסטע מיטלען.

אויספירן דעם אורטייל איז געווען אוממעגלעך בלויז דערפאַר, וואָס דער זון האָט זיך שוין געפונען אין אויסלאַנד.

אַז עס זענען פאַריבער די 8 טעג, איז ביים רב פאַרגעקומען אַן אסיפה, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצוווענדן די האַרבסטע שטראָף קעגן אַ ייד, וואָס האָט געוואַגט נישט אויספירן אַ רבנישן פסק־דין. אויב אין פאַרלויף פון נאָך 3 טעג ער וועט נישט אויספירן דעם פסק־דין — ווערט ער אַריינגעלייגט אין חרם...

דער פאַרמשפּטער ייד, פונקט ווי דער רוב יידן אין שטעטל האָבן נישט געגלויבט, אַז דער האַרבער פסק וועט אָנגעווענדעט ווערן מיט דער פולער קראַפט. דערפאַר איז ער פרייטיק־צו־נאַכטס, ווי דער שטייגער, געגאַנגען אין גרויסן בית־המדרש מקבל־שבת זיין. ווי נאָר ער האָט זיך דערנענטערט אויף זיין שטענדיק אָרט (די „שטאָט"), האָט ער מיטאַמאָל דערהערט דריי קלעפּ אין בעלעמער. אַ סימן, אַז מען וויל אויסרופן עפּעס וויכטיקס. און ס'האָט זיך גלייך דערהערט די שטים פון שמש:

— היינט וועט מען נישט מקבל־שבת זיין, ווייל דער בעל־חרם געפינט זיך אין בית־המדרש. מ'טאָר נישט שטיין אין זיינע ד' אמות!...

דער צעשראָקענער עולם איז זיך צעלאָפן אַהיים. דער ייד, אַ צעבראָכענער און דערשלאָגענער, איז אַליין אַהיימגעגאַנגען. דער שבת אין שטעטל איז געווען אַ פאַרשטערטער נישט נאָר פאַרן פאַרמשפּטן, נאָר פאַר פיל פיל יידן. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים: איינער וואָס האָט געהאַלטן מיטן רב און אַ צווייטער וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם אומגערעכטן אורטייל. עס האָבן זיך אויך געפינען מענטשן, וואָס האָבן געזוכט אַ וועג בטל צו מאַכן דעם חרם און אויסגלייכן די צדדים. זיי האָבן אַפילו געוואַגט איינאָרדענען ביי דעם ייד אַ מנין אין זיין שטוב, און נאָכן דאַווענען דאָרט דעם ערשטן שבת און אויסטרינקען אַ „לחיים" — איז דער חרם בטל געוואָרן...



גרשון־ברוך, דער מילך־ און עופות־הענדלער אויפן מאַרק
גרשון־ברוך, המוכר בשוק חלב ועופות

# באגראָבן הינטערן פלויט...

י. מ. צעמבאַל
בוענאָס־איירעס

.1

אין יאָר 1926 האָבן די שומרי־שבת, מיטן אָרטיקן רב בראש, זיך דערמאָנט, אַז מ'דאַרף אַרויס אין קאַמף מיט די אַפיקורסים. ווייל אויב אַזויפיל יידן שטאַרבן, אָדער אַז אַ סך קליינע קינדער גייען אַוועק פרי פון דער וועלט, איז עס אוודאי צוליב די זינד פון די דאָזיקע אַפיקורסים...

ס'איז גערופן געוואָרן אַן אַסיפה ביים רב אין שטוב. דאָרט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דעם ערשטן שבת חזון זאָל דער רב האַלטן אַ דרשה קעגן די אַפיקורסים. און אַזוי איז טאַקע געשען. איידער מ'האָט אַרויסגענומען די ספר־תורה צום לייענען, איז דער רב אַרויף אויפן בעלעמער, געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש און אויסגערופן:

— יידן, ס'ברענט!

אויפן דאָזיקן רוף איז אַנטשטאַנען אַ גרויס גערודער. יידן האָבן אויף שנעל אָנגעהויבן איינצולייגן זייערע טליתים און זיך שטופּן צום אַרויסגאַנג. די טירן זענען אָבער געווען פאַרמאַכט. דער ערשטער גבאי פון שטעטל, יחיאל־מאיר, האָט באַרואיקט די דערשראָקענע יידן:

— לויפט נישט! עס ברענט טאַקע, אָבער נישט אויף דער ערד, נאָר אין די הימלען. הערט זיך צו צום רבס רייד. ווּ לויפט איר?

און דער רב? שטייענדיק אויפן בעלעמער, האַלט ער אין איין איבערחזרן די ווערטער:

— יידן, ס'ברענט! עס דראָט מיט אַ מגיפה. זי האָט זיך שוין אַריינגעכאַפּט אין כשרע יידישע שטובן. וואָס טוט מען? די אַפיקורסים לעבן אַ גוטן טאָג און פאַרשפּרייטן די מגיפה אויף טריט און שריט. איך וויל נישט ליגן אויפן בית־עולם נעבן אַזעלכע אַפיקורסים. מיר דאַרפן נישט האָבן אַזעלכע שכנים אויפן עולם־האמת. מ'טאָר זיי אויפן יידישן בית־עולם נישט אַרויפלאָזן. דעריבער דאַרף מען אויפן בית־עולם אָפּצוימען אַ שטיקל פּלאַץ פאַר די דאָזיקע ימח־שמור־ניקעס — און דאָרט זאָלן זיי באַגראָבן ווערן. מאָרגן, זונטיק אינדערפרי, דאַרפט איר גלייך נאָכן דאַווענען קומען אויפן בית־הקברות, ווּ מיר וועלן אַדורכפירן די אָפּצוימונג. אין דעם זכות וועלן מיר אַלע געהאָלפן ווערן און דערלעבן ביז ימות המשיח, במהרה בימינו ונאמר אמן. איצט לאָמיר אַרויסנעמען די הייליקע תורה פון ארון־קודש און לייענען די פּרשת השבוע.

צומאָרגנס, נאָכן דאַווענען, איז דער רב, צוזאַמען מיט נאָך אַ מנין יידן און אייניקע גבאים פון דער חברה קדישא, אַוועק צום בית־עולם. זיי האָבן דאָרט אָנגעצייכנט אַ קרייז, נישט ווייט פון פּלויט, אויסגעגראָבן קליינע גריבלעך און אַריינגעהאַקט דרענגער. דעם פּלאַץ האָבן זיי אַרומגעצוימט מיט אַ דראָט און אַריינגעשטעלט אַ קליין ברעטל מיט אַן אויפשריפט:

זה המקום בשביל מחללי שבת

נאָכן אָפּזאָגן עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים און קדיש — זענען זיך אַלע פונאַנדערגעגאַנגען מיט דער איבערצייגונג, אַז מ'האָט אָפּגעטאָן אַ הייליקע אַרבעט און אָרנטלעכע יידן, וואָס זענען שוין געווען שוכני עפר, ווי אויך די וואָס וועלן שטאַרבן — וועלן נישט דאַרפן ליגן בשכנות מיט די אַפּי־קורסים...

ס'איז איצט געווען אַ רעאַלע געפאַר, אַז די וועלטלעכע יידן זאָל טאַקע אויסקומען צו ליגן אויסערן פּלויט. האָבן זיי באַשלאָסן — — — נישט צו שטאַרבן. די צייט איז זיך רואיק געפלאָסן, דאָס גראָז פונעם אָפּגעזונדערטן פּלאַץ איז געוואָרן אַלץ העכער און אינגאַנצן פאַרשטעלט דאָס אָנגע־קלאַפּטע ברעטל מיטן אויפשריפט. די חברה קדישא איז, נעבעך, געבליבן אָן אַרבעט...

.2

צו מיר אין שטוב פלעגט קומען אַ גרופּע חברים, טוער פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן" און פון ספּאָרט־קלוב „שטערן". איך בין דאַן געווען פאָרזיצער פון דער דערמאָנטער געזעלשאַפט, פאַרוואַלטער פון ספּאָרט־קלוב און אינסטרוקטאָר פון גימנאַסטישע איבונגען. צווישן דער גרופּע האָט זיך אויך געפונען אַ מיטגליד פון רוזשאַנער ספּאָרט־קלוב, וועלכער האָט געאַרבעט אַלס בעקער ביי אַ ווישקאָווער ייד.

אויף אַזעלכע צוזאַמענטרעפן פלעגן מיר באַטראַכטן פאַר־שידענע געזעלשאַפטלעכע ענינים. איינמאָל איז מען געקומען אויך צום ענין פון אָפּגעצוימטן פּלאַץ אויפן בית־עולם. רופט זיך אָן דער רוזשאַנער חבר:

— אויב ס'וועט אויסקומען צו פירן אַ קאַמף, ווּ דיך, חבר צעמבאַל, צו לייגן — וועל איך מיין קאָפּ געבן און נישט לאָזן דיך קובר זיין אויפן אָפּגעצוימטן פּלאַץ. (דער רוזשאַנער חבר איז געווען אַ הויכער און פיזיש שטאַרקער מאַן).

איך האָב געענטפערט אין שפּאַס, אַז אויב ער וועט שטאַרבן, וועל איך, אַלס פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט, אים איינאָרדענען אַ פיינע לוויה און נישט דערלאָזן אים באַגראָבן הינטערן פּלויט.

.3

עס זענען ווידער אָפּגעלאָפן וואָכן און חדשים. די אַפּי־קורסים האָבן בכלל פאַרגעסן, אַז אויפן בית־עולם געפינט זיך אַן אָפּגעזונדערטער פּלאַץ. די טעטיקייט פון אונדזער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן" האָט זיך געהאַלטן אין איין אויס־ברייטערן. יעדן שבת אינדערפרי, ווען פרומע יידן זענען געווען אין די בתי־מדרשים און געדאַוונט, זענען מיר אַרויס אין וואַלד, געפירט שמועסן און גימנאַסטישע איבונגען. נאָכן עסן איז מען אַוועק אין לאָקאַל פון דער געזעלשאַפט, ווּ מ'האָט אָפּגעהאַלטן זיצונגען און באַהאַנדלט פאַרשידענע פראַגן פון קולטורעלן, געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן כאַראַקטער. ס'זענען אויך פאָרגעקומען פאָרלעזונגען. דערנאָך זענען מיר אַוועק אין וועלדל, אָפּגעהאַלטן שמועסן. צום סוף האָט מען זיך פאָרמירט אין רייען און אַריינמאַרשירט אין שטעטל.

איינמאָל, אין אַ פרייטיקדיקן טאָג, ווען די היץ איז געווען שטאַרק, האָט דער דערמאָנטער בעקער, נאָכן אָפּאַרבעטן דאָנערשטיק אַ גאַנצע נאַכט, באַשלאָסן זיך אויסצובאָדן אין בוג נעבן דער בריק, ווּ דער וועג צעשיידט זיך אין צוויי ריכטונגען: איינער קיין וואַרשע, דורך ראַדזימין, און דער צווייטער — קיין לאָכאָוו—ביאַליסטאָק.

אין דער זעלבער צייט בין איך אַוועק צו מיין מוטער.

וועלכע האָט זיך דאַן געפינען אויף זומער־וווינונג אין אַ דאָרף נישט ווייט פון ווישקאָוו. זי איז געווען אַ פרומע יידענע, נאָר אַלס אַרבעטער־פרוי האָט זי זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע שמועסן, וואָס מיר האָבן געפירט אין אונדזער שטוב. דערפאַר האָט מען זי גערופן „די מוטער פון די צעמבאַליסטן". דער רב פלעגט זי נישט איינמאָל אויסשטראָפן צוליב איר אָנטייל אין אונדזער טעטיקייט — אָבער זי האָט אים נישט געפאָלגט.

כ'האָב זיך דאַן פאַרזוימט ביי מיין מוטער אין דאָרף. ערשט פאַרנאַכט בין איך צוריקגעקומען אין שטעטל. צוקומענדיק צו דער בריק, האָב איך באַמערקט אַ גרויסע צאָל מענטשן, וועלכע קוקן אַראָפּ אויפן וואַסער. מיר איז באַלד באַוווּסט געוואָרן, אַז אונדזער חבר, דער בעקער, איז דערטרונקען געוואָרן. יידישע פישער האָבן געזוכט זיין טויטן קערפּער. דערווייל איז אָנגעקומען אַ שליח פון רב, וועלכער האָט באַפוילן די יידישע פישער אויפצוהערן זוכן, ווייל ס'לוינט נישט מחלל־שבת זיין צוליב אַן אַפּיקורס...

כ'האָב גלייך צונויפגערופן אַ געמיינזאַמע זיצונג פון די פאַרוואַלטונגען פון דער געזעלשאַפט אָוונט־קורסן און פון ספּאָרט־קלוב. מ'האָט באַשלאָסן וואָס שנעלער אויפצוזוכן דעם טויטן קערפּער, ווי אויך זיך ווענדן צו די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען וועגן דערקלערן אַ שטרייק אין דער צייט פון דער לוויה, וועלכע וועט דורכגיין איבער דער שטאָט. מ'האָט זיך אויך באַדאַרפט פאַרשטענדיקן מיטן חברס פאַמיליע, וועלכע האָט געוווינט אין אונדזער שטעטל — זיינס אַ שוועסטער און שוואָגער. די לוויה האָבן מיר באַשלאָסן אַליין אַדורכצופירן און נישט דערלאָזן, אַז חברה־קדישא זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען. ס'איז געווען קלאָר, אַז דער רב וואַרט אויפן ערשטן אַפּיקורס, וועלכער זאָל אַריינפאַלן אין זיינע הענט, כדי אים קובר זיין אויפן אָפּגעצוימטן פּלאַץ, הינטערן פּלויט...

שבת אינדערפרי האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט מיט די פוילישע פישער פון דאָרף ריבניקי, זיי זאָלן פאַרלייגן נעצן, כדי דער טויטער קערפּער זאָל נישט אַוועקשווימען צו ווייט. מיר האָבן זיי דערפאַר צוגעזאָגט אַ באַלוינונג. דעם טויטן קערפּער האָט מען טאַקע געפינען נישט ווייט פון יענעם פישער־דאָרף.

מוצאי־שבת האָט דער רב צונויפגערופן אַן אסיפה. ער האָט זיך געטראַכט, אַז אַזוי ווי דער אומגעקומענער האָט נישט אין שטעטל קיין קרובים, וועט זיך קיינער נישט קעגנשטעלן דער קבורה הינטערן פּלויט. ער האָט אָבער פאַרגעסן, אַז מיר, דעם בעקערס חברים, וועלן נישט לאָזן דעם רב אַדורכפירן זיינע פּלענער.

זונטיק אינדערפרי האָבן מיר באַצאָלט דעם דאָקטאָר ווייכערט און אים אַוועקגעשיקט מיט אַ בריטשקע, צוזאַמען מיטן פּאָליציי־קאָמיסאַר, ער זאָל אַרויסגעבן אַ טויטן־שיין. מיט דער שוועסטער פון דערטרונקענעם האָבן מיר אָפּגערעדט, זי זאָל אונדז דערלויבן אַדורכפירן די באַערדיקונג. מיר האָבן איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב דער טויטער קערפּער וועט איבערגעגעבן ווערן דער חברה־קדישא, וועט זי אים קובר זיין אויפן אָפּגעצוימטן אָרט, בעת מיר וועלן איינאָרדענען אַ שיינע לוויה און אים לייגן דאָרט ווו אַלע יידן. זי האָט געגעבן איר הסכמה.

מיר האָבן זיך אויך געווענדעט צום פּאָליציי־קאָמיסאַר וועגן דערלויבן אַדורכפירן די לוויה. דער סטאַראָסטווע־אַמט האָט זיך געפינען אין פּולטוסק — און זונטיק אַרבעט מען נישט דאָרט.

דער רב פון זיין זייט האָט גערופן די שוועסטער פון פאַרשטאָרבענעם און איר צוגעזאָגט אַ גאָלד־שטיצע, ווי אויך אַ סך... עולם הבא. גערופן אויך דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר, אים אַריינגעשטעקט אין יד אַריין און געבעטן נישט דערלויבן דעם לוויה־צוג אַדורכגיין איבער דער שטאָט, ווייל דאָס קאָן אַרויסרופן אַ מגיפה צוליבן טראָגן דעם טויטן קערפּער אויף אַ מיטה! צוליב היגיענישע טעמים דאַרף דער קערפּער זיך געפינען אין דער פאַרמאַכטער עגלה פון דער חברה קדישא (און אַז זי וועט אונדז נישט געבן איר וואָגן, איז ער דאָך געווען זיכער).

דער קאָמיסאַר האָט צוליבן געטאָן דעם רב. ווען דער לוויה־צוג איז צוגעקומען צו דער שטאָט, האָט דער קאָמיסאַר דערקלערט, אַז ער דערלויבט נישט דורכצוגיין דורך דער שטאָט, ווייל דאָס באַדראָט דער באַפעלקערונג, סיידן מיר וועלן דעם טויטן קערפּער פירן אין אַ פאַרמאַכטן וואָגן. די לוויה האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ דעלעגאַציע איז אַוועק צו דער חברה־קדישא, פאָדערנדיק אַרויסצוגעבן די עגלה. זיי האָבן אָפּגעזאָגט און פון אונדז פאַרלאַנגט זיי אַרויסצוגעבן דעם בר־מינן — זיי וועלן אים שוין קובר זיין. האָבן מיר פון קאָמיסאַר געפאָדערט איינס פון די ביידע: אָדער ער צווינגט די חברה־קדישא אונדז געבן דעם וואָגן, אָדער ער דערלויבן אַדורכצוגיין איבער דער שטאָט. דער קאָמיסאַר האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן, ווייל ס'ערשטע מאָל האָט ער געזען אין ווישקאָוו אַזאַ ריזיקע לוויה, מיטן אָנטייל פון מאַסן מענטשן. ער האָט דעריבער באַפוילן דער חברה־קדישא אַרויסצוגעבן די עגלה.

דערווייל איז צום רב דערגאַנגען די ידיעה וועגן דער גרויסער לוויה. ער איז אַרויס אויפן באַלקאָן צו זען זי מיט די אייגענע אויגן. מיר זענען מיט דער עגלה פאַרביי זיין וווינונג — מיט אויפגעהויבענע און געבאַלטע פויסטן...

ביים בית־עולם האָבן מיר די טויערן געטראָפן פאַרמאַכט. צוויי מענטשן פון דער חברה־קדישא זענען געווען אין טהרה־שטיבל. מיר האָבן פון זיי פאַרלאַנגט די שליסלען פון טויער. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. מיר זענען ווידער געווען געצוווּנגען צו אינטערווענירן ביים קאָמיסאַר און אויף זיין באַפעל האָט מען געעפנט דעם טויער. עטלעכע חברים פון לוויה־קאָמיטעט זענען אַרויף אויפן בית־עלמין, אָפּגעקליבן אַן אָרט און גענומען גראָבן דעם קבר. מיר האָבן געוווּסט, אַז אַן אויסגעגראָבן קבר טאָר מען נישט צוריק פאַרשיטן, ביז מ'איז נישט עמעצן אין אים קובר.

דער קאָמיסאַר האָט דערווייל פאַראָרדנט דער אַנוועזנדער פּאָליציי אָפּצוהאַלטן די קבורה און איז צוזאַמען מיט דער חברה־קדישא אַוועק צום רב. מ'האָט נאָכאַמאָל גערופן די שוועסטער פון דערטרונקענעם און איר פאַרשפּראָכן, אַז זיי וועלן איר ברודער מאַכן די טהרה, הגם אַ דערטרונקענעם טוט מען דאָס נישט — און אין דעם זכות וועט ער גלייך פליען אין הימל אַריין... זי דאַרף נאָר מסכים זיין, זיי זאָלן אים קובר זיין דאָרט ווו זיי ווילן, ווייל אויב נישט — פאַרלירט זי מיט איר מאַן און קינדער די עולם־הבא.

זי האָט זיך סוף־כל־סוף איינגעבראָכן און אונטערגעשריבן.

ביים אויסגעגראָבענעם קבר האָט מען געוואַרט אויפן פּאָליציי־קאָמיסאַר. דער רב האָט געפּסקנט, אַז אַזוי ווי ימח־שמוניקעס האָבן געגראָבן דעם קבר — איז דער קבר קיין קבר נישט, נאָר אַ גרוב — און אַ גרוב מעג מען פאַרשיטן.

דער קאָמיסאַר איז צוריקגעקומען פון רב און אונדז איבערגעגעבן, אַז די שוועסטער פון פאַרשטאָרבענעם האָט באַפולמעכטיקט די חברה־קדישא קובר צו זיין דעם ברודער. ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן. דעריבער פאַראָרדנט ער צו פאַרחתמענען דעם טויטן קערפּער ביז מאָנטיק אינדערפרי, כדי זיך אָנפרעגן אין דער סטאַראָסטווע ווי אַזוי האַנדלען...

די דעציזיע פון סטאַראָסטע איז געווען: איבערגעבן דער חברה־קדישא דעם טויטן קערפּער, אין איינקלאַנג מיטן ווילן פון דער שוועסטער.

אונטער אַ שטאַרקער פּאָליציי־שמירה, מיט באַגנעטן אויף די ביקסן, איז דער בעקער באַערדיקט געוואָרן הינטערן פּלויט.

דאָס איז געווען אַ נצחון פון די שומרי שבת.

# ווישקאָווער חזנות און כּאָרן

אליהו י. ברוכאַנסקי
תל־אביב

אין יאָר 1921, אויף דער איניציאַטיוו פון דריי ווישקאָווער הויפּט־דאָזאָרעס — פּרעזעס ישראל־יצחק וויסטיניעצקי, וויצע־פּרעזעס שלמה באמאש און עלי־מאיר גאָלדמאַן, איז מיין פאָטער ר׳ חיים מלכיאל ז״ל, וועלכער האָט דאַן געוווינט אין זאַקראָטשים, אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין ווישקאָוו אַלס חזן, שוחט און מוהל.

א טאָג נאָך סוכות איז קיין זאַקראָטשים געקומען עלי־מאיר גאָלדמאַן ז״ל און פאַרענדיקט מיט מיין פאָטער די פאַרהאַנדלונגען וועגן אָננעמען די שטעלע. די פאַרהאַנדלונגען האָבן לאַנג נישט געדויערט. עלי־מאיר האָט איבערגעלאָזט מיין פאָטער אַ גרעסערע סומע געלט אויף רייזע־הוצאות פאַרן כאָר, וועלכן ער האָט באַדאַרפט מיטברענגען קיין ווישקאָוו. ס׳איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז שבת פּרשת לך־לך וועט ער קומען איבערנעמען די נייע שטעלע. ביזן באַשטימטן טערמין דאַרף מיין פאָטער צוגרייטן דעם כאָר פון זאַקראָטשים, אַ 12—15 פּערזאָן יוגנטלעכע און דערוואַקסענע.

צום באַשטימטן טערמין זענען נישט אַלע מיטגעפאָרן. אָבער די וויכטיקסטע מיטגלידער פון כאָר האָבן זיך יאָ צוגעשטעלט. צווישן אַנדערע איז געווען: מיין פעטער (פאָטערס ברודער) ר׳ מנחם ברוכאַנסקי ז״ל, וועלכער איז דאַן געווען חזן אין סעראָצק. ער האָט פאַרמאָגט אַ שיינע באַריטאָן־שטימע; מיין צווייטער פעטער פון לאָמזשע, ר׳ משה ברוכאַנסקי ז״ל, וועלכער איז געווען אַ גוטער זינגער. מיין פעטער משה פלעגט אין די שפּעטערדיקע יאָרן קומען אויף די ימים־נוראים אָנטיילנעמען אין כאָר פון מיין פאָטער.

דעם ערשטן שבת איז דער כאָר באַשטאַנען פון 13 פּערזאָן. מיר האָבן געוווינט ביי ר׳ שלמה באמאש אין שטוב. דער ערשטער אַרויסטריט פון מיין פאָטערס כאָר האָט געמאַכט אַ באַצויבערנדיקן איינדרוק אויף די ווישקאָווער יידן, וועלכע זענען נישט געוווינט געווען צו אַזאַ סאָרט זינגען. זיי זענען ווי פאַרכישופט געוואָרן. יונג און אַלט האָט געהאַלטן אין איין זינגען און איבערחזרן די ניגונים, וועלכע מ׳האָט געהערט דעם ערשטן שבת. כדאי צו באַמערקן, אַז נישט אַנדערש איז אויך געווען אין שטעטעלע זאַקראָטשים. קינדער פון רייכע באַלעבאַטישע עלטערן האָבן זיך געמאָלדן אין כאָר און מיטגעזונגען לאַנגע יאָרן. דאָס חזנות האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדע־זאַך. צווישן אַנדערע האָט זיך ביים כאָר געהאַלטן אַ לאַנגע צייט ר׳ אברהם בזשאָזע פון מאַקאָוו. דאָס איז געווען אַ ייד מיט אַ שיינער טענאָר־שטימע, אַ גוטער סאָליסט. ער האָט דעם כאָר נישט פאַרלאָזט אַזוי לאַנג, ביז ס׳האָבן זיך נישט אויסגעבילדעט נייע זינגער.

נאָכן ערשטן שבת איז באַשטימט געוואָרן איינצואָרדענען אַ חנוכה־קאָנצערט אין דער ווישקאָווער שול. דער כאָר איז איינשטודירט געוואָרן צוזאַמען מיטן אָרקעסטער. אין וועלכן ס׳האָבן געשפּילט הענעך אירליכט און יעקב יאַקובאָוויטש. ביידע זענען זיי געווען באַגאַבטע פידלער. הענעך אירליכט האָט געענדיקט אַ קאָנסערוואַטאָריע און אויך זיך געלערנט ביי אָנגעזעענע פידל־מייסטער.

אינעם חנוכה־קאָנצערט האָבן אויך מיטגעזונגען ווישקאָווער זינגער: שמשון אירליכט, פאַרמאָגט אַ שיינע באַריטאָן־שטימע און געזונגען מיט האַרץ. דער עולם פלעגט זיין אַנטציקט פון זיינע סאָלאָ־געזאַנגען; בערעלע בזשאָזע, מיט זיין אַלט־שטימע, האָט זיך אויסגעצייכנט מיטן זינגען נאָך פון די קינדער־יאָרן. שפּעטער האָט ער שוין געזונגען אַלס טענאָר; ישעיהו גורני, וועלכער איז געווען פון די ערשטע זינגער (טענאָר).

פון די זאַקראָטשימער זענען אין כאָר פאַרבליבן צוויי קינדער: נחמן דאַרעמבוס און יהודה אסתרזאָן. די עלטערע זינגער פון זאַקראָטשים פלעגן קומען קיין ווישקאָוו און פון צייט־צו־צייט אָנטיילנעמען אין כאָר, ווען דאָס איז געווען נייטיק. אין כאָר פלעגט אויך מיטאַרבעטן אַ נאַשעלסקער יינגערמאַן, מיין פאָטערס אַ תלמיד, ר׳ משה בנימין זשעפּקאַ. געהאַט האָט ער אַ באַריטאָן־שטימע און געווען אַ גוטער סאָליסט (ביים היינטיקן טאָג איז ער חזן אין אַרגענטינע).

די דערמאָנטע צוויי קינדער פון כאָר זענען געבליבן אין ווישקאָוו. זיי זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער ווישקאָווער „תרבות"־שול און געגעסן ביי אָנגעזעענע באַלעבאַטים. די דאָזיקע צוויי קינדער זענען מיט אַלעמען געוואָרן באַזאָרגט, אַפילו מיט טאַשן־געלט. זיי האָבן געזונגען עטלעכע יאָר אין כאָר, ביז זייערע שטימעלעך האָבן זיך איבערגעאַנדערשט — און דאַן געמוזט אויפהערן זינגען. דאָס זענען געווען צוויי באַגאַבטע, מוזיקאַלישע קינדער.

דער ערשטער חנוכה־קאָנצערט האָט נישט געקענט פאָרקומען אין באַשטימטן טערמין. ער האָט זיך טאַקע אָנגעפאַנגען צו דער באַשטימטער צייט, אָבער ס׳איז נישט געווען מעגלעך פאָרצוזעצן, צוליב דער גרויסער ענגשאַפט. די נייגעריקייט פון דער שטאָט מיטן קאָנצערט איז געווען אַזוי גרויס, אַז יינג און אַלט איז געקומען אין שול זיך צוהערן. די שול איז געווען צו קליין אויף אַריינצונעמען אַזאַ גרויסן עולם. אין דרויסן איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט, אָבער אינעווייניק איז געווען אַזוי הייס, אַז די פידלען האָבן זיך ממש געווייקט אין וואַסער. צוליב דער שטופּעניש און געדרענג איז געווען אוממעגלעך פאָרצוזעצן דעם קאָנצערט. נאָך ערגער איז געווען אין דער עזרת־נשים. אַלע ווייבער האָבן געוואָלט שטיין ביי די פענצטער און אַריינקוקן אין דער מענער־שול. שייטלעך זענען געפלויגן פון פיל ווייבערישע קעפּ, ס׳האָבן אויך נישט פאַרפעלט קיין פּעטש, קריגערייען און פרויען־קולות. נישט געווען קיין אַנדערע

ברירה, ווי איבעררייסן דעם קאָנצערט און פאַרזעצן אים אויפן צווייטן טאָג. ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן געריי־מער די שול. מ׳האָט אַרויסגעטראָגן אַלע בענק און טישן, כדי ס׳זאָל זיין מער אָרט פאַרן עולם, שטייענדיק. די ווייבער־שול האָט מען צוגעשלאָסן, ווייל די גרעסטע שטערונגען זענען געקומען פון דאָרטן.

דער קאָנצערט איז טאַקע פאָרגעקומען אויפן צווייטן טאָג, ביי אַ פול־געפּאַקטן זאַל. אַלע זענען געשטאַנען, אָבער געווען באַצויבערט פון די שיינע און האַרציקע ניגונים פון כאָר.

דער דאָזיקער קאָנצערט איז געווען די אתחלה פון מיין פאָטערס חזנישער טעטיקייט אין ווישקאָוו. פון דעמאָלט אָן האָט עקזיסטירט אין שטעטל אַ שטענדיקער כאָר, וואָס איז באַשטאַנען פון ווישקאָווער און זאַקראָטשימער יוגנטלעכע. צווישן אַנדערע זענען געווען: איטשע האָלאַנד, פאַרמאָגט אַ שיינע טענאָר־שטימע און געווען אַ גוטער זינגער; אברהם מאַרקוסכאָמער, טענאָר, געזונגען מיט האַרץ און געפיל; ישראל בהרב, טענאָר; קרישטאַל חיים, סאָפּראַן; אברהמל בהרב, סאָפּראַן.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען צוגעקומען: ישראל גראָסבאַרד, באַריטאָן; ישראלקע בראָנשטיין, טענאָר; שמחה נאָוועמינסקי, טענאָר; מאָשקע טויב, טענאָר; דער קליינער מאָטעלע אורליכט, דער יינגערער ברודער פון העניך און שמשון, האָט שוין דאַן אויך געזונגען אין כאָר. ער האָט פאַרמאָגט אַן אַלט־שטימע און געווען זייער מוזיקאַליש. אין יענע צייטן האָט אויך אָנטיילגענומען אין כאָר אַ פּינסקער יינגערמאַן, קאַהאַנאָוויטש (פון די היימלאָזע, ביז זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע); מיין שוואָגער מיכאל בראַמע האָט אויך מיטגעזונגען אין כאָר; יצחק נאַדעל, טענאָר; ישראלקע ראָטבאַרד, באַריטאָן; יצחק־אהרון האָלאַנד, טענאָר.

פון די ערשטע זינגער דאַרף מען נאָך אויסרעכענען: מענדל שטעלונג — אַלט, שולץ פנחס — אַלט און שפּע־טער — באַריטאָן.

אין פאַרשידענע צייטן האָבן אין כאָר מיטגעאַרבעט די

Recz Andante

מוזיק פין אליהו ברוכאנסקי

נאָטן צום קאַפּיטל תהילים „מזמור לשיר", פאַרפאַסט פון אליהו ברוכאַנסקי.
תוים לפרק תה־לים „מזמור לשיר". המלחין: אליהו ברוכנסקי.

ברידער מאַלטשיק. זיי האָבן אָנגעהויבן זינגען אַלס קינדער־סאָפּראַנען און שפּעטער — טענאָר.

לייבטשע שטיינבאַרג האָט אַלס קינד געזונגען סאָפּראַן און דערנאָך טענאָר; מאָסקאָוויטש — סאָפּראַן; די ברידער מאָנדרי — אַלטן; דעם סופרס זון יעקב־יוסף — אַלט; וועלוול יאַקובאָוויטש — סאָפּראַן; דניאל יאַקובאָוויטש — אַלט.

ווען מ׳האָט אין ווישקאָוו אָרגאַניזירט אַ „החלוץ״־אָרגאַניזאַציע, האָב איך אויפגעשטעלט אַ יוגנטלעכן כאָר, וועלכער פלעגט ביי פיל געלעגנהייטן געבן פאַרשידענע קאָנצערטן. אינעם כאָר האָבן שוין אויך אָנטיילגענומען מיידלעך. מיר זענען אויפגעטרעטן אויף הערצל־אַקאַדעמיעס, חנוכה־אָוונטן, ל״ג בעומר־פייערונגען — און אַנדערע ציוניסטישע אונטערנעמונגען.

אין דאָזיקן כאָר האָבן צווישן אַנדערע אָנטיילגענומען: די שוועסטערס יוכבד און גאָלדע פּרוימאָוויטש, סאָפּראַנען; די דריי שוועסטערס בזשאָזאַ (אסתר און רבקה — סאָפּראַנען, יוכבד — אַלט), אַלע דריי מוזיקאַליש־געשטימטע מיידלעך; חוה בלום — סאָפּראַן, פאַרמאָגט אַ שיינע שטימע און גוט געזונגען; ישראל קאַלוסקי — באַריטאָן; נישט זעלטן האָבן אויך מיטגעזונגען, אויף די קאָנצערטן, אייניקע מענער, מיטגלידער פון מיין פאָטערס כאָר. צווישן אַנדערע — אויך העניעך אורליכט.

אין די צייטן, ווען כ׳האָב אין דער „תרבות״־שול געאַרבעט אַלס געזאַנג־לערער, פלעג איך מיט די שילער פון די העכערע קלאַסן איינאָרדענען הערצל־אַקאַדעמיעס, ל״ג בעומר־אָוונטן. די הכנסות פון אַזעלכע אָוונטן זענען געווען באַשטימט פאַר דער „תרבות״־שול.

# די שומרי שבת איז נישט געלונגען

יאסל פּאָפּאָווסקי
בוענאָס־איירעס

אויף דעם רינעק, ביי דער קאָשטשושקאָ־גאַס, איז געשטאַנען דאָס איינשטאָקיקע הויז, ווו ס׳האָט געוווינט הרב מאָרגנשטערן. אין דעם הויז האָט זיך אויך געפינען דער פריזיר־אַנשטאַלט פון חיים בורשטין — אַ קליין שמאָל און לאַנג געשעפט, מיט 3 פאָטעלן פאַר די קליענטן און אַ שמאָלע לאַנגע באַנק פאַר די וואָס האָבן באַדאַרפט וואַרטן.

נאָך חיים בורשטינס טויט, האָט דעם אַנשטאַלט איבערגענומען זיין זון משה־אברהם. די אלמנה מינדל האָט אָבער איינגעזען, אַז איר זון קאָן נישט פירן דאָס געשעפט, האָט זי צוגענומען פאַר אַ שותף מאַרקוס שוואַרץ, וואָס האָט געאַרבעט ביים פעלדשער מאַלאָוואַנטשיק.

איינמאָל, פרייטיק אינדערפרי, קומט שמולע שמש צום פריזירער און בעט אים אַרויפגיין צום רב, כדי אים אָפּצושערן. איך האָב דאַן געאַרבעט אַלס לערן־ייִנגל. שוואַרץ האָט מיר באַפוילן איינצופּאַקן די כלים און אַ ליילעכל און אַרויפגיין. איך האָב זיך געפילט זייער שטאָלץ: כ׳וועל לכבוד שבת אָפּשערן דעם רב אַליין, ר׳ חיים אויספּיץ!

אַרויפקומענדיק אין דער הייך, איז מיר אַנטקעגן געגאַנגען שמולע שמש און מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער נעבן דער קיך. דורך דער אָפענער קיך־טיר האָב איך געזען ווי מען גרייט פאַרשידענע מאכלים, פון וועלכע ס׳האָבן זיך געטראָגן גוטע ריחות. כ׳האָב אין מיין לעבן נישט געפילט אַזאַ געשמאַק. כ׳בין געבליבן שטיין פאַרשיכורט פון די ריחות. מיטאַמאָל דערהער איך:

— וואָס שטייסטו? נעם זיך צו דער אַרבעט.

דאָס האָט מיך אויפגעוועקט פון חלום. איך האָב געזען, ווי מיין קליענט, דעם רבס זון, זיצט און וואַרט איך זאָל אים באַדינען.

כ׳האָב אָנגעהויבן שערן מיט דער מאַשינקע און נישט באַמערקט, אַז די פאות פאַרנעמען זיך פונדערהייך, פון האַלבן קאָפּ. אַז כ׳האָב דערזען אויפן ליילעכל לאַנגע, פאַרדרייטע האָר, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דאָס זענען די פאות. מיינע הענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן, דער קליענט האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען, און אויסגעשריגן:

— מיינע פ א ו ת!

אויף דעם געשריי איז געקומען צו לויפן די רביצין. דערזעענדיק די פאות אין דעם זונס הענט, האָט זי זיך פאַרשטעלט דאָס פנים און אויסגעקרעכצט:

— מיינע אויגן זאָלן דאָס נישט זען, מיין קינדס פאות! וואָס האָסטו געטאָן?

כ׳האָב געציטערט ווי אַ פיש, נישט געקאָנט ענטפערן. נאָכן ענדיקן שערן, האָט מיר די רביצין געזאָגט:

— נאָך שבת קום אַרויף, וועל איך דיר באַצאָלן.

צוריקקומענדיק אין פריזיר־אַנשטאַלט האָט מיין באַלעבאָס געפאָדערט כ׳זאָל אים געבן די עטלעכע גראָשן, וואָס כ׳האָב פאַרדינט. איך זאָג אים, אַז די רביצין האָט מיר נישט באַצאָלט. רופט זיך אָן אַ קליענט, וואָס איז געזעסן אין ראַזורע:

— דער חוב איז אַ פאַרפאַלענער, אונדזער רביצין האָט אַ שווער הענטלע...

ב.

אין שטעטל האָט צו יענער צייט זיך געגרינדעט די חברה שומרי־שבת. אַ געוויסן פרייטיק פאַרנאַכט, ס׳איז שוין געווען 10 מינוט נאָך ליכט־בענטשן, קומט אַ ייִד אין דער ראַזורע און באַפעלט זי צו שליסן — ס׳איז שבת. האָט אים שוואַרץ געענטפערט:

— מיר וועלן נאָר ענדיקן די אַרבעט, וועלן מיר שליסן די ראַזורע.

דער שומר־שבתניק איז אַוועק. איך האָב צוגעמאַכט די דרויסנדיקע טיר. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ צווייטער ייִד און זיך צעשריגן:

— גויים וואָס איר זענט, איר האָט נישט קיין בושה, איר זענט מחלל שבת.

ער האָט אַ זעץ געגעבן אין דער טיר און איז אַוועק.

אַביסל שפּעטער האָט זיך באַוויזן אַ גרופּע ייִדן, בראש מיטן רב מאָרגנשטערן. אייניקע זענען געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג, אַנדערע ווידער, מיטן רב, זענען אַריין אינעווייניק. אַלע צוזאַמען האָבן גערעדט, געשריגן און אַפילו געדראָט מיט די פויסטן. ס׳האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע שטימע פון אַ ייִד:

— אין אונדזער רבינס הויז וואגט איר מחלל שבת זיין?!

אין דעם קליינעם פריזיר־אנשטאלט איז געווארן א גע־פילדער. מארקוס שווארץ האט געפרוווט בארויקן מיט גוטן, נאר אן דערפאלג. זיי האבן נישט געלאזט ענדיקן די ארבעט. שוין אן אויפגערעגטער האט שווארץ באפוילן, איך זאל רופן א פאליציאנט. כ'האב זיך קוים דורכגעשטופט דורך אלע, ארויס אין גאס און גערופן דעם הויכן סאבאלעווסקי, וואס איז גראד געשטאנען נעבן מאנדריס שענק.

ווען סאבאלעווסקי איז צוגע־קומען, האט ער געהייסן זיך פונאנדערגיין. שווארץ האט אים געפרעגט, ווי שפעט מעג זיין אפן די ראזורע? פארוואס זענען זיי געקומען שטערן אין דער ארבעט? ס'איז ווידער געווארן א טומל. דער פאליציאנט האט איינגעזען, אז מיט גוטן וועט ער די יידן נישט בארויקן, האט ער זיך גע־נומען צום ביכעלע, כדי פאר־שרייבן א שטראף. ער האט זיך אויך געפרעגט: „ראבינא טעזש?" (דעם רבין אויך) — און שווארץ האט געענטפערט „יא".

אין דעם מאמענט האט זיך געעפנט די טיר און ס'האט ארייג־געקוקט א ייד. אז שווארץ האט אים דערזען, האט ער אים אריינ־גערופן און זיך געווענדעט צו סאבאלעווסקין:

— פארשרייבט אים אויך!

דערהערנדיק דאס, האט דער ייד אנגעהויבן ציטערן און זיך געבעטן:

— פאניע שווארץ, איך בין נישט געקומען שטערן, נאר געבן א קוק!

— א קוק קאסט געלט — ענטפערט שווארץ.

סאבאלעווסקי האט אויך אים פארשריבן און באפוילן זיך פונאנדערגיין. מיר האבן בשלום פארענדיקט די ארבעט.

אין עטלעכע טעג ארום האט יעדער שומר־שבתניק בא־דארפט באצאלן די שטראף: 11 זלאטעס.

דעם אנדערן פרייטיק פארנאכט האבן די שומרי־שבת אונדז נישט באלעסטיקט, נאר זענען אוועק צו די ברידער טענענבוים, וואס האבן געפירט א פריזיר־אנשטאלט אויף דער יאטקע־גאס. אויך דארט האבן זיי געשטערט אין דער ארבעט. דעם דריטן פרייטיק האט די חברה שומרי־שבת אויפגעהאנגען אין בית־המדרש, נעבן ארון־קודש, א צעטל מיט א שווארץ רעמל, ווו ס'ווערט געמאלדן, אז די ברידער טענענבוים זענען מחלל־שבתניקעס און דערפאר דארף מען זיי בויקאטירן...

אז די יוגנט אין שטעטל האט זיך דערוווסט פון דעם צעטל, זענען זיי אוועק אין בית־המדרש און עס אראפ־געריסן.

א גאנצע וואך האט מען גערעדט פון די טענענבוימס און דעם באיקאט. אייניקע יידן האבן יא אויסגעפאלגט דעם



דאס גרויסע בית־המדרש אין ווישקאוו, וואס איז דורך די דייטשן אונטערגעצונדן געווארן צוזאמען מיט עטלעכע הונדערט יידן, וועלכע זענען פארברענט געווארן לעבעדיקערהייט.
בית־המדרש הגדול בוישקוב שהוצת ע״י הגרמנים, יחד עם כמה מאות יהודים שניספו חיים.

רוף פון די שומרי־שבת, בעת אנדערע זענען געגאנגען זיך שערן צו די טענענבוימס — נאר דורך דער הינטער־טיר.

שבת נאכן עסן האבן די שומרי־שבת זיך פארזאמלט אויפן רינעק, ביי דער בריק, און געשטערט דער יוגנט צו שפאצירן. זיי האבן זיך אויך דערוווסט, אז יידישע יינגעלייט שפילן אין פוטבאל אויפן פערד־מארק. זענען זיי אהין אוועק מיטן רב און געוואלט שטערן. ווען די שפילער האבן זיי געזען אנקומען, איז געווארן פרייליך. עטלעכע יונגעלייט האבן זיי אפילו איינגעלאדן צו שפילן...

די שומרי־שבת האבן זיך פארנומען אויף א פארברייטערטער ארבעט, נאר קיין דערפאלג נישט געהאט. ס'איז שוין דאן געווען אין ווישקאוו א פארגעשריטענע יוגנט.

# מרדכי אנילביץ׳, מפקד המרד בגיטו וארשה - יליד וישקוב

(קטעים מן הספר של ישראל גוטמן „מרד הנצורים" — מרדכי אנילביץ׳ ומלחמת גיטו וארשה. „ספרית פועלים", מרחביה, 1963).

(מתוך הפרק „ילדות בפוֹבישלה")

...משפחת אנילביץ׳ לא היתה ותיקה ומעורה בוארשה העיר. הוריו של מרדכי הגיעו לבירתה של פולין בשלהי מלחמת העולם הראשונה, מעירה קטנה וישקוֹב — שנתקשרה מוזרות בגורל חייו של מרדכי. בעירה זו נולד, ובבוא הזמן החרוץ נמצאה העירה בין הקרבנות הראשונים. ובתום המרד הגדול בגיטו וארשה התרכזו שרידי הלוחמים ביערות וישקוב, ואף נוצרה כאן יחידה פארטיזאנית יהודית נושאת את שמו של מרדכי אנילביץ׳.



בעצם, רק אמו של מרדכי, צירל לבית זלטמן, בת וישקוֹב היתה. אביו, אברהם אנילביץ׳ נזדמן לכאן באקראי. הוריו של אברהם, בית הסבים של מרדכי, מוצאם מגליציה. בתהפוכות מלחמת העולם הראשונה נעקרו ממקומם, כרבים אחרים מבית ישראל בגליציה. אך שלא כזרם הפליטים הראשי אשר נע מגליציה לוינה ומעבר לים, עגנו האנילביצ׳ים אצל קרובים בוישקוֹב הסמוכה לוארשה — עד יעבור זעם. כאן פגש אברהם בצירל זלטמן, ריבה אשר לחייה סמוקות וגוה מוצק וכול כולה כבת־כפר. היכרותם היתה קצרה, אך צירל לא היססה הרבה. אמנם אברהם רחוק מדמות אביר־חלומות של נערה, ואם לצד שני — גם לא היה אברך־משי בן תורה.

כנגד זה היטיבה צירל לדעת כי בית אביה החורג שקוע בעוני, ושלוש האחיות הבוגרות נצרכות גם לחתנים ולנדוניה. ואלו משפחת פליטים זו אנילביץ׳ נודעה באמידותה, והשמועה אומרת שאין הם מקמצים ידם בכל הנוגע לבנם.

זמן מועט אחר החתונה חלו תמורות חשובות בעולם הרחב ובעולמם הפרטי של האנילביצ׳ים. נגמרה המלחמה באירופה וחדל מצעד הצבאות על אדמת פולין. עם פרוץ המלחמה חנו כאן חיילי הצאַר, „פוֹניה" המוכר והמאוס בתכלית.* ברחו קלגסי הצאַר ובעקבותם באו הגרמנים, מגודלי הקומה, אדיבים ולבושי הדר. יהודים שמצפים תמיד לישועות ונחמות קיבלו את הכובשים החדשים בתקוה ובסבר פנים. החיילים הבאים מאשכנז מסמלים בהופעתם את ארצות הקידמה והסובלנות, מקום שהוענקו ליהודי שויון זכויות ורווחה כלכלית. ונוסף על כך דברו הגרמנים בלשון שקרובה לאידית העממית וכל יהודי יכול איכשהו לדבר עם השליטים החדשים. אולם עד מהרה נסתבר שבעלי הלשון הקרובה קרובים לשנאת ישראל. בגנים ושאר מקומות ציבור הופיעו שלטים — להודיע שכלבים ויהודים אינם רצויים. לבסוף הסתלקו אף הגרמנים ובקול תרועה הוכרזה פולין העצמאית. לאחר מאה וחמישים שנה שיעבוד, מרידות־נפל וטיפוחי חלומות, קמה פולין לתחייה. הפולנים היו שיכורים משמחה ושיכורים ממשתאות יי״ש לכבוד המאורע. היהודים קבעו שהכל חולף — צבאות, משטרים, ערב לשונות — התמידה רק שנאת־יהודים.

הורי אברהם לא חזרו לגאליציה שבדרום. הם עברו לוארשה ופתחו הנות מכולת ומעדנים ברחוב טאַמקי בתחום שכונת פוֹבישלה. בניגוד למקובל היה הזוג הצעיר סמוך על שולחן הוריו של החתן ולא של הכלה, וכתום שנה תרמו בית האנילביצ׳ים סכום נכבד כיסוד לפרנסתם של הצעירים. אף הזוג הצעיר השתקע בוארשה. אלא שעד מהרה גוייס אברהם לצבא הפולני המתיסד, וצירל נאספה לבית חמיה. האנילביצ׳ים בוארשה, לאחר ישיבתם מאונס בוישקוֹב, חזרו לאורח החיים הטבעי והרגיל. הכל המה מעסקים, מעשי סוחרות ואף שיחות חולין שלהם נסובו על אותו הציר המרכזי. ואלו צירל לא הסתגלה לקצב המסחר של הכרך. עד מהרה חלתה, בהיותה בחודשי הריונה הראשונים. הרופא מצא על ריאותיה כתמים זעירים ראשונים המבשרים רעות. ציוה על מזונות משובחים ואויר כפרי צח. כך הוצרכה צירל לנסוע לזמן מה אל קרוביה בוישקוֹב. זה כבר נכספה אל העירה המוקפת חורשות, אל בתי העץ העקומים והיהודים המתונים וישרי הלב. בוישקוֹב נחלצה מן תוגה ועכירות הרוח. צירל טיילה במשעולי היער, לקטה אוכמניות ודומדמניות ואכלה מזונות חלביים. אחיותיה וביחוד פייגה הבכירה, טפלו בה במסירות ובחיבה. בבית העץ הישן, המוקף שיחים, אשר למשפחת הוריה, ילדה צירל את בנה הבכור ושמו נקרא מרדכי, לזכר אביה המנוח. התינוק פקח עיניים תכולות זעירות וערניות, מביטות כאילו בריכוז ובתבונה, ועור גופו היה בהיר וצח. צירל חזרה ואמרה, כי בנה שנולד בעתות המלחמה (הפולנית־רוסית) וחזה במצוקתה — עתיד להיות אדם מאושר בחייו.

---

* „פוניה" — כינוי לגלגני לרוסים, מקובל בקרב היהודים.

*

(מתוך הפרק „עתונות ומבצעים")

..יונאס טורקוב, שחקן ותיק ובן למשפחת אמנים דגולה, היה בימי הגיטו פעיל בעזרה סוציאלית, ובזכרונותיו סיפר על פגישותיו עם מרדכי.

„הכרתי את מרדכי אנילביץ' בעת הכיבוש הגרמני, בראשית שנת 1940. הייתי אז ראש מחלקת הפליטים ונפגעי השרפות בעזרה סוציאלית העצמית (רימאַרסקה 20). בא אלי מרדכי אנילביץ' (יחד עם לאה שפירשטיין), בדבר המעון בלֶשנוֹ 6, שהיה תפוס ע"י קיבוץ השומר־הצעיר. כיון שהמעון היה מצוי בקומה החמישית, רצינו להעבירו למקום אחר. מרדכי תבע שישאירו את הקיבוץ במקומו, משום שסודר מטבח והדבר היה כרוך בהוצאות גדולות.

„דרך משרד העזרה סוציאלית היו עוברים אלפי אנשים וקשה היה לזכור את כל המבקרים בו. אך עד כמה שהדבר לא יהיה מוזר, מרדכי אנילביץ', מיד, מהרגע הראשון, כאשר אך התחיל לדבר עמי — הטביע עלי רושם יוצא מגדר הרגיל. הוא היה אדם צעיר גבה קומה, מבנהו חזק והתנהגותו עדינה. פניו היו נבונים, רוחשי טוב, ועם זאת הפיקו מרץ רב. עיניו המחייכות פלטו גיצים בעלי כוח סוגסטיבי.

„הוא פתח לדבר אלי בפולנית. לשאלתי, האם אינו יודע יידיש, השיב שקל לו להתבטא בשפה הפולנית. כל מלה שאמר היתה שקולה ומדודה. הוא נימק דבריו בהגיון ברזל. לכל נימוק שמנגד מצדי הוא התריס בשקט ובהרגעה אולם בבטחון רב כל כך, שניתן להבין, כי בסופו של דבר יקום ויהיה כרצונו. הוא באמת נתן לי להבין, כי הם את הדירה ברחוב לֶשנוֹ לא יעזבו.

„אני הרגשתי כי הבחור הצעיר צובר בקרבו כוח שאין לעמוד כנגדו. בלי־משים חלפה במוחי המחשבה, שאותו צעיר עוד ימלא בקרבנו תפקיד חשוב. כאשר שוחחתי מאוחר יותר עם ד"ר רינגלבלום ומסרתי לו איזה רושם הוא עשה עלי, העיר הלה: ,כן, הבחור הזה יגרום לנו עוד נחת מרובה'."

*

(מתוך הפרק „מילאַ 18". מכתב של מ. אַנילביץ' ליצחק [אַנטק צוקרמן])

שלום יצחק,

איני יודע על מה לכתוב לך. ותר נא הפעם על פרטים אישיים. אין בפי אלא ביטוי אחד לציין את הרגשת חברי: נפל דבר שהוא למעלה מחלומותינו הנועזים ביותר. הגרמנים ברחו פעמיים מן הגיטו. פלוגה אחת שלנו החזיקה מעמד 40 דקה, והשניה — למעלה משש שעות. המוקש שהוטמן בשטח המברשתנים התפוצץ. מצדנו לא נפל עד עתה אלא קרבן אחד בלבד: יחיאל. נפל כחייל גיבור על יד מכונת־היריה.

משהגיעונו אתמול ידיעות, כי חברי פ.פ.ר. התקיפו את הגרמנים וכי תחנת השידור „שויט" שידרה ידיעה נפלאה על ההגנה העצמית שלנו — היתה לי הרגשת שלימות. עוד רבה אמנם לפנינו העבודה, אך כל מה שנעשה עד עתה, נעשה בשלימות.

המצב הכללי: כל הסדנאות בגיטו ומחוצה לו נסגרו, פרט ל„ורטרפאַסונג", „טרנסאוויא" ו„דיהרינג". על המצב אצל שולץ וטֶבֶּנס אין בידי ידיעות. הקשר נותק. סדנת המברשתנים אחוזה להבות מזה שלושה ימים. אין לי קשר עם הפלוגות. שריפות רבות בגיטו. אתמול בער בית־החולים. גושי בנינים אחוזים להבות. המשטרה פורקה, פרט ל„ורטרפאסונג". שמרלינג צף ועלה שנית. ליכטנבוים שוחרר מן האומשלאַג. מן הגיטו לא הוצא מספר רב של אנשים. מה שאין כן בשוֹפּים. פרטים אין בידי. ביום יושבים במחבואים.

מהערב אנו עוברים לשיטת פעולה פארטיזאנית. בלילה יוצאות שלוש פלוגות שלנו, שני תפקידים לפניהן: סיור מזוין והשגת נשק.

ודע, האקדח — אין לו כל ערך, כמעט שלא השתמשנו בו. נחוצים לנו: רימונים, רובים, מכונות־יריה וחומר־נפץ.

לא אוכל לתאר לפניך את התנאים בהם חיים היהודים. רק יחידי סגולה יחזיקו מעמד, כל השאר ייסָפו, במוקדם או במאוחר. הגורל נחרץ. בכל הבונקרים, בהם מסתתרים חברינו, אי־אפשר להדליק נר בלילה מפאת חוסר אויר. — — —

מכל הפלוגות שבגיטו נעדר רק איש אחד: יחיאל. אף זה נצחון הוא. איני יודע מה אוסיף ואכתוב לך. מתאר אני לעצמי ששאלה רודפת שאלה, אולם הפעם הסתפק־נא בכך. היה שלום, יקירי. אולי עוד נתראה. העיקר: חלום חיי קם והיה. זכיתי לראות הגנה יהודית בגיטו בכל גדולתה ותפארתה.

מרדכי

*

(מתוך הפרק „עד תום" — על מותו של אַנילביץ' בבונקר ברחוב מילאַ 18 בגיטו וארשה)

...וזאת אשר הצלנו מפי השרידים על הקורות:

„בצהרי יום אתמול, בעודם שוכבים ערומים למחצה על יצועיהם, הודיע פתאום המשמר שגרמנים מצויים בקרבת הבונקר וצעדיהם נשמעים. במקרים אלה נקטו הלוחמים היהודים בשתי שיטות. כיון שהגרמנים נוהגים לקרוא תחילה ליהודים לצאת החוצה, תצא לראשונה פלוגה שלנו, נשקה חבויה עמה, ולאחר רגעי־מספר עליה להמם את הגרמנים ביריות פתאום ובשעת המהומה להתפזר לכל עבר. חלק ימלט את נפשו. שיטה שניה אמרה לבלי להיענות לתביעת הגרמנים, להשאר בפנים, ואם ינסו לחדור — לקדם את פניהם באש. במשך היום עוד אפשר יהיה להחזיק מעמד — הגרמנים לא יהינו להיכנס פנימה — ובלילה יש לחוש מפלט. ידענו אמנם שהגרמנים נוהגים להשתמש גם בגאזים, אבל על כך לא נתנו דעתנו ביותר. מישהו מסר, שאם הפנים שרויים במים, אין להם לגאזים שליטה.

„בקרוא הגרמנים את האנשים החוצה, יצאו האזרחים ועמהם מנהיגי הטומפים (בעלי הבונקר) והסגירו עצמם, ואלו מהלוחמים לא יצא איש. הוסיפו הגרמנים והכריזו שכל היוצא יילקח לעבודה, והמסרב — יירה במקום. חברינו התבצרו ליד המבואות וחיכו עם נשק ביד לכניסת הגרמנים. הגרמנים חזרו והבטיחו שכל רע לא יאונה ליוצאים, אבל איש לא נואל לצאת. לבסוף התחילו להכניס גאזים, והרעה כלתה אל פני מאה ועשרים הלוחמים.

„הגרמנים לא דנום למיתה מהירה. הכניסו כמות גאזים קטנה והפסיקו כדי לדכא את הרוח בחנק אטי וממושך. אריה וילנר ראשון היה שקרא לכל הלוחמים: בואו, נתאבד ואל ניפול חיים בידי הגרמנים. החלה פרשה של התאבדויות. קולות יריה בקעו כאן בפנים — לוחמים יהודים שלחו יד בנפשם. קרה שאקדח לא פעל ובעליו, אומלל ונבוך, ביקש

רחמים מחברו להמיתו, אבל איש לא ההין לשלוח יד בחברו. לוטק רוטבלאט, אשר היה כאן עם אמו ובת־דודתו — ירה ארבעה כדורים באמו ועדיין פרפרה פצועה וזבת דם. ברל ברודא, אשר ידו נפצעה לפני כמה ימים ולא יכול היה לאחוז באקדח, ביקש מחבריו שישימו קץ לחייו. מרדכי אנילביץ׳ בטח שהמים מפיגים את סכנת הגאזים והציע לנסות בדרך זו. פתאום בא מישהו והודיע שנתגלה מוצא סמוי מעיני הגרמנים. אבל רק מועטים יצאו מבעד לפתח זה, והנותרים נחנקו לאט.

„כך גוועה תפארת הגבורה של וארשה היהודית הלוחמת, הנאבקת. מאה לוחמים יהודים מצאו פה את מותם, ובתוכם מרדכי אנילביץ׳, האהוב על הלוחמים, המפקד אמיץ הלב, יפה התואר, שגם בשעות האימה רחפה בת שחוק על שפתיו...״




פאָסט־קאַרטל אַרויסגעשיקט דורך מ. אַניעלעוויטש פון וואַרשעווער געטאָ
גלוית־דואר ששלח מ. אַנילביץ׳ מגיטו וארשה

# מרדכי אניעלעוויטש, קאָמענדאנט פון געטאָ־אויפשטאנד אין ווארשע - א געבוירענער אין ווישקאָוו

(אויסצוגן פון ישראל גוטמאַנס בוך „דער בונט פון די באַלאַגערטע״ — מרדכי אַניעלעוויטש און די מלחמה פון די יידן אין וואַרשעווער געטאָ. „ספרית פועלים״, מרחביה, 1963)

(פונעם קאַפּיטל „די קינדהייט אין פּאָווישלע״)

...די פאַמיליע אַניעלעוויטש איז נישט געווען קיין איינגעזעסענע אין דער שטאָט וואַרשע. מרדכיס עלטערן זענען אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט פון פוילן צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פון קליינעם שטעטל ווישקאָוו — וואָס האָט אויף אַ מאָדנעם אופן זיך פאַרבונדן מיטן גורל פון מרדכין. אין דעם שטעטל איז ער געבוירן געוואָרן און מיט דער צייט איז דאָס שטעטל געווען פון די ערשטע מלחמה־קרבנות. מיטן פאַרענדיקן דעם גרויסן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן די רעשטלעך פאַרבליבענע קעמפער זיך צונויפגעזאַמלט אין די וועלדער פון ווישקאָוו און דאָ איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ יידישע פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון מרדכי אַניעלעוויטש.

בעצם איז נאָר מרדכיס מוטער, צירל (פון דער היים: זלאַטמאַן) געווען אַ ווישקאָווערין. זיין פאָטער, אברהם אַניעלעוויטש, איז דאָ אַהערגעקומען צופעליק. אברהמס על־טערן, מרדכיס זיידע־באָבע, שטאַמען פון גאַליציע. בעת די געשעענישן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן זיי פאַר־לאָזט דאָס אָרט ווי פיל אַנדערע יידן פון גאַליציע. אָבער נישט ווי דער הויפּט־שטראָם פון די פליטים, וואָס האָבן פון גאַליציע געוואַנדערט קיין ווין און אויף יענער זייט אָקעאַן, האָבן די אַניעלעוויטשעס פאַראַנקערט ביי זייערע קרובים אין ווישקאָוו וואָס איז געלעגן נאָענט פון וואַרשע — ביז דער צאָרן וועט אַריבער. דאָ האָט אברהם זיך געטראָפן מיט צירל זלאַטמאַן, אַ יונג מיידל, וואָס האָט מיט אירע רויטע בעקעלעך און פעסטן געבוי, איינגאַנצן דערמאָנט אַ דאָרפישע. זייער קאַנטשאַפט איז געווען אַ קורצע, אָבער צירל האָט נישט געטראַכט לאַנג. אברהם איז טאַקע געווען ווייט פון יענער ריטערלעכער געשטאַלט ווי דאָס מיידל האָט געחלומט, און פון דער צווייטער זייט — איז ער אויך נישט געווען קיין זיידענער יונגערמאַנטשיק, אַ בן־תורה. אַנטקעגן דעם אָבער האָט צירל געוווסט, אַז די שטוב פון איר שטיף־טאַטן זינקט אין אָרעמקייט און די דריי דערוואַק־

סענע פון איר שוועסטערס נייטיקן זיך אין חתנים און אין נדן. בעת די פאַמיליע אַניעלעוויטש איז באַקאַנט מיט איר פאַרמעגלעכקייט, און קלאַנגען גייען אַרום, אַז וואָס שייך זייער זון — זשאַלעוועז זיי גאָרנישט.

אַ קורצע צייט נאָך זייער חתונה זענען פאָרגעקומען וויכטיקע ענדערונגען אין דער גרויסער וועלט און אין פערזענלעכן וועלטעלע פון די אַניעלעוויטשעס. די מלחמה אין אייראָפּע האָט זיך פאַרענדיקט און ס׳האָט אויפגעהערט דער דורכמאַרש פון אַרמייען איבער פוילנס ערד. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה, האָבן דאָ סטאַציאָנירט די צאַרישע חיילות, די באַוווסטע און פאַרהאַסטע „פּאָניעס". ווי נאָר ס׳זענען אַנטלאָפן די צאַרישע זעלנער, זענען געקומען די דייטשן — הויכגעוווקסיקע, העפלעכע און שיין־געקליידעטע. יידן, וואָס וואַרטן שטענדיק אויף ישועות און נחמות, האָבן די נייע דעראָבערער אויפגענומען מיט האָפענונג און גערנוויליק. די זעלנער וואָס קומען פון דייטשלאַנד, סימבאָליזירן מיט זייער דערשיינען די לענדער פון פּראָגרעס און טאָלעראַנץ, אַ לאַנד ווו יידן האָבן גלייכע רעכט און עקאָנאָמישן ווווילזיין. אויסער דעם האָבן די דייטשן גערעדט אַ שפּראַך וואָס איז געווען נאָענט צום פאָלקסטימלעכן יידיש, און יעדער ייד האָט זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט די נייע הערשער. נאָר זייער שנעל איז קלאָר געוואָרן, אַז די וואָס באַנוצן זיך מיטן נאָענטן לשון, זענען אויך זייער נאָענט צו יידן־האַס. אויף די מערק און אַנדערע עפנטלעכע ערטער זענען באַלד דערשינען אויפשריפטן, אַז „הינט און יידן זענען אומגעווינטשן". צום סוף האָבן אויך די דייטשן זיך אָפּגעטראָגן און מיט געשאַל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אומאָפּהענגיקע פּוילן. נאָך הונדערט פופציק יאָר קנעכטשאַפט, טרוימען און דורכגעפאַלענע אויפשטאַנדן — איז פּוילן צוריק אויפגעשטאַנען צום לעבן. די פּאָליאַקן זענען געווען שיכור פון פרייד און פון בראָנפן לכבוד דער געשעעניש. די יידן האָבן פעסטגעשטעלט, אַז אַלץ גייט פאָריבער — אַרמייען, רעזשימען, שפּראַכן — עס בלייבט בלויז די שנאה צום ייד.

אברהמס עלטערן האָבן זיך נישט אומגעקערט קיין גאַליציע, אין דרום פון לאַנד. זיי זענען אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע און געעפנט אַ שפּייז־ און קאָלאָניאַל־געשעפט אויף דער טאַמקי גאַס, אין פּאָווישליע. אין קעגנזאַץ צו דעם אָנגענומענעם כלל, איז דאָס יונגע פּאָרל געווען אויף קעסט ביי די עלטערן פון חתן — און נישט פון דער כלה. אין אַ יאָר אַרום האָבן די אַניעלעוויטשעס געשאָנקען אַ באַדייטנדיקע סומע אַלס פונדאַמענט פאַר דער פרנסה פון די יונגע. אויך דאָס יונגע פּאָרל האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע. נאָר גאָר שנעל איז אברהם מאָביליזירט געוואָרן אין דער זיך שאַפנדיקער פּוילישער אַרמיי און צירל איז איבערגעגאַנגען וווינען צו דער שוויגער. די אַניעלעוויטשעס אין וואַרשע, נאָך אַ געצוווּנגענעם אויפהאַלט אין ווישקאָוו, האָבן זיך אומגעקערט צו אַ נאַטירלעך און נאָרמאַל לעבן. אַלץ האָט דאָ געברויזט מיט געשעפט, מסחר און אַפילו די געוויינלעכע געשפּרעכן האָבן זיך געדרייט אַרום דער דאָזיקער צענטראַלער אַקס. אָבער צירל האָט זיך נישט צוגעפּאַסט צו דעם קאָפּשווינדלערישן טעמפּאָ פון דער גרויסער שטאָט. זי איז שנעל קראַנק געוואָרן, זייענדיק אין די ערשטע חדשים פון דער שוואַנגערשאַפט. דער דאָקטאָר האָט אויף אירע לונגען אויסגעפינען פלעקן וואָס זאָגן אָן שלעכטס. ער האָט רעקאָמענדירט ספּעציעל עסן און פרישע דאָרפישע לופט. אַזוי איז צירל געצוווּנגען געווען צו פאָרן אויף אַ געוויסער צייט צו אירע קרובים קיין ווישקאָוו. זי האָט שוין פון לאַנג געבענקט נאָכן שטעטל, אַרומגערינגלט מיט וואַלד, נאָך די קרומע הילצערנע הייזקעס און נאָך די שטילע און גאָטספאָרכטיקע יידן. אין ווישקאָוו האָט זי זיך באַפרייט פון דער בענקשאַפט און שלעכטער שטימונג. צירל האָט שפּאַצירט ביי די ראַנדן פון וואַלד, געקליבן יאַגעדעס און בערעלעך און געגעסן מילך־פּראָדוקטן. אירע שוועסטערס, און באַזונדערס די עלטסטע פייגע, האָבן זיך מיט איר מטפל געווען מיט איבערגעגעבנקייט און ליבע. אין דעם אַלטן הילצערנעם הויז, אַרומגערינגלט מיט קוסטעס, וואָס האָט געהערט צו דער משפחה פון אירע עלטערן, האָט צירל געבוירן איר עלטסטן זון, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן מרדכי, אויפן נאָמען פון איר פאַרשטאָרבענעם פאָטער. דאָס נייגעבוירענע האָט געעפנט אַ פּאָר קליינע בלאָע לעבעדיקע אויגן וואָס האָבן געקוקט ווי קאָנצענטרירט און מיט פאַרשטאַנד און די קאָליר פון דער הויט איז געווען העל און פריש. צירל פלעגט אָפט איבערחזרן, אַז איר זון, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין מלחמה־צייט (צווישן די פּאָליאַקן און די רוסן) און אַדורכגעמאַכט נויט — וועט זיין אַ גליקלעכער מענטש אין זיין לעבן.

(פונעם קאַפּיטל „פּרעסע און אַקציעס")

...יאָנאַס טורקאָוו, אַן אַלטער אַקטיאָר און אַ זון פון אַ גרויסער קינסטלער־משפחה, איז אין געטאָ געווען טעטיק אין דער סאָציאַלער הילף און אין זיינע זכרונות האָט ער דערציילט וועגן זיינע באַגעגענישן מיט מרדכין.

„איך האָב באַקאַנט מרדכי אַניעלעוויטשן בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, אָנהייב 1940. איך בין דאַן געווען פאָרזיצער פון דער פּליטים־אָפּטיילונג און פון געליטענע פון שריפות ביי דער זעלבשטענדיקער סאָציאַלער הילף (רימאַרסקע 20). ס׳איז געקומען צו מיר מרדכי אַנילעוויטש (צוזאַמען מיט לאה שאַפּירשטיין) וועגן דער דירה אויף לעשנאָ 6, וואָס איז געווען פאַרנומען דורכן קיבוץ פון השומר הצעיר. צוליב דעם וואָס די דירה האָט זיך געפונען אויפן פינפטן שטאָק, האָבן מיר זי געוואָלט איבערפירן אויף אַן אַנדער אָרט. מרדכי האָט געפאָדערט איבערלאָזן דעם קיבוץ, ווייל מ׳האָט דאָרט איינגעאָרדנט אַ קוך און די זאַך איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע אויסגאַבן.

„דורכן אַמט פאַר סאָציאַלער הילף פלעגן דורכגיין טויזנטער מענטשן און ס׳איז שווער געווען צו געדענקען די אַלע באַזוכער. נאָר ווי מאָדנע עס זאָל נישט זיין, האָט מרדכי אַניעלעוויטש, פון ערשטן מאָמענט ווי ר׳האָט נאָר אָנגעהויבן מיט מיר רעדן, איבערגעלאָזט אויף מיר אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק. ער איז געווען אַ יונגער מאַן, הויך געוווקסיק, פעסט געבויט און איידעלער האַלטונג. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט פאַרשטאַנד, גוטסקייט און אַ סך ענערגיע. זיינע שמייכלענדיקע אויגן האָבן געפינקלט מיט אַ סוגעסטיוון כוח.

„ער האָט אָנגעהויבן ריידן צו מיר פּויליש. אויף מיין פראַגע צי ער קען נישט קיין יידיש, האָט ער געענטפערט, אַז ס׳איז אים לייכטער זיך אויסצודריקן אין דער פּוילישער שפּראַך. יעדעס וואָרט זיין איז געווען געוווּיגן און געמאָסטן. זיינע רייד האָט ער באַגרינדעט מיט אַן אייזערנער לאָגיק. אויף יעדן קעגן־אַרגומענט מיינעם האָט ער רעאַגירט שטיל און רואיק, נאָר מיט אַזויפיל זיכערקייט, אַז אין דער אונ־

טערשטער שורה האָסטו פאַרשטאַנען, אַז עס וועט זיין ווי ער וויל. ער האָט מיר באמת געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די דירה אויף לעשנאָ וועלן זיי נישט פאַרלאָזן.

„איך האָב געפילט, אַז דער יונגער בחור פאַרמאָגט אין זיך אַ כוח וואָס ס׳איז אוממעגלעך זיך קעגנצושטעלן. אין מיין מוח איז פון זיך אַדורכגעפלויגן אַ געדאַנק, אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן וועט ביי אונדז דערפילן אַ וויכטיקע אויפגאַבע. ווען איך האָב אין אַ צייט אַרום געשמועסט מיט ד״ר רינגעלבלום און אים איבערגעגעבן אַ וואָסער איינדרוק ער האָט אויף מיר איבערגעלאָזט, האָט ער באַמערקט: „יאָ, דער דאָזיקער בחור וועט אונדז נאָך ברענגען פיל נחת.״

(פונעם קאַפּיטל „מילאַ 18״. בריוו פון מ. אַניעלעוויטש צו יצחקן [אַנטעק צוקערמאַן])

שלום יצחק,

איך ווייס נישט וועגן וואָס דיר שרייבן. דאָס מאָל זיי מוותר אויף פּערזענלעכע פּרטים. איך האָב נישט אין מיין מויל קיין אַנדערן אויסדרוק אַרויסצוברענגען מיין געפיל און דאָס געפיל פון מיינע חברים: עס האָט פּאַסירט אַ זאַך וואָס איז העכער פון אונדזערע סאַמע געוואַגסטע חלומות. די דייטשן זענען צוויי מאָל אַנטלאָפן פון געטאָ. איין גרופּע אונדזערע האָט אויסגעהאַלטן 40 מינוט און די צווייטע — העכער זעקס שעה. די מינע וואָס איז אונטערגעלייגט געוואָרן אין ראַיאָן פון די בערשטערס — האָט אויפגעריסן. אויף אונדזער זייט איז ביז איצט נישט געפאַלן ווי נאָר איין קרבן: יחיאל. ער איז געפאַלן ווי אַ זעלנער־העלד נעבן מאַשינגעווער.

אַז עס זענען צו אונדז נעכטן דערגאַנגען ידיעות, אַז די פּ.פּ.ר.־חברים האָבן אַטאַקירט די דייטשן און אַז די ראַדיאָ־סטאַציע „שוויט״ האָט טראַנסמיטירט אַ ווונדערבאַרע ידיעה וועגן אונדזער זעלבסטשוץ — האָב איך געהאַט אַ געפיל פון שלימותדיקייט. אונדז דערוואַרט נאָך אַ סך אַרבעט, נאָר אַלץ וואָס איז געטאָן געוואָרן ביז איצט, איז געטאָן געוואָרן מיט פולקאָמקייט.

די אַלגעמיינע לאַגע: אַלע שאָפּן אין געטאָ און אויסער אים, זענען געשלאָסן, חוץ דער „וואַרטעפּאַסונג״, „טראַנסאָוויאַ״ און „דיהרינג״. וועגן דער לאַגע ביי שולץ־טעבענס האָב איך נישט קיין ידיעות. די פאַרבינדונג איז איבערגעריסן. דער בערשטער־שאָפּ איז זינט דריי טעג אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען. כ׳האָב נישט קיין קאָנטאַקט מיט די קאַמפּס־גרופּן. פיל שריפות אין געטאָ. נעכטן האָט געברענט דאָס שפּיטאָל. בלאָקן הייזער שטייען אין פלאַמען. די פּאָליציי איז פונאַנדערגעלאָזט, אויסער דער „ווערטעפּאַסונג״. שמערלינג האָט זיך ווידער באַוויזן. ליכטענבוים איז באַפרייט געוואָרן פון אומשלאַג. פון געטאָ האָט מען נישט אַרויסגענומען קיין סך מענטשן — דאָס וואָס ס׳איז נישט געשען אין די שאָפּן. קיין פּרטים האָב איך נישט. בייטאָג זיצט מען אין די באַהעלטענישן.

פון פאַרנאַכט גייען מיר איבער צו פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט. ביינאַכט גייען אַרויס דריי אונדזערע גרופּן, וועלכע האָבן צוויי אויפגאַבן: באַוואָפנטער אויסשפּיר און דעראָבערן געווער.

און וויסן זאָלסטו, אַז דער רעוואָלווער האָט נישט קיין שום ווערט; מיר האָבן אים כמעט נישט באַנוצט. מיר נייטיקן זיך אין גראַנאַטן, ביקסן, מאַשינגעווער און אויפרייס־מאַטעריאַל.

איך קאָן דיר נישט שילדערן די באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבן די יידן. בלויז אויסדערווײלטע וועלן אויסהאַלטן, אַלע אַנדערע וועלן פריער צי שפּעטער אומקומען. דער גורל איז אַ געחתמעטער. אין אַלע בונקערס, ווו אונדזערע חברים באַהאַלטן זיך, איז אוממעגלעך אָנצוצינדן אין די נעכט אַ ליכט צוליבן מאַנגל פון לופט. — — —

פון אַלע גרופּן אין געטאָ איז פאַרשוווּנדן נאָר איין מענטש: יחיאל. אויך דאָס איז אַ נצחון. איך ווייס נישט וואָס נאָך צוצוגעבן און דיר שרייבן. איך שטעל זיך פאָר, אַז איין פראַגע יאָגט די אַנדערע, נאָר דאָס מאָל וועל איך זיך באַגנוגענען מיט דעם. זיי געזונט, טייערער. אפשר וועלן מיר זיך נאָך זען. דער עיקר: דער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. איך האָב זוכה געווען צו זען יידישע פאַרטיידיקונג אין געטאָ אין איר גאַנצער גרויסקייט און פּראַכט.

מרדכי.

(פונעם קאַפּיטל „ביזן סוף״ — וועגן טויט פון אַניעלעוויטשן אין בונקער, אין געטאָ וואַרשע)

...און דאָס האָבן מיר אַרויסבאַקומען פון די איבערגעבליבענע וועגן די געשעענישן:

„נעכטן אינמיטן טאָג, ווען זיי ליגן נאָך האַלב־נאַקעטע אויף זייערע געלעגערס, האָט פּלוצים מודיע געווען די וואַך, אַז דייטשן געפינען זיך נאָענט פון בונקער און מען הערט זייערע טריט. אין אַזעלכע פאַלן האָבן די יידישע קעמפערס אָנגעווענדעט צוויי שיטות. אַזוי ווי די דייטשן זענען זיך נוהג פריער צו רופן די יידן זיי זאָלן אַרויסגיין אינדרויסן, וועט צום ערשט פאַרלאָזן דעם בונקער אונדזער גרופּע מיט פאַרבאָרגן געווער און נאָך עטלעכע סעקונדן אָנהייבן מיט אַמאָל שיסן אויף די דייטשן און בעת דער מהומה זיך פונאַנדערלויפן אומעטום. אַ טייל וועט זיך ראַטעווען. די צווייטע שיטה האָט געזאָגט, אַז נישט ענטפערן אויף דער פאָדערונג פון די דייטשן, בלייבן אינעווייניק און אויב זיי וועלן פּרווון אַריינדרינגען — זיי אויפנעמען מיט פייער. אין משך פון טאָג קאָן מען נאָך ווי ס׳איז אויסהאַלטן — די דייטשן וועלן נישט וואַגן אַריינגיין אינעווייניק — און ביינאַכט דאַרף מען זוכן אַ באַהעלטעניש. מיר האָבן געוווּסט, אַז די דייטשן באַנוצן זיך אויך מיט גאַז, אָבער דאָס האָט אונדז נישט אַזוי אינטערעסירט. עמעץ האָט איבערגעגעבן, אַז אויב דאָס פּנים איז אין וואַסער, האָבן נישט די גאַזן קיין ווירקונג.

„אַז די דייטשן האָבן גערופן די מענטשן אַרויסצוגיין, האָבן פאַרלאָזט די ציווילע און די בונקער־אייגנטימער און זיך איבערגעגעבן, דאַקעגן פון די קעמפער איז קיינער נישט אַרויסגעגאַנגען. די דייטשן האָבן ווידער אויסגערופן, אַז דער וואָס גייט אַרויס ווערט גענומען צו דער אַרבעט און דער וואָס זאָגט אָפּ — וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. אונדזערע חברים האָבן זיך פאַרפעסטיקט ביי די אַריינגענג און מיט געווער אין האַנט געוואַרט אויפן אַריינגיין פון די דייטשן. די דייטשן האָבן ווידער איבערגעחזרט, אַז די וואָס וועלן אַרויסגיין, וועט גאָרנישט געשען, נאָר קיינעם האָט נישט געלאָקט אַרויסצוגיין. צום סוף האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינלאָזן גאַזן און אַלע 120 קעמפער זענען אומגעקומען.

„די דייטשן האָבן נישט פאַרמשפּט אויף אַ שנעלן טויט. זיי האָבן אַריינגעלאָזט אַ קליינע צאָל גאַז און אויפגעהערט, כדי אונטערדריקן דעם גייסט מיט אַ פּאַמעלעכער און לאַנגדויערנדיקער שטיקעניש. אריה ווילנער האָט דער ערשטער

גערופן צו אַלע קעמפערס: קומט, לאָמיר באַגיין זעלבסט־מאָרד און נישט אַריינפאַלן לעבעדיקערהייט צו די דייטשן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די פּרשה פון זעלבסטמאָרדן. ס׳האָבן זיך געהערט שאָסן פון אינעווייניק — יידישע קעמפערס האָבן זיך גענומען דאָס לעבן. עס האָט פּאַסירט, אַז דער רעוואָלווער האָט נישט געשאָסן און זיין אייגנטימער, אומ־גליקלעך און פאַרלוירן, האָט געבעטן רחמים ביי זיין חבר ער זאָל אים טויטן. אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט אומצוברענגען זיין חבר. ליוּטעק ראָטבלאַט, וועלכער איז דאָ געווען מיט זיין מוטער און קוזינע — האָט אויסגעשאָסן פיר קוילן אין זיין מאַמען וואָס האָט נאָך אַלץ געפלאַטערט אַ פאַרווונדעטע און אָפּגייענדיקע אין בלוט. בערל בראָדאַ, וועלכער איז מיט עטלעכע טעג פריער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין האַנט און נישט געקאָנט האַלטן דעם רעוואָלווער, האָט געבעטן זיינע חברים זיי זאָלן אַ סוף מאַכן צו זיין לעבן. מרדכי אַניעלעוויטש איז געווען זיכער, אַז וואַסער איז גובר די געפאַר פון גאַזן און פאָרגעלייגט צו פּרוּוון דעם וועג. פּלוצים איז עמעץ געקומען און מודיע געווען, אַז מ׳האָט אַנטדעקט אַן אַרויסגאַנג וועלכן די דייטשן זעען נישט. אָבער בלויז ווינציקע זענען אַרויס דורך דער עפענונג און די אַנדערע זענען לאַנגזאַם דערשטיקט געוואָרן.

„אַזוי איז אויסגעגאַנגען די פּראַכט פון דער גבורה פון דער יידישער קעמפנדיקער און זיך ראַנגלענדיקער וואַרשע. הונדערט יידישע קעמפערס האָבן דאָ געפונען זייער טויט און צווישן זיי — מרדכי אַניעלעוויטש, באַליבט פון די קעמ־פערס, דער מוטיקער קאָמענדאַנט, דער שיינער, וואָס אויך אין די שעהן פון שרעק האָט אויף זיינע ליפּן געשוועבט אַ שמייכל...״

# האדמו״ר רבי יעקב אריה מוישקוב־ראדזימין

מתוך הספר „הרבי מקוצק וששים גבורים סביב לו״. גל־עד לתולדותם, תורתם ופעלם של הרבי, גדולי תלמידיו וצאצאיו עד הדור האחרון ערוך בידי יחזקאל רוטנברג — משה שנפלד הוצאת „נצח״, תל־אביב, 1959 כרך שני

מלכות קוצק, המסועפת בבנים ותלמידים, המשיכה לשזור את חוט־השני של מייסדה „האדמו״ר הזקן״, רבי מנחם מנדיל, שנים רבות אחרי פטירתו של הצדיק. ברם, בעוד ששושלת התלמידים מוסיפה עדיין להתקיים ולהפיץ מזוהר־קדושתה בכל פינות תבל, הרי שושלת הצאצאים נכחדה כמעט כליל ולא נשאר לה נצר.

בעת השואה האיומה, שניתכה על עם ישראל על־ידי קלגסי הצורר הנאצי ימ״ש, נקטף הנצר האחרון לבית קוצק — רבי יעקב אריה מורגנשטרן מרדזימין ושמונת בניו, אשר מסרו את נפשם על קדושת השם.

בוישקוב, עיירה קטנה בפולין, החל רבי יעקב אריה לכהן ברבנות, ומאז היו חייו שרשרת אחת של פעילות למען חסידיו־בניו. במשך מספר שנים שכיהן כרב בוישקוב, קנה לו שם שהיה הולך לפניו בכל ערי המדינה. מוניטין יצאו לו למר־חקים בזכות צדקתו המופלגת, דאגתו לכל באי ביתו ומסירתו שאינה יודעת ליאות ומעצורים, וכבר בחיי אביו הגדול זכה להערצתם הגלויה של אלפי החסידים אשר באו מכל קצוי פולין כדי להסתופף בצל קדושת אביו האדמו״ר מלאמאז זצ״ל.

בשנת תרפ״ו, ג׳ באלול, נתבקש האדמו״ר מלאמאז לישיבה של מעלה. מיד לאחר ההלוויה הכתירו החסידים את בנו בכורו רבי יעקב אריה לרבם ומנהיגם. מפה לאוזן עברה השמועה, כי כבר בשבת הראשונה לכהונתו, יערוך רבי יעקב אריה שולחן, אם כי עדיין לא תמו ימי השבעה, ואלפים מחסידי אביו נתקבצו ובאו לוישקוב כדי להסתופף אצלו בשבת. אמירת התורה שלו היתה מלווה התלהבות גדולה. ואכן, עוד באותה שבת הצטרפו אליו עוד חסידים רבים, אשר נוכחו לראות כי לפניהם אישיות נעלה ומרוממה, שאין לסור מדבריה ימין או שמאל.

חסידיו הנלהבים ראו בו לא רק אדמו״ר, אלא גם כעין אב רחום, הדואג לבניו והמתמסר באהבה לכל יחיד ויחיד מהם. הוא נתן דעתו לכל אחד, דאג לו בכל להט נשמתו והתענין במצבו הכללי והחומרי, בסייעו תמיד בעצותיו.

אהבתו לזולת היתה יוצאת מהכלל. מספרים עליו, שכה רבה היתה דאגתו לכל פרט, עד שכאשר חלה אחד מחסידיו, היה שרוי בדאגה עמוקה, שנתנה אותותיה בכל ישותו, והיה עושה הכל למען רפואתו השלמה.

חצרו וביתו היו שוקקים תדיר מהמוני חסידים שנהרו אליו מכל קצוי פולין, לשאול בעצתו ולהשווע בישועה ורחמים. ומכולם היה הוא משכמו ומעלה גבוה. מקטרת גדולה היתה נתונה תדיר בין שפתותיו והופעתו האצילית עם מבטו הפיקח הטילו אימה ויראת־כבוד על כל רואיו.

בביתו של רבי יעקב אריה שררה מזיגה נפלאה של וורקי—קוצק, שכן היה נכדו של הרבי מקוצק מחד גיסא וחותנו של האדמו״ר רבי מנחם קאליש מאַמשינוב מאידך גיסא. אהבת־ישראל הזכה, שזכה בה בית וורקי, היתה נטועה בו וטבועה באופיו.

חלק הארי של חסידיו ומעריציו היה מרוכז בלודז׳, ומנהג היה בידי הרבי יעקב אריה שהיה נוטש אחת לשנה את משכנו בוישקוב ויוצא ללודז׳.

בהגיעו ללודז׳ היה זוכה תמיד לקבלת פנים נלהבת ביותר מצד חסידיו. כאן היה מתארח אצל הרה״ח ר׳ זישא הנדליס. ר׳ זישא זה הוציא־לאור את הספר „תורת הכהן״ להרבי זושא מפלוצק, ורבי יעקב אריה נתן לו מכתב הסכמה על הדפסת הספר.

בלודז׳ היה מהזק את חסידיו ומעוררם לעבודת השם, וזמן רב היתה השפעתו ניכרת בעיר. כך היה נוהג מדי שנה בשנה, ונסיעות אלו תרמו הרבה לקירוב הלבבות והליכוד בין החסידים.

כך חלפו שנים בוישקוב. החסידים הלכו והתרבו ומדי שבת בשבת היתה החצר הומה מקהל החסידים. רבי יעקב אריה היה עורך את התפילה הזכה בצוותא חדא עם הקהל ואחר היו הכל סועדים על שולחנו. השולחן היה משאיר רושם עז בלב החסידים, כי היה מתובל בדברי־תורה רבים ומעמיקים, החודרים לנבכי הלב והנפש.

בשנת תרצ״ב נפטר האדמו״ר הזקן מרדזימין, וחסידיו נותרו מיותמים ללא מורה ומנהיג. שבעתיים היה גדול הכאב,

על כי רבם לא השאיר אחריו יורש וממלא־מקום, שיקבל את עול האדמו״רות ברדזימין.

כיוון שרבי יעקב אריה היה נכדו של האדמו״ר מרדזימין, נתנו בו עיניהם והפצירו בו, כי יאות לקבל עליו את האדמו״רות ברדזימין. אבל מאידך היו אנשי וישקוב מפצירים בו לבל ינטוש אותם. קשה היה עליהם לוותר על רבם הנערץ, אולם לבסוף גברו הפצרותיהם של חסידי רדזימין, וקיבל עליו את האדמו״רות של רדזימין. הוא עזב את וישקוב כשכל אנשי העיר מלווים אותו ברוב כבוד.

משנשארה וישקוב ללא רב, פנו אל בנו של רבי יעקב, רבי דוד שלמה, שנתפרסם כגדול בתורה, והציעו לו למלא את מקום אביו. רבי דוד שלמה נענה לבקשתם והוא נתמנה לרבה של וישקוב.

בפרוס מלחמת־העולם השניה הרגיש רבי יעקב אריה בסכנה החמורה המאיימת על יהדות אירופה והוציא מאמר מיוחד לחסידיו, בו פנה אליהם בקריאה היוצאת מעומק הלב שיתחזקו בעבודת השם ולא יפלו באמונתם. מאמרו זה הופץ בכל רחבי פולין ועורר הד חזק בין כל חסידי פולין.

בניו שניספו ג״כ על קה״ש (הי״ד): ר׳ ישראל יצחק אב״ד מרוצק, ר׳ אלימלך יהודה, חתנו של האדמו״ר ר׳ יוסף מאַמשינוב, ר׳ מרדכי, רב בסקרז׳יסק, ר׳ בריש חותנו של האדמו״ר מגרוכוב.

הרבנית איטה טובה קאליש, אשת הצדיק האדמו״ר רבי מאיר מאַמשינוב שליט״א, היא הבת היחידה שנשארה לאוי״ט.

# ר׳ חיים העניך דער בעל־תפילה

מנחם שטעלונג
תל־אביב

געווידמעט דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין פאָטער, מוטער, שוועסטער און ברידער)

ווער האָט נישט געקאָנט אין ווישקאָוו ר׳ חיים־העניך — דער טשערווינער בעל־מוסף און בעל־תפילה פון גערער שטיבל? האָט ער דאָך מיט זיינע פינף זין, די משוררים, מחייה־נפשות געווען די וואָס פלעגן הערן זיינעם אַ כל־נדרי, אַ מוסף אין ראש־השנה און יום־כפור, אָדער גאָר אַ נעילה. זיין „יְיָ הוּא הָאֱלֹהִים״ — האָט מען געזאָגט — שפּאַלט די הימלען...

אַז ס׳איז געקומען צו נעילה, האָט מען פון די אַנדערע שולן, בתי־מדרשים און מנינים זיך אַ לאָז געגעבן צום גערער שטיבל, כדי זיך קוויקן מיט חיים־העניכס זיסע שטים. אַפילו אונדזער שכן, דער שוחט ציוויאַק ז״ל, וועלכער איז אַליין געווען חזן אין דער גרויסער שול (ביזן אָנקומען פון חזן מלכיאל ברוכאַנסקי ז״ל), פלעגט זיך אויך אַראָפּכאַפּן צו נעילה, כדי הערן חיים העניכס תפילה...

די מאַמע דערציילט...

דער חזנישער דערפאָלג פון מיין פאָטער און דאָס אָפטע אָנווייזן אויף מיר אין שטעטל ווי אויף איינעם פון זיינע זין און מיטהעלפער, האָט מיך פאַראינטריגירט צו וויסן וויאַזוי האָט ער דערגרייכט די דאָזיקע קאַריערע. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און איינמאָל אַ פרעג געטאָן וועגן דעם מיין מאַמע, אסתר־מינדל ע״ה. צו מיין גרויס איבער־ראַשונג האָט די מאַמע זיך מיט מיר אַוועקגעזעצט און גערן אָנגעהויבן דערציילן די גאַנצע געשיכטע:

— חיים־העניך איז אַלס 15־יעריק ייִנגל געקומען פון טשערווין קיין ווישקאָוו לערנען אין דער היגער ישיבה. יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט ער דאָרט דאַווענען פאַרן עמוד און זיין נגינה איז באַלד באַרימט געוואָרן אין שטעטל. פיל יונגע מיידלעך פלעגן זיך שטעלן הינטערן פענצטער און מיט באַגייסטערונג זיך צוהערן צום שיינעם געזאַנג. אויך איך פלעג זיין פון די אָפטע געסט הינטערן פענצטער פון דער ווישקאָווער ישיבה, פונוואַנען עס האָט זיך געטראָגן דער קבלת־שבת פונעם טשערווינער יונגערמאַנטשיק. איך פלעג צוזאַמען מיט אַנדערע מיידלעך וואַרטן לאַנג נאָכן דאַווענען, כדי אים זען אַרויסגיין פון דאָרט. נישטאָ איצט

וואָס אויסצובאַהאַלטן — דער דאָזיקער ייִנגער חזן איז מיר זייער געפעלן געוואָרן און מיינע עלטערן האָבן עס טאַקע דערפילט. און ווי ס׳האָט זיך געפירט אין יענע צייטן, איז מיין מוטער אַוועק צו איר פאָטער, ר׳ משה סאָקאָל, אַ ייִד



ר׳ חיים־העניך שטעלונג ר׳ חיים־הנוך שטלונג

אַ גביר. אַ וואָרט צו אַ וואָרט — מיין פאָטער האָט אונטער־געשיקט אַ שדכן און מיר האָבן אין אַ מזלדיקער שעה חתונה געהאַט. אַזויווי ר׳ חיים־העניך האָט געשטאַמט פון גערער חסידים, האָט ער אָנגעהויבן דאַווענען אין גערער שטיבל. האָט מען אים איינמאָל פאַרבעטן צו דאַווענען פאַרן עמוד אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס — און די גערער האָבן אים

גאַרנישט געקאָנט אָפּלויבן. פון דעמאָלט איז ער געוואָרן דאָרט דער שטענדיקער בעל־תפילה...

### פאַרוואָס נישט קיין שוחט?

איך געדענק עס ווי היינט, הגם כ׳בין דאַן אַלט געווען נישט מער ווי אַ 5—6 יאָר: אין אַ שופלאָד פון דער שאַנק האָב איך צופעליק געפונען אַ חלף, פאַרוויקלט אין אַ טיכל. איך בין מיט דער מציאה אַוועק צו מיין פאָטער און אים געפרעגט פאַרוואָס איז ער נישט קיין שוחט, טראָץ דעם וואָס אין שטוב איז דאָ אַ חלף? ער האָט אונטערגעמורמלט עטלעכע ווערטער, פון וועלכע כ׳האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען, נאָר געפילט, אַז ער וויל פאַר מיר אויסבאַהאַלטן דעם סוד. מיין נייגיר איז אָבער געווען גרויס און ווען כ׳האָב די זעלבע פראַגע, נאָר מיט יאָרן שפּעטער, געשטעלט מיין מוטער אסתר־מינדל ע״ה, האָט זי אויך דאָסמאָל נישט פאַרהוילט, און דערציילט:

— חיים־העניך האָט נאָך דער חתונה, ווי דער שטייגער אין יענע יאָרן, געווען ביים שווער „אויף קעסט” אין משך פון עטלעכע יאָר. ער האָט אָבער געשאַפן עטלעכע קאָמפּאָזיציעס צו „לכה דודי” און פאַרפאַסט אַנדערע הזנישע מעלאָדיעס. גלייכצייטיק האָט ער זיך אָנגעהויבן לערנען אויף שוחט — און אויך מיט דערפאָלג. אַלעמאָל פלעגט ער אַוועקטראָגן די אָנגעשאַרפטע חלפים צום רב און נאָכדעם, ווען יענער האָט זיי מיטן אויג בודק געווען, איז געפאַלן דער פסק: ער באַקומט היתר־שחיטה. פונדעסטוועגן איז ער קיין שוחט נישט געוואָרן... ער איז פשוט געווען צו איידל, געהאַט אַ שוואַכע נאַטור, נישט געקאָנט קוקן אויף פאַרגאָסן בלוט און אויף געשאָכטענע עופות, וואָס ווילן לעבן... דער איבערברוך זיינער איז פאָרגעקומען אין שעכטהויז, ווו מ׳האָט געטויט בהמות. ער איז דאָרטן געקומען מיט אַ גוט אָנגעשאַרפטן חלף און איז גרייט געווען צום ערשטן מאָל אָנהייבן זיין מלאכה. אַלץ איז געווען פאַרטיק, נאָר — מיטאַמאָל האָט די קו אויפגעהויבן איר קאָפּ און געגעבן אַזאַ טרויעריקן בליק אויפן פאָטער, אַז אים האָט זיך אויסגעוויזן ווי זי פרעגט: „פאַרוואָס קומט מיך צו שעכטן?” — — — ער האָט צוריק פאַרמאַכט דעם חלף, אים אַריינגעלייגט אין שיידל און — אַוועק אַהיים מיט אַ פעסטן באַשלוס נישט צו זיין קיין שוחט...

### נייע קאָמפּאָזיציעס

נאָכן מוותר זיין אויף דער שחיטה, האָט מיין פאָטער אינגאַנצן זיך געווידמעט חזנות. ער פלעגט פאַרפאַסן נייע מעלאָדיעס, וואָס זענען שנעל פאָפּולער געוואָרן אין שטעטל און דערנאָך זיך איבערטראָגן ווייט־ווייט איבער די גרענעצן פוןווישקאָוו. אַז די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, פלעגט ער אונדז אויסלערנען די נייע ניגונים. שבת, ביי די זמירות, איז געווען פריילעך אין שטוב. מיר האָבן נישט נאָר געזונגען, נאָר אויך איינגעזונגען, געלערנט זיך די נייע קאָמפּאָזיציעס. שלוש־סעודות פלעגן מיר פּראַווען ביים מורה־הוראה. מיין פאָטער פלעגט מיך אַהין מיטנעמען, ווו כ׳האָב אים געהאָלפן אויספירן די נייע ניגונים. מיר דערמאָנט זיך, אַז איינמאָל ביי אַזאַ שלוש־הסעודות האָט ר׳ חיים־העניך „דערלאַנגט” אַ נייע נגינה, אַז דער עולם איז געבליבן זיצן געפּלעפט. דערנאָך האָט מען לאַנג גערעדט וועגן דעם, און איך בין באַזונדערס געווען שטאָלץ מיט מיין טאַטנס אויפטו. דער מורה־הוראה אַליין האָט אויפן הויכן קול אויסגערופן: אַ יישר־כוח!...

עטלעכע וואָכן פאַר די ימים־נוראים איז ביי אונדז אין שטוב געווען לעבעדיק. אַ גאַנצע קאַפּעליע משוררים, מיט וועלכע עס האָט דיריגירט אונדזער ברודער אברהם־משה ז״ל, האָט אין משך פון שעהן, טאָג־איין טאָג־אויס, זיך געגרייט צו יענע טעג. מיין טאַטנס „ונתנה תוקף” אָדער דער „הנני עני ממעש” זענען נאָך ביזן היינטיקן טאָג טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. גייענדיק היינט הערן אַ חזן, פרווו איך שטענדיק מאַכן דעם פאַרגלייך מיט מיין פאָטערס נייע קאָמפּאָזיציעס אָדער זיינע אינטערפּרעטאַציעס פון אָנגענומענע ניגונים. און שטענדיק ווייזט זיך מיר אויס, אַז דער ווי׳שקאָווער בעל־תפילה ר׳ חיים־העניך פאַרנעמט אַלץ דעם אויבנאָן...

נאָך אונדזער אָפּדאַווענען די ימים־נוראים — איז גלייך געקומען דער שכר. גערער חסידים האָבן ממש געפירט צווישן זיך אַ מלחמה איבערן כבוד אונדז איינצולאַדן צו זייער טיש אויף קידוש. זיי איז געגאַנגען אין לעבן כאָטש אויף אַזאַ אופן אויסדריקן זייער אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט פאַר דעם פאַרגעניגן און הנאה, וואָס זיי האָבן געהאַט פון אונדזער דאַווענען פאַרן עמוד.

און אַזוי האָט אונדזער משפחה — צוזאַמען מיטן גאַנצן שטעטל — געלעבט ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

### אין וואַרשע

ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין קיין פוילן, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ווישקאָוו און זיך איבערטראָגן קיין וואַרשע, ווו ס׳האָבן געוווינט אונדזערע שוועסטערס חיה און ברכהטשע. עטלעכע טעג האָבן מיר זיך געשלעפט מיט פערד און וואָגן צו דער הויפּטשטאָט פון פוילן. דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער און פאַרמאַטערנדיקער. באַנדיטן זענען אונדז באַפאַלן און איך געדענק נישט גענוי צי מיין פאָטער האָט זיי געגעבן געלט, כדי זיך אויסצוקויפן דאָס לעבן. איינס געדענק איך יאָ: די רויבער האָבן מיך איבערגעשראָקן און אין זייער אָנוועזנהייט האָב איך שטאַרק געוויינט און געשריגן. דאָך זענען מיר בשלום אָנגעקומען צו אונדזערע שוועסטערס.

מיט דער דערלויבעניש פון גערער רבין, איז מיין פאָטער געוואָרן דער בעל־מוסף אין גערער שטיבל אין וואַרשע, אויף גענשע 19. אויך דאָ האָט דער טאַטע מיט זיינע זין די משוררים געהאַט גרויס דערפאָלג, אָבער ר׳ חיים־העניך האָט זיך זייער געבענקט אַהיים, צו די גערער אין ווישקאָוו. ער האָט אויך געוווּסט, אַז פון אַ חזקה טאָר מען נישט אַזוי שנעל רעזיגנירן. ער האָט געבעטן אויף אַ שנעלן פאַרענדיקן די מלחמה, כדי צוריק זיין אין דער היים.

אַ געלעגנהייט דערצו איז געקומען — אָבער פון אַ גאָר אַנדערער, אומגעריכטער און טראַגישער זייט. אונדזער שוועסטער יוכבד, אַ מיידל פון 15 יאָר, שטייענדיק איינמאָל אין דער ריי נאָך ברויט אַ גאַנצע נאַכט, האָט פון אַ דייטש באַקומען אַ זעץ אין קאָפּ מיטן פריקלאַד פון דער ביקס. זי איז דערפון געשטאָרבן אויף אַ מוח־אָנצינדונג. אין גרויס פאַרצווייפלונג צוליבן אומגליק, האָט מיין פאָטער געזאָגט, אַז מן־הסתמא איז דאָס אַ שטראָף פון גאָט, וואָס ער האָט איבערגעריסן די חזקה — הגם דער רבי האָט אים דערלויבט. ער איז דאַן צוריקגעפאָרן קיין ווישקאָוו אויף די ימים־נוראים

און געדאַוונט פאַרן עמוד. און פון יענער צייט, ווי נאָר ער האָט זיך נישט געפינען, פלעגט ער אויף יעדן ראש־השנה און יום־כפור קומען קיין ווישקאָוו, אַפילו ווען ער האָט געוווינט אין אָסטראָלענקע צי אין אַנדערע ערטער.

### אַ סדר־נאַכט

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־קריג זענען מיר צוריק געווען אין ווישקאָוו. געוווינט האָבן מיר אויף סטאַדאָלנע גאַס, אינעם גרויסן הילצערנעם הויז פון יאַקובאָוויטשן, ווו ס׳האָט זיך אויך געפונען די דירה פונעם שוחט יאַנקל בורשטין. אונדזער וווינונג איז געווען אַ גרויסע, באַזונדערס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון דער ריזיקער עס־זאַל, וואָס איז געווען געגרייט און סערווירט צו דער סדר־נאַכט. עס איז אָבער אַזוי געשען, אַז גראָד ערב פסח זענען די רוסן אַריין אין שטעטל און אַ טייל אָפיצירן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די הייזער, כדי רעקווירירן דירות פאַר דער אַרמיי. אין יענער סדר־נאַכט, ווען מיין פאָטער האָט מיט זיין שטאַרקער מעלאָדישער שטים געמאַכט קידוש, עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ רוסישער אָפיציר. ער האָט געוואָלט אָנהייבן רעדן און אַוודאי פאָדערן די דירה פאַר זיך צי פאַר אַנדערע מיליטער־לייט. מיין פאָטער האָט אָבער נישט איבערגעריסן דעם קידוש און דער אָפיציר, אַ געפּלעפּטער און איבעראַשטער, האָט אָנשטאָט זיין פאָדערונג, גאָר צוגעלייגט די האַנט צום היטל, סאַלוטירט און שטיל אַרויסגעגאַנגען. מיר אַלע האָבן אין דעם געזען אַ באַשיינפּערלעכן נס. אין יענער סדר־נאַכט האָט מיין פאָטער מיט זיינע זין די משוררים זיך אַליין איבערגעשטיגן. ביז אין די קליינע נאַכט־שעהן האָבן מיר געזונגען און זיך משמח געווען. באַזונדערס יומטובדיק איז אויסגעפאַלן דער ענטפער פון אונדזער פאָטער אויף דער „מה נשתנה״...

מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אַזעלכע „וויזיטן״ פון צאַרישע אָפיצירן אין יידישע היימען, פלעגן בדרך־כלל זיך ענדיקן זייער טרויעריק. לויט דער שטימונג דאַן אין שטאָט, האָט געדראָט אַ געפאַר נישט נאָר צוצונעמען די דירה, נאָר אויך באַשטראָפן, צי איזדעקעווען זיך, איבער אירע אייגנטימער. אַן אָפיציר פון ניקאָלייס אַרמיי האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט איבעריקער העפלעכקייט כלפי אַ ייד, בפרט אין מלחמה־צייט, ווען ווישקאָוו איז געווען נישט ווייט פון פראָנט. איך געדענק, ווי מיין קינדיש האַרץ האָט דאַן געפלאַטערט אין שרעק און מיין גאַנצע משפחה האָט מיט ציטער געוואַרט אויף דער אַנטשיידונג. און ווייל ס׳איז אונדז אין יענער נאַכט גאָרנישט געשען — איז זי אונדז געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. אונדזער גרויסע דירה איז דאַן געווען פון די איינציקע, וואָס איז נישט רעקווירירט געוואָרן דורך דער צאַרישער אַרמיי. צום אָנדענק פון יענער נאַכט, פלעגן מיר דערנאָך יעדן סדר איינאָרדענען און אַדורכפירן מיט באַזונדערע ניגונים און צערעמאָניעס. הינטער אונדזערע פענצטער זענען געשטאַנען פיל איינוווינער פון שטעטל און זיך צוגעהערט צו די פאַרפאַסונגען פון אונדזער פאָטער.

ווען איך בין אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן עולה געווען קיין ארץ־ישראל, האָט מיין פאָטער אין זיינע בריוו מיך אָנגעפרעגט צי איך געדענק נאָך דעם פסח פון ווישקאָוו און דעם טאַטנס סדרים. אין יאָר 1935 האָב איך אָנשטאָט אַן ענטפער אויף זיין בריוו, אים איבערגעשיקט די ווייטערדיקע שורות:

### מיין טאַטנס סדר

זיצט מיין טאַטע היינט ביים סדר
און די מאַמע ביי זיין זייט.
טראַכטן ביידע, ווי דער שטייגער,
וועגן קינדער אין דער ווייט.

געווען אַמאָל דער פסח פריילעך,
דאָס גאַנצע הויז פול מיט געלעכטער.
דער טאַטע — אַן אמתדיקער מלך,
צווישן זיינע זין און טעכטער.

יעדעס קינד אַ צווייטע קשיא
פלעגט דעם ליבן טאַטן פרעגן.
און איצט — אַלע זיך צעפלויגן
איבער ווייטע וואַנדער־וועגן.

זיצט מיין טאַטע היינט ביים סדר
פונקט ווי איך דאָ — מיט געוויין.
ער איז דאָרט און איך — דאָ,
ביידע עלנט ווי אַ שטיין...

אַזוי האָב איך אין אומבאַהאָלפענע שורות אויסגעדריקט מיין בענקשאַפט און צוגעבונדנקייט צו טאַטע־מאַמע, וועלכע כ׳האָב געוואָלט אַהערנעמען קיין ארץ־ישראל, אָבער נישט מצליח געווען, צוליב דער סערטיפיקאַטן־פּאָליטיק פון דער מאַנדאַטן־רעגירונג און אויך צוליב דעם פאַקט, וואָס איך גופא בין אויך אַריינגעקומען קיין ארץ־ישראל אומלעגאַל (מיט עליה ב׳).

### דער טויט אין וואַרשעווער געטאָ

זיינע לעצטע ימים־נוראים, אין יאָר 1940, האָט ר׳ חיים־העניך געדאַוונט פאַרן עמוד אין גערער שטיבל, אין געטאָ וואַרשע. דאָס מאָל האָט ער שוין נישט געהאַט זיינע משוררים און אויך נישט די מתפללים. די צוויי מנינים יידן האָבן נישט אַלע געהערט צו די גערער חסידים. די איינצלנע ווערטער עס איז געלונגען זיך אַרויסצוראַטעווען פון היטלערס נעגל, דערציילן ווי האַרצרייסנדיק און דערשיטערנדיק עס זענען דאַן געווען די תפילות פון ר׳ חיים־העניכן. אויך ער, אויפן מוסטער פון רבי לוי יצחק מבערדיטשעוו, האָט הויך זיך אויסגעטענהט מיטן רבונו־של־עולם און געפרעגט: „וואָס ווילסטו פון דיין פאָלק ישראל?״

ער האָט זוכה געווען צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און געהאַט אַ גרויסע לוויה אין געטאָ וואַרשע. ער איז באַערדיקט געוואָרן אויפן גענשער בית־עולם, ווו אונדזערע טייערע מאַמע איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה נאָך אין יאָר 1935.

כבוד זייער ליכטיקן אָנדענק!

# ר׳ חיים מלכיאל דער חזן

מיין פאָטער, ר׳ חיים מלכיאל ברוכאַנסקי ע״ה, האָט געשטאַמט פון לאָמזשע. דער זיידע, מיין פאָטערס פאָטער, ר׳ אליהו ברוכאַנסקי ז״ל, איז אויך געווען אַ חזן, שוחט, אַ גוטער מנגן און אַ פרומער ייד. אין זיינע יינגע יאָרן געזונגען ביי ניסן בעלזער. דער באַוווסטער צדיק ר׳ זלמעלע חסיד, דער ערשטער לאָמזשער רב, איז געווען זייער עלטער־זיידע.

אַלס קינד האָט מיין פאָטער אַרויסגעוויזן גרויסע געזאַנג־קענטעניש און פלעגט שוין דאַן מיטזינגען אין די גרעסטע שולן. ער האָט געזונגען ביי פיניע מינקאָווסקי אין אָדעס, ווי אויך אין כערסאָן, וווּ ר׳האָט אויך געלערנט מוזיק. זייענדיק אַ פרומער ייד, האָט ער אויסגעקליבן צו זיין חזן, שוחט און מוהל.

זיין ערשטע שטעלע איז געווען דאָס שטעטעלע סעראַצק. דאָרט האָט ער געוווינט נישט מער ווי איין יאָר. זעט אויס, אַז קיין גרויסע פרנסה האָט ער דאָרט נישט געהאַט און זיך אַריבערגעצויגן קיין נאָווידוואָר. דאָרט אָפּגעווען צוויי יאָר. דאָ איז אויך נישט געווען צו פריילעך מיט פרנסה, און דעריבער האָט ער אויך די שטעלע פאַרלאָזט.

געווען נאָך אַ סיבה: דאָס איז געשען אין יאָר 1905, ווען די יידישע סאָציאַליסטן האָבן אים געוואָרנט, אַז אויב ער וועט ווייטער מאַכן „מי שברך׳ס פאַרן צאַר — זענען זיי נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין לעבן...

פון נאָווידוואָר איז ער אַוועק קיין מאַקאָוו. אויך דאָ איז די פרנסה נישט געווען קיין פולע. מיין פאָטער האָט תמיד אָפּגעהיטן, אַז דער ניווא פון דאַווענען צי פון שופר־בלאָזן זאָל זיין אויף דער געהעריקער הייך. אויף דעם געביט איז ער געווען אַן אויסערגעוויינלעכער קפדן. אָנערקענענדיק, אַז דער מאַקאָווער רב, ר׳ ישראל־ניסן קופערשטאָק, איז אויסער זיין פרומקייט, געווען אויך אַן אויסערגעוויינלעכער בעל־תפילה, האָט אים מיין פאָטער צוגעהאָלפן. באַזונדערס — ביי נעילה, ווען דער רב האָט געדאַוונט אין דער באַוווסטער מאַקאָווער שול. מיין פאָטער פלעגט זיך אויך קוויקן מיט די ריינע תקיעות פון אויבן־דערמאָנטן רב.

מיט מאַקאָוו האָבן די וואַנדערונגען זיך נישט גע־ענדיקט. דאָס ווייטערדיקע שטעטל — גאָוואָראָווע, וואָס איז אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געוואָרן חרוב געוואָרן. פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געבליבן אַ העלפט. אויך דאָ האָט ער אָנגעטראָפן אויף דעם באַוווסטן בעל־קורא יענקל קלעפּפיש. ער איז ספּעציעל געגאַנגען אים הערן לייענען, ווען ער האָט נאָר געהאַט צייט. אין גאָוואָראָווע האָט אויך געלעבט אַ מיוחסדיקע און לומדנישע פאַרצווייגטע משפחה גרודקע. איינער פון דער משפחה — ר׳ חיים־בער גרודקע מיט זיין פרוי ברײנע, זענען דערנאָך געוואָרן מיינע שוויגער־עלטערן. ר׳ חיים־בער איז געווען אַ גוטער בעל־תוקע און מיין פאָטער האָט אים שטענדיק אויסגעקליבן צו בלאָזן שופר דאָרט, וווּ ער האָט געדאַרפט דאַווענען.

נאָך גאָוואָראָווע זענען מיר אַריבערגעפאָרן קיין זאַקראָ־טשים. דאָ איז שוין די שחיטה געווען צו שווער פאַר מיין פאָטער, ווייל ער האָט נאָך באַדאַרפט באַדינען מיט שחיטה די אַרטיקע פעסטונג. האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין ווישקאָוו, וווּ ער איז שוין געבליבן ביזן סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דאָס דאַווענען, די תקיעות און דאָס לייענען איז ביי מיין פאָטער געווען אַן עבודת הקודש. אַז די תקיעות אין ראש־השנה זענען נישט אויסגעפירט געוואָרן ווי געהעריק, פלעגט מיין פאָטער נישט פאַרזעצן די שמונה־עשרה, נאָר געבן מיט דער האַנט אַ צייכן נאָכאַמאָל צו בלאָזן.

ר׳ חיים מלכיאל איז געשטאָרבן אין לאָמזשע אַלס פליט, אין יאָר 1940.

ערע זיין אָנדענק!

**י. ברוכאַנסקי**

# ישראל אסמאן

ער האָט געשטאַמט פון ווישקאָוו. בערך אין יאָר 1906 איז ער געקומען קיין לאָמזשע און זיך פאַרנומען מיט פּריוואַטע לעקציעס. ער איז געווען אָנגעזען אין די אינטע־ליגענטע ציוניסטישע קרייזן, ווייל ער איז געווען אַ ליטע־ראַט. ער האָט געשריבן דערציילונגען פון חסידישן לעבן אין צייטלינס „יידישע וואָכנבלאַט״. ער פלעגט זיך באַטייליקן אין אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען; רעדן אין שול פאַר ציוניזם; לערנען מיט דער יוגנט „עין יעקב״ און דערקלערן די „אגדות״ פון „תלמוד״ לויט וויסנשאַפט און לאָגישן דענקען. אין 1909 האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע (לאָס־אַנזשעלעס). דאָרטן האָט ער פאַרגעזעצט זיין פּעדאַגאָגישע און ליטעראַ־רישע אַרבעטן אין די „צוקונפט״ און „הדואר״. ער האָט איבערגעזעצט אין יידיש קאַרליילס „העלדן און זייער דינסט״, אויך געדרוקט דערציילונגען אין העברעיש מיט אַן אויס־געצייכנטן סטיל.

אין זיין הויז, וואָס האָט געדינט ווי אַ קלוב פאַר געלערנטע און שרייבער, פלעגט ער שטענדיק דערמאָנען לאָמזשע, וווּ ער האָט אַליין פיל געלערנט און געלערנט מיט אַנדערע. ער האָט זיך געגרייט עולה צו זיין קיין ישראל — אָבער נישט זוכה געווען. ער איז געשטאָרבן פון אַ לאַנגער קרענק אין יאָר תשי״א. אין לאָמזשע האָט ער געהאַט פיל פריינד און פאַרערער.

**יוסף זיידענשטאַט**

(פון בוך לאָמזשע — איר אויפקום און אונטערגאַנג ניו־יאָרק, 1957, ז׳ 80)

# ישראל אסמאנס פאָלקס־לעגענדעס און פאָלקלאָר

דער יידישער פאָלקס־אוצר איז אין פאַרלויף פון דורות געווען ווי אַ פאַרחתמעטער קוואַל. אינעווייניק האָט געשלאָגן, געברויזט און געשטורעמט — אָבער צום פאַרשן איז עס נישט דערגאַנגען.

ווער האָט זיך אַמאָל אומגעקוקט אויף אַלטע „באָבע מעשיות״? פון דור צו דור האָבן זיך אָנגעקליבן ביים פאָלק גאַנצע אוצרות פון אמתן פאָלקלאָריסטישן רייכטום; שאַפונ־

גען, וואָס די פאָלקס־מאַסן שפינען און וועבן „בלא יודעים״, אָן קינסטלערישער אינספּיראַציע, נאָר אינעם גייסט פון דער פאָלקס־נשמה. ביז ס'איז געקומען דער אויפשטייג און אויפ־שפראָץ פון דער יידישער פאָלקס־מעשה. י. ל. פרץ האָט אין זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״ פונאַנדערגעוויקלט פראַכטפולע פאַנאָראַמעס און בילדער, וואָס שילדערן דעם „אַמאָל״ מיט רייכע דראַמאַטישע עלעמענטן און געוועקט דעם אינטערעס ביי אַנדערע שרייבער און קינסטלער.

נאָך אים איז געקומען מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי, וואָס האָט אויסגעהאַקט אַ פענצטער אין דער געטאָ־מויער פון מיטלאַלטער. אין זיינע ווערק „צפונות ואגדות״ און „מאוצר האגדה״ האָט ער אונדז געגעבן אַ וויכטיקן פאָלקלאָריסטישן מאַטעריאַל.

אין זייערע טריט — האָט באַצייכנט ד״ר חיים זשיט־לאָווסקי — איז געגאַנגען ישראל אַסמאַן, בעת ער פלעגט אין דער ניו־יאָרקער צייטונג „טאָג״ דרוקן רעגלמעסיק, יעדער וואָך, זיינע „מעשיות פון קעלער — אַלטע שמות (שיימעס)״. אַסמאַן האָט, נאָך מער ווי בערדיטשעווסקי, געזען „ל״ו צדיקים״, נישט נאָר אין „בעלי מלאכות״, נאָר אויך אין „ארחי פרחי־ניקעס״ און „מענטשן פון דעק״. זשיטלאָווסקי שרייבט, אַז אין ישראל אַסמאַנס דערציילונגען און מעשהלעך האָט באַקומען אַ „תיקון״ אויך דער פשוטער ייד פון אַ גאַנץ יאָר.

### יידישע פאָלקס־פאַנטאַזיע אין מיטלאַלטער — אַ טייל פון אַסמאַנס שאַפונגען

י. אַסמאַנס „ספר הנסיונות״, וואָס איז דערשינען אין יידיש און אין העברעיש, איז נאָר אַ קליינער אָפקלייב פון זיין גרויסן געזאַמלטן אוצר פון פאָלקס־מעשהלעך, וואָס ער האָט אין פאַרלויף פון יאָרן פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער „טאָג״, און אין דאָזיקן בוך זיינעם האָט ער געגעבן נאָר מוסטערן פון פאַרשידענע סאָרטן מעשהלעך, וואָס אַ טייל פון זיי האָט ער געהאַט צוגעגרייט אין שריפט און האָבן נישט זוכה געווען צו דערשיינען אין בוך־פאָרם.

אין זיינע וועכנטלעכע פאָלקס־לעגענדעס אין „טאָג״ קומען צום אויסדרוק „מיסטישע פאָלקס־פאַנטאַזיעס״. „רבי יוסף דילה ריינה״ איז נישט געווען קיין אויסנאַם, אַ זעלטנ־הייט, נאָר אַן אויסדרוק פון פאָלקס־לעבן און שטורמיש אינערלעכן געדראַנג אין פאַרלויף פון דורות. ער שילדערט טאַקע דעם דאָזיקן מאָמענט אין פאַרשידענע וואַריאַציעס.

### די „משיח־אידעע״ אין דער פאָלקס־לעגענדע

די „משיח־אידייע״ האָט געטליעט אין דער פאָלקס־נשמה און די בענקשאַפט צו „גאולה״ האָט אויפגעבראַוזט פון צייט צו צייט און מיט אירע געשעענישן באַשפּעטיקט די פאָלקס־לעגענדע. די פאַלשע משיחים, שבתי צבי און יעקב פראַנק, האָבן געהאַט אַ רייכן אָפקלאַנג אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע — און ישראל אַסמאַן שילדערט אייניקע אינטערעסאַנטע פאָלקס־לעגענדעס וועגן שבתי־צבי, אַז ער פלעגט האָבן התבודדותביים ים און אַז ר'האָט מיטן „שם המפורש״ דערטרונקען אַ שיף מיט ים־רויבער...

אויך וועגן וויכוח וואָס יעקב פראַנק האָט געפירט אין יאָר תקי״ט (1759) מיט ר' חיים כהן ראַפּאָפּאָרט און רבי ר' בער פון יאַזלאָוויטש, האָט אַסמאַן אַ מעשהלע, ווי: זיי לאָזן זיך אין וועג אַריין און אין מיטן וועג וויל דאָס פערד נישט גיין. בלייבן זיי שבת אונטערוועגס און פאַר־שפעטיקן מיט זייער רייזע קיין לעמבערג. שפעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער דאָזיקער צייט האָבן די פראַנקיסטן איינגעאָרדנט אַ „שריפה״ פון תלמוד־ספרים אויף דער גוישער גאַס אין לעמבערג, וואָס איז געווען צוגעגרייט צו זייער אָנקומען. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע זכיה נישט צו



ישראל אַסמאַן אין לאָס־אַנזשעלעס
ישראל אסמן בלוס־אַנז'לס

זען מיט זייערע אויגן דעם גרויסן חלול השם, ווייל דאָס פערדל האָט זיך פאַרעקשנט און נישט געוואָלט גיין.

### וועגן יעקב פראַנק און זיינע אַנהענגער

דער רוב לעגענדעס פון ישראל אַסמאַן זענען באַזירט אויף היסטאָרישע פאַקטן. זיין שילדערונג, ווי יעקב פראַנק, דער פאַלשער משיח, האָט געשריבן זיין הייליקע שריפט „ביבליאַ באַלאַמוטנאַ״ מיט רויטן טינט, איז באַזירט אויפן באַרימטן בוך פון אַלעקסאַנדער קראַויזהאַר אין פויליש „פראַנק אי פראַנקיסטשי״ און אויף זלמן שזרס „עקבות אחים עובדים״, איינדרוקן פון אָפּענבאַך און אַנד.

אַזוי אויך זיין דערציילונג וועגן יעקב פראַנקס אַנהענגער, באַראָן וואָלף פאָן אייבעשיץ, דער זון פון פראַגער גאון רבי יהונתן אייבעשיץ, וויאַזוי ער ווערט צוריק אַ בעל־תשובה נאָכן טויט פון זיין פאָטער ר' יהונתל פראַגער, וואָס פלעגט אים מיט פאַרשידענע חלומות נישט לאָזן צורו אין די נעכט.

### פאָלקסטימלעכע פאַנטאַזיעס זענען איינהייטלעך

לויענענדיק י. אַסמאַנס „דאָס בוך פון נסיונות״, דוכט זיך, אַז דאָס איז עכטע יידישע פאָלקס־שאַפונג, לויט די יידישע מיסטישע נייגונגען אין מיטלאַלטער. קומט אָבער ש. פּיעטרושקאַ אין זיינס אַן אַרטיקל אין וואַרשעווער „היינט״ און שרייבט וועגן י. אַסמאַנס בוך, אַז זיינע דער־ציילונגען זענען וואַנדערנדיקע מאָטיוון פון פאָלקלאָר, ווייל דער יידישער געטאָ אין מיטלאַלטער איז לגמרי נישט געווען איזאָלירט פון איינפלוס פון די אַרומיקע פעלקער. אויך

ש. פראַגער ווייזט אָן, אַז דער סיפור „דוד מלך ישראל" פון אַסמאַן, איז ענלעך צו דער געשיכטע פון פליגאַן און טראַלעס, וואָס האָט געלעבט אין צווייטן יאָרהונדערט און אויך צו „האריבארדא", לויט יאָהאַן הערטעלס אינדישע מעשהלעך.

י. אַסמאַן האָט אַמאָל אַליין געשריבן וועגן זיין פאָלקלאָריסטישער אַרבעט: „איך נעם גערן אַ מעשה, וואָס ווייזט מיר דעם סענסיטיוון יידישן גייסט, וואָס זויגט פון וואַנדערנדיקן פאָלקלאָר. יידישער פאָלקלאָר איז ענלעך צום וועלטלעכן פאָלקלאָר. מיט די פאָלקסטימלעכע מאָטיוון, האָבנדיק גלייכצייטיק אייגנאַרטיקע שאַפונג פון אינערלעכן לעבנסקוואַל. אַלט־יידיש האָט געהאַט אַלס ערשטלינג דעם „אַרטור ראָמאַן" און אַ בוך וועגן פרינץ בבא, וואָס איז דערנאָך געוואָרן די באַקאַנטע „בבא מעשה". אַזוי אויך — „אולענשפיגל" אין די „שפילמאַן־דיכטונג" — אַלץ וואָרצלען אין אַלוועלטלעכן פאָלקלאָר".

„אין איר אייגנאַרטיקער סביבה — שרייבט דער באַוווּסטער עסייאיסט חיים ליבערמאַן — האָט די יידישע ליטעראַטור נישט געקאָנט מיטגיין יענעם וועג, וואָס די אייראָפעישע ליטעראַטורן האָבן דורכגעמאַכט. דערפאַר טאַקע האָט זיך אַנטוויקלט דער אייגנאַרטיקער יידישער פאָלקסגייסט, וואָס ווייזט אונדז אין דער פאָלקס־מעשה די אייביקע מענטשלעכע פראַגן און די שייכות פון גאָט, וועלט און מענטש".

אַ נייעם צוגאַנג צום יידישן פאָלקלאָר געפונען מיר ביי ישראל אַסמאַן. אין דער צייט וואָס אין פאָלקס־ספרל „עושה פלא", אָדער „מעשים פלאים", „נפלאות צדיקים" און אַנד. געפינען מיר שטענדיק אַ מאָראַלישן אָדער רעליגיעזן געדאַנק, האָבן י. אַסמאַנס מעשהלעך אַ וועלטלעכן תוכן. אויב ביי אַנדערע פאָלקס־מעשהלעך קאָנען מיר זיי נישט אָפטיילן פון געדאַנקענגאַנג פון די וואָס האָבן זיי געשאַפן, איז ביי אַסמאַן די פאַנטאַזיע פריי, נישט ענג צוגעבונדן צו קיין ראַם, היטנדיק גלייכצייטיק קינסטלעריש די אויטענטישע פאָלקסטימלעכע אייגנאַרטיקייט.

### רעפעראַטן און געשפרעכן וועגן זיינע שאַפונגען

בעת ישראל אַסמאַן איז געווען אין ישראל, בין איך מיט זיין בן־עיר מאָטל וועגנער געגאַנגען צו אַסמאַנס רעפעראַט וועגן זיינע שאַפונגען:

„איך האָב שטענדיק געזוכט אין דער פאָלקס־נשמה — האָט ער געזאָגט — דעם סטעמפל פון פאָלקס־גייסט און זיך דערווייטערט פון יעדער מעשה, ווו כ'האָב באַמערקט דרוקפינגער פון אינדיווידואַליסטישן חותם, אָן פינגערדרוק פון אַ יחיד — דאָס איז דער סימן מובהק פון אַן עכטער פאָלקס־מעשה.

„כ'האָב די ל"ו צדיקים גראָד געזוכט אין די פאָלקס־מעשיות וועגן כל־בוניקעס. אַ להכעיסניק, אַ בעל־תאוהניק, אָן שום דרך־ארץ פאַר רבנים, דוכט זיך, ער איז אַן אויסוווּרף — און ביי אים אין האַרצן טליעט אַ טיפע ליבשאַפט צום בורא עולם. שנאָרער, וואָס גייען איבער דער מדינה, נע־ונדניקעס — און זיי זענען געווען אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע פון די ל"ו צדיקים, וואָס אויף זיי שטייט די וועלט.

„אַז כ'האָב געזוכט וואָס איז עכט יידיש און וועלכע מעשה שטאַמט פון פרעמדע פעלקער, האָב איך געהאַט דעם סימן, וואָס ש. אַנסקי האָט געגעבן: „אייביקייטס־באַגריף". נישט דאָס פאַרבייגייענדיקע, נאָר דאָס בלייבנדע, דאָס דויערהאַפטע, וואָס איז אַ שטיק נצחיות — דאָס איז עכט יידיש.

„אין דער יידישער פאָלקס־מעשה איז דער קרייז־לויף — אין בטחון צום בורא עולם. דער מאָטיוו פון „בטחון" איז ביי קיין שום פאָלק נישט אַזוי גרויס ווי ביים ייד.

„אַז חוני המעגל זעט ווי אַ ייד פלאַנצט אַ באָקסער־בוים, וואָס וועט ערשט אין 70 יאָר אַרום געבן פרוכט, איז עס אויך דער מאָטיוו פון „בטחון", וואָס דער ייד, וואָס לעבט אין שטענדיקן פחד צו דאַרפן טוישן זיין וווין־אָרט, פאַרזאָרגט זיינע אייניקלעך, האָבנדיק בטחון, אַז זיי וועלן געניסן פון זיין שאַפונג.

„דער גרויער היינט איז שטענדיק געווען ביים ייד אַ פרוזדור צום ליכטיקן מאָרגן.

„דוד המלך, דער יונגער פאַסטוך, איז מנצח גליתן, וואָס איז באַוואָפנט פון קאָפ ביז פיס — איז ווידער אַ נצחון־מאָטיוו, אַז יידישער גייסט וועט דאָך קאָנען באַזיגן דעם פיזישן כוח וואָס איז צו אים פיינטלעך."

אין „הצופה", האָט דער שרייבער פון די שורות געשריבן וועגן י. אַסמאַנס רעפעראַט, אַז ער האָט אָפגעשפיגלט דעם גאַנצן ראָמאַנטישן חן פון יידישן וועלט־באַנעם מיט דער גאַנצער פאַנטאַסטיק, וואָס איז אייגן דער יידישער מענטאַליטעט. דער ייד האָט אַן „עולם האגדה", לעבט מיט די זכרונות פון די פריערדיקע דורות און איז אויך איבערגעטראָגן געוואָרן אין די „לעתיד לבוא" צייטן. דער יידישער גייסט האָט אין זיין לויף זיך דערווייטערט פון זיין צייט־קרייז.

די אַסאָציאַציע פון צייט און שטח האָט פאַר דער יידישער מעשה נישט עקזיסטירט. מ'האָט איינגעשלעפערט די צוהערער מיט מעשהלעך פון ווייטן אַמאָל. די טעאָריע פון רעלאַטיווקייט האָט ביי אונדז יידן עקזיסטירט אַ סך יאָרן פאַר איינשטיין, אויף אַ גאַנץ ראָמאַנטישן אופן.

כ'וויל דאָ נאָך ציטירן ש. ניגערס אָפשאַצונג וועגן י. אַסמאַנס מעשיות:

„ישראל אַסמאַן איז דער מייסטער פון דער יידישער ל'עגענדע פון אַמאָל. ער זוכט נישט די אידעען־וועלט, ווי י. ל. פרץ, נאָר ער וויל אונדז ווייזן ווי דער אָפגעריסענער, אָפגעשליסענער יידישער אביון האָט זיך טובל געווען אין גרויסן פאָלקס־קוואַל. נישט אַלעמאָל האָט ביי אים אַ מעשה אַ ראָמאַנטישן כאַראַקטער, אַמאָל פונקט קאַפויער: מגושמדיק, גראָב־יינגיש, אָדער גאָר — אַן אומבאַהאָלפענע בריאה. אָבער אויך אַזאַ באַשעפעניש איז גאָטס באַשאַף, אַ טייל פון די הויכע רעגיאָנען פון קאָסמאָס."

ישראל אַסמאַן איז געווען דער מייסטער פון דער יידישער פאָלקס־מעשה. ער האָט באַנוצט זיין אייגענע פאַנטאַזיע, כדי צו באַקליידן יעדע לעגענדע מיט אַ ליטעראַרישן לבוש. זיין קינסטלעריש שילדערן איז נישט בלויז דערציילעריש, נאָר ברענגט אַריין דעם לייענער אין דעם פאַנטאַסטישן כשוף־רייץ, וואָס די געראָדפטע יידישע פאָלקס־מאַסע האָט זיך אַרומגערינגלט ווי אַ געפאַנצערטער קרייז קעגן די פאַרשידענע שטנס, וואָס זענען אויפגעשטאַנען קעגן זייער קיום. די פאָלקס־נשמה האָט שטענדיק געזוכט גאָטס חסד אין באַגאַזש פון דורות און צוקונפט־חלומות. זיין אינטעלעקטועלער באַגאַזש האָט אַ סך בייגעטראָגן צו זיין קינסטלערישן כוח. און עס איז צו באַדויערן, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך אין דער טיפער אייביקייט דעם גרעסטן טייל פון זיינע אומשעצבאַרע שאַפונגען.

ער האָט אַליין אַמאָל אין אַ מעשה געשילדערט דעם מאַגישן טונקעלן טויער פון בית הקברות, וואָס ער איז שפּעטער אַליין דורכגעגאַנגען, שטאַרבנדיק פאַר דער צייט, נישט באַוויזנדיק אַרויסצוגעבן זיינע ווערק אין בוך־פאָרם.

טאָ זאָלן אָט די שורות זיין אַ מצבת־זכרון פאַר זיין ווירדיקן אָנדענק!

ש. ערנסט

# ישראל אסמאן אין לאָס־אַנזשעלעס

מיר, די ווישקאָווער אין לאָס־אַנזשעלעס, האָבן זיך זייער געגרייסט מיט אונדזער לאַנדסמאַן ישראל אַסמאַן, ווען ער האָט דאָ געוווינט אין שטאָט אין משך פון עטלעכע יאָר, זייענדיק געאַכטעט און געליבט ביי דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

ער האָט געפירט אַ באַלעבאַטישע שטוב און איז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער מכניס־אורח. פאַרשטייט זיך, אַז ווען אַ ווישקאָווער איז אַהערגעקומען, איז אַסמאַנס הויז געווען דער אַדרעס, ווו מ'האָט זיך געטראָפן, אָדער זיך נאָכגעפרעגט אויף אַנדערע לאַנדסלייט. זיין הויז איז אויך געווען דער אַדרעס פאַר אַלע יידישע שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס פלעגן קומען קיין לאָס־אַנזשעלעס. ווי נאָר אַ נויטבאַדערפטיקער יידישער שרייבער האָט באַדאַרפט פאַר־קויפן זיינע ביכער, האָט ישראל גלייך זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, אים אַרומגעפירט מיט זיין אויטאָ פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט, נישט נאָר צו העלפן דעם שרייבער, נאָר דער עיקר — פאַרשפּרייטן וואָס מער יידישע ביכער אין יידישע הייזער.

ישראל אַסמאַן איז געווען דער בעל־הספר „פאַר עקסע־לאַנס". דערצויגן ביי אַ טאַטן אַ למדן און גרויסן לערנער, האָט ישראל אין משך פון זיין גאַנצן לעבן נישט אויפגעהערט צו גריבלען און פאָרשן אין אַלטע יידישע ספרים. ער איז געווען פאַרליבט אינעם יידישן ספר און אין יידישן פאָלק — דעם עם־הספר.

מיט יאָרן צוריק איז ער געווען לערער אין אַ יידישער תלמוד־תורה. ר'האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו אינטע־רעסירן זיך מיט יידישן חינוך. ער איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן צו שאַפן דאָ די „ביוראָ פאַר יידישער דערציאונג" ביי דער קהילה און דערנאָך — איינער פון אירע פירער.

ער האָט אויך געהערט צו די גרינדער פון היגן „יידישער קולטור־קלוב", וועלכער טוט וויכטיקע קולטור־אַרבעט אויף דער יידישער גאַס.

אין משך פון עטלעכע יאָר איז ישראל געווען אַ מיט־אַרבעטער אין דער ניו־יאָרקער צייטונג „דער טאָג", ווו ער האָט געשריבן אינטערעסאַנטע חסידישע מעשהלעך. ער איז אויך געווען דער פאַרטרעטער פון דער זעלבער צייטונג פאַר די ווייטע מערבדיקע שטאַטן. יעדעס יאָר פלעגט ער מאַכן אַ רייזע פון עטלעכע וואָכן איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך, אין די אינטערעסן פון דער צייטונג. ער איז אומעטום אויפגענומען געוואָרן מיט כבוד און ליבשאַפט. אויסער די געשעפטלעכע אָנגעלעגנהייטן, האָט ער זיך אָפּ־געגעבן מיט פאַרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס. באַזונ־דערס האָט ער ליב געהאַט צו רעדן וועגן י. ל. פּרץ.

ישראל איז אויך דער מחבר פון אַ וויכטיק בוך, געבויט אויף חסידישע לעגענדעס און קבלה. דאָס בוך איז אויך דערשינען אין עברית, אין זיין אייגענער איבערזעצונג („ספר הנסיונות").

אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער שטריך צו ישראלס פערזענלעכקייט איז געווען זיין צוגעבונדנקייט צו אונדזער טראַדיציע און זיין אָפּהיטן דעם שבת און די יומטובים. יעדן פרייטיק איז ער געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן גרייטן זיך אויף שבת. ער פלעגט טאַקע אַליין צוגרייטן די גע־פילטע פיש.

פרייטיק־צו־נאַכטס, צו דער סעודה, זענען אַלעמאָל געווען ביי אים געסט. מ'האָט געמאַכט קידוש, געזונגען זמירות, גערעדט תורה און זיך איבערדערציילט חסידישע מעשיות ביז שפּעט אין דער נאַכט.

זיינע פּסחדיקע סדרים זענען געווען אַ שם־דבר. מען האָט עס געהאַלטן פאַר אַ סימן פון אָנערקענונג צו ווערן איינגעלאַדן אָפּצוריכטן דעם סדר ביי אַסמאַנען אין הויז. יעדן ערב פּסח פלעגט ער אַליין צוגרייטן די חרוסת פאַר אַלע פריינט און שכנים.

ישראל אַסמאַן איז געווען אַ טיפער דענקער און פאָר־שער, אָבער אין דער זעלבער צייט — אַ שטילער, רואיקער און גאָר באַשיידענער מענטש.

אין יאָר 1949 איז אַסמאַן געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישראל מיטן געדאַנק זיך צו באַזעצן. ער ווערט אָבער דאָרט קראַנק און מוז זיך אומקערן אַהיים.

נאָך אַ לאַנגער און שווערער קראַנקייט, איז ער נפטר געוואָרן דעם 8־טן יוני 1951. ער האָט איבערגעלאָזט זיין פרוי פנינה, אַ זון שלמה און זיין שוועסטער לאה.

ערע זיין אָנדענק!

יחיאל בזשאַזאַ

# העוסקים בצרכי ציבור

## (פון די ווישקאָווער געשטאַלטן)

דוד גורני. ער האָט געהאָלפן פיל נויטבאַדערפטיקע יידן, זיי געצאָלט וואָכן־געלט. איינציקע פון זיי האָט ער אַליין אָוועקגעטראָגן דאָס געלט אויף שבת. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געשעמט עמעצן צו דערציילן וועגן זייער נויט — אָבער פאַר דוד גורני האָט מען זיך יאָ פאַרטרויט און ער האָט אַלעמען געשטיצט, אפילו איבער זיינע כוחות... זאָלן די דאָזיקע עטלעכע שורות זיין אַ באַשיידענער קדיש פאַר דעם קדוש.

עלי־מאיר גאָלדמאַן. ער און זיין פרוי עלקע האָבן געגעבן אַ סך צדקה בסתר. נישט יעדער האָט געוווּסט, אַז ער האַלט אויס עטלעכע פאַמיליעס מיט שטיצע און גמילות חסדים. אַלס פּרעזעס פון דער „באַנק קופּיעצקי" פלעג איך אים אָפטמאָל רופן צו זיך, ווייל ער האָט געזשירעט די וועקסלען פון פיל יידן, וואָס האָבן דערנאָך נישט געהאַט צו באַצאָלן. ער האָט אויפן אָרט אַריינגעטראָגן דעם באַטרעף און גלייך צעריסן דאָס וועקסל. אַזעלכע פאַלן האָבן אים נישט אָפּגעהאַלטן נאָכאַמאָל צו זשירירן...

משה־יוסף אבראמטשיק. אן אמשינאוווער חסיד, בעל־מוסף אין ראש־השנה און יום־כיפור, סעקרעטאר פון דער קהילה און סעקרעטאר פון סוחרים־פאראיין, בוכהאלטער אין „באנק קופיעצקי". אזוויוו ער האט אין קהילה געפירט דעם רעגיסטער פון די וואס האבן זיך געניטיקט אין סאציאלער הילף, האט ער געוווּסט אלעמענס לאגע. אים איז געווען באקאנט דער מצב פון יעדער קליינהענדלער, בעל־מלאכה, מארק־פארער — אויף א פארטרויליכן און דיסקרעטן אופן פלעגט ער פון קהילה און פון די באנק ארויסבאקומען פאר די נויטבאדערפטיקע שטיצע צי הלוואות, וואס האט זיי צוריקגעשטעלט אויף די פיס. איינמאל א פרייטיק־צו־נאכטס, גענוג שפעט, האב איך געטראפן ר׳ משה יוספן, ער האט געטראגן א שווערן קויש. אויף מיין פראגע, האט ער מיר דערציילט, אז ממש פאר ליכט־בענטשן, ווען ער האט שוין געוואלט פארמאכן די גמינע, איז צו אים געקומען א ייד (וועמענס נאמען ער וויל נישט דערמאנען), זיך פארטרויט אז ער האט נישט אויף שבת און געבעטן מען זאל אים בארגן 10 זלאטעס. אבראמטשיק האט אים גלייך געגעבן די געפאדערטע סומע, אבער עס איז שוין געווען שפעט, די געשעפטן האט מען געהאט געשלאסן. דער ייד האט קוים באוויזן צו קויפן ליכט, ברויט און הערינג. האט ר׳ משה־יוסף מורא געהאט, קוים חלילה, וועט א ייד מיט זיינע קינדער הונגערן אין שבת — האט ער פון זיינע צוגעגרייטע מאכלים אראפגענומען א העלפט, עס ארייגעלייגט אין קויש — און איצט טראגט ער עס צו אים אהיים...

דוד־לייב האלדאק. ער איז מער געווען באקאנט אלס דער בראנשטשיקער בעקער, געוווינט און געהאט די בעקעריי אויפן רינעק,ביים פעלדשער מאלאוואנטשיק אין הויז. ער איז געווען א גרויסער בעל־צדקה. אליין שווער געהארעוועט, פלעגט ער אבער יעדן נאכט, נאכן פארענדיקן דאס באקן, אראפנעמען פיר ברייטלעך און זיי צעטיילן צווישן ארעמע. דאקעגן יעדן פרייטיק פלעגט ער פון 12 בייטאג ארומגיין אין די געשעפטן און היימען און גערופן: „גיט יידעלעך א פאר גראשן פאר ארעמע יידעלעך!". ער איז געווען א קראנקער מענטש, א דיקער, אים איז זייער שווער געווען דאס גיין, פונדעסטוועגן האט ער נישט מוותר געווען קיין שום פרייטיק צו טאן די מצווה. אין שטאט איז געווען באקאנט זיין ווערטל, ווען ער האט געבעטן ביי עמעצן שטיצע: „יאק פאסמארויעש — טא פאיעדזשעש..." („אז וועסט אונטערשמירן, וועסטו פארן").

וועלוועלע קראנענבערג. מערער באקאנט אלס וועלוועלע יהושע וויינמאכערס, א גערער חסיד. געלעבט האט ער פון דעם וואס זיינע קינדער האבן אים געשיקט פון אמעריקע. ער איז שטענדיק געווען א צופרידענער, פלעגט כסדר זיצן אין גערער שטיבל און נאר געטראכט ווי אזוי און וועמען א טובה טאן... צוליב דעם וואס אין דער תלמוד־תורה האבן געלערנט קינדער פון ארעמע עלטערן, וואס האבן אפילו נישט געהאט צו באצאלן דעם שכר־לימוד, האט ר׳ וועלוועלע (אן ווערן דערפאר באלוינט!) איינקאסירט ביי ווישקאווער באלעבאטים וואכן־געלט פאר דער תלמוד־תורה. יעדער האט געגעבן — ארעם און רייך, וויפל איינער האט געקענט. ער האט דאס געהאלטן פאר א גרויסע מצווה, אז ארעמע יידישע קינדער זאלן לערנען תורה און אויך קאנען אמאל עפעס נעמען אין מויל אריין. דריי טעג אין וואך פון מיטוואך ביז פרייטיק, פלעגט ער זומען און ווינטער, אויף די טרעפן און אין קעלערס, גיין איינקאסירן דאס וואכן־געלט.

אט אזעלכע יידן האט פארמאגט ווישקאוו.

יצחק בהרב

# הענעך קאלוסקי

איינער פון די פאפולערסטע געשטאלטן אין שטעטל, אן אנגעזעענער ציוניסטישער טוער, פאר וועמען די אידעאלן פון הערצל, העס און פינסקער זענען געווען נאענט און באליבט. ער האט געגלויבט, אז מיר דערנענטערן זיך צו דער פארווירקלעכונג פון שיבת־ציון.

הענעך קאלוסקי האט פארמאגט א גוואלטיקע איבערצייגונגס־קראפט און אים איז לייכט אנגעקומען אריינצוציען נייע מענטשן אין דער באוועגונג און זיי אקטיוויזירן אין די זאמלונגען פארן קרן־היסוד, קרן־קימת און פארן ארבעטנדיקן ארץ־ישראל.

אין שטעטל האט מען אויך געוווּסט, אז הענעך קאלוסקי איז תמיד גרייט צו העלפן א חבר מיט ראט און טאט און ברידערלעך זיך באציען צו יעדן איינעם.

זיינע אויפטוען אויפן קולטורעלן געביט זענען געווען גאר באדייטנדיק. דאס שאפן א ביבליאטעק, אוונט־קורסן צו לערנען עברית און דאס גרינדן די „תרבות"־שולן — איז פון די אומפארגעסלעכע פארדינסטן פון הענעך קאלוסקי.

געווען א צייט, ווען די ציוניסטישע באוועגונג האט געפירט אן אגיטאציע צו קויפן זיך א שטיקל נחלה אין ארץ־ישראל. קאלוסקי האט זיך שטארק איבערגענומען מיט דעם דאזיקן געדאנק. ער האט געטרוימט צו שיקן קיין א״י זיינע קינדער, כדי דערנאך זיך באזעצן מיט דער גאנצער פאמיליע. אין יאר 1924 האט ער אהערגעשיקט זיין זון ישראל מיט דער שנור. טראץ די שוועריקייטן מצד דער מאנדאטן־מאכט און די קעגנערשאפט פון די אראבער, האט ער געגלויבט באמונה שלימה, אז דער ציוניסטישער אידעאל וועט פארווירקלעכט ווערן.

אלס סעקרעטאר פון דעם פאראייניקטן ציוניסטישן קאמיטעט אין ווישקאוו, געדענק איך די אפפערווויליקייט, אומדערמידלעכע אקטיוויטעט און איניציאטיוו פון הענעך קאלוסקי.

ליידער, דער דאזיקער אידעאליסט און קעמפער האט נישט זוכה געווען צו זען מדינת ישראל. ער האט געטיילט דעם טראגישן גורל פון דער יידישער באפעלקערונג בעת דער היטלעריסטישער אקופאציע און אומגעקומען אויף קידוש־השם.

כבוד זיין אנדענק!

אביגדור מאנדרי

# ד״ר לייבער

ער איז געווען אן אינטעליגענטער, פעיקער און זייער אנגעזעענער מאן אין שטאט. געשטאנען אין נאענטן קאנטאקט מיט דער ארטיקער פוילישער אינטעליגענץ, נאר תמיד זיך געהאלטן פאר א נאציאנאלן ייד. נישט איינמאל האט פאסירט, אז ביי אן ארעמען קראנקן האט ער נישט גענומען באצאלט פאר דער וויזיט. אלס פארוואלטונגס־מיטגליד פון

דער שטאָטישער קאַסע, האָט ד״ר לייכער זיך אינטערעסירט מיט דער יידישער אָרעמקייט און געטראָגן הילף דאָרט ווו זי איז באמת געווען נייטיק.

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן, איז ד״ר לייכער, מיט נאָך ווישקאָווער יידן, אויסגעוויזן געוואָרן קיין ווענגראָוו אין געטאָ. דאָ האָט ער אַנטוויקלט אַ ברייט־פאַרצווייגטע מעדיציניש און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט צווישן דער דערשלאָגענער יידישער באַפעלקערונג. אַלע זיינע כוחות האָט ער געשאָנקען אויף צו העלפן די ליידנדיקע און זיך מוסר־נפש געווען פאַר די קראַנקע.

אין ווענגראָווער געטאָ איז ד״ר לייכער געשטאַנען בראש פון אַן אונטערגרונט־באַוועגונג.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז זיין אַקטיווער אָנטייל אין אָרגאַניזירן דעם אויפשטאַנד אין טויטן־לאַגער טרעבלינקי, וועגן וועלכן עס שרייבט יאַנקל וויערניק, וועמען ס׳איז געלונגען פון דאָרט צו אַנטלויפן. אַ שאָד וואָס מיר האָבן אַזוי ווייניק ידיעות וועגן ד״ר לייכערס טעטיקייט אין די אָקופּאַציע־יאָרן.

שמעון מאַלאָוואַנטשיק

# ר׳ מאָטל בראָדער

אַ גרויסער יראי שמים, מקבל געווען באהבה אלע צרות און ליידן, נישט געהאַט צו קיינעמען קיין טענות, און צום רבונו־של־עולם — אַוודאי און אַוודאי נישט. מיטן ספר תהילים האָט ער זיך קיינמאָל נישט געשיידט. פון זיין מויל האָט מען נישט געקאָנט הערן אַ וואָרט שלעכטס אויף עמעצן. אויף יעדן איינעם מלמד זכות געווען. שטאַרק אָפּגעהיטן אין זיינע רייד און איבערגערעכנט.

ר׳ מאָטל בראָדער איז געווען גבאי אין דער חברה קדישא און אַלע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז דער ריכטיקער מאַן אויפן ריכטיקן פּלאַץ.

זיין פרוי רייצע, די טאָכטער פון ר׳ שלמה שוחט פון נאַשעלסק, איז געווען די אמתע צדקית, שטענדיק מיט שמחה און מיט מידות טובות. ביידע האָבן דערגרייכט צו דערציען זייערע קינדער אין זייער גייסט. איין איידעם איז געווען ר׳ מענדל קאלנער, אַ שוחט און גרויסער בן־תורה און ירא שמים.

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין ווישקאָוו און אַרויסגעפירט אַ סך יידן הינטער דער שטאָט, כדי זיי צו דערשיסן, האָט זיך צווישן זיי געפונען ר׳ מאָטל בראָדער. אין אַ צייט אַרום זענען אויך די אַנדערע משפחה־מיטגלידער זיינע אומגעקומען אויף קידוש־השם, אויסער די צוויי זין, וועלכע זענען נאָך פאַר דער מלחמה אַוועק קיין אויסלאַנד.

שמעון מאַלאָוואַנטשיק

# ר׳ יעקב־דוד פּשעטיצקי

ער האָט זיך שטענדיק מוסר־נפש געווען צו העלפן נויטבאַדערפטיקע און געהאַט די זעלטענע מעלה פון אויסהערן יענעמס צרות און זאָרג. זיין אויער און האַרץ זענען אַזוי געווען אָפן פאַר אַ צווייטן — ווי זיין קעשענע. יעדן וואָס האָט זיך צו אים געווענדעט נאָך הילף און נאָך אַן עצה, האָט ער געוואָלט צוטראַכטן מיט וועלכע מיטלען איז אַמבעסטן אַנטקעגנצוטראָגן די הילף. דערביי האָט ער קיינמאָל נישט אָפּגעלייגט אויף שפּעטער דאָס מטפּל זיין זיך מיט דעם וואָס איז שוין צו אים געקומען. ער האָט אין אַזאַ פאַל איבערגעלאָזט אַלע זיינע געשעפטן און באַשעפטיקונגען, נישט אין זין געהאַט די אייגענע פאַמיליע און געבראַכט די נייטיקע הילף — נאָר מיט כבוד און אויף אַ דיסקרעטן אופן, אַז יענער זאָל זיך נישט זשענירן אָדער בלייבן פאַרשעמט.

יעקב־דוד פּשעטיצקי האָט ווי אַ פאָטער אַרויסגעוויזן זיין אינטערעס און זאָרג פאַר די וואָס האָבן באַדאַרפט אַן הלוואה, אַן איינמאָליקע שטיצע, צי אָנגרייטן זיך אויף שבת צי יום־טוב, אָדער באַזאָרגן מיט אַ מלבוש צי מיט אַ ביסל קוילן אויף ווינטער.

ער איז געווען ראַטמאַן אין דער קהילה און פאָרזיצער פון דער גמילות־חסדים קאַסע אין ווישקאָוו. אויף די צוויי געביטן האָט ער געקאָנט אַנטוויקלען זיין פילאַנטראָפּישע און סאָציאַלע טעטיקייט און די וואָס האָבן גענאָסן פון זיין הילף, וועלן אים שטענדיק געדענקען.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט זיך אָנגעהויבן זיין נע־ונד לעבן. נאָך פיל יאָרן ליידן און וואַנדערונגען, האָט ער ענדלעך זוכה געווען צו רעאַליזירן זיין טרוים: עולה זיין קיין ישראל. אויך דאַ האָט ער זיך גענומען צו זיין געזעלשאַפטלעכער הילפס־טעטיקייט און ווידער געוואָרן אַן אַדרעס פאַר דער ווישקאָווער שארית־הפליטה, וואָס האָט אָנגעהויבן קומען אין דער יידישער מדינה. ער האָט זיך באַלד געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די ווישקאָווער אין אַמעריקע, געווען אַקטיוו אין דער היגער הילפס־קאַסע ביים אירגון יוצאי וישקוב. ער איז געווען פון די גרינדער און קאַסירער — ביז דער טויט האָט אים צוגענומען אין יאָר 1956 אין תל־אביב.

יהי זכרו ברוך!

שמעון מאַלאָוואַנטשיק

# מרדכי טשעכאַנאָוו

מרדכי טשעכאַנאָוו איז געווען אַ וואַרעמער מענטש און אַ טייערער ייד. אַ שטילער, רואיקער, געערדט געלאַסן — נאָר יעדעס וואָרט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט שכל. אַזוי שטילערהייט, אָן איבעריקן רעש, האָט ער אָפּגעטאָן אַ וועלט מיט אַרבעט. זיין הויז איז געווען אַן אינסטיטוציע אַן און פאַר זיך. נישטאָ קיין וויכטיקע קערפּערשאַפט אויף דער יידישער גאַס, וואָס איז נישט געווען פאַרבונדן מיט אים און מיט זיין לעבנס־באַגלייטערין, די טרייע פרוי מאַלי, וועלכע האָבן מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט די וואָס האָבן זיך צו זיי געווענדעט נאָך הילף.



מרדכי איז געווען אַ קולטורעלער מענטש, מיט פיינער באַנעמונג, געאַכטעט און געליבט דורך יעדן. ער האָט געגרינדעט און געבויט די לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, יעדער איז צו אים געקומען נאָך אַן עצה, ביי ז׳ער גאַנצער משפחה האָט ער געהאַט פיל אויטאָריטעט און אָנזען.

מיט זיין טויט איז נישט נאָר די נאָענטע פאַמיליע פאַרית מט געוואָרן, נאָר אויך די ווישקאָווער לאַנדסלייט אומעטום.

זיין הויפּט־אויפּטו איז געווען — צדקה. יאָרן־לאַנג האָט ער אַנגעפירט מיט דער ווישקאָווער רעליעף־אַרבעט, געשיקט צענטליקער טויזנטער דאָלאַר קיין ווישקאָוו אויף אויפצו־האַלטן דאָרט קיכן, אינסטיטוציעס, חדרים אאַז״וו. ער אַליין האָט געגעבן אַ סך צדקה, אַפילו דאַן ווען ר׳האָט נישט געהאָט פאַר זיך צופיל. אַן איבערגעגעבענער ציוניסט אַלע יאָרן, אַ גרויסער שטיצער און אַנהענגער פון מדינת ישראל. ער האָט נאָך זוכה געווען צו באַזוכן די יידישע מדינה און זען די פאַרווירקלעכונג פון זיין טרוים. דער דאָזיקער באַזוך האָט אים נאָך מער אַקטיוויזירט אויפן נאַציאָנאַלן פראָנט, מער צו זיין טעטיק לטובת ישראל.

געשטאָרבן איז מרדכי מיט אַ שמייכל, וואָס ער וועט מער נישט ליידן קיין פיזישע יסורים און מיט דער זיכער־קייט, אַז זיין טרייע פרוי און קינדער וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין נאַציאָנאַלן גייסט, וועלן פאָרזעצן זיין נאָבעלע טעטיקייט.

ערע זיין אַנדענק!

**טש. (כאַנע) אַפּעלבוים**

# ר׳ שמעון ב״ר יחזקאל סרברניק

ברטט וביראת־כבוד מעלה אני את דמותו האצילה של מורי ורבי ר׳ שמעון ז״ל. הוא היה אחד מ„בני העליה״ המועטים של דורנו. נערץ ואהוב על חוגים נרחבים ביותר בעירנו ובערי הסביבה, בהן יצאו לו מוניטין כתלמיד חכם אשר רבנים ברחבי פולין שמעו תורה מפיו.

בדחילו ורחימו עולה לפני דמותו המאירה במסיבות והזמנויות שונות. כאחד מן השרפים ואופנים הקדומים, זיו פניו ולהט דבריו, אמרותיו והגיגיו חוצבים שלהבת־יה׳ וכל כולו כאילו עוטר מר־כבה לשכינה. בהיותו עומד בתפילה בצקון־לחש, בפינ־תו הקבועה, עיניו פקחות, כאלו חודרות בחרדת תפ־ארת „בהיות״ לא מעלמא דין. בלא ניע וניד נשא תפילתו למרום, רק שפתו־תיו לוחשות כאילו חזרה נשמתו מעליותיה למרומי המחשבה. אכן, הצופה בו נוכח לדעת, כי „עבודה — זו תפילה״.



ר׳ שמעון סרברניק ז״ל

מוכר היה בעירנו בשם ר׳ שמעון הצקיל׳ס — ר׳ שמעון מלמד. הוא היה „מלמד תורה לעמו ישראל״ במלא מובן המלה. מחנך ומורה לגדולים ולקטנים. ב„חדר״ שלו למדו בחורים למודי גפ״ת, ופוסקים ראשונים ואחרונים, כמו־כן הקדיש מיספר שעות בשבוע לדקדוק עברי ותנ״ך. כ־40 תלמידים לערך למדו אצלו תמיד, בבית המדרש הקטן של „חברה תהילים״. מעולם לא הרים ידו על תלמידיו, או גער בהם על התנהגות בלתי נאותה. די היה כי יתן מבטו באחד התלמידים והלה היה נכלם ומשפיל עיניו. ללב תלמידיו החדיר גם את הדאגה לצרכי הזולת. מדי שבוע היה אוסף תרומות על־ידי זוג תלמידים בשביל תלמיד שירד מנכסיו. ר׳ שמעון ז״ל היה נוהג להטיל על טובי תלמידיו להיות ערים בכל ליל חמישי בשבוע כדי שישננו את פרקם שלמדו במשך כל השבוע.

סדר יומו של ר׳ שמעון היה גדוש בלימודים תורניים בציבור. בערב בין מנחה למעריב היה לומד בבית המדרש הגדול, עם בעלי־בתים, אנשי חברה „מסילת־ישרים״. מסביב לשולחן הלומדים הקבועים היו מתקבצים אנשים רבים, כדי להאזין לדבריו הכובשים כל לב. בהיותו במשך עשרות שנים גבאי קבוע של חסידי אלכסנדר, היה מעת לעת עורך במוצאי שבתות סעודת מלוה מלכה לחסידי אלכסנדר. אז היה מספר זכרונות רבי־עניין מעולם החסידות, דברים שאירעו בחדרו של הרבי בזמן שהותו שם או סיפורי חסידים מימי הבעש״ט. הוא היה גם ממיסדי חוג ללמוד „לקוטי תורה״ של „הרבי מלאדי״. עד שעה מאוחרת בלילה היה שקוע בלימודי ח״ן (חכמה נסתרת). עם שחר, אחרי טבילה במקוה, היה הוא ואנשיו סרים לבית המדרש הגדול וקוראים תהילים. בחגים ובשמחות או בימי אבל, עמד ר׳ שמעון במרכז החיים והיה מראשי דבריה. זכורני, בליל „כל נדרי״ היה מוציא את ספר־התורה מארון הקודש, מקיף את הבמה ואומר בקול נרגש: „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה״. וכשהצצת בעיניו התכולות והנוצצות ראית את האור הפרוש והזרוע לצדיק, ואת שמחת הלב, באומרו את הפסוק „ולישרי לב שמחה״. כזה היה גם בשמחת תורה, בקוראו את „אתה הראית״ ובשעת ריקודיו עם ספר־תורה ב„הקפות״ קרנו פניו מחדווה ואמונה.

נעלים במיוחד היו הרגעים בליל התקדש חג ראש־השנה, עת כל ישותו רחשה אהבה וחסד לנערי ישראל שבאו אליו שיברכם בשנה טובה. הוא היה מחזיק את ידו של הנער המתברך ואט־אט הרפה ממנה עם תום ברכתו. דומה היה לך, כי אין זה ר׳ שמעון המלמד, כי אם אביו מולידו הדואג לעתיד בנו. כולו היה להט מהתרגשות ומדביק את הקהל בקדושת חג.

### פרשת חייו

ר׳ שמעון, עוד בהיותו נער, בשנות ה־90 של המאה הקודמת, שלח אותו אביו ללמוד תורה בישיבות פולין. עיקר לימודו, בקיאותו וחריפותו הרבה, רכש בהיותו תלמידו של ר׳ אברהמ׳לה מסוֹכַצ׳וֹב ז״ל. ועל־ידו גם הוסמך להוראה. כתבי־יד רבים הוא ירש ממנו, בחדושי תורה ובדרוש רבני, מסוגם של דרשות „הנודע ביהודה״, אביו ז״ל היה אחד מחסידיו הנלהבים של הרבי מאלכסנדר מחבר „ישמח ישראל״, ולחגים היה נוסע לרבי ולוקח אתו את בנו שמע׳לה. הרבי היה מקרבו מאד. בהיותו עוד צעיר לימים נשאר „בחצרו״ כדי שבני משפחתו יתחנכו על ידו וילמדו תורה מפיו. וכשנשא לאשה את בתו של אחד מחסידי אלכסנדר המהוללים, וחזר להקים ביתו בעירנו וישקוב, אשר לו הרבי, כי עד שיקבל משרה כל שהיא, הוא צריך לקבל עליו שתהיה „תורתו אומנותו״. מפעם לפעם הוזמן ע״י הרבי מאלכסנדר להלוות לכמה חודשים לרבנים שנתמנו באחת מקהילות בפולין, להדריכם בהלכה ובהנהגה דתית. כשנתיים שימש גם ראש הישיבה בישיבת הרבי באלכסנדר. אך כיוון שהיה מטופל במשפחה גדולה, וחייב היה לדאוג לפרנסה ולחנך את בניו לתורה ולתעודה, חזר לקן משפחתו. על־אף דאגותיו וטרדות החיים הרבות, לא הטביעו אלה את חותמתם על אופיו. תמיד שמח בחלקו. חיוניותו ועירנותו היה משפיעים על כל מי שבא

עמו במגע או נמצא בחוגו. גם בשעת מחלוקת בין חסידי גור ואלכסנדר, היה אומר, כי לא לשררה על חיי הקהילה הוא נושא עיניו אלא לגורל הדור הצעיר, שהתחנך על ספרות מודרנית, שהתחילה לחדור לחוגי „צעירי אגודת ישראל". השפעתו הרוחנית היתה גדולה מאד. איש לא יכול היה להתנגד לו. הכול כבדוהו והעריצוהו.

### דרכו האחרונה

בימי הזועה שירדו על קהילת וישקוב, כשהעיר עולה באש, ברח עם משפחתו לעבר הנהר בוּג לעירה קמנצ׳וק. שם השיגוהו הגרמנים, התעללו בו, גלחו חלק מזקנו יחד עם הבשר. משם המשיך לביאליסטוק. שם הוא עודד את שארית הפליטה ויעץ להם לבל לחזור לפולין הכבושה, כי אם להמשיך במסעם לסיביר. הרוסים הגלוהו יחד עם קבוצה גדולה לאַרכַנגֶלסק. הוא נלקח למחנה עבודה ביער. ואף־כי היתה זו עבודת־כפייה היה הוא היחיד שה־נ.ק.וו.ד. שחרוהו מעבודה זו בהכירם בו כי רב גדול הוא. אך המצוקה לא הניחה לו, ואז אשתו, „אשת החיל", מצאה מקור פרנסה. גם בניו המבוגרים עבדו ותמכו בו במעט. הוא היה מעודד את אנשי המחנה בצערם הגדול. אנשים שהיו עמו במחנה העבודה מספרים עליו, כי אנשי הנ.ק.ו.ד. עקבו אחריו יומם וליל, אך הוא הצליח להתחמק מעינם הפקוחה במצאו מקום מסתור בצריף כל שהוא. הוא ארגן פעולות תרבותיות רבות וערך תפילות בצבור ולכן רצו לתפסו. ר׳ שמעון יחד עם החזן גריניצקי מקֶילץ אירגנו את תפילת כל נדרי באחד החדרים. הם קמו ב־5.30 לפנות בוקר לתפילה וב־6.30 היו כבר במקום עבודתם. כאן היו מאיצים בהם תחת צליפות המגלבים. פעם באמצע התפילה הופיעו הנוגשים ומיד נגשו אל ר׳ שמעון ולקחוהו לצינוק. הוא שכב שם 10 ימים בקור עז. כשהוציאוהו ללא הכרה הזעיקו רופא כדי שיגיש לו עזרה רפואית, אולם נוגשיו לא הסכימו. הרופא ד"ר טשרקין הביא אליו בסתר תרופות להצילו מדלקת הראות. הרופא עצמו נספה במחלת הטיפוס. וביום ראשון, י"ג בניסן 1941, בשעה 9 בבוקר, כשתלמידו חנא נכנס להדר כדי לבקרו, הוא פקח את עיניו, קרא חנא והוציא את נשמתו. מיד קנו דרי המחנה תכריכים והשיגו רשיון לקברו על הגבעה. מניין אנשים, ביניהם החזן גריניצקי, העלו את ארונו אל הגבעה. הוא נקבר תחת עץ רענן ונסתם עליו הגולל.

לבנו דאב על אובדן נפש יקרה זו. מבלי משים עולה הזעקה: „זו תורה וזו שכרה?" עוד מהדהדים באזני הדי קינת „עשרי הרוגי המלכות" שאמרה ר׳ שמעון, כולו שכול ויתמות בליל ט׳ באב.

גורל אכזרי זה ציפה גם לו. 10 ימים, בהיותו מוטל בצינוק מכוסה שלג, מפרפר בין החיים והמוות, ניזון מפח לחם יבשה ומים לחץ. בכל זאת לא חלשה דעתו, וכשהוציאוהו מהבור כמעט ללא הכרה היה לוחש תפילה. אולי היתה זו תפילת נעים זמירות ישראל: „באו גויים בנחלתך... נתנו בשרם למים..." רוחו החזקה ואמונתו העמוקה נסכו בו הכוח לעמוד במחלת דלקת הראות, עוד כששה חדשים, עד שהוציא את נשמתו הטהורה בליל ערב פסח תשי"א — חבל דאבדין ולא משתכחין.

משרידי משפחתו: אשתו פיגה, בניו: הרב צדוק סילבר — ניו־יורק, מנחם וישראל כספי — ישראל.

**ירחמיאל וילנסקי**

# מאָטל און שרה בהרב

ר׳ מאָטל בהרב האָט געהערט צו די באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן אין ווישקאָוו. גאַנצע 50 יאָר איז ער געווען שוחט אין שטעטל (צוליב דעם — זיין נאָמען מאָטל שוחט), אַן אָנגעזעענער גערער חסיד. זיין פאָטער ר׳ פייוול בהרב איז אין משך פון 15 יאָר געווען רב אין ווישקאָוו. דערנאָך האָט



ר׳ מאָטל בהרב (שוחט)

ער דעם כסא־הרבנות פאַרנומען אין אַ גרעסערער שטאָט — נאָווידוואָר, אין משך פון 25 יאָר.

שרה בהרב, די פרוי פון ר׳ מאָטל, איז געווען באַוווּסט אין ווישקאָוו מיט איר ערלעכקייט, באַשיידנקייט און פרומ־



שרה בהרב

קייט. איר פאָטער, דער למדן און תלמיד־חכם, איז אין וואַרשע געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ יאָסעלע קאַפּטאַל.

###### א פאַרצווייגטע משפחה

ביי מאָטל און שרה בהרב זענען געבוירן געוואָרן צען קינדער — 9 זין און 1 טאָכטער גיטעלע, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט חיים־לייב קליגער פון פולטוסק. ער איז דאָרט געווען שוחט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־קריג. די זין פון שרה און מאָטל בהרב האָבן געהייסן: לייבל, יוסף, משה, פייוול, ברוך, וועלוול, איטשע, הערשל, ישראליק. לייבל און יוסף זענען געשטאָרבן פאַר דער מלחמה. אומגעקומען מיט אַלע קדושים און טהורים — ווער אין טרעבלינקע, ווער אין געטאָ — זענען:

יוסף בהרב — אַ גערער חסיד, פּרעזעס פון פיל אינסטי־טוציעס אין סעראָצק (ער, זיין פרוי, צוויי זין און צוויי טעכטער זענען אומגעקומען. איין טאָכטער געפינט זיך איצט אין ישראל).

פייוול בהרב איז אומגעקומען מיט איין זון; נאָך איינער האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך היינט אין ישראל און איינער — אין אַרגענטינע.

הערשל בהרב איז אומגעקומען מיט זיין פרוי, צוויי זין, איין טאָכטער.

ישראליק בהרב אומגעקומען מיט זיין פרוי און אַ זון.

גיטעלע בהרב איז אומגעקומען אין טרעבלינקע מיט איר מאַן ר׳ חיים־לייב און צוויי זין און אַ טאָכטער. איין זון געפינט זיך היינט אין ישראל.

אין יאָר 1930 איז נפטר געוואָרן מאָטל שוחט. בעתן אַדורכגיין פון לוויה־צוג האָט מען אַלע געשעפטן פאַרמאַכט אין שטעטל. דעם ארון האָט מען געטראָגן אַ גאַנצן וועג. אינמיטן גאַס האָט צום ערשטן מאָל מספּיד געווען דעם נפטר דער רב ר׳ יעקב־יהודה מאַרגענשטערן און דעם צווייטן הספד, ביים אָפענעם קבר, האָט געמאַכט דעם נפטרס איידעם — ר׳ חיים־לייב קליגער.

נאָענט ביים אָרון זענען נאָכגעגאַנגען די קינדער און די מאַמע שרה, וועלכע האָט אַ גאַנצן וועג איינגעטעהנט. „מאָטל, מאָטל, איך בין דיך מקנא... הלוואי זאָל איך האָבן אַזאַ לוויה און מיינע 9 זין מיט דער טאָכטער און זייערע משפּחות זאָלן מיך קאָנען באַגלייטן...״

ליידער, שרה בהרב איז נישט באַשערט געווען געבראַכט צו ווערן צו קבר־ישראל. אין עלטער פון 83 יאָר איז זי צוזאַמען מיט אירע קינדער און אייניקלעך (צוזאַמען — 27 פּערזאָן) אומגעקומען אויף קידוש השם...

###### די געראַטעוועטע

פון דער פאַרצווייגטער משפחה האָבן זיך אָפּגעראַטע־וועט: וועלוול בהרב מיט זיין פאַמיליע (אין ישראל); איטשע בהרב מיט זיין פרוי פייגע (ישראל); רבקה בהרב מיט איר פאַמיליע (אַרגענטינע); יהושע בהרב ז״ל, וועלכער איז אין יאָר 1961, אין עלטער פון 39 יאָר, געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס פון אַ האַרץ־שלאַג און פאַריתומט זיינע צוויי זין, די פרוי און טאַטע־מאַמע; פון ברוך בהרב — אַ זון אין ישראל; פון לייבל בהרב — אַ זון אין אַרגענטינע.

**יצחק בהרב**

# ר׳ חנוך (הינוך) קורנעט

הייתי בן חדשיים כשאבי ז״ל נפטר. הרבה ספרו לי על אישיותו וגם הוריש לי ספר שהוא חיברו — „האזרח בישראל״ ובו חידושי תורה, פרושים על גמרא, תהילים וכד׳. הספר יצא לאור בשנת תרפ״ח בבית הדפוס של ר׳ יצחק מאיר אלטר בווארשה, בהסכמת הרבנים המפורסמים: מוהר״ר הרב ר׳ יוסף לוינשטין מסרוצק ז״ל; מוהר״ר הרב ר׳ אשר גרשון מריפין ז״ל, ומוהר״ר הרב ר׳ מנחם מנדיל אלבק מז׳ירר־דוב ז״ל.

הוא כתב גם פירושים מפרשת בראשית עד פרשת ויחי מעניין לציין את שם הספר „האזרח בישראל״ — וזה לא במקרה, למרות שהיתה לו סמיכה לרבנות והיה מחסידי גור המפורסמים בעירנו. איש שומר מצוות, קנאי — ובכל זאת חשב אז לעלות לישראל, היות ובזמנו, מי שהיה ציוני — היה בעיניהם כאפיקורס. אמר אבא: „אולי הבחורים הציוניים שליחי הקב״ה הם... למשל, שישנה חתונה, רצים הראשונים הצעירים, קלי־הרגליים ואחר־כך באים המחותנים והנכבדים... יכול להיות שעל הצעירים להכין את הקרקע לעלות לישראל.״

*

אמי היקרה הצדקנית, מרת מרים בת מנדל מיזלוץ׳ ז״ל, מאוסטרולנקה, התאלמנה בגיל 40 ונשארה עם ששה ילדים — והמבוגרת היתה בת 17 ושמה חנה׳לה ז״ל. ואני — בן חודשיים. בכל זאת הקדישה את חייה לטובת הילדים. למרות שהייתה אשה צנועה ובעלת־השכלה, שידעה שש שפות בדבור ובכתב, לא נישאה שנית, ונטלה על עצמה את עול הפרנסה בשביל ילדיה שהתמסרה להם וחנכה אותם ברוח היהדות. לא זכתה לרוות נחת מהם. היא נרצחה בגיטו וורשה ע״י הקלגסים הנאציים.

בנם: **משה קוראנט**

# סבא ר׳ ישראל־יצחק וסבתא פריידה־פרלה

ר׳ ישראל־יצחק פרלה, זקוף הקומה והתמיר, כל הופעתו אמרה כבוד. ואמנם מקובל ונערץ היה על כל שכבות העם, אפילו שלא מבני ברית, כי על כן נבחר היה למועצת העיריה של וישקוב.

עסקנותו הציבורית היתה שלא על מנת לקבל פרס, וגזלה את רוב זמנו הפנוי, מנעה ממנו תכופות להימצא ולבלות בחיק המשפחה. ככה התרגלו, כביכול, בני הבית, לראותו כאורח בבית. למרות זאת, רחשו לו כבוד וחיבה. כי ידענו, שדאגתו נתונה לכל אחד מהמשפחה (לא רק לילדיו הוא), הרגשנו שבתוך תוכו פנימה פועם לב חם של אב רחום, לב שבו יוקדת אהבה עזה לכולם. וביקוד אהבה זו לבו נשרף ללא עת.

את סבתא פרידה (פרידה ר׳ שלומ׳ס קראו לה אנשי וישקוב) עודני זוכר כשהיא במיטב שנותיה. השנים טרם הספיקו למחות כליל את החן והיופי שקרנו מפניה. אנו הנכדים אהבנוה אהבת נפש והיינו נמשכים אליה.

סבתא פריידה היתה דמות של אֵם בעלת סגולות נדירות, אצילת נפש ובעלת לב טוב ורגיש, אף כי הגורל לא פינק

אותה וידעה צער וסבל בחיים. פעמיים נתאלמנה. ברוב ימיה רבץ עליה גם עול הפרנסה. בכל זאת מסירותה ודאגתה לבני משפחתה היו ללא גבול, היא היתה להם גם אֵם וגם אב.

לסבתא פריידה היתה נודעת חיבה מיוחדת לארץ ישראל ולרעיון הציוני בכלל. אף שהיתה אדוקה בדת ושומרת מצוות (לא תמיד דת וציונות גרו בכפיפה אחת) עזרה ככל שהיה לאל ידה לילדיה, שהתכוננו אז לעליה לארץ־ישראל. ומה גדולה היתה אז שמחתה, כשקבלה מכתבים מארץ הקודש. אין לתאר את אושרה בקראה את המכתבים בדמעות גיל מאה פעמים ואחת. התגאתה בילדים שלה בישראל ועל חלקה בישוב ארץ ישראל.

ערגה נפשה מאד להצטרף לילדיה בא״י. אבל, לצערנו לא זכתה לכך. אולם זכות גדולה נתגלגלה לה, על שזכתה עוד בחייה (ובעזרתה הפעילה מאוד) שחלק ממשפחתה התישב בישראל. ויש לזקוף לזכותה גם את עליתם של שאר משפחתנו שעלה ארצה אחרי פטירתה ונצלו מהגיהנום הנאצי.

אין ספק לכן, שסבא ישראל־יצחק וסבתא פריידה ז״ל ראויים שנאמר עליהם דברי חז״ל: „כל המוריד דמעות על אדם כשר הקב״ה סופרן ומניחן בבית גנזיו״. דמעותינו שאנו מזילין לזכרם לא תהיינה לשוא. זכרונם ישמש לנו לדוגמא ולמופת, לאהבת הזולת, לאהבת אדם.

**יצחק בן נחום וייסמן (פרלה)**

# צום אָנדענק פון מיין פּאָטער שמחה מושקאַט

געווידמעט מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער, אומגעקומענע אין וואַרשעווער געטאָ.

ביים סוף פון סענאַטאָרס גאָרטן, מערב־זייט, איז געווען אַ וועג, וואָס האָט געפירט באַרג אַראָפּ צום בוג. דערנעבן איז געשטאַנען אַ הויז, ווו עס האָבן געוווינט צוויי פאַמיליעס: מיר און אונדזער שכן וועלוול פישער, וואָס האָט געהאַט גרויסע זין און צוויי שיינע טעכטער.

די בית־המדרש בחורים פלעגן זומער אָפט קומען אַהער, כאַפּן אַ שווים און אפשר אויך וואַרפן אַ בליק אויפן פישערס טעכטער.

איינמאָל האָט מיין יינגערער ברודער זיך אַריינגעזעצט אין אַ שיפל, אָפּגעשטופּט עס פון ברעג מיט די רודערער און זיך אַוועקגעלאָזט אינמיטן טייך. צום גליק זענען גראַד אָנגעקומען עטלעכע בחורים זיך באָדן. דערזעענדיק דאָס שיפל, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט מיטן שטראָם — און אָפּגעראַטעוועט מיין ברודער.

אַ צווייט מאָל האָט מיין פאָטער, שמחה מושקאַט, געראַטעוועט אַ שיפל, הגם ער איז נישט געווען קיין שווימער, און... דערביי קוים אַליין אַרויס אַ לעבעדיקער.

דאָס איז געשען מיט עטלעכע זעכציק יאָר צוריק, ערב פסח. ס׳האָבן שוין געבלאָזן וואַרעמע פרילינגס־ווינטן. אַ געוויסן אָוונט האָט ביי אונדז אין שטוב אויסגעפעלט וואַסער און, ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, האָט מיין פאָטער גענומען דעם עמער און אַוועק צום נאָך פאַרפרוירענעם טייך, אויסהאַקן דאָרט אַ לאָך אין אייז און אַהיימברענגען וואַסער.

נאָך אַ שטיקל צייט, אַז דער טאַטע איז נישט צוריקגעקומען, איז די מאַמע אַוועק אים זוכן. איר קול האָט דורכגעריסן די נאַכט־שטילקייט: — שמחה! שמחה! נאָר קיין ענטפער איז נישט געווען. זי האָט דאַן אַלאַרמירט וועלוול פישער מיט די זין, וואָס זענען אויך אַראָפּ צום טייך און גערופן דעם טאַטן. נאָר אין קול ואין עונה. צום גרויסן אומגליק האָבן מיר דערזען, ווי דאָס אייז האָט גערירט. פון פאַרצווייפלונג האָט די מאַמע אָנגעהויבן נאָך העכער שרייען: שמחה! שמחה! — און זיך שטאַרק צעוויינט. ביי יעדן געשריי פלעגט דער עכאָ זיך דערקייקלען ביזן וואַלד, אויף יענעם ברעג טייך, נאָר דאָסמאָל, צוליבן גרויסן רעש פונעם זיך ברעכנדיקן אייז, האָט מען נישט געהערט קיין צוריקענטפער פונעםווידערקול. אַלע האָבן געמיינט, אַז מיין פאָטער איז שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

אַן אַנטוישטע האָט די מאַמע אָנגעצונדן ליכט און זיי אַריינגעשטעלט אין די פענצטער, כדי מ׳זאָל פונדערווייטנס זען דאָס באַלויכטענע הויז. מיר, קינדער, זענען אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעגאַנגען ביים ברעג און געוויינט.

אַז ס׳איז געוואָרן טאָג, האָבן מיר דערזען — דער טאַטע איז דאָ. מיט פרייד און שרעק זענען מיר אים באַפאַלן מיט פראַגן: — ווו ביסטו געווען? וואָס האָט מיט דיר פאַסירט?

און אָט־וואָס דער טאַטע האָט דערציילט:

ווען ער האָט זיך אָנגעבויגן אָנצושעפּן די עמער, האָט דאָס אייז אָנגעהויבן זיך ברעכן און רירן פון אָרט, מיטשלעפּנדיק אַ שיפל וואָס איז דאָרט געשטאַנען. דער טאַטע, זעענדיק אַז ס׳איז שוין צו שפּעט אַרויסצושפּרינגען אויפן ברעג, איז אַריין אין שיפל און דאָס אייז האָט עס געשלעפּט מיטן שטראָם.

ס׳האָט געדראָט אַ געפאַר, אַז דאָס שיפל זאָל צעקוועטשט ווערן פונעם אייז, וואָס האָט געשפּאַרט און געדריקט פון אַלע זייטן. דער טאַטע האָט געזוכט אַ געלעגנהייט זיך אָנצוכאַפּן אין אַ „גלווּוקע״ (וואַסער־ברעכער). דאָס איז אים געלונגען ווען ער איז שוין געווען ווייט, נאָכן פריצס פּאַלאַץ. מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך דערשלאָגן צום שטיינערנעם ברעג און אויך אַרויסגעשלעפּט דאָס שיפל. דאָס איז געווען אַ גרויסער פיזישער אָנשטרענג, ווייל ס׳אייז האָט געריסן דאָס שיפל. נאָכן אַרויסשלעפּן עס אויף אַ הויך אָרט און פאַרזיכערן, אַז ס׳זאָל נישט אַוועקגעשלעפּט ווערן, האָט זיך דער טאַטע אַוועקגעזעצט אַ ביסל אָפּרוען.

דאָס אַלץ האָט פּאַסירט אין אַ פינצטערער נאַכט.

**ה׳ מושקאַט**

מגיני המולדת / פארטיידיקער פון פאטערלאנד

# צביקה מוסברג

היו ימים ולא רחוקים הם עדיין, כשבחור בן 25 היה, „אדם בלי ביוגרפיה".

מסילת־חייו היתה סלולה וקבועה, ישרה וכמעט בלי חתחתים. רוב שנותיו, שנות הנוער והבגרות, היה סמוך על שולחן הוריו, אחר־כך שלח ידיו בעבודה, במלאכה, בפקידות, וגם התמסר לתורה ולמדע. ורק אז, בהגיעו לגיל „מבן עשרים שנה ומעלה" יצא לרשות עצמו, עשה לביתו, מצא לו משען



צוויקאַ מוסבערג אין ישראל־מיליטער
צביקה מוסברג בעת שירותו בצה"ל

מובטח על שולחן חותנו והקים לו לעצמו מעמד בחיים. ומאז ואילך שוב שטפו־זרמו להם חיי אדם זה, נושא בעול הבית הפרטי שלו, באפקים שונים, בשבילים ישרים או עקלקלים, הכול לפי המזל. כל מעשיו וכל סוד הצלחתו ממנו באו ואליו שבו.

בשנת ה־25 לחייו השתתף בסיור אווירי לגילוי עקבות מרצחים לרגלי „המצדה" לאחר תקרית. כסייר מעולה הכיר את כל שבילי הנגב והמרחב אשר כה אהבם, שם מצא גם את מותו הטראגי בהתרסק מטוסו בצוק הסלע.

כך ע"י מעשים תכופים ופעולות אינטנסיביות יום־יומיות, רשם הוא עצמו את הביוגרפיה שלו, אשר מן הראוי להעלותה על הנייר ולזכרה.

---

צביקה נולד ב־25.5.1934 בווישקוב, אשר בפולין. מיום לידתו היה מרהיב עין, קומתו הבינונית מתפתחת והולכת כלפי מעלה, בהתאם לגילו, כפעם בפעם שמנמן ומוצק, צוחק ומצחיק, אוהב שירים וחובב סיפורים, גם בשבתו בביתו וגם בלכתו לטיול.

כבר מראשית ילדותו נתבלטו בו כמה נקודות־משיכה, כמו כשרון דרמטי מובהק ובכל הזדמנות היה מדקלם ומציג. כאמור, תחילתו מוכיחה על המשכו.

בשנתו החמישית והשישית התחיל לגלות אורח מחשבה עצמאית ודברי הגיון. במשחקיו היה תמיד המנהיג והיה צועד בראש, ואז פרצה מלחמת העולם השניה. קמה מהומה גדולה וכמובן שכולם ברחו ואנחנו בתוכם. התחנה הראשונה שהתחבאנו בה היתה בבית הקברות הפולני בראדזימין. שם שכבנו ללא כל תנועה בין הקברות. צביקה צעק אז: „אמא, אבא! אל תרימו את ראשיכם, פן הגרמנים יהרגו אתכם".

כשוך הסערה הספקנו להיות עוד בראדזימין שלושה שבועות, אך המצב היה ללא־נשוא.

באישון־לילה החלטנו לברוח עם עוד משפחה אחת. שכרנו את הגוי קורצדקי עם עגלתו והוא העביר אותנו עד לגבול.

בדרך תפסו אותנו הגרמנים ולקחו מאתנו את כל רכושנו שהיה עמנו. צביקה בכה מאוד, היות והגרמנים רצו לערוך היפוש בבגדיו, אך בסוף עזבוהו לנפשו.

צביקה היה מציג כל הזמן שאלות, כגון: „למה בורחים? מתי נחזור הביתה?" הילד לא ידע על המתרחש סביבו ובכל העולם כולו. צביקה היה מקשיב בכל נימי נפשו לוויכוחים פוליטיים ואף אהב להביע את דעתו בכל מיני דברים. לצערנו הרב היינו מוכרחים לחוש על בשרנו מה זאת מלחמה. אך לא כן להבין את משמעות המלה: מלחמה. לרעוב לפת לחם טהור, וכשהיינו אוכלים את פרוסת הלחם לא היה גבול לשמחתנו.

לנגד עיני עולה תמונה: ישבתי עם צביקה ושיחקנו עם הלחם וכל פעם נגסנו חתיכה, כי היה חבל לאכלו. מי יזכור כמה פעמים שכבנו לישון רעבים וצמאים, כדי לשכוח את חרפת הרעב. אמא היתה מסתכלת בנו בעיניים מלאות דמע והיתה מנחמת אותנו, כי הנה מחר תיגמר המלחמה והכל יבוא על מקומו בשלום ולא נהיה עוד רעבים.

1945. נגמרה מלחמת העולם ואז היה צביקה בן 11 שנים. באנו לפולין, לעיר שצ'צ'ין ונכנסנו לקיבוץ „אחוד". היינו כשבועיים בלי ההורים. לפי הבטחת הקיבוץ צריכים היינו להיפגש עם ההורים בברלין.

בהגיענו לברלין חשבנו כי ההורים מחכים לנו, אך לצערנו הרב התאכזבנו קשות. את ההורים לא פגשנו, וכך היינו 6 חדשים בלעדיהם.

בברלין היה מצבנו מבחינה כלכלית טוב. הקיבוץ סיפק את כל מחסורנו. חסרה היתה לנו אהבת הורינו, אחרי הסבל הרב שסבלנו במלחמה. היינו שומרים אחד על השני, כי



צוויקאַ האָט צוזאַמען מיט אַ דזשיפּ זיך אַראָפּגעלאָזט פון עראָפּלאַן...
יחד עם דז'יפ צנח צביקה מאווירון...

אכן אהבנו מאד זה את זה. מברלין עבר הקיבוץ לבאווריה שבגרמניה והיינו במושבה מולדורף, שם למדנו, שרנו ורקדנו. צביקה היה משתתף בכל ההצגות ותמיד בתפקיד ראשי, כשחקן מובהק. ערב אחד בא אלי המדריך ואמר לי שצביקה חולה. רצתי מיד אליו, צביקה שכב והתפתל מכאבי בטן. רצתי להשיג לו בקבוק חם, אך טוב שלמזלו לא היו מים חמים. היתה לו התקפת המעי העיוור, ובלילה העבירוהו לבית־החולים וניתחוהו, מבלי שאני אדע על כך. לא פסקתי לבכות ולמרר בבכי, עד שהמדריך לקח אותי אליו לבית־החולים לביקור. מצאתיו שוכב במיטה חיוור כסיד. פרצתי בבכי, אך הוא הרגיעני, כי זה שום דבר, „תראי, זה באמת שום דבר, מחר אוכל כבר ללכת. יש לי רק פצע קטן ברגל".

עד מהרה הוא חזר לאיתנו. היינו יוצאים ברשות, כמובן, מהמחנה ומסתכלים בחלונות ראווה ורוכשים לנו דברים קטנים מדמי־הכיס שהיינו מקבלים מהמדריך. קנינו כמה מתנות להורים בתקווה שביום מהימים ימצאו אותנו ונפתיע אותם במתנותינו.

זכורה לי עדיין ההרגשה המרה, בראותנו זוג הורים באים ולוקחים את ילדיהם בשמחה ומנשקים אותם. היינו עומדים שנינו מרחוק ומקנאים בשמחתם. אך צביקה תמיד היה מנחם אותי: תראי, שגם הם יבואו.

בשנת 1946 מצאנו את עצמנו חבוקים ושמחים בחיק הורינו. נסענו אתם למינכן, שם גרנו בבלוק גדול כשבועיים, יחד עם אלפי אנשים.

בסוף שנת 1946 נפתח מחנה חדש בחסות האמריקנים. המחנה היה: „טראַונשטיין" שבבָווריה ושם היינו עד תחילת 1949. שם היה בית־ספר עברי, בו למדנו קרוא וכתוב. בילינו שם תקופה יפה, כעין התפרקות מכל הסבל והטרדות שהוטרדנו במשך כל זמן המלחמה.

סופר לנו שם על מנהגי היהדות, חגי ישראל ועל ארץ הפלאות שהיא ארץ־ישראל, על קיבוץ ומושבה ועל זכותנו להילחם בעד מולדתנו. החלה העליה לארץ־ישראל, צביקה החליט שמספיק לו להיות בגלות. אחרי תגרות ומכות שהיו לו עם אחד ה„שקצים" בעיר התבטא ה„שגץ" באחד הבטויים שכה נפוצים היו לגבינו: "פרפלוּכטה יודה", ואז בא אלי צביקה בהצעה: מחר אנחנו עושים שביתה, נישאר במיטות ונבכה, כי רצוננו לעלות לארץ־ישראל (ההורים לא רצו עדיין לעלות ארצה). וכך היה. ישבנו חצי יום ובכינו עד שההורים נכנעו והבטיחו לנו, שאכן יתחילו לטפל בדבר.

במאי 1949 באנו ארצה עם האניה „עצמאות". צביקה התאקלם מיד יפה. עברית ידע מבית־הספר בגרמניה וכולם חשבוהו ל„צבר". הו„ התחיל ללמוד בשעורי־ערב תיכוניים, מטעם „הנוער העובד" קיבל מקום־עבודה כפקיד במחלקת־ההנדסה של עירית נתניה. עד מהרה הצטיין בעבודתו במחלקה. לאמיתו של דבר, הוא לא מצא סיפוק רב בעבודתו כפקיד, כי תמיד היה אומר, שהוא לא נועד להיות פקיד. „אני לא יכול לשבת ולחמם את הכסא". כך התבטא, וחיכה בכליון־עיניים לרגע שיוכל להתגייס לצה"ל.

אכן, היום המאושר בחייו לא איחר לבוא, וצביקה התגייס ואף ערך מסיבת־פרידה יחד עם חברו הטוב נפתלי, שאף הוא יצא לשרות־חובה, ואף הדפיסו כרטיסי הזמנות למסיבת־הפרידה. כאמור, לא היה גבול לאושרו בהתגייסו לצה"ל. לאחר תקופת הטירונות בא צביקה הביתה לחופשה קצרה. פניו קרנו מרוב אושר, והתרגש מאוד בסיפוריו על האימונים שעבר ואף הביע את דעתו שהצבא זה בית־ספר מאוד חשוב לכל אדם, המלמדו את תורת־החיים.

לאחר זאת הועבר צביקה ל„חטיבת גבעתי", לחיל־רגלים, שם מצא שטח נרחב לכל שאיפותיו הרבות. הוא יצא כמה פעמים לפעולת־תגמול שונות שאירעו ואף נפצע כמה פעמים, בלי שאנחנו נדע על כך. תמיד היה אומר לאמא: „אמא, אל תדאגי לי, את יודעת מה זה צבא? איני יודע מתי אבוא שנית". לא היה גבול לאושרו כשהזר לחופשה והוא טוראי ראשון.



על קברו של צביקה

אויף צוויקאַס קבר

כל פעם בבואו הביתה היה מספר לנו על הצטיינו בקורס זה או אחר, מראה את תעודותיו בתור הניך מצטיין וקורן מרוב אושר. זוכרת אני עדיין איך הייתי מגהצת את מדיו, בעומדו לידי ומלמדני בדייקנות איך כל קפל צריך להיות, באומרו שהוא צריך לשמש דוגמה לחייליו. אכן, תמיד היה מצוחצח ונקי וארשת פניו תמיד שמחה.

שרותו בצבא סדיר עבר חיש מהר וצביקה עמד להשתחרר מהצבא כסמל ראשון. הוא בא הביתה והביע את רצונו להישאר בצבא־קבע. אמא לא רצתה להסכים בשום אופן וכך הוא השתחרר מהצבא.

גם הפעם ערך מסיבה יחד עם חברו הטוב נפתלי לרגל שיחרורם מהצבא.

לאחר שיחרורו מהצבא חזר צביקה למקום־עבודתו הקודם בעירית נתניה. ואם לפני לכתו לצבא השתעמם בעבודתו המשרדית, הרי שעכשיו גבר השיעמום פי שבעה, והיה מוכיח את אמא מדי פעם בפעם שבחייו האזרחיים הוא אף פעם לא יתקדם, ואלו בצבא הוא יכול לעשות קריירה צבאית. מדי פעם בפעם היה יוצא לקורסים שונים על חשבון המילו־אים שהיה חייב לצבא, ושמח לקראתם וממלאם בנאמנות.

בסוף שנת 1957 נכנעה לו אמא, וצביקה התגייס לצבא־קבע. מיד עבר קורס קצינים שאף אותו גמר בהצטיינות. בהיותו קצין־קבע לא היה עוד אדם מאושר כמוהו. הוא השתתף אף במבצע סיני, למרות היותו בתקופה ההיא בקורס קצינים. בערב אחד מימי מבצע סיני נפתחה פתאום דלת ביתנו ונכנס אורח בלתי צפוי ובלתי מוכר לנו ברגע הראשון.

לפנינו עמד איש לבוש סַגין של קצין. „שלום", פתח ואמר האורח בקול מוצק, וגילה שני טורים של שיניים צוחקות. מיד הכרנו את הקול וראינו כי הנה זה צביקה. לשאלתנו אם הוא לא בקורס ענה ואמר: „כשיש כל כך הרבה עבודה אתם רוצים שאשב בחיבוק ידיים ואלמד. אולי תחכו שהערבים ייכנסו לביתכם וישחטו אתכם". בבית ישן כשעתיים ומתוך שנתו יכולנו לשמוע מערכה שלמה במלחמה, במתן פקודותיו כמו: „אש, אש, בחורים!" בדמותו שהוא נמצא בשדה־הקרב.

לאחר קורס הקצינים הגיש צביקה בקשה שברצונו לצאת לערבה, למרחב, שלדעתו זקוקים לו שם, ביודעו ובהכירו את כל שבילי הנגב. ואכן, מבוקשו ניתן לו. שם לא הפריעו לו פקודות וחוקים. שליט יחיד היה שם, עם קבוצת בחורים אשר דמותו נבטה מהם. לבדם שוטטו באדמת הנגב הצחיחה ימים ושבועות, והם דאגו לבטחון הנוסעים בדרך הקשה. כן נזכרת אני בסיפוריו על מה כינוהו „פופסקי". כאשר ימים לא הצליחו לאתר את מקומו במדבר הנורא הזה ואז אמר לו מפקדו, „מה אתה חושב שזה צבאך הפרטי", ומני אז נקרא „פופסקי" ובשם זה הכירוהו כולם בערבה.

כן, „פופ" יצרת דמות מיוחדת במינה בין חבריך, דמות של בחור עליז, פיקח ועירני לכל המתרחש.

באותה תקופה הרגיש צביקה מיחושים ברגלו, והיה צורך לנתחו. צביקה סבל מ„דיסקוס" ברגלו, בהיותו פצוע כמה פעמים באותה הרגל. הוא הבריא במהרה, ואף יצא לבית־הבראה לשבועיים בערך, שם קיבל טיפול והבריא. כושרו הגופני היה מוגבל לשנה, אך צביקה צחק למישמע הוראה זאת והתעקש להמשיך בתפקידו. יום אחד חזר הביתה ובפיו בשורה משמחת: „אמא אני מתחתן!" את חברתו מירה, שאותה הכיר באילת, הכרנו כשנה, אך החלטתו היתה כל כך פתאומית שבעוצר־נשימה אמרה אמא: „מזל טוב".

צביקה החליט להשתקע בבאר־שבע, שם קיבל דירה נאה ובמו ידיו סידר, קישט ותיקן את דירתו עד שהיתה דומה למוזיאון יפה. את הקירות קישט בתמונותיו היפות שצייר במו ידיו ובכל מיני דברים מקוריים. 5 חודשים שרר האושר בביתם של הזוג הצעיר. באחד הימים התרחש האסון הגדול, שגם עתה בכתבי שורות אלו, קשה מנשוא היא מחשבה זו, שצביקה איננו...

פנינה מוסברג

✶

יאאיר ביברמן (ג'רי), מפקדו של צביקה, כתב עליו:

עז רוח, בעל אִפי סוער, השואף להתפרץ תמיד קדימה... לאחר תקופת שרות קצרה באחת הפינות השקטות במרחב, שהיה לגביו תקופת נסיון, בה הוא עמד יפה, נשלח צבי לניצנה — הפינה הפרובלמטית במרחב. עד מהרה הוא השליט סדר במקום ובמרחב, שמש דוגמא ומופת לחייליו במסירותו, בחריצותו, באומץ לבו ובתבונתו... פעילותו המוג־ברת והנמרצת הרחיקה את הבדויים מאגי הגבול או מעבר לגבול סיני...

גם בתור איש המטה לא יכול היה אדם זה לתכנן סיורים, להטיל על אחרים משימות, מבלי ליטול בהן חלק פעיל. וכך הוא יצא לחלק מהסיורים בתור משקיף או מפקד... אך את מותו מצא צבי בסיור אליו יצא מתוך דחף של אחריות פנימית...

✶

מר שלום באוכמן מנתניה כתב על צביקה בעתון „חירות", במלאת שנה למותו:

...שירת חייך באמצע נפסקה, ועוד כל החיים לפניך. עברו רק חדשים ספורים מאז נשאת את בחירת לבך ובנית את ביתך בישראל. נתיתם ביתך אשר אליו היית כה קשור. נתיתמנו כולנו מצביקה החביב, נעים ההליכות, העליז והפצין למופת. מכריך — מוקיריך ופקודיך יחסו לך כבוד והערצה לגבורתך ואומץ לבך אשר גילית בכל עת.

הסתלקותך הפתאומית השרתה אבל כבד על כל יודעיך. ובמה אנחם את הוריך? אין תמורה ואין מלים..

ינעמו לך רגבי המולדת אשר בדמך הצעיר הרוית אותם.

יהי זכרך ברוך.

הודעת ראש־הממשלה ושר־הבטחון על מותו של צבי מוסברג:

מדינת ישראל

אנו מעלים בצער את זכרו של 236198 סגן צבי מוסברג ז"ל שנפל בשעת מילוי תפקידו ביום י"ט ניסן תשי"ט (27.4 1959). ממשלת ישראל, צבא ההגנה לישראל והאומה העברית ישאו תמיד בגאון ובאהבה את זכר צבי אשר קיים תפקידו בנאמנות בהגנת המולדת.

ד. בן־גוריון
ראש הממשלה

# זאב הולנד

זאב הולאנד נולד בוישקוב בשנת 1928 להוריו רבקה ומשה הולאנד. מימי ילדותו שאף לעלות לארץ ולבנותה. למד ב„חדר" ובבית הספר הכללי, הצטיין בלימודיו. היה נער פיקח וחרוץ, כולם אהבוהו וחבבוהו. בהיותו בן 11, פרצה המלחמה והוכרח להפסיק את לימודיו. ברח עם הוריו לרוסיה. גם שם, בסיביר, בלטה ערנותו לכל הנזקקים לעזרה בצרה. כשחזר מסיביר בשנת 1941, הצטרף זאב לתנועת־נוער שהתכוננה לעלות לארץ. בשנת 1942 התכונן לנסוע עם עלית הנוער. כל הפצרות הוריו שלא יסע לבדו וימתין לעלייתם לא הועילו, בהוכיחו את הוריו, כי האמהות אינן רוצות להיפרד מבניהן, ומי יבנה את ארצנו? „עד שאתם תחליטו לעלות, כבר תהיה לנו ארץ משלנו ועל הנוער לסלול את הדרך לדור המבוגר, כי די נדדנו על פני תבל..." וכך נפרדנו ממנו, אך היתה זו פרידה לנצח. בעלותו לארץ הצטרף לקיבוץ ושם התנדב לפלמ"ח. בן 18 נשא אשה ונולדה לו בת.

במבצע צבאי בתל־אביב בשנת 1948 ביום ג' באדר תש"ח נפל זאב, והוא רק בשנת העשרים לחייו.

יהי זכרו צרור בזכר מגיני המולדת.

# אברהם טננבוים

בנינו אברהם־חיים נולד בראש חודש אלול תרפ"ה (1925) בוישקוב. בפרוץ מלחמת העולם השניה הוא נמלט יחד עם כל משפחתנו לרוסיה. לאחר טלאות וטלטולים הגענו לסיביר. שם היה מצבנו קשה מנשוא, אך בננו אברהם־חיים הוא אשר הצילנו — התמסר, עבד ופרנס את כל המשפחה. בשנת 1942 התנדב לצבא הפולני שקם ברוסיה ועלה לדרגת סרג'נט. לרגל לחימתו המסורה, הוענקו לו אותות הצטיינות. בגמר המלחמה עבר עמנו לגרמניה, כשמטרתנו היא — ארגנטינה. בננו אברהם סירב להמשיך עמנו והוא עלה לארץ בשנת 1948. עם הגיעו ארצה נלקח לעתלית ושם הושבע לצה"ל. לאחר תקופת אימונים קצרה, השתתף בכיבוש באר־שבע, הגיע לתפקיד מפקד־כתה והשתתף במבצע „חורב". בכיבוש

משלט אבו־עגילה ע״י גדוד פלמ״ח 7, חטיבה 12, בתאריך 28.12.48 — נהרג כעבור מספר דקות להתחלת הקרב.

ברגעיו האחרונים מלמל לחבריו: „אני מת בשדה־הקרב ולא זכיתי ליהנות מהאושר שהוא שיחרור המולדת. אזכור את הורי״. הוא נקבר ברביבים. ב־14.8.50 הועבר למנוחת־עולמים בבית הקברות שבנחלת־יצחק.

ההורים: **חנה וברוך־דוד טננבוים**

# יצחק זמיר

(מתוך ספרו „דברי ימי יצחק״ — שנה למות גבורים של יצחק זמיר ז״ל. קיבוץ עברון — תש״י — תל-אביב)



יצחק זמיר, בנם של רחל ואברהם זמיר מוישקוב נולד ב־ורשה בשנת תרפ״ד. בא ארצה: ניסן תרצ״ג (1933). ממייסדי קי־בוץ עברון ליד נהריה. איש פלמ״ח בשנות תש״ח—תש״ט. קצין הסיי־רים בחטיבת הנגב.

בכ״ו כסלו תש״ט (28.12.48), בסיורו האוירי בחזית הנגב, הות־קף על־ידי האויב ואוירונו הת־רסק...

בהודעת המטה הקרבי של חטיבה 12 על מותו של יצחק — נאמר:

מבצע „חורב״ — מטה קרבי, חטיבה 12

יומן קרבי מס׳ 5

יום ד׳ כ״ז כסלו תש״ט
ג׳ דחנוכה, 29.12.48

החטיבה תזכור את חבריה שנפלו במלחמת השחרור של הנגב. לא אלמונים היו, יחד עמנו צמחו ויחד עמנו לחמו שכם אל שכם, ונתנו כמיטב יכולתם להאדרת החטיבה ולהגברת כשרה הקרבי, תוך ידיעת היעוד הגדול והמשימה הכבדה.

ביגון אנו נפרדים מהטוב בסיירנו יצחק זמיר, שמצא את מותו תוך מילוי תפקידו אשר לו כה התמסר. כבוד לנופלים על במתי הנגב.

גם ראש־הממשלה ד. בן־גוריון פרסם הודעה מיוחדת למותו של יצחק:

מדינת ישראל

הננו מודיעים בצער עמוק כי

יצחק זמיר ז״ל

נפל בשעת מילוי תפקידו ביום כ״ו כסלו תש״ט (28.12.48) בקרב אוירי בנגב. ממשלת ישראל, צבא ההגנה לישראל והאומה העברית ישאו תמיד את זכר יצחק אשר נפל בהגנת המולדת ובמערכה על חרותה ועצמאותה.

ד. בן־גוריון
ראש־הממשלה

אלה מבני וישקוב אשר נפלו בהגנת המדינה העברית.

# זיי דאַרפן פאַראייביקט ווערן

ווען מיר רעדן אַמאָל וועגן ווישקאָוו, דערמאָנען מיר שטענדיק די פּראַכטפולע נאַטור אַרום דעם שטעטל: דער גרויסער וואַלד, דער שנעל־לויפנדיקער טייך, דאָס אייזערנע בריקל, די לאָנקעס אַרום אירע ברעגן א. אַז. וו.

אַוודאי זענען די נאַטירלעכע שיינקייטן איינע פון די הערלעכע דערינערונגען, וואָס מיר האָבן מיטגענומען פון אונדזער שטעטל. עס פאַרדריסט אָבער, פאַרוואָס מיר ווידמען נישט מערער צייט אויף צו דערמאָנען די מענטשן, מיט וועמען מיר האָבן געלעבט און פאַרבראַכט אונדזער יוגנט; די באַוועגונגען וואָס זענען געשאַפן געוואָרן און וואָס האָבן אַזויפיל צוגעטראָגן אין דער עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און בכלל קולטורעלער אַנטוויקלונג פון אונדזער דור.

עס ליגט אַ וועלט מיט מאַטעריאַל און בעט זיך מען זאָל צולייגן אַ האַנט און עפּעס שאַפן דערפון — להכעיס אונדזערע שונאים, וואָס האָבן זיי געוואָלט אָפּווישן, נישט נאָר פון דער ערד, נאָר אַפילו פון אונדזער באַוווסטזיין.

אַ גאַנצע ליטעראַטור וואָלט מען דאָך געקענט שאַפן פון די פּישקעס, פּאַלוכלעך, דזשובאַגס, מעטש מיט זיין קאַפּעליע, דאָס גראָז־געניזעלע, ערשינקע וואַסערטרעגער (דער תהילים־רופער), שיע קאלאַץ, אורקע מיט דער קלאָניצע און אַנדערע. דאָס איז דאָך אַ גאָר קליינער פּראָצענט פון דעם האָרע־פּאַשנעם ביז דעם גאָר אָרעמען טיף פון אונדזער שטעטל. און איצט די אַזוי גערופענע באַלעבאַטים, די שיינע יידן, די דנס, יאַקובאָוויטשעס, שקאַרלאַטס און עלי־מאירס.

און פאַרוואָס טאַקע נישט דערמאָנען אונדזערע פירער, קולטור־טוער, ווי העניעך קאַלוסקי — מזרחי; ישראל אַסמאַן, איטשע שקאַרלאַט — אַלגעמיינע ציוניסטן; יורמאַן — פּועלי־ציון; ישראל גאָלדוואַסער — פאָלקס־פּאַרטיי; שמעון מאַלאָוואַנטשיק, שולם שידלעצקי, מרדכי פרידמאַן פון „בונד״; דזובאַנעק און מאָטל רינעק פונעם אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו?

דאָס אַלץ וואָלט באַדאַרפט אויף וועלכן ס׳איז אופן פאַר־אייביקט ווערן!

אייניקע טיפּן און געשטאַלטן פון זיי וויל איך אַרויס־ברענגען:

יחיאל־מאיר דזובאַנעק

ווער עס האָט אין ווישקאָוו יאָ געקאָנט סרולקע קאַ־מאַשנמאַכערס זון און ווער נישט — האָט ממש זיינע אויגן נישט געגלויבט, זעענדיק אים אין אַ שיינעם פרימאָרגן זיך אַרומדרייען אין מאַרק, אָנגעטאָן אין אַ רוסישן סאָלדאַטסקע שינעל, פאַרפּוצט אין שיינענדיקע לאַקירטע שטיוועלעך און אויף זיין קאָפּ מיטן שוואַרצן טשוב — אַ סאָלדאַטסקע היטל.

יחיאל־מאיר דזובאַנעק איז געווען נישט צום דערקענען. ער איז ווי אויסגעוואַקסן, הויך און מיט לאַנגע האַרטע הענט; אַן אָפּגעברענט פּנים מיט גרויסע ברוינע אויגן און אַ ברייטע דרייקאַנטיקע גאָמבע. דאָס איז נישט געווען דער זעלבער דזובאַנעק, וואָס איז אַוועק אין דער צאַרישער אַרמיי ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט אַן אָפענע געהאַקטע קאַפּאָטע, פונוואַנען עס האָט אַרויסגעקוקט דער ארבע־כנפות. נאָר דאָס יאָ: אָנשטאָט אַ גמרא הינטערן אָרעם, האָט ער ערגעץ באַהאַלטענערהייט געוויס געטראָגן דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט. דאָס איז איצט געווען אַ מענטש

מיט אַ זיכערן גאַנג און אַ קול, וואָס האָט געקאָנט געבן באַפעלן, אַנשטאָט זיי צו נעמען.

פון די ערשטע עטלעכע באַגעגענישן מיט דער ווישקאָווער יוגנט און אַרבעטער, האָט דזבאַנעק באַלד געוווּנען זייער צוטרוי. דאָס זענען געווען די יוגנטלעכע, וואָס זייערע נעמען וויל איך דאָ אויסרעכענען לזכר עולם: מאָטל רינעק דער מאַליאַזש; בנימין, ישראל־מענדל בעקערס זון; מרדכי לאָקעטש; אורקע בעל־־עגלה; לייזער שטריקמאַכערס זון, און נאָך עטלעכע יידישע אַרבעטער, פון וועמען עס איז באַשטאַנען דאָס ערשטע אונטערערדישע קרייזל, וואָס ער האָט געגרינדעט אין ווישקאָוו.

אין שטעטל האָט זיך גענומען רודערן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען צעטיילט געוואָרן פּראָקלאַמאַציעס, וואָס האָבן גערופן די יידישע אַרבעטער צו אַ פאַרזאַמלונג, ווו עס וועט אָרגאַניזירט ווערן אַן אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוו. און אַז דזבאַנעק וועט אָפּגעבן אַ באַריכט פון אַ קאָמיטעט, וואָס וועט העלפן אין דער אַרבעט. די פאַרזאַמלונג איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. נאָך לאַנגע דיסקוסיעס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג, אין וועלכער עס זענען אַריין מיטגלידער פון „בונד״, „צוקונפט״, פּועלי־ציון און פון דער יידישער סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

די אויפגאַבן, וואָס דער קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך געשטעלט, זענען געווען: צו קומען צו הילף דער ליידנדיקער אַרבעטלאָזער באַפעלקערונג דורך איינקויפן שפּייז־פּראָדוקטן צו ביליקע פרייזן, אין וועלכע די אָרעמקייט האָט זיך געניייטיקט, ווי: ברויט, הערינג, קאַרטאָפל, צוקער אדג״ל, אויף וואָס עס איז געווען אַ שרעקלעכער יקרות.

די פראַגע איז געווען: ווו נעמט מען די ערשטע עטלעכע טויזנט זלאָטעס אויף דעם ערשטן איינקויף? דזבאַנעק האָט אַ באַשטימטן פּלאַן: מען זאָל אויסשטעלן אַ ליסטע פון פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים אין שטאָט, וואָס וועלן מוזן צוטראָגן אַ געוויסע סומע אַלע וואָך, ביז דער קאָאָפּעראַטיוו וועט קאָנען שטיין אויף זיינע אייגענע פיס, ד. ה. — ביז ער וועט האָבן גענוג פּראָדוקטן צום פאַרקויפן און וועט זיך מער נישט נייטיקן אין זייער הילף. איי, זיי וועלן זיך קעגנשטעלן? וועט מען זיי שבת, צו קריאת־התורה, אָפּשפּילן אַזאַ חתונה׳קע, אַז זיי וועלן דאָס האָבן צו געדענקען.

און כך־הווא. עס איז געקומען אַ שבת, וואָס גאַנץ ווישקאָוו האָט לאַנג, לאַנג נישט געקאָנט פאַרגעסן. עטלעכע גרופּעס פון קאָאָפּעראַטיוו זענען אַריין אין גרויסן בית־המדרש. אורקע מיט מאַטלען האָבן זיך געשטעלט ביי די טירן. עטלעכע יוגנטלעכע זענען אַרויף אויפן בעלעמער. די אַנדערע האָבן זיך צעשאָטן אין די דורכגענג, און מען האָט נישט געלאָזט אָנגיין מיטן דאַווענען, ביז דער רב האָט צוגעזאָגט, אַז נאָך היינט, שבת־צו־נאַכטס, וועלן עטלעכע אָנגעזעענע באַלעבאַטים זיך צונויפקומען מיט די פאָרשטייער פונעם קאָאָפּעראַטיוו און אַדורכריידן וועגן דעם ענין.

פון דער ערשטער באַגעגעניש מיט די באַלעבאַטים זענען קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן נישט געווען, דאָך איז דער זיג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו געווען געזיכערט. די באַלעבאַטים האָבן זיך פאַרפליכטעט צו רופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע פאַרמעגלעכע יידן אין שטאָט. ביי דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען ביי די יאַקובאָוויטשעס אין הויז, איז שיער נישט געקומען צו פעטש, אָבער אַ צאָל באַלעבאַטים האָבן מיט געבראָכענע הערצער, נעבעך, געמוזט צוטראָגן עטלעכע הונדערט זלאָטעס, פאַר וועלכע מען האָט באַלד געקויפט אַ וואַגאָן קאַרטאָפל.

דאָס איז געווען ווינטער, אַרום פעברואַר 1918. אין אַ פראָסטיקן טאָג איז אָנגעקומען דער ערשטער וואַגאָן קאַרטאָפל. נאָר ס׳איז געווען אַ ווייטיק צו זען, אַז די קאַרטאָפל זענען... שטיקער פאַרפרוירענע אייז. צוליב דער שוידערלעכער הונגער־נויט, וואָס די באַפעלקערונג האָט דעמאָלט געליטן, איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די פאַרפרוירענע קאַרטאָפל זענען גיך צעכאַפּט געוואָרן.

דער וואַגאָן קאַרטאָפל האָט באַוויזן די פּראַקטישקייט און מעגלעכקייט פון אַזאַ אונטערנעמונג און געגעבן אַ שטויס די אַרבעט אַרום דעם קאָאָפּעראַטיוו, אַזוי, אַז זי איז געוואָרן די איינציקע גרויסע הילף פאַר דער אָרעמער, פאַרהונגערטער יידישער באַפעלקערונג. און זאָל דאָ גלייך געזאָגט ווערן: די ווישקאָווער דערמאָנען מיט כבוד דעם נאָמען יחיאל־מאיר דזבאַנעק, וואָס אַ דאַנק זיין אומדערמידלעכער אַרבעט, די איבערגעגעבנקייט פון דעם ערלעכן אַרבעטער־קעמפער צו דער אָרעמקייט און צו לינדערן זייער נויט, אַ דאַנק זיין קלוגער אָנפירונג אין דער גרינדונג און אין דעם ווייטערדיקן פירונג פון דער אונטערנעמונג, איז מעגלעך געוואָרן דער גרויסער דערפאָלג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו.

דזבאַנעק איז נישט געבליבן שטיין בלויז אַרום דער אַרבעט פון קאָאָפּעראַטיוו. ער איז דורך זיין אייפער און איבערגעגעבנקייט געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע פירער פון דער אַלגעמיינער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווו קיין אַרבעט איז אים נישט געווען צו שווער אָדער צו נידעריק. מען פלעגט אים זען אין וואַרשע זיך חברן מיט די ברוקירער, וואָס פאַרריכטן די גאַסן. ער פלעגט זיך אַראָפּזעצן אויף אַ שטיין צי אויף דער ערד נעבן איינעם, שפּעטער נעבן אַן אַנדערן, זיך פונאַנדערפרעגן וועגן זייער



זישע טעפּהענדלער — זישה מוכר סירים

לעבן, זייער פֿאַרדינסט, זייער היים; געווינען זייער צוטרוי און זיי פּרובירן צו אָרגאַניזירן.

די לעצטע גרוסן ווענן דזשבאַנעקן זענען פֿאַר זיינע חברים און מיטאַרבעטער געווען שוידערלעכע. עס איז פֿאַר אונדז געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ זיך צו דערוויסן, אַז אַ מערדער־האַנט האָט זיין העלדיש לעבן פֿאַרלאָשן, און גראָד אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד.

כבוד זיין אָנדענק!

### העינדע די קצבטע

אָנגעטאָן אין אַ וואַטאָווקע, אַרומגעבונדן מיט אַ גרויסן לייוונטענעם פֿאַרטוך, לויפֿט העינדע די קצבטע אין אירע מענער־שטיוול, פֿאַרסאָפּעט, און רעדט צו זיך:

— וואָס מיינען זיי? — און אַז זיי זענען מיר שולדיק עטלעכע גילדן, וועל איך זיי לאָזן גיין שבת צום טיש אָן אַ ביסל יויך, אָן אַ שטיקל פֿלייש? ניין, מענטשן, וויי איז מיר!

ס'איז שפּעט, און העינדע לויפֿט מיט אַ פּעקעלע פֿלייש איינגעוויקלט אין ווייס פּאַפּיר. דאָ — צו איין אָרעמער משפּחה פֿון איין גאַס, און באַלד דערמאָנט זי זיך פֿון אַן אַנדערער באַלעבאָסטע, וואָס איז נישט געקומען היינט קויפֿן קיין פֿלייש. זיך געשעמט צו באָרגן.

— וואָס איז זיך דאָ צו שעמען? — פֿלעגט זי איינטענהן מיט די פּרויען, אַוועקלייגנדיק אויפֿן טיש דאָס פּעקעלע וואָס זי האָט געבראַכט. — אַז איר וועט האָבן, וועט איר מיר געוויס באַצאָלן. דערווייל, וואָס זענען די קינדער שולדיק? איך אייל מיך — פֿלעגט זי זאָגן, שטייענדיק אין טיר. — נעמט נישט פֿאַר אומגוט. האָט אייך אַ גוטן שבת! — און איז ווייטער געלאָפֿן, איר שייטל צעבלאָזן פֿון ווינט, און מיט אַ בלאַס, מיד פּנים.

בעריש טשאַרנעס, איר שכן, פֿלעגט זיך מיט איר רייצן:

— וואָס לויפֿסטו, העינדע, פֿאַרלירסט דאָך ס'פֿאַרטעך!...

— פֿאַרליר נישט קיין רייד, בעריש, גיי בעסער אַריין און העלף דיין יידענע מאַכן שבת... — פֿלעגט היינדע אים צוּוואַרפֿן, לויפֿנדיק ווייטער.

און בעריש האָט אַריינגערעדט אין זיין רויטער באָרד: „זאָל מיר שוין זיין אַזאַ יאָר, וואָס פֿאַראַ טייער מענטש דאָס איז". און דאָס שטעטל פֿון איין ברעג ביזן אַנדערן האָט גוט געוווּסט דעם טייערן, ברילִיאַנטענעם מענטש, וואָס לעבט צווישן זיי.

עס איז שוין באַלד צייט געווען צו פֿאַרמאַכן די קראָמען, ווען העינדע האָט זיך צוריקגעקערט אַ מידע און אַ שמייכלדיקע. פֿון ווייטן האָט זיך שוין געהערט יצחק־יעקבס געשריי: „יידן, פֿאַרמאַכט די געוועלבער! יידן, פֿאַרמאַכט די געוועלבער!" זי האָט זיך צוגעזעצט אַביסל אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. חנה, איר טאָכטער, איז געשטאַנען איבער איר און אומגעדולדיק געמרוקעט: „מאַמע, לאָמיר שוין פֿאַרמאַכן". נאָר העינדע איז שטאַרק פֿאַרנומען מיטן איבערציילן נאָכאַמאָל דעם מסחר און אירע קונדן, צי זי האָט וועמען נישט פֿאַרגעסן. „וואַרט, יאָג נישט!" — ענטפֿערט זי חנהען און ציילט ווייטער אויף די פֿינגער: — כיענקע־רחלען; יידל פֿאָלקער; עזריעלקען; פֿאַלוכלען; כאַצקל דעם מלמד; דוד וואָלווישעס — — — און אַזוי ציילנדיק ווערט איר פּנים אַלץ ליכטיקער און רואיקער.

— דוכט זיך, קיינעם נישט פֿאַרגעסן, גאָט־צו־דאַנקען.

נו, איצטער, חנה, קאָן מען שוין פֿאַרמאַכן די יאַטקע און מאַכן שבת.

העינדע מיט חנהען זענען אַוועק אַהיים, זיך אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן אין שבתדיקע קליידער און זיך געלאָזט אין שול. אויפֿן וועג האָבן מענטשן אָפּגעגעבן העינדען דעם שיינעם „גוט־שבת", ווי עס פּאַסט אַ געאַכטעטן מענטש אין שטעטל. אויף די טרעפּ צו דער ווייבער־שול האָט זי באַגעגנט חוהן. מען האָט זיך באַגריסט, נאָר ביי העינדען אין האַרצן האָט חוהס „גוט־שבת" אַ מאָדנעם קלאַפּ געטאָן. זי האָט חוהן אָפּגעשטעלט.

— זאָג מיר, חוהטשע־לעבן, פֿאַרוואָס האָסטו נישט געקויפֿט ביי מיר קיין פֿלייש אויף שבת?

חוה האָט זיך אַביסל פֿאַרויטלט.

— וואָס אַן אמת, העינדע טייערע, איז מיר נאָך פֿאַרבליבן אַ שטיקל עוף פֿון נעכטן, און מען וועט שוין ווי עס איז דורכקומען...

אין שול האָט העינדע זיך געשטעלט אויף איר אָרט, געעפֿנט דעם סדור צו קבלת שבת, און ווען דער חזן האָט אָנגעהויבן „לכו נרננה", האָט זיך ביי העינדען אין קאָפּ עמעץ אַ פֿרעג געטאָן: „ווו האָט חוהלע גענומען אַן עוף?" זי האָט געוואָלט צוגיין צו חוהן, נאָר דער אין קאָפּ האָט ווייטער גערעדט: „דאָ קאָן מען נישט רעדן. און וואָס וועט העלפֿן? די ליבהאַרציקע חוהלע האָט גאָר נישט געקאָכט אויף שבת".

— אַ ווייטיק איז מיר! — האָט זיך ביי העינדען אַרויסגעריסן. — וואָס וועלן זיי היינט עסן, איר קראַנקער מאַן און אירע טייערע קינדערלעך? — האָט זי צו זיך געמורמלט.

— וואָס איז דיר? — האָט שטילערהייט געפֿרעגט דעם שמשס ווייב.

— ס'איז מיר זייער הייס און ס'דרייט זיך מיר דער קאָפּ. איך מוז אַרויסגיין כאַפּן אַביסל פֿרישע לופֿט. כ'וועל באַלד זיין צוריק — האָט זי שטיל געענטפֿערט.

העינדע האָט זיך אַרויסגעשלייכט פֿון שול, אַוועק צו זיך אַהיים, אַרויסגענומען דעם הייסן טאָפּ מיט דער שבתדיקער וועטשערע, אַרומגעוויקלט מיט אַ שמאַטע און אָן אָטעם געלאָפֿן צו חוהס שטוב. געקומען, האָט זי אַפֿילו נישט אָנגעקלאַפּט, אַריין אין קיך און אַוועקגעשטעלט דעם הייסן, פֿאַרוויקלטן טאָפּ אויף חוהס קאַלטן אויוון.

— קינדערלעך, — האָט העינדע געזאָגט, — איך האָב געבראַכט דער מאַמעס וועטשערע, וואָס זי האָט היינט געקאָכט ביי מיר אין אויוון. זאָגט איר, אַז ס'איז ביי מיר אַביסל צו ענג אין אויוון, האָב איך עס איר אָפּגעטראָגן. — און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפֿער, האָט זי זיך געלאָזט גיין צוריק אין שול.

ווען היינדע איז געקומען, איז שוין געווען נאָכן דאַווענען און דער עולם האָט אָנגעהויבן גיין אַהיים. זי האָט אויך חוהן נישט געטראָפֿן.

די קינדער אין אַמעריקע האָבן נישט איינמאָל געשריבן העינדען זי זאָל צו זיי קומען. געשיקט איר אַ שיפֿס־קאַרטע און די נייטיקע פּאַפּירן. די קינדער האָבן ווידעראַמאָל זיך געבעטן ביי דער מאַמען, זי זאָל שוין פֿאַרלאָזן די יאַטקע, דערפֿרייען זייער האַרץ און קומען צו זיי אין אַמעריקע. העינדע האָט געלייענט דעם בריוו פֿון די קינדער, געקוקט אויף דער שיפֿס־קאַרטע און געוויינט. „ווי קאָן זי פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל, אירע ליבהאַרציקע מענטשן? אַזוי פֿיל יאָרן צוזאַמען, אין פֿרייד און אין לייד! ווי נעמט עס אַ מענטש

און פֿאָרט אַוועק, שוין קיינמאָל מער זיך נישט אומצוקערן?"

אין אָוונט איז הענדע אַוועק צו מענדל דיין זיך אַן עצה האַלטן. ער האָט גוט געקאָנט הענדען, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט, זי פּלעגט אָפּט צו אים קומען מיט איר ביטער האַרץ. ער האָט געוווּסט, ווי שווער ס'איז פֿאַר הינדען זיך אַרויסצורייסן פֿון דאַנען און איר בענקשאַפֿט נאָך די קינדער. מענדל דיין האָט צו איר גערעדט ווי אַן אייגענער ברודער.

— ווי לאַנג, הענדע, קאָנסטו אויסהאַלטן דאָ אַליין, אין דיין יאַטקע? די פּאַנעס אין פּוילן ראָטן אויס דעם יידישן האַנדל און דו טראָגסט אַלץ מער פּעקלעך פֿלייש אויף באָרג. די אָרעמקייט דאָ שרייט צום הימל! אמת, דו האָסט אַ האַרץ פֿון אַ צדקת, אָבער דו האָסט קינדער, זאָלן געזונט זיין. זיי אַ מאַמע צו דיינע קינדער! ס'איז אַ גרויסע מצוה. פֿאָר, הענדע, פֿאָר קיין אַמעריקע געזונטערהייט און זיי מצליח.

ס'איז געקומען די צייט פֿון הענדעס אַוועקפֿאָר. דאָס שטעטל איז געוועזן פֿאַראומערט ווי אין די ניין טעג. מען איז געקומען אין יאַטקע און צו הענדען אין שטוב זיך געזעגענען. עס זענען אין די טעג גענוג טרערן פֿאַרגאָסן געוואָרן פֿון די פֿרויען, שכנים און פֿריינד, און פֿון די וואָס זענען הענדען שולדיק געווען פֿאַר פֿלייש און נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן. הענדע האָט מיט אַלעמען מיטגעוויינט, אַלעמען געטרייסט, געבענטשט און געדאַנקט.

ביינאַכט אויפֿן געלעגער האָט הענדע נישט געקאָנט שלאָפֿן. זי האָט אַלץ געטראַכט, ווי אַזוי קאָן זי פּועלן ביים רבונו־של־עולם, ער זאָל שפּייזן זיין פֿאָלק ישראל. זי האָט שוין אויסגעלייענט אַלע תחינות, אָבער עס האָט איר נישט באַפֿרידיקט. זי מוז זיך אַליין אויסטענהן מיט גאָט, מיט איר אייגן לשון.

זי איז אַוועק אין גרויסן בית־המדרש, אַריינגעפֿאַלן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן אין ארון־קודש, און דאָס זענען געווען הענדעס ווערטער, איר אייגענע תחינה!

„אַ דאַנק דיר גאָטעניו, ליבהאַרציקער טאַטע, פֿאַרן חסד וואָס דו טוסט צו מיר און מיינע קינדער. פֿאַרגיב אַ זינדיקע אשה, וואָס טוט קומען צו דיר, נישט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר כלל־ישראל. רבונו־של־עולם, דו ווייסט דאָך דעם אמת, אַז איך האָב נישט געוואָלט אַוועקפֿאָרן פֿון אונדזער שטעטל. דאָס זענען דאָך דיינע פּלענער, וואָס דו האָסט צעזייט און צעשפּרייט מיינע קעלבעלעך, מיינע קינדערלעך איבער די ימען. איצטער פֿאָדער איך און פֿאַרלאַנג פֿון דיר: דו זאָלסט, טאַטע געטרייער, שפּייזן דיינע קינדער אין שטעטל. זיי זאָלן כאָטש האָבן אַ שטיקעלע פֿלייש אויף שבת!"

הענדע איז צוגעפֿאַלן מיטן פּנים צו אירע הענט, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן דעם ארון־קודש, און האָט לאַנג און ביטער געוויינט און געכליפּעט.

אַזוי איז הענדע אַ צעוויי טיקטע אַוועקגעפֿאָרן פֿון איר שטעטל.

מיר וועלן שטענדיק דערמאָנען איר נאָמען מיט גרויס ליבע און אַכטונג.

נ ו ֹי ק ע (נ ח ' ק ע)

ווי אַזוי דער תמעוואַטער נויקע האָט זוכה געווען צו צוויי מלאכות — צו ווערן מיטאַמאָל אַ באַהעלפֿער און אַ וואַסערטרעגער — איז טאַקע אַ וווּנדער. מילא, אַ וואַסערטרעגער קאָן זיין יעדער איינער, אָבער אַ באַהעלפֿער וואָס קאָן נישט קיין שייטל עברי — איז אויך אין ווישקאָוו געווען טשיקאַווע.

די מעשה איז אָבער גאַנץ איינפֿאַך פֿאַר די וואָס האָבן געקענט יעקב־ישראל דעם מלמד מיט זיין טאָכטער, וואָס איז געווען שטום, טויב און אין די יאָרן...

נויקע פֿלעגט שבת קומען אין דעם אָטוואָצקער שטיבל, צו קריגן ווו אָפּצועסן כאָטש איינמאָל אין וואָך, און יעקב־ישראל דער מלמד, אַליין אַ גרויסער אָרעמאַן, פֿלעגט אויסכאַפּן נויקען, טראַכטנדיק: אפשר האָט גאָט אַליין צוגעשיקט נויקען פֿאַר זיין טאָכטערס זיווג? ס'האָט טאַקע לאַנג נישט גענומען און נויקע האָט חתונה געהאַט מיט דער טויב־שטומער. און וואָס האָט ער געטאָן, כדי צו האָבן חיונה? האָט דאָס דער טאַטע, דער מלמד, געגעבן נויקען די צוויי מלאכות: סיי צו זיין אַ באַהעלפֿער ביי אים אין חדר און אויך צו טראָגן וואַסער צו די באַלעבאַטים.

דאָס טראָגן וואַסער איז נאָך געווען ווי עס איז. אַמאָל האָט ער אין איינעם פֿאַרגעסן, האָט ער דערפֿאַר אַן אַנדערן געבראַכט וואַסער — צוויי מאָל. נאָר מ'איז אויסגעקומען. דערפֿאַר איז דער מין באַהעלפֿער געווען אַ פֿולשטענדיקער דורכפֿאַל. ביי יעקב־ישראלן אין חדר זענען געווען עטלעכע דערוואַקסענע, דרייצן־פֿערצן יאָריקע יינגלעך, וואָס האָבן גוט געקענט דעם תמעוואַטן נויקען. איז ווען דער רבי האָט מיט דרך־ארץ פֿאָרגעשטעלט נח'ן ווי זיינעם אַ באַהעלפֿער, האָבן די גרעסערע יינגלעך אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. נאָך זיי איז דער גאַנצער חדר אַוועק אין אַ טומלדיק כיכיקען, אַז אַפֿילו נויקע האָט מיטגעלאַכט מיט די קינדער. דאָס איז געווען דער אָנהייב. און לאַנג וואַרטן אויפֿן סוף פֿון דער באַהעלפֿער־קאַריערע האָט מען נישט באַדאַרפֿט.

די יינגלעך האָבן זיך צוזאַמענגערעדט, אַז מען דאַרף מיט דעם באַהעלפֿער לערנען אַ פּרשה בלק. אַבע, פּייוול־משהס און קודאַק, אורקע פֿאַרכס זינדל, האָבן אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן. און עס איז געשען. איינמאָל, ווען דער רבי איז אַוועק דאַווענען מנחה אין שטיבל און נויקע איז געזעסן אין ווינקל און זיך געשאָקלט איבער די ליידיקע עמער, זענען אים די חברה פּלוצים באַפֿאַלן, אים אויסגעצויגן אויפֿן באַנק, זיך פֿאַרפֿלאָכטן איבער אים ווי מיט שטריק און אים ריכטיק אַריינגעציילט, דערביי האָבן זיי אים געוואָרנט, אַז אויב ער וועט זיך דערוועגן דערציילן דעם רבין, וועלן זיי זיך מיט אים אָפּרעכענען אויף נאָך אַ שענערן אופֿן.

ווען יעקב־ישראל איז צוריקגעקומען און געטראָפֿן נויקען מיט אַ צעגראַטשטן פּנים און צעריסן כאַלאַטל, איז ער גלייך אַריינגעפֿאַלן אין דער מלמדישער רציחה, אַרויסגעקראָגן פֿון ערגעץ דעם קאַנטשיק און מיט אַ הייזעריק קול זיך גענומען פֿונאַנדערפֿרעגן ווער ס'האָט אָפּגעטאָן די נבלה. ער האָט געטרייסלט נויקען פֿאַר די אַקסלען און געשריען: „זאָג, זאָג מיר, ווער האָט דיך געשלאָגן?" נויקע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פֿאַר זיין שווער און גענומען פּלאָנטערן: „זאָג, זאָג, ווי זאָגן? זיי מיר אָנגעזאָגט, נישט זאָגן! זיי וועלן דערלאַנגען מער פֿאַר זאָגן!" יעקב־ישראל האָט זיך פֿאַרמאָסטן אויף די דערוואַקסענע מזיקים. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען זייער שטיקל אַרבעט. נאָר דער קאַנטשיק האָט גאָר געפֿונען מיין פּלייצע, אויף וועלכער ער האָט אויסגעלאָזט זיין גאַנצן כעס... די סיבה פֿון דעם איז געווען, וואָס יענע באַלעבאַטים האָבן געצאָלט — און מיין טאַטע האָט נישט געקאָנט צאָלן קיין שכר־לימוד.

אַז נויקע האָט דערזען ווי דער קאַנטשיק פּאַסעוועט מיך,

איז ער אַ פאַרציטערטער צו מיר צוגעלאָפן, מיך אַרומגעכאַפט צו באַשיצן פון די שמיץ און גערופן:

— שווער! שווער! אים נישט שלאָגן, שווער! אים נישט שלאָגן! — און דערביי האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ און איבער מיר געכליפּעט. איך האָב געוויינט צוליב די אומזיסטע שמיץ און אויף אונדז קוקנדיק, האָט זיך דער גאַנצער חדר צעוויינט.

אין חדר איז שוין געווען טונקל, אויסער דעם גראָבן יאָרצייט־ליכט, וואָס האָט געברענט אויף דער פּאָליצע, באַלייכטנדיק אַ שטיקל פון דעם לאַנגן טיש. די קינדער זענען שטומע געזעסן איבער זייערע ספרים. אַ מוראדיקע שטילקייט האָט געהערשט אין חדר. עס האָבן זיך נאָר געהערט די שאָרכנדיקע טריט פון רבין, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אַ צעחושטער, מיט די הענט פאַרלייגט אויפן הינטן און אַ קאַנטשיק, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפט איבערן דיל.

פון דעמאָלט אָן האָט מען אין חדר מער קיין האַנט נישט אויפגעהויבן אויף נויקען, אָבער קיין באַהעלפער איז ער שוין מער נישט געווען.

גערדאַוונט האָט נויקע נעבן זיין שווער אין אַטוואַצקער שטיבל. עס רעדט זיך אַזוי: גערדאַוונט. ווי קאָן מען דאָס אָנרופן דאַווענען, אַז דער מענטש האָט נישט געקאָנט קיין תמונת־אות? ער פלעגט זיך אָבער שאָקלען, מיט גרויס כוונה נאָכזאָגן דעם שווער, אָדער זיך צוקלעבן צו אַ פּאָר ווערטער, וואָס דער חזן האָט אויסגעזונגען און זיי מיט גרויס התמדה אויף גיך איבערזאָגן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, ביז די ווערטער פלעגן זיך פאַרלירן אין אַ מאָדנעם פלאָנטער. אַמאָל פלעגט ער אַרויסברומען אַזעלכע אויסטערלישע קלאַנגען, וואָס אפשר נאָר ער און גאָט אַליין האָבן געקאָנט פאַרשטיין.

יצחק־בער דער חסיד, אַ ייד אַ למדן, פאַר וועמען אַלע האָבן געהאַט גרויס אַכטונג פאַר זיין ענוות און ברייטהאַרציקייט, פלעגט אַרומגיין שבת און יומטוב נאָכן דאַווענען צווישן עמך, כאַפּן אַ שמועס, מאַכן אַ לחיים. אַזוי פלעגט ער זיך אָפּט נאָכפרעגן ביי יעקב־ישראלן וועגן זיין חדר און באַלד צוגיין צו נויקען און זאָגן מיט גרויס דרך־ארץ: „אַ גוט־שבת (צי: אַ גוט־יום־טוב) אייך ר׳ נח”. פון אָנפאַנג פלעגט נויקע שעמעוודיק געבן יצחק־בערן די האַנט, זי גיך צוריקכאַפּן, נישט אויפהייבנדיק די אויגן פון דיל. נאָר שפּעטער, ווען ער האָט דערפילט, אַז יצחק־בער וויל אים טאַקע מקרב־זיין, פלעגט נויקעס פּנים באַלויכטן ווערן מיט אַ שמייכל, וואָס יצחק־בער אַליין גיט אים אַזאַ ברייטן שלום־עליכם.

איינמאָל, דאָס איז געווען שמחת־תורה צו הקפות, ווען יודל קאַשעמאַכער האָט שוין אויסגערופן אַלע שיינע באַלעבאַטים און סתם יידן צו די הקפות — שטייט נויקע אַ צעטראַגענער, זעט אַז עס ענדיקן זיך די הקפות און אים רופט מען נישט. ביי יעדער הקפה איז ער נאָכגעגאַנגען, זינגענדיק און טאַנצנדיק מיט גרויס התלהבות. און אָט, עס האַלט שוין דערביי, מען זאָל די ספר־תורות אַריינלייגן צוריק אין ארון־קודש. איך בין גראָד געשטאַנען נעבן אים און געזען ווי זיין פּנים בייט זיך אין אַלע קאָלירן: אָט איז עס רויט און באַלד ווערט עס בלאַס און זיינע אויגן זענען פול מיט טרערן. פּלוצים הערן מיר אַ קלאַפּ אין טיש און יצחק־בערס העלער קול זינגט אויס: „יעמוד, נח בן צבי הלוי, צו דער הקפה!” אַלע אין שטיבל זענען געבליבן פאַרגאַפט. נויקע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, צוגעלאָפן, אַרומגעכאַפט אַ ספר־תורה מיט ביידע הענט, צוגעדריקט זי שטאַרק צום האַרץ און גענומען אַרומטאַנצן אַרום טיש, זינגענדיק מיט אַ ווילד קול: „אנא הושיעה — הושיעה נא! און איבער די באַקן האָבן גערונען גרויסע טרערן. באַלד האָט יצחק־בער אַרומגעכאַפט נויקען און ביידע זענען אַוועק אין אַ פלאַמענדיקן טאַנץ. דער גאַנצער עולם איז מיטגעריסן געוואָרן און אַלע זענען אַוועק אין אַ קאַרעהאָד, זינגענדיק און טאַנצנדיק, אַזוי אַז דאָס גאַנצע שטיבל האָט זיך געוויגט אין אויפגעברויזטן עקסטאַז פון שמחת־תורה.

*

עס ווערט דערציילט, אַז ווען די נאַציס, ימח־שמם, זענען באַפאַלן דאָס שטעטל מיט שיסערייען און צינדבאָמבעס און ווען ווישקאָוו האָט אָנגעהויבן ברענען און מערדערישע עראָפּלאַנען זענען געפלויגן נידעריק און באַשאָסן די מענטשן, איז נויקע געלאָפן איבער די גאַסן און געשריען: „יידן, ראַטעוועט זיך! יידן, ראַטעוועט זיך!”

און עס איז געשען, ווען דאָס שטעטל איז שוין געשטאַנען אין פלאַמען און די מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן לויפן צו דער אָסטראָווער גאַס, איז נויקע מיטגעלאָפן. נאָר אָט שטעלט ער זיך אָפּ, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, און נעמט באַלד לויפן צוריק אין שטעטל. ער לויפט קעגן דעם מענטשן־שטראָם. מען שרייט צו אים פון אַלע זייטן: נויקע, צוריק! ראַטעווע זיך, נויקע! נאָר ער הערט קיינעם נישט. ער לויפט צוריק אין דעם ברענענדיקן שטעטל. קומט צו צום אַטוואַצקער שטיבל, רייסט זיך אַריין צווישן די פלאַמענדיקע ווענט און צעוואָרפענע ברענענדיקע ספרים. כאַפּט אַרויס צוויי ברענענדיקע ספר־תורות פון ארון־קודש און לויפט מיט דעם, שוין אַליין אָן איינגעוויקלטער אין פלאַמען. שטיקלעך פון די מענטעלעך און פון זיינע קליידער, ווי ברענענדיקע טויבן, פליען איבער אים. אַזוי איז ער דערלאָפן ביז דער אָסטראָווער גאַס. און ווען ער איז געפאַלן, האָט זיך איין ספר־תורה אַליין צעעפנט און, זיך קייקלענדיק, אינגאַנצן אים איבערגעדעקט מיט די יריעות.

אַזוי האָט נויקע אָפּגעגעבן זיין לעבן, ווי אַ העלד — על קידוש־השם.

# הערשעלע וואַסערטרעגער

ווער שטערט עס דעם שלאָף פון שטילע פרייטיק־צונאַכטסן מיט זיין וועקנדיקן געזאַנג? וואָס פאַראַ קול ציט זיך עס פון ווייטקייטן, עפנט טיר און לאָדן, עגבערט דורך פאַרטויבטע אויערן, רייסט אויף פאַרקלעפּטע אויגן, דרינגט אַריין אין מידע הערצער און פילט זיי אָן מיט כוח און פרישקייט? פונוואַנען נעמט זיך דער ברען, מיט וועלכן יידן, דערשלאָגענע פון אַ וואָך שווערע אַרבעט און זאָרג, כאַפּן זיך אויף שבת פרי־פאַרטאָג און פרישע און מונטערע, אין פראָסטיקע ווינטער־פאַרטאָגן און אין מחיהדיקע איינשלעפערנדיקע ווינטעלעך פון די לעצטע מינוטן פון קורצע זומער־נעכט — לויפן מיט התלהבות אין אַלטן בית־המדרש צו תהילים? נישט דער האָן און נישט דער וועקזייגער האָבן זיי אויפגעוועקט, און נישט ווי אויפגעריסענע פון שלאָף האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט פאַראומערט און פאַרדריסיק, נאָר מיט אַ הייליקער ציטערניש, לעבעדיק, פריש און פול מיט פרייד, ווי צו אַ מצווה־טאַנץ, גרייט צו זינגען און לויבן

גאָט און זיין ליבן שבת־קודש. עס איז דאָס קול פון הערשעלע וואַסערטרעגער, וואָס שניידט דורך די טויטע שטילקייט פון דער נאַכט, וועקט און רופט:

„עורו נא, התעוררו נא, קומו נא! יידעלעך, שטייט אויף צו עבודת־הבורא, הייבט זיך אויף צו ת—ה—י—ל—י—ם!"

יאָרנלאַנג האָט הערשעלע געוועקט צו תהילים, יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס; עס איז געווען ביי אים אַ חזקה זיין גאַנץ לאַנג לעבן. יונג איז ער געווען, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו וועקן די שטאָט, יונג און קליין איז געווען די שטאָט, ווען זי האָט אָנגעהויבן אויפצושטיין פונעם קול פון זיין וועקן. אַוועק איז הערשעלע וואַסערטרעגער און זיין דור, פון דער אַלטער שטאָט איז שוין באַלד נישטאָ קיין זכר — און אויך היינטיקן טאָג הערט זיך יעדן שבת פאַרטאָג דאָס וועקנדיקע קול פון מיטן אַלטן מאַרק, דאָרט ווו די ראָד־ברונעם איז געשטאַנען, כאַפּט זיך אויף און רייסט איבער דעם שלאָף — און עלטערן דערציילן זייערע אויפגעוואַקסטע קינדער די מעשה פון הערשעלע וואַסערטרעגער.

יונג און קליין איז געווען דאָס שטעטל און עס האָט ערשט אָנגעהויבן צו וואַקסן. עס איז אָנגעקומען דער ערשטער רב, ר' אבאלע, אויף אַ שכירות פון פיר גילדן אַ וואָך און צוויי בינטלעך האָלץ. ער האָט געגומען בויען די קהילה, מאַכן זי פאַר אַ יידישע שטאָט. ער האָט אַלץ באַזאָרגט, נאָר פאַר די מתים האָט ער קיין אָרט נישט געקאָנט געפונען. עס האָבן די פעלדער און לאַנקעס אַרום שטאָט באַלאַנגט צו אַ גלח אַ רשע און ער האָט פאַר קיין געלט נישט געוואָלט פאַרקויפן קיין לאַנד אויף אַ יידישן בית־עלמין. האָט מען געמוזט פירן אַ מת אין אַ דערבייאיק שטעטעלע, וואָס יידן האָבן געהאַלטן אין פאַרלאָזן

איז געקומען אַ גרויסע מגיפה, באַהיט זאָל מען ווערן, און מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן. האָבן אַנדערע שטעט און שטעטלעך נישט אַריינגעלאָזט קיין מתים און די אייגענע שטאָט האָט נישט געלאָזט מאַכן קיין שהיות. עטלעכע יידן זענען אַוועקגעקומען און מ'האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן. האָט ר' אבאלע גענומען די שענסטע באַלעבאַטים און געגאַנגען צום גלח בעטן ער זאָל זיי דאָך פאַרקויפן אַ שטיקל פעלד. דער גלח איז נישט געווען אין שטאָט און זיין פאַרוואַלטער האָט זיי געענטפערט, אַז ער וועט זיי פאַר־קויפן אַ שטיק פעלד מיט איין תנאי: אויב דער גלח וועט קומען און נישט באַשטיין, זאָל זייער געלט זיין פאַרפאַלן, די מתים זאָלן זיי מוזן אויסגראָבן און צוריקקערן דאָס פעלד. קיין ברירה איז נישט געווען — און מ'איז באַשטאַנען.

ווען דער גלח איז צוריקגעקומען, האָט ער אַנדערש נישט געוואָלט, נאָר מ'זאָל האַלטן וואָרט. עס האָט קיין זאַך נישט געהאָלפן, ער האָט נישט געלאָזט רעדן צו זיך, כלבים אַרויסגעשיקט. ר' אבאלע האָט זיך איינגעשטעלט און איינער אַליין אַוועק צום רשע, גערעדט מיט אים מיט גוטן און מיט בייזן — און ער האָט גאָרנישט געפועלט. דער רשע האָט געזאָגט, אַז אויב זיי וועלן אַליין נישט אויסגראָבן די מתים, וועט ער זיי הייסן אויסגראָבן און וואַרפן פאַר די הינט. איז ר' אבאלע אַהיימגעגאַנגען און געוויינט. איז אים אָנגע־קומען אַנטקעגן אַ פרעמדער בחור מיט אַ קליין זעקעלע אויף די פּלייצעס. ער האָט אָפּגעשטעלט דעם רב און געפרעגט וואָס ער וויינט. ר' אבאלע האָט פאַר אים אויס־געגאָסן דאָס גאַנצע ביטערע האַרץ, דערציילט אַלץ. דער בחור איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער און האָט אויסגעשריען:

— איך וועל אים שוין ווייזן דעם רשע! עס וועט אַריין אַ דונער אין זיינע טריפהנע קישקעס נאָך היינטיקן טאָג!

דער רב האָט אָנגעקוקט דעם משונהדיקן בחור, פאַר־שעמט פאַר זיך אַליין וואָס ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויסגיסן דאָס האַרץ פאַר אַזאַ גראָבן נפש.

שפּעטער, ווען רב און קהל זענען געשטאַנען אין שול, אין זייער גרויסער נויט געוויינט און געבעטן צו גאָט, האָבן זיך פּלוצים פאַרזאַמלט שווערע וואָלקנס, עס איז געוואָרן אַ שטורעם, דונערן און בליצן, און ווי מיטן בליץ איז אָנגעקומען די בשורה, אַז אַ דונער האָט דערהרגעט דעם גלח.

ווען דער רב האָט עס דערהערט, האָט ער אויסגערופן מיט גרויס התפעלות:

— אָוואַ! אוי, אוי, אוי!...

ער האָט אָבער קיינעם גאָרנישט געזאָגט. ביינאַכט האָט ער אויפגעזוכט דעם פרעמדן בחור, מיט אים אַרומשפּאַצירט אונטער דער שטאָט כמעט ביז טאָג, זיך געסודעט מיט אים. גלייך אויפצומאָרגנס האָט מען חתונה געמאַכט דעם בחור הערשעלע מיט דער שטאָט־יתומה כינקע־רחלע. אויף דעם בית־עולם איז געווען די חתונה, רב און קהל זענען געווען די מחותנים. נדן האָט מען אים געגעבן אַלע יידישע הייזער פון שטאָט, דרשה־געשאַנק — „בידעס" און „עמערס". דער רב אַליין האָט אים אַריינגענומען אין חברת תהילים, געמאַכט אים פאַר דעם וועקער.

און די מגפה האָט זיך איינגעשטילט.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך הערשעלעס קול געהערט יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס. אַן אומרואיק קול, וואָס וועקט, רייסט שטיקער, צעברעכט דאָס האַרץ, דערנענטערט צום פאָטער אין הימל.

און דאָך — אַזאַ ווילדער עם־הארץ, אַזאַ פּראָסט נפש.

דער גאון רבי שלמהלע אייגער זכרונו לברכה איז געפאָרן פון וואַרשע אַהיים קיין פּויזן; פון זיין זונס תנאים איז ער געפאָרן. דער וועג איז געווען זייער אַ שלעכטער, אַן אַקס האָט זיך צעבראָכן, אַנדערע סיבות. קוים דערפאָרן ביז ווישקאָוו. דאָרט געמוזט בלייבן איבער שבת. דער גביר ר' אליעזר קאַרפּעל האָט אָפּגעגעבן זיין גאַנץ הויז. אין שטעטל האָט זיך געטאָן. עס האָבן זיך דערוווּסט די אַרומיקע שטעטלעך און דאָרטיקע יידן זענען זיך אָנגעקומען אויף שבת. דער עולם איז געווען זייער אַ גרויסער און דער טיש האָט זיך פאַרצויגן ביז זייער שפּעט.

כמעט נאָר וואָס געהאַט איינגעשלאָפן און דאָס קול פון דעם תהילים־וועקער האָט זיך דערהערט. ר' שלמהלע אייגער האָט געהערט און זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט. עס האָט אים נישט געלאָזט ליגן אויף זיין געלעגער און ער האָט זיך אויפגעהויבן און געגאַנגען אין בית־המדרש אַריין, מיטגעזאָגט תהילים מיטן גאַנצן עולם, מיט גרויס התלהבות און דבקות. דער ניגון פון תהילים־וועקער האָט געקלונגען אין בית־המדרש, יעדער איינער האָט אים אויסגעברומט אויף זיין שטייגער. ער האָט נאָך אַזאַ האַרציקן תהילים נישט געהערט. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז דוד המלך מיט זיין גאַנצער קאַפּעליע, די בני־קורח, אסף, ידותון, איתן האזרחי און אַלע איבעריקע, זענען מיט זיי אין בית־המדרש און זאָגן די מזמורים.

האָט ער פאַרשטאַנען, אַז נישט אומזיסט האָט מען צוגעטראַכט פון הימל, אַז ער זאָל בלייבן שבת אין דעם פרעמדן שטעטל און ער האָט זיך גענומען אין דער שטיל אויספאָרשן דעם ענין. און ער האָט אויסגעפונען ווער דער תהילים־וועקער איז. פון רב האָט ער אָבער קיין וואָרט נישט

אַרויסגעקראָגן. ער איז אָבער דערמיט נישט פּאַרטיק געוואָרן.

עס איז אַדורך אַ שטיקל צייט און ס׳האָט זיך געהערט אין שטעטל זייער אַ גוטע בשורה: רבי שלמהלע פאַרלאַנגט פון מחותן, אַז די חתונה זאָל זיין אין ווישקאָוו — וואַרשע איז צו גרויס און צו פאַרשייט. דער מחותן איז דערויף באַשטאַנען און מ׳האָט אַראָפּגעשיקט מענטשן צוצוגרייטן דאָרט אַ חתונה ווי עס פּאַסט פאַר אַזעלכע לייט.

ר׳ שלמהלע אייגער איז געקומען צו פאָרן אין שטעטל אַריין און ווייטער איינגעשטאַנען ביי אליעזר קאַרפּעל. עס האָבן זיך געיאָגט לומדים, שיינע יידן, געוואָלט האָבן די זכיה אים משמש צו זיין. ער האָט אָבער נישט צוגעלאָזט: נישט רעכט זיך משמש צו זיין מיט אַ תלמיד־חכם אָדער אַ בן־תורה. אַ פּראָסטן ייד, אַן ערלעכן עם־הארץ וויל ער. איז דער גורל געפאַלן אויף הערשעלע וואַסערטרעגער.

אַ גאַנצן טאָג האָט ער געהייסן מאַכן פאַר הערשעלען אין אַ ווינקל אין זיין חדר.. אַזוי אַרום האָט רבי שלמהלע אייגער זיך צוגעקוקט צו זיין הנהגה. ער האָט אָבער גאָרנישט געזען. ער האָט אים געהיט בייטאָג — און גאָרנישט; ביינאַכט איז אָנגעפאַלן אויף אים אַ שטאַרקער שלאָף. פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָך די ערשטע שבע־ברכות, האָט ער זיך פאַרנומען: ער מוז דערגיין דעם סוד. האָט ער זיך געמאַכט ווי ער וואָלט געווען אַביסל מבוסימדיק, אַוועקגעפאַלן אויף זיין געלעגער טויט־שלעפעריק. פון צווישן די שפּאַרעס פון די פאַרמאַכטע אויגן האָט ער אָבער אַרויסגעקוקט און געזען אַלץ וואָס ס׳טוט זיך אין חדר. ער איז דאָסמאָל נישט איינגעשלאָפן.

אינמיטן נאַכט האָט ער דערהערט ווי הערשעלע קרעכצט אויף זיין געלעגער און וואַרפט זיך אויף אַלע זייטן. אין דער פינצטערניש פון חדר האָט אויפגעשיינט אַ ליכט — עס איז הערשעלעס פּנים, עס פינקלען זיינע אויגן. ווי אַ לייב האָט ער אַ שפּרונג געטאָן, זיך געשטאַרקט צו עבודת הבורא, ער איז שוין אַרויס פון הויז, אַ געוואַשענער, און זיין קול הערט זיך שוין אינדרויסן. אַ שטאַרקע התעוררות כאַפּט זיך אויף אין אַלע וועלטן.

אויפצומאָרגנס האָט רבי שלמהלע אייגער גוזר געווען אויף אים און ער האָט זיך געמוזט פאַר אים אויסגעבן.

און איידער רבי שלמהלע אייגער איז אַוועקגעפאָרן, זענען געקומען די ראשי־הקהל ער זאָל בענטשן די שטאָט זי זאָל נישט ליידן אַזויפיל פון שרפות, ווייל עס פלעגט קיין יאָר נישט אַדורכגיין אָן עטלעכע פייערן. האָט ער צו זיי געזאָגט:

— צו פייער האָט דער רבונו־של־עולם באַשאַפן אַ סגולה — וואַסער. דער בוג גייט ביי אייך; אַ וואַסערטרעגער האָט איר זייער אַ גוטן. קויפט אים אַ פעסל מיט אַ פערד־און־וועגעלע און דער וואָס איבער אונדז וועט טאָן דאָס זייניקע. אַז מ׳איז נזהר אין וואַסער, שאַדט נישט קיין פייער.

זעכציק יאָר זענען אַריבער, דער גאַנצער דור איז אַוועק, איינער פון זיי איז געבליבן — הערשעלע וואַסערטרעגער. איינער אַליין האָט ער געוווינט אין זיין האַלב־איינגעפאַלן הייזל הינטער דער שטאָט. אַלט איז געווען די שטאָט און אירע הייזער — איינגעבויגן פון עלטער. קיין פייער האָט איר נישט געשאַדט און קיין פאַרפלייצונג האָט אירע הייזער נישט אַוועקגעטראָגן. קיינער האָט שוין כמעט ריכטיק נישט געדענקט רבי שלמהלע אייגערס ווערטער; מ׳האָט נאָר געוווּסט, אַז ער האָט געבענטשט די שטאָט און אַז דער אַלטער הערשעלע איז געווען דערביי.

דער אַלטער הערשעלע האָט נאָך אַלץ געפירט וואַסער פאַר דער שטאָט. פאַר זיין הייזל איז שטענדיק געשטאַנען גרייט אַ פעסל וואַסער. פרייטיק־צו־נאַכטס האָט ער מיט זיין ניגון געוועקט דעם עולם צו תהילים. יונג און פריש איז געווען זיין קול און דער ניגון איז געזונגען געוואָרן מיט אַ ברען. די גאַנצע שטאָט האָט זיך געפלעגט אויפהייבן און אָנפולן דאָס אַלטע בית־המדרש.

די חזקה האָט ער בשום נישט געוואָלט אָפּטרעטן: מ׳האָט נישט געקאָנט ביי אים פועלן ער זאָל אויפהערן צו פירן וואַסער אויף דער עלטער.

אין אַ טרויעריקן ווינטער־טאָג איז הערשעלע פלוצים געשטאָרבן. אין שטאָט האָט מען כמעט נישט געוווּסט דערפון. געוואָר געוואָרן איז מען ערשט, ווען עטלעכע צדיקים פון דער סביבה זענען מיטאַמאָל געקומען צו דער לוויה. זיי האָבן אים מספיד געווען און באַגראָבן מיט גרויס כבוד.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז דאָס שטעטל אָפּגע־ברענט געוואָרן.

ישראל אַסמאַן

# הערשעלע קורלאַפּ

קורצגעוויקסיק, דיקלעך, מיט אַ קורצן האַלדז: דאָס ברייטע טוכענע היטל מיט דער צעקנייטשטער דענקע — פּאַריקט אויפן שפּיץ קאָפּ; פון פאָרנט שטאַרן אַרויס מאַט־בלאָנדע, קורץ־געשוירענע האָר און פון אונטן — אַ זוים פון אַ פאַרפעדערטער און פאַרשמאָלצענער יאַרמלקע. אַ הויכער שטערן מיט אייניקע טיף־איינגעקריצטע קנייטשן, פון וועלכע ס׳קוקן אַרויס אַ פּאָר פאַרגלייזטע גרויע אויגן, רויטע באַקן, אַ רויט פאַריסן נעזל מיט אַ פּאָר דיקלעכע ליפּן, פון וועלכע ס׳הענגט אַראָפּ אַ ליולקע מיט אַ קורץ ציבוקל. דינע וואָנצעס מיט אַ קליין צוויי־שפּיציק בערדל, מאַט־בלאָנד און דאָ און דאָרט פאַרגרינט פון שמעק־טאַבאַק און ליולקע־זאַפּט. אָנגעטאָן אין אַ פאַרשמאָלצענער וואַטענער קאַפּאָטע, אַ צוגעגאַרטלטע מיט אַ גרינעם גאַרטל.

ער האָט ריכטיק קיין עברי נישט געקענט. שבת פלעגט זיין ווייב לייענען מיט אים דעם טייטש־חומש, און דאָך פלעגט ער שיטן מיט פּסוקים און תורות, מיט וועלכע די גאַנצע שטאָט האָט זיך אַרומגעטראָגן. לצים פלעגן אים גאַנץ אָפט אָנציען און זיך פאַרוועטן מיט אים אין אַ טרונק בראָנפן, ער זאָל געפינען ווו זיינע פּסוקים שטייען; זיי פלעגן לויערן אויף זיינע גרייזן, ווען ער האָט געהאַט יאָר־צייט; פּסח צום „סדר״ פלעגן זיי שטיין הינטערן פענצטער, הערן זיין הגדה און אויפכאַפּן די עברי. יום־כיפור פלעגן זיי אים דערגיין די יאָרן און שרעקן, אַז זיין ליכט איז אויסגעגאַנגען. האָט מען אים אַמאָל געגעבן אַן עליה, האָט מען אים געזאָגט, אַז ס׳איז די „תוכחה״ און אויפן גבאי אָנגערייצט. ער פלעגט שרייען, שילטן און ענלעך זיך צעלאַכן. ער פלעגט גאָר האַרציק מיטלאַכן, ווען מ׳האָט זיך פון זיינער אַ תורה געקאַטשעט פון געלעכטער. „איך, הערשל קורלאַפּ״ — פלעגט ער אָפט אַ זאָג געבן, אַרויפציענדיק דעם שטערן און פאַרמאַכנדיק דאָס רעכטע אויג און דערביי צושאָקלען מיטן בערדל, — „קאָן נאָך זאָגן בעסערע תורה פון אַלע אייערע לאַמדזשוכעס״.

קיין גרויס דרך־ארץ האָט הערשל נישט געהאַט פאַר קיין לומדים. גבירים און יחסנים האָבן פון אים קיין גרויס כבוד נישט דערלעבט. נישט איינמאָל פלעגט פון אים הערן אַ שיינער ייד: „איך בין הערשל קורלאַפּ, כ׳האָב דיך גאַנץ טיף אין דר׳ערד״. ער האָט ליב געהאַט אָרעמעלייט און

אויף זיין שטייגער האָט ער זיי באַהאַנדלט מיט ליבע און דרך־ארץ.

געווען איז ער אַ פישער — און אין שילטן — דער רבי פון גאַנצן פישער־מאַרק. זיינע קללות האָבן געשמט אין דער גאַנצער געגנט. פרייטיק האָט זיך זיין קול געהערט איבערן גאַנצן פישער־מאַרק, זידלענדיק און שילטנדיק די ווייבער, וואָס האָבן זיך אַליין צוגעכאַפּט קלייבן און צוריקוואַרפן די לעבעדיקע פיש אין די צעבערס. גאַנץ אָפט פלעגט מען אים זען מקיים זיין די מצווה פון פּאַטשן מיט אַ פיש איבערן פּנים פון אַ באַלעבאָסטע, וואָס ער האָט זי געכאַפּט ביי דער האַנט פון גנבענען פיש. מיט קללות פלעגט ער אויסרעכענען דעם גאַנצן יחוס פון אַזאַ יידענע. ער האָט קיינעמען נישט געשוינט. אַפילו די רביצין איז נישט זיכער געווען מיט אים זיך אָנצוהייבן. דערפאַר פלעגט ער אָבער שטענדיק געבן אַ גרויסן איבערוואָג.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז הערשל וועט פאַר אַן אָרעמאַן אַוועקגעבן דאָס לעצטע. אין שטעטל פלעגט מען אויף אים זאָגן: אַ מויל האָט ער ווי בלעם, דערפאַר אָבער אַ האַרץ — אַ יידיש, נישט אָפּצושאַצן. קיינער האָט זיך פון אים נישט באַליידיקט. מען האָט געוווּסט, אַז ער מוז שילטן און זידלען. אויך האָט מען געוווּסט, אַז ער נעמט אַמאָל אַן איבעריק ביסל בראָנפן.

טיף אין האַרץ האָט אים יעדער איינער ליב געהאַט. זיינע תורות פלעגן גוטמוטיק נאָכגעזאָגט ווערן אין בית־המדרש און אין די חסידים־שטיבלעך. יידן לומדים און חסידים פלעגן לאַכן פון זיינע עם־הארצישע איינפאַלן, וואָס האָבן שטענדיק געהאַט אין זיך אַ פונק פון אַ געזונטן הומאָר. זיינע אָריגינעלע קולות און זידל־ווערטער פלעגן אויך גאַנץ אָפט איבערגעזאָגט ווערן מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל.

גערופן האָט מען אים ר׳ הירשל, און גאַנץ אָפט פלעגט מען זען גיין די שענסטע באַלעבאַטים מיט אים שפּאַצירן איבערן שטעטל. שבת פלעגט ער שטיין אין שול, ביי דער „שטאָט" פון גביר עלי דאַנס, קעגנאיבער דעם רב. אין די הייסע זומער־אָוונטן, פרייטיק־צו־נאַכטס נאָכן עסן, ווען די שענסטע יידן זענען געזעסן אויפן טראָטואַר פון בריק, געקוקט אויף די זילבערנע רונצלען פונעם בוג און פאַרטיפט זיך איינגעהערט אין די צאַרט־טרויעריקע מעשיות, וואָס בונם־לייב מלמד האָט דערציילט, — פלעגט הירשל צוקומען, אָנהויבן שרייען און פילדערן און... שיטן מיט תורה. אַלע האָבן זיך פון בונם־לייבן אָפּגעריסן און זיך צוגעהערט צו הירשלס רייד אַ געלעכטער האָט זיך געטראָגן איבער דער גאַנצער בריק. דערנאָך פלעגן זיי מיט אים מיטגיין אַהיים און טרינקען קאַלטע וואַסער מיט זאַפט.

מען האָט געוווּסט, אַז ביי הערשלען ליגט קיינמאָל נישט אַן איבעריקער רובל אין שטוב. וואָס ער דאַרף צום האַנדל, טראָגט ער אַוועק אַ געדריקטן ייד אויף אַ גמילת־חסד. ער וואַרט נישט מ׳זאָל צו אים קומען בעטן. שילטנדיק און זידלענדיק, טראָגט ער איינעם אַריין אַ צענער רובל, אַזוי אויך אַ צווייטן. ער ווייס, אַז מאָרגן איז דער מאַרק־טאָג און זיי דאַרפן האָבן מיט וואָס אַרויסצוגיין אין מאַרק. אָט דוכט זיך, אַז ער האָט זיך געקריגט מיט ווערלוועלע שיעס און אים געשאָלטן מיט טויטע קללות — און אָט זעט מען אים שוין גיין צו אים אין הויז אַריין און זאָגן צו דער ווערלוועליכע: „נאַ, רביצין, האָב דיר אַ שוואַרץ יאָר... גיב דיין מאַן דעם לאַמדזשוק, זאָל ער האָבן צום מאַרק". און נישט וואַרטנדיק אויף קיין דאַנק, גייט ער אַוועק, צומאָל אָן אַ „גוטן טאָג".

הערשעלע האָט געמעגט טאָן זאַכן וואָס קיין אַנדערער האָט נישט געטאָרט. מיט אים האָט מען זיך נישט גערעכנט אויף אַ האָר. ער האָט אינמיטן דאַווענען און לייענען געמעגט שמועסן, טראָגן די תפילין פאַריקט אָן אַ זייט. אַפילו זכריה קאַפּלאָוויטש און מענדל קאַלב, וואָס פלעגן זיך דעריבער מיט דער גאַנצער שטאָט אַרומרייסן (דערפאַר האָט מען זיי גערופן „גאָטס רעוויזאָרן"), פלעגן אים אויך נישט זאָגן קיין וואָרט. ס׳האָט אים קיינער נישט אויסגערעדט אַ וואָרט, בעת ער פלעגט אַפילו צוקומען צום גרויסן טיש אינדערפרי, ווען צוזאַמען מיט די קולות פון דאַווענען, האָבן זיך פון דאָרט געטראָגן זיס־פאַרבענקטע גמרא־ניגונים — און צוּוואַרפן זיינע פסוקים און טייטשן, נישט לאָזנדיק די בחורים לערנען. קיינער פון די בחורים האָט אים קיין שלעכט וואָרט נישט געענטפערט, ווען ער פלעגט אים רופן לאַמדזשוק אָדער באַנק־קוועטשער. אַלע האָבן געלאַכט און הערשעלע פלעגט מיטלאַכן. גאַנץ אָפט פלעגט ער צוקומען און זיך פאַרהערן מיט זיי אין לשון־קודש ווערטער. זיי פרעגן: „ווי הייסן ציבעלעס מיט שמאַלץ אויף לשון־קודש?" און אַליין ענטפערן: „כאַפּיקים בנגב". ווען זיי פלעגן זיך צעלאַכן, האָט ער זיך שטאַרק צעשרייען: „וואָס לאַכט איר, לאַמדזשוקעס, באַנק־קוועטשער?! האָט אייך אַ שוואַרץ יאָר! אדרבא, זאָגט איר, פרעסער, זולל וסובאס, וואָס זיצן גאַנצע טעג איבערן ילקוט הקודש, זאָגט — לאמען, וואָס איז דער טייטש, כאַפּיקים בנגב? האַ, נאָר לאַכן פון הערשל קורלאַפּ? שקצים, עכברושים, יונגאַטשעס! כי כמוך כפרעה — כ׳האָב אייך אין דר׳ערד מיט פרעהן צוזאַמען...".

דערביי פלעגן זיך אַלע שטאַרק צעלאַכן און ער פלעגט ענדלעך מיט זיי מיטלאַכן. דערפאַר אָבער האָבן זיי געוווּסט, אַז ווען זיי גייען פאַר אַ ייד קלויבן אַ נדבה, גיט הערשעלע מיט אַ ברייטער האַנט און מיטן גאַנצן האַרצן.

הערשל איז קיינמאָל נישט געגאַנגען שבת צום טיש אָן אַן אורח. אויף זיין שפּראַך האָט דאָס געהייסן „אַ ייד". גאַנץ אָפט פלעגט ער נעמען צוויי אורחים. אָרעמעלייט פלעגן אויף זיין הויז זאָגן: „אברהם אבינוס הויז ביי דעם יידן, זאָל אים גאָט בענטשן — און אַלע זיינע קללות זאָלן ווערן ברכות".

צו האָבן אַ „ייד" אויף שבת, פלעג ער שטאַרק אינזינען האַלטן. פרייטיק אין דער פרי האָט ער דער שמשטע צוגעגעבן אַ פישל און איר אָנגעזאָגט: „נאַט, זאָגט יצחק־יעקבן ער זאָל מיר אויסקלייבן אַ גוטן ייד. ער זאָל קאָנען עסן, איר הערט; אַ העכט — נישט קיין שלייען..."

ווען ער פלעגט קומען אין שול אַריין אַן אויסגעצוואָגענער און אַן אָנגעטועטער אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, מיטן ברייטן סאַמעטענעם היטל אויפן קאָפּ, איז ער גלייך צוגעלאָפן צו יצחק־יעקבן און צונעמען דעם אורח, נישט אַוועקלאָזנדיק אים שוין דעם גאַנצן שבת. ווען ס׳האָט זיך געטראָפן, אַז אין גרויסן בית־המדרש איז קיין אורח נישט געווען, פלעגט ער לויפן אין די אַנדערע בתי־מדרשים און געפינען עמעצן. פון די חסידים־שטיבלעך האָט ער נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק צו נעמען אַן אורח. „זיי טויגן צו גאָרנישט, — פלעגט ער זאָגן. — שלייען... אַ ייד פון אַ חסידים־שטיבל — נאָר תורה און תורה. אַפילו די פיש בלייבן גאַנץ..."

איינמאָל איז אין שטאָט נישט געווען קיין אורח. הערשעלע האָט שוין אויסגעזוכט אַלע בתי־מדרשים און מנינים און קיינעם נישט געטראָפן. אַ צייט איז ער אַרומגעלאָפן און געשאָלטן. אַלע זענען שוין געהאַט אַוועק פון שול און

ער איז נאָך אַלץ אַרומגעלאָפן, שילטנדיק אין דער וועלט אַריין. ער האָט שוין געהאַט געפּועלט ביי זיך צו נעמען אַ „שלייען", אַ ייד פון אַ חסידים־שטיבל. ער האָט זיך געלאָזט גיין צום גערער שטיבל, אָבער דאָרט געטראָפן עטלעכע היימישע חסידים. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז, דוכט זיך, ס'איז עפּעס געווען אַן אורח, נאָר זיי ווייסן נישט וועמען מאיר־בייניש האָט אים אַוועקגעגעבן.

פול מיט האָפענונג, איז הערשל אַוועק צו מאיר־ביינישן. אַ פאַרסאַפּעטער איז ער צוגעקומען צו זיין אָפענעם פענצטער. מאיר־בייניש איז ברייט געזעסן ביים טיש, זייענדיק פאַרטאָן אין די פיש. הערשעלע האָט אים דורכן פענצטער אַריינגעוואָרפן אַ פאַרשלונגענעם „גוט־שבת" און איידער מאיר־בייניש האָט נאָך באַוויזן צו פרעגן נאָך וואָס ער איז געקומען אַזוי פלוצים, האָט שוין הערשעלע, אויף זיין שטייגער, נאָר דאָסמאָל מיט אַ בעטנדיקער שטימע, זיך אָנגערופן: „ר' מאיר־בייניש קרוין, זאָגט מיר: ווו האָט איר אַהינגעטאָן דעם ייד? שוין די גאַנצע שטאָט אויסגעלאָפן און קיין ייד אויף שבת נישט געקאָנט באַקומען, גלייך ווי אַלע וואָלטן איינגעזונקען אין דער ערד..." מאיר־בייניש האָט אַ דערשטוינטער אים אָנגעקוקט. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען הערשעלען אַזאַ גערירטן. פאַרקנייטשנדיק דעם הויכן שטערן און גלעטנדיק די לאַנגע זילבערנע באָרד, האָט ער צו אים געזאָגט: „יאָ, ר' הערשל, געווען, און ביי שלום מיכאַלקעס זיך איינגעבעטן ער זאָל אים צונעמען".

הערשעלע איז ווי לעבעדיק געוואָרן. ער האָט צוגעוואָרפן מאיר־ביינישן אַ „גוטן שבת" און זיך געלאָזט לויפן צו שלומען. אויפן וועג האָט אים באַגעגנט זיין ווייב און אויף איר שטייגער אים דערלאַנגט אַ „מי שברך". הערשעלע האָט נישט רעאַגירט, נאָר זיך אָנגערופן צום ווייב: „קום, רחל, — האָט ער גערעדט מיט אַ בעטנדיק קול, — לאָמיר ביידע גיין צו שלומען און בעטן, אפשר וועט ער אויף אונדז רחמנות האָבן און דעם ייד אָפּטרעטן, אַז מיר זאָלן נישט האָבן קיין פינצטערן שבת... אפשר וועט ער דאָס טאָן. אַמאָל אַ גוטער שכן געווען..."

רחל איז אַנטשוויגן געוואָרן — און נאָכגעגאַנגען נאָך איר מאַן.

ברייט איז שלום מיכאַלקעס געזעסן ביים טיש מיט זיינע זין און איידעמס און געזונגען זמירות מיט זיין קוויטשענדיקער שטים. די בני־בית האָבן אים אונטערגעהאָלפן. די ברענענדיקע ליכט אין די זילבערנע לייכטער האָבן באַלויכטן די שטריימלעך און אַטלאַסענע קאַפּאָטעס פון די טיש־זיצער. אינעם ווינקל פון טיש איז אַ פאַרשעמטער געזעסן דער אורח און איז אַפילו נישט דרייסט געווען מיטזינגען די זמירות. דער גאַסט איז געווען פאַרזאָרגט, אַ סברא, אַז ר'האָט זיך דערמאָנט יענע גוטע יאָרן, איידער ער איז געוואָרן אַ יורד — און פון זיין האַרץ האָט בלוט געטריפט. ביים צווייטן טיש איז געזעסן קיילע שלומס מיט אירע טעכטער און שנירן, אַלע שבתדיק אָנגעטאָן. די פערל און דימענטן פון די אויערינגלעך האָבן געבליצט און געפינקלט אין דער ליכט. שטיל האָבן זיי אָנגעקוואָלן פון די זמירות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פונעם מענער־טיש.

פלוצים האָט זיך געעפנט די טיר און ס'האָט זיך באַוויזן הערשעלע מיט זיין האַלב־פאַרשעמטן „גוט־שבת". נאָך אים האָט שטיל ווי אַ גנבטע זיך אַריינגעשלייכט אין שטוב רחל די הערשעליכע. אַלע האָבן מיטאַמאָל איבערגעהאַקט די זמירות און דערשטוינטע אָנגעקוקט די אומגעריכטע געסט.

אַ בלאַסער, האַלב־דערשראָקענער, מיט אַ ציטערנדיקער שטים, האָט הערשל אויסגעבראָכן: „ר' שלום, כ'האָב געוואָלט בעטן אייער כבוד, כ'מיין — כ'בין געבליבן אָן אַ ייד. די גאַנצע שטאָט אויסגעלאָפן, כ'וועל נאָך אַ פינצטערן שבת האָבן..."

הערשעלע האָט מער נישט געקאָנט ריידן. דאָס קול איז אים אין האַלדז געבליבן שטעקן. ער האָט געוואָרפן אויף שלומען אַ בעטנדיקן בליק און זיינע פאַרגלייזטע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. שלום האָט אויך אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און דאָס גאַנצע הויזגעזונד האָט פאַרגאַפט נאָכגעקוקט דער סצענע. קיינמאָל האָבן זיי הערשעלען נישט געזען אין אַזאַ מצב. זיי האָבן זיך עס גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן. עטלעכע מינוט האָט אין שטוב געהערשט אַ פיינלעכע, נאָר פייערדיקע שטילקייט. ענדלעך האָט ר' שלום זיך אַ גלעט געגעבן דאָס בערדל און זיך אָנגערופן:

— נו, בכן, וואָס־זשע ווילט איר, ר' הערשל?

הערשעלע האָט קוים אַרויסגעמורמלט:

— דעם ייד, ר' שלום, אָפּטרעטן מיר דעם ייד...

שלום האָט מיט אַ ברייטן שמייכל אים אָפּגעענטפערט:

— לאָמיר פרעגן דעם ייד — אויב ער וועט נישט האָבן קיין פאַראיבל — נעמט!

— קומט ר' ייד מיט מיר, איר וועט האָבן אַ מצווה, — האָט הערשעלע זיך געבעטן ביים אורח. — איר'ט ביי מיר עסן „בגדי מלכות" און „דאני מלאכים". קומט, ר' שלום וועט אייך מוחל זיין...

אַ גערירטער האָט דער ייד אַ ברייטן שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ אויף „יאָ" און זיך אויפגעהויבן פון טיש.

הערשל און די הערשעליכע האָבן ר' שלומען אָנגעווינטשן אַלדאָס גוטס, אָפּגעדאַנקט, געזאָגט „אַ גוטן שבת" — און גליקלעכע אַוועק מיטן ייד צו זיך...

ישראל אַסמאַן

# מיינע מלמדים

ווען איך בין אַלט געוואָרן דריי יאָר, האָט מיין פאָטער מיך געפירט לערנען צו דעם בראָקער מלמד. געוווינט האָט ער אויף די וואָנסקע גאַס. איך געדענק נישט זיין פאַמיליע־נאָמען. ער איז געווען אַן אלמן, געוווינט אין איין גרויסן צימער מיט אַ פאָדערהויז. דעם אויבנאָן האָט פאַרנומען דער לאַנגער טיש מיטן גרויסן טאַטל. ווינטער איז מען געזעסן אין שטוב ביים גרויסן אויוון און זיך געשפּילט, זומער — אין קאָרידאָר אויף די ברעטער און מ'האָט אַרומגערודערט. דער מלמד האָט יעדן איינעם אַרויסגערופן און אָנגעוויזן אויפן טאָוול מיט די גרויסע אותיות. אַזוי האָבן מיר זיך אויסגעלערנט דעם אלף־בית ביזן ענדע זמן, ווייל אין די חדרים איז מען „געגאַנגען" אויף זמנים. אויפן צווייטן זמן האָט מען שוין אָנגעהויבן לערנען עברי. מיינע עלטערן האָבן דעם בראָקער מלמד זייער געשעצט.

דערנאָך בין איך אָנגעקומען צו דעם עברי־מלמד „דער היטלמאַכער". ווייסט אויס, אַז זיין פריערדיקער באַרוף איז געווען — אַ היטלמאַכער. ער האָט געוווינט ביי איטע מאַטעס אויפן הויף וואָס אויפן רינעק און געלעבט אין איין גרויסן צימער. אין דער זעלבער וווינונג האָט אויך געלעבט זיין עלטערע טאָכטער און זיין זון מענדעלע. דער לעצטער איז געווען אַן עלטער יינגל, נאָר זייער קליין־געוויקסיק — און ער האָט געהאָלפן דעם פאָטער אַלס באַהעלפער. אַלע קינדער

זענען געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע. צוגערופן יעדן ײנגל האָט מען מיטן גרויסן טאַטל. די ײנגלעך, אַוועקגײענדיק פון רבין, האָבן כמעט שטענדיק געוויינט. דער מלמד איז געווען אַ גרויסער בעל־כעסן, בעת מענדעלע, זיין זון, האָט זיך געשפּילט מיט די קינדער. די פרייד ביי די קינדער איז געווען זייער גרויס, ווען דער רבי האָט אונדז אָפּגעלאָזט אויף מיטאָג, אָדער ביינאַכט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי מען לויפט אַרויס פון אַ טורמע. אָבער דערפאַר האָט ער גוט אויסגעלערנט עברי.

דערנאָך האָט מען מיך אָנגעדונגען צו דעם דאָדזשילאָווער מלמד (אַזוי האָט מען אים גערופן). איך געדענק, אַז ער איז געקומען צו אונדז אין שטוב חול־המועד, כדי אַדורכריידן זיך וועגן מיר. דער דאָדזשילאָווער מלמד האָט געהאַט זיין חדר אין גערער שטובל. דער מלמד, מיט אויסגעדרייטע פיס, ר״ל, איז געווען אַ כעסן און אַ סך גערעדט צו זיך אַליין, מיט די פינגער... דער דאָזיקער מלמד האָט שוין מיט אונדז געלערנט אויך חומש. (אין חדר זענען געווען צוויי גרופּעס ײנגלעך: איינע האָט זיך געלערנט נאָר עברי, און די צווייטע האָט שוין געלערנט חומש. און צווישן איין לימוד צום צווייטן, האָט מען דערווייל געשפּילט אין קוויטלעך...).

דערנאָך בין איך אָנגעקומען צום מלמד מענדל טראַנעס, אַ גערער חסיד, געוווינט אויפן רינעק, ביי שלמה דלוגאָשאַדלער אויפן הויף. מענדל טראַנעס איז געווען אַ קליין ייִדעלע מיט אַ גרויסע לאַנגע באָרד און פאַרמאָגט אַ גרויסן טאַטל. ער האָט געוווינט אין אַ צימער מיט אַ קיך. זיין ווייב טראַנע האָט אַ גאַנצע טאָג געהאַט פּרעטענסיעס צו די ײנגלעך פאַר דעם אַרומרודערן. צום גליק איז דאָרט געווען אַ גרויסער פּלאַץ ווו זיך צו שפּילן. די גרעסטע שטראָף פאַר דעם ײנגל איז געווען, אַז מען האָט אים נישט אַרויסגעלאָזט אויפן הויף צו שפּילן זיך. ביי ר׳ מענדעלען האָט מען שוין געלערנט תנ״ך מיט אַ שטיקל גמרא. אַלע פרייטיק האָט מען מעבר סדרה געווען צוזאַמען „מנפח פשטא זקף גודל״, מיט אַ זיסן ניגון, אַז די גאַנצע גאָס האָט געקלונגען. שבת פאַרנאַכט האָט מען אויך געלערנט אין חדר פּרק אבות.

אויף דעם זעלבן הויף האָט אויך געוווינט נאָך אַ דרדקי־מלמד, ר׳ אהרן מיטן קאָזע־בערדל. עס איז אַרומגעגאַנגען אַ לעגענדע, אַז די תלמידים האָבן אים מיט סמאָלע צוגעקלעפּט די באָרד, ווען ער האָט געדרימלט ביים טיש, און דערנאָך האָט מען אונטערגעצונדן פּאַפּירן אונטערן טיש און מ׳האָט געשריגן: „רבי, ס׳ברענט!...״ ער האָט געמוזט אָפּרייסן אַ שטיק באָרד פון איין זייט — און אַזוי איז ער פאַרבליבן.

אין אַ צייט אַרום האָט מען מיך אָנגעדונגען צו אַ העכערן מלמד, וועלכן מ׳האָט גערופן דער לאָדזשער מלמד. ער האָט מיט זיינע טעכטער געוווינט ביים בוג, אין צוויי צימערן מיט אַ קיך. געווען אַ הויכער ייִד מיט ברילן, אַ גערער חסיד, נאָר אַ ביסל מאָדערן. ער האָט מיט אונדז געלערנט גמרא מיט רש״י און תנ״ך. אין מיטן טאָג האָט די טאָכטער ראַצע געגעבן אַ לעקציע אין שרייבן ייִדיש און אַ ביסל פּויליש. עס איז אויך אַלע וואָך געקומען ר׳ ברוך ציוויאַק, איטשע־מאיר שוחטס זון, צו פאַרהערן אונדז און שטעלן אויסצייכענונגען. אין אַ געוויסער מאָס האָט עס די חדר־ײנגלעך געגעבן קוראַזש צום לערנען.

שפּעטער בין איך אָנגעקומען אין אַ חדר אין קליינעם בית־המדרש, ווו ס׳האָבן שוין געלערנט גרעסערע בחורים גמרא מיט תוספות. געווען פאַלן, אַז אונטערן טיש ביים לערנען האָט מען געשפּילט אין „21״ מיט קוויטלעך. ר׳ שמעון פלעגט לערנען אויף אויסנווייניק. אַז ער האָט באַמערקט ווי מען שפּילט אונטערן טיש אין קוויטלעך, פלעגט ער פרעגן אַ ײנגל: „ווי האַלט מען אין לערנען?״ דאָס ײנגל, זייענדיק צעטומלט, פלעגט אַרויפלייגן די גאַנצע האַנט אויף דער גמרא, צו ווייזן מיט אַלע פינגער ווו מען האַלט... צום ערשטן מאָל פלעגט דער רבי מוחל זיין, צום צווייטן מאָל — געהייסן אַרויסגיין פון חדר. דער גרעסטער טייל האָבן געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר ר׳ שמעונען.

אַזוי געדענק איך אייניקע מלמדים פון אונדזער געבורט־שטעטל.

### אַ הויז און זיינע איינוווינער

אויפן עק סטראַזשאַצקע און סענאַטאָרסקע, אַנטקעגן דעם סענאַטאָרס גאָרטן ביים בוג, איז געשטאַנען אויפן באַרג דאָס גרויסע ווינקל־הויז פון יצחק־הערש ווענגער, וואָס אַ טייל דערפון האָט געהערט צו יעקב־אריה קצב. דאָס הויז האָט געשמט מיט זיינע איינוווינער פון אַלע שיכטן: דער גרויסער הורט־סוחר יחיאל־מאיר רובין, וועלכער האָט באַשפּייזט די שטאָט און אומגעגנט. טאָג און נאַכט זענען געקומען פורן אָפּצולאָדן און אויפלאָדן סחורות. ער האָט פאַרמאָגט גרויסע סקלאַדן פון שפּייז. טרעגערס האָבן דאָרט געהאַט פרנסה. ר׳ יחיאל־מאיר מיט זיין פרוי זענען געווען קינדערלאָז און געלעבט זייער באַשיידן. כאַראַקטעריסטיש, אַז אַ קינד איז אַריינגעפאַלן קויפן פאַר אַ גראָשן — האָבן זיי אים באַדינט. זיי פלעגן זאָגן, אַז פון גראָשנס שאַפט זיך אַ געשעפט.

אין ערשטן פאָדערהויז האָט אין דער רעכטער זייט געוווינט דער שטאָט־מילנער איטשע־מאיר וויסאָצקי מיט זיין פאַמיליע. פאַרזאָרגט די שטאָט מיט מעל, געפירט אַ באַלעבאַטישע שטוב, געדאַוונט אין צווייטן גערער שטיבל און געהאָלפן אַ ייִד מיט דער פולער האַנט. דער נאָענטסטער שכן זייערער איז געווען זילקע ראָזנבערג מיט זיין פאַמיליע, אַ שטיקל באַנקיר (דיסקאָנטירט וועקסלען פון סוחרים), געווען רעפּרעזענטאַנט פון דער לעדער־בראַנזשע אין וואַרשע. אַ גוטער מענטש, בלב ובנפש געטאָן אַ טובה. דערנאָך איז אין זיין וווינונג אָנגעקומען דער דאַמען־שניידער יוניש פון וואַרשע, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט שיינדלען, חיה די בעקערינס שוועסטער. אין דעם זעלבן פאָדערהויז אויפן ערשטן שטאָק האָט געוווינט מיין משפּחה, די פאַמיליע ווענגער. אַ ווערטל זאָגט: יהללך זר ולא פיך — דאָס הייסט, אַז אַ צווייטער זאָל זאָגן וועגן דיר... אַזוי ווי אָבער מיין טייערע משפּחה איז אומגעקומען על קידוש השם — ווילט זיך עפּעס זאָגן פון דער שטוב, וואָס אירע ווענט האָבן איינגעזאַפּט אין זיך תורה און זמירות פון חסידים און גוטע ייִדן. אונדזער שטוב איז געווען אַ רחבותדיקע, אָפן פאַר יעדן איינעם. אין דער שטוב האָט זיך געפונען אַ סוכה. אויף סוכות האָט מען אַראָפּגענומען דעם סופיט און געלייגט סכך — און אַלע שכנים האָבן געגעסן ביי אונדז אין סוכה. דאָרט האָט מען כמעט אַ גאַנצע נאַכט געפייערט מיט געזאַנג דעם צווייטן טאָג יומטוב, די שמחת בית השואבה.

אין דעם צווייטן פאָדערהויז האָט געוווינט די פאַמיליע בראָדאַטש, אַ פרוכטן־סוחר. זיין פרוי האָט אים אין די לעצטע יאָרן געהאָלפן מיט פרנסה, געפירט אַ שניידעריי אין זייער וווינונג. זיי האָבן דערצויגן ווילע קינדער.

נעבן זיי האָט געוווינט איטשע־מאיר ווזעל מיט זיין פאַמיליע, חסיד פון שטיבל נומער 2. געאַרבעט אין דער האָלץ־בראַנזשע אַלס בראַקאַזש און געקענט שיין לערנען. אין זעלבן פאָדערהויז האָט אויפן ערשטן שטאָק געוווינט אברהמ׳לע, יעקב־אריה קצבס איידעם, מיט זיין פאַמיליע. ער האָט געלערנט יום ולילה, געשטרעבט צו זיין רב און טאַקע באַקומען אין אַ שטעטל דעם כסא הרבנות.

אויף דער צווייטער זייט הויז איז מען אַראָפּגעגאַנגען מיט שטיינערנע טרעפּלעך, דאָרט וווּ די פענצטער זענען געווען נידעריק. אין דריטן פאָדערהויז פון דער געביידע האָט געוווינט דער סטאָלער הערשל בראַק מיט זיין פאַמיליע. געהאַט דעם וואַרשטאַט אין דער וווינונג. געלעבט באַשיידן, געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, געהערט צו דער חברה תהילים; דערצויגן גוטע קינדער, געזעלשאַפטלעכע טוער. זיין אייניקל, בנימין־חיים בראַק, איז געווען דער פירער פון „החלוץ הצעיר" אין ווישקאָוו. בשכנות האָט געוווינט חנה די אלמנה, דערנאָך האָט זיך דאָרט אַריינגעצויגן אַ ייד פון ווישקאָווער אומגעגנט, אַ פשוטער מענטש. זיין האַלטונג האָט אַרויסגערופן אַלעמענס רעספּעקט צו אים. כאַראַקטעריסטיש: ער איז געשטאָרבן אין קליינעם בית־המדרש, ווען ר׳האָט אַרויסגענומען די ספר־תורה צום לערנען — אַוועקגעפאַלן מיט דער ספר־תורה און געשטאָרבן...

אַביסל ווייטער איז מען אַריין אין טויער פון הויז, וואָס האָט געפירט אין הויף. דאָרט האָט מען גלייך באַמערקט אַ בריטשקע און אַ דאָראָשקע מיט גומענע רעדער, וואָס האָבן געהערט צו שמואלקע אָסטראָוויאַק, וועלכער האָט געוווינט אין דעם הויז מיט זיין פאַמיליע. ער האָט געהאַט איין גרויסן צימער, ווי אויך שטאַלן פאַר די פערד. געווען אַ ווױלער ייד, אַ פאָלקס־מענטש, געהאַט גוט־דערצויגענע קינדער. אין די עלטערע יאָרן האָט ר׳ שמואל געהאַט אַ בן־זקנים. דער ווישקאָווער רב איז געווען סנדק. די געשעעניש געדענקט זיך גוט. ר׳ שמואלקע דער פאָלקס־מענטש האָט אַרויסגערופן צו זיך רעספּעקט פאַר זיין אָרנטלעכקייט.

דער הויף האָט געהאַט צו דערציילן געשיכטע: ר׳האָט אויסגעהערט דאָס פריידיקע געלעכטער פון די קליינע קינ־דער, וואָס האָבן זיך דאָרט געשפּילט. אַ האַלבער הויף איז געווען בלאָקירט מיט שטיינער. אין די פריערדיקע יאָרן האָט דער זיידע יצחק־הערש געוואָלט בויען אַ קור־אָרט אויפן הויף, ווייל דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דאָס וואַסער נעבן הויף האָט מינעראַלן. ס׳איז שוין געווען אויפגעשטעלט אַ וואַנט פאַר דער געביידע. ביז ס׳איז געקומען אַ פאַר־פלייצונג און אַלץ אָפּגעשווענקט.

אַריבערגייענדיק דעם טויער, איז מען צוגעקומען צו דעם פאָדערהויז נומער 4. פון דער רעכטער זייט פון פאָדערהויז האָט געוווינט די פאַמיליע בראַמע, די בייטלמאַכערס. זיי האָבן אויסגעאַרבעט פאַפּירענע בייטלען און זיי צוגעשטעלט אין פיל געשעפטן פון שטאָט. די בראַמעס זענען געווען אָרנטלעכע מענטשן, די שטאָט האָט זיך אין זיי געשפּיגלט. אַנטקעגן האָט געוווינט דער געלער הערשעלע וואָס האָט געהאַנדלט מיט לאָטעריע־צעטלען און אַנדערע זאַכן, ווי לולבים און אתרוגים. די פרוי איז געווען זייער אַ ווױלע און געהאַט צוויי קינדערלעך. זיי האָבן געלעבט בצימצום. די שטוב האָט אויך איבערגעלעבט טראַגישע צייטן.

אויפן ערשטן שטאָק האָבן געוווינט צוויי שכנים: משה רינעק מיט דער פאַמיליע, וועלכע האָט געהאַט אַן אייגענע פראָדוקציע פון היימישע פאַפּיראָסן און פאַרקויפט דריי שטיק פאַר 5 גראָשן. טראָץ דעם וואָס ער מיט זיין פאַמיליע האָבן געלעבט באַשיידן פון זיינע פאַרדינסטן, איז ער שטענדיק געווען אַ פריילעכער. דער צווייטער שכן, דער לאָדזשער מלמד מיט זיינע טעכטער, האָט געפירט דאָס מלמדות אויף אַ מאָדערנעם אופן. די טעכטער האָבן צוגעהאָלפן צו דער פרנסה — זיי האָבן געגעבן לעקציעס די תלמידים אין פויליש און אין יידיש, שרייבן און לייענען. ער איז געווען אַ געוער חסיד. אין דער פרייער צייט האָט ער זיך פאַרטיפט אין זיינע חסידישע ספרים און געלערנט אויפן קול.

דאָס הויז, וואָס האָט געשפּרודלט מיט יידיש לעבן און איינגעזאַפט אין זיך די פריידן און ליידן פון אירע איינוווינער, איז אָפּגעמעקט געוואָרן דורך די בעסטיאַלע נאַציס.

מאָטל וועגנער

# דער בלינדער רבי

דאָס איז געשען אין סאַמע אָנהייב פון הייַנטיקן יאָר־הונדערט. איך האָב שוין געאַרבעט אין וואַרשע, נאָר אויף די יומטובים בין איך געקומען אַהיים קיין ווישקאָוו. כ׳בין דאַן געווען אַן אָפטער איינגייער אין מאָטל שוחטס שטוב, וועלכער האָט געוווינט אין אַפּעלבוימס הויז. אַנטקעגן איז געשטאַנען וועגנערס הויז, וווּ ס׳האָט געוווינט אַן אַלטער רבי, באַקאַנט אַלס בלינדער רבי. צי ער האָט אינגאַנצן נישט געזען, אָדער טיילווייז — איז שווער געווען פעסטצושטעלן. ביים רבין האָט זיך אויך געפינען זיינער אַן איידעם (אָדער זון) מיט אַ פרוי און קינדער. קיינער האָט נישט געוווּסט פונוואַנען דער רבי איז געקומען, דערפאַר איז אָבער געווען באַוווּסט אין שטעטל, אַז ער איז אַ גרויסער אָרעמאַן און אַ נאָך גרעסערער באַדערפער.

האָבן יידישע פ״ויען אין שטעטל נישט פאַרגעסן אין דעם הונגעריקן רבין. ספּעציעל מיטוואָך און דאָנערשטיק, ביים איינקויפן אויף שבת, האָט מען דעם רבין אַריינגעטראָגן אין שטוב אַ חלה, וואָס מ׳האָט אַליין אָפּגעבאַקן, אַ שטיק פלייש, אַ פישל, פראָדוקטן. קיין חסידים האָט מען נישט געזען קומען צום רבין, בלויז ווייבער.

אין אַ צייט אַרום האָבן אין שטעטל זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז דער בלינדער רבי העלפט עקרות צו האָבן קינדער און אַז פיל פרויען זענען אין זיין זכות געהאָלפן געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז זיין צאָל אָנהענגער צווישן פרויען איז שטאַרק געוואַקסן — און דערמיט אויך זיין פרנסה. עס איז שוין נישט נייטיק געווען צו זאַמלען אויף שבת פאַרן רבין. דעם רבינס בני־בית זענען איצט געווען בעסער אָנגעטאָן.

מען האָט דערציילט, אַז / דער רבי האָט געשטעלט אַ באַזונדערן פרייז פאַר געבוירן אַ יינגל און אַ באַזונדערן פרייז — פאַר אַ מיידל... זיין בני־בית האָט געפירט אַ גאַנצע בוכהאַלטעריע, ווייל דעם פדיון האָט דער רבי מסכים געווען מ׳זאָל אים אויסצאָלן אין ראַטעס.

אין אַפּעלבוימס הויז האָט געוווינט אַ מיטליאָריק פאָר־פאָלק, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין קינדער. ער, אַ פאַר־ביסענער ליטוואַק, האָט נישט געהאַלטן פון קיין רביים און זיך אויסגעלאַכט פון די כלומרשטע וווּנדער, וועלכע עס באַווייזט דער בלינדער רבי. דאָס פאָרפאָלק האָט זייער געוואָלט האָבן אַ קינד — אָבער גלייכצייטיק האָט דער מאַן

נישט געגלויבט אין רבינס נסים. מיטאַמאָל האָט אין שטאָט זיך פאַרשפּרייט אַ סענסאַציע: דעם ליטוואַקס פרוי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן. מען האָט געשמועסט, אַז אין געהיים האָט זי באַזוכט דעם בלינדן רבין און, ווי דער שטייגער, זיך אונטערגעשריבן אין ראַטעס צו באַצאָלן דעם פּדיון. מן־הסתמא האָט די פרוי דערציילט איר מאַן וועגן דעם הסכם מיטן רבין — און ער האָט איר שטרענג פאַרבאָטן צו צאָלן די ווייטערדיקע ראַטעס.

אַז די פרוי איז געלעגן געוואָרן — האָט זי געבוירן אַ טויט קינד.

דאָס שטעטל האָט דערנאָך געהאַט צו ריידן וועגן דער געשעעניש אין משך פון לאַנגע וואָכן. די אויטאָריטעט פון בלינדן רבין איז נאָך מער געוואַקסן...

ה. מושקאַט

# אייזיקל מלמד

אייזיקלען מלמד האָבן אַלע געקאָנט אין ווישקאָוו, אָבער נאָר אויף אַזויפיל, ווי די אויגן האָבן אים געזען. דעם אמתן אייזיקל, דעם אינערלעכן, דעם פאַרהוילענעם פון מענטשלעכן חוש־הראיה, האָט קיינער, אַ חוץ דעם באַשאַפער, נישט געקאָנט. צו די אַרומיקע האָט ער זיך אַזוי אויסגעוויזן: אַ ייד פון מיטעלער וווקס, מיט נישט קיין גרויסער באָרד, מער גרוי ווי שוואַרץ, שטענדיק ריין און פאַרקעמט. כאָטש אָרעם אָנגעטאָן, איז ער אָבער געווען אַזוי ציכטיק, אַז ער האָט שטענדיק אויסגעזען אַ שבתדיקער. איך פלעג אים זען עטלעכע מאָל אין טאָג פאַרבייגיין צום און פון דאַוונען, אויך אַמאָל געשעפטלעך — צום און פון מאַרק — און גאָפּן, וואָס ער האָט קיין איינמאָל נישט פאַרפעלט צו זאָגן „גוט־מאָרגן". ער איז געווען אַזאַ מין מומחה אין זאָגן „גוט־מאָרגן", אַז ס'איז געווען, אַז יענער זאָל אַ קוק טאָן אין זיינע אויגן, דאָס ער זאָל אים דערלאַנגען אַ „גוט־מאָרגן" מיט אַ „גוט־יאָר" פאַר אַ צולאָג...

ווען איך האָב אים געקאָנט, איז ער שוין קיין מלמד נישט געווען. צי ער איז אַמאָל יאָ געווען — ווייס איך נישט. אין זאַך איז זיכער: מען האָט אים גערופן אייזיקל מלמד.

ער האָט געהאַט אַ קליין קרעמל און געוווינט אין שכנות פון קריסטן. ביי זיי האָט ער געהייסן „פּאַניע אייזיק". ווען איך פלעג אַמאָל אַריינקומען צו אים עפּעס קויפן, כאָטש קיין גרויסן אויסוואַל האָט ער נישט געהאַט, פלעג איך אים שטענדיק טרעפן זיצן ביי אַ ספר. הגם ר'איז נישט געווען קיין גרויסער למדן, האָט ער אַלץ געוווּסט וואָס ער דאַרף טאָן בין אדם למקום. און וואָס שייך בין אדם לחברו — פלעגט אים שוין דאָס דיקטירן זיין יושרדיקע פּשטות. כ'האָב אים קיינמאָל נישט געזען קיין ברוגזן. אַ ליבער שמייכל האָט שטענדיק געשוועבט אויף זיינע ליפּן. אַפילו דעמאָלט, ווען ס'איז מיר אויסגעקומען אַריינצופאַלן צו אים אין קרעמל, ווען זיין ווייב האָט זיך געהאַט צעלאָזט מיט איר ווילדן מענה־לשון. אָבער ער, אייזיקל, האָט צו איר נישט געהאַט דערפאַר קיין תרעומות. אדרבה, ער פלעגט טענה'ן, אַז זי איז די אמתדיקע צדקנית, מיט אַ גאָלדן האַרץ. אַז זי שרייט גאָרנישט אויף אים ווי זי וואָלט באַדאַרפט, ווייל ביי אים איז איר נעבעך זייער, זייער נישט גוט. איז זי דען נישט גערעכט? גיי לייז עפּעס ביי קונים, אַז די קראָם איז ליידיק. נו, שרייט זי טאַקע: „געלט צו באָרגן באַקומסטו דאָך, טאָ פאַרוואָס זאָל איך שטיין ביי פּוסטע פּאָליצעס?"

אייזיקל מלמד פלעגט טאַקע זייער אָפט דאַרפן אַ גמילות־חסד — און פלעגט זי אויך באַקומען. ביים באָרגן פלעגט ער אָנרופן אַ געוויסע דאַטע, ווען ער וועט בעזרת השם יתברך אָפּגעבן. ער פלעגט זיך אויסנעמען בדיוק: מאָנטיק פרשת מקץ, אָדער גאָר דינסטיק פרשת ויגש — און זיין פּינקטלעך מיטן אָפּגעבן. ער פלעגט אָבער נישט נוצן די גמילות־חסדים פאַר איינקויפן סחורה, נאָר — אַוועקבאָרגן אַנדערע.

אייזיקלען האָט צומאָל דעם בורא עולמס דרכים אויסגעזען מאָדנע: רשע וטוב לו — אַ רשע זאָל גאָר זיין גוט; צדיק ורע לו — אַ צדיק זאָל גאָר זיין שלעכט?! נאָר ווי איז שייך צו פרעגן קשיות. זיינע טעכטער, אַ שטייגער, וועלכע מען האָט גערופן „אויפגעקלערטע", האָבן טאַקע יאָ געפּרוּווט אָנווייזן וויפל נישט־יושר ס'איז דאָ אויף דער וועלט. און ווי מען האָט געשמועסט, האָבן זיי אַפילו געהאַט עצות וויאַזוי יושר זאָל זיך צעבליען אויף דער גאַנצער ערד. אים אָבער, אייזיקלען, איז שווער געווען דערין איבער־צוציייגן. ער פלעגט זיי גוטמוטיק אויסהערן און איינשטימען, אַז מען דאַרף אפשר מערער יושר אויף דער וועלט, נאָר אויף זייערע עצות האָט ער געזאָגט:

— קינדערלעך, לא זו הדרך! גלויבט מיר, אַז דער רבונו־של־עולם האָט נאָך פאַר אייך געוווּסט די דאָזיקע פּלענער. אויב ער פאַלגט נישט אויס אייערע, האָט ער מסתמא אַנדערע און בעסערע פּלענער.

איך האָב אַמאָל געוואָלט ביי אים פאַרזיכטיק אויספאָרשן אַ וואָסער חסיד ער איז — אַ גערער, ראַדזימינער, צי גאָר פון אַן אַנדערן רבין. ער איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג און שנעל אָפּגעענטפערט, אַז ר'איז דעם רבונו־של־עולמס אַ חסיד. איינמאָל אין אַ שמועס האָט ער זיך פאַר מיר כמעט אַרויס־געכאַפּט, אַז די מצווה פון צדקה וואָלט געקאָנט זיין, אַפילו ווען ס'וואָלטן געווען ווייניקער אָרעמעלייט, און אפשר, ווער ווייסט, אינגאַנצן נישט קיין אָרעמע. אַז מען וואָלט געקאָנט שאַפן אַ צווייטע, אַ וואַגיקע מצווה, וואָס זאָל זיין „במקום" צדקה. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז ער איז צו ווייט אַוועק מיט זיין מחשבה און אַז דעם בורא־עולם טאָר מען נישט געבן קיין עצות.

אייזיקל מלמד איז בטבע געווען אַ רך־לב. ער פלעגט נישט קאָנען פאַרטראָגן עמעצנס ווייטיק. און נישט נאָר דעם ווייטיק פון אַ מענטשן, נאָר פון יעדן בעל־חי. אַז ער פלעגט אַמאָל זען ביי אַ קריסטלעכן שכן ווי אַ הון האָט אונטער־געהינקעט אויף אַ פיסל, פלעגט ער זיך צעיאָמערן:

— ס'איז דאָך ממש אַ רחמנות. סטייטש — צער בעלי־חיים!...

און ווער שמועסט נאָך, ווען ער פלעגט זען ווי זיינס אַ שכן וואַרפט אַ שטיין אויף אַ בהמה, כדי איר אַוועקטרייבן פון גאָרטן, פלעגט ער שוין אוודאי ווערן אויסער זיך און שרייען צו זיך אַליין: „גזלנישע הערצער". זומער, ווען ער איז געזעסן ביי אַ ספר און אַ פליג האָט אים אָנגעהויבן דערקוטשען, האָט ער זי נישט אָפּגעטריבן פון זיך מיט רוגזה, נאָר מיט אַ קוים־באַמערקבאָרן ריר פון זיין איידעלער האַנט.

אַזוי האָט געלעבט אייזיקל מלמד, ביז די מערדערישע נאַציס זענען אַריין אין ווישקאָוו. דעמאָלט איז אייזיקל געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. מען האָט מער נישט געזען ביי אים אַ שמייכל. ער איז אַרומגעלאָפן אַן ערנסטער און פאַרטראַכטער און פלעגט צו זיך שטיל עפּעס שעפּטשען. פון צייט צו צייט האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, גלייך ער וואָלט מיטן רבונו־של־עולם געפירט אַ וויכוח הלמאי ער

דערלאָזט צו די נאַצישע רציחות. ער האָט געפילט ווי הילפ־לאָז ער איז אַליין עפּעס צו טאָן. וואָס קאָן ער טאָן מיט ליידיקע הענט אַנטקעגן אַ געלאַדענער דייטשישער ביקס?

שטייענדיק איינמאָל אַזוי אַ פאַרטראַכטער און פאַראָגלי־ווערטער נעבן זיין הויז, האָט ער דערזען ווי אַ דייטש שטעלט אָן זיין ביקס אויף אַ קליין יידיש יינגל, וואָס איז געלאָפן פון איין בוים צום צווייטן, זוכנדיק שוץ פאַרן נאַצישן מערדער. די קולות און מוראדיקע יללות פונעם יינגל האָבן זיך געטראָגן עד לב השמים. דער דייטש האָט אָבער גלייכגילטיק געקירעוועט נאָך אים די לופע פון ביקס. אָט, אָט, דוכט זיך, גיט ער אַ דריק אויפן צינגל. אייזיקל האָט פאַר־שטאַנען, אַז ער טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט. ער האָט זיך געגעבן אַ בייג אָן, אויפגעהויבן אַ שווערן שטיין און מיט אַ שפרונג זיך אַ וואַרף געטאָן אויפן דייטש און אים צעפּלעט דעם שאַרבן. ווי אַן אונטערגעזעצטער דעמב איז דער דייטש אַוועקגעפאַלן צוזאַמען מיט זיין ביקס און נישט־אויסגעשאָסענער קויל. אָנגעקומענע דייטשן האָבן דעם נאַצי אַוועקגעטראָגן אַ טויטן און אייזיקלען, אַ געשמידטן אין קייטן, אַריינגעוואָרפן אין אַ פינצטערן תפיסה־קעלער.

ער איז געלעגן אין געפענקעניש און זיך געמאַכט אַ חשבון־הנפש:

„אַ לעבן אָפּגעלעבט און אויף קיינעמען קיין האַנט נישט געהויבן — און איצט געהרגעט אַ מענטשן. האַ? אַ מענטשן? קאָנען דען אַזעלכע גזלנים אָנגערופן ווערן מיטן נאָמען מענטש?...״

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז משה רבינו האָט אויך גע־הרגעט אַ מצרי. איז ער דאָך געווען משה, גאָטס שליח — וואָס ער קאָן דאָס אויף זיך נישט זאָגן. ווייל וואָלט דאָס געווען גאָטס שליחות, וואָלט ער דאָך נישט דערהרגעט נאָר איינעם. טויזנטער און טויזנטער נאַצישע קעפּ וואָלט ער דאַרפט באַדאַרפט אַזוי צעשמעטערן. הייסט עס, אַז ר׳האָט דאָס געטאָן פון אייגענעם ווילן און אַז ער וועט דערפאַר דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון פאַרן רבונו־של־עולם?

באַגינען, ווען מען האָט נאָך קוים דערקאָנט בין זאב לכלב, האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעעפנט די טיר פון תפיסה און עטלעכע באַוואָפנטע הענקערס זענען אַריין. זיי האָבן זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן ווי צעווילדעטע חיות און אים אַרויסגעשלעפּט אויף אַ ברייטן פּלאַץ. דאָ האָט שוין אויף אים געוואַרט אַן אָפּטיילונג דייטשישע סאָלדאַטן. צוויי זענען צוגעלאָפן צו אייזיקלען, אים צוגעשלעפּט צו אַ סלופּ, אַרונ־טערגעדרייט זיינע הענט און אים שטייף צוגעבונדן מיט פעסטע שטריק. אַן אָפיציר האָט געגעבן אַ באַפעל און די מערדער האָבן זיך שטייף אויסגעצויגן. נאָך אַ באַפעל, און... זיי האָבן אויפגעהויבן די ביקסן, צילנדיק אויף אים.

אייזיקל מלמד האָט די גאַנצע צייט באַוועגט מיט די ליפּן און שטיל געמורמלט: „בידך אפקיד רוחי״. פאַר זיינע אויגן איז אַדורכגעלאָפן זיין גאַנץ לעבן, כמעט פון דער ערשטער רגע וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו באַגרייפן די וועלט, ביזן מאָמענט ווען ר׳האָט אויפגעהויבן דעם שטיין און דערהרגעט דעם דייטש — און דעם ספק וואָס האָט אַזוי געעגבערט זיין מוח: „צי איז ער יאָ אָדער נישט באַרעכטיקט מיט דעם וואָס ער האָט געהרגעט אַ מענטשן?״

דער אָפיציר האָט אויפגעהויבן זיין שווערד און געעפנט דאָס מויל צו געבן דעם דריטן און לעצטן באַפעל. אייזיקל האָט דערזען אַנטקעגן זיך אַ שורה ביקסן. ער האָט דער־הערט אַן אויסגעשריי, דערנאָך אַ פייער און רויך מיט פלאַטערנדיקע אותיות אין דער לופט, וואָס האָט זיך צע־פלאַמט ווי בלוטיקע זונען:

„טוב שבנחשים רצוץ את מוחו!...״

**מ. ראַבין**



קצבים כאַפּן אַ שמועס אין מאַרק — שיחת קצבים בשוק

# ווישקאָווער געשטאַלטן

## איטשע מעטש — דער קלעזמער

איינער פון די פּאָפּולערסטע געשטאַלטן אין ווישקאָוו. קינד־און־קייט איז געווען באַקאַנט זיין רונדיק פאַרשוירן בערדל פון ברוינלעכן קאָליר, דאָס האַלב־פאַרקיילעכדיקע בייכל, וואָס האָט אָנשטענדיק קאָנסומירט אויף אַלע חתונות און שמחות, ווו ער האָט געשפּילט מיט זיין קאַפּעליע. ביידע ווּעסטל־קעשענעס זענען געווען פאַראייניקט מיט דער זיל־בערנער קייט פונעם טאַשן־זייגער — זיין חתונה־מתנה. אויף איין אָרט האָט זיך נאָכגעבאַמבלט דאָס שליסעלע אויף אָנצוציען דעם זייגער. און ער האָט שטאַרק געהיטן, אַז די ווייזערס זאָלן זיך קיינמאָל נישט אָפּשטעלן.

גערעדט האָט ער מיט אַ ליטווישער אויסשפּראַך. אָבער דאָס מערקווירדיקסטע ביי אים — אַ שפע פון פאַכן און פאַרשיידענע קענטענישן. נאָר דער גרעסטער מומחה איז ער געווען אין מוזיק. אַ באַזונדערע שוואַכקייט האָט ער געהאַט צו האָדעווען און פאַרנעמען זיך מיט ציגן. אויך האָט ער זיך פאַרנומען מיט שערערייי, אָבער קיינעמס באָרד וואָלט ער נישט געגאָלט, מחמת זיין פרומקייט.

איטשע מעטש איז נישט געווען סתם אַ קלעזמער. ער האָט געפירט אַן אייגענע „מוזיקאַלישע שול״ אין שטעטל. זיין אויסגעאַרבעטע שמיעה האָט גלייך אויפגעכאַפּט אַ פאַלשן קלאַנג פון זיינעם אַ שילער. נישט־ריכטיקע טענער האָבן אים פאַרשאַפט עגמת־נפש.

דער שטאָלץ פון אונדזער העלד זענען געווען — זיינע גראַטענע זין. און דער סאַמע באַליבסטער דורך אים —

חיים־העניך, דער עלטסטער און גרעאַטנסטער קינסטלער און בדחן. אַ הויכער יונגערמאַנטשיק, אַ פול, קיילעכדיק געזיכט, אַ שוואַרץ גלות־היטעלע מיט אַ ברייטער טאַשמע, פאַרענדיקט מיט צוויי זיידענע קנעפּלעך. קאָן זיין, אַז נישט שטענדיק איז אים געלונגען דער פּזמון. נאָר מבינים פלעגן זאָגן, אַז ביי די ווייבער האָט ער אַרויסגערופן טרערן...

דער צווייטער זון, ניסעלע, איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויפן קאָרנעט. זיינע טענער האָבן זיך געהערט אין די ווייטע מרחקים. אויך די אַנדערע דריי זין זענען געווען מוזיקאַנטן. אַזוי האָט די גאַנצע משפּחה משמח געווען ווישקאָוו און די אַרומיקע שטעטלעך.

פאַרשטייט זיך, אַז אויסער די פינף זין, איז ער נאָך געווען געבענטשט מיט עטלעכע טעכטער. נאָר ווער געדענקט איצט זייערע נעמען?

דערפאַר איז נישט שווער צו פאַרשטיין, אַז ער האָט באַדאַרפט זוכן נאָך באַשעפטיקונגען, כדי מפרנס זיין די גרויסע פאַמיליע. איז דען אַ וווּנדער, וואָס איטשע־מאיר מעטש האָט זיך געכאַפּט אויך צו... וועטערינערייִ? אַלע קראַנק־געוואָרענע ציגן אין ווישקאָוו האָט ער געהיילט מיט אייגענע רעצעפּטן און קרייטעכצער. און אויב אַ באַבערדלטע ציג איז נישט געהאָלפן געוואָרן — איז דאָס געווען אַ גאָט־זאַך.

אַז ס'איז געקומען דער ליבער פרילינג, האָט אונדזער מוזיקאַנט אויסגענוצט זיינע אַגריקולטור־פעיקייטן. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן מאַרק און פאַרקויפט כלערליי זריעות. ער האָט שטאַרק אויסגעלויבט זיינע „נאַשיענ׳יעס" און געגעבן עצות די פויערים.

געוווינט האָט ער בסך־הכל אין איין צימער. אין ווינקל האָט זיך געפינען די קיך מיטן גרויסן דעכל אַריינצונעמען דעם רויך. הגם קיין מאַנגל אין האָלץ איז נישט געווען אין שטעטל, פלעגט ער זומער קאָכן אויף אַ דרייפוס. געוויינלעך איז די שטוב, ווי דער מינהג ביי יידן, געקאַלכט געוואָרן יעדן ערב פּסח. דערפאַר האָט דאָס דעכל נישט געקאָנט אַריינעמען דעם רויך און סאַזשע אין משך פון אַ גאַנץ יאָר. האָט די טונקלקייט אין שטוב זיך צעלייגט, ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן.

און ווי אין רוב קיכן אין די שטעטלעך און דערפער, איז אויך ביי איטשע מעטש געווען אַ „קיטשע" — די עפענונג, ווו ער האָט געהאַלטן אייניקע הינער. ער האָט יעדן טאָג געוואָלט האָבן אַ פריש איי. זיכער איז עס אים אויך אויסגעקומען ביליקער, ווייל די שיריים פון עסן האָט ער נישט אַרויסגעוואָרפן, נאָר בעתן בענטשן, פלעגט ער גלייך פון טיש צווואַרפן די עופות די קרישקעס...

און דאָ קומען מיר צו אַ נייער ספּעציאַליטעט זיינע: אַן אויגן־דאָקטאָר. „אַז כ'וויש זיך אויס די אויגן מיט אַן אָקערשט געלייגט וואַרעם פריש איי — ווערן זיי קלאָרער און מער זעעוודיקער".

צו זיין אָרקעסטער האָט ער צוגענומען דעם באַוווּסטן וויאָלאַנטשעליסט חיים פּאַליוך. דער אינסטרומענט איז געווען צוויי מאָל גרעסער פונעם מוזיקאַנט, ווייל חיים פּאַליוך איז געווען אַ קליין יידל מיט אַ בערדל, וואָס זיין אייגנטלעכע באַשעפטיקונג איז געווען — טרעגער. אַ גאַנצן טאָג האָט ער מיטן איבערגעבונדענעם שטריק געוואַרט אויף אַ פאַרדינסטל און ביינאַכט, אויב נאָר אַ שמחה — אַוועק מיט איטשע מעטשס קאַפּעליע שפּילן. אגב, פלעגט זיין ווייב אים צוהעלפן אין דער פּרנסה אַלס... אַם. אַזוי ווי זי פלעגט אָפט געבוירן קינדער, איז אַ טייל פון איר מילך פאַרקויפט געוואָרן...

### רייזעלע די זאָגערין

ווישקאָוו איז געלעגן צווישן די הויכע, שלאַנקע סאָסנעוועלדער, וואָס האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער געגעבן שאָטן און קילקייט דעם שטעטל און געווען עדות וויאַזוי צענדליקער דורות גייען אַוועק און קומען, אָפּלעבנדיק ווער אין נחת און פרייד, ווער גאָר אין צרות און פיין. און דאָס טוזשינער בערגל, דאָרט ווו ס'האָט זיך געפינען דער שטעטלדיקער בית־עולם, האָט באַזאַמען מיט די פאַרשטאָרבענע אַריינגענומען אין זיינע קברים די סודות פון די, וואָס זענען אַוועק אויפן עולם האמת...

צום טוזשינער בערגל האָבן זיך געצויגן אויך לעבעדיקע. ווער עס פלעגט סתם אַוועק אויף אַ שפּאַציר מיט אַ פריינד צי פריינדין, כדי זיך אינטים אָנפאַרטרויען איינער דעם צווייטן, ווער עס פלעגט צופאַלן צו אַ גראָער מצבה זיך אויסוויינען ביי אַ יאָרצייט אָדער גאָר פאַרבעטן דעם טויטן קרוב אויף אַ שמחה, צי פאָדערן זיין אינטערווענץ פאַר אַ חולה־מסוכן אין דער משפּחה, צי מיען זיך פאַר אַ קימפּעטאָרין וואָס האָט שווערע געבורט־ווייען.

היינט איז דאָס ווישקאָווער הייליקע אָרט פאַרשעמט און פאַרשטומט. די קאַלטע שטיינער, וואָס האָבן אין זיך איינגעזאַפּט אַזוי פיל הייסע טרערן, זענען אַרויסגעריסן געוואָרן דורך וואַנדאַלישע הענט, וואָס האָבן דערמיט געפּלאַסטערט טראָטואַרן. די בערגלעך זאַמד זענען אויסגעגלייכט געוואָרן און די הייליקע אוהל'ס פון די רביים האָט מען פאַרניכטעט.

עס קומען איצט אויף אין זכרון די פאַרהייליקטע קברים אויפן טוזשינער בערגל, ווו עס זענען באַערדיקט געוואָרן רבנים און צדיקים, גדולי הדור, מיט די אומצאָליקע קוויטלעך, שטיקלעך האָלץ צי שטיין, דורכגעווייקטע מיט טרערן און בקשות — פאַר געזונט, פּרנסה, אַ שידוך פאַר דער טאָכטער, אַ היילונג דעם קראַנקן קינד...

די דייטשישע רוצחים האָבן אויך פון דעם נישט געלאָזן קיין שפּור. די הייליקע ביינער, וואָס האָבן געפונען זייער אייביקע רו אין די קברים, זענען אויסגעמישט געוואָרן מיט דער צעאַקערטער ערד, ווו מ'האָט פאַרפלאַנצט פרוכטן־ביימער, וואָס גיבן שוין איצט אוודאי פּירות און זעטיקן



בבית־הקברות בווישקוב: אזכרה
אויפן ווישקאָווער בית־הקברות: אַן אזכרה

דערמיט די וואָס האָבן דעם פאַרברעכן געטאָן, אָדער געהאָלפן צי גלייכגילטיק זיך צו אים צוגעקוקט.

ביים אַריינגאַנג אויפן בית־הקברות, וואָס האָט זיך געפונען אין אָנהייב בערגל, איז געווען אַדורכצוגיין אַ פאָר־הייזל, וואָס האָט זיך געעפנט מיט צוויי הויכע, האַלבע טירן, צונויפגעשטיקעוועטע פון פאַרשידענע ברעטלעך און אַנדערן האָלץ־אָפפאַל. דאָס דאָזיקע טירל האָט זיכער געטראָגן אויף זיך אַן עלטער פון צענדליקער יאָרן. אויף דער מזרח־וואַנט האָבן געהאָנגען צוויי גרויסע שוואַרצע ראַמען מיט געגילדעטע אותיות, געשריבענע אויף פאַרמעט, מיט די פאַרשידענע געלעגנהייטלעכע תפילות. אויף די אַלע תפילות און תחינות האָבן די פרויען־וויינערינס אָנגעוויזן, ווען און פאַרוואָס זי דאַרף געזאָגט ווערן...

איינע פון די סאַמע באַקאַנטסטע געשטאַלטן צווישן די פרויען־קלאָגערינס איז געווען — רייזעלע די זאָגערין. אַ קליין אויסגעדאַרט ווייבעלע, מיט אַן איינגעשרומפן פנים, גלייך זי וואָלט אין זיך איינגעזאַפט אַלע קלאָגן און געוויינען פון די וואָס זענען געקומען אויפן טויטשינער בערגל. די דאָזיקע רייזל האָט אַפילו נישט געוווּסט קיין צורת אות, דער אלף־בית איז איר געווען אינגאַנצן פרעמד. דערפאַר האָט זי אָבער געדענקט ווו יעדער ליגט אין זיין אייביקער רו.

ווי נאָר אַ קרוב פון פאַרשטאָרבענעם האָט זיך באַוויזן ביים בית־עולם, האָט זי מיט איר אויסגעדאַרט הענטל דערלאַנגט עטלעכע קלעפ אין טויער. דאָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ פחד, גלייך זי וואָלט מיט די קלעפ געהאַט בדעה מחיה־מתים זיין דעם פאַרשטאָרבענעם. אָבער שטאַרקער פון אירע קלעפ זענען געווען — די רייד. האָט דאָך יעדער פון די באַזוכער געוואָלט זיך אַראָפרעדן פון האַרץ. נאָר אויב רייזעלע די זאָגערין האָט גענומען אַ וואָרט אין מויל, האָט מען זיך געמעגט אויף איר פאַרלאָזן. יעדער איז מיטגעריסן געוואָרן מיט אירע רייד און תחינות. מען האָט געפילט, אַז אויף דער נשמה איז גרינגער געוואָרן און אַז דאָס האַרץ באַרואיקט זיך.

רייזעלע האָט איר בית־הקברות־לשון געקאָנט פון אויסנווייניק. זי האָט געוווּסט פון יעדן פסוק וואָס דאַרף געזאָגט ווערן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן: צי ביי אַ קראַנקייט פון אַ קינד, צי ערב דעם פריזיוו פון אַ זון און ווי דער שטייגער — פרנסה.

זי האָט געבעטן אויף פרנסה פאַר אַלע אירע קונדן. אָבער זי אַליין האָט געפירט אַן אָרעם לעבן...

הערשל מלמד

מער באַקאַנט איז ער געווען אונטערן נאָמען „דער שוואַרצער הערשל". אַ נידעריקער, עטוואָס אַ נערוועזער — נאָר דערפאַר שטענדיק אַ ציכטיקער און ריינער. ווייזט אויס, אַז די ריינקייט האָט געהערט צו איינעם פון זיינע פיל פרינציפן. די שוואַרצע באָרד איז תמיד געווען צעקעמט און די גומי־קאַמאַשן אין זומער, פונקט ווי די שטיוול אין ווינטער, האָבן קיין איינמאָל נישט פאַרפעלט צו זיין אָפגעפוצט.

געוווינט האָט ער אין אַ גרויס צימער, צעטיילט אויף צווייען. איין העלפט האָט געדינט אַלס שלאָפצימער, און די צווייטע העלפט — אַלס חדר, ווו ס'האָבן געלערנט ביי אַ פופצן תלמידים. אין דעם דאָזיקן חדר האָט זיך אויך געפינען אַ קליינע בעקעריי, אָנגעפירט דורך זיין ווייב אסתר — אַ הויכע, מאָגערע און אויסגעהאָרעוועטע פרוי צוליב איר שווערער אַרבעט און פון דערציען אַ סך קינדער. אינעם גרויסן אויוון האָט זי געבאַקן לאַבנס ראָזעווע ברויט, כדי העלפן איר מאַן אין דער פרנסה. נאָר סיי די בעקעריי, סיי דאָס „חדר", האָט נישט גענוגנט. האָט ר' הערשל נאָך פאַרקויפט שנאַפס אויף שבת און אסתר האָט צוגעהאַנדלט מיט ברוינע קאַשע... צוויי מאָל אין יאָר האָט זי געהאַט אויף דעם אַרטיקל אַ „פּראָספּעריטי": זומער, אין די ניין טעג, ווען דער עולם עסט אַ סך קאַשע מיט מילך; און ווינטער, חנוכה־צייט, ווען מ'האָט געבאַקן די „גריטשקעלעך" (פון גרעטשענע מעל).

דער האַנדל מיטן „ביטערן טראָפן" איז אָנגעגאַנגען אין אַ ווינקל פון צימער, ווו עס איז געשטאַנען אַ שענקל מיט פאַרשידענע פלעשער משקה און מעסטלעך: אַ קרוטשיק און אַ פערטעלע. אַ ווישקאָווער ייד, אָרעם צי רייך, האָט ליב געהאַט צו טרינקען אַ לחיים נאָך די שבתדיקע פיש, וואָס זענען בשפע געפאַנגען געוואָרן אין טייך בוג.

קלאָר, אַז דער חדר, ווי די בעקעריי, קאַשע־האַנדל און פאַרקויף פון בראַנפן, איז געפירט געוואָרן אַן די נייטיקע דערלויבענישן. דעריבער איז ר' הערשל שטענדיק געווען אין שפאַנונג, אויפגערעגט און אין דערוואַרטונג אויפן באַזוך פון אומגעבעטענע געסט.

אַז אונדזער מלמד איז געגאַנגען עסן, האָבן מיר אַלע געמוזט אַרויסגיין. ער האָט נישט פאַרטראָגן די אָנוועזנהייט פון די תלמידים בעתן עסן און ער איז אויך געווען אָפגעהיטן, אַז עפעס אַ טראָפן זאָל נישט פאַרפלעקן צי פאַרנעצן דאָס גראָבע, ווייסע טישטעך. מיר האָבן זייער געוואָלט, אַז דער רבי זאָל וואָס לענגער זיך באַשעפטיקן מיט דער אכילה, כדי קאָנען פאַרברענגען אין דרויסן. אַנטקעגן דעם חדר איז געווען אַ הויף, וואָס האָט באַלאַנגט צו יוסף פאַכט, דעם אייגנטימער פון אַן אַלעיאַרניע, וואָס האָט צו יענער צייט שוין באַזיצט כלומרשט מאָדערנע איינריכטונגען צו מאָלן די פאַרשידענע קערנער און אויסצופרעסן דעם אייל. די מאַשין איז באַוועגט געוואָרן מיט דער הילף פון אַ פערד, איינגעשפאַנט אין אַ קיראַט, מיט פאַרבונדענע אויגן, כדי דער קאָפ זאָל זיך אים נישט פאַרדרייען. אונדזער פאַרגעניגן איז געווען, בעת די איבעררייסן אין לערנען, זיך אַוועקזעצן אויפן דרענגל, מיט וועלכן דאָס פערד איז געווען געשפאַנט צום קיראַט און זיך דרייען אין אַ ראָד, כל־זמן די פרייע צייט און יוסף פאַכט האָבן דערלויבט. נאָר בדרך־כלל פלעגט איבעררייסן דעם שפיל ר' הערשעלע מלמד גופא. ער האָט אונדז אַ רוף געטאָן, און דאַן איז געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן האַרץ, באַזונדערס אַ דאָנערשטיק, ווען ער האָט פאַרהערט די סדרה פון דער וואָך און רש"י. ווי איז געווען צו דעם קינד, וואָס האָט נישט געענטפערט אויף אַלץ פליסיק. אַ מבול פון קללות האָבן אַ פלייץ געגעבן פון רבינס מויל. צום גליק, פלעגט דאָס אָפט איבערגעריסן ווערן, ווייל באַזונדערס אין אַ דאָנערשטיקדיקן טאָג פלעגן זיך אָפט באַווייזן קונים אויף צו קויפן שנאַפס אויף שבת. אין דעם זכות זענען איינגעשפאָרט געוואָרן פיל קללות און אַפילו — קלעפ.

ר' הערשל האָט געהאַט נאָך אַ וויכטיקע סיבה צו זיין באַאומרואיקט. עס איז דאַן נייטיק געווען צו באַזיצן אַ קאָנצעסיע אויף צו פירן אַ חדר. קלאָר, אַז אַזאַ דערלויבעניש האָט אונדזער רבי נישט געהאַט. אייגנטלעך, האָט זיך נישט געהאַנדלט אַזוי אין דער עצם דערלויבעניש, ווי אין דער נויטווענדיקייט צו לערנען אין אַזאַ קאָנצעסיאָנירט חדר



די בייגל־פּאַרקויפערין — מוכרת כעכים

אויך וועלטלעכע לימודים. און דערפאַר האָבן אונדזערע פרומע עלטערן זייער מורא געהאַט און נישט געוואָלט פאַרוואַנדלען די לימודי קודש אויף לימודי חול. רעגירונגס־באַאַמטע פלעגן אָפּט קומען אויף באַזוכן, נאָר ר׳ הערשל האָט דערפון זיך באַצייטנס דערוווּסט — און מיר זענען זיך צעלאָפן צו אונדזערע שפּילערייען ביז די באַאַמטע זענען אַוועק.

און נאָך עפּעס האָט געהאַלטן ר׳ הערשלען אין כסדר־דיקער געשפּאַנטקייט: די גרויסע צאָל טעכטער, וועלכע מ׳האָט באַדאַרפט גרייטן אַ נדן און קלערן וועגן חתנים. דערפאַר האָט ער געהאַט אַזויפיל באַשעפטיקונגען און... ערגערניש. און דעם כעס האָט ער אויסגעלאָזט צו אונדז.

זענען מיר געווען איבערגליקלעך, ווי נאָר דער רבי האָט אונדז געגעבן אַ מעגלעכקייט אַוועקצוגיין פון חדר און נישט אויסשטיין זיינע קאַפּריזן. ווי נאָר אַ מלוכהשע קאָמיסיע איז געקומען אויף קאָנטראָל — זענען מיר זיך צעלאָפן פיל שנעלער ווי ר׳ הערשל האָט געמיינט אונדז אַוועקצושיקן. בעת אַזעלכע איבעררייסן האָט מען געשפּילט אין באַהעל־טענישן און אין קנעפּ, באַזונדערס מיט די מעטאַלענע קנעפּ, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אַ ספּעציפישן קלאַנג, ווען מ׳האָט זיי אָפּגעקלאַפּט אין די ווענט און דערנאָך געמאָסטן מיטן שפּאַן... אַזאַ שפּיל איז מעגלעך געווען נאָר אין זומער. ווינטער דאַקעגן, איז מען אַוועק זיך שליטלען אויפן טייכל סטז׳יגע, וואָס איז פון די ווייטע פעלדער געפלאָסן פאַרביי דעם רבינס הויף. מיט גליטשערס און שליטעלעך פון אייגע־נער אויסאַרבעטונג, האָבן מיר זיך געלאָזט באַרג אַראָפּ מיטן פאַרפרוירענעם טייכל, אָדער אַרויפגעקראָכן צום קלויסטער מיטן גרין־קופּערנעם דאַך, אויף וועלכן דער געגילדעטער צלם האָט זיך געזען גאָר ווייט, — און פון די הויכקייט זיך לאָזן באַרג־אַראָפּ, אַז דער שניי האָט געשפּריצט אונטער די שליטעלעך. די פאַרוויילונג האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז די קאָמיסיע האָט פאַרלאָזט דעם מלמדס וווינונג.

צוליב די קורצע ווינטער־טעג, האָט מען געלערנט ביז אין דער נאַכט אַריין. אַהיים פלעגט מען גיין גרופּנווייז. כמעט יעדעס קינד האָט געהאַט אַ לאַמטערן פון קאָלירט פּאַפּיר, אויך אייגענע אויסאַרבעטונג, דורך וועלכן עס האָט דורכגעלויכטן אַן אָנגעצונדן ליכטל... דאָס קאָלירטע פּאַפּיר האָבן מיר געקויפט ביי בערטשע האָלדאַק, וועלכער האָט געוווינט אויפן אָסטראָווער שאָסיי.

### מאַטעס־פּייוול דער קרעמער

אַפילו דאָס אָרעמסטע חדר־יינגל פלעגט פון זיין טאַטע־מאַמע באַקומען פון צייט צו צייט אַ קאָפּיקע. מיר, פּונקט ווי אונדזערע עלטערן, האָבן געגנוי געוווּסט צו וועמען דאָס געלט וועט אַריינקומען: צו מאַטעס־פּייוול דער קרעמער. ביי אים האָבן מיר געקויפט דעם „נאַש". פרייטיק פאַרנאַכט זענען פאַר זיין קראָם געשטאַנען באַלעבאַטישע יידן און געקויפט אַ ביסל ריצנאַייל אויף אויסצושמירן די שטיוול. זומער האָט מען ביי מאַטעס־פּייוולען זיך געקאָנט דערקוויקן דאָס האַרץ מיט אַ ביסל זויערן ראָסל פון איינגעלייגטע אוגערקעס, בעת יעדן ערב ראש־חודש פלעגן די באָבעס און די מאַמעס קויפן ביי אים ווערעם־קרויט קעגן... די ווערעם אין מאָגן.

מאַטעס־פּייוול האָט זיינעם אַ קונה, פון קליין און גרויס, אויפגענומען מיט אַ שמייכל. אַ קליינגעוויקסיקער, מיט אַ פאַרשמאָלצענער קאַפּאָטע, האָט ער פאַר יעדן איינעם געהאַט אַ גוט וואָרט.

### הערש־לייב שינדלמאַכער

ווינטער זענען די חדר־קינדער געווען באַשעפטיקט ביים אויסאַרבעטן פאַר זיך דריידלעך אויף חנוכה. דעם צין האָט מען זיך איינגעשאַפט אויף דער באַן־סטאַציע, ווו ס׳האָבן זיך געוואַלגערט די פּלאָמבעס פון די אויפגעחתמעטע וואַגאָ־נען. ערגער איז געווען מיטן צעלאָזן דעם צין און אים אַריינגיסן אין דער פאָרעם. נישט איינמאָל איז אונדז דערביי אויסגעברענט געוואָרן אַ לאָך אין די הייזלעך און אָפּגעבריט דאָס פלייש. און אויב אַזוי מיט דריידלעך — טאָ פאַרוואָס נישט דאָס זעלבע טאָן מיט גרעגערס אויף פּורים? אויך דעם אַרטיקל דאַרף מען זיך אַליין אויסאַרבעטן. אין דעם זעלבן הויז, ווו ס׳האָט געוווינט ר׳ הערשל מלמד, האָט זיך געפינען ר׳ משה דער טאַנדייט־שניידער. ביי אים האָט מען גענומען די ליידיקע קלעצלעך פון פאָדעם און זיי פאַרנוצט צום גרעגער. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז געווען — די צינגלעך פאַר די גרעגערס. די סחורה האָט מען זיך געקאָנט איינשאַפן ביי הערשט־לייב דער גאָנצאַזש (שינדלמאַכער). ער האָט געוווינט אויפן קאָלעיאָווע געסל, אויפן וועג צו דער באַן־סטאַציע. ער איז נישט געווען קיין גרויסער גביר, אָבער אין שטעטל האָט מען אים באַטראַכט פאַר אַ בעל־מופת. צו זיינע זיבעציק יאָר, מיט דער צווייטער ווייב, איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ בן־זכר... הערש־לייב איז געווען אַ הויכער, געזונטער ייד, מיט אַ געלער, פאַרפּלאָנטערטער באָרד. ער האָט נישט פיינט געהאַט אַ גלעזל עכטן פינף־און־ניינציקער. זיין באַשעפטיקונג איז געווען צו לייגן שינדלען אויף די דעכער. ער האָט אויך צוגעגרייט שפּענער (שוואַבעס) פון די סאָסנע־ביימער, וואָס זענען געוואַקסן אַרום

דער שטאָט. ער האָט אויך געליפערט „טילקעס״ צו שטיוול פאַר די געגריוועטע שוסטערס.

די ציגעלעך צו די גרעגערס, וועלכע מיר האָבן זיך איינגעשאַפּט ביי הערש־לייבן, האָבן געטומלט און געליאַ־רעמט מיטן דערמאָנען המן הרשע, ווען מ׳האָט געלייענט די מגילה. אַהיימקומענדיק פון שול, האָבן מיר באַקומען און־דזער שכר: אַ גוטן, פרישן, דרייעקיקן המן־טאַש, אָנגעפּולט מיט מאָן, פון דרויסן באַשמירט מיט פרישן און ראַיעלן האָניק, וואָס מ׳האָט געקויפט ביי פּיניע־מאַטעסן אין קראָם.

די פישערס

אויף דעם קאַשטשעלנע געסל וואָס אויף יענער זייט הילצערנער בריק איבערן טייך בוג, אין אַ הייזקע וועמענס ווענט און דאַך זענען געווען באַדעקט מיט גרינעם מאָך, האָט געוווינט און געלערנט מיט די חדר־יינגלעך דעם „קאָמעץ אַלעף — אָו״ — דער מלמד יעקב־ישראל. מיט זיין לאַנגן טייטל פלעגט ער אָנווייזן אויף די אותיות אויפן אָפּגעריבענעם טאַוול, שוין אָנגעמעקטע פון אַלטקייט און די פליגן...

דאָרט, אין די הילצערנע הייזלעך, האָבן אויך געוווינט עטלעכע פישער־משפחות. צווישן זיי — די צוויי באַוווּסטע פישערס: זעליק — אַ הויך־געוואוקסיקער ייד מיט אַ שוואַרץ געשוירן בערדל און אַ האַלב־רונדיק בייכל, באַצירט מיט דער דיקער זילבערנער קייט, צוגעטשעפּעט צום זילבערנעם זייגער, וועלכן ער האָט אַלס חתן באַקומען.

די צווייטע משפחה פישערס מיטן נאָמען ראָזענבערג, האָט מען גערופן אויפן נאָמען פון דער פרוי און מוטער נעכטשע די פישע־רין. זיי זענען גע־בענטשט געווען מיט אַ סך טעכטער און מיט אַן איינציקן זון.


חיים און פייגע ראָזענבערג
חיים ופייגה רוזנברג

ערב שבת און אין די ערב יומטובדי־קע טעג זענען אין דעם שמאָלן געסל געווען אויסגע־שטעלט בענק מיט אַ סך הילצערנע באַליעס, אין וועל־כע ס׳זענען אַרומ־געשווומען אַלערליי צאַפּלדיקע פיש. עס האָבן זיך געהערט דאָרט פאַרשידענע קללות און צונעמען, ווייל יעדן פון זיי האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איינער לייזט מער פון צווייטן... פרומע באַלעבאַטישע יידן, מיט זייערע לאַנגע כאַלאַטלעך, ווילנדיק מקיים זיין די מצוה פון כבוד שבת, פלעגן פאַר זייער אַהיימגיין איינקויפן פיש, אַריינלייגן זיי אין איינער פון די פאַלעס און אַזוי אויך אָנגעטאָן כבוד זייערע ווייבער, ברענגענדיק די פיש אין שטוב אַריין...

נעכטשע די פישערין איז געווען דער אמתער טיפּ אין דער בראַנזשע. פון ווייטע דורות פישערס האָט זי געשטאַמט. איר איינציקן זון האָט מען גערופן חיים, וואָס האָט פון זיין קינדהייט אָן זיך דערצויגן אויף דעם טייך בוג. ביי די ברעגעס פון טייך זענען געווען צוגעבונדן פאַרשידענע שיפ־לעך און טשולנעס — און דאָרט איז ער אויסגעוואַקסן.

אַנטקעגן דעם קאַשטשעלנע געסל איז געווען אַ געסל וואָס האָט געהייסן סענאַטאָרסקע, ווו ס׳האָט זיך געפונען דאָס גרעער שטיבל, אַ קליין בית־מדרשל, ווו ס׳האָבן גע־דאַוונט די צוויי באַוווּסטע טויב־שטומע, דער שניידער און בעקער. זיי פלעגן יעדן פאַרנאַכט, צווישן מנחה און מעריב, זיך טרעפן אין שטיבל און „כאַפּן אַ שמועס״ אויף זייער שטום־לשון און האַנט־מימיק.

אין דעם זעלבן געסל האָט געוווינט דער מפלג האַלצמאַן, אַ פאַרבער, נישט קיין קליינער קבצן, אָבער דערפאַר באַגאַבט מיט גראַטענע טעכטער און זין. די עלטסטע טאָכטער זייערע, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שיינקייט און פעיקייטן, האָט מען פאַרשדכנט מיט חיימען, דעם איינציקן זון פון נעכע די פישערין. אַזוי האָבן זיי לאַנגע יאָרן געפירט זייער פאַמיליע־לעבן, ביז ס׳איז געקומען די צווייטע וועלט־קריג. חיים ראָזענבערג מיט זיין משפחה זענען אויף איינער פון די שיפלעך אַוועק אין דער צווייטער זייט בוג, אין דאָרף בזשיזא, צו זייערס אַ באַקאַנטן, אַ קריסט. אויפגענומען האָט ער זיי מיט פריינדשאַפט און דערמאָרדעט האָט ער זיי ווי אַ צורר, אַז מען ווייסט נישט ווו זייער געביין איז אַהינ־געקומען.

---

די אַרויסגעבראַכטע געשטאַלטן זענען געווען ווי אַריינ־געוואַקסן אין דער לאַנדשאַפט און אינעם שטייגער פונעם יידישן ווישקאָוו. און דאָס אַלץ איז אַוועק מיטן רויך, פאַר־ברענט און פאַרלענדט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים, ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון דער אָרטיקער פוילישער באַפעלקערונג, און באַזונדערס פון די סקוסעווער זאַבושניאַקעס, וועלכע זענען געווען באַקאַנט אַלס רוצחים און אַנטיסעמיטן.

יעקב מיטלסבאַך

# דער „שפת אמת״

אַז ער פאַרדינט כשר דעם נאָמען „שפת אמת״ — וועט איר אַליין מודה זיין, ווען איר וועט אויסהערן כאָטש אַ טייל פון זיינע גוזמאדיקע מעשיות.

געפאָרן בין איך ביינאַכט פון וואַרשע קיין ווישקאָוו מיט דער לעצטער באַן. די וואַגאָנעס — ליידיקלעך, כמעט פוסטע. יידן פאָרן דאָך ווייניק — די היינטיקע געשעפטן מ׳שטיינסגזאָגט...

און אַז מ׳פאָרט שוין יאָ, זוכט מען אַ באַקאַנט פּנים מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, דעם אומעט צו פאַר־טרייבן.

שפּריִיז איך פון איין וואַגאָן אין צווייטן און זוך אַ באַקאַנטן ווי מיט ליכט.

צו מיין גרויסער שמחה איז קיין שיעור נישט געווען, ווען אין איין וואַגאָן האָב איך געפונען דעם ווישקאָווער „שפת אמת״, איינגענורעט אין אַ ווינקל און אַ דרעמלדיקן.

מיט גיכע טריט זיך צוגעשאַרט און גלייך אַוועקגעזעצט זיך נאָענט צו אים און ווי אומגערן דערלאַנגט אים אַ שטורכע, מחמת עס האָט זיך געדוכט, אַז מיין „שפת אמת״ מאַכט זיך בלויז שלאָפן.

אַז מיין חשד איז געווען אַ באַגרינדעטער, האָט דער „שפת אמת״ אַליין מיר איבערצייגט, ווייל ער איז מיט

איינמאָל רעדעוודיק געוואָרן און פּלוצים אויסגעשאָסן מיט דער פראַגע:

— איר קערט זיך אַוודאי וווּנדערן, וואָס אַזוי פרי און עס ווילט זיך שוין שלאָפן? איר הערט דאָך, — זאָגט ער, — לעצטע נאַכט האָב איך קיין אויג נישט צוגעמאַכט.

— וואָס איז די מעשה? — מאַך איך זיך תמעוואַטע.

— אָ! — זאָגט ער, — אַלץ געשעפטן, געשעפטן און געשעפטן. נישטאָ קיין צייט זיך אויסצושלאָפן אַפילו. איין נאַכט דאָ, איין נאַכט דאָרטן; מ'האַלט אין איין אַרומלויפן. אָט איז לעצטע נאַכט אַראָפּגעקומען צו מיין זון אַ גרויסער פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריום. און נישט אָפּגעלאָזט מיין זון אויף קיין מינוט אַפילו. נאָר ער זאָל שפּילן, מיין זון הייסט עס — פאַרן פּראָפעסאָר. ער איז שטאַרק באַגייסטערט פון מיין זונס פידל שפּילן, אַזוי שפּילן, האָט ער, זאָגט ער, נישט געהערט זינט ער לעבט. און, מאָלט אייך, אַז דער פּראָפעסאָר איז נישט אַבייווער. ער האָט שוין גענוג פידלער איבערגעלעבט אין זיין לעבן.

— אַזוי, — שפּיל איך ווייטער מיין תמעוואַטעראָל, — כ'האָט גאָרנישט געוווּסט, זאָג איך, אַז אייער זון איז אַזאַ וווּנדערבאַרער פידל־קינסטלער. אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס, איך בעט אייך, איז אייער זון נישט מער ווי אַ פּשוטער פייקלער אין ווישקאָווער „מכבי"־אָרקעסטער, אָנשטאָט אַן ערשטקלאַסיקער פידל־שפּילער?

— אַ שיינער איינפאַל, כ'לעבן — האָט זיך דער „שפת אמת" געפינען באַליידיקט. — וואָס האָט איר געוואָלט? מיין זון, דער באַגאַבטער פידל־שפּילער, וואָס אָט־אָט און די גאַנצע מוזיקאַלישע וועלט וועט מיט אים קלינגען, זאָל פאַר זיי דאָרט אין ווישקאָוו שפּילן פידל? זיי זענען דען מבינים אויף זיין שפּילן, זענען זיי, די ווישקאָווער קורפּיעס?!... אַ פייקלער, זעט איר, איז עפּעס אַנדערש: אויף אַ גוטן פייקלער פאַרשטייען זיך אַלע, אַפילו אַ סאָלדאַטסקער פערד אויך...

כדי אָנצוהאַלטן ווייטער דעם שמועס, רוף איך זיך אָן צום „שפת אמת":

— זענט איר עס געפאָרן באַגלייטן אייער גאַסט, דעם פּראָפעסאָר?

— יאָ און ניין. געטראָפן, אָבער נישט אינגאַנצן. געפאָרן טאַקע צוזאַמען מיטן פּראָפעסאָר קיין וואַרשע, אָבער נישט דורכאויס צוליב אים. מחמת נאָך אין דער לעצטער וואָך האָב איך געקראָגן אַ טעלעגראַמע פון אַ וואַרשעווער באַנק, אַז פאַר מיר איז אָנגעקומען אַ סומע פון פופצן טויזנט פונט. איז מען דאָך אַ פאַרנומענער מענטש. וועל איך הענדום־פּענדום לויפן צוליב דעם קיין וואַרשע?... נאָר אַזיוויי איך בין שוין יאָ געפאָרן באַגלייטן דעם פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריום, האָב איך זיך שוין פאַר איין וועג אַריינגעכאַפּט אין באַנק געוווּיר ווערן פון וועמען דאָס געלט איז געשיקט. לאָזט זיך אויס, אַז די פופצן טויזנט פונט האָט מיר געשיקט מיינער אַ קוזין, דער עלעקטרי־אינזשיניער אין פּאַלעסטינע. שוין כמה יאָרן מיט אים ברוגז, פּלאָגט דאָס אים שטאַרק: הלמאי ברוגז זיין? כאַפּט ער און שיקט מיר פּלוצים אַריין פופצן טויזנט פונט און שרייבט מיר: „ליבער קוזין, איך שיק דיר פופצן טויזנט פונט און זיי נישט ברוגז".

— אַזוי, — רוף איך אויס מיט געמאַכטער איבערראַשונג און קלאַפּ מיין „שפת אמת" איבער דער פּלייצע, מעשה גוטער ברודער. — ווערט איר דאָך מיטאַמאָל אַן עושר, אַ גביר. איין קלייניקייט — פופצן טויזנט פונט, מיין פריינד, וואַלגערן זיך נישט היינטיקע צייטן אין די גאַסן.




— עט, — גיט ער אַ מאַך מיט ביטול. — איר מיינט דאָך אַוודאי, אַז כ'האָב דאָס געלט אָפּגענומען? ווייסיך־וואָס! ווער וויל זיין געלט, ווער? כ'האָב זיך נאָר דערוווּסט, אַז די געלט איז פון מיין ברוגזן קוזין, האָב איך געהייסן דער באַנק זי זאָל עס גלייך צוריקשיקן.

כ'זע עס גייט ווי אַ מזמור, נעם איך מיין „שפת אמת" פריש אויפן צימבל:

— דוכט זיך, — זאָג איך, — אַז אין רוסלאַנד האָט איר נאָענטע משפחה?

— אלץ הייסט נאָענטע משפחה. מענטש איינער — קאָכט ער זיך, — כ'האָב דאָך אין רוסלאַנד אַ לייבלעכן ברודער; ער איז דאָרטן, הערט איר, דער גלאַוונע אינזשעניער פון אַלע באַנען איבער גאַנץ רוסלאַנד.

— אַזוי, — זאָג איך — אויב אייער ברודער פאַרנעמט אין רוסלאַנד אַזאַ גרויסן פּאָסטן, מוז ער אייך אַוודאי מיט געלד אָפּשיטן?

— דאָס איז דאָך די מעשה, הערט איר, וואָס מ'לאָזט נישט אַרויסשיקן קיין געלט פון רוסלאַנד. אַנישט וואָלט ער מיר זיכער געשיקט אַ פּאָר מיליאָן רובל. נאָר גיי שיק, אַז מ'לאָזט נישט.

— אמת, מ'לאָזט טאַקע נישט, — דריק איך צו דעם ווישקאָווער „באַראָן פאָן מינכהאַוזען" צום וואַנט. — אָבער אַזאַ אָנגעזעענער פּערזאָן ווי אייער ברודער אין רוסלאַנד קאָן זיך גאָר קיין עצה נישט געבן?

— יאָ, — פּרווּט זיך דער „שפת אמת" דרייען אויף אַלע זייטן. — טאַקע געשיקט אויך. אָט ערשט נישט לאַנג

דערהאַלטן פון אים אַ „פּאַסילקע”, אין וועלכער איך האָב געפונען אַן אַלטן פּאַלטאָ, כלומרשט מיט אַ קאַראַקולענעם קאָלנער. ער שרייבט מיר, אַז ווען איך וועל דעם פּאַלטאָ דערהאַלטן, זאָל איך פאָרזיכטיק אויפטרענען דעם קאָלנער, וועל איך אונטערן קאָלנער געפינען איינגענייט אַ מאַסע ווערטפולע בריליאַנטן.

— נו, — רוף איך זיך שוין אָן גלייכגילטיק. — אַ קאָל־נער מיט ווערטפולע בריליאַנטן קאָנען אויך ווערט זיין אַ היבשע מטבע.

ווערט ער אַן אויפגעקאָכטער און שרייט אויף הויכע טענער:

— וואָס בריליאַנטן, ווער בריליאַנטן! פאָניע גנב האָט זיך באַצייטנס געכאַפּט און אויף דער „טאַמאָזשנע” אַרויס־גענומען אַלע בריליאַנטן — ביז איינעם.

— נאָך גוט, — טרייסט איך אים, — וואָס ביי אייך איז כאָטש דער ווינטער־מאַנטל געבליבן. היינטיקע צייטן אַ וואַרעמער ווינטער־מאַנטל, אַפילו אַן אַלטער, קומט אויך צונוץ.

מיט מיין אויפריכטיקער אָבער אומבאַרעכנטער באַמער־קונג, האַב איך געטראָפן גלייך אין שטאָלצן פינטל. מיין „שפת אמת” האָט זיך גלייך אָנגעברוגזט און באַליידיקט, וואָס כ׳האָב אים נישט גענומען ערנסט און אים מיט אַמאָל אַרונטערגעוואָרפן פון זיינע רייכע אילוזיעס אין תחום פון ווירקלעכן פינצטערן לעבן. דערפאַר האָט ער אויפגעהאָנגען אַ שלאָס אויף זיינע שפת אמתדיקע ליפן און מער קיין וואָרט נישט אויסגערעדט.

דעם רעשט וועג, ביז ווישקאָוו, בין איך שוין געזעסן איינער אַליין, פאַרזונקען אין אייגענע מחשבות. אַזעלכע מחשבות וואָס האָבן געעגבערט, געלעכערט און געמאַטערט מיין אָרעמע נשמה.

בילדער נאָך בילדער, איינער שרעקלעכער פונעם אַנדערן, האָבן אין דעם שוואַך־באַלויכטענעם וואַגאָן פאַרבייגעשוועבט מיינע האַלב־צוגעמאַכטע אויגן. „ער האָט דאָך רעכט” — האָב איך געטראַכט, — „אָט דער ווישקאָווער ,שפת אמת׳ אונדזערער. מיט זיינע גוזמאדיקע איבערטריבענע ליגנס דריקט ער אויס, נישט פילנדיק אַליין, דאָס היינטיקע דערשלאָגענע לעבן אין ווישקאָוו, ווו עס שאַרן זיך אַרום הילפלאָזע שאָטנס, אָנשטאָט מענטשן. געשטאַלטן פון אַמאָליקע סוחרים און דערפאָלגרייכע באַלמעלאָכעס דרייען זיך אַרום צוועקלאָזע, דערשלאָגענע, צעטראָגענע, דערנידעריקטע און באַליידיקטע, פון דער גוזעלשאַפט אויסגעשפּיגענע, אָן אַ טראָפן בטחון, אָן דער מינדעסטער אויסזיכט אויף בעסערע צייטן. נאָר חלומען, פאַנטאַזירן, בילדן מיראַזשן אין זייערע שוואַרצע, פינצטערע געדאַנקען, אַז נאָר דורך נסים קאָנען זיי אויפ־געריכט ווערן, אַנדערש נישט. איינער חלומט: זיין זון, דער פייקלער אין ווישקאָווער „מכבי”־אָרקעסטער, זאָל דורך אַ נס פאַרוואַנדלט ווערן איבער נאַכט אין אַ באַרימטן פידל־ווירטואָז און די וועלט וועט מיט אים קלינגען. אַן אַנדערער פאַנטאַזירט: ער זאָל כאָטש קאָנען זיין זון אַוועקשיקן קיין פּאַלעסטינע, וואָלט ער מיט זיינע פעאיקייטן זיכער געוואָרן דער גרעסטער אינזשיניער אין רוטענבערגס עלעקטרישער סטאַנציע. דער דריטער שטעלט זיך פאָר: ווי גוט וואָלט געווען, ווען זיין ברודער אין רוסלאַנד ווערט אַ גאַנצער מאַכער איבער רוסישע באַנען?

...טרייסט מען זיך מיט אַזעלכע פאַלשע האָפענונגען, צאַנקט מען און מ׳כאַפּט זיך אָן אין אַ שפּינוועבס. און מיט אַזעלכע פאַלשע האָפענונגען טראָגט זיך אַרום די מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין דער היינטיקער ווישקאָוו.

— ס ט אַ צ י אַ  ו ו י ש ק אָ ו ו! — האָט דעם קאָנדוקטאָרס געשריי איבערגעריסן מיינע געדאַנקען.

מ. ראַבין

# די צוויי שטומע

ווען אַ פרעמדער וואָלט אַמאָל אָפּגעשטעלט אַ ווישקאָ־ווער ייד און אים אַ פרעג געטאָן „ווו וווינט דאָ מענדל בראָדאַטש”? — וואָלט דער שטעטלדיקער תושב אַ פאַר־וווּנדערטער אַ קוק געגעבן אויפן פרעמדן און אַ הייב טוענדיק מיט די אַקסלען, געענטפערט: „קיינמאָל נישט געהערט אַזאַ נאָמען”. וואָלט אָבער דער פרעגער נאָר צוגעגעבן: „כ׳גלויב, אַז מען רופט אים דאָ דער שטומער בעקער” — דאַן וואָלט זיך דער היימישער ייד צעשמייכלט און גוטמוטיק אַ זאָג געטאָן: „קומט, ר׳ ייד, כ׳וועל אייך צופירן צום שטומען בעקערס הויז”.

איר דאַרפט וויסן, אַז דער שטומער בעקער איז געווען אַ שם־דבר אין ווישקאָוו. יינג און אַלט האָבן אים געקענט. ער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען, אַפילו ביי די גוים.

פון מיטעלן וווּקס, נישט קיין דיקער, אָבער גלייך ווי אַ סטרונע און שטאַרק ווי אַן אָקס. ער פלעגט גאַנצע נעכט אָפּשטיין ביים קנעטן טייג און כאַפּן אַ דרימל, ערשט ווען דאָס ברויט אָדער די זעמל זענען געווען אין אויוון.. איידער די זון איז נאָך אויפגעגאַנגען, איז ער יעדן פרימאָרגן געלאָפן אין קליינעם בית־המדרש, צום ערשטן מנין, מיט די באַלעגאָלעס און באַלמעלאָכעס. דאַווענען האָט ער נישט געקענט (ער איז דאָך געבוירן געוואָרן טויב־שטום), פלעגט ער פונדעסטוועגן יעדן טאָג אָנטאָן טלית און תפילין, זיך שאָקלען ביים דאַווענען און „אויסגיין” ביי שמונה־עשרה גלייך מיט אַלעמען.

ער פלעגט אויך זיצן מיט דער חברה צווישן מנחה און מעריב, ווען דער רבי האָט פאַרטייטשט אַ פרק משניות, אָדער די סדרה פון דער וואָך.

ער האָט באַלאַנגט צו דער חברה תהילים און חברה־



אַ גרופּע פון יוגנט־בונד „צוקונפט”
קבוצת חברים מהנוער הבונדאי „צוקונפט”

קדישא און ביי יעדער לוויה פלעגט ער אַרומלויפן און שאָקלען מיט דער גרויסער פושקע מיטן אויפשריפט „צדקה תציל ממות״.

יעדן אינדערפרי פלעגט ער אין קליינעם בית־המדרש זיך טרעפן מיטן שטומען שניידער און נאָכן דאַווענען האָבן זיי זיך „דורכגערעדט״ אויף שטום־לשון וועגן די נייעסן און פּאַסירונגען אין שטעטל.

אָט האָבן זיי זיך דערוווּסט וועגן אַן אָרעמען שוסטער, וועמענס ווייב איז קראַנק און קיין גראָשן אויף שבת איז נישטאָ. זיי רעדן זיך אָפּ ווו שפּעטער צו טרעפן. דער שטומער בעקער ברענגט אַ פּאָר חלות און דער שטומער שניידער ברענגט ווײַן אויף קידוש. צוערשט גייען זיי אין פישער־געסל צו נחום פישער. זיין ווייב, נעכע די פישערקע, ברומט עפּעס אונטער דער נאָז ווי נאָר זי דערזעט די צוויי שטומע — אָבער זיי הערן זי דאָך נישט. דער שטומער בעקער פאַרשאַרצט אַן אַרבל און ציט אַרויס פון דער באַליע אַ צאַפּלדיקן שלייען (דאָס לעצטע מאָל האָבן זיי גענומען אַ קאָרפּ ביי זעליק פישער). נחום פישער קראַצט זיך אונטערן קורצן שיטערן בערדל און מאַכט צו זיי מיט ביידע הענט, כלומרשט אויף שטום־לשון: „גייט אייך געזונטערהייט״.

פון דאָרט גייען זיי אין מאַרק, אין עטלעכע רייכערע שפּייז־געוועלבן. פריידע שלום־מעכלס פּרוּווט פּראָטעס־טירן, זי שלעפּט זיי מיט אַלע כוחות צו דער טיר, ווילנדיק זיי איבערצייגן, אַז אויסער איר זענען נאָך פאַראַן אַנדערע שפּייז־קראָמען אויפן מאַרק. אָבער די צוויי שטומע האָבן זייערע אייגענע חשבונות. לויט זייער רעכענונג קומט אויס, אַז ס׳איז איצט איר ריי צו העלפן אַן אָרעמער משפּחה.

נאָכן אָפּדינגען זיך אַביסל, באַקומען זיי ענדלעך די נייטיקע שפּייז. דאַן פאַרנעמען זיי זיך צו דער יאַטקע־גאַס, צו יונה דעם קצב. ער נעמט זיי אויף מיט אַ וואויל־ייִנגלערישן „ס׳קאָצל־קומט״. ער ווערט אָבער ווייכער און גיט זיי אַ שיין שטיקל פלייש.

זיי קאָנטראָלירן נאָכאַמאָל צי זיי האָבן שוין אַלץ, וואָס מ׳דאַרף אויף שבת — און לאָזן זיך אַוועק צום אָרעמען שוסטער אין זיין קעלער, ווו עס ליגט אין בעט די קראַנקע פרוי. דער שוסטער פאַרלאַטעט אַ פּאָר אַלטע פויערישע שטיוול.

דערזעענדיק די צוויי שטומע מיטן עסנוואַרג, פאַרלירט ער זיך, וויל זיי באַדאַנקען, נאָר טרערן שטיקן אים אין האַלדז.

דער שטומער שוסטער לאָזט אַרויס משונהדיקע קולות. ער פּרובירט עפּעס זאָגן... דער שטומער בעקער ווייזט אים מיטן פינגער אויף דער קראַנקער פרוי, וואָס דאַרף באַדייטן: „דו, ברודער, גיב בעסער אַכטונג אויף דיין ווייב, זי זאָל אינגיכן געזונט ווערן!״ און איידער דער שוסטער קומט צו זיך, פאַרלאָזן די צוויי שטומע די אָרעמע קעלער־שטוב.

אַמאָל פּאַסירט, אַז אַן אַלט, אויסגעמאַטערט פערדל פון אַן אָרעמען באַלעגאָלע פאַלט אַוועק, און קיין געלט צו קויפן אַ צווייט פערד איז נישטאָ. טאָ וואָס טוט מען?

דאַן נעמען אונדזערע צוויי שטומע אַ רויטע פאַטשיילע און לאָזן זיך אַרויס אין די הייזער צונויפקלייבן אַ ביסל געלט. זיי דינגען זיך מיט יעדן איינעם, אויב מ׳גיט זיי נישט גענוג. נאָכן איבערציילן דאָס געזאַמלטע געלט, ווייזט זיך אַרויס, אַז ס׳איז נאָך אַלץ ווינציק אויף צו קויפן אַ פערדל. זענען זיך ביידע עסקנים מטריח, גייען אַריין אין דער גמילות־חסדים־קאַסע, ווו זיי טרעפן עטלעכע שיינע באַלעבאַטים, וואָס זופן הייסע טיי. דער שטומער בעקער האָט אַלס „אויסטייטשער״ מיטגעבראַכט זיין זון אברהמל. ער דערציילט טאַקע וויפל געלט זיי האָבן געזאַמלט און אַז זיי ווילן אין דער קאַסע אויסבאָרגן ס׳איבעריקע געלט, כדי קויפן אַ פערד.

דער קאַסירער, אַ יוסטער באַלעבאָס, מיט אַ שיין צע־קעמטער באָרד, דערקלערט אברהמלען: „גיב זיי איבער, אַז מיר וועלן דאָס באַטראַכטן אויף דער נאָענסטער פאַרוואַל־טונגס־זיצונג און אַז דער באַלעגאָלע דאַרף זיך אויסזוכן אַ זשיראַנט״.

די צוויי שטומע קאָנען דאָס נישט פאַרשטיין און ווילן גאָרנישט וויסן... זיי מוזן דאָס געלט האָבן שוין איצט, כדי דער באַלעגאָלע זאָל קאָנען פאַרדינען אויף ברויט פאַר זיין ווייב און קינדער.

נאָכדעם ווי יעדער פון די אָנוועזנדיקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָט באַוויזן אויפצוקלערן זיין באַלערנטקייט אין ענין הלוואות, ווי אויך נאָך לאַנגע דינגענישן, פאַרזיכערט זיי דער שטומער בעקער, אַז ער וועט זשירען די הלוואה — דאַן באַקומען זיי די געפאָדערטע סומע.

דער שטומער בעקער איז אויך געווען אַ זעלטענער שווימער. ער פלעגט ליגן אונטערן וואַסער לענגער ווי יעדער איינער פון אונדז. זיין בעקעריי האָט זיך געפינען ביי דער הילצערנער בריק. האָט זיך עמעצער געטרונקען אין טייך, איז מען גלייך געלאָפן רופן דעם שטומען בעקער — און ער טאַקע האָט אָפּגעראַטעוועט פון טויט צענדליקער מענטשן.

יחיאל בזשאָזאַ

# דער פעלדשער מאַלאָוואַנטשיק

דער פעלדשער מאַלאָוואַנטשיק האָט נישט געענדיקט דעם מעדיציניִשן פאַקולטעט — דאָך האָט ער געהיילט קראַנקע און געווען באַליבט ביי זיינע פאַציענטן. מען פלעגט וועגן אים דערציילן וווּנדער. אַפילו ווען דאָקטוירים האָבן שוין געהאַט אָפּגעזאָגט דאָס לעבן — איז געקומען מאַלאָוואַנטשיק, געגעבן אַ רפואה און די קראַנקייט איז אַוועקגענומען געוואָרן ווי מיט דער האַנט...

מאַלאָוואַנטשיק האָט געוווּסט וואָס פאַר אַ צוטרוי זיינע פאַציענטן האָבן צו אים, דאָך האָט ער פיינט געהאַט זיין באַשעפטיקונג. דערפאַר אָבער האָט ער ליב געהאַט די מעדי־צין אַלס וויסנשאַפט, אָבער נישט אַלס פּראָפעסיע, צו ציען דערפון פרנסה. דעריבער האָט ער זיך איינגעאָרדנט אַ פריזיר־אַנשטאַלט. אַלס געהילף אין געשעפט האָט ער זיך געבראַכט דעם הער מאַרקוס שוואַרץ פון וואַרשע.

מאַלאָוואַנטשיקס אַ גוטער פריינד האָט זיך אַמאָל פאַר־טרויט, אַז ער וויל דורכמאַכן אַ פעלדשער־עקזאַמען. האָט ער אים געוואָרנט, אַז ר׳זאָל נישט טאָן די נאַרישקייט, וויל ער וועט עס באַדויערן אַ גאַנץ לעבן. ער אַליין האָט מיט לייב־און־לעבן געקעמפט פאַר די פעלדשער־אינטערעסן, הגם אין פריוואַטן לעבן איז ער געווען אַ שונא דעם פעלדשער־פאַך. דאָקטוירים אָן דאָקטאָראַטן, האָט ער געזאָגט, דאַרפן נישט עקזיסטירן... פאַרלאַנגען, פאַרלאַנגט מען פון אונדז ווי פון דאָקטוירים; אפשר נאָך מער — נאָר די באַציאונג צום

פעלדשער איז אַ קלאָגעדיקע. מיר האָבן נישט קיין פרייע הענט. מעגן מיר זיין גוט אָריענטירט אין דער קראַנקייט — טאָרן מיר נישט זיין זעלבשטענדיק. די דאָקטוירים האָסן אונדז צוליב דער קאָנקורענץ וואָס מיר פאַרשאַפן זיי.

מאַלאָוואַנטשיק איז אין זיין פאַך געשטאַנען אויף דער געהעריקער הייך. ער פלעגט אָפט ליב האָבן צו פאַרהערן זיך מיטן יידישן דאָקטאָר לייכער, וואָס פלעגט אים זאָגן, אַז דאָקטוירים קאָנען נישט פאַרטראָגן קיין אינטעליגענטן פעלדשער...

מאַלאָוואַנטשיק איז אויך געווען אַ גוטער פריזירער און אַן אויסגעצייכנטער ציין־אַרויסנעמער. ער פלעגט שטענדיק דערציילן וויצן פון זיינע דאָרפישע פאַציענטן און דערביי געשילדערט ווי אַזוי ער האָט זיי אַרויסגעריסן די ציין.

איינמאָל האָט פון הויז אויפן רינעק, ווו ס׳האָט געוווינט מאַלאָוואַנטשיק, זיך דערטראָגן אַ געשריי. עס גייט פאַרביי חיה סורקעלעס און פרעגט זיך „וואָס וויינט מען אַזוי?" ענטפערט מען איר: „מאַלאָוואַנטשיק איז געפערלעך קראַנק". „אוי, וויי! אַלעמען היילט ער, נאָר זיך קאָן ער נישט העלפן. וואָס פאַר אַ פעלדשער איז ער?"

אין אַ קורצער אַרום איז ער געזונט געוואָרן — און ווייטער געהיילט די קראַנקע אין שטעטל און אין די אַרומיקע דערפער.

**יאָסל פּאָפּאָווסקי**

# ר׳ שלום רפאַלקעס

פון בוך נאָוועלן „די מיל אויפן באַרג" פון מ. פעדערגרין (וועמענס אמתער נאָמען איז מ. גרינפעדער). דאָס בוך איז דערשי׳נען אין פאַרלאַג „כוחות", וואַרשע 1939 — און איז אונדז צוגעשיקט געוואָרן דורכן פריינד ביאַלעס פון לאָס־אַנזשעלעס. אין דערמאָנטן בוך טראָגט די דער־ציילונג דעם נאָמען „פּאַרטאָג" און איז באַזירט אויף אַן אמתער געשעעניש איןווישקאָוו מיט ר׳ שלום מיכאַלקעס.

דורך די פאַרמאַכטע לאָדנס האָט זיך אַריינגעריסן אַ דינער פאַס ליכט.

דער אַלטער שלום רפאַלקעס האָט זיך אַ רודער געטאָן אויפן געלעגער. ער האָט אַרויסגעשלעפט אַ דאַרע, צעפּאַרעטע האַנט פון אונטערן פוכענעם איבערבעט, זיך הויך צעגענעצט און גענומען רייבן די נאָך פון שלאָף האַלב־פאַרמאַכטע אויגן.

ער האָט זיך נאָך געוואָלט געבן אַ דריי אויס צו דער וואַנט און ווייטער זיך לאָזן אַרומשפינען פון דעם פאַרטאָגיקן זיסן האַלב־שלאָף, האַלב־דרימל, אָבער פלוצים האָט ער זיך דערמאָנט דאָס זעלבע וואָס נעכטן, וואָס אייערנעכטן, וואָס אַלע טאָג שוין זינט פופציק יאָר: אַז לייזער אברהמס האָט שוין אַוודאי געעפנט די קראָם און ער שטייט שוין אַוודאי און „זשאָבט" פולע קעשענעס געלט פאַר קלייען און האָבער ביי די אָנגעפאָרענע פויערים.

שנעל, מיט אימפעט, האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן אויף דער פאָדלאָגע. די קאַץ אויפן קוימען האָט זיך אַזש דער־שראָקן און זיך בהלהדיק אַ לאָז געטאָן אונטערן בעט אַרונטער.

שלום רפאַלקעס האָט געשווינד אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, אויף דער גיך אַרויפגעצויגן אויף זיך די ווייסע אויסגעריבענע הויזן און דאָס פאַרמעליקטע כאַלאַטל און שטיל, אין זיך, גענומען „שלינגען" אַ פאָר ווערטער פון „פּאָרנט"...

אין שטוב איז געווען אַזוי מנוחהדיק שטיל. דער טאָג האָט זיך מיט אַלע כוחות געריסן דורך די לאָדן־שפּאַרעס אין דעם פאַרטאָגעדיקן האַלב־טונקל אַריין, וואָס האָט זיך צעלייגט איבער אַלע שטוב־ווינקעלעך. שלומס ווייב, קיילע, איז נאָך פעסט געשלאָפן און ריטמיש, באַזאַכט, געאָטעמט. אויף איר פנים איז געווען צעגאָסן עפּעס אַזאַ שלווהדיקע רואיקייט, ווי עס וואָלט זי גאָרנישט אָנגעגאַנגען, ווי זי וואָלט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מען דאַרף עפענען אַ געוועלב, אַז מען דאַרף לייזן אַ פאָר גראָשן.

אויף דעם פענצטער האָט געזשומעט אַ פליג און זיך געריסן אין העלן דרויסן אַריין דורכן גאָלדיק־ליכטיקן פלעק אויף דער שויב.

שלום האָט שנעל אַ נעם געטאָן פון טיש־קעסטל די לאַנגע, פאַרקאָפּטשעטע ליולקע, אַריינגעפּאַקט אין קעשענע דעם פענכער מיט טיטון און שטיל, מיט דראָבנע טריטעלעך, אַרויס אויף דער גאַס.

אַ שמעקעדיק פרימאָרגן־ווינטל, אויסגעמישט מיט ריחות פון דערנעבנדיקן טייך און די גרינע לאָנקעס אַרום, האָט אים מקבל־פנים געווען.

אויפן גרויסן פירעקיקן מאַרק איז געווען שטיל און ליידיק. די קליינע הילצערנע הייזלעך האָבן געדרימלט און זיך געטוליעט צום גרויסן צווייִשטאָקיקן הויז פון משהל בעקער. בלויז דער שטעטלשער באָק איז שוין געווען וואַך און האָט זאַכט און מיט גאווה שפּאַצירט איבערן מאַרק, צושאָקלענדיק מיט זיין לאַנגער באָרד.

שלום איז צו צו זיין געוועלב, אַרויסגענומען די שליסלען און אַ דריי געטאָן אין שלאָס. אַ קלונג פון אַן אַראָפּגע־פאַלענעם פרענט האָט זיך אַ טראָג געטאָן איבערן ליידיקן מאַרק. דער שטאָטישער באָק האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן תמעוואַטע, ווי ער וואָלט זיך עפּעס געוווּנדערט.

שלום האָט געעפנט ביידע געוועלב־טירן און זיך אַוועק־געזעצט אויפן בריקל.

— אָר־וואַ, — האָט ער זיך געטראַכט, — אַזאַ טעות צו האָבן. געמיינט, אַז ס׳איז שוין גרויסער טאָג אינדרויסן, און דאָ איז ערשט סאַמע באַגינען. גאָט אַליין שלאָפט נאָך, כע, כע, אַזאַ טעות צו האָבן... ס׳ערשטע מאָל אין מיין לעבן...

ער האָט פויל אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע די פאַרקאָפּ־טשעטע, מיט טאַבאַק־זאָפט פאַרשמאָלצענע ליולקע און דאָס פענכערל טיטון און פאַררייכערט.

פון דער ליולקע האָבן זיך גענומען קנוילן געדיכטע רויך־וואָלקנס. ער האָט געפּרוּווט כאַפּן אַ בליק ווייט, ווייט איבער דער בריק אַריבער, פונוואַנען עס קומען שטענדיק אַן די פויערים אויף זייערע פורלעך אין שטאָט אַריין, אָבער ס׳איז גאָרנישט געווען צו זען. דער גאַנצער לאַנגער וועג איבער דער בריק, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַ לאַנגע, זילבערנע סטענגע טיף אין וואַלד אַריין, איז געווען ליידיק. קיין שאָטן פון קיין פורל אָדער פון אַ מענטש.

שלום האָט אַ לאַך געטאָן צו זיך אַליין. זיינע גרויע, האַלב־פאַרגעלטע וואָנסעס האָבן זיך נערוועז אַ הייב געטאָן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן טרעפט זיך אים אַזאַ טעות. אַזוי פרי אויפצושטיין! ער קוקט דאָך קיינמאָל נישט אויף קיין זייגער. אַזוי — די גאַנצע פופציק יאָר. עס וועקט אים עפּעס אַליין אויף, און שטענדיק — צו דער ריכטיקער צייט. זיין חוש איז דער בעסטער זייגער. פופציק יאָר! דאָס איז נישט קיין קלייניקייט... און דאָ פלוצים אַזאַ זאַך... נו, יאָ, ער איז שוין נישט קיין יינגעלע. אַ שטיק איבער די שבעים...

שוין מיט אַ סמיטשיק אַריבער. כמעט קיינמאָל קיין צייט נישט געווען אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם... שטענדיק פאַריאָגט מיט דער קראָם. צוויי שטיקלעך מענטשן — ביידע אַליין. זי און ער, ער און זי. האָרעווען צוליבן ביסל פרנסה, ווי די אייזלען... די קינדער — צעשפּרייט איבער אַלע ימים... נישטאָ קיין צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן מאָרגנדיקן טאָג... אַזוי פּרי אויפצושטיין, אַזאַ טעות צו האָבן...

פלוצים האָט ער אויפגעהאָרכט. פונדערווייטנס, אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער זייט, האָבן זיך געלאָזט הערן טריט. ער האָט אַ פעסטן צי געטאָן פון דער ליולקע און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו זען ווער עס גייט.

ס'איז געווען יצחק־יעקב שמש. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך און זאַכט מיט אַ שטיל געגגעלע, אונטערגעשפּאַרט אויף זיין גראָבן שטעקן מיטן ווייסן ביינערנעם הענטל. ער איז געגאַנגען, ווי אַלע טאָג באַגינען, עפענען די שול.

שלום האָט זיך דערפרייט, אַבי מען זעט שוין אַ מענטש פאַר די אויגן. אָבער וואָס איז עפּעס יצחק־יעקב פלוצים שטיין געבליבן?... ער שטייט און קוקט אויף אים מיט אַזאַ מאָדנעם בליק, עפּעס מיט אַזעלכע אויפגעריסענע אויגן און רירט זיך נישט פון אָרט... אפשר איז אים שלעכט געוואָרן? שוין אַן אַלטער ייד, דער יצחק־יעקב שמש, אַ סך עלטער פון אים און אַ חלוש דערצו. ער געדענקט געגנוי דאָס יאָר, ווען... אָבער וואָס גייט יצחק־יעקב עפּעס צוריק? וואָס איז דאָ געשען? זאָגט אים נישט קיין גוט־מאָרגן — און גייט גאָר צוריק? טאָ ווער וועט עפענען דאָס בית־המדרש? אַ מאָדנער ייד, דער אַלטער.

ניין, ער האָט זיך שוין מיישב געווען, ער גייט שוין ווידער צו אים... וואָס פאַר אַ קונצן מאַכט ער עס פלוצים דאָ? וואָס קוקט ער אויף אים אַזוי דערשראָקן? פאַרוואָס זאָגט ער אים נישט קיין „גוט־מאָרגן״?...

פלוצים האָט זיך שלום אויפגעשטעלט פון בריקל. ער האָט זיינע אייגענע אויגן נישט געגלייבט. דער אַלטער יצחק־יעקב גייט נישט. ער לויפט צו אים. לויפט שנעל, מיט אַלע כוחות און מאַכט פאַרצווייפלט מיט די הענט, ווי עס וואָלט דאָ עפּעס אַן אומגליק געשען...

וואָס זאָל דאָס באַדייטן?... אָט האָט זיך שוין באַוויזן נאָך אַ ייד פון דער אַנדערער זייט מאַרק; נאָך צוויי יידן... אַלע לויפן צו אים... זיי מאַכן עפּעס מיט די הענט. וואָס קומט דאָ פאָר? יצחק־יעקב סאַפּעט, קוים וואָס ער קאָן דעם אָטעם כאַפּן... ער שרייט... וואָס טוט זיך דאָ?...

שלום האָט נערווועז אַ צי געטאָן פון דער ליולקע און דערשראָקן געקוקט אויפן לויפנדיקן שמש. וואָס קומט דאָ מיט אים פאָר?... ס'איז דאָך נישט מעגלעך!... ס'איז דאָך נישט מ—ע—ג—ל—ע—ך!...

יצחק־יעקב שמש איז געלאָפן מיט די לעצטע כוחות. ער האָט פאַרצווייפלט געמאַכט מיט די הענט.

— ר' שלום, — האָט ער געשריגן, — גאָט איז מיט אייך!... וואָס איז דאָ געשען? אַן אומגליק, נעבעך. ר' שלום!... ס'איז דאָך היינט שבת!... געוואַלט! וואָס טוט איר היינט אין געוועלב? אַ ליולקע?... יידן, געוואַלט! זעט נאָר, וואָס דאָ איז געשען!...

שלומען האָט באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס.

פון אַלע זייטן לויפן יידן. פונוואַנען האָבן זיך פלוצים אַלע גענומען? צו אים לויפט מען. וואָס? היינט איז שבת? — געוואַלט! אַזאַ פינצטער אומגליק אויף זיין קאָפּ. אויף זיינע אַלטע יאָרן. אַזאַ טעות!... טאָ וואָס פּיפּקעט ער נאָך די ליולקע?... וואָס וואַרפט ער זי נישט אַוועק?...

און אָט זענען שוין אַלע אַרום אים. יידן אין שבתדיקע קאַפּאָטעס; זיי קוקן אים אַזוי מאָדנע אָן, זיי ריידן און מאַכן מיט די הענט. וואָס זאָל ער טאָן? שרייען? וויינען? פאַרענטפערן זיך? וואָאָאָס?...

דער רויך פאַרשטעלט אים די אויגן. ער זעט קוים עמעצן. ווי אויף צו להכעיס האָט זיך די ליולקע צערויכערט... גאַנצע וואָלקנס רויך... ער וויל דאָך עפּעס זאָגן, אָבער ער זעט קיינעם נישט. ווו זענען די מענטשן?

שלום האָט זיך מיט אַלע כוחות אַ ריס געטאָן פון בענקל, אַ הייב געטאָן די האַנט, אָבער די ציין האָבן זיך אים עפּעס אַזוי עקשנותדיק צונויפגעקלאַפּט, אַז ער קאָן דאָס מויל נישט עפענען.

פלוצים האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן. ער האָט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט, זיך אָנגעכאַפּט ביים האַרץ און אַ פאַל געטאָן אין זיין גאַנצער לענג.

אין זיין באַוווסטלאָזיקייט האָט ער נאָך דערהערט אַ טויב געשריי ווי פון אַ סך העלדזער און דאַן איז אַלץ שרעקלעך שטיל געוואָרן.

ווען די אָנגעלאָפענע דערשטוינטע יידן זענען צו צום צוזאַמענגעבראָכענעם ר' שלום רפאלקעס, האָט שוין איבער זיין פּנים געשוועבט די שלווהדיקע רואיקייט פון טויט.

מ. פעדערגרין




מצבה אויפן קבר פון דיביינער פון 12 יידישע העלדן, וועלכע זענען געפאַלן אין שלאַכט מיטן היטלעריסטישן אָקופּאַנט אין די ווישקאָווער וועלדער. די מצבה איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1946 אויפן גענשער בית־עולם אין וואַרשע, נאָכן אַדורכפירן די עקסהומאַציע פון די ביינער.

מצבה על קברם של עצמות של 12 גיבורים יהודים, שנפלו בקרב עם הכובש ההיטלראי ביערות וישקוב. המצבה הוקמה ב־1946 בבית־העלמין הוורשאי ברחוב גנשה, אחרי האֶכסהומציה של העצמות,

בינם העלער

# אין ווישקאָווער וואַלד

קיין ביאַליסטאָק ציט זיך דער וועג
דורך זומיקן דאָרף און דורך וואַלד.
אין אויטאָ, אינמיטן געיעג
דערפילט האָב איך — עמעץ פאַרהאַלט.

צי האָב איך דערהערט אַ געשריי?
צי איז דאָס געווען אַ באַפעל?
אינמיטן פון אַספאַלט־שאָסיי
דער אויטאָ האָט ראַש זיך געשטעלט.

וויברירט האָט די ליכטיקע לופט,
די זון האָט אויף שטאַמען געברענט.
אין לויטערע שטילקייט ווער רופט?
ווער האָט אויף דעם וועג מיך דערקענט?

אַ רגע, אַ צווייטע, איך הער:
דער וואַלד האָט אין כישוף דערוואַכט.
אין הילכן פון וייטן געוועער
וואַקסט אָן דאָס גערויש פון אַ שלאַכט.

דאָס האַרץ ווערט פון וואַרטן פאַרקראַמפט,
אַ פרייד און אַן אַנגסט מיך באַפאַלט.
דעם עכאָ פון געטאָ אין קאַמף
דערהער איך אין ווישקאָווער וואַלד.

דאָס זענען די העלדן פון מאַי
אַרויס פון פאַרשרפעטע טעג.
זיי גייען פון געטאָ אויפסניי
אַוועק קעגן פיינט אין געשלעג.

דאָס פייער האָט זיי נישט דערשטיקט,
דער ווידערשטאַנד איז נישט צעשטערט:
מען האָט זיי פון געטאָ געשיקט
פאַרטרייבן דעם פיינט פון דער ערד.

די לעצטע און שיטערע ריי
פון קעמפער ווערט איבערגעציילט —
אַ טייל פון דער גרויסער אַרמיי,
פון „גוואַרדיאַ לודאָוואַ” אַ טייל.

דער וועג צו דעם דאָרף ווערט פאַרמאַכט —
עס־עם נעמט די גרופע אין קלעם.
זי פאַלט ביז דעם לעצטן אין שלאַכט —
און דאָס איז דער קלאַנג וואָס כ׳פאַרנעם.

— — — — — — — — — —

אַ ווייל — און די זעונג פאַרשווינדט,
דעם וואַלד נעמט אַ שטילקייט אַרום.
און פייערלעך הייבט אָן אין ווינט
צו רעדן דער אייביקער רום.

# להזכיר ולזכור

מנחם כספי (סרברניק)
כפר־אונו

חובה מוסרית ואנושית מוטלת עלינו, על אלה שנשארו בחיים, לזכור ולהזכיר את ימי השואה.

צו החיים דורש וזועק — אל תעצמו עיניכם ואל תאטמו אזניכם ואל תבקשו להימלט מן הכאב שעודנו זועק!

עדיין מרחף עלינו צלה של העיירה וישקוב השסועה, הדוויה והשרופה. עדיין הם תועים, על־פני שדות ההריגה, מבטי עיניהם עוד חודרים ללבנו. קולות הזעם, ובקשת הרחמים של הרגע האחרון לפני דממת המוות עודנו מהדהד בחלל עולמנו. צווחתם החרישית של תינוקות המתרפקים על אמו־תיהם ובכיתם, המתמזג עם ירי מטר הכדורים, הניתך על ראש הפעוטות עודנו מלווה אותנו בכל אשר נפנה. זעמם, כאבם, יגונם, חרונם, מוצת כאש שלהבת, אש־נקמה, מצווה עלינו לעולם לא לשכוח! ואם נשכחך יום אחד מימי חיינו, כפי שראינו אותך, וישקוב, בימי האימים, פרוצה ומופקרת להשמדה — תשכח ימיננו!

„דבר לא לשכוח — עד דור עשירי, עד שוך עלבוני — עד כולם עד כלהם. קונם אם לריק יעבור ליל זעם, קונם אם לבוקר אחזור לסורי ומאום לא אלמד גם הפעם!" עיירתנו וישקוב, השלווה והנעימה, חן מיוחד היה משוך עליה. יערות לה מסביב, והוד קדומים נטוי עליה. מימי הבוג הזורמים והרגועים בפאתי העיר, המביאים מפעם לפעם, משב־רוח מחיה, מרענן, והיהודים היושבים בה דורות על דורות בחרי־צותם, שקדנותם ועמלם, במלחמת־החיים הקשה. יהודים חרדים, למדנים לובשי הקפוטות השחורות, שכל חייהם הם „אמר אביי אמר רבא" ונפשם ומאודם קודש לעבודת הבורא. סוחרים ממולחים, בעלי־יוזמה ומרץ המוכנים לעיסקה בכל עת, ופרנסתם היא מיריד אחד למשנהו. ופשוטי העם — הנפחים, הנגרים, החייטים, הסנדלרים בעלי הידיים המיובלות והפנים המיואשות. רק הברק בעיניהם מביע אמונה ותקווה לעתיד טוב יותר.

עיירה זו, היא הראשונה אשר נדרסה תחת הצורר הארור. זה קרה בימים הראשונים של חדש אלול תרצ"ט — ספטמבר 1939. כבר בראשית פלישת הצבא הגרמני לפולין נפוצו שמועות, שהחיה הנאצית בהגיעה למקום כלשהו זורעת הרס ומוות. וטרם הספקנו לתהות על המתרחש, התעוררה העיירה לקול רעש ההתפוצצות שהרגו עשרות אנשים, נשים וילדים, הרסו חלק גדול של העיר, והמשיכו לזרוע מות בכבישים על אלה שברחו על נפשם מהעיירה. בבית־הכנסת הגדול פרצה דליקה. כל אנשי העיירה והנוער בתוכם נזעקו לכבות השריפה הגדולה. חודש אלול הרי זה חודש ההתעוררות הגדולה, קול השופר הבוקע מבית־המדרש הגדול קורא להת־קדש לקראת הימים הנוראים. הכול לבשו ארשת־פנים רצינית, כולם עומדים בפני הדין. בבית־המדרש התקבצו מנינים על מנינים, להודות, להלל ולשבח, לבקש סליחה, מחילה, וכפרה מבורא עולם; שבורים, רצוצים, מיואשים, מוסרים נפשם לכבות הדליקה של הבית־המדרש! שישאר לכל הפחות המקום הקדוש הזה לשפוך לבם, זעמם, כאבם לפני רבון העולמים! וכבר כעבור שמונה ימים מהכנס הצבא הנאצי צמא־דם וטורפי־אדם. לא ציפינו לגורל רע הצפוי לנו, לימי האימה ושואה היורדים עלינו. הרי אנחנו עם שבע־סבל ותלאות, ההיסטוריה שלנו מלאה רדיפות ונגישות והשפלה ופוגרומים ושחיטות, והקדוש ברוך הוא מצילנו. שוב נרגעים הרוחות וממשיכים להתקיים. גם הפעם היו יהודים שדימו בנפשם, כי עם תום המערכה נוכל שוב להמשיך בחיים הנורמאליים ויעצו לא לברוח. „יידן לויפט נישט" — ומי יכול היה להעלות על דעתו השמדה כזו. אפילו השטן משאול־תחתיות אינו מסוגל להשמדה כזו שהיתה צפוייה לנו.

בערב שבת בשעת הדלקת הנרות, החלו הגרמנים להצית בתי יהודים והבתים הבוערים היו כנרות שבת. הגרמנים הרגו ורצחו את מי שפגשו בדרכם. והיהודים פוסעים לעבר בית־הכנסת לקדש את השבת, לקדש את בית־המדרש ואת ה'. אך הגרמנים מקיפים את בית־הכנסת ויורים לתוכו. מאות יהודים מוצאים את מותם בלילה זה ומי שהצליח להימלט, הובל לטבח למחרת היום, בשבת, ב־9 לספטמבר במצעד המוות. יכולת לחוש בכל רמ"ח אבריך כיצד צועדת העיירה לקראת כליונה. עולים בזכרוני צערך, שמחתך, עיירתי! כל העיר השתתפה בחגיגת הכנסת ספר־תורה חדש לבית־המדרש הגדול. כל העיר צהלה, צעדה בשמחת לב, בעליזות התקדשת וצעדת עם התורה.

עוד שמורים בזכרוני תמונות מימים הנוראים עת העיירה כולה, פניה לעבר בתי הכנסת. עקב בצד הגדול, מכונס בתוך עצמך, נתון להרהורים, למחשבות, להתעלות, להתרוממות הנפש. כך צעדו האמהות שלנו בצעדים חפוזים, שמא נאחר את „ונתנה תוקף", כך נחפזו חסידי הרבי מגור „אין גערער שטיבל אריין" וחסידי אלכסנדר המישניים וחסידי ראדזימין, הולכים „די יידן פון גרויסן און פון קליינעם בית־המדרש": כולם התקבצו על שפת הנהר ל„תשליך", לטהר עצמם ולהינקות מכל חטא ופשע. צעד הנוער עם הדגל הכחול־לבן בל"ג בעומר בעליצות וחדווה היערה, צעדו בדגל האדום בהאמינם בשוויון ובאחוות־עמים. ועתה, ברגע איום מחריד זה, צועדת העיירה כולה! חסידי גור, חסידי אלכסנדר, גרויסע יידן, קליינע יידן, אגודיסטים, ציוניסטים, רוויזיוניסטים, בונדיסטים, קומוניסטים — אנשים, נשים וטף; עזוב, בודד, מנודה, מוכה ומושפל, מבוזה במצעד המוות, מובל בידי מפלצות וחית־טרף. אין אדם שיזיל דמעה, שיספוד לך, כי לא נותר יתום ואלמנה. כולם מוצאים להורג — אתה, אשתך ובנך וכל משפחתך. קרני השמש מלטפים בנעימות ובאדישות את הרוצחים ואת הנרצחים. למי האומץ להצדיק הדין, למלמל „ברוך דין אמת"?

חובה עלינו לזכור ולא לשכוח, עד דור עשירי לא לשכוח. נזכור בכאב ובחרון את נשמות אחינו ואחיותינו, הקדושים והטהורים שנפלו בידי מרצחים טמאים, נטולי צלם האלהים; נזכור את אבדן אוצרות התורה והחכמה אצילי בני ישראל, בחירי התרבות העתיקה והחדשה, תפארת האדם. נזכור את בנינו המומתים, קרבנות ממלכת הרשע שעונו בעינויים קשים בגיטאות ובמחנות השמד. נזכור את יקירנו שגורשו לארץ גזירה ולא נודעו עקבותיהם. נזכור את אחינו ואחיותנו שנרצחו בשוקים וברחובות, שהובלו לטבח בקרונות מות, שנקברו חיים, שנשרפו יחד עם גווילי התורה, ודגל החופש בידם.

זכור אלה שנשחטו, שנטבעו ושנחנקו, שחולל כבודם ושופך דמם בידיים טמאות ורצחניות.

זכור ישראל את ילדי מחמדינו שנגזלו מחיק הוריהם והובלו כצאן לטבח, שנשרפו והומתו במיתות משונות, ונערמו ערמות בראש חוצות.

זכור את העוללים ויונקים שנופצו אל אבני קיר והושלכו חיים למצולות הנהרות וחייהם נקטפו ע"י ידיים אכזריות.

זכור ישראל את אנקת ילדיך, מתוך אש להבות של כבשני הגאזים.

זכור את אנקת שכול של אב ואֵם, דם לבם הקרוע עת מחמדיהם לעיניהם רוטשו לעפר. לזכור ולא לשכוח!

יזכור...

פאַר דעם וואָס מיר האָבן מורא געהאַט — איז געקומען און געברענגט מיט זיך דאָס גרויסע אומגליק. דאָס אומגליק האָט אויך אונדז נישט אויסגעמיטן, נאָר דערגרייכט באַלד אין אָנהייב. ווישקאָוו איז געווען פון די ערשטע קרבנות. אין אויגנבליק איז אַלץ צעטרעטן געוואָרן דורכן נאַצישן שטיוול. די מי פון דורות איז צעשטערט געוואָרן און די יידישע באַפעלקערונג איז פאַרפייניקט געוואָרן מיט אַלע מיתה־משונהס.

אַפילו איצט, נאָך דעם גרויסן בראָך, איז דעם מוח נאָך שווער צו באַנעמען, אַז אַזעלכעס האָט געקאָנט פאַסירן. איך פרעג דעם קליינעם משהלע, וואָס איז אַנטלאָפן פון ווישקאָוו קיין וואַרשע: „איז אמת, אַז מיטן שטעטל האָט פאַסירט אַזאַ אומגליק?" און ער ענטפערט מיר זייער טרויעריק: „יאָ, ס'איז אמת... אַלץ פאַרברענט, דער רויך שלענגלט זיך נאָך און פאַרדעקט דאָס שטעטל..."

אַט זיצט ער דער קליינער משהלע — אַ שאָטן פון אַ מענטש. ס'איז אים נישט צו דערקענען. ער איז געווען אַ טיף־פאַרוואָרצלטער בוים אין שטעטל, געהאַט אַ פרוי, קינדער, אַ געשעפט. מען האָט געגלייבט, אַז קיין שום ווינט וועט אים נישט אַרויסרייסן. אָבער איצט? דער בוים אונטער־געהאַקט, די וואָרצלען איבערגעריסן.

פאַרלענדעט אַלע משהלעך...

מיין ווישקאָוו! מיך האָט באַהערשט אַ גלוסטעניש דיך צו זען, איינאָטעמען דיין לופט, ווידער באַוווּנדערן דיין שיינע נאַטור, אָנזעטיקן זיך מיטן ריח פון סענאַטאָרס גאָרטן, קוקן אויפן בריק ווי דער בוג פליסט, שפּאַצירן אויף די אַלייען וואָס זענען פון ביידע זייטן באַשטעלט מיט קאַשטאַן־ביימער, קילן זיך אין דער גרינס־געדיכטעניש פון די ווישקאָווער וועלדער, נאָכאַמאָל באַוועגן זיך איבער די גאַסן פון שטעטל. איך האָב נאָך נישט משלים געווען מיטן ביטערן גורל פון אַ גאַנצער יידישער קהילה. נישט אמת, מיין שטעטעלע, ביסט נישט פאַרניכטעט. דו לעבסט, עקזיסטירסט! איך זע דיך דורך און דורך, אָטעמסט מיט באַוועגונג, מיט פאַרמעסט. די קראָמען, שטעלעס און ביידלעך אויפן מאַרק, די יאַריד־טעג, דער געשריי און געפילדער, די פערד און וועגענער, די אַרומיקע פויערים און אונדזערע טייערע היימישע יידן — אַלץ לעבט אויף אין מיין זכרון. דיינע שבתים אין זייער גאָטספאָרכטיקער געמיטלעכקייט, די הדרת־פנימדיקע יידן, וואָס גייען מיט אַזאַ פייערלעכקייט דאַווענען אין די בתי־מדרשים, שטיבלעך, מנינים.

אָט זע איך ווי דאָס גאַנצע שטעטל, יונג און אַלט, שטראָמט צו כל־נדרי, כדי ברענגען צום אויסדרוק די חרטה אויף די באַגאַנגענע און נישט־באַגאַנגענע חטאים און גרייטן זיך צום יום־הדין מיט ציטער און שרעק...

איך זע די מוטערס מיט טרויער און פאַרצווייפלונג אין די אויגן צוליב די ליידיקע קיישלעך אין די הענט. איך זע דעם האָרעפּאַשניק, וואָס יאָגט זיך נאָך זיין טאָג פרנסה און פאַרלירט קיינמאָל נישט דעם בטחון: ס'וועט נאָך זיין גוט. איך זע די ווישקאָווער גאַסן און געסלעך, די הייזער און — די מענטשן. אָבער נישט ווי אַן אומבאַקאַנטע מאַסע, נאָר יעדעס געזיכט איז מיר אַזוי נאָענט און טייער. איך וויל זיך מיט אַלעמען באַגריסן, יעדערן דריקן די האַנט, זאָגן „שלום", אַריינקוקן אין די אויגן וואָס פאַרמאָגן אין זיך אַזויפיל ליבע, געמיטלעכקייט און דריקן אויך אויס שטורעם און צאָרן...

ניין, מען טאָר נישט פאַרגעסן! דאָס זענען שוין נישט קיין לעבעדיקע אויגן. איצט זענען זיי בלויז פאַרגליווערטער טויט, אויסגעלאָשן, פאַרשטאַרט פונעם צופיל וויינען, פון טרויער. דאָס זענען מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן צוליב די אייגענע יסורים און פיין און צוליב דעם וואָס זיי האָבן צוגעזען וואָס מען טוט מיט אַ גאַנצער עדה יידן...

איך דריי זיך אַרום דיר, מיין שטעטל — און קאָן נישט אַריינגיין אינעווייניק. פאַר מיר ביסטו איצט איין גרויס בית־הקברות. איך מאַך נאָך עטלעכע הקפות — און דער־ווייטער זיך אַלץ מערער פון דיר. דאָס איז נישט נאָר אַ פיזישע דערווייטערונג, נאָר אויך אַ גייסטיקע. נישטאָ מער די יידישע ווישקאָוו.

יזכור...

# ההפצצה הראשונה בוישקוב

גורני יוסף
רמת־גן

וישקוב — עיירה יהודית. עולם שלם, עולם העבר, שנהרס ולא הותיר מאומה משלו להווה. לרבים, אשר שרדו מתוך הלהבות, הוא הרבה — מסכת ארוגה מזכרונות על בית־אבא, הווי, חברה, לשון, נוף, זכרונות־נעורים וכל יתר הערכים הקושרים את האדם למקום הולדתו, אפילו נעקר ממנו ונשתל בנוף אחר ושונה לגמרי. לאחרים, ביחוד לצעירים, אינו יותר מאשר כמה זכרונות מטושטשים ומעורפלים מימי הילדות המוקדמות, ספק דמיון, ספק מציאות.

אולם, ישנם מאורעות הנחרתים עמוק־עמוק בזכרוננו, למרות ריחוק הזמן. עצמתם היא אשר אינה נותנת להשכיחם, עד כדי כך, שהם הופכים לחלק מאישיותנו. אולי רק עכשיו, לנוכח הפרספקטיבה של הזמן, אפשר להעריך את מלוא משמעותם וחרדתם. כזאת היתה לגבי „ההפצצה הראשונה".

הסימן הראשון למלחמה, באותו קיץ של שנת 1939, היה לי כילד בן שש, בחילוף מצב־רוחו של העולם. עולם הרוך, הפינוק, העליצות, הפך בן־יום לקודר, עצבני ומלא דאגה לאבא הנמצא בחזית.

בלי לתפוס את מלוא משמעותה של המלחמה, חייתי את ימיה הראשונים באווירה של לחישות מלאות יאוש וחרדה, אשר היוו ניגוד משווע לשירי הלכת והנאומים הפטריוטיים, אותם השמיע הרדיו במשך כל היום ושאני, הילד, כל כך האמנתי בהם.

החזית היתה רחוקה עדיין, ואני האמנתי, כי אין כוח אשר יעמוד בפני ה„אולַנים" הפולניים המפוארים. אלא

שהמבוגרים חשבו אחרת. הם עסקו באריזת חבילות והכנות ליציאה לוארשה. אולי אף הם קיוו כי בשנת 39 יתרחש שוב „נס וארשה" כמלפני עשרים שנה.

וכך הגענו לאותו בוקר סתוי בהיר, בו חשתי לראשונה מלחמה מהי. קשה לומר מה הניע את הטייס הגרמני להטיל פצצה דווקא ברחוב השקט שלנו. אולם לפתע התעוררתי לקול נפץ מחריש־אוזניים, צלצול זכוכית מתנפצת, חריקת קורות הבית. אבק סמיך מעורב בעשן חדר לחדר מבעד לחלונות הפרוצים. התגובה הראשונה היתה להתחבא מתחת לשמיכה, ליצור מחיצת־הגנה ביני ובין העולם המתגעש ומזדעזע. אמא, אשר אותו בוקר הקדימה לקום, כדי לסיים את אריזת החבילות, פרצה מן החצר לחדר חוורת־פנים, פרועת־שער וקרועת־עיניים, דומה יותר לנמרה משתוללת מאשר לתרנגולת נפחדת. רצה וכסתה אותי בגופה. אחרי שהות קצרה, בעוד את האוויר מנסר קולו הצורמני של האווירון הצולל, אספה אותי בין זרועותיה ושנינו התחבאנו מאחורי הארון הישן והכבד, שעמד בפינת החדר. ושוב נשמעה השריקה החדה של פצצה נופלת, ונפץ אדיר, אבק מחניק, טיח נופל מהקירות — ושתי נפשות חבוקות מאחורי הארון, לנוכח עולם מתמוטט...

אח"כ באה דממה, כבדה ומכאיבה; דממה של אי־אמון, כי אמנם נשארנו בחיים, של חוסר־ודאות, אם זהו הסוף או רק ההתחלה של ההפצצה. אולם כאשר ארכה הדממה, מופרעת מזמזום האווירון המתרחק, התעוררו האנשים שוב לחיים. קולות הקוראים בשמות ילדים או קרובים, בכי וזעקת־שבר עלו מכל עבר. האינסטינקט הראשוני, הרצון לחיות — ציווה עלינו לברוח מיד ממקום הפורענות הזה.

לבוש מכל הבא ליד יצאתי מן הבית, אוחז בידו החמה והרכה של סבא, מבלי להסב ראש ובלי לדעת, כי לא אשוב לראותו עוד. ושאר בני המשפחה צריכים היו להשיג אותנו עם החפצים מעבר לגשר שעל הנהר בוג.

מפוחד ומסוקרן נצמדתי לסבי. לא רק קירות הבתים, כמו מכשפות לבושות שחורים, חרושות פנים, עקומות־גוו וחוטם, זחלנו מתחת התמרות־עשן. ריח אבק־שריפה ומטלטלי־אדם שרופים עמד באוויר. מכיכר העיר הגיעו קולות המולה וצעקה. שום דבר לא הפליאני ולא זיעזעני יותר, לא הפצועים הזועקים אשר התגוללו פה ושם, לא המתים, שכבר הספיקו לכסותם, אף לא העגלון היהודי, אשר התקוטט עם גוי לבוש־מדים של מכבי־אש. הוא עמד על עגלתו, בידו האחת מותח הרסן על סוסו המשתולל, ובשניה — היכה בשוטו בגוי, אשר תפס בכנף בגדו וניסה למושכו למטה (כנראה ניסה להחרים את עגלתו). יהודי מכה גוי! — פלחה כברק מחשבה את מוחי; לרגע אפילו התמלאתי גאווה. בתוך השבר, מצאה גאוותי הילדותית הפצועה, סיפוק על רדיפתם המתמדת של ה„שקצים".

מעבר לגשר היה עולם אחר. הבוג גילגל את מימיו התכולים בשלווה נצחית. השדות היו ירוקים והשמים כחולים. העשן טרם הספיק לצבוע אותם בצבעו השחור. שכבנו בצידי הדרך וחיכינו לעגלה.

לוארשה הגענו לפנות ערב. זו קדמה אותנו ביללת צופרי האזעקה, טרטור מכונות־יריה ותותחים אנטי־אוויריים.

פולין המוכית והפצועה עדיין התגוננה...

# אין די ערשטע טעג פון חורבן

מאַטל וועגער
מאָנטעווידעאָ

### די באָמבאַרדירונגען

פרייטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, בין איך אָנגעקומען קיין ווישקאָוו, כדי זיין צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע אין די שווערע מאָמענטן. אינדערפרי האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז די דייטשן זענען באַפאַלן פוילן. פיל ווישקאָווער זענען געלאָפן צו חייקל הילער, דער צושטעלער פון צייטונגען אין שטאָט, צו דערוויסן זיך די לעצטע נייעס. דעם זעלבן טאָג זענען שוין אָנגעקומען פליטים פון כאָזשעל און פון אַנדערע שטעט ביי דער גרענעץ און דערציילט די שוידערלעכע אכזריות פון די דייטשישע מערדער לגבי יידן.

אין ווישקאָוו האָט מען באַמערקט, ווי די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען גרייטן זיך צו אַנטלויפן פון שטאָט. מיר זענען געבליבן ווי שאָף אָן אַ פאַסטעך. שבת האָט מען באָמבאַרדירט די אייזערנע בריק און אַנדערע אָביעקטן. זונטיק און מאָנטיק איז געווען רואיק. דינסטיק, דעם 5־טן, האָבן די דייטשישע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט ווישקאָוו און מען האָט שוין געהערט פון אַ גרעסערע צאָל קרבנות.

ביי אונדז אין שטוב איז אונדזער שוועסטער כעלטשע קראַנק געווען אויף לעטאַרגיע, וואָס האָט שוין געדויערט אַכט חדשים. דעריבער האָב איך און מיין ברודער משה געמאַכט אַ טראָג־ברעט אויף איבערצופירן אונדזער שוועסטער אויפן רינעק, אין משהל בעקערס הויז. אויפן זעלבן פּלאַץ האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל פאַמיליעס. מען האָט געמיינט, אַז דאָרט איז מען באַוואָרנט. די עראָפּלאַנען האָבן די גאַנצע צייט באַוואָרפן די שטאָט מיט צינד־באָמבעס און אַלע מענטשן זענען דורך דער הילצערנער בריק אַנטלאָפן אין די וועלדער. נאָר אונדזער פאַמיליע (מיין מוטער ריוועלע, דער ברודער משה, די קליינע שרהלע און איך) האָט באַשלאָסן צו בלייבן צוליב דער קראַנקער שוועסטער. שפּעטער האָט די קראַנקע זיך אויפגעכאַפּט פון די באָמבאַרדירונגען, זיך צעקושט מיט אַלעמען און געבעטן:

— נעמט מיך אונטער די אָרעמס, לאָמיר לויפן זיך ראַטעווען.

מיר זענען אַדורך די בריק און זיך פאַרנומען אין די וועלדער מיט נאָך ווישקאָווער פאַמיליעס: פון מלכיאל שוחט, לייביש פשעטיצקי און אַנדערע. די עראָפּלאַנען האָבן באַשאָסן די אַנטלויפנדיקע און געזייט טויט. מלכיאל שוחט האָט געהייסן זאָגן ווידוי. אַלע פאָר מינוט האָבן מיר זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. אויפהייבנדיק זיך, האָב איך באַמערקט ווי מיין מאַנטל איז אַדורכגעלעכערט פון קוילן. וואַנדערנדיק דורכן וואַלד, האָבן מיר זיך געלאָזט קיין יאַדעווע.

### דער וואַנדער־וועג

אויף דעם וועג קיין יאַדעווע, גייענדיק אין וואַלד, האָט מען באַגעגנט נאָך פאַרוווּנדעטע פון דער באָמבאַרדירונג. אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז צווישן זיי געווען רחלע

שקאַרלאַט. מען האָט איר אויף אַ וואָגן געפירט צו אַ דאָקטאָר. אַזוי האָט מען אַרומגעוואַנדערט צוויי מעת־לעת. די גאַנצע צייט האָט מען געגעסן „אין קאָמונע”, ווייל לייביש פשעטיצקי האָט מיטגענומען פּראָדוקטן פון זיין צוקערניע.

פאַרטאָג איז מען אָנגעקומען קיין יאַדאָווע. אויך דאָ האָבן די עראָפּלאַנען אונדז באַשאָסן. מען האָט זיך באַהאַלטן אין שטאָט, אין עמעצנס אַ שפייז־געוועלב. ליידער, געדענק איך נישט זיין נאָמען. אַ ווילער, טייערער ייד. ער האָט אונדז אַלעמען אַריינגענומען, געגעבן עסן, טרינקען און געלעגערס. אין דער צייט איז יאַדאָווע געבליבן אָן אַ מאַכט. דאָס פּוילישע מיליטער איז אַנטלאָפן און די דייטשן האָבן באַדאַרפט אַריינקומען. מיר זענען אַוועק פון דער שטאָט אויסצובאַהאַלטן זיך אין די אָקאָפּעס, צוליב די האַרמאַטן־באַשיסונגען. ר׳ מלכיאל האָט, ווי זיין שטייגער, אַלע מאָל געזאָגט ווידוי און געבעטן: „זאָלן שוין די דייטשן קומען” — ווייל די שרעק איז געווען גרויס.

צומאָרגנס זענען די דייטשן אַריין אין שטאָט און געטראָפן פאַרקלאַפּטע טיר־און־טויער. נאָך אַ האַלבן טאָג האָבן זיי באַפוילן אויפמאַכן אַלע געשעפטן און אָנגעהויבן צו רעקווירירן די סחורות.

פיל ווישקאָווער פאַמיליעס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דער צייט אין יאַדאָווע און אומגעגענט. לייביש פשעטיצקי איז אַוועק קיין ווישקאָוו אַ קוק געבן צו זיין שטוב — און מער נישט צוריקגעקומען. די דייטשן האָבן אים אויפן וועג געהרגעט.

אין יענע טעג האָבן די דייטשן און פּאָליאַקן אין ווישקאָוו אויסגעהרגעט אַלע יידן, וואָס זיי האָבן דאָרט געטראָפן און אונטערגעצונדן די הייזער. מען האָט געזאָגט, אַז די דייטשן האָבן נקמה גענומען אין ווישקאָוו, ווייל מען האָט דאָרט אויסגעשאָסן 15 פון זייערע שפּיאָנען.

אין יאַדאָווע האָבן מיר געזען פיל יידן־פּליטים פון פאַרשידענע שטעט. די יידן האָבן מיר איבערגעגעבן דעם טרויעריקן גרוס, אַז מיין מוטערס שוועסטער און די גאַנצע משפחה יונגשטיין האָט מען אויסגעשאָסן אין קאַרלעשין.

## ביי די סאָוויעטן

ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די רוסן דערנענטערן זיך צו אונדזערע מקומות. די שמחה איז געווען גרויס. איך און מיין ברודער משה האָבן ממש געטאַנצט פאַר פרייד. מ׳האָט זיך געגרייט זיי אַנטקעגן צו פאָרן דורך קאָסאָווע. קומענדיק קיין ווענגראָוו, האָבן מיר דאָרט גענעכטיקט ביי דער פאַמיליע רייזמאַן און אויך באַזוכט עטלעכע ווישקאָווער: די משפחה רובין און אויך פייוועלע שראַנס פרוי, איטע, וועלכע איז געווען אין אַ געפערלעכן צושטאַנד (אַ שפּליטער פון אַ באָמבע האָט איר געטראָפן אין פוס). איר מחותן, פייוול בהרב, דער טייערער ייד, האָט נישט אָפּגעטרעטן און איר געהאָלפן, ביז זי איז געשטאָרבן. ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין קאָסאָווע און זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. אין דער קאָמענדאַנטור האָבן מיר זיי געגעבן צו פאַרשטיין (מיט די הענט און מיט די פיס), אַז מיר זענען אַנטלאָפן פון די דייטשן; אַז מיר האָבן דאָ פאַמיליעס און אויך אַרבעט. שפּעטער האָט מען אונדז באַפרייט.

די ערשטע טעג איז אין קאָסאָווע געווען זייער פריי. די רויטע אַרמיי האָט געוויזן אין די גאַסן קינאָ־בילדער, געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן מיליטער ווי צו האַלטן זיך אין אַ פרעמד לאַנד. אָבער קאָסאָווע איז נישט באַשערט געווען צו האָבן ביי זיך די רויטע אַרמיי, ווייל לויט דעם אָפּמאַך, האָבן זיי באַדאַרפט זיך צוריקציען ביזן צום טייך סאַן. זיי האָבן געגעבן די מעגלעכקייט מיטצופאָרן מיטן מיליטער, צוגעשטעלט לאַסט־אויטאָס און געלאָזט אָפן די גרענעץ אין משך פון קאַרגע צוויי וואָכן. אָבער זייער אַ קליינער עולם איז מיטגעפאָרן, ווייל מ׳איז געווען מיד פון אַרומוואַנדערן אין דער פרעמד און מען האָט געגלויבט, אַז עס וועט זיך פאַרבעסערן.

אין יענע טעג האָט מיין שוועסטער באַלטשע זיך געגרייט צו פאָרן קיין ווישקאָוו. זי איז אין די וואַנדער־וואָכן געזונט געוואָרן און געדונגען אַ פור ביז לאַכאָוו און פון דאָרט — מיט דער באַן קיין ווישקאָוו. איר שפּראַך און אויסזען — ווי אַ נישט־יידישע. די רייזע האָט געדויערט 10 טעג — און זי איז צוריקגעקומען מיט שלעכטע נייעס: ווישקאָוו איז רויאינירט, אונדזער שטוב — צעשטערט. מען האָט געמוזט טראַכטן פון איינאָרדענען זיך. דערווייל איז דער דייטש אַריין אין קאָסאָווע, געכאַפּט צו דער אַרבעט, פונוואַנען פיל זענען מער נישט צוריקגעקומען. אונדזער פאַמיליע האָט געהאַט אַ באַראַטונג און באַשלאָסן, אַז איך און מיין ברודער זאָלן אַריבער די גרענעץ, אויסזוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג און דערנאָך וועט די גאַנצע משפחה איבערוואַנדערן. מיר האָבן צוזאַמען מיט נאָך פאַמיליעס געדונגען אַ געשפּאַנטן וואָגן ביז דער גרענעץ, געפאָרן דורך וועלדער, כדי אויסצומיידן די רויבער־־באַנדעס. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צו דער דייטשישער גרענעץ־וואַך. מען האָט אונדז באַזוכט, אַלץ צוגענומען, יעדן איינעם געגעבן צו 10 זלאָטעס און צוגעפירט צום טייך אַדורכצושיפן די גרענעץ דורך אַן אָרטיקן פויער, פאַר 2 זלאָטעס אַ פּערזאָן. ווען מיר זענען אַריבער אויפן צווייטן ברעג, זענען אונדז אַנטקעגן געקומען עטלעכע סאָוויעטישע זעלנער מיט אָנגעצילטע ביקסן און קלאָר און דייטלעך באַפוילן, אַז מיר זאָלן צוריקגיין. מיין ברודער משה האָט געקענט עטלעכע ווערטער רוסיש און דערקלערט, אַז מיר ווילן נישט צוריקגיין, ווייל דאָרט וועט מען אונדז דערשיסן. האָבן די סאָלדאַטן געהייסן אונדז גיין צו דער קאָמענדאַנטור, דאָרט האָט מען אונדז נאָכאַמאָל רעווידירט און געהייסן וואַרטן אין הויף. ביינאַכט האָט מען אונדז אַוועקגעפירט. אויפן וועג האָט מען באַגעגנט נאָך גרופּעס יידן, קאָנוואָיִירט דורך סאָלדאַטן. מ׳איז אָנגעקומען אויפן א. ג. נייטראַלן פּאַס, ביי מאַלקין. דאָרט איז געווען דער אמתער עמק־הבכה: ביי דער מאַלקינער סטאַציע האָבן די סאָוויעטישע זעלנער אַריינגעטריבן ביי אַ 6000 מענטשן — אַלטע לייט, שוואַנגער־פרויען, קינדער, מענער און פרויען פון פאַרשידענע עלטער, אָן לעבנסמיטל, אויפן פרייען פעלד, אין רעגן און קעלט. שפּעקולאַנטן האָבן דאָרט פאַרקויפט ברויט פאַר הויכע פרייזן. געווען פיל פאַלן פון טויט, אַ סך קראַנקע, אָן מעדיצינישע הילף.

מיר האָבן געשיקט דעלעגאַטן אונדז צו באַפרייען — אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. דאַן האָבן מיר באַשלאָסן אויפצורייסן דעם שלאַבאַן פון א. ג. נייטראַלן פּאַס און אַרויס אויף דער פריי. מען האָט אויסגעקוקט ווען די וואַך טוישט זיך, דאַן זענען דאָ ווייניקער זעלנער. פון פאָרנט האָט מען אויסגעשטעלט מאַמעס מיט קליינע קינדער, דערנאָך — עלטערע מענטשן. צו דער באַשטימטער שעה האָט מען אויפגעריסן דעם שלאַבאַן און די מענטשן־מאַסע האָט זיך אַרויסגעשטופּט. די יונגע מיידלעך האָבן זיך אָנגעהויבן קושן מיט די זעלנער, וועלכע זענען געוואָרן צעטומלט פון דער

געשעעניש. דער גאַנצער עולם האָט געזונגען דעם „אינטער־נאַציאָנאַל" און די סאָלדאַטן אין די אָקאָפּעס נעבן דער גרענעץ האָבן אונדז באַגריסט מיט אויפגעהויבענע פויסטן. מיר זענען אָנגעקומען צו דער סטאַנציע זאַרעמבי קאָשטשעלנע אַרום צוויי בייַנאַכט, אין וואַלד. געווען דאָרט עטלעכע טויזנט אַנטלאָפענע פון פוילן. זענען מיר געגאַנגען ווייטער ביז טשעכאַנאָווצע, וווּ מ׳האָט געוואַרט אַ מעת־לעת, ביז מ׳האָט אונדז צוגעשטעלט אַ פראַכט־צוג קיין ביאַליסטאָק.

אין ביאַליסטאָק

מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק צום קאָמיטעט פאַר די היימלאָזע. מען האָט אונדז געטיילט צו אַ האַלב שוואַרץ ברייטל און געהייסן גיין אין פאָלוואַרק, 15 קילאָ־מעטער פון ביאַליסטאָק. בלית ברירה האָבן מיר אָנגענומען דעם פאָרשלאַג און אַוועק צו דעם פאָלוואַרק, וועלכער האָט נישט עקזיסטירט. מיר האָבן זיך אומגעקערט אין אַ גאָס־רעגן, קיינער האָט אונדז נישט אַריינגעלאָזט — מען האָט מורא געהאַט פאַר די „ביעזשענצעס" (פליטים). דאַן האָבן מיר באַשלאָסן אַריינצוגיין מיט געוואַלט צו אַ יידישן בעקער. מען האָט אים געדראָט צו ראַבירן די בעקערייַ, אויב ער וועט אונדז נישט אַריינלאָזן. איך קאָן נישט באַנעמען די שלעכטקייט פון אַ טייל מענטשן אין ביאַליסטאָק. מיר האָבן זיך אויסגעטריקנט די מלבושים מיט די שיך, געקויפט ברויט צום עסן. מיר האָבן דערנאָך אַדורכגעמאַכט קאָשמאַרע טעג. נישט געווען קיין פּלאַץ וווּ זיך אָפּצורוען — נאָר אין גאַס. אַפילו אין די בתי־מדרשים איז געווען פול מיט מענטשן. מיר האָבן דאָרט געטראָפן די פאַמיליע פאַרבער. זיי האָבן געוואָלט פאַר אונדז מאַכן אָרט נעבן זיך, אָבער מיר האָבן רעזיגנירט, ווייל אַ ים פליי און לייז האָט פאַרפלייצט דאָס בית־המדרש. איז מען געלאָפן צום וואָקזאַל — אָבער אויך דאָרט איז נישט בעסער געווען. אַזוי האָבן מיר זיך אַרומגעוואַלגערט, ביז מ׳האָט באַקומען אַרבעט ביים אויפ־שטעלן בעדער צום וואַשן זיך. מיין ברודער משה האָט געקענט די מלאכה נאָך פון ארץ־ישראל. האָבן מיר שוין געהאַט וווּ צו נעכטיקן אויף דעם אַרבעטס־פּלאַץ.

אין ביאַליסטאָק האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף פיל ווישקאָווער: אָסטראָ מיט זיין פאַמיליע (ווי איך האָב געהערט, איז ער מיט זיין משפחה געשטאָרבן פון הונגער אין רוסלאַנד); טשערוואָנאָגורע מיט דער פאַמיליע, די משפחה שולץ, סרעברניק מיט דער פאַמיליע, שראָן מיט די זין און טאָכטער, איטשע בהרב, ניימאַן מיט זיינע זין, פריימאַן און אויך די פאַמיליע סעגאַל, וועלכע האָבן געהאַט אַ וווינונג און פיל ווישקאָווער האָבן געפונען ביי זיי אַן אָפּרו. אויך מיר האָבן זיי געגעבן אַן אָרט צום שלאָפן, צוזאַמען מיט משה סטאָליק. עס איז אויך פאָרגעקומען אין ביאַליסטאָק אַ חתונה פון אַ ווישקאָווער פּאָרל — און אַלע האָבן זיך געפרייט.

אונדזערע ווישקאָווער האָבן געאַרבעט און אויך זיך פאַר־נומען מיט האַנדל; מען האָט געקויפט אויף די באַזאַרן אַלטע זאַכן און זיי פאַרקויפט. מען איז געשטאַנען אין די רייען צו באַקומען פּראָדוקטן און מאַנופאַקטור, דערנאָך דאָס פאַרקויפט. פון די ווישקאָווער האָט איינער דעם צווייטן געהאָלפן אַריינלאָזן אין די רייען. מיין ברודער משה האָט נישט געקאָנט מער זיין אין ביאַליסטאָק. פילנדיק זיך אַנטוישט, האָט ער זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן צוריק־צופאָרן קיין קאָסאָווע, צו דער מוטער מיט די שוועסטער. אין אַ צייט אַרום האָב איך באַקומען אַ קאַרטל פון מיין פאַמיליע, כ׳זאָל זען צוריק קומען. אין דער זעלבער תקופה איז אונטערגעקומען די רעגיסטראַציע פון דער סאָוויעטישער מאַכט: ווער עס וויל נעמען אַ פּאַספּאָרט, מוז בלייבן אין פּסס״ר און פאָרן ווייטער, ווייל אין ביאַליסטאָק האָט מען נישט דערלויבט צו זיין קיין היימלאָזע. אָדער — פאָרן צוריק צום דייטש. אין מערסטן טייל האָט מען זיך פאַרשריבן צוריקצופאָרן צו די פאַמיליעס, וועלכע מען האָט איבער־געלאָזט אין פוילן. געווען אויך פיל פאַמיליעס, וועלכע זענען די ערשטע אַוועק מיט עשאַלאָנען אין טיף רוסלאַנד, נישט געקאָנט זיך איינלעבן און צוריקגעקומען קיין ביאַליסטאָק. אויך די דאָזיקע פאַמיליעס האָבן זיך פאַרשריבן צוריק צום דייטש. מען האָט געטראַכט, אַז אין פוילן וועט זיך סוף־כל־סוף בעסערן. דער סוף איז אָבער געווען, אַז מען האָט אונדז נישט צוריקגעשיקט. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צו די באַדינגונגען, יעדער האָט געלעבט ווי ער האָט נאָר געקאָנט. ביז צו יענער טרויעריקער נאַכט, אַרום 12 אַ זייגער, ווען די אַלע היימלאָזע, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן, האָט מען אַרעסטירט און גלייך אָפּגעשיקט מיט עשאַלאָנען אין די טייגעס, אויף סיביר, אין טורמעס און לאַגערן.

# ההפצצה בספטמבר 1939

נפתלי קרצ׳מר
תל־אביב

## (זכרונות של חיל מהדיביזיה הפולנית)

חילי הדיביזיה שלנו, צעירים מאומנים מתרברבים כגיבו־רים על חשבון הגרמנים העתידים לפוגשם בברלין הכבושה, בזים ולועגים ליהודים־האזרחים הנתקלים בהם בתחנות. אולם כבר במַלקיניה חזינו מבשרנו את ההפצצות של הגרמנים; החיילים הרצינו, רבים נפגעו, פסקו הלעג וההתרברבות, התקרבנו לחזית.

טבילת האש ראשונה

הגענו לוישקוב בלילה, חשכה ברחובותיה וסימטאותיה, בכל מורגשת תנועת צבא גדולה. האזרחים מעמיסים בחיפזון את מטלטליהם על עגלות כדי לנטוש את העיר. רק יהודים מעטים נשארו בבתיהם תחת תריסים מוגפים, דרכם הם מציצים בפחד ובדאגה. רק ארגונים צבאיים מזויינים עודם פעילים בהגנת העיר. ליל ספטמבר פולני, עננים מכסים את הירח, המגיח מדי פעם מבעד למעטה השחור ומאיר את רחובותיה של העיירה הנראת רגועה ונקיה. צינה וקור מסביב. אגלי הטל של ליל הסתיו מצטיירים כדמעות שכיסו את האדמה כולה. דומה, כי השמות על שלטי חנויות היהודים אף הם מזילים דמעות. מה נושא בחובו יום המחרת לבעלי השמות היהודיים ?

אחרי שעות של טלטולים נקבעה לבסוף עמדתנו בקצה הרחוב המוביל לפולטוסק. השתכנו באחד הבתים הנאים המוקף גינה מטופחת בעצים ופרחים. הבית הוא, כנראה, של אחד הפקידים הפולנים שברח עם משפחתו. הגינות סביב הבתים נהפכו תוך שעה קלה לתעלות־קשר ועמדות של מכונות־ירייה ואנטי־טאנקים. יום ולילה הפציצו הגרמנים את כל חלקי העיר, אולם נמנעו מלפגוע בגשר. היינו יוצאים להבטחת מסילת־הברזל וכל אורך הכביש. הצבא הגרמני התקדם מכיוון פולטוסק לאט ובזהירות. במשך ימים רעדה העיר מההתפוצצויות, רעש האוירונים והאש האנטי־אוירית הפולנית. לבסוף קבלנו פקודה: „לסגת"...

את הנסיגה יש לבצע במהירות. אחרי נסיגתנו יפוצצו הפולנים את הגשר שמעל לנהר בוג. נמנתי על כיתת מכונות־יריה כבדות ולפני עזיבת העיר פשטו החיילים בבתים וחנויות היהודים. בחנויות נותרו קופסאות ריקות, גפרורים, מסרקות ומראות. בשמחה התפארו החיילים על הביזה. גם אני נכנסתי לאחד הבתים שבפנת הרחוב והככר המובילה לגשר, שמא אפגוש פני יהודי. סרקתי את החנות בה הכל היה מפוזר; מהחנות נכנסתי לדירה. באחד החדרים עמדו מיטות ומיטת ילדים, בשני התגוללו תמונות משפחתיות על הרצפה, רק על הקיר היו עוד תלויות תמונותיהם של סבא בעל הדרת־פנים המשקיפה לעבר תמונות הסבתא. על השולחן היתה פרושה מפה לבנה ועליה מלח, חמאה ושאריות של ככר לחם. זה עתה, כנראה, עזבה המשפחה את הבית. בית הורי עלה בזכרוני. החדר בו שהיתי רגע קט נהפך למקדש־מעט. ביראת כבוד יצאתי את הבית ובכאב הסתכלתי לעבר החדר שהופסקו בו החיים לפתע, הזועק בדממתו, המבשרת רעות מחרידות.

כתתנו על ציודה מיהרה לעבר הגשר, אולם לאחר־מכן כיוונו אותנו לחוף הנהר ושם עלינו על סירות. חצינו את הנהר תחת אש תותחים, וכ־50 מטר לפני הגדה קפצנו לתוך המים ובשחיה הגענו לחוף. מטוסי ה„מֶסֶרשמידט" הגרמניים המטירו עלינו אש והכדורים נפלו בקרבתנו לתוך המים. בהגענו לחוף התאוששנו קמעה ועם הנשק שוב זחלנו לעבר הכביש הגבוה. זחלנו בין עגלות הפוכות על מטענן, בין גופות בני אדם וסוסים פצועים ובזניקה עברנו את הכביש לתוך היער.

### זריעת מות על האוכלוסיה הבורחת

אחרי שהתחפרנו ותפסנו עמדות חדשות בתוך היער, היתה לי שהות־מה להיווכח מה עוללו הגרמנים לאוכלוסיה, עוד טרם דרכו מגפיהם בוישקוב והסביבה. רוב יהודי וישקוב הספיקו כנראה לברוח לפני יומיים. חלק קטן מהם פגשתי ביער בצידי הכביש רעבים, רצוצים ועיפים. פשטו שמועות שהגרמנים חצו את הנהר ומקיפים אותנו. לקראת הערב גבר הלחץ הגרמני והחלה הפגזה בלתי־פוסקת על האוכלוסיה האזרחית הנמלטת על נפשה ועל הצבא. צהלת סוסים בהולים, צעקות ובכי של נשים וילדים, שאיבדו את הוריהם, גניחת העצים הנשברים ונופלים, ופקודות הצבא התערבבו בתוך הבהלה הגדולה. סו"ס נוכחו הפולנים לדעת — ורבים בסתר־לבם חכו לגרמנים כלגואלים — מה מצפה להם. בתוך המהומה הזאת סיפר לי חיל מהכתה, כי ראה יהודיה באפיסת כוחות ולצדה ילדה. חפשתיה ומצאתיה שוכבת רעבה וצמאה בתוך בור. אספתי צנימים ומים מבין הכתה והבאתי לה. היא אמרה לי שזה יומיים לא בא אוכל לפיהם, והוסיפה כי ביער נמצאים הוריה הזקנים תשושים ובאפיסת כוחות. הוספתי לה גם את מנת־הברזל שלי, ויעצתי לה לברוח מזרחה ובלבד לא להשאר כאן.

בלילה החל היער לבעור. ההפגזה התקרבה וגברה. המבוכה והבהלה השתלטו על הכול עד לאיבוד העשתונות.

אחרי חצות קבלנו פקודה לסגת, לעבר קאַלושין. שבועיים ימים ביום ובלילה שקענו בקרבות, תוך היחלצות מ„כיס" אחד לשני. בסוף ספטמבר מצאתי את עצמי בין עשרות אלפי יהודים של הסביבה, ביניהם מתי־מעט מוישקוב, במסע ארוך, אכזרי וכושל, לפרוסיה, ומסביבנו הרוגים, מוכים ומושלכים ועזובים על פני הכביש ובתעלות.

תהא נשמתם צרורה בצרור החיים.

# דער „שוואַרצער פרייטיק"

לייבל פּאָפּאָווסקי
בוענאָס־איירעס

ערשטער טאָג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. מיר האָבן נישט פאָרגעפילט, וואָס פאַר אַ קאַטאַסטראָפע ס'רוקט זיך אָן. ערשט שבת פאַרנאַכט, ווען אויף אונדזער שטעטל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די פינצטערניש, זענען די דייטשישע עראָפּלאַנען דורכגעפלויגן און אַראָפּגעוואָרפן עטלעכע באָמבעס אויף אַ דערבייאיקן ציגיינער־לאַגער. זיי האָבן דאָרט באַמערקט אַ פייער. דאָס איז ערשט געווען אַ פאָרשפּיל.

זונטיק אינדערפרי האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פּליטים פון מערב־פּוילן. צו קיין אַרבעט און באַשעפטיקונג זענען מיר שוין נישט געגאַנגען, נאָר געהערט ראַדיאָ און באַגלייט חברים צום מיליטער. די שויבן זענען געווען באַקלעפּט מיט פּאַפּיר — אָבער נאָכן ערשטן שאָס זענען זיי אַרויסגעפאַלן; גריבער זענען געווען אָנגעגרייט אויף צו באַשיצן זיך פון די פאַלנדיקע באָמבעס — ס'איז אָבער נישט אויסגעקומען צו באַנוצן זיך מיט זיי; מיר האָבן זיך באַזאָרגט מיט שפּייז אויף צוויי וואָכן — נאָר דעם זאַפּאַס שוין נישט געגעסן.

מאָנטיק פרי האָבן מיר געהאַט דעם ערשטן לופט־אָנפאַל נישט קיין סך טויטע און פאַרוווּנדעטע. אַרום 11 פרי בין איך געגאַנגען אויף דער פּולטוסקער גאַס. דער פּליטים־שטראָם האָט זיך פאַרשטאַרקט. דערנאָך איז פאָרגעקומען דער צווייטער לופט־אָנפלי. ווען כ'בין צוריקגעלאָפן, איז דער גלעזער חיים (קאַמאַשנמאַכער), וועלכער האָט מיט מיר גערעדט מיט אייניקע מינוטן פריער — שוין געלעגן אַ טויטער אויפן טראָטואַר. נעבן אים איז געלעגן נאָך אַן אַלטער מאַן. פאַרוווּנדעטע האָבן געבעטן הילף.

נאָכמיטאָג האָט זיך איבערגעחזרט דער לופט־אָנפאַל. ווידער טויטע און פאַרוווּנדעטע. שאול דאָן האָט געטראָפן זיין שוועסטער אַ פאַרוווּנדעטע. איז ער געלאָפן אין אַמבולאַטאָריע און דאָרט קיינעמען נישט געטראָפן. נעבן זייער הויז איז געלעגן אַ טויטער פּאָליציאַנט, אומגעקומען פון דער זעלבער באָמבע.

דינסטיק פרי האָבן די דייטשן אָנגעהויבן וואַרפן צינד־באָמבעס. אַלץ ברענט. מענטשן לויפן פון איין אָרט צום צווייטן. איך מיט מיין טאַטן זענען אַראָפּגעלאָפן אין קעלער

אַריין. די באָמבע וואָס האָט אויפגעריסן אויפן קלויסטער־פּלאַץ, האָט אויפגעפּראַלט די טיר פון אונדזער קעלער. זענען מיר אַרויס פון קעלער און צוזאַמען מיט דער מאַמען געווען אַ צייט ביי יענקל־דוד שוסטער. צו מיטאָג־צייט איז געוואָרן שטיל. די פייערן האָבן זיך פאַרשפּרייט. אין גאָס באַווייזן זיך בלויז איינצלנע מענטשן. די פּאָליציי איז אַנטלאָפן. אַ פּאָליציאַנט זאָגט מיר: „שוין צייט צו אַנטלויפן".

מיין ברודער וועלוול, וועלכער איז געשטאַנען ביים פישער־געסל, האָב איך אויף שנעל געזאָגט:

— גיב איבער די עלטערן, אַז איך לויף קיין יאַדאָוו ברענגען מיין קוזינס פערד־און־וואָגן. דאַן וועלן מיר אַריבער קיין יאַדאָוו, ווייל דאָרט איז שטיל.

כ׳בין אַוועק, אַריבער די בריק און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אויפן וועג ברענט אַלץ, אַפילו דאָס גראָז. אין סקושעוו האָב איך געטראָפן פּויליש שקאַרלאַט מיט זיין פרוי און טאָכטער. איר האַלדז איז פול געווען מיט בראַנד־וווּנדן. כ׳האָב זיי געהאָלפן זי צופירן צו אַ פּויער. זיי האָבן זיך אויפגעזעצט אויף אַ וואָגן און אָפּגעפאָרן.

ווען כ׳בין שוין אָפּגעגאַנגען האַלב וועג צו יאַדאָוו, האָב איך געטראָפן יוזעף קראַווטשיק. ער האָט איבערגעגעבן, אַז יאַדאָוו איז אויך באָמבאַרדירט און פאַרגעלייגט מיט אים איבערצונעכטיקן אין וואַלד. אינדערפרי זענען מיר געגאַנגען זוכן עסן ביי די אַרומיקע פּויערים.

אין וואַלד האָב איך געטראָפן זייער פיל ווישקאָווער יידן. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע יידישע קהילה האָט זיך פאַרקליבן אין וואַלד. כ׳האָב נישט געהאַט קיין מוט זיך נאָכצופרעגן אויף מיינע עלטערן. מען האָט מיר דערציילט, אַז זיי זענען דאָ געווען אַ גאַנצע נאַכט. אינדער־פרי זענען זיי אַוועק קיין יאַדאָוו. דאָס האַרץ איז מיר דערפרייט געוואָרן. כ׳בין אַוועק קיין יאַדאָוו. אויפן וועג — ווידער אַ באָמבאַרדירונג. אָנקומענדיק קיין יאַדאָוו, דערוויס איך זיך, אַז מיינע עלטערן האָבן זיך אָפּגעטראָגן אויף אַ מער „זיכערן" פּלאַץ. כ׳בין צו זיי אָנגעקומען ביינאַכט, מיט נאָך עטלעכע מענער. מיר זענען געשלאָפן אויף אַ בוידעם מיט היי. פונדערווייטנס האָבן זיך געזען פייערן.

גאַנץ פרי זענען מיר אָנגעקומען קיין יאַדאָוו און זיך „איינגעאָרדנט" ביי פריינד. דאָ זענען אויך געווען פיל יידן פון ווישקאָוו און פון פּולטוסק. אַ דאַך איבערן קאָפּ האָט מען געפונען ביי די זייער פריינדלעכע יאַדאָווער יידן. די בעקערס האָבן געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, כדי צו באַזאָרגן די יידן מיט ברויט. אַז ס׳האָט זיי אויסגעפעלט מעל, זענען זיי געלאָפן צו די פּויערים אין די אַרומיקע דערפער, איינ־שטעלנדיק דערביי זייערע לעבנס.

די דייטשן זענען אַריין קיין יאַדאָוו, פאַרנומען דאָס שטעטל אָן אַ שאָס. דעריבער איז גאָרנישט פאַרניכטעט געוואָרן. די דייטשן האָבן געמאָלדן, אַז זיי מוזן פאַרלאָזן, ווייל די רוסן וועלן אינגיכן אָנקומען. דאָס האָבן מיר אויך געלייענט אין אַ דייטשישער צייטונג. די רוסן זענען שוין דאַן געווען אין ביאַליסטאָק, בריסק און זיך דערנענטערט צום בוג. דאָס איז פאַר אונדז געווען די בעסטע נייעס.

אין יאַדאָוו האָבן מיר, אַ גרופּע יידן, זיך צוזאַמענגערעדט וועגן אַוועקלאָזן זיך קיין ווישקאָוו, אין דער האָפענונג עפּעס אָפּצוראַטעווען. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט בערל קאָוואַל, וועלכער האָט אונדז געוואָרנט:

— קומט שוין צוריק, אויב איר ווילט נישט, אַז די דייטשן זאָלן אייך פאַרפייניקן, ווי ס׳איז געשען מיט לייביש פּשעטיצקי און דעם קצב. אויך זיי זענען געגאַנגען פון יאַדאָוו אַהיים. איבעריקנס, אין ווישקאָוו איז נישטאָ וואָס צו זוכן, אַלץ איז דאָרט חרוב געוואָרן. פאַראַן דאָרט איין באַרג אַש, אויסגעמישט מיט טויטע קערפּערס. די לופט איז אַזוי פאַרפּעסטעט, אַז אַפילו די דייטשישע פערד ווילן נישט דורכגיין יענע ערטער.

אין יאַדאָוו האָבן די דייטשן אונדז געהאַלטן אין שטענ־דיקער שרעק. זיי האָבן גערויבט, געשניטן בערד, פאַרגוואַל־דיקט.

ענדלעך איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז די רוסן זענען שוין דאָ אין סטאָק און אין קאָסאָוו, אָבער קיין יאַדאָוו וועלן זיי נישט קומען. איך מיט מיין חבר מאָטל גזשענדע זענען אַוועק קיין סטאָק און דאָרט נישט געטראָפן קיין רוסן און קיין יידן. זענען מיר אַוועק קיין קאָסאָוו, ווו ס׳האָט געהערשט אויסערגעוויינלעכע פרייד. דאָרט איז שוין יאָ געווען די רויטע אַרמיי. מיר זענען אַריין צו אַ פריינד און מידע פון וועג זיך געלייגט שלאָפן.

אינמיטן דער נאַכט האָבן מיר געהערט מאַרשירן מילי־טער. אונדזער פריינד איז אַרויס אין גאָס און באַלד צוריק־געקומען מיט דער שלעכטער נייעס, אַז די רוסן ציען זיך צוריק ביז איבערן בוג, ווו ס׳וועט איינגעשטעלט ווערן די נייע גרענעץ. האָבן אויך מיר זיך געלאָזט גיין אינמיטן דער נאַכט, ווייל אינדערפרי קאָן שוין זיין שפּעט. אויפן וועג צום בוג זענען מיר דורכגעווייקט געוואָרן פונעם ביינאַכטיקן רעגן. אינדערפרי, ווען מיר זענען צוגעקומען צום בוג, האָט שוין די זון געלויכטן. אונדז איז געווען פיל לייכטער, די רוסן האָבן צו אונדז געשמייכלט...

אין שטעטל דעניר, אויף דער צווייטער זייט בוג, איז געווען ששון ושמחה. יידן האָבן זיך געפילט זיכערער, ווייל די רויטע אַרמיי וועט דאָ בלייבן. מ׳האָט גערעדט, אַז די גרענעץ וועט אַ שטיקל צייט זיין אָפן. מ׳וועט קאָנען גיין אַהין און צוריק. מיין חבר איז טאַקע אַוועק קיין יאַדאָוו, כדי ברענגען זיינע און מיינע עלטערן.

דערווייל בין איך געווען ביי גאַנץ־פרעמדע מענטשן, וועמען כ׳האָב נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר זייער גאַסטפריינדלעכקייט.

אויפן דריטן טאָג, נישט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויף מיינע עלטערן, בין איך אַוועק קיין ביאַליסטאָק צו מיינע קוזינען, ווו כ׳האָב זיך אויפגעהאַלטן ביז מיינע עלטערן מיטן ברודער וועלוול און אַ שוועסטערן־טאָכטער זענען אויך אָנגעקומען. דאַן זענען מיר אַלע אַריבערגעפאָרן אין אַ קאָלאָניע, נישט ווייט פון דער שטאָט.

אַלע עפּנטלעכע זאַלן אין ביאַליסטאָק, אויך די שולן און בתי־מדרשים, זענען געווען געפּאַקט מיט מענטשן, אַנטלאָפענע פון יענער זייט גרענעץ. מ׳איז געשלאָפן אויף דער בלויזער ערד. כ׳האָב זיך אַרויסגעלאָזט זוכן מיינע באַקאַנטע.

אין אַ וואָך אַרום האָבן די רוסן געמאָלדן, אַז ווער ס׳וויל פאָרן קיין טיף־רוסלאַנד — קאָן זיך פאַרשרייבן. און שוין זענען די רעגיסטרירטע געווען אין פראַכט־וואַגאָנען, מיט אייזערנע אייוועלעך און נאַרעס צום שלאָפן.

מיר זענען אָנגעקומען קיין טאָלאָטשין, ווייסרוסלאַנד, און זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום נייעם לעבן.

מיט אַן אַנדערטהאַלבן יאָר שפּעטער איז שוין דייטשלאַנד באַפאַלן דעם ראַטנפאַרבאַנד. מיך האָט מען מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי. כ׳האָב זיך געמוזט שיידן מיט מיינע עלטערן. באַלד איז די דייטשע אַרמיי אַריין קיין טאָלאָטשין, ווו מיינע עלטערן זענען געבליבן. מער פון זיי האָב איך נישט געהערט.

כ׳האָב אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן מיט די היטלעריסטישע האָרדעס און געוואָרן פאַרוואונדעט. אין מאָסקווער שפּיטאָל, ווו כ׳בין געווען אין פרילינג 1944, האָב איך דערהערט די נייעס, אַז די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט די שטאָט טאָלאָטשין. כ׳האָב גלייך אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו דער דאָרטיקער שטאָט־פאַרוואַלטונג, מיט אַן אָנפראַגע וועגן גורל פון מיינע עלטערן. דער ענטפער איז געווען, אַז זיי ווייסן גאָרנישט...

צוזאַמען מיט מיינע עלטערן זענען געווען: מיין ברודער וועלוול; מיין שוועסטערס זון און טאָכטער. זייערע עלטערן זענען, וואַרשיינלעך, אומגעקומען אין וואַרשע. מיין עלטסטער ברודער משה און זיין טאָכטער, וועלכע האָבן געוווינט אין לוניניעץ (קרעסן), ווּהין זיי האָבן זיך איבערגעטראָגן, נאָכן פאַרלאָזן ווישקאָוו, זענען אויך אומגעקומען פון די מערדערישע הענט.

ערע זייער אָנדענק!

# די נאַצי־מערדער אין שטעטל

ח. א.

ווישקאָוו איז באַזעצט געוואָרן דורך די דייטשן באַלד נאָכן פאַלן פון וואַרשע. די ערשטע מלאכה זייערע איז געווען — ראַבעווען ביי יידן, און אַלץ וואָס קומט אונטער דער האַנט. אַפילו מעבל. איבערהויפּט איז זיי געפעלן געוואָרן דאָס בעטגעוואַנט. כמעט פון יעדער הויז האָבן זיי צוגענומען די קישנס, קאָלדרעס, איבערבעטן. שווער געווען צו פאַרשטיין צוואָס זיי נייטיקן זיך אין אַזויפיל בעטגעוואַנט.

דערנאָך איז אַרויס אַ באַפעל, אַז קיין שום ייד טאָר זיך נישט באַווייזן אין גאַס. דער באַפעל איז געווען גילטיק עטלעכע טעג. שפּעטער — אַ נייע גזירה. אַלע יידן זאָלן זיך צונויפזאַמלען אינמיטן מאַרק. באַוואָפנטע דייטשן זענען ווי צעיושעטע בעסטיעס אַרומגעלאָפן איבער די הייזער און צונויפגעטריבן די יידן. ווען אַלע זענען שוין געווען אויפן מאַרק, האָט מען זיי געטריבן יאָגן הינטער דער שטאָט. קיינער האָט נישט געוווּסט ווּהין. ענדלעך האָט מען זיי באַפוילן זיך אָפּצושטעלן, כדי אַריינטרייבן אין סטאָדאָלעס, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען. אַז די יידן האָבן פאַרפולט די שייערס, האָבן די מערדער אונטערגעצינדן איינעם פון זיי. ריזיקע פלאַמען האָבן אַ זעץ געגעבן פון אַלע זייטן און געדיכטע קנוילן רויך, באַזאַמען מיט די געשרייען פון די אומגליקלעכע, האָבן זיך געריסן צום הימל. די יידן, וואָס זענען געווען פאַרשפּאַרט אין די אַנדערע סטאָדאָלעס, האָבן אויפגעריסן דורכגענג און אָנגעהויבן לויפן. די היטלעריסטן האָבן געעפנט אַ מערדעריש פייער אויף די אַנטלויפנדיקע. פיל זענען געפאַלן טויט. אַנדערע זענען פאַרוואונדעט געוואָרן. ביי יענער מאַסאַקרע זענען פאַרברענט און דערשאָסן געוואָרן 77 יידן. צווישן זיי — 8 קריסטן.

(פון די ייווא״ס־מאַטעריאַלן אין ניו־יאָרק — נומער 1140 ווישקאָוו)

# ווישקאָוו אין פלאַמען

צבי יעקב גמרא
ניו־יאָרק

פרייטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 יאָר, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָבן נאַצישע עראָפּלאַנען זיך באַוויזן איבערן שטעטל, אָבער נישט געוואָרפן קיין באָמבעס. נאָר מיר האָבן געפילט דעם אומגליק אין די ערשטע טעג פון קריג. דעם 5־טן סעפּטעמבער, פינף אַ זייגער אינדערפרי, איז ווישקאָוו שוין געשטאַנען אין פלאַמען, אַרומגענומען אין אַלע פיר זייטן. די שטאָט איז באַשאָסן געוואָרן מיט מאַשינגעווער, עס זענען שוין געווען אַ סך טויטע און פאַרוואונדעטע. צום באַדויערן, האָט איינער נישט געקאָנט העלפן דעם צווייטן. יעדער האָט זיך געמוזט אַליין העלפן, ווי נאָר ער האָט געקאָנט. מענער האָבן געזוכט זייערע פרויען; פאַרצווייפלטע פרויען האָבן געזוכט זייערע מענער און ביידע באַזאַמען האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף זייערע קינדער. אַ שרעקלעכע יללה האָט זיך געטראָגן איבערן גאַנצן שטעטל — און אַלע זענען געלאָפן.

איך לויף אַדורך די גאַס ווו דער גרויסער בית־המדרש האָט זיך געפונען. איך זע ווי דער בית־המדרש שטייט אין פלאַמען און אַלטע קראַנקע לייט, וואָס האָבן זיך געפונען אינעווייניק, שרייען מיט פאַרצווייפלטע קולות:

— ראַטעוועט!

אַלע זענען זיי נעבעך אומגעקומען. די נשמות פון די קדושים זענען צוזאַמען מיט די אותיות פון דער הייליקער תורה אַוועקגעטראָגן געוואָרן דורך די פלאַמען אין הימל אַריין.

מיר לויפן ווייטער — און קוקן זיך אַרום. עס פעלן שוין אַ סך פון אונדזערע ווישקאָווער יידן. שווער איצט אויסצורעכענען אַלע נעמען. מיר לויפן אַריין אין הויז, ווו ס׳האָט געוווינט אונדזער רב זצ״ל. מיר באַראַטן זיך מיט אים וואָס צו טאָן. שווער געווען צו געבן אַן עצה, ווו זיך צו ראַטעווען.

שפּעטער האָט אַ רעגירונגס־באַאַמטער מיטגענומען דעם רב. ווען ער איז אַוועקגעפאָרן פון שטעטל, האָט ער זיך מיט אונדז געזעגנט און טרערן זענען געשטאַנען אין זיינע אויגן. ער האָט אונדז געוווּנטשן מיר זאָלן געהאָלפן ווערן. די דאָזיקע סצענע מיט אונדזער ווירדיקן רב איז מיר שווער צו באַשרייבן.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ווישקאָוו. אַן עולם יידן האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער ריכטונג צו דער הילצערנער בריק, אין וואַלד אַריין, כדי פון דאָרט ווייטער לויפן. ווען מיר זענען שוין געווען אויף דער בריק, האָבן מיר אינמיטן שרעקלעכן געדראַנג דערזען, ווי עס קומען אָן צו פליען דייטשע עראָפּלאַנען און וואַרפן אַראָפּ באָמבעס.

צום גליק זענען די באָמבעס געפאַלן אין וואַסער. מיט עטלעכע שעה שפּעטער, ווען מיר זענען שוין געלעגן אין וואַלד, האָבן מיר געהערט ווי די בריק איז געוואָרן אויפ־געריסן. מענטשן, וואָס האָבן זיך דערנאָך אַרויסגעריסן פון שטעטל, זענען מיט שיפלעך אַריבער אויפן צווייטן ברעג, אין וואַלד. זיי האָבן איבערגעגעבן, אַז די נאַציס בושעווען שוין אין שטעטל. די בתי־מדרשים, בתי־תפילות, חסידים־שטיבלעך זענען פאַרברענט געוואָרן. מיט עטלעכע טעג שפּע־טער איז כמעט אַלץ פאַרניכטעט געוואָרן פון די באָמבעס, אַרטילערישע באַשיסונג און שריפות.

נאָך פיר טעג וואַנדערן אין די וועלדער, זענען מיר אָנגעקומען אין שטעטל יאַדעווע. אין דריי טעג אַרום זענען אויך די נאַציס אַריין קיין יאַדעווע. דאָס שטעטל איז פול געווען מיט יידישע פליטים פון דער אַרומיקער געגנט. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק. נישט געווען ווו איבערצושלאָפן אַ נאַכט. אויך די גאַסן זענען געווען איבערפולט מיט פליטים. מען האָט פון ענגשאַפט זיך געשטיקט אויף די ביידעמער און אין די קעלערס. נישט געווען גענוג צו עסן. מ׳האָט זיך נישט געקאָנט ווי געהעריק אַרומוואַשן. האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן עפּידעמיעס אין יאַדאָווע. דערווייל זענען צוגע־פאַלן די ימים־נוראים.

שרעקלעכע ידיעות האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז. יום־כיפור איז דערהרגעט געוואָרן דער ווענגראָווער רב זצ״ל. האָבן מיר באַשלאָסן גלייך נאָך יום־כיפור צו פאַרלאָזן יאַדאָווע און מיט גרויסע שוועריקייטן זיך דערשלאָגן צו דער גרענעץ.

# אין געראַנגל מיטן טויט

לעמל רובין
פּאַריז

### די ערשטע טעג

דינסטיק, דעם 5־טן סעפּטעמבער 1939, אין פינפטן טאָג זינט דעם מלחמה־אויסברוך, איז ווישקאָוו באָמבאַרדירט געוואָרן. כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטאָט האָט דורך דער בריק זיך געלאָזט לויפן אין וואַלד אַריין און דאָרט געזוכט שוץ. איך מיט מיין פאַמיליע, ווי אויך אונדזערע שכנים — רחל פרומאָוויטש מיט אירע צוויי טעכטער חוה און פייגע, זענען צוזאַמען מיט די האַלדינס, וועלכע האָבן געהאַט אייגענע פערד־און־וואָגן, געזעסן פאַרשטעקט אין ווישקאָווער וואַלד. ווייטער פאָרן האָט מען נישט געקענט, ווייל עס זענען געווען צופיל מענטשן אויפן וואָגן. צופעליק האָבן מיר אין וואַלד באַגעגנט אַ פּאָליאַק פון פראַשניץ, וועלכער האָט געהאַט מיט זיך צוויי פערד און אַ וואָגן. צוריקפאָרן האָט ער נישט געוואָלט, ווייל אין זיין שטעטל האָבן זיך שוין געפונען די דייטשן. האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז ער שטעלט צו אונדזער דיספּאָזיציע זיין וואָגן מיט די פערד, דערפאַר וועלן מיר אים מיט די פירפּיסיקע אויסהאַלטן אַ גאַנצן וועג און ביים סוף פון דער נסיעה וועט מען אים שוין פאַרגיטיקן.

מיר האָבן זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אַריין, נאָר אַ גרעסערע צאָל פאַמיליעס: אשר גאָלאַנסקי מיט זיין פרוי און קינדער, מיין שוואָגער יאָסל האָלאַנד מיט דער פרוי, ווי אויך מיין טייערע מאַמע ליבע־רויזע רובין, וואָס איז שפּעטער אומגעקומען; רחל פרומאָוויטש, אירע ביידע קינ־דער, האָלאַנד מיט זיין פרוי און קינדער, שניאַדאָווער מיט זיין פרוי און קינדער.

אַרויסגעפאָרן איז מען ביינאַכט, נאָר געטראַכט האָט מען: אפשר וואָלט געווען אַ יושר צו פאָרן צוריק? מיר האָבן געוווּסט, אַז די שטאָט איז כמעט אינגאַנצן אָפּגעברענט, געבליבן איז נאָר דאָס הויז פון לערער דאָמב. פיל איינוווינער זענען אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, גראָדנע און אין די קליינע שטעטלעך.

געפאָרן זענען מיר ביינאַכט, בייטאָג גערוט און גלייכ־צייטיק זיך אויסבאַהאַלטן. מיט עסן איז געוואָרן זייער שלעכט און מיט וואַסער — נאָך ערגער. מיר האָבן פון די קאַלו־זשעס אין וואַלד געטרונקען פאַרעיפּושט און פאַראומ־רייניקט וואַסער. די דאָזיקע וואַנדערונג האָט געדויערט עלף טעג.

דורכפאָרנדיק ווענגראָוו, האָבן מיר דאָרט געטראָפן דעם ווישקאָווער גביר עלי־מאיר גאָלדמאַן און ביי דער געלעגנ־הייט זיך אויסגעטענהט וועגן דער ווערט און ווערטלאָזיקייט פון אָנגעזאַמלטע פאַרמעגנס און גיטער, וואָס ווערן צונישט מיטן אויסברוך פון אַ מלחמה... דערביי האָב איך אים דערציילט, אַז כ׳האָב אויפן וועג באַגעגנט אַ צווייטן וויש־קאָווער רייכן ייד, יחיאל־מאיר רובין. צוזאַמען מיט זיין פרוי איז ער געגאַנגען צופוס און אויסגעזען ווי אַלע פליטים וואָס האָבן פאַרלאָזט אונדזער שטאָט.

מיר זענען אָנגעקומען אין דעם שטעטל לאַכאָוויטש. אַזוי ווי דאָס אָרט האָט זיך געפונען אויפן סאַמע גרענעץ, איז געווען אומעגלעך צו פאַרבלייבן. אָשר גאָלאַנסקי האָט געהאַט אין לאַכאָוויטש זיינע באַקאַנטע סוחרים, מיט וועלכע ער האָט געפירט מסחר — און זיי האָבן אונדז אַלע איינ־געאָרדנט אין אַ דערבייאיק דאָרף. נאָכן אָפּזיין אין דאָרף אַ דריי טעג, האָבן מיר מיט פרייד באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין לאַכאָוויטש, ווייל אין שטעטל איז אַריין די רויטע אַרמיי. איצט נעמט אַ סוף צו אונדזערעליידן, מיר זענען באַפרייט.

צו יענער צייט האָט מען נאָך נישט געוווּסט ווי אַזוי עס וועט אויסזען די נייע גרענעץ־ליניע צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד. עס זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע קלאַנגען. איז מען געזעסן אין לאַכאָוויטש, נאָר דע־ביי געטראַכט, אַז עס וואָלט געווען אַ רעכט אַרויסצושיקן עטלעכע מענטשן קיין ווישקאָוו. באַזונדערס האָב איך געהאַט אַן אינטערעס, ווייל אין מיין שטאָל האָב איך געהאַט פאַרגראָבן פיל לעדער, וואָס איז דאָך געווען זייער אַ וויכטיק אַרטיקל, באַזונדערס ביי די רוסן. מיין זון האָט באַדאַרפט צוריקפאָרן קיין ווישקאָוו. אָבער ווי אַזוי, אַז קיין באַנען און אויטאָבוסן קורסירן נישט? דערפאַר האָבן אויף די שאָסייען כסדר זיך באַוועגט קאָלאָנעס סאָוויעטיש מיליטער. אַ פּאָר שטיוול מיט אַ שטיק לעדער האָבן דערמעגלעכט מיין זון אויפצושטייגן אויף אַ סאָוויעטישן מיליטערישן אויטאָ און פאָרן אין דער ריכטונג פון ווישקאָוו. מיט אים זענען אויך מיטגעפאָרן אַנדערע קינדער פון משפחות, וואָס זענען געווען מיט אונדז צוזאַמען.

עס איז אַריבער אַ וואָך — און מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום ידיעה פון די קינדער. די זאָרג און אומרו זענען געוואַקסן. מען האָט געהאַט צו זיך אַליין טענות, הלמאי מען האָט געוואָלט ראַטעווען פאַרמעגנס, און דערביי פאַרגעסן, אַז מען שטעלט איין די לעבנס פון די קינדער. מיט אַמאָל — אַ גרויסע שמחה! די קינדער האָבן זיך אומגעקערט, נאָר זיי האָבן געהאַט צו דערציילן שרעקלעכע איבערלעבונגען. אָנקומענדיק קיין אָסטראָוו, איז די שטאָט שוין געווען באַזעצט דורך דייטשן, וועלכע האָבן אין אָוונט אַרויסגעשלעפּט עטלעכע הונדערט יידן און אָנגעהויבן שיסן. די קינדער זענען קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן און זיך געראַטעוועט קיין זאַמבראָווע, ווו עס זענען געווען די רוסן. וועגן פאָרן קיין ווישקאָוו האָט שוין נישט געקאָנט זיין קיין רייד.

### קיין באַראַנאָוויטש

שפּעטער איז אָנגעקומען קיין לאַכאָוויטש דער ווישקאָווער איינוווינער יאַנקעלע, וואָס האָט געהאַנדלט מיט אַלטע זאַכן, אַן איידעם פון דער געלער פייגע די פישערקע. ער האָט דערציילט, אַז אין מיין שטאָל איז אַריינגעפאַלן אַ באָמבע, אַנטפּלעקט די באַהאַלטענע סחורה, וואָס איז דורך די פּאָליאַקן צעראַבירט געוואָרן. איצט האָט שוין נישט געהאַט קיין טעם צו טראַכטן וועגן דעם פאַרמעגן אין ווישקאָוו. מיר באַשליסן צו פאַרלאָזן לאַכאָוויטש און אַריינפאָרן קיין באַראַנאָוויטש.

אין באַראַנאָוויטש האָב איך אויפגעזוכט באַקאַנטע גאַרבערס, געוועזענע ביי זיי לעדער צום פאַרקויפן און מיט פּרנסה בין איך געווען געזיכערט. מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן ביי מיין פאַך, די קינדער געשיקט אין גימנאַזיע און מען האָט געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן און מיר וועלן זיך אומקערן אין אונדזערע היימען.

דערוויל האָבן די סאָוויעטן געמאָלדן, אַז ווער עס וויל צוריקפאָרן אין זיין פריערדיקער היים, צו די דייטשן, קאָן זיך רעגיסטרירן. אָבער די וואָס ווילן נישט צוריקפאָרן, מוזן אַרויסנעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן, ווערן רוסישע בירגער און זיי וועלן שוין נישט קאָנען פאָרן צוריק. די דאָזיקע מעלדונג האָט אַרויסגערופן גרויס אויפברויז ביי די פּליטים. שווער געווען צו דעצידירן. דערוויל איז דער אָנגעצייכנטער טערמין אָפּגעלאָפן און, ווי דער שטייגער, האָבן אַ טייל אַנטשיידעט צו בלייבן ביי די רוסן און אַ צווייטער טייל — פאָרן אַהיים.

אַרבעטנדיק אַלס בראַקירער פון לעדער און פעלעכלעך אין אַ מלוכהשער אונטערנעמונג, וואָס איז געווען טעטיק אין גאַנצן ראַיאָן און אויסגעהאַלטן אירע 15 פאַמיליעס; זייענדיק פאַרזיכערט מיט פּרנסה און אַ וווינונג; ווי אויך דער פאַקט, אַז די קינדער האָבן געלערנט אין גימנאַזיע — האָבן מיר באַשלאָסן צו בלייבן אין באַראַנאָוויטש. דאָקעגן מיין משפּחה האָט זיך דעצידירט צוריק צו פאָרן. געשען איז אָבער דאָס וואָס איז היינט אַלעמען באַקאַנט: די רעגיסטרירטע אויף צוריק צו פאָרן האָט מען אין אַ פינצטערער נאַכט געהייסן צונויפנעמען קליינע פּעקלעך און אין ספּעציעל צוגעגרייטע עשאַלאָנען אָפּגעשיקט... אין טיף רוסלאַנד. די בריוו, וואָס מיר האָבן שפּעטער באַקומען פון די אומגליקלעכע, האָבן דערציילט וועגן שווערער אַרבעט אין לאַגערן מיט פאַרברעכער, וועגן הונגער־נאַרמעס און אוממענטשלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אויסגעקומען צו לעבן. זיי האָבן מקנא געווען די, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן צו בלייבן אויף די ערטער. אויך פון דער צווייטער זייט גרענעץ, פון פּוילן, וואָס איז געווען אָקופּירט דורך דייטשלאַנד, זענען אָנגעקומען גרויסן און טרויעריקע ידיעות וועגן רדיפות, הונגער, ליידן און פּיין. אין פאַרגלייך מיט די דאָזיקע טרויעריקע באַריכטן האָבן מיר, איינגעאָרדנטע און זיכערע אין באַראַנאָוויטש, זיך געפילט גליקלעך און געווען זייער אָפּטימיסטיש. אָבער אויך דאָ איז געקומען דער סוף.

זומער 1941 זענען די דייטשן אָנגעפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד. איצט זענען מיר ווידער אין דער זעלבער לאַגע, ווי אין ווישקאָוו אין יאָר 1939: באָמבאַרדירונגען, שריפות, פּאַניק, פאַרפּלוטע וועגן מיט פּליטים, חרוב־געוואָרענע היימען. ווו זיך באַהאַלטן?

מען פאַרלאָזט די שטאָט און צופוס הייבט מען אָן וואַנדערן מיט אַלע. די וועגן ווערן באָמבאַרדירט, נאָר ביינאַכט איז מער זיכערער צו גיין. מיר זענען שוין נישט ווייט פון סלאָנים. מיר הערן, אַז אַרום דער שטאָט גייען אָן קאַמפן, באָמבאַרדירונגען, אַרטילערישע באַשיסונגען. מען ליגט עטלעכע טעג אויף די פעלדער, אַן עסן און טרינקען, מ'האָט מורא דעם קאָפּ אויפצוהייבן. די שטאָט ברענט. ערשט ווען עס האָט זיך באַרואיקט און די מענטשן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מען קאָן שוין זיך אומקערן אין די שטובן — האָט מען פאַרלאָזט די פעלדער און פאַרשידענע באַהעלטענישן. אין שטאָט זענען שוין געווען די דייטשן.

### אין סלאָנים

אין די ערשטע טעג פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט געהערשט אַ פאַרהעלטניסמעסיקע שטילקייט. דער איינדרוק איז געווען, אַז טראָץ די מלחמה־באַדינגונגען, קערט זיך אַלץ צוריק צום נאָרמאַלן לעבן. נאָר איינמאָל ביינאַכט האָבן רעשטלעך פון סאָוויעטישן מיליטער, וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין דער סביבה, אַדורכגעפירט אַן אומגעריכטן באַוואָפנטן איבערפאַל אויף דעם הויז, ווו ס'האָט זיך געפינען דער דייטשישער מיליטערישער שטאַב. פיל אָפיצירן און זעלנער פון דער היטלעריסטישער אַרמיי זענען אומגעקומען, די געביידע איז געוואָרן אויפגעריסן און די רויטאַרמייער האָבן זיך צוריקגעצויגן. צומאָרגנס האָבן די דייטשן באַשלאָסן נקמה צו נעמען פאַר דעם נאַכט־איבערפאַל. הונדערטער זעלנער האָבן דורכגענישטערט יעדע שטוב און יעדן אָנגעטראָפענעם מאַן געהייסן גלייך פאַרלאָזן די היים. מיט אויפגעהויבענע הענט, לויפנדיק, האָט ער געמוזט צוקומען צום זאַמל־פּלאַץ אין עק שטאָט. די דייטשן האָבן געטענהט, אַז דעם איבערפאַל האָבן אַדורכגעפירט די ציווילע איינוווינער פון שטאָט — און דערפאַר וועט מען באַשטראָפן אַלע דערוואַקסענע מענער.

אויך איך מיט מיין זון יאַנקל זענען מיט אויפגעהויבענע הענט געלאָפן צום זאַמל־פּונקט — אַ גרויסער פּלאַץ אין עק שטאָט, אָפּגעצוימט מיט שטעכל־דראָט, ווו עס זענען שוין געווען פאַרזאַמלט איבער 20 טויזנט מענטשן. צווישן זיי — פיל רוסישע זעלנער און אָפיצירן. מען האָט געשמועסט, אַז אויך אַ רוסישער גענעראַל איז פאַראַן צווישן די געפאַנגענע.

דעם דאָזיקן ריזיקן עולם מענטשן האָט מען געהאַלטן אונטערן פרייען הימל, אַן עסן און טרינקען. אַלע האָבן געמוזט זיצן אויף דער ערד; אויפשטעלן זיך האָט געדראָט מיט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

עס איז פאַריבער דער טאָג, עס איז געקומען די נאַכט

און דער באַגינען האָט אָנגעזאָגט וועגן אָנקום פון צווייטן טאָג. ווייזט אויס, אַז אַ טייל פרויען איז געלונגען אויסצופועלן אין דער דייטשישער קאָמענדאַנטור זיי זאָלן ברענגען עסן פאַר זייערע מענער. אין דער פרי האָבן זיך באַוויזן עטלעכע פרויען און מיידלעך מיט קיישלעך עסן. מיין טאָכטער מאַניע, וואָס איז געקומען צו מיר מיט מיין זון — האָט מען נישט אַריינגעלאָזט. ערשט ווען זי האָט זיך געבעטן ביים גלח, וואָס איז דאָרט געווען נעבן פלאַץ (ער איז געקומען זיך אינטערעסירן מיטן גורל פון זיינע גלויביקע קאַטאָליקן, די פאַרהאַלטענע פאָליאַקן און ווייסרוסן), איז איר געלונגען אונדז איבערצוגעבן דאָס עסן.

עס איז פאָריבער נאָך אַ מעת־לעת און ענדלעך האָט מען אָנגעהויבן איינציקווייז אַרויסלאָזן די מענטשן. יעדער איינער איז גוט באַזוכט געוואָרן און די ווערטפולע זאַכן האָט מען ביי אים צוגענומען. יעדער באַפרייטער איז שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן דורך אַ „בראַנד" פון אויסגעשטעלטע זעלנער.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן כלומרשט נאָרמאַליזירן דאָס לעבן אין שטאָט. די דייטשן האָבן אַרויסגעוויזן אינטערעס און פאַרשטענדעניש פאַר מיין אַרבעט און אַפילו פאָרגעלייגט ממשיך צו זיין אַלס בראַקירער פון לעדער און פעלעכלעך, ווי איך האָב דאָס געטאָן ביי די סאָוויעטן. די גאַרבערייען זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג און אַלס אויפזעער איבער מיר איז באַשטימט געוואָרן אַ דייטש. די אונטערנעמונג, ווו כ׳האָב איצט געאַרבעט, האָט זיך פאַרגרעסערט און אַרומגענומען 175 אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן רעגולער באַקומען זייער געהאַלט.

נאָכן שאַפן דורך די דייטשן אַ יודענראַט, איז די יידישע באַפעלקערונג אין שטאָט באַפאַלן אַן אומרו. עס האָט זיך אויסגעוויזן, נאָך די פאַרשידענע גזירות און קאָנטריבוציעס, אַז ס׳איז נישט ווייט דער טאָג פון אומברענגען אַלע יידן. דערווייל האָט מען אחינו בני ישראל געטריבן צו שווערער אַרבעט, פון פינצטער ביז פינצטער. אומקערנדיק זיך פון דער שקלאַפן־אַרבעט, איז נישט געווען אָפצועסן צו דער זעט און אויך נישט ווו זיך אָפצורוען, ווייל אין יעדער צימער האָבן איצט געוווינט צו עטלעכע פאַמיליעס. די דייטשן האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז אין געטאָ זאָל הערשן הונגער, נויט, ענגשאַפט, קראַנקהייטן און דעמאָראַליזאַציע. און איבער אַלעמען — דאָס שרעקלעכע, דאָס אומדערוואַרטעטע, דאָס אומבאַוווּסטע, וואָס איז געהאָנגען אין דער לופט, וועגן וועלכן אַלע האָבן גערעדט און פאָרגעפילט...

איינמאָל האָט מען באַפוילן דעם יודענראַט צושטעלן 60 קרעפטיקע יידישע יונגעלייט און מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג אויף אַרבעט. אין שטאָט האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז זיי גראָבן איצט גרויסע, טיפע גריבער. קאָן זיין — קעגן טאַנקן, און קאָן זיין... ווער ווייסט, אפשר גאָר ברידער־קברים פאַר די יידן פון סלאָנים?

צו אונדז איז דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז ערשט נישט לאַנג האָט מען פון אַ קליין שכנותדיק שטעטל אַרויסגעפירט אַלע 200 יידן, זיי דערשאָסן און באַגראָבן אין גרויסע גריבער. מיר האָבן געגלויבט, אַז אויך אונדזער גורל וועט זיין דער זעלבער.

מיט אַמאָל איז אַרויס אַ גזירה וועגן אַרויסנעמען ספּעציעלע שיינען, וואָס וועלן אַרויסגעגעבן ווערן אין דער דייטשישער קאָמענדאַנטור. און די, וואָס וועלן אַזאַ ש״ין נישט האָבן — וועלן דעפּאָרטירט ווערן. אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילסט געיעג נאָכן פּאַפּירל: ווער מיט געלט, ווער מיט פּראָטעקציע, ווער טאַקע אַלס פאָרלויפיק נוצלעכער פאַר די דייטשן — האָבן באַקומען די צייגניש. די אומגליקלעכע, וועמען מען האָט נישט אַרויסגעגעבן דאָס פּאַפּירל — און אַזעלכע זענען געווען גאָר גאָר אַ סך! — האָבן אָנגעהויבן לעבן אין טויטשרעק. איך, אַלס פאַכמאַן, האָב אויך באַקומען אַ ש״ין. ריזיקירנדיק, האָב איך אין אונדזער קליינעם צימער אַריינגענומען נאָך 17 מענטשן, וואָס האָבן נישט באַוויזן זיך איינצושאַפן דאָס פּאַפּירל, צווישן זיי — די ווישקאָווער רחל פרומאָוויטש מיט אירעביידע טעכטער.

אַזוי איז פאָריבער אַ חודש צייט. 22 מענטשן זענען מיר אין איין צימער געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. אין דער פרי פלעגן די אויסבאַהאַלטענע זיך אומקערן אַהיים. אָבער געגעכטיקט האָבן זיי ביי אונדז.

## די ערשטע אַקציע

דעם 14־טן אָקטאָבער 1942 איז דאָס געטאָ אַרומגעשטעלט געוואָרן פון אַלע זייטן דורך דייטשן און אוקראַינער. דאָס אַרויסטרייבן די יידן — אַלטע לייט, פרויען, קינדער, אַרבעטספעיקע מענער, איז פאָרגעקומען אויף אַ זייער ברוטאַלן און אכזריותדיקן אופן. נאָך איידער מען האָט די אומגליקלעכע צען טויזנט יידן אַוועקגעפירט צו די גריבער, האָט אין די גאַסן געשטראָמט יידיש בלוט פון די דערשיסונגען און מערדערייען. מיר, די איבערגעבליבענע, האָבן געוווּסט וואָס ס׳איז פאָרגעקומען מיט אונדזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער. די מאַסן־קברים האָבן אין משך פון עטלעכע טעג זיך באַוועגט — דאָס האָבן נישט־דערשאָסענע און האַלב־לעבעדיקע יידן נאָך געאָטעמט הינטערן שווערן ערד־צודעק...

9 מענטשן איז געלונגען ביינאַכט צוריק צו קומען אין שטאָט אַריין — שווער פאַרוווּנדעטע, אָפגייענדיק אין בלוט. מען האָט זיי געגעבן די ערשטע הילף און איינגעאָרדנט אין שפּיטאָל. די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט וועגן די ניצולגעוואָרענע און אין דער פרי זיי אַוועקגענומען פון שפּיטאָל, צוריק צו די גריבער, דאָרט זיי דערשאָסן און באַגראָבן.

דערנאָך איז אַלץ צוריק צום „נאָרמאַלן" גאַנג. די פאַרבליבענע יידן זענען ווייטער געטריבן געוואָרן צו שקלאַפן־אַרבעט. אין דער דייטשישער צייטונג האָט זיך באַוויזן אַ ידיעה, אַז אין שטאָט האָבן באַנדיטן אויסגעהרגעט עטלעכע יידן, נאָר זיי, די דייטשן, האָבן די באַנדיטן פאַרטריבן...

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מען אויף דער יידישער באַפעלקערונג אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע: צושטעלן 100 קילאָ גאָלד! דער גאַנצער יודענראַט האָט זיך מאָביליזירט פאַר דער אַקציע. נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען איז געלונגען צוצושטעלן דאָס געפאָדערטע — ווידער האָט מען געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז דאָסמאָל וועט מען שוין מערער נישט טשעפּען.

עס זענען פאָריבער 9 חדשים נאָך דער גרויסער שחיטה. יידן האָבן דערווייל אָנגעהויבן בויען פאַרשידענע באַהעלטענישן, בונקערס, „סכראָנעס", איינגעאָרדנט קעלערס און ביידעמער, אויפגעשטעלט דאָפּלטע ווענט.

יעדן 6 אינדערפרי האָט מען אַלע יידישע אַרבעטער און פאַכלייט אויסגעשטעלט אויף אַן אַפּעל אויפן פּלאַץ זשאַבינקע. נאָכן איבערציילן די שוסטערס, שניידערס, גאַרבערס, סטאָלערס, מעכאַניקער און אַנדערע פאַכלייט, האָט מען זיי אויסגעשטעלט איז באַזונדערע גרופּעס און אַוועקגעפירט צו דער אַרבעט. די דייטשן האָבן אָפט אַליין אַרויס־

געלאָזט קלאַנגען וועגן ליקווידירן דאָס געטאָ אין אַ באַשטימטן טאָג — נאָר די זאַך נישט אַדורכגעפירט. די כוונה פון די דייטשן איז געווען אונדז צו אַנטוואָפּענען און דעזאָריענטירן, כדי מיר זאָלן קיינמאָל נישט וויסן ווי אײַנגנטלעך מען האַלט אין דער וועלט. די געטאָ־אײַנוווינער איז דאָס לעבן אין שרעק און הונגער פון לאַנג שוין פּאַרמיאוסט געוואָרן און נישט איינער האָט אויסגעקוקט דעם טויט ווי אַ דערלייזונג. אָבער דער רוב האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט, אים געוואָלט בייקומען און בלייבן לעבן.

### די צווייטע אַקציע

די מערדער האָבן אָבער פון לאַנג געהאַט אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל אויפן יידישן פאָלק. אַ געוויסן טאָג (די דאַטע קאָן איך זיך נישט דערמאָנען), האָט מען אַרומגעשטעלט דאָס געטאָ און דורך הילכערס אַרויסגערופן די גרופּן־אָנפירערס פון די יידישע פּאַכלייט און דערנאָך אַלע געטאָ־אײַנוווינער, זיי צוגעזאָגט דאָס לעבן, אַבי זיי זאָלן דערשיינען צום אַפּעל. מען דאַרף בלויז קאָנטראָלירן, ציילן און רעכענען. די יידן האָבן פאַרגעפילט, אַז איצט מיינען די רוצחים ענטגילטיק צו ליקווידירן דאָס געטאָ. די וואָס זענען געזעסן אין די בונקערס, האָבן באַשלאָסן פון דאָרט זיך נישט צו רירן.

פונדעסטוועגן איז געלונגען די דייטשן, באַזונדערס מיט דער הילף פון די גרופּן־אָנפירערס, אַרויסצונאַרן אַ טייל יידן פון די באַהעלטענישן, מיטן גלויבן, אַז מען מיינט נאָר רעגיסטראַציע... איך אַליין האָב שוין געהאַט פאַרלאָזט די באַהעלטעניש מיטן געדאַנק זיך צוצושטעלן — אָבער מיין טאָכטער מאַניע האָט מיר פאַרשטעלט דעם וועג און אויף אַ קאַטעגאָרישן אופן דערקלערט, אַז זי וועט מיך נישט לאָזן גיין. „טאַטעשי, גלויב זיי נישט. איצט ווילן זיי בלויז אַרויסנאַרן די מענטשן און זיי אַוועקפירן צו די גריבער"...

איך האָב נאָכגעגעבן — און זיך אומגעקערט אין בונקער, ווו עס זענען געווען אויסבאַהאַלטן 17 פּערזאָן, צווישן זיי — דער רב פון קאָזלאָווטשיזנע.

פונדרויסן האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן דערשטיקטע אָפּקלאַנגען פון דער אָנגעפאַנגענער אַקציע. די דייטשן און זייערע געהילפן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג האָבן סיסטעמאַטיש דורכגעזוכט יעדעס הויז. ווו ס'איז געווען אַ פאַרדאַכט, אַז דאָרט זענען אויסבאַהאַלטן יידן — האָבן זיי דאָס הויז אונטערגעצונדן. מיר האָבן געהערט אויך שאָסן, ווילדע געשרייען פון די פאַרברעכער און געוויינען מיט יללות פון די קרבנות. די לופט האָבן אַלעמאָל דורכגעשניטן שאָסן און אויפרייסן.

8 טעג האָט געדויערט דער דאָזיקער מאַסן־מאָרד איבער אַ שטאָט יידן, וואָס איז ניצול געוואָרן פון די פריערדיקע אַקציעס און פון די אַנדערע מיתה־משונהס, וועלכע די דייטשן האָבן צוגעטראַכט, כדי אומברענגען אונדזער פאָלק. אין אונדזער באַהעלטעניש איז נישט געווען קיין עסן, קיין ברויט און דער עיקר — קיין לופט צום אָטעמען. כ'האָב מער נישט אויסגעהאַלטן און באַשלאָסן אַרויסצוגיין כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. כ'בין אַרויף אויפן בוידעם און פון דאָרט אַרויסגעקוקט. פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ מוראדיק בילד. די גאַנצע גאַס און דער פּלאַץ זשאַבינקע זענען אָפּגעברענט. עס שפּאַצירן נאָך מענטשן אין דער שטאָט, אָבער דאָס זענען נישט קיין יידן. אויף לאַסט־אויטאָס פירט מען נאָך יידן — מן־הסתמא אויפצורוימען די טויטע, דערנאָך וועט מען די אויפרוימער אויך דערשיסן. דאַן זענען מיר שוין געווען באַהאַוונט אין די גענג פון די מערדער.

כ'בין צוריק אַראָפּ אין קעלער און דערציילט וואָס מיינע אויגן האָבן געזען. דערווייל האָט דאָרט איינע פון די פרויען געבוירן אַ קינד. אַלע 17 באַהאַלטענע האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ ניי־געבוירן עופעלע באַדראָט אונדז אַלעמען. די מוטער, אַן אָפּגעשוואַכטע און אויסגעמאַטערטע פונעם געבורט און פון די שווערע באַדינגונגען פון זיין אין קעלער, האָט זיך אָנגענומען מיט די לעצטע כוחות און — — — דערשטיקט דאָס קינד. ביינאַכט האָט זי עס אַרויסגעטראָגן אויפן הויף...

כ'האָב ווידער נישט געקאָנט אויסהאַלטן אין קעלער — און אַרויס אויף דער פרישער לופט. כ'האָב באַשלאָסן זיך אַוועקצולאָזן צום אינזשיניער פּאַשקאָרניק, וועלכער איז געווען מיין שעף. ער האָט אָנגעפירט מיט אַלע גאַרבערייען אין שטאָט. ביי אים אין שטוב האָב איך בלויז געטראָפן ליגן טויטע קערפּערס, וועלכע זענען נישט אויפגערוימט געוואָרן. די שטאָט האָט אויסגעזען ווי געשטאָרבן. גייענדיק צוריק צום קעלער, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ באַוואָפנטן אוקראַינער, וועלכער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט די ביקס און אַרעסטירט. דערנאָך האָט ער מיר געהייסן אויסטאָן מיינע נייע, גוטע שטיוול, זיי צוגענומען און געהייסן גיין צו דער פּאָליציי־קאָמענדע.. נאָר אויפן וועג האָט ער פאַרגעלייגט אים אויסזאָגן ווו איך האָב באַהאַלטן געלט אָדער גאָלד, אַנטדעקן באַהעלטענישן פון יידן. אין ביידע פאַלן וועט ער מיר שענקען דאָס לעבן. מילא, האָב איך געטראַכט, דאָס וועסטו ביי מיר נישט דערלעבן... אָבער ווי אַזוי וועט מיין פרוי און קינדער זיך דערוויסן וואָס ס'האָט מיט מיר געטראָפן? „איר ווייסט וואָס — זאָג איך צום אוקראַינער — אָט וווין איך נישט ווייט פונדאַנען. אין שטוב האָב איך באַהאַלטן אַ פּאָר גאָלדענע אויערינגלעך. קום, כ'וועל זיי דיר געבן".

ער איז מיט מיר אַריין אין שטוב, ווו אונטער דער פּאָדלאָגע האָט זיך געפונען די באַהעלטעניש. אין שטוב האָב איך כלומרשט געזוכט די אויערינגלך און דערביי גערעדט צום אוקראַינער אויפן הויכן קול, זאָל מיין פרוי און קינדער וויסן, אַז כ'בין אַ פאַרפאַלענער. פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב קיין שום צירונג נישט געפונען — און ער האָט מיך גענומען צו דער קאָמענדע, און פון דאָרט — אין טורמע.

דאָ האָב איך געטראָפן פיל מענטשן, באַקאַנטע יידן, וועמען מען האָט אַנטדעקט אין די פאַרשידענע סכראָנעס. זייער גורל פונקט ווי מיינער, איז געווען אַ קלאָרער: דערשאָסן ווערן ביי די גריבער. כ'האָב געהאַט שטאַרק פאַרדרוס אויף זיך אַליין, וואָס צוליב אַ לייכטזיניקן שריט בין איך אַריינגעפאַלן צו די רוצחים. האָבן דאָך אַלע מיך געוואָרנט נישט אַרויסצוגיין!

8 פרוי זענען פאַרפאָרן אויטאָס און עטלעכע אָפיצירן האָבן אָנגעהויבן אַוועקפירן די יידן וואָס זענען געווען עלטער פון 50 יאָר. מיט אַמאָל דערזע איך צווישן די דייטשן דעם לייטער פון אונדזער אונטערנעמונג, וועמען איך פלעג אָפּטגעבן פון אונדזער גאַרבעריי די בעסטע לעדער אויף שטיוול, אויף אַ מאַנטל און אַנדערע זאַכן. איך בין צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— הער שיפּמאַן, איך דאַרף דאָך גיין אין שעכטהויז נעמען די פעל צום איינזאַלצן...

— יאַ, הער רובין, זי גייען גלייך הערויס — ענטפערט ער מיר, אָפּמעסטנדיק מיך מיט אַ פילזאָגנדיקן בליק. —

אייער לייטער פּאַשקאָרניק וואַרט אויף יענער זייט טויער און ער וועט אייך נעמען צו דער אַרבעט...

ווער קאָן איצט באַשרייבן מיין פרייד און טיפע איבערלעבונג פון אַזאַ איבערראַשנדיקער ענדערונג? איך בין אַרויס פון תפיסה־הויף, ווו מען האָט שוין אויפגעלאָדנט די אומגליקלעכע צום דערשיסן. ביים ט:ויער איז טאַקע געשטאַנען פּאַשקאָרניק און באַגעגנדיק אים, האָב איך געלאַכט און געוויינט פאַר פרייד. דאָס ערשטע וואָס ער האָט מיר דערציילט, האָט נאָך מער מיך געמוטיקט: אַז מיין זון יאַנקל לעבט און איז געזונט! איך האָב געבעטן פּאַשקאָרניקן ער זאָל צוגיין צו מיר אין בונקער און דאָרט איבערגעבן מיין פרוי און קינדער די נייעס און אויך, אַז איך בין ניצול־געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. דער פּאַשקאָרניק האָט געהאַט אַ רעכט פריי זיך צו באַוועגן איבער דער שטאָט. איך זעלבסט האָב מיט אַ גרופּע אַנדערע אָפּמאַרשירט צו דער אַרבעט.

צומאָרגנס האָבן די דייטשן באַפוילן די 100 לעבנגעבליבענע יידן צו שלאָפן אין דער שטוב ווו איך האָב געוווינט און ווו אונטער דער פּאַדלאָגע האָט זיך געפונען די באַהעלטעניש. אין צימער האָבן זיך געמעגט געפינען נאָר מענער. האָבן מיר די פרויען איינגעאָרדנט אין קעלער, בעת די מענער האָבן אין ענגשאַפט און שמוץ געמוזט זיך צונויפדרענגען אין איין צימער און דאָרט שלאָפן, נאָך אַ טאָג קאַטאָרגע־אַרבעט.

### צוריק קיין ביאַליסטאָק

מיט אַמאָל — מען רופט שוין נישט צו דער אַרבעט. נישט אַנדערש, איצט האַלט מען אונדז בלויז אויף אומצוברענגען. וואָס טאָן? איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין שטאָט איז פאַראַן אַ פּאָליאַק, וואָס פאַר געלט פירט ער אַריבער קיין ביאַליסטאָק, אין אָרטיקן געטאָ, וואָס האָט נאָך עקזיסטירט. מיט גרויס שוועריקייטן און ריזיקע האָב איך אויפגעזוכט דעם פּאָליאַק און פאַרן פרייז פון 5 טויזנט דאָלאַר האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז צומערשט פירט ער אַריבער מיינע קינדער — דעם זון יעקב בן־ציון און די טאָכטער מרים. ווען מיר האָבן פון זיי באַקומען אַ צעטעלע, אַז אַלץ איז אַדורך בשלום, האָבן אויך מיר, די עלטערן, מיט דער יינגסטער טאָכטער איטקע, באַשלאָסן צו לאָזן זיך אין וועג אַריין.

10 נעכט האָבן מיר געוואַנדערט איבער פעלדער און וועלדער, ווייל בייטאָג האָט מען זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן. מיט די לעצטע כוחות זענען מיר אָנגעקומען אין ביאַליסטאָקער געטאָ. דאָ איז אַלץ געווען פאַרגעקומען ווי אין געטאָ סלאָנים: הונגער, נויט, קראַנקהייטן, דערשיסונגען אויף די גאַסן, אַקציעס און איבער אַלעמען — די אומזיכערקייט נישט נאָר מיטן מאָרגנדיקן טאָג, ווייל אויך דער היינט איז שטענדיק פול געווען מיט איבערראַשונגען. אויך דאָ האָט מען פאַרשפרייט כלערליי קלאַנגען און ידיעות, כלומרשט פון זיכערע קוועלן, וואָס האָבן געהאַט איין ציל: צו דעזאָריענטירן און אַנטוואָפענען די אַזוי אויך דערשלאָגענע יידן.

אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָבן מיר געטראָפן חיים־שלמה, גאָלדע און באַלטשע פרומאָוויטש, וועלכע זענען די גאַנצע צייט געווען אין ביאַליסטאָק. צוזאַמען האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אַ בונקער און באַשלאָסן דאָרט זיך אויסצובאַהאַלטן, האָבנדיק הינטער זיך די דערפאַרונגען פון סלאָנימער געטאָ. נאָכן אָפּזיין אַ 9 חדשים, האָבן אויף די גאַסן פון געטאָ זיך באַוויזן מעלדונגען, אַז אַלע איינוווינער זאָלן זיך צושטעלן אויף אַ באַשטימט אָרט, כדי רעגיסטרירן און פונאַנדערטיילן אויף אַרבעט. מיר האָבן שוין געוווּסט וואָס אַזאַ רעגיסטראַציע באַטייט און געוואָרנט די ביאַליסטאָקער יידן, אָבער זיי האָבן אונדז נישט געגלויבט. „וואָס הייסט — מען וועט סתם אויסשיסן מענטשן, צי זיי פאַרברענען? זיי דאַרפן אונדז האָבן אַלס אַרבעטער...” יענעם טראַגישן טאָג האָט זיך איבערגעחזרט אַלץ וואָס ס'איז געשען אין סלאָנים. די פאַרזאַמלטע יידן האָט מען כלומרשט געציילט, סאָרטירט, אָבער אויך געשלאָגן און געמאָרדעט — ביזן אויפלאָדן אויף דער צוגעגרייטער באַן, וואָס האָט זיי אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע...

אין אָוונט האָבן די באַהאַלטענע יידן ווי שאָטנס זיך אַרויסגעשאַרט פון די בונקערס און דערפילט די פוסטקייט צוליב די אויסגעליידיקטע הייזער און פאַרשיקטע איינוווינער. מיט צעבראָכענע הערצער זענען מיר צוריק אַריין אין אונדזער בונקער. עטלעכע מאָל אין טאָג, ווי אויך אין די נעכט, האָבן מיר געהערט ווי איבער אונדזערע קעפּ זוכן די דייטשן מיט אוקראַינער אויסבאַהאַלטענע יידן. אונדזער בונקער, ספּעציעל דער אַריינגאַנג אַהין, איז געווען גוט פאַרמאַסקירט. אין די אָוונטן האָט מען זיך דערלויבט טיילמאָל אַרויסגיין אויף אַריינצואָטעמען פרישע לופט.

איינמאָל האָב איך געהאַט אַן איבערראַשונג, געפונענדיק זיך אין דרויסן. כ'האָב זיך אָנגעשטויסן אויף דעם פּאָליאַק יאַנעק, דער זעלבער וואָס האָט מיינע קינדער אַריבערגעפירט קיין ביאַליסטאָק. ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט יידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַלד. ער האָט געוווּסט ווו מיינע קינדער זענען אויסבאַהאַלטן. ער איז גרייט געווען מיך, מיין פרוי און מיין קוזינע אַריבערצופירן צו די פּאַרטיזאַנער, נאָר מיטן באַדינג, אַז איך זאָל אויסגראָבן פון אַ באַהעלטעניש אַ ראַדיאָ־סטאַציע, מיט וועלכער מען קאָן איבערשיקן ידיעות און זי איבערפירן אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער. איך האָב מסכים געווען, הגם כ'האָב געוווּסט מיט וואָס אַזאַ ריזיקע שמעקט. ביינאַכט איז יאַנעק געקומען צו מיר און אַוועקגעפירט צו זיך אויפן בוידעם. דאָ האָב איך באַדאַרפט וואַרטן ביז 3 פאַרטאָג, ווען עס וועט קומען מאַרילע, די פאַרבינדלערין פון די פּאַרטיזאַנער און צוזאַמען האָבן מיר באַדאַרפט אַדורכפירן די אַרבעט פון אויסגראָבן און איבערפירן די ראַדיאָ־סטאַציע. נאָר אַנשטאָט מאַרילע, איז גאָר אָנגעקומען די געסטאַפּאָ. זיי האָבן אַרעסטירט יאַנעקן און אים אַוועקגעפירט. איך בין געבליבן אויפן בוידעם און מיין איינציקער געדאַנק איז געווען: ווי אַזוי צוריק קומען אין געטאָ, צו מיינע טייערע?

עס האָט שוין גענומען טאָגן, ווען איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון בוידעם און מיט פיל האַרץ־קלאַפּעניש, דורך וועגן־אומוועגן, איז מיר געלונגען צוריק קומען אין געטאָ און זיך דערשלאָגן צו מיין בונקער. די פרייד פון מיין פרוי און קוזינע איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס. מיר זענען געווען איינשטימיק, אַז לענגער דאָ בלייבן — טאָר מען נישט. וויסנדיק דעם אַדרעס פון אונדזערע קינדער, האָבן מיר אַלע דריי באַשלאָסן צו דערשלאָגן זיך צו זיי און דערנאָך — צו די פּאַרטיזאַנער.

אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס געטאָ דורכן זעלבן טירל, דורך וועלכן יאַנעק האָט מיך שוין געהאַט אַרויסגעפירט...

### די פינצטערע בשורה

אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געוואַנדערט מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט און שרעק. דער ציל איז געווען: דערגרייכן די קינדער און בלייבן מיט זיי צוזאַמען. אויף

דעם אָפגערעדטן אָרט, אַ צוואַנציק קילאָמעטער הינטער ביאַליסטאָק, האָבן מיר קיינעמען נישט געטראָפן. איז מען אַוועק אין וואַלד, דאָרט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ בוים און אָנגעהויבן באַטראַכטן די לאַגע. אונדזערע הערצער האָבן געקלאַפט האַסטיקער און אומרואיקער, דאָך האָט מען די האָפענונג נישט פאַרלוירן. מיר האָבן געוווּסט, אַז ביים פויער מאַלינאָווסקי וואָס וווינט נישט ווייט אין דאָרף, האָט מיין זון זיך באַדאַרפט אויסבאַהאַלטן. נאָר וויאַזוי קומט מען צו דעם פויער, אַז אויף די וועגן דראָען טויזנטער געפאַרן? כ'האָב באַשלאָסן צו ריזיקירן, גענומען אַ פאָר שטיוול הינטערן אָרעם, כדי שאַפן דעם איינדרוק, אַז דאָס גייט אַ שוסטער וועלכער טראָגט אָפ די אַרבעט צו אַ פויער — און אַוועק אין דאָרף.

די פויערים וואָס האָבן מיך געקענט און באַגעגנט אויפן וועג, האָבן געראָטן נישט גיין צו מאַלינאָווסקין. נאָר דער ווילן צו זען די קינדער איז געווען שטאַרקער פון אַלעמען — און כ'האָב אָנגעקלאַפט ביי מאַלינאָווסקין אין טיר, אים אָנגעגעבן אַלע סימנים און געפרעגט אויף מיין זון, טאָכטער און נאָך צוויי קינדער, וואָס האָבן באַדאַרפט ביי אים זיין. דאָ איז געקומען די שרעקלעכע בשורה: אַלע פיר קינדער זענען דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן נעבן דער בריק...

איך געדענק נישט ווי אַזוי כ'בין דערנאָך צוריקגעקומען אין וואַלד, צו מיין פרוי און קוזינע. אָנשטאָט זיי באַרואיקן, האָב איך אין פאַרצווייפלונג דערקלערט, אַז כ'וויל מער נישט לעבן און דער בעסטער אויסוועג — צו הענגען זיך אויף אַ בוים. נאָר ביידע פרויען האָבן געוויינט און געבעטן כ'זאָל זיי נישט איבערלאָזן אויף הפקר. אָן מיר האָבן אויך זיי נישט וואָס צו לעבן. איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצו־וואַרטן ביז עס וועט צופאַלן די נאַכט און כ'וועל נאָך אַמאָל גיין צו מאַלינאָווסקין. אַריינקומענדיק צו אים צום צווייטן מאָל, האָט דער גוי אויף מיר זיך אָנגעבייזערט פאַרוואָס כ'דריי אים אַ קאָפ און שטעל איין זיין לעבן. כ'האָב זיך ביי אים געבעטן, אפשר ווייסט ער ווו עס וווינט דער פויער מילעווסקי, ווייל ביי אים האָט מיין זון געהאַט אַמאָל צו־געגרייט אַ סכראָן. מאַלינאָווסקי האָט מסכים געווען מיך צוצופירן צו מילעווסקין, נאָר מיטן באַדינג, כ'זאָל נישט דערציילן ווער ס'האָט מיר געוויזן דעם וועג.

ווען כ'האָב אָנגעקלאַפט ביי מילעווסקין אין טיר, איז אַרויסגעקומען אַ הויכער, געזונטער פויער. כ'האָב זיך דער־שראָקן פאַר זיין בלויזן אויסזען. אויף מיין פראַגע צי ער ווייסט ווו עס געפינט זיך מיין זון, האָט ער געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט, און ער האָט אויך באַשטעטיקט, אַז ביי דער בריק אין זלאָטעגאָריע זענען דערשאָסן געוואָרן פיר יידן — צוויי מענער און צוויי פרויען. ווידער איז דאָס האַרץ פאַרקלעמט געוואָרן פון דער איוב־בשורה. איצט זענען שוין נישט געווען קיין שום האָפענונגען צו זען די קינדער. כ'האָב געבעטן דעם פויער, אפשר וועט ער אונדז וועלן אַריינעמען צו זיך, ער האָט דאָך אַ פאַרטיקן בונקער. ער האָט דערפון נישט געוואָלט הערן, נאָר זעענדיק מיין צודרינגלעכקייט, האָט ער מיך געהייסן אַריינגיין אין שטוב און דאָרט וועט ער פרעגן אַן עצה זיין פרוי. איך האָב זיי צוגעזאָגט גוט צו באַלוינען פאַר דער באַהעלטעניש — און סוף־כל־סוף האָבן זיי מסכים געווען אונדז אַריינצונעמען אויפן בוידעם איבער דער שטאַל, ווייל דער בונקער איז שוין געווען פאַרשיט און זיי האָבן צוגעזאָגט אים צוגרייטן אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג.

פאַר זייער גוט האַרץ האָבן מיר די מילעווסקיס באַלוינט מיט 10 קליידער און עטלעכע פאָר שטיוול. דערפאַר האָבן מיר באַקומען אַ באַהעלטעניש, צו עסן און מיר האָבן זיי געהאָלפן אויך איינאָרדענען דעם סכראָן. דער אַריינגאַנג אַהין איז געווען פון אינעווייניק, פון דער סטאַדאָלע, און אויף דער טיר איז שטענדיק געלעגן פאַשע פאַרן פערד, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל. אין דרויסן איז געווען אַן ערד־אָנשיט, ווו מ'האָט געהאַלטן קאַרטאָפל. פון שטאַנדפונקט פון מאַס־קירונג, זענען מיר געווען מער־ווייניק זיכער. מיר זענען אין דעם סכראָן געלעגן עטלעכע וואָכן, ביז שמחת־תורה. אין די נעכט פלעגט מען אַרויסגיין, כדי איינאָטעמען פרישע לופט.

### „איר מוזט גיין פונדאַנען!"

איינמאָל, אין האַלבער נאַכט, האָב איך באַשלאָסן אַרויס־גיין פון בונקער, כדי אויסגלייכן דעם קערפער און געניסן פון אַ ביסל ריינער לופט. איך דערזע ליכט אין דער כאַטע פון אונדזער רעטער און דורך דער אָפענער טיר דערטראָגן זיך צו מיר פאַרשיידענע קולות מיט די ערגסטע זידלווערטער: „זאָג, ווו באַהאַלטסטו די דריי יידן? ביי דיר געפינען זיך אַ מאַן און צוויי פרויען. אויב דו גיסט זיי אויס — וועט מען דיר גאָרנישט טאָן". און ווידער — קללות, זידלערייען און געמיינע רייד. מען דראָט דעם פויער מיטן ערגסטן. אָבער מילעווסקי דערקלערט אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן, אַז ביי אים זענען נישטאָ קיין יידן. אדרבה, זאָלן זיי זוכן. אמת, מיט אַ צייט צוריק האָט זיך ביי אים באַוויזן אַ ייד — נאָר ר'האָט אים פאַרטריבן.

איך לויף שנעל צוריק אין בונקער און דערצייל מיין פרוי און דער קוזינע וועגן די אומגעבעטענע געסט. מיר בלייבן שטיל אין דער באַהעלטעניש, פול מיט אַנגסטיקער דערוואַרטונג און שפאַנונג. באַלד דערהערן מיר איבער אונ־דזערע קעפ אַ גערודער, רייד, מען פירט אַרויס דאָס פערד. איינער קלאַפט מיט אַ שטעקן אין דעם אַריינגאַנג פון סכראָן, מיר הערן דערנאָך ווי די קולות טראָגן זיך איבער אין דרויסן. אויך דאָ — אַ זוכעניש, רייד, דראָונגען, זידלערייען. ענדלעך איז שטיל געוואָרן. מיר אין בונקער זענען איצט פאַרשטאַרט פון דער איבערלעבונג.

אין אַ פערטל שעה אַרום הייבט זיך אויף אונדזער צודעק און מילעווסקי זאָגט:

— איר האָט זיכער געהערט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, איך וויל נישט נאָכאַמאָל אַזעלכעס איבערלעבן. איך באַדויער זייער, נאָר איר מוזט שוין גיין פונדאַנען. מער אייך האַלטן — וועל איך נישט...

מיר פרעגן אים ווו גיין, צו וועמען זיך ווענדן? זיין ענטפער: ר'האָט נישט פאַר אונדז קיין שום עצה. ער וויל נישט איינשטעלן זיין לעבן.

נישטאָ קיין אַנדערע ברירה, ווי פאַרלאָזן דעם בונקער און ווידער זיין נע־ונד. די נאַכט־פינצטערניש דערמעגלעכט צוקומען צום נאָענטן וועלדל. דאָרט זענען מיר אַלע דריי געזעסן אַ גאַנצן טאָג, אָן עסן און טרינקען, יעדן האָט געשווידערט פון קעלט.

ווידער איז צוגעפאַלן די נאַכט. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איך גיי צו מילעווסקין בעטן הילף. אַז דער פויער האָט מיך דערזען, האָט ער אָנגעהויבן שרייען, פאַרוואָס איך שפיל זיך מיט זיין לעבן. כ'זאָל מער צו אים נישט קומען. מיין טענה איז אָבער געווען, אַז דריי מענטשן געפונען זיך אין

אַ וואַלד, אָן עסן, אָן שוץ, אויסגעשטעלט אויף אַלע געפאַרן. ער איז אַ גוטער מענטש, ביז איצט האָט ער אונדז נישט אויסגעליפערט די מערדער. פאַרוואָס מיטאַמאָל אַזאַ ענדערונג? איך בעט אים אונדז צופירן צו אַ געוויסער שימאַנסקאַ, אַ גוטע פויערטע. ביי איר האַלט זיך אויף אַ יידיש מיידל (ביאַלאָסטאָצקאַ איז איר נאָמען). נאָך מער: איך בעט ער זאָל פריער אַליין צוגיין צו דער שימאַנסקאַ און צומערשט ריידן פאַר אונדז. מיר וועלן וואַרטן אויפן רעזולטאַט פון געשפרעך. דער פויער האָט מסכים געווען טיילווייז צו דערפילן אונדזער שליחות: בלויז אויפזוכן די פויערטע. ער האָט אונדז געהייסן צוריקגיין אין וואַלד און צומאָרגנס אָוונט קומט ער איבערגעבן איר אַדרעס און אויך צופירן אויפן אָרט.

מילעווסקי האָט געהאַלטן וואָרט. פאַרנאַכט האָט ער זיך באַוויזן אין וועלדל, געבראַכט מיט זיך ברויט מיט מילך און נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך דערקוויקט די הערצער מיטן ביסל עסן, האָט ער אונדז באַפוילן צו גיין מיט אים. נאָכן אָפגיין עטלעכע קילאָמעטער, זענען מיר אָנגעקומען צו דער כאַטע פון שימאַנסקאַ. אַז כ'האָב אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, האָט זיך באַוויזן איר זון און אַפילו נישט געוואָלט מיט אונדז ריידן. כ'האָב אים געזאָגט, אַז ביי אים געפינט זיך אַ יידיש מיידל, בעלאַ ביאַלאָסטאָצקאַ. מיר האָבן געבראַכט פון אירע עלטערן געלט. דערהערט אַזעלכע ווערטער, האָט דער יונגער פויער קודם געלייקנט, אַז ביי זיי זאָל זיך ווער אויסבאַהאַלטן. נאָר נאָך אַ ישוב־הדעת, האָט ער באַשלאָסן צורופן זיין מוטער. אויך די פרוי האָט צומערשט געלייקנט וועגן אַן אויסבאַהאַלטן מיידל ביי איר, אָבער אַז מיר האָבן דערקלערט, אַז דאָס געלט וועט מען געבן נאָר בעלאַן, האָט זי סוף־כל־סוף דערלויבט אַריינגיין אין שטוב און פון דאָרט האָט זי פון קעלער גערופן דאָס מיידל, וועלכע האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר. אויך זי האָט שוין געוווּסט דעם טראַגישן גורל פון איר מוטער און שוועסטער, וועלכע זענען צוזאַמען אומגעקומען מיט מיין טאָכטער און זון (אַלע פיר זענען געווען באַהאַלטן אין איין בונקער).

איצט האָב איך גענומען בעטן דעם קריסט ער זאָל אויף אונדז רחמנות האָבן און אויסבאַהאַלטן ביי זיך. פאַרשטייט זיך — פאַר באַצאָלט. נאָר אַלע רייד זענען געווען אומזיסט. די שימאַנסקאַ מיטן זון האָבן אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון. בין איך אַרויס צו מיין פרוי און קוזינע און זיי דערציילט, אַז וועגן בלייבן דאָ קומט נישט אין באַטראַכט. אַלע האָבן איצט גענומען בעטן מילעווסקין ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף דריי גערודפטע מענטשן און ווידער ווייזן זיין מענטשלעכקייט מיטן צוריקנעמען צו זיך. דער פויער האָט אָבער נישט געוואָלט אַפילו הערן, נאָר אויף שנעל זיך אָפּגעטראָגן, איבערלאָזנדיק אונדז אין דרויסן, אין אַ פינצטערער, קאַלטער נאַכט.

### אין גראַבניק

אונדזער פאַרצווייפלונג איז גרויס. בלויז מיין קוזינע פאַרלירט זיך נישט. זי זאָגט, אַז מען טאָר נישט זיין געפאַלן ביי זיך, נאָר זוכן אַן אויסוועג. „לאָמיר צוגיין צו יאַנינען, זי האָט אַנומלט צוגעזאָגט צו באַהאַלטן אייער זון. ווער ווייסט — אפשר זענען די קינדער נאָך דאָ ביי איר?" אין יענער קאַלטער נאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט גיין אין דאָרף גראַבניק, אָבער צוקומענדיק צו אַ קליין וועלדל, האָבן ביידע פרויען דערקלערט, אַז זיי גייען נישט ווייטער צוליב דער מידקייט און דערשעפּטקייט. זיי זענען טאַקע באַלד איינגעשלאָפן אויף דער ערד, אונטער אַ בוים, נאָר איך בין אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעגאַנגען נעבן זיי און נישט געקאָנט קיין אויג צומאַכן. אין דער פרי, ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן מיר זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג.

אַ באַגעגנטן פויער האָב איך געפרעגט ווי אַזוי אַרויסגיין אויפן ווילנער שאָסיי. כדי אָנצוקומען קיין גראַבניק, האָט מען געמוזט אַדורכגיין די בריק אין ווילנע — אַ קליין שטעטל נישט ווייט פון לאָמזשע.

צוויי נעכט האָט געדויערט דער מאַרש צום דערפל גראַבניק. בייטאָג האָט מען נישט געטאָרט גיין און אויך ביינאַכט האָבן געלויערט טויזנטער געפאַרן. פונדעסטוועגן זענען מיר בשלום אָנגעקומען אין דערפל און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ סכנהדיק נאָכפרעגן אויף יאַנינאַ וועגדילאָווסקאַ. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז זי וווינט אין עק דאָרף, אַרום זומפּן, דער צוגאַנג דאָרט איז געפערלעך. איין פויער האָט דערלויבט זיין זונדל אונדז באַגלייטן אַהין. מיר האָבן אים האַרציק באַדאַנקט און ענדלעך צוגעקומען צו דער כאַטע. די פרוי יאַנינאַ האָט נישט גלייך געוואָלט עפענען, נאָר אינעם שמועס דורכן פענצטער האָב איך איר דערמאָנט, אַז מיט 9 חדשים צוריק זענען מיר דאָ געווען, איבערגעלאָזט ביי איר עטלעכע פידזשאַמעס און, העמדער און זי האָט דאַן דערלויבט די קינדער צו בלייבן. ליידער, די קינדער זענען אומגעקומען און מיר בעטן אונדז לאָזן ביי איר אַ שטיקל צייט. איר ערשטע פראַגע איז דאַן געווען, צי ווייסט עמעץ, אַז מיר זענען געקומען אַהער. דערוויסנדיק זיך, אַז אַ יאַטל האָט אונדז דאָ אַהערגעפירט, איז מצד איר געקומען אַ קאַטעגאָרישער אָפּזאָג. איר טענה איז געווען, אַז מיר זענען במילא פאַרמשפּט צום טויט, טאָ פאַרוואָס דאַרף זי איינשטעלן איר לעבן און אונדז אויסבאַהאַלטן? די דייטשן פאַרברענען די כאַטע וווּ מען געפינט אַ ייד און דער פויער מיט זיין פאַמיליע ווערן דערשאָסן אויפן אָרט. איך האָב איר געענטפערט:

— הערט זיך איין, פרוי יאַנינאַ. איך זאָג אייך דעם גאַנצן אמת. מיר האָבן געזאָגט דעם פויער וואָס האָט דערלויבט זיין זון אונדז ווייזן דעם וועג, אַז מיר קומען פון יעדוואַבנע, וווּ מ'האָט אויסגעהרגעט אַלע יידן. מיר ווילן איצט אָנקומען צו דער וועגדילאָווסקאַ, כדי נעמען ביי איר אַ ביסל זאַכן, וועלכע מיר האָבן ביי איר געלאָזן. מיר געפינען זיך אין וואַלד און כדי דאָרט איבערלעבן דעם ווינטער, מוז מען פון צייט צו צייט קומען אין דאָרף אַריין. איך פאַרשטיי אייער לאַגע, אָבער אויך מיר ווילן לעבן. איך לייג אייך פאָר אַזאַ פּלאַן: מיר גייען אַוועק אויף אַ וואָך אין וואַלד און פאַר דער צייט וועט איר זיך אַרומקוקן אין דאָרף און אַליין באַשליסן צי עס וועט זיך לאָזן אונדז אויסבאַהאַלטן ביי אייך.

זי האָט מסכים געווען. עס איז געווען 12 ביינאַכט און זי האָט אונדז פאַרבעטן צו זיך אין שטוב, געגעבן אָפּצועסן און געהייסן זיך אָפּרוען, איידער מען לאָזט זיך אין ווייטערדיקן וועג. ווייזט אויס, אַז די קריסטין האָט נישט געוואָלט אונדז אינגאַנצן אַוועקלאָזן און אַרום פיר פאַרטאָג וועקט זי אונדז אויף און זאָגט, אַז זי האָט אַן אַנדערן פּלאַן. אין דער פרי וועט זי שיקן איר ברודער יולעק אין דאָרף ראָסטעק, כדי זיך דערוויסן ווי אַזוי עס זעט דאָרט אויס. נאָך זיין אומקערן זיך, וועט זי ענטגילטיק באַשליסן צי אונדז לאָזן ביי זיך, אָדער אַוועקשיקן.

זי פירט אונדז אַרויף אויפן בוידעם אין שטאַל. מיר

ציען זיך אויס אויפן שטרוי און זענען אין יענעם מאָמענט די גליקלעכסטע מענטשן. בפרט נאָך, אַז די פויערטע ברענגט אונדז עסן און אירע רייד זענען זייער האַרציקע און דערמוטיקנדיקע. אינמיטן טאָג באַווייזט זי זיך ווידער און דערקלערט, אַז דער גרוס פון ראָסטעק איז אַ גוטער און מיר מעגן דאָ בלייבן. ערשט איצט איז אונדזער שמחה נישט צום באַשרייבן. נאָר זי ווערט באַלד צעשטערט, ווען מיר הערן פון אונטן אַ וואָרענונג גוט זיך צו פאַרשטעקן אין שטרוי און ליגן שטיל, ווייל עס קומען אָן דייטשן. זיי זענען טאַקע געקומען די רוצחים, נאָר דאָסמאָל האָט מען נישט געמיינט די דריי אויסבאַהאַלטענע יידן. מען האָט פשוט אַדורכגעפירט אַן אָבלאַווע און געכאַפּט צו דער אַרבעט די מענער פון דאָרף. אַז די דייטשן זענען אַוועק, האָט מען אונדז באַלד צוויסן געגעבן — און מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. אונדזער לעבן איז געראַטעוועט, בפרט נאָך, אַז די גוטע פויערטע האָט אונדז דערקלערט, אַז מיר מעגן ביי איר בלייבן.

אַזוי זענען מיר געווען אויסבאַהאַלטן אין דער שטאַל גאַנצע צוויי יאָר. איך בין נישט אימשטאַנד צו באַשרייבן די דאָזיקע לאַנגע תקופה, וואָס איז געווען רייך און שטורמיש מיט געשעענישן, אינערלעכע ראַנגלענישן, טויט־שרעק און אויך — פיל קאָמישע מאָמענטן. איך ווייס נאָר, אַז אַדאַנק יאַנינאַ ווּענדילאָווסקאַ און אירע קינדער, זענען דריי יידן געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. גלייך נאָך דער באַפרייאונג און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָב איך מיט אַלע כוחות אַרויסגעוויזן מיין דאַנקבאַרקייט פאַר די קינדער, זיי געהאָלפן חתונה האָבן, באַלוינט מיט אַלעמען און ביזן היינטיקן טאָג שטיי איך מיט זיי אין אַ ברייוולעכן קאָנטאַקט און שיק זיי אָפט מתנות פון פּאַריז. איך האָף נאָך צו באַזוכן פוילן, כדי ווידער אַמאָל אויסדריקן מיין דאַנקבאַרקייט די דאָזיקע קריסטן, וואָס האָבן אין יענע פינצטערע צייטן אַרויסגעוויזן אַ סך מענטשלעכקייט און איידלקייט.

### וועגן גורל פון אַנדערע ווישקאָווער

אינעם שטעטל אַנצעוויטש האָבן אַלס פליטים פון ווישקאָוו זיך געפינען: משה שטעלונג און זיין פרוי אסתר מיטן קליינעם איצעלע; מינדל פיינצייג מיט ביידע קינדער — פון גראַיעווע; שקאַרלאַט פוליע, רבקה און זייער זון. זיי אַלע זענען דאָרט אומגעקומען אויף קידוש־השם.

אין געטאָ אין סלאָנים זענען אומגעקומען על קידוש־השם: איטשע ניימאַן, בינעק בראָנשטיין, אברהמל זאַווישאַנסקי (יאַנקל קצבס איידעם), בונם בראָנשטיין. אין דער געטאָ־תקופה אין סלאָנים איז איינמאָל געקומען צו מיר הענעך קאַלוסקי און דערציילט, אַז ער, זיין פרוי, דער זון מיט דער שנור און אַ קליין קינד, געפינען זיך אין אַ גרויסן וואַלד נישט ווייט פונעם שטעטל ביטען. די פרייד פון טרעפן זיך מיט קאַלוסקין אין יענע צייטן איז געווען זייער גרויס. ער איז באַזונדערס געווען צופרידן פונעם זאַטן מאָלצייט וואָס ר׳האָט אָפּגעגעסן. אויף מיין פראַגע, ווו זענען די טראָפּנס וואָס ער פלעגט שטענדיק טראָגן מיט זיך, איז געקומען אַן ענטפער, אַז אין די באַדינגונגען פון וואַלד נייטיקט ער זיך נישט מער אין טראָפּנס אָדער אין מעדיקאַמענטן. איך האָב אים פאָרגעלייגט צו בלייבן ביי מיר. נאָר ער האָט אָפּגעזאָגט מיט דער טענה, אַז אין געטאָ וועלן אַלע אומקומען, בעת אין וואַלד האָט ער נאָך אַ האָפענונג צו בלייבן לעבן. מיר האָבן זיך גאָר האַרציק געזעגנט און כ׳האָב אויף אַ שליטן אַרויפגעלייגט 20 ברייטלעך, פלייש און פּראָדוקטן און צוזאַמען מיט איטשע ניימאַן, וועלכער איז די גאַנצע צייט געווען ביי מיר, אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין פאַר די אויסבאַהאַלטענע יידן. קאַלוסקי האָט מיר דערציילט, אַז זיין פרוי איז געשטאָרבן אין וואַלד.

# אין די יאָרן פון אומגליק און פיין

חנה סרעבראָ
לוד

.1

מיינע איצטיקע זכרונות זענען בלויז אַ קליינער טייל פון די ליידן און פיין, וואָס כ׳האָב אַדורכגעמאַכט בימי היטלער. זייער אָנהייב — אין די סעפּטעמבער־טעג פון יאָר 1939, ווען דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן אויפן פולטוסקער שאָסיי באַשאָסן די אַנטלויפנדיקע יידן פון פולטוסק און אַנדערע שטעטלעך. זיי זענען געלאָפן קיין ווישקאָוו מיט דער האָפענונג, אַז דאָ וועט זיין זיכערער. פון אַ פענצטער האָט אַ פויליש יינגל געשאָסן מיט אַ ביקס צו די עראָפּלאַנען.

פאַר די דייטשן איז, ווייזט אויס, ווינציק געווען דאָס באָמבאַרדירן ווישקאָוו פון דער לופט. ווי נאָר זיי זענען אַריין אין שטאָט, האָט מען זי אונטערגעצונדן פון אַלע זייטן. מיר האָבן נישט געוווּסט וווהין צו לויפן. פייער־צונגען האָבן זיך געשפרייט אין דעם גאַנצן אַרום, אַלץ האָט געברענט, ווו זיך ראַטעווען?

איך, מיין מוטער און צוויי שוועסטערס זענען אַרויסגעלאָפן פון אונדזער שטוב און זיך געלאָזט צום געמויערטן הויז פון יאַנקל־דוד פשעטיצקי און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלער. פון דער גאַס האָבן זיך דערטראָגן די געשרייען פון צעיושעטע דייטשן:

— פערפלוכטע יודען, ווער האָט געשאָסען ?...

די פּאָליאַקן האָבן דערציילט די דייטשן, אַז דאָס האָבן יידן געשאָסן. די ברוינע באַנדיטן האָבן פאַרהאַלטן די אַנטלויפנדיקע יידן. זיי צונויפגעטריבן אויפן רינעק און דאָרט אויסגעשאָסן אַלע מענער, פרויען און קינדער. דאָס איז געווען די ערשטע מאַסן־שחיטה איבער ווישקאָווער יידן. זיי זענען דעמאָלט אומגעקומען אין די פייער־פלאַמען אָדער פון די היטלעריסטישע קוילן. און די וואָס די קויל האָט נישט מיטאַמאָל דערהרגעט, זענען לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן. אומשולדיק יידיש בלוט האָט געפלייצט אין שטעטל.

די גרופּע איינוווינער, וואָס האָט זיך דאַן געפינען אין פשעטיצקיס קעלער, האָט אין טויט־שרעק זיך צוגעהערט און טיילווייז אויך צוגעזען וואָס עס קומט פאָר אין גאַס. די מענער האָבן זיך אָנגעטאָן טלית־און־תפילין און געבעטן גאָט. אינדרויסן האָבן קינדער געזוכט זייערע עלטערן און טאַטע־מאַמע האָבן גערופן ביי די נעמען זייערע פאַרלוירענע קינדער. נאָר דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז אַ מערדערישע קויל האָט זיי דערגרייכט.

די שיסעריי און די שריפות האָבן זיך געצויגן ביז אין שפּעטן אָוונט. אַז ס׳איז געוואָרן פינצטער און אין שטעטל



אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער און וואַלד־איינוווינער: שלמה שליזאַנער, חנה וועגנעל, חיה־שרה שטשאַנקאַ.

קבוצת פרטיזנים ו,,אנשי היער": שלמה שליזנר, חנה וונגל, חיה־שרה שצ׳נקה.

האָט זיך עטוואָס באַרואיקט, האָבן פיל אויסבאַהאַלטענע אין קעלער אָנגעהויבן פון דאָרט אַרויסקריכן און זיך געלאָזט לויפן. איך מיט מיין מוטער און שוועסטערס זענען אַרויס אין גאַס, ווו ס׳זענען געלעגן פיל טויטע קערפּערס. מיר האָבן קיינעמען נישט דערקענט. די פינצטערניש איז בלויז באַלויכטן געוואָרן מיט די פלאַמען פון ברענענדיקן שטעטל. מען האָט אונדז נאָכגעשאָסן, אָבער דאָך איז אונדז געלונגען צוצוקומען בשלום צו דער בריק — און פון דאָרט אויפן אָפענעם שאָסיי. דאָ איז דער געדראַנג געווען אויסערגעוויינלעך. פּליטים מיט געשפּאַנטע פערד־און־וואָגן, גאַנצע פאַמיליעס צופוס, מיט פּעק און אָן וועלכן ס׳איז באַגאַזש, האָבן זיך באַוועגט אין דער נאַכט־פינצטערניש. פון אַ סך הערט מען „שמע ישראל". און אַזוי אַ גאַנצע נאַכט.

אויף פאַרטאָג האָבן מיר געזען די דאָזיקע מענטשן־מאַסע וואָס באַוועגט זיך פאָראויס אָן אַ ציל, אָן אַ צוועק. איך גיי קוים. אַז כ׳בין אַ מידע און דערשעפּטע אַנידערגעפאַלן, האָבן מיינע שוועסטערס מיך אויפגעהויבן און געבעטן כ׳זאָל נישט אַרויסווייזן קיין שוואַכקייט אין אַזאַ מאָמענט, נאָר אָנשטרענגען אַלע כוחות און ווייטער גיין. דערשלאָגענע, הונגעריקע און דורשטיקע, האָבן מיר זיך דערשלעפּט קיין ווענגראָוו. אין איין יידישער שטוב האָט מען אונדז געגעבן צו עסן און אויך אַ נאַכטלעגער. בכלל האָבן די ווענגראָווער ייִדן אונדז וואַרעם אויפגענומען. דאָ האָבן מיר געטראָפן פיל ווישקאָווער פאַמיליעס אין אַזאַ צושטאַנד, ווי מיר זעלבסט האָבן זיך געפינען. און איינער האָט געפרעגט ביים אַנדערן, צי ער האָט נישט געזען זיין פאָטער, מוטער, אַ שוועסטער צי ברודער? ווייל פיל משפחות האָבן זיך באַלד פאַרלוירן און צעשיידט. און ווען דער ענטפער איז געווען אַ נעגאַטיווער, האָט מען זיך שטאַרק צעוויינט און זיך אַראָפּגערעדט פון דעם ביטערן האַרץ.

אונדזער לאַגע איז געווען זייער אַ שלעכטע. אָן געלט, אָן זאַכן, ווייל אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט דער שטוב. מיר האָבן אין ווענגראָוו געטראָפן אונדזער ברודער אברהם וועגנעל. ער האָט נישט געוווּסט ווו עס געפינט זיך זיין פרוי און קינדער. זיי זענען פאַרשווונדן און ער ווייסט נישט פון זיי. מיר בעטן אים ער זאָל צושטיין צו אונדז, אָבער אין זיין אַנטשלאָסנקייט אויפצוזוכן זיין פאַרלוירענע משפחה, וואַרפט ער אָפּ אונדזער פאָרשלאַג. ער מוז צוריק געפינען זיין פרוי און קינדער. ער איז פון אונדז אַוועק — אויף שטענדיק. אויך ער איז געפאַלן אַ קרבן

פון דעם בעסטיאַלישן מאָרד, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעפירט איבער אונדזער פאָלק.

מיין מוטער האָט געהאַט אַ שוועסטער אין קאָמאָראָוו, נעבן אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק. האָבן מיר באַשלאָסן צו דערשלאָגן זיך אַהין, אפשר וועט דאָרט זיין רואיקער. האָט מען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. ביינאַכט געגאַנגען און בייטאָג געלעגן אין די וועלדער. אָנקומענדיק קיין קאָמאָראָוו, האָבן מיר געפונען אונדזער משפחה, וועלכע האָט אונדז אַריינגענומען אין שטוב און געהאָלפן מיט אַלעם נייטיקן. אָבער אויך אין דעם שטעטעלע זענען שוין געווען די דייטשן. זיי האָבן געגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע צוגערייזטע פון דער פרעמד זאָלן גלייך פאַרלאָזן דאָס אָרט. האָט מען ווידער געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט. איצט גייט מען קיין זאָמבראָוו, וואָס דאַרף לויטן דייטשיש־סאָוויעטישן אָפּמאַך, געהערן צו די סאָוויעטן. נאָך אַ שטרענגער קאָנטראָל זענען מיר אַריבער דעם גרענעץ־פּונקט און בשלום אָנגעקומען קיין זאָמבראָוו, און פון דאָרט — קיין ביאַליסטאָק.

.2

אין דער דאָזיקער גרויסער שטאָט האָט מען די פּליטים איינגעאָרדנט אין די בתי־מדרשים און שולן. יעדער פאַמיליע האָט זיך געהאַט איר ווינקעלע. איינמאָל איז אַ ביאַליסטאָקער יידישע פרוי געקומען אין בית־המדרש, ווו מיר האָבן זיך געפונען, און איך בין איר געפעלן געוואָרן אַלס גוווערנאַנטין פאַר איר קינד. זי האָט מיך צוגענומען אויף אַרבעט און אויך געשיקט צוויי אַנדערע באַלעבאָסטעס, וועלכע האָבן געגעבן באַשעפטיקונג מיינע שוועסטערס. אָבער קיין איינע פון זיי האָט נישט דערלויבט מיטצונעמען אונדזער מאַמען, הגם עסן האָבן זיי פאַר איר יאָ געגעבן.

אין אַ שפּעטערדיקער צייט האָבן די רוסן אָנגעהויבן רעגיסטרירן אויף אַרבעט אין טיף־רוסלאַנד און אויך אויף צו באַקומען זייערע פּאַספּאָרטן. נאָכן אָפּשטיין לאַנגע שעהן אין דער ריי, איז מיר געלונגען צו רעגיסטרירן זיך אויף אָפּצופאָרן קיין רוסלאַנד. מיט אַ ריזיקן עשאַלאָן בין איך אָנגעקומען קיין טשעלאַבינסק, אויף אוראַל. מיר האָבן באַקומען אַ וווינונג און אַרבעט. איך — אין אַ ביוראָ,ביידע שוועסטערס — ביים טראָגן ציגל. דערנאָך האָט מען מיך איבערגעפירט אין אַ שול צו לערנען. עס וואָלט שוין אַלץ גוט געווען, ווען נישט דער פאַקט, אַז אין די נעכט האָט מען געמוזט שטיין אין די רייען נאָך ברויט און עסנוואַרג און בייטאָג — אַרבעטן.

אין ביאַליסטאָק איז געהאַט פאַרבליבן מיין חבר לייבל יאַנושעוויטש, וועלכער האָט דערנאָך זיך באַזעצט אין דרעטשין, ווייל אין ביאַליסטאָק האָט מען נישט דערלויבט צו בלייבן די פּליטים. אין זיינע בריוו צו מיר, האָט ער כסדר געפאָדערט איך זאָל צוריקקומען און אַפילו געשיקט געלט אויף רייזע־הוצאות. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז שפּעטער וועל איך קאָנען אויך אַראָפּנעמען מיינע שוועסטערס און מוטער. צוזאַמען מיט נאָך אַ ווישקאָווער, מרדכי יאַגאָדאַ, האָבן מיר באַשלאָסן אַוועקצופאָרן פון טשעלאַבינסק אין דער צייט פון די שול־פעריען. און אַזוי איז טאַקע געשען.

אָנקומענדיק קיין קיעוו, האָט מען נאָך דריי וואָכן אויפגעהאַלטן, ענדלעך אונדז געשיקט קיין דרעטשין. כ׳האָב זיך איינגעאָרדנט ביי דער משפחה יאַנושעוויטש. אָבער נאָך נישט באַוויזן זיך אויסצורוען פון דעם ווייטן און שווערן וועג, ווי די נ.ק.וו.ד. האָט מיך אַרעסטירט און אָפּגעשיקט קיין סלאָנים. ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען אַ מסירה. אין

סלאַנימער תּפיסה בין איך געזעסן עטלעכע וואָכן און ווען ס'איז פאָרגעקומען מיין פּראָצעס, האָב איך זיך אַליין אַזוי פאַרטיידיקט, אַז די רייד האָבן געקאָנט רירן אַפילו אַ שטיין. ס'האָט מיר טאַקע אָפּגעגליקט. כמעט דער רוב אָנגעקלאָגטע זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויף פאַרשיקונג, מיר איז געלונגען אַרויסצוגיין אויף דער פריי. ווען כ'האָב זיך אומגעקערט קיין דערעטשין, איז שוין געווען דאָס יאָר 1941.

.3

דעם 22־טן יוני 1941 זענען די היטלעריסטן באַפאַלן רוסלאַנד. אין דערעטשין האָבן מיר גלייך דערפילט די מלחמה. אויך דאָ, ווי מיט צוויי יאָר צוריק אין ווישקאָוו, האָבן די עראָפּלאַנען אומגעשטערט געקרייזט איבערן שטעטל און געוואָרפן זייערע פאַרניכטנדיקע באָמבעס. ווידער טויטע, פאַרווונדעטע, דערשראָקענע און הילפסלאָזע מענטשן מיט קינדער. ווידער טעג און שעהן פון שרעק, פאַרצווייפלונג, הונגער און פּיין. ביז — די דייטשן זענען אַריינגעקומען.

דער געשאַפענער יודענראַט האָט באַדאַרפט צושטעלן אַזאַ צאָל יידן, וואָס איז פריער רעגיסטרירט געוואָרן צו פאַרשידענע שווערע און דערנידעריקנדיקע אַרבעטן. די יונגע מענער האָט מען געשיקט גראָבן טיפע גריבער. (צווישן זיי — די ווישקאָווער: לייבל יאַנושעוויטש, דוד און לייבל פלודע, די ברידער אָלדאַק). נאָר דעמאָלט האָט קיינער נישט געוווסט, אַז דאָס דאַרפן זיין אונדזערע קברים. די יינגע מיידלעך האָבן גערייניקט די גאַסן. דערפאַר האָט מען באַקומען עטלעכע הונדערט גראַם ברוים.

אין דערעטשין האָבן זיך דאַן געפינען עטלעכע ווישקאָווער פאַמיליעס: חוה עלבאַום מיט איר אַלטער מוטער: יאַנקל גרינבערגס קינדער; די פאַמיליע אָלדאַק. איך האָב געוווינט ביי דער פאַמיליע יאַנושעוויטש. צו יענער צייט האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַ וואַרשעווער פאַמיליע ראָזענצווייג. ער איז געווען דאָקטאָר אין דערעטשינער שפּיטאָל. אים איז געלונגען מיך איינצואָרדענען אויף אַרבעט אין שפּיטאָל — און כ'האָב שוין נישט געמוזט רייניקן די גאַסן.

ערשט אין שפּיטאָל האָב איך פון דער נאָענט דערזען דעם גאַנצן גרויל פון דער מלחמה. נישט ווייט פון דערעטשין איז פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטע שלאַכט צווישן דעם אָפּטרעטנדיקן סאָוויעטישן מיליטער און דער דייטשישער אַרמיי. אויפן שלאַכטפעלד זענען געלעגן הונדערטער טויטע, פאַרווונדעטע, אָן הענט, אָן פיס, מיט צעשעדיקטע אברים אָדער אויפגעריסענע בייכער. דער דאָקטאָר ראָזענצווייג האָט באַקומען אַ באַפעל צונויפצוזאַמלען די פאַרווונדעטע דייטשישע זעלנער און זיי היילן אין שפּיטאָל. מיר, אַ גרופּע יידישע מיידלעך האָבן דעם דאָקטאָר געהאָלפן אין זיין שווערער אַרבעט.

אין דעם שפּיטאָל זענען אויך געלעגן פאַרווונדעטע רוסישע אָפיצערן און זעלנער. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דאָס איז געווען אין סאַמע אָנהייב פון קריג, ווען די דייטשן האָבן נאָך דערלויבט צונויפזאַמלען נאָך אַ שלאַכט אויך דעם שונאס פאַרווונדעטע. דער דאָקטאָר ראָזענצווייג האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, אָפּערירט און געהיילט אַלע אָן אויסנאַם קראַנקע. איינמאָל האָט ער אָפּערירט די צוויי סאָוויעטישע אָפיצירן באָריס בולאַק און פיעדיאַ קאָמאַראָוו. ביי דעם ערשטן האָט אַ שראַפּנעל אָפּגעריסן די פינגער ביזן ביין. איך האָב אַסיסטירט ביי דער אָפּעראַציע און דערלאַנגט דעם דאָקטאָר ראָזענצווייג אַלע אינסטרומענטן. אַלץ איז אַדורך בשלום.

כ'בין געווען באַשעפטיקט אין שפּיטאָל כמעט 24 שעה אין מעת־לעת. מיינע פאַרדינסטן האָבן מיר דערמעגלעכט צו העלפן ווישקאָווער פאַמיליעס.

אין דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט איז אויך אַריינגעפאַלן אַן אוקראַאינישע קראַנקנשוועסטער מיטן נאָמען טאַניאַ. זי האָט זיך זייער שלעכט באַצויגן צו די קראַנקע און אַפילו זיי געקאַרגט דאָס ביסל מאָגערע עסן. ווייזט אויס, אַז דערפאַר האָבן זי די דייטשן באַשטימט אַלס הויפּט־קראַנקנשוועסטער. ווען איך האָב ביי איר געבעטן עסן פאַר די קראַנקע, האָט זי מיר געענטפערט אויף רוסיש: „זיי קאָנען פּגרן". פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט געמיינט די רוסישע קראַנקע, ווייל אויף די דייטשישע פאַרווונדעטע וואָלט זי נישט געוואַגט אַזוי צו ריידן. אַזוי ווי אין דעם שפּיטאָל זענען אויך געלעגן פויערים פון די אַרומיקע דערפער און זייערע פאַמיליעס, וואָס האָבן געבראַכט פאַר די קראַנקע עסן, פלעגן זיי פון צייט צו צייט מיר געבן אַ ביסל פּראָדוקטן. איך האָב דערמיט געהאָלפן די סאָוויעטישע פאַרווונדעטע, וועלכע זענען מיר דערפאַר זייער דאַנקבאַר געווען. אָבער ווי נאָר זיי זענען געזונט געוואָרן, האָבן זיי די דייטשן אַוועקגעשיקט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אויף קאַטאָרגע־אַרבעט און — אומקום.

4

אָנהייב 1942 איז אין דערעטשין געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. אַהין האָט מען פאַרשפּאַרט אַלע יידן, מיטן שטרענגן פאַרבאָט נישט צו פאַרלאָזן דעם אויסגעטיילטן ראַיאָן. פון די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין שטעטל, ווי אויך פון די דייטשישע רמזים, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דאָס געטאָ איז אייגנטלעך דער אָנהייב פון סוף צו ליקווידירן די יידישע באַפעלקערונג. מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַנטלויפן. די דייטשן האָבן אָן רחמנות דערשאָסן יעדן ייד, וועלכער האָט זיך געפינען אויסערן געטאָ. און אַרויסגיין פון געטאָ האָט מען דאָך געמוזט. פון דעם עסן, וואָס די דייטשן האָבן באַשטימט פאַר יעדן ייד, האָט מען געליטן הונגער. פלעגט מען דעריבער ריזיקירן מיטן לעבן און אַוועקלאָזן זיך צו די פויערים, כדי אַ לעצט העמד צי אַ קליידל אויסטוישן אויף אַ שטיקל ברויט. אָבער פיל פון די, וואָס האָבן ריזיקירט, זענען געפאַלן פון אַ דייטשישער קויל.

די היטלעריסטישע אכזריותן זענען געשטיגן. אין שטעטל האָט מען געפילט, ווי דער שטריק אַרום דעם האַלדז פון דער יידישער באַפעלקערונג האַלט זיך אין איין פאַרציען. אויך די סאָוויעטישע קריגס־פאַרווונדעטע האָבן אָנגעהויבן צו זיין אומרואיק. אויף וויפל כ'האָב געקאָנט, האָב איך זיי געהאָלפן. איצט איז אָבער געוואָרן אַקטועל צו אָרגאַניזירן זייער אַנטלויפן, ווייל אַלעמאָל פלעגן די דייטשן קאָנטראָלירן ביים דאָקטאָר ראָזענצווייג דעם מצב פון די קראַנקע. ווי נאָר עמעץ איז געזונט געוואָרן, האָט מען אים אַוועקגעפירט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מיר זענען געווען באַזאָרגט מיטן גורל פון באָריס בולאַק און פיעדיאַ קאָמאַראָוו. דעריבער איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז ביינאַכט זאָלן זיי אַנטלויפן. דאָס שפּיטאָל איז געווען באַוואַכט פון דייטשן, די אַנטלאָפענע האָט מען נאָכגעשאָסן — אָבער זיי איז געלונגען צוצוקומען צום וואַלד, וואָס האָט זיך געפינען נישט ווייט פון שפּיטאָל. די אַנטלאָפענע אָפיצירן האָבן נאָך זייענדיק אין שפּיטאָל צוגעזאָגט דעם דאָקטאָר ראָזענצווייג און מיר הילף, אויב מען וועט זיך נייטיקן. דערווייל האָבן מיר נישט געוווּסט ווו זיי זענען נעלם געוואָרן.

די אויסגעגראָבענע גריבער נישט ווייט פון דרעטשין האָבן געוואַרט אויף די יידישע קרבנות. די דייטשן פלעגן אַלעמאָל אַוועקפירן גרופּעס יידן — און מער האָט מען זיי נישט געזען. אַז עס זענען פאָריבער עטלעכע וואָכן און די מענטשן זענען נישט צוריקגעקומען, איז שוין געווען קלאָר זייער גורל. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַנטלויפן פון געטאָ. אַז די דייטשן האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז אַרויס זייערס אַ שטרענגער באַפעל, אַז די אַנטלאָפענע זאָלן זיך צוריק צושטעלן. פיל זענען טאַקע צוריק געקומען אין דרעטשינער געטאָ, צווישן זיי — אויך דוד פלודע פון ווישקאָוו. מען האָט זיי אַוועקגעפירט צו די גריבער און דערשאָסן.

אסתר־דבורה פלודע, די פרוי פון דודן, האָט אַלע יאָרן נישט געהאַט קיין קינד. אין דעם טאָג ווען מ׳האָט איר מאַן אַוועקגעפירט, איז איר געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע. די גליקלעכע יידע־באָבע, הערש־מעכל און ליבע פלודע, זענען פון גרויס פרייד און איבעראַשונג אַוועק אין דער דייטשישער קאָמענדאַטור און געבעטן זיי צופירן צום זון, ווייל זיי ווילן אים אָנזאָגן די בשורה. די רוצחים האָבן דאָס עלטער־פאָרפאָלק אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימער, זיי אויסגעטאָן נאַקעט און דערשאָסן. די קימפּעטאָרין איז געבליבן מיטן ניי־געבוירענעם קינד — נאָר אָן דעם מאַן און אירע שוויגער־עלטערן.

.5

אין געטאָ האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די צוויי אַנטלאָפענע סאָוויעטישע אָפיצירן — באָריס אַדאַמאָוויטש און פיעדיאַ קאָמאַראָוו, האָבן אין דער סביבה געגרינדעט אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, וואָס אָפּערירט אין דער געגנט פון רודאַ יאַוואָרסקאַ און רודאַ ליפּיטשינסקאַ. די אַרומיקע פּויערים האָבן געהאָלפן די פּאַרטיזאַנער און דערביי זיי דערציילט וואָס עס קומט פאָר אין דרעטשינער געטאָ. די אָפיצירן האָבן באַשלאָסן מיך אַרויסצוראַטעווען פון געטאָ. פאַרנאַכט איז צו דער וווינונג פאַרפאָרן אַ פּויער אויף אַ וואָגן און, נאָכן אויספרעגן זיך ווו עס געפינט זיך אַנעטשקאַ ווענגעל, מיר דערלאַנגט אַ בריוו געשריבן אין רוסיש:

„אַנעטשקאַ, אינקורצן וועט מען אויסשעכטן גאַנץ
דרעטשין. קיין איין ייד וועט נישט בלייבן. מיר ווילן
דיך ראַטעווען. אַנטלויף מיט וואַניאַ פּיליד׳אָוויטש,
דער אָפּגעבער פון דעם בריוו. ער איז אונדזערס
אַ מענטש. איך שווער דיר, האָב נישט קיין מורא.
באָריס״

די פאַמיליע יאַנושעוויטש האָט מיך אָבער נישט געלאָזט אַליין אַוועקפאָרן. בין איך פאַרבליבן און דער פּויער איז אַוועק מיט גאָרנישט. שפּעטער איז אונדזער לאַגע געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. די דייטשן, צוזאַמען מיט די אוקראַינער, האָבן אָפּגעשלאָסן דאָס גאַנצע שטעטל און קיינעמען נישט געלאָזט אַרויס אָדער אַריין. די געטאָ־איינוווינער האָבן איצט געזוכט באַהעלטענישן. אַ גרופּע פון אַ 30 מענטשן זענען מיר אַריין אין אַ שטוב, ווו עס האָט זיך געפינען אַ גרויסער קעלער. צווישן דער גרופּע זענען געווען די פאָלגנדיקע ווישקאָווער יידן: ברוך און צביה יאַנושעוויטש, זלאַטע ווינסבער, לייבל און ראָזאַ יאַנושעוויטש, שרה און וואָלף קאַופמאַן און חנהטשע ווענגעל. די פאַמיליע קאַופמאַן האָט געהאַט מיט זיך אַן אַכט־חדשימדיק קינד.

פונדרויסן האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן דערשטיקטע אָפּקלאַנגען פון דער אויסראָטונגס־אַקציע. די דייטשישע ווילדע געשרייען „הערויס, הערויס״ האָבן זיך אויסגעמישט מיט אַ פאַרצווייפלטן יידישן „שמע ישראל״. די אָפּטע שיסערייען האָבן אונדז קלאָר געמאַכט, וויפל יידן ס׳ווערן דערמאָרדעט אין געטאָ גופא. די דייטשן זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און מיט ברוטאַלקייט און טעראָר אַרויסגעטריבן די אומגליקלעכע יידן אויפן זאַמלפּונקט. דורך אַ קליינער עפענונג אין קעלער האָבן מיר אַפילו געזען, ווי מ׳האָט עטלעכע יידן, אָנגעטוענע אין טליתים, באַפוילן צו טאַנצן.

מיטאַמאָל דערהערן מיר ווי די באַנדיטן זענען אַריין אין שטוב, וואָס האָט זיך געפינען איבער אונדזער קעלער. „יודען ראַוס, יודען ראַוס!״ ליאַרעמען די דייטשן מיט זייערע אוקראַינישע העלפער. דאָס קליינטשיקע קינד אין קעלער צעוויינט זיך. מיר ווערן פאַרשטאַרט פון שרעק, קוים ווען די מערדער אינדערהייך דערהערן דאָס געוויין. עמעץ פון די באַהאַלטענע האָט אויף אייביק איינגעשטילט דאָס וויינענדיקע עופעלע. דריי טעג און דריי נעכט, אָן עסן און אַ ביסל וואַסער, זענען מיר אָפּגעלעגן אין דעם קעלער, צוהערנדיק זיך צו די שיסערייען און מערדערייען איבער אונדזערע אומגליקלעכע שוועסטער און ברידער. דערנאָך האָט מען זיי אויפגעלאָדן אויף אויטאָס און אַוועקגעפירט צו די צוגעגרייטע גריבער.

אויפן פערטן טאָג האָט זיך אַלץ איינגעשטילט. אַפילו די ערד פון די צוגעשאָטענע מאַסן־קברים, ווו מען האָט אַריינגעוואָרפן האַלב־לעבעדיקע מענטשן — האָט זיך אויפגעהערט וואַרפן...

ליגנדיק אַזוי אין קעלער, האָבן מיר נאָך דריי טעג דערהערט ווי די דייטשן רופן אויס דורך הילכערס, אַז די פאַרבליבענע יידן זאָלן אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן. די, וואָס זענען געבליבן לעבן — וועלן ווייטער לעבן. מיר האָבן נישט געגלויבט די דייטשן. ליגנדיק אין קעלער, האָבן מיר גענוי געוווּסט וואָס ס׳איז געשען אין שטעטל און ביי די גריבער. ווי אַזוי?

אויפן צווייטן טאָג זינט די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן מיר געהערט ווי מען קלאַפּט אין קעלער און אַ שוואַך קול האָט זיך געבעטן: „יידן, עפנט אויף!״. מיר האָבן נישט געהאַט קיין גרויסן צוטרוי צו אַזאַ רוף, אַפילו ווען ער איז געווען אין יידיש. אָבער דאָס קלאַפּן און דאָס בעטן זיך האָט נישט אויפגעהערט. און ווען מיר האָבן געעפנט דעם אַריינגאַנג אין קעלער, האָט זיך באַוויזן אויפן שוועל אַ קליין מיידעלע, אַ פאַרוווּנדעטע און אָפּגעייענדיקע אין בלוט, אינגאַנצן שוואַרץ פון קוימען־סאַדזעס. זי האָט דערציילט, אַז זי איז געשאָסן געוואָרן אין פוס און אַזוי אָפּגעלעגן אין אַ ווינקל אויפן הויף העכער אַ מעת־לעת, ווייל די דייטשן האָבן געמיינט אַז זי איז שוין טויט. ערשט ווען עס האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט, האָט זי מיט די לעצטע כוחות זיך דערשלעפּט צום קעלער, ווייל זי האָט יאָ געוווּסט, אַז דאָ באַהאַלטן זיך יידן. דאָס מיידעלע האָט אונדז דערציילט וואָס זי האָט געזען און געהערט אין משך פון דער אַקציע.

ליידער, האָט מען זי נישט געקאָנט אויפנעמען ווי עס געהער צו זיין. מיט אַ צעריסן העמד האָט מען איר בלויז פאַרבונדן די וווּנד. מיט וואָס איר אָנצוטרונקען אָדער געבן אָפּצועסן איז נישט געווען. אַ פאַרשמאַכטע, ווי מיר אַלע, איז זי געבליבן אין קעלער.

אַלע האָבן אָבער איינגעזען, אַז בלייבן אין אַזאַ לאַגע

אין קעלער, איז אַן אומזין. דאָס מיינט — אויסגיין פון הונגער און דורשט. האָט מען ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויס־גיין פון דאָרט, ווען די נאַכט־פינצטערניש האָט איינגעהילט דאָס שטעטל. מיר האָבן אויך געוווּסט פון דעם מיידעלע, אַז איצט דראָט נישט קיין געפאַר דערשאָסן צו ווערן. די דייטשן פעלט פשוט אויס קוילן, אַזויפיל האָבן זיי פאַרנוצט ביים ליקווידירן דאָס געטאָ.

.6

אַרויסגייענדיק פון קעלער, האָבן מיר קודם איינגעאָטעמט אַ ביסל פרישע לופט. דאָס פאַרברענגען דריי טעג אין ענגשאַפט און שטיקעניש, אָן ברויט און וואַסער, האָט אונדז געגנצלעך דערשעפּט. איצט האָט מען זיך געלאָזט לויפן אויסער דעם שטעטל, וואָס ווייטער פון דעם אָרט ווו אונ־דזערע נאָענטע זענען ערשט די טעג אומגעבראַכט געוואָרן אויף אַזאַ אכזריותדיקן אופן. נאָך איינצלנע האָבן אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון אַנדערע באַהעלטענישן און באַגעגנדיק זיי, האָט מען זיך דערציילט די נייעסן וואָס יעדער האָט געוווּסט. מיר איז באַקאַנט געוואָרן, אַז אין דער לעצטער אַקציע זענען אומגעקומען די ווישקאָווער יידן: אייזיק וואָנסעווער מיט זיין פרוי און קינדער; שרה וואָנסאָווער; חוה עלבאַום; איר מוטער; די ברידער אָלדאַק מיט זייערע פאַמיליעס; דוד, הערש־מעכל און ליבע פלודע; אסתר־דבורה פלודע מיט איר מוטער (דער יינגסטער זון, לייבל פלודע, האָט זיך דאַן אָפּגעראַטעוועט, נאָר שפּעטער געפאַלן אין וואַלד).

איצט לויף איך מיט ראָזאַ יאַנושעוויטש. איך שלעפּ מיט זיך אַ קליין רענצל מיט זאַכן. דאָרט געפינט זיך אויך אַ זייגערל און אַ פּאָר אויערינגלעך, וועלכע מיין מוטער האָט מיר אין לעצטן מאָמענט געגעבן. מיטאַמאָל שטויס איך זיך אָן אויף אַ דייטשישן וואַך־פּאָסטן. זיי פרעגן גאָרנישט, נאָר איין זעלנער דערלאַנגט מיר מיט דער ביקס אַ זעץ איבערן קאָפּ. ער שיסט נישט. האָבן זיי טאָקע נישט קיין קוילן? איך פאַל אַוועק אויף דער ערד אַ צעבלוטיקטע און פאַרטויבטע. דער דייטש כאַפּט ביי מיר צו דאָס רענצל. ראָזע יאַנושעוויש בעט זיך ביים דייטש: „דערשיס מיך, נאָר לאָז זי אָפּ. דאָס איז נאָך אַ יונג קינד...”. זי הייבט מיך אויף פון דער ערד און מיט די גרעסטע אָנשטרענגונגען לאָזן מיר זיך ווייטער לויפן. מיר זענען אַדורכגעגאַנגען עפּעס אַ וואַסער און אָנגעקומען אין וואַלד. דאָ האָבן מיר באַגעגנט פיל פון די, וואָס זענען צוזאַמען מיט אונדז אַרויס פון קעלער.

איך לויף מיט נאָך עמעצן איבערן וואַלד, אָן אַ ציל — נאָר הונגעריק, צעבלוטיקט, דורשטיק, פול מיט שרעק און אַ פאַרטויבטע. קוים איך הער וואָס אַרום מיר טוט זיך. ענדלעך דערזע איך אַ כאַטקע און דערהער דאָס בילן פון אַ הונט. איך גיב זיך אַפילו נישט אָפּ קיין חשבון, קוים זענען דאָ פאַראַן דייטשן. איך פאַל צו צום פּלויט און הייב אָן בעטן אַ שטיקל ברויט. עס באַווייזט זיך אַ פויערטע, וועלכע דערלאַנגט מיר עפּעס אָפּצועסן און אַ טרונק וואַסער. דערביי וואָרנט זי מיך, כ'זאָל וואָס שנעלער אַנטלויפן פון דאַנען, ווייל די דייטשן זענען נאָענט. עס הייבט זיך ווידער אָן מיין נע־ונד, דאָס לויפן און בלאָנדזשען אין וואַלד.

מיטאַמאָל דערהער איך אַ שיסעריי. די שיסעריי האָט געמוזט זיין אַ שטאַרקע, ווייל אַפילו דורך מיין טויבקייט האָב איך געהערט שטאַרקע אָפּהילכן פון די שאָסן. נישט אַנדערש, די דייטשן מיט זייערע געהילפן האָבן אַנטדעקט דאָס ביסל אָפּגעראַטעוועטע יידן און פאַרניכטן זיי איצט אין וואַלד. דאָס איז אַוודאי דער סוף פון דער דערעטשינער יידישער קהילה און פון יענע פּליטים, וואָס האָבן דאָ געהאַט אַ מקלט אין די ערשטע מלחמה־יאָרן.

איך מיט אַ חבר מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען, כדי זיך צו האַלטן אויף די פיס. דער עיקר גיין פאָראויס, נישט אָפּשטיין, אפשר וועט געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דער אַרומרינגלונג. וועט זיך ווער אויף אונדז דערבאַרעמען און מיר וועלן זיך אָפּראַטעווען? איצט זענען מיר אַרויס אויפן פרייען פעלד. עס איז פינצטער. איך האָב אויסגעטאַן די שיך, וועלכע האָבן געקוועלט די פיס. די אָפּגעשני־טענע תבואה האָט שטאַרק געשטאָכן די פּיאַטעס. זיי זענען געוואָרן פאַרבלוטיקט. אָבער שטיין אויף אַן אָרט טאָר מען נישט. נאָר פאָראויס, אפשר וועט דאָרט, אין דער אומ־באַקאַנטער און געדיכטער פינצטערניש, זיין די רעטונג.

מיטאַמאָל — שאָסן און געשרייען: „יודען, האַלט! פאַר־פלוכטע יודען!” עס שטאַרקט זיך דאָס געבילעריי פון די הינט. מיר הייבן אָן לויפן, פאַלן און לויפן ווייטער. ווער ווייסט — אפשר וועלן מיר גאָר אַריינפאַלן גלייך אין די רוצחישע הענט? אָבער דער געדאַנק איז — צו ראַטעווען זיך. מיין חבר מונטערט מיך: „חנהלע, קום, פאַל נישט,



טאָרסט נישט איצט זיין שוואַך!” די קוילן פליען איבער אונדזערע קעפּ. „יודען, האַלט!” — הערט זיך ווידער זייער נאָענט. איך לויף ווייטער. אָבער ווו זענען מיינע שוועסטערס, מיין מוטער?... גראָד אין דעם מאָמענט פון געפאַר טראַכט

איך פון זיי. נישט איך ווייס פון זיי און זיי ווייסן אַוודאי נישט וועגן מיר, אויב זיי לעבן נאָך. נאָר אויך מיר דראָט די געפאַר אומצוקומען דאָ, אויף די פרעמדע און קאַלטע פעלדער און וועלדער.

פונדערווייטנס לייכטן זיך פייערלעך. מן־הסתמא וווינען דאָרט מענטשן. אָבער אַ וואָסערע מענטשן? וועלן זיי דיך אויפנעמען, אָדער פאַרטרייבן, צי גאָר איבערגעבן די דייטשן אָדער אַליין דיך דערמאָרדן? מיט די דאָזיקע געדאַנקען שלעפּ איך זיך מיט די לעצטע כוחות, הגם איך פיל, אַז דער וועג איז אַ ווייטער, די געפאַרן גרויס און די פיס, קוים וואָס זיי טראָגן מיך.

אַזוי פון יאָר 1939 האַלט איך אין איין וואַנדערן און יאָגן זיך פאַרן שטיקל לעבן. די אַרומיקע וועלט איז פיינט־לעך, וויל דיך פאַרצוקן ווי בייזע חיות. איך דערמאָן זיך דאָס אַלטע יידישע פאָלקס־לידל:

מיטן וואַנדער־שטאָק אין האַנט,
אָן אַ היים, אָן אַ לאַנד,
אָן אַ גואל, אָן אַ פריינד,
אָן אַ מאָרגן, אָן אַ היינט.
נישט געדולדיק, נאָר געיאָגט.
ווו גענעכטיקט — נישט געטאָגט.
שטענדיק גיי, גיי און גיי,
שטענדיק וויי, וויי און וויי;
שטענדיק שפּאַן, שפּאַן און שפּאַן —
כל־זמן כוח איז פאַראַן.
אַזוי אַ יאָר נאָך אַ יאָר,
אַזוי אַ דור נאָך אַ דור —
אָן אַ האָפענונג, אָן אַ פריינד,
אָן אַ מאָרגן, אָן אַ היינט...

מיט אַזעלכע מחשבות האָב איך זיך דערנענטערט צו די פייערלעך. איצט ווייס איך שוין: דאָס זענען די דערפלעך רודאַ ליפּיטשאַנסקאַ און רודאַ יאַוואָרסקאַ. די היגע איינ־וווינער סימפּאַטיזירן מיט די פּאַרטיזאַנער, העלפן זיי. פון דאַנען ציען זיך די וועלדער, אין וועלכע מיר האָבן זיך נאָר־וואָס געראַטעוועט. דאָס נס איז געשען. מיר זענען צווישן גוטע מענטשן. די פּויערים האָבן אונדז וואַרעם אויפגענומען. צווישן זיי — וואַניאַ פילידאָוויטש, דער זעלבער, וועלכער איז דורכן סאָוויעטישן אָפיציר געשיקט געוואָרן מיך צו ברענגען אין וואַלד אַריין.

דערווייל זענען אָנגעקומען נאָך אַנטלאָפענע יידן. זיי אַלע האָט מען אין דאָרף געגעבן צו עסן און דערנאָך אַוועק־געפירט אין וואַלד אַריין, ווו מיר זענען געבליבן שוין אַ גאַנצע נאַכט.

גאַנץ פרי האָט דער פּויער זיך אַוועקגעלאָזט אין פּאַר־טיזאַנער שטאַב, מיט וועלכן ער איז געשטאַנען אין פאַר־בינדונג. אָנגעפירט מיט די פּאַרטיזאַנער האָבן באָריס אַדאַמאָוויטש בולאַק און פיעדיאַ קאָמאַראָוו. דערוויסנדיק זיך, אַז עטלעכע דערעטשינער יידן האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט און געפינען זיך דאָ נאָענט, האָבן זיי אַרויסגעשיקט צוויי שליחים אויף פערד, זיך צו פרעגן וועגן דער גרופּע. זייער ערשטע פראַגע איז געווען, צי ס׳האָט זיך אויך אָפּגעראַטעוועט אַנעטשקאַ ווענגעל. מען האָט זיי געענטפערט אַז יאָ, זי שלאָפט איצט אויף דער ערד — נאָר אַ קראַנקע, געשוואָלענע און טויבע. די שליחים האָבן איבערגעלאָזט עסן פאַר די ניצול־געוואָרענע יידן און גלייך אַוועק צום קאָמאַנדיר דער־ציילן די נייעס.

איך בלייב איצט אין וואַלד — אַ פיבערדיקע פון היץ, אַ קראַנקע און צעבראָכענע פון די אַלע איבערלעבונגען. בייזע חלומות און האַלוצינאַציעס לאָזן נישט אָפּ. מיר דוכט זיך, אַז אָט באַווייזן זיך דייטשן אויף פערד, איך הייב זיך אויף און לאָז זיך לויפן. נאָר מיטאַמאָל הערט זיך אַן אויס־געשריי אויף רוסיש:

„שוועסטער, ברידער! לויפט נישט, מיר זענען נישט קיין דייטשן, נאָר פּאַרטיזאַנער! מיר ווילן אייך העלפן.״

איך פיל ווי עמעץ הייבט מיך אויף פון דער ערד, צעקושט זיך מיט מיר און די פרייד איז דערביי אויסער־געוויינלעך גרויס. די מענטשן שפּרינגען אַראָפּ פון די פערד און מ׳הייבט אָן זיך פאַרנעמען מיט די אָפּגעראַטעוועטע יידן. ווי דורך אַ נעפּל דערקען איך מיינע צוויי רעטער: באָריס אַדאַמאָוויטש בולאַק און פיעדיאַ קאָמאַראָוו. זיי פרעגן מיך: „אַנעטשקאַ, דו לעבסט?״ — נאָר איך בין נישט אימשטאַנד צו ענטפערן. זיי לייגן מיר פאָר מיטפאָרן אין שטאַב, נאָר מיין חבר איז קעגן. זיי פאַרזיכערן אים, אַז מיר וועט נישט געשען קיין שום שלעכטס און אַז ער וועט מיך נאָך זען אַ געזונטע און פריילעכע. איך האָב געהאַט צוטרוי צו די סאָוויעטישע קאָמאַנדירן און מסכים געווען צוצופאָרן אין שטאַב.

.7

מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אַ טייכל, וואָס איז געפלאָסן אין וואַלד. אויף אַ פייף פון דעם קאָמאַנדיר, האָבן זיך באַוויזן פּאַרטיזאַנער געקליידעט ווי רויטאַרמייער. זיי האָבן אַריבערגעוואָרפן עטלעכע קלעצער איבערן וואַסער און מיר זענען אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט. דאָ האָט זיך פאַר אונדז אַנטדעקט אַ פּאַרטיזאַנער־לאַגער. זיעמ־ליאַנקעס, גוט־פאַרמאַסקירטע מיט ביימער און גרינס, האָבן אויסבאַהאַלטן אין זיך די מענטשן, עסנוואַרג, בעלי־חי און אַפילו אַ שפּיטאָל. דאָ זענען געלעגן שווער־ און לייכט־פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער, פּאַראַשוטיסטן און אויך פּויערים, וואָס זענען געשאָסן געוואָרן פון דייטשן. אַריינקומענדיק אין דאָזיקן אונטערערדישן שפּיטאָל, האָב איך דערפילט ווי עמעץ כאַפּט מיך אַרום מיט גרויס פרייד, צעקושט זיך מיט מיר און שרייט אָן אויפהער: „אַנעטשקאַ, אַנעטשקאַ!״. אויך מיין פרייד און איבעראַשונג זענען איצט גרויס. נישט קיין אַנדערער, ווי ד״ר ראָזענצווייג איז געשטאַנען פאַר מיר, אָנגעטאָן אין ווייסן כאַלאַט. ער דערציילט מיר, ווי ר׳האָט איינמאָל דערזען ווי דייטשן מיט דער אוקראַאינישער הויפּט־שוועסטער טאָניאַ לאָזן זיך גיין אינדערהייך, אויפן דריטן שטאָק פון דערעטשינער שפּיטאָל, ווו ער האָט זיך געפינען. ער האָט געפילט, אַז דאָס גייען זיי אים אַוועק־נעמען. עס איז שוין געווען נאָך דער שחיטה אין דערעטשי־נער געטאָ, בעת וועלכער עס איז אומגעקומען די פרוי און קינד פון ד״ר ראָזענצווייג. ער האָט שוין נישט געהאַט וואָס אָנצווערן — און זיך אַראָפּגעלאָזט פון דריטן שטאָק. אים איז געלונגען צו אַנטלויפן אין וואַלד, אויפזוכן די פּאַרטיזאַנער און איצט פירט ער אָן מיטן פּאַרטיזאַנישן שפּיטאָל. אדרבה, איך וועל דאָ קאָנען פאַרבלייבן און העלפן אין דער אַרבעט.

נאָר אין דעם מאָמענט אינטערעסירט מיך נישט מיין פערזענלעכער גורל. איך ווייס, אַז אויף יענער זייט וואַסער געפינען זיך עטלעכע אָפּגעראַטעוועטע יידן, וואָס אויב די פּאַרטיזאַנער וועלן זיי איצט נישט געבן קיין שוץ און אַ מעגלעכקייט זיך איינצואָרדענען אין וואַלד — זענען זיי

פאַרלוירן. איך דערצייל דעם דאָקטאָר פון מיינע לעצטע איבערלעבונגען און גיב אים אויך איבער וועגן די ניצול־געוואָרענע וואָס וואַרטן אין וואַלד אויף פּאַרטיזאַנישע הילף. ביידע סאָוויעטישע אָפיצירן זענען נישט נוטה צו נעמען אויף זיך די לאַסט פון באַזאָרגן אַ טייל פון דער ציוויל־ער באַפעלקערונג, דערצו נאָך אין באַדינגונגען פון וואַלד און פּאַרטיזאַנקע. זיי זאָגן מיר אָבער אויפריכטיק, אַז זיי געדענקען וואָס כ׳האָב פאַר זיי געטאָן, ווען זיי זענען געלעגן פאַרווונדעטע אין דרעטשינער שפּיטאָל און פאַרשטייען אויך מיין איצטיקע האַנדלונג פון איינשטעלן זיך פאַר די אָפּגעראַטעוועטע יידן. אויס דאַנקבאַרקייט זענען זיי גרייט צו נעמען אויף זיך די לאַסט און אחריות. צומאָרגנס זענען די עטלעכע יידישע פאַמיליעס, רעשטלעך פון צעקלאַפּטע משפּחות, געבראַנגט געוואָרן אין פּאַרטיזאַנישן לאַגער.

ביסלעכווייז האָט מען די מענער איינגעגלידערט אין מיליטערישע איינהייטן און אַלס ערשטע גרעסערע מיליטערישע אַקציע איז באַשלאָסן געוואָרן: אַדורכפירן אַן איבערפאַל אין דרעטשין, דערהרגענען די דאָרטיקע דייטשישע מאַכט און אַזוי אַרום נקמה נעמען פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון אַ גאַנצער יידישער קהילה. קיין סך געווער האָבן מיר נישט געהאַט. באַוואָפנט מיט ביקסן, רעוואָלווערן, מעסערס, העק און אַפילו שטעקנס, האָט מען זיך ביינאַכט אַ לאָז געגעבן אויף דרעטשין. דער ערשטער אָנפאַל אין אַדורכגעפירט געוואָרן אויפן פּאָליציי־פּאָסטערונעק. נאָכן אויסהרגענען די וואַך, האָבן מיר צוגענומען דאָס געווער און אונטערגעצונדן די געביידע. שפּעטער איז מען אַוועק אין הויפּט־שטאַב, אַריינגעוואָרפן דאָרט גראַנאַטן, דערהרגעט דעם עלטסטן און עטלעכע זעלנער. נאָכן צונעמען דאָס געווער, האָט מען אונטערגעצונדן די מאַגאַזינען, נאָר פריער האָט מען זיי אויסגעליידיקט. באַלאָדנט מיט קאַסטנס, איז מען צוריק אין וואַלד. מיר האָבן געפירט מיט זיך עטלעכע געפאַנגענע, צווישן זיי — די קראַנקנשוועסטער טאָניאַ. פון אונדזער זייט זענען געווען בלויז עטלעכע פאַרווונדעטע.

שטאָלצע, צופרידענע און מוטיקע האָבן מיר זיך אומגעקערט אין אונדזער פּאַרטיזאַנער־לאַגער. די פרייד איז געווען גרויס, באַזונדערס ביי די דרעטשינער יידן, וואָס האָבן אַביסל געשטילט זייער נקמה־דורשט און אויך באַרעכטיקט זייער אָנשליסן זיך צו די פּאַרטיזאַנער. דער שעף פון שטאַב האָט צומאָרגנס נאָך דער אַקציע אויסגעשטעלט אַלעמען אין רייען און אויף רוסיש געהאַלטן אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט שטאַרק געלויבט די יידן — נייע קעמפער. יעדן איינעם האָט ער געדריקט די האַנט פאַר זייער העלדישקייט.

.8

אונדזערע פּאַרטיזאַנער זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט מאָסקווע און אַ דאַנק דעם האָבן דעסאַנטן אונדז צוגעשטעלט אַלץ וואָס ס׳איז געווען נייטיק, אויך מעדיקאַמענטן און הייל־מכשירים. איך האָב געאַרבעט אין שפּיטאָל און יעדער פון די ניצול־געוואָרענע דרעטשינער יידן האָט געהאַט זיין באַשעפטיקונג צי אויפגאַבע ביי די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן, הגם פול מיט שפּאַנונג, אָבער דאָך ווי פרייע מענטשן, וואָס ווילן זיך קעגנשטעלן און שטאַרבן מיט געווער אין האַנט, ווען ס׳וועט זיין נייטיק.

אויף די פראָנטן איז פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. די מעכטיקע דייטשישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן באַקומען איין קלאַפּ נאָכן צווייטן און זייער אָנגריף האָט זיך איינגעבראָכן. דער דייטשישער ריקצוג האָט זיך אָנגעהויבן. אַלעמאָל האָבן מיר פון ראַדיאָ מאָסקווע געהערט וועגן באַפרייטע שטעט און גאַנצע ראַיאָנען. די היטלעריסטישע אַרמיי האָט זיך גענומען רוקן צוריק. נאָר כדי צו פאַרזיכערן אַ רואיקן צוריקטריט, איז נייטיק געווען צו ליקווידירן די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן שטאַרק באַלעסטיקט די דייטשן אין הינטערלאַנד. ספּעציעלע דיוויזיעס זענען געוואָרפן געוואָרן אין קאַמף מיט די פּאַרטיזאַנער. זיי פלעגן כאַפּן פּויערים פון די אַרומיקע דערפער און זיי צווינגען, דורך פייניקונגען און דראָונגען, צו ווייזן די פּאַרטיזאַנישע באַהעלטענישן. געווען פּויערים, וואָס האָבן בעסער געוואָלט מקריב זיין זייער לעבן, איידער פאַראַטן די פּאַרטיזאַנער. געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס האָבן גענומען אויף זיך די ראָל פון מוסרים, אָדער זיך איינגעבראָכן.

איינמאָל האָבן מיר דערהערט אַ שטאַרק בילעריי פון הינט און באַלד האָבן זיך דערהערט שיסערייען און אויפרייסן. נישט אַנדערש — די דייטשן האָבן אַנטדעקט אונדזער לאַגער און אַטאַקירן אים איצט מיט דער פולער קראַפט. די געשרייען און אָפּהילכן פון די שאָסן דערנענטערן זיך. דאָס שפּיטאָל האָט זיך געפינען אינעם אַזוי־גערופענעם „סעמיעינע („פאַמיליע־) לאַגער", ווו מען האָט אויסגעהאַלטן די אָפּגעראַטעוועטע יידן, אַלטע לייט, פרויען און קינדער. איך זע מיטאַמאָל ווי די קראַנקע הייבן אָן צו צעלויפן זיך אין גרויס בהלה, די דייטשן שרייען: „פערפלוכטע יודען, גיט זיך אונטער, מיר ווילן אייך סיי־ווי אויסשעכטן ווי די הינט!". אויך מיך האָט דאַן באַהערשט אַ פּחד און כ׳האָב זיך געלאָזט לויפן, נישט וויסנדיק אַליין קיין ריכטונג. איך האָב געזען ווי אַ קויל האָט געטראָפן ראָזאַ יאַנושעוויטש. אויך אַנדערע איינוווינער פון דעם לאַגער פאַלן טויט. די רוצחים פאַרשניידן די לעבנס פון פרויען, אַלטע לייט און קינדער. זיי צינדן דערנאָך אונטער דעם לאַגער.

אַנטלויפנדיק אַזוי פון דעם גהינום, דערזע איך פּלוצים, ווי עס קומען מיר אַנטקעגן דריי געשטאַלטן. אַוודאי דייטשן. עס איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט און אין וואַלד איז באַזונדערס אַ מורא, ווען ס׳הערשט דאָרט פינצטערניש. מיר שיינט, אַז דאָס זענען די לעצטע מינוטן פון מיין לעבן. פונדעסטוועגן, נישט אָפּגעבנדיק זיך אַליין קיין חשבון, האָב איך אויסגעשריען:

— ווער גייט?

דאָס איז געווען ד"ר ראָזענצווייג, די קראַנקנשוועסטער סאָניע און איר אַלטע מוטער. זיי האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר, מיך אַרומגענומען, געצערטלט און געטרייסט. זיי האָבן געפילט, אַז כ׳בין שטאַרק צערודערט און איבערגענומען מיט דער לעצטער געשעעניש.

אַלע פיר האָבן מיר זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג. מיר קריכן אַריין אין אַ צווייטן וואַלד.

— ווו גייען מיר? — פרעג איך דעם ד"ר ראָזענצווייג.

— קום פאָראויס און זיי שטיל — ענטפערט ער מיר.

מיטאַמאָל אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַ ברייט וואַסער.

— דאָס איז דער ניעמאַן — דערקלערט דער דאָקטאָר.

מיר נעמען פון זיך אַראָפּ די שיך און די אויבערשטע בגדים און מען לאָזט זיך אַריין אין טייך. דער „שפּאַציר" אין וואַסער דויערט און דויערט אָן אַ סוף. נישט איינמאָל ווייזט זיך מיר אויס, אַז כ׳וועל דערטרונקען. מיטאַמאָל

הייב איך אָן שרייען: „מאַמע, מאַמע, ראַטעווע מיך! איך טרינק זיך!” ד״ר ראָזענצווייג נעמט מיך באַרואיקן און גלייכצייטיק דראָען, אַז אַזאַ אויפפירונג וועט אויף אַלעמען ברענגען אַן אומגליק.

ערשט ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, זענען מיר דערגאַנגען צום צווייטן ברעג. מיר זעצן זיך אַוועק אָפּרוען און אויסטריקענען די נאַסע מלבושים. פונדערווייטנס הערן מיר אַ בילעריי פון הינט. אַוודאי אַ דאָרף געפינט זיך נאָענט פונדאַנען. נאָר ווער ווייסט? אפשר זענען אויך דאָ פאַראַן דייטשן? מען לאָזט זיך ווייטער אין וועג, נישט אין דער ריכטונג פון דאָרף, נאָר אין וואַלד. וואָס טיפער — אַלץ זיכערער.

מיטאַמאָל דערזעען מיר צוויי יונגעלייט. דאָס זענען אונדזערע פּאַרטיזאַנער. זיי דערפרייען זיך מיט אונדז, אָבער לויט זייערע פאַרטרויערטע פּנימער פילן מיר, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג. מיר פרעגן וואָס איז געשען און זיי דערציילן, אַז אויף אונדז פיר האָט דער שטאַב, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פונדאַנען, אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל, ווייל מיר האָבן דאָס שפּיטאָל איבערגעלאָזט אויף הפקר. אמת, דאָס שפּיטאָל מיט די קראַנקע איז געראַטעוועט געוואָרן, אָבער מיר האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און פאַרלאָזט די פּאָזיציעס.

טראָץ דער דאָזיקער איוב־בשורה, האָבן מיר זיך געהייסן פירן צום שטאַב און דאָ געטראָפן פיל פון אונדזערע פריינד און באַקאַנטע. אויך מיין חבר לייבל איז דאָ געווען. און אַלע קוקן אויף אונדז מיט גרויס צער און באַדויערונג צוליבן אַרויסגעטראָגענעם אורטייל.

מען פירט אונדז אַוועק אין שטאַב. דער עצם פאַקט וואָס מען גיט אונדז אָפּצועסן און מען הייסט אויסטוען אונדזערע נאַסע קליידער אויף טרוקענע — דערוועקט האָפענונגען. דער קאָמאַנדיר באָריס אַדאַמאָוויטש מעלדעט טאַקע וועגן דעם אורטייל, ער גיט אָבער צו, אַז מען וועט די פאַרוווּנדעטע און קראַנקע פון שפּיטאָל פרעגן זייער מיינונג. מען שיקט צו זיי ספּעציעלע שליחים, וועלכע קומען צוריק מיטן באַשלוס:

— דעם דאָקטער ראָזענצווייג, די שוועסטער סאָניע און איר מוטער — דערשיסן. חנהטשע ווענגעל — נישט...

מיר ווערן אַלע איזאָלירט. מען טאָר נישט צו אונדז צוגיין. מיר זענען פאַררעטער. מיט עטלעכע טעג שפּעטער אָרדענט מען איין אַ פעלד־געריכט, לויט אַלע כללים און פּראָצעדור. איך פאַרטיידיק זיך שטאַרק, פילנדיק, אַז מיט מיין פאַרטיידיקונג, וועל איך אפשר לייכטער מאַכן די אַנדערע דריי פאַרמשפּטע. מיין טענה איז געווען, אַז בעתן אָנגריף, האָב איך זיך פאַרלוירן. כ׳האָב צופיל איבערגעלעבט און אַדורכגעמאַכט, כדי איינצוהאַלטן מיין גייסטיקע גלייכגעוויכט, ווען די רוצחישע דייטשן מיט אַזויפיל געווער און הינט, זענען אָנגעפאַלן. און אויב כ׳בין געראַטעוועט געוואָרן, איז עס נאָר אַ דאַנק דעם ד״ר ראָזענצווייג. ער האָט מיך געפינען אין וואַלד און דערפירט אַהער.

באָריס אַדאַמאָוויטש האָט פאָרגעלייגט דעם טריבונאַל אַרויסצוטראָגן אַ טויט־אורטייל — נאָר מיך, אויס דאַנקבאַרקייט, אַז כ׳האָב אים געהאָלפן אין דערעטשינער שפּיטאָל, איז ער גרייט צו אַמנעסטירן. איך בין צוגעפאַלן צו זיינע פיס, געקושט זיינע הענט און אָנגעהויבן בעטן און וויינען פאַרן דאָקטאָר ראָזענצווייג. איך האָב אים דערמאָנט, אַז אויך דער דאָקטאָר האָט פאַר אים פיל געטאָן אין שפּיטאָל אין דערעטשין און אויך אים דאַרף ער אַרויסווייזן די זעלבע מאָס דאַנקבאַרקייט. בשעת־מעשה האָב איך געטראַכט, אַז דער דאָזיקער אָפיציר טראָגט אַ בייז האַרץ אויפן דאָקטאָר דערפאַר, ווייל ער האָט אים חושד געווען, אַז ער האָט צו שנעל און מיט לייכטזין אים אַמפּוטירט אַ שטיק האַנט אין דערעטשינער שפּיטאָל, בעת, לויט זיין מיינונג, האָט מען דאַן נישט געמוזט שניידן, נאָר געקאָנט איבערלאָזן די פאַרוווּנדעטע האַנט. כ׳האָב אָבער נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז צוליב אַ פּערזענלעך נקמה־געפיל זאָל דער פאַרדינסטפולער דאָקטאָר און האַרציקער מענטש דערשאָסן ווערן אַלס פאַררעטער און פּחדן. ווייזט אויס, אַז באָריס אַדאַמאָוויטש האָט פאָרט נישט געהאַט דעם מוט צו באַשטעטיקן אַזאַ אורטייל און דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אונדז אַלע פיר צוריק אָפּגעשיקט צו די קראַנקע אין שפּיטאָל. אונדזער פרייד איז געווען גרויס צוליבן אָפּראַטעווען עטלעכע יידישע לעבנס.

.9

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע תקופה. די אָפּטרעטנדיקע דייטשן האָבן פאַרפאָלגט די פּאַרטיזאַנעראָטריאַדן און מיר האָבן אַלעמאָל געמוזט וואַנדערן מיט אונדזער לאַגער פון אָרט צו אָרט. מען האָט אונדז גערודפט און פאַרפאָלגט. נישט איינמאָל האָבן מיר געטראַכט: ווער ווייסט צי נאָך אַזעלכע איבערלעבונגען וועט אונדז נישט אויסקומען צו שיידן זיך מיטן לעבן, גראָד ביים סוף פון דער מלחמה, ווען דער נצחון איז אַזוי נאָענט?

דער פויער וואַניאַ פילידאָוויטש האָט ווייטער געהאָלפן די פּאַרטיזאַנער. פאַרקליידט פאַר אַ האָלצהעקער, מיט אַ זעג און האַק, איז ער געקומען אין וואַלד און אינפאָרמירט די פּאַרטיזאַנער וועגן די דייטשן און אויך געברענגט עסן. אַ דאַנק אים און נאָך אַנדערע גוטע פויערים, זענען מיר געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

ליידער, נישט אַלע האָבן דערצו זוכה געווען. לייבל פלודע מיט נאָך פינף פּאַרטיזאַנער זענען איינמאָל אַרויס אויף אויסשפּיר. זיי האָבן געהערט צו דער „ראַזוויעדקע”. אין עטלעכע שעה אַרום האָבן מיר דערהערט אַ שיסעריי. עס האָט לאַנג געדויערט — און די אויסשפּירער זענען נישט צוריקגעקומען. איך בין צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער אַוועק זיי אויפזוכן. צומאָרגנס האָבן מיר זיי געפונען אין וואַלד דערשאָסענע. די דייטשן זענען געווען באַהאַלטן אויף די ביימער און פונדערהייך צו זיי געשאָסן. לייבל פלודע איז נאָך געווען אין גוססדיקן צושטאַנד. ער איז אויסגעגאַנגען אויף מיינע הענט.

מיר האָבן פאַר זיי אַלע אויסגעגראָבן אַ קבר אין וואַלד און געלאָזט פאַלן טרערן איבערן גורל פון די יינגפאַרשניטענע לעבנס.

דער נצחון האָט זיך שוין געפילט אין דער לופטן, אָבער דער וועג צו אים איז נאָך פול געווען מיט שטרויכלונגען, קרבנות, שרעקלעכע איבערלעבונגען.

איינמאָל האָט באָריס אַדאַמאָוויטש געמאָלדן, אַז דער פראָנט איז שוין ווייט־ווייט אין פוילן און אַז זיי לייזן אויף דעם שטאַב מיט דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג. דער שטאַב וועט אָפּפליען קיין מאָסקווע און די פּאַרטיזאַנער, ווי אויך דער „סעמיעינע לאַגער”, זענען פריי צו גיין וווּ זיי ווילן. דער שטאַב איז טאַקע אַוועק און מיר זענען געבליבן אויף גאָטס באַראָט. דער עולם איז זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען און יעדער האָט געזוכט אַ רעטונג פאַר זיך.

איך, מיט די דאָקטוירים ראָזענצווייג און מיאַסניק, זענען

ביינאַכט אַוועק אין דאָרף, צו וואַניאַ פּילידאָוויטש. ער האָט אונדז איינגעאָרדנט ביי זיך אין דער סטאָדאָלע, וווּ מיר זענען געווען באַהאַלטן עטלעכע חדשים, ביזן סוף 1944, ווען די רויטע אַרמיי איז אַריין אין דאָרף.

איצט בין איך אויף דער פריי. גרויס איז געווען מיין דאַנק צו וואַניאַ פּילידאָוויטש. ער האָט אויך באַקומען אויסצייכענונגען פון דער סאָוויעטישער אַרמיי פאַר זיינע פאַרדינסטן. מיך און נאָך עטלעכע אָפּגעראַטעוועטע האָט מען אָפּגעפירט אינעם שטעטל שטשוטשין, נעבן גראָדנע. דאָרט האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אויפן שטאָטישן פּלאַץ. דער בירגערמייסטער האָט געהאַלטן אַ רעדע, דערציילט אונדזערע איבערלעבונגען בעת דער מלחמה און גערופן די באַפעלקערונג זי זאָל אונדז גוט אויפנעמען און באַזאָרגן מיט אַלעם נייטיקן. דערנאָך בין איך קראַנק געוואָרן אויפן קאָפּ, ווייל כ׳בין געהאַט אַראָפּגעפאַלן פון שטיגן. מיט עסן און מעדיקאַמענטן איז געווען שלעכט. ווייזט אויס, אַז מיר האָבן נאָך נישט אויסגעטרונקען דעם בעכער מיט צרות ביזן סוף. אָבער אויך די צרות האָבן זיך געענדיקט.

כ׳בין שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין דערעטשין, פון דאָרט — קיין לאָדזש. די אומזיכערע לאַגע פון יידן אין באַפרייטן פּוילן האָט מיך באַוואויגן ווייטער צו וואַנדערן: קיין וואַלבזשיך און דערנאָך — קיין ישראל.

# היטלעריסטישע קינדער־מערדער

לאה דירעקטאָר (לערמאַן)
תל־אביב

.1

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָב איך זיך געפינען אין וואַרשע. אַזוי ווי אַ טייל פון מיין פאַמיליע האָט דאַן געוווינט אין ווישקאָוו, האָב איך באַשלאָסן אַהין אַריבערצופאָרן, מיט דער איבערצייגונג, אַז אין אַ קליין שטעטל איז מער זיכערער און שטילער ווי אין דער הויפּטשטאָט. צוזאַמען מיט יעקב פּיעניק און נאָך עטלעכע ווישקאָווער, האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין, אָבער עס האָט גענומען אַ סך צייט און מי, ביז מיר זענען אַהין דערגאַנגען. דער וועג איז געווען פאַרנומען מיט פּליטים, קיין קאָמוניקאַציע איז נישט געווען און די דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן אומאויפהערלעך באָמבאַרדירט די ציווילע באַפעלקערונג.

אַז מיר זענען צוגעקומען צום שטעטל, האָט די ציווילע וואַך אונדז מאָביליזירט צו באַגראָבן די טויטע. ווישקאָוו האָט שוין געהאַט אירע ערשטע מלחמה־קרבנות. אויפן אָסטראָווער שאָסיי, נישט ווייט פון טאָקער פּזשעשטשעליעניעץ, דאָרט ווו עס זענען געווען באַהאַלטן אַלע שכנים פון אָרום — איז אַריינגעפאַלן אַ באָמבע. די צאָל קרבנות איז געווען זייער גרויס. מענטשן האָבן מיט לאָפּעטעס און אייזנס געזוכט צווישן די חורבות זייערע נאָענטע, אפשר האָט ווער זיך געראַטעוועט. דאָס דאָזיקע בילד, ווי גוטבאַקאַנטע לעבעדיקע מענטשן זוכן אין פאַרצווייפלונג זייערע טויטע קרובים, האָט ביים ערשטן אָנקום אין שטעטל געמאַכט אויף אונדז אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. אַ געוויסער זעליקליטערע האָט דאָרט געפונען זיינע אומגעקומענע קינדער; איינער, אָן אַ האַנט, האָט אַנטדעקט זיין טויטע פרוי און טיילן פון זיינע קינדערס קערפּערלעך.

נאָכן באַרואיקן זיך פון דעם שרעקלעכן בילד און נאָכן העלפן אויפרוימען די טויטע, האָב איך זיך גענומען נאָכפרעגן אויף מיין פאַמיליע. איך האָב זיי געפונען זיך אויסבאַהאַלטן אויפן ווישקאָווער בית־הקברות, צוזאַמען מיט יעקב וויינטראַוב (אַ צוקערקעס־מאַכער), זיין טאָכטער, איידעם און קינדער. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ווישקאָוו און צוריקפאָרן קיין וואַרשע. אָבער נישט לייכט איז געווען דורכצופירן דעם דאָזיקן באַשלוס. מיין פאָטער ע״ה, שוועסטער און די קינדער, זענען געווען קראַנק. מיט וואָס פאָרן אין דער הויפּטשטאָט — איז אויך נישט געווען.

בלית־ברירה האָבן מיר פאַרנאַכט זיך דערשלאָגן צו דער בענזין־סטאַציע און דאָרט זיך דערוואַרט אויף אַ לאַסטאויטאָ, וואָס האָט אַלעמען פאַרנומען קיין וואַרשע. מיר זענען אַהין אָנגעקומען עטלעכע טעג פאַר ראש־השנה.

אין ראש־השנה האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שרעקלעכע באָמבאַרדירן וואַרשע, ספּעציעל — אירע יידישע קוואַרטאַלן. אויפן הויף פראַנטשישקאַנער 31, ווו ס׳האָט געוווינט מיין שוועסטער, איז געפאַלן אַ פאַרניכטונגס־באָמבע און אונדז אַלעמען פאַרשאָטן. צום גליק האָבן מיר זיך אַרויסגעראַטעוועט. אויפן גאַס האָט מען געזען דעם אמתדיקן חורבן. אַ ברען־באָמבע איז געפאַלן נישט ווייט און דערהרגעט און פאַרווונדעט צענדליקער מענטשן. צעקאַלעטשעטע, פאַרברענטע און אין בלוט־אָפּגייענדיקע יידן האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און אויף די הייף.

נאָך דעם ווי פּוילן האָט פאַרשפּילט די מלחמה און אין דעם אָקופּירטן לאַנד האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט, האָבן מיר ווידער באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין ווישקאָוו. כ׳בין אָנגעקומען קיין ראַדזימין און דאָרט געטראָפן באַקאַנטע ווישקאָווער יידן, וועלכע האָבן געוווּסט צו דערציילן וועגן דעם חורבן ווישקאָוו. הונדערטער יידן האָט מען צונויפגעזאַמלט אין דער ברויעריי און די דייטשן האָבן זיי דאָרט אויסגעשאָסן. מיין ברודער מרדכי איז פאַרברענט געוואָרן פון אַ באָמבע. די, וואָס זענען געבליבן לעבן, זענען אַנטלאָפן קיין יאַדאָווע און אין אַנדערע שטעטלעך. מיט דעם טרויעריקן באַריכט בין איך צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע — ווו ס׳האָט שוין געהערשט די ברוטאַלע פויסט פון די דייטשן.

אַזוי ווי מיין שוועסטערס דירה אין וואַרשע איז פאַרשאָטן געוואָרן, האָבן מיר נישט געהאַט ווו צו וווינען. מיין פאָטער האָט דעריבער באַשלאָסן, אַז אין אָנבליק פון די פאַרשטאַרקטע אַנטי־יידישע רדיפות, דאַרף איך און מיין ברודער שלמה ע״ה אַוועק קיין קאָוונע, ווו עס האָט לאַנגע יאָרן געוווינט מיין ברודער. איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער וואַנדער־וועג, וואָס האָט געדויערט זייער לאַנג. אויף דער דאָזיקער טראַסע האָבן מיר אין יאַדאָווע, טשיזשעווע, ביאַליסטאָק, ווילנע און קאָוונע געטראָפן פיל באַקאַנטע ווישקאָווער יידן.

.2

ס׳איז אַזוי געשען, אַז ווו מיר, יידן, זענען געלאָפן — איז אונדז דער טראַגישער גורל מיטגעלאָפן. אין יאַנואַר 1940 זענען מיר פיר משפּחה־מיטגלידער אָנגעקומען קיין קאָוונע און אין משך פון אַ האַלב יאָר געלעבט, ביי דער

סאָוויעטישער מאַכט, אין פאַרהעלטניסמעסיקער רו און האָפענונג, אַז מיט דער צייט וועט מען זיך נאָך זען מיט די טייערע וואָס זענען געבליבן ביים שונא. אָבער דעם 22־טן יוני 1941 האָט די ברוינע פּעסט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן.

דעם ערשטן טאָג, ווען די דייטשישע מערדער זענען אַריין קיין קאָוונע, האָבן זיי צוזאַמען מיט די ליטווישע בירגער אַדורכגעפירט אַ פּאָגראָם אין סלאָבאָדקע. אומשולדיק יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן טייכנווייז. אין דעם דאָזיקן בלוט־באָד זענען אומגעקומען אונדזערע טייערע פריינד פון טלושטש: דבורה גאָלדוואַסער, איר מאַן, קליין קינד און שוואָגערס, מיט נאָך פיל סלאָבאָדקער יידן, וואָס זענען ממש געשאָכטן געוואָרן אויפן סאַמע אכזריותדיקן אופן... פון יענעם טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות און פּיין פון די יידן אין קאָוונע, אָבלאַוועס און אַרעסטן אין אַלע הייזער. איך מיט מיין פאַמיליע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויפן זיבעטן פאָרט. דאָרט האָט מען צעשיידט די מענער און פרויען באַזונדער. די ליטווינער האָבן זיך געלערנט צילן אין די מענער. דאָס איז ביי זיי געווען אַ מין פאַרוויילונג. צענדליקער אומשולדיקע יידן זענען דאַן דערשאָסן געוואָרן, צווישן זיי — מיין ברודער פון קאָוונע, יצחק לערמאַן ז״ל. מיר פרויען האָבן געהאַט אויסצושטיין פיל שרעק. אָבער דערנאָך האָט מען אונדז באַפרייט, כדי זיין עדות און קרבנות פון נאָך שרעקלעכערע איבערלעבונגען.

.3

דעם 15־טן אויגוסט 1941 זענען מיר אַריינגעטריבן געוואָרן אין סלאָבאָדקער געטאָ. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתדיקער גהינום־וועג. מיר האָבן מורא געהאַט פאַר דער נאַכט־פינצטערניש, ווי פאַר דער טאָג־ליכט. די אַנטשטייאונג פון געטאָ אין סלאָבאָדקע איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אויסראָטונגס־אַקציע פון 10 טויזנט יידן, די א.ג. „גרויסע אַקציע״. דער באַפעל האָט געלויטעט, אַז אַלע אָן אויסנאַם געטאָ־איינוווינער זאָלן זיך צונויפזאַמלען אויף אַ גרויסן פּלאַץ. מען וויל אונדז איבערציילן און פאַרטיילן צו פאַרשידענע אַרבעטן. אָבער די מערדער האָבן זיך נישט פאַרלאָזט אויפן בלויזן באַפעל, נאָר דורכגענישטערט יעדער הויז, שטוב, קעלער און בוידעם און אויפן ברוטאַלסטן אופן אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט אַלטע לייט, קראַנקע פרויען און קינדער. די רעוואָלווערן און ביקסן האָבן געאַרבעט אָן אויפהער.

אויפן זאַמל־פּונקט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס סאָרטירן — אויף רעכטס און אויף לינקס. די משפחות, וואָס האָבן נישט געהאַט זייערע מענער — האָבן באַדאַרפט גיין אויף לינקס. איך מיט מיין פּלימעניצע זענען אַהין אַוועק. ווי לאַנג כ׳וועל לעבן, וועל איך נישט פאַרגעסן יענע שוידערלעכע נאַכט, ווען מ׳האָט סאָרטירט די מענטשן. אַזאַ חיהשע ברוטאַליטעט זעט מען נישט אַוודאי אין דזשונגל...

מיר זענען געווען די ערשטע וואָס זענען איצט אָנגעקומען אין א.ג. קליינעם געטאָ. אין אַ צימערל ד׳ על ד׳ האָט מען אויסער אונדז, אויך אַריינגעשטופּט מוטערס מיט קליינע קינדער. די ענגשאַפט איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַפילו שטיין איז געווען אוממעגלעך. אינדרויסן קנאַקט דער פראָסט, עס איז קאַלט, קיין עסן איז נישטאָ, די שיסערייען הערן נישט אויף און די קינדער־יללות פאַרפולן דאָס קליינע צימערל. די מוטערס קרעכצן און וויינען מיט ביטערע טרערן אויף דעם פינצטערן גורל. מיטאַמאָל ווערט די נאַכטשטילקייט איבערגעריסן מיט אַ האַסטיקן זעץ אין טיר.

עס רייסן זיך אַריין זעלנער מיט באַוואָפנטע ליטווינער און מען הייסט אונדז אַלע אַרויסניין און מאַרשירן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. מיר גיבן זיך איצט אָפּ אַ רעכענונג וואָס עס באַדייט דער דאָזיקער גירוש. פונדעסטוועגן וואַגט עמעץ צו פרעגן די באַוואָפנטע היטער, וווּ גייען מיר? אויף דעם קומט אַ ציניש ער ענטפער: „צו דער אַרבעט׳. דער ליגן איז אַ בולטער. קראַנקע, דערשעפּטע און הונגעריקע פרויען, מיט פּיצלעך קינדער אויף די הענט און ביי די הענט — קאָנען נישט זיין קיין אַרבעטס־עלעמענט. שוין־זשע וועלן אָט די אַלטע לייט, די אומגליקלעכע קינדער און די צעבראָכענע פרויען זיין פעיק צו אַרבעט?

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט אַ שבועה, וועלכער מיין פאָטער פלעגט באַנוצן ביי באַזונדערס וויכטיקע ענינים. ער פלעגט זאָגן: „כ׳זאָל אַזוי זוכה זיין צו קומען צו קבר־ישראל״. פאַר אונדזערע עלטערן איז דאָס קומען צו קבר־ישראל געווען איינער פון די וויכטיקסטע שטרעבונגען נאָכן טויט. מיין געפיל איצט איז געווען, אַז צו קבר־ישראל וועט מען נישט קומען. אויב אין נאָרמאַלע צייטן איז עס נאָר געווען אַ ווונטש פון יידן — איז עס אין די איצטיקע באַדינגונגען אַ ווייטער, ווייטער חלום. איך מיט מיין פּלימעניצע באַשליסן צו אַנטלויפן. מיר לייגן פאַר דעם פּלאַן די נאָענטסטע מיטגייערינס, זיי זענען אָבער צופיל מיד, דערשעפּט און רעזיגנירט, כדי ריזיקירן אַזאַ שריט. זיי גייען ווייטער און אונדז געלונגט זיך אַרויסצודרייען פון מלאך־המוות.

...דערנאָך האָט מען טעג און וואָכן געפירט די קליידער פון די דערמאָרדעטע. קריסטן האָבן שפּעטער דערציילט, אַז דער באַרג מיט די פאַרשאָטענע מאַסן־קברים האָט אין משך פון עטלעכע טעג זיך געהויבן און באַוועגט. די נישט־דערשאָסענע און האַלב־לעבעדיקע קרבנות האָבן אונטער דער פאַרשאָטענער ערד נאָך געאָטעמט. אַ טייל אומגעקומענע אויף קידוש־השם, האָט געהאַט אַ פאַרלענגערטע גסיסה...

די דערשלאָגענע רעשטלעך פון סלאָבאָדקער געטאָ האָבן איצט געפרעגט: „וווּ זענען מיינע קינדער, מיין פרוי, מיין מאַן, מיין טאַטע, מאַמע?״ דער ענטפער האָבן זיי געוווּסט — אָבער די דאָזיקע פראַגן האָבן אָנגעפולט דעם ענגן, טרויעריקן חלל פון סלאָבאָדקע. נישט געווען קיין שטוב, וווּ ס׳זאָלן נישט פעלן עטלעכע משפחה־מיטגלידער.

.4

דאָס לעבן אין געטאָ איז זיך געגאַנגען דעם „נאָרמאַלן״ גאַנג. מענטשלעכע סקעלעטן האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף די וועגן (די טראָטואַרן האָבן יידן נישט געטאָרט באַנוצן) מיט צוויי געלע לאַטעס (פון הינטן און פון פאָרנט). דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן ביז דער צווייטער גרויסער אַקציע, די א.ג. „קינדער־אַקציע״.

הגם קיין אָפיציעלע ציפערן זענען נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט מען אין געטאָ געשמועסט, אַז די גרויסע מאַסן־אַקציע האָט פאַרלענדט צען טויזנט יידן. צו דער דערדריקטער שטימונג אין געטאָ איז צוגעקומען נאָך אַ פאַקטאָר — דער הונגער. נישט געווען ביי וועמען צו קויפן אַ ביסל שפּייז, אַפילו די וואָס האָבן נאָך געהאַט פאַר וואָס צו קויפן. אַזוי ווי מיר האָבן שוין נישט באַוויזן אָפּצושיקן אַ שפּייז־פּאַקעט קיין פּוילן, זענען פאַר אונדז געבליבן אַ ביסל פּראָדוקטן, וועלכע זענען אויסגענוצט געוואָרן אויף אַ זייער קאַרגן און ראַציאָנעלן אופן.

די פאַרבליבענע אַרבעטספעיקע מענער און פרויען זענען

טאָג־טעגלעך געטריבן געוואָרן צו בויען אַ פּלי־פעלד. די קאַטאָרגע־אַרבעט, דער הונגער, די קעלט און פּייניקונגען, וואָס האָבן גורם געווען צו אַ סך טויטפאַלן, האָבן אַלעמען דערדריקט און דערפירט צו יאוש. נאָר איבער דעם אַלעמען איז שטענדיק געווען די הויפּט־זאָרג — עסן. ווו נעמט מען אַ שטיקל ברויט, אַ קאַרטאָפל, אַ ביסל פעטקייטן?

איין גרופּע יידישע אַרבעטער איז געווען באַשעפטיקט אין אַ פאַרשטאָט פון קאָוונע, ווו מ'האָט פאַר געלט געקאָנט קויפן עסנוואַרג. צופעליק איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן אין דער דאָזיקער גרופּע און ווען מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז קיינער זעט נישט, בין איך אַוועק זיך איינקויפן שפּייז. אַ ליטווינער געהיים־אַגענט אין ציווילער קליידונג האָט מיך דערקענט און אַרעסטירט. מיינע געוויינען און געבעט ער זאָל מיך אָפּלאָזן, האָבן נישט געהאָלפן. ער האָט מיך איבערגעגעבן דער דייטשישער קאָמענדאַנטור און כ'בין געווען זיכער, אַז איצט נעמט אַ סוף צו מיין לעבן. זיי האָבן מיך אָבער פאַרשפּאַרט אין תפיסה, אין אַ קאַמער ווו ס'זענען געזעסן נאָך יידישע פרויען.

צווישן די פאַרהאַלטענע דאָרט האָבן זיך געפינען: אַ באַרימטע קינדער־דאָקטאָרין, וואָס האָט נאָך פאַר דער מלחמה באַדינט די זעלבע קאָוונער תפיסה, און וועלכער זי איז איצט געזעסן. די גאַנצע פאַמיליע פון דער דאָקטאָרין (זי, איר מאַן און זייער זון, ווי אויך אַ קריסטלעכע הויזדינערין) זענען אָפּגעמסרט געוואָרן פאַר באַנוצן זיך מיט אַרישע דאָקומענטן. אין קאַמער זענען אויך געווען צוויי שוועסטערס און צוויי קריסטינס, וואָס האָבן געוואָלט זיי העלפן זיך אויסבאַהאַלטן; אַ מיידל וואָס האָט געהאַט איבערגעלאָזט אירע זאַכן ביי אַ קריסטין, און ווען זי איז געקומען עפּעס נעמען — האָט מען זי אַרעסט־ירט; אַ פרוי וואָס האָט געאַרבעט אויף אַ פאָלוואַרק און אירע צוויי קינדער אויסבאַהאַלטן אויף אַ צווייט אָרט. די פרוי פון דעם פאָלוואַרק־אייגנטימער האָט אויס אייפערזיכט געמסרט די יידישע אַרבעטערין, וועלכע איז איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה. יעדער טאָג פלעגט זי אַ צעשלאָגענע און צעבלוטיקטע צוריקקומען פון די אָפטע אויספאָרשונגען, ווייל מ'האָט געוואָלט ביי איר דערגיין דאָס אָרט פון די אויסבאַהאַלטענע. זי האָט אָבער נישט פאַראַטן אירע קינדער, טראָץ די אומגעהויערעליידן וואָס זי האָט געהאַט דערפון אויסצושטיין. אין „מיין" קאַמער איז אויך געזעסן אַ לערערין פון געשיכטע, אויף וועלכער אַן אַנטיסעמיטישער שילער, וועמען זי האָט נאָך פאַר דער מלחמה געגעבן אַ שוואַכע ציינגיש, האָט געמסרט אַז זי איז אַ קאָמוניסטין...

.5

מיט מיין אַריינקום אין קאַמער האָבן אַלע פאַרהאַלטענע פרויען געוואָלט וויסן די נייעס אין שטאָט און אויף די פראָנטן. צום באַדויערן, זענען מיינע באַריכטן געווען אַנטוישנדיקע, ווייל יענע תקופה האָט זיך אויסגעצייכנט מיט היטלערס מלחמה־נצחונות אויפן סאָוויעטישן פראָנט און אַ פאַרשטאַרקטן טעראָר לגבי דער יידישער באַפעלקערונג.

איצט זיץ איך אין אַ ווינקל פון דער תפיסה־קאַמער און מיינע מחשבות זענען... אויף דער פריי. מיינע נאָענטע זענען אַוודאי איבערצייגט, אַז איך בין שוין נישט צווישן די לעבעדיקע. זיי האָבן מיט האָפענונג געוואַרט אויף מיין אַהיימקומען און אויף אַ שטיקל ברויט וואָס כ'האָב באַדאַרפט ברענגען. מ'האָט אונדז צעשיידט — און ווער ווייסט אויב נישט אויף שטענדיק.

אָבער דאָס זיצן אין תפיסה דערנענטערט שטאַרק מענטשן. די פרויען אין קאַמער זענען געוואָרן איין משפחה. אַז מ'האָט עמעצן גערופן צו אַן אויספאָרשונג, האָבן דאָס אַלע מיטגעלעבט און אויפריכטיק זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון דער אַרויסגערופענער. ערגער איז געווען, ווען די טיר פון דער קאַמער האָט זיך געעפנט אינמיטן דער נאַכט און מ'האָט וועמען פון אונדז צוגענומען. נישט אַנדערש — דאָס פירט מען די אומגליקלעכע צום טויט. און אַלע האָבן זי באַגלייט מיט מיטגעפיל און געשטיקטע טרערן. אַזוי איז פון טאָג צו טאָג קלענער געוואָרן די צאָל אַרעסטירטע.

די פרויען, וואָס זענען שוין געווען אין תפיסה אַ לענגערע צייט, האָבן נאָכן אויסהערן די געשיכטע פון מיין אַרעסט, ממש נישט געוואָלט גלויבן, אַז צוליב דער סיבה זאָל מען מיך פאַרשפּאַרן און דערצו האַלטן אָן אַן אויספאָרשונג. פאַר אַזעלכע חטאים — האָבן זיי געטענהט — ווערט מען גלייך באַפרייט. זיי האָבן מיר געעצהט צו ווענדן זיך צום טורמע־נאַטשאַלניק. בעת דעם אָוונט־אַפּעל, ווען ס'איז דערלויבט געווען די אַרעסטאַנטינס איבערצוגעבן זייערע פאָדערונגען דער תפיסה־אַדמיניסטראַציע, האָב איך געבעטן אַ געשפּרעך מיטן נאַטשאַלניק. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז בכלל נישטאָ קיין באַשולדיקונגס־אַקט קעגן מיר. דערביי האָט דער נאַטשאַלניק מיך „געטרייסט", אַז כ'דאַרף זיין גליקלעך וואָס כ'זיץ דאָ, ווייל אין געטאָ איז די לאַגע אַ פיל ערגערע. די מענטשן גייען אַרום באָרוועס, מיט צעריסענע בגדים, הונגערן און ווערן געפּייניקט. מיין ענטפער איז געווען, אַז אַפילו אַ פאַרשלאָסענער פויגל אין אַ שטייג, טראָץ דעם וואָס ער האָט אַלץ, רייסט זיך צו דער פריי. אויסער דעם — בין איך נישט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכן.

ס'האָט זיך אָנגערוקט דער פרילינג. איך האָב זיך אויך דערוווּסט, אַז אינגיכן דאַרף זיין פּסח. אַ דערצויגענע אין רעליגיעזן גייסט, האָב איך אַפילו אין די תפיסה־באַדינגונגען באַשלאָסן נישט צו עסן קיין ברויט, און אויף דער צייט פון יומטוב אָנגעהויבן זאַמלען בורעקעס. אין מיין מאַנטל איז שוין געווען אַ היפּשער זאַפּאַס פון די דאָזיקע שפּייז, — נאָר מיטאַמאָל רופט מען מיך צו אַן אויספאָרשונג. מורא האָבנדיק פאַר אַ דורכפאַל מיט די בורעקעס, האָב איך געכאַפּט דעם מאַנטל פון אַ צווייטער אַרעסטירטער און פאַרלאָזט די קאַמער. מ'האָט מיך אָפּגעפירט אין דער געסטאַפּאָ־קאָמענדע, אַריינגעשטויסן אין אַ צימער, ווו עס זענען געווען פאַרהאַלטן נאָך מענער און פרויען. אַלע זענען געשטאַנען מיט די פּנימער צום וואַנט, אויך מיך האָט מען געהייסן אַזוי זיך אַוועקשטעלן. מען פרעגט מיך צי כ'בין געגאַנגען קויפן אַליין, אָדער עמעצן פון די אַרבעטער מיטגענומען; וואָס האָב איך געקויפט און ביי וועמען? דערנאָך האָט אַ געסטאַפּאָוויעץ מיך אַראָפּגעפירט אין אַ קעלער, צוגעבונדן מיינע הענט צו צוויי אייזערנע רינגען וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון סופיט און מיט אַ לעדער־קאַנטשיק מיך אָנגעהויבן שלאָגן איבערן גאַנצן קערפּער. אַ צעקלאַפּטע און צעבלוטיקטע בין איך צוריקגעבראַכט געוואָרן אין תפיסה־קאַמער און דעם לעצטן טאָג פּסח, אין אָוונט, בין איך אַרויסגעלאָזט געוואָרן אויף דער ,,פריי" — צוריק אין געטאָ...

.6

אַ געוויסן טאָג האָבן צעיושעטע געסטאַפּאָ־מערדערס און ליטווינער זיך אַריינגעריסן אין געטאָ אויף גרויסע לאַסט־אויטאָס און פון די פאַרבאָרגנסטע ערטער איז זיי געלונגען

אַרויסצושלעפּן אַלטע לייט און קליינע קינדער. פון אונטער מילשטיינער, פאַרמויערטע ווענט, פון קעלערס און ביידעמער, פון שענק און גריבער, פון קלאָזעטן און קאַנאַלן, האָבן די רוצחים אַרויסגעפירט זייערע קרבנות. די געוויינען און געשרייען פון די עופהלעך האָבן געקענט שטיינער רירן — אָבער נישט די פאַרשטיינערטע הערצער פון די מערדערס און סאַדיסטן. אויף צו שטילן דאָס אייגענע פאַרדאַרבענע געוויסן, אָדער אויף צו פאַרשרייען די יללות פון די אומגליקלעכע, האָבן זיי דורך הילכערס געלאָזט הערן פריילעכע מוזיק...

אויף די מוטערס, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַוועקגעבן זייערע קינדער און זיך געראַנגלט מיט די מערדערס, האָבן די לעצטע אָנגערייצט ספּעציעל אויסדרעסירטע הינט. זיי האָבן געריסן שטיקער פון דער פאַרצווייפלטער מאַמען. און ווען זי איז געפאַלן אין אָנמאַכט, האָט דער דייטש צי ליט־ווינער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן קינד, וואָס איז נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן פון דער מוטערס אָרעם און עס אַרויפ־געשליידערט אויפן אויטאָ. טייל מאַמעס האָבן זיך געלאָזט דערשיסן אויפן אָרט, אַבי נישט שיידן זיך מיט זייער קינד; אַנדערע ווידער זענען געשפּרונגען אויפן אויטאָ, כדי טיילן דעם גורל פון זון אָדער טעכטערל...

נאָך דער דאָזיקער קינדער־אַקציע, האָב איך זיך געפינען אין יידישן קראַנקנהויז. דערנאָך איז אין דעם שפּיטאָל גע־קומען אַ מוטער, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט אירע צוויי קינדער. איינע פון די שפּיטאָל־אָנגעשטעלטע האָט מיר דערציילט, אַז די דייטשן האָבן זי נישט געלאָזט מיטגיין מיט די קינדער. די פרוי האָט געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד, האָט מען אויף איר אָנגערייצט די הינט. זי איז אַזוי צעביסן געוואָרן, אַז ליגנדיק אין קראַנקנהויז, האָט זיך אַלעמאָל געעפנט אַ ווונד, ווען אַן אַנדערע איז אויסגעהיילט געוואָרן. זי האָט די גאַנצע צייט געשריגן צום דאָקטאָר: „ס׳וועט אייך גאָרנישט העלפן, איך וועל נישט לעבן אָן מיינע צוויי קינדער. אומזיסט אייער מי...״

צוויי טעג האָט געדויערט דער דאָזיקער אָרגאַניזירטער קינדער־מאָרד: דעם 27־טן און 28־טן מערץ 1944. טראָץ דעם וואָס די מערדער האָבן מיט אַזאַ פלייס געזוכט און געניששטערט, אויפגעריסן און צעששטערט באַהעלטעננישן, זענען אין געטאָ נאָך געבליבן אַ ביסל קינדער. זיי האָבן זיך אָבער אַרומגעדרייט ווי שאָטנס, פאַרלוירן יעדן אויסדרוק פון פרייד און האָפענונג אין די אויסגעלאָשענע אויגן. אין די נעכט האָבן זיי געהאַט שרעקלעכע חלומות, ווי מען נעמט זיי אַוועק פון זייערע טאַטע־מאַמע.

איינמאָל ביינאַכט האָב איך דערהערט דאָס געוויין פון מיין פלימעניק, אַ 9־יאָריק ייִנגל. כ׳בין צו אים צו און דערזען ווי די מאַמע האַלט אים פעסט צוגעדריקט צו זיך. ביידע וויינען און דאָס קינד דערציילט זיין חלום, אַז מען האָט אים פון איר צוגענומען... „כ׳האָב זיך געבעטן ביי די מערדער זיי זאָלן מיך איבערלאָזן, נאָר זיי האָבן מיך גע־שלעפּט און געשלעפּט אָן אַן אויפהער...״ און דאָס קינד פרעגט:

— מאַמינקע, זאָג מיר צו, אַז אויב זיי וועלן קומען מיך נעמען — וועסטו מיך נישט אַוועקלאָזן. אַז מיר וועלן זיין צוזאַמען, וועט זיין לייכטער..

די מאַמע האָט צוגעזאָגט דעם קינד נישט צו צעשיידן זיך מיט אים — און געהאַלטן וואָרט. זיי זענען דערנאָך ביידע אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָס דאָ־זיקע ייִנגעלע האָט געטיילט דעם גורל פון דעם מיליאָן יידישע קינדער וואָס זענען בעסטיאַליש אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע מערדערס...

אין אַ צייט אַרום בין איך מיט אַ טראַנספּאָרט יידן איבערגעשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע קאַפּיטל צרות, פּיין און נויט — ביז דער באַפרייאונג. נאָר וועגן דעם וועט מען דאַרפן שרייבן באַזונדער.

# מיינע איבערלעבונגען בעת דער אָקופּאַציע

פאַניע הערץ
עכו

גענווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון מיין משפּחה, אומגעקומען אויף קידוש־השם.

1.

ווען די קריג האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 1939, בין איך דאַן אַלט געווען 18 יאָר. אפשר נאָך יונג אין יאָרן, נאָר רייך אין דערפאַרונג, צוליבן אַרבעטן אין וואַרשע גאַנצע דריי יאָר. און ווי נאָר די הויפּטשטאָט פון פוילן איז באָמבאַרדירט געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסנווייז אַנטלויפן פון דאָרט, האָב אויך איך פאַרלאָזט די שטאָט מיט אַ פעסטן באַשלוס, אַז איצט איז מיין היים — ווישקאָוו, אין יענעם הויז ביי דער באַן, וואָס איז אַרומ־גערינגלט מיט פּרוכטביימער, בלומען און גרינע לאָנקעס. דאָרט האָבן זיך געפינען מיין מוטער, מיינע ברידער, שוועס־טער. דאָס איז געווען מיין זיידנס הויז, אברהם לייב רובינ־שטיין ז״ל. מיין שטרעבונג איז געווען — פון דער באָמ־באַרדירטער וואַרשע צו אַנטלויפן קיין ווישקאָוו, זיין צוזאַמען מיט די נאָענטסטע און טיילן זייער גורל. איך האָב געהאַט שלעכטע פאָרגעפילן. ווי נאָר כ׳בין געקומען אין שטעטל, האָב איך געראַטן גלייך צו פאַרלאָזן די היים. מיר האָבן

אַזוי געטאָן — אָבער שוין שפּעטער, נאָכדעם ווי ס׳איז געפאַלן דער ערשטער קרבן אין דער משפּחה, אונדזער עלטסטער ברודער פישל.

אין אַ ליכטיקן סעפּטעמבער־טאָג איז דער ווישקאָווער הימל מיטאַמאָל שוואַרץ געוואָרן פון דייטשישע עראָפּלאַנען. באָמבעס און קוילן פון מאַשינגעווער זענען אָן אויפהער געפאַלן אויפן שטעטל. געציילטע מינוטן פאַרן אָנהייב פון דייטשישן אָנפאַל, האָט מיין ברודערס שווער, דער אַלטער ר׳ ישראלקע שלאַנטשיק, געזאָגט צו פישלען:

— קום, לאָמיר גיין דאַווענען.

און דאָס איז געווען זייער לעצטער וועג. אַ באָמבע האָט זיי ביידע צעריסן אויף שטיקער. באַלד האָט מען אונדז צווויסן געטאָן וועגן דעם אומגליק. מיר זענען אַרויס אין גאַס און אָנגעהויבן צוזאַמענקלויבן די נאָך וואַרעמע טיילן פון ביידע קערפּערס און זיי אַרויפגעלייגט אויף אַ פאַרלאָזטן וואָגן, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון אונדז. טראָץ דעם שוידער און אומגליק צוליב די צוויי קרבנות, און אויך צוליב דעם וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט אַרום אונדז, האָבן מיר דאָך געהאַט אַ געפיל, אַז מיר טוען אונדזערע טויטע

די לעצטע רעכט. אָבער ווי נאָר מיר האָבן פאַרענדיקט די דאָזיקע אַרבעט, זענען ווידער אָנגעפלויגן עראָפּלאַנען, געוואָרפן באָמבעס און איינע פון זיי האָט געטראָפן אינעם וואָגן וואָס האָט אָנגעהויבן ברענען.

פייערדיקע פלאַמען האָבן זיך געריסן פון וואָגן, עס האָט געברענט דאָס גאַנצע שטעטל און אַ העליש פייער האָט אויך געברענט אין אונדזערע הערצער.

איצט דאַרף מען לויפן — אָבער וואוהין? איך האָב נאָך אינזינען געהאַט מיטצונעמען עטלעכע זאַכן און אַריין אין שטוב. אַ צינד־באָמבע איז געפאַלן נעבן הויז. מען האָט נאָך באַוויזן מיך אַרויסצושלעפן דורך אַ פענצטער.

מיר האָבן פאַרלאָזט ווישקאָוו, וואָס איז געשטאַנען איינגעהילט אין פייער און אין רויך. די אומגליקלעכע איינוווינער זענען געלאָפן אין בהלה און שרעק, מיט ברייט־געעפנטע אויגן. זייערע געשרייען און ספּאַזמען האָבן ווי שאַרפע מעסערס זיך אַריינגעשניטן אין חלל. קליינע קינדער האָבן געזוכט טאַטע־מאַמע און די עלטערן האָבן מיט פאַרצווייפלט־פאַרבראָכענע הענט גערופן זייער קליינוואַרג. צעווילדעוועטע קי און פערד זענען געלאָפן אין די פלאַמען, גלייך דאָרט וואָלט זיי דערוואַרט רעטונג...

די פייערצונגען האָבן זיך דערווייל געטאָן זייערס און פאַרשלונגען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל. פאַרנאַכט האָבן שוין געטליעט די אַשן פון די חרוב־געוואָרענע היימען. די באָמבעס האָבן אויפגעהערט פאַלן און ווי שטענדיק — די נאַכט איז געקומען. מיך האָט דאַן שטאַרק פאַרדראָסן דער פאַקט, וואָס גראָד אין יענעם טאָג זענען מיינע צוויי ברידער, מאָטל און גבריאל, אַוועקגעפאָרן קיין פולטוסק ברענגען פון דאָרט אַ קראַנקע פרוי צו איר מאַן, וואָס איז געווען אין ווישקאָוו.

ביינאַכט זענען זיי בשלום צוריקגעקומען. איצט זענען מיר אַלע געשטאַנען ביים חורבן הויז פון אונדזער ייִדן. נישטאָ מער די היים ווו מיר זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן, ווו טויזנטער געשיכטעס האָבן זיך איינגעוועבט אין אונדזער זכרון — גוטע און שלעכטע, פריילעכע און טרויעריקע. נישטאָ מער די אומפאַרגעסענע היים ווישקאָוו...

די דאָזיקע געדאַנקען האָט מיטאַמאָל איבערגעריסן מיין מאַמע:

— אַ שאָד וואָס מען האָט דיך נישט געפאָלגט — האָט זי זיך געווענדעט צו מיר און באַלד אָנגעוויזן אויפן פערד און וואָגן וואָס איז גאַנץ געבליבן פון דער באָמבאַרדירונג.

מיר זענען אַרויפגעקראָכן אויפן וואָגן, אָן זאַכן. עס איז דאָך במילא נישט געווען וואָס מיטצונעמען. דאָס פערד האָט זיך פויל אַ צי געגעבן אין דער פינצטערער נאַכט אַריין. מיר האָבן געלאָזן הינטער זיך דאָס פאַרברענטע שטעטל און אירע אומגליקלעכע איינוווינער.

.2

איצט זענען מיר נע־ונד. דער געסקריפּ פון די רעדער שניידט זיך אַריין אין דער פינצטערער נאַכט. איך זינק אין מחשבות. פאַרוואָס איז מיין עלטסטן ברודער פישל געקומען אַזאַ טויט? ווען מיין פאָטער איז געשטאָרבן, בין איך אַלט געווען זעקס יאָר. פישל איז געוואָרן דער איינציקער שפּייזער פון דער גאַנצער פאַמיליע, געזאָרגט פאַר יעדן באַזונדער, געקויפט שיכלעך און קליידלעך, פאַר יעדן געהאַט אַ צערטלעך וואָרט און קושן. אַזוי איז ער אויך געווען צו פרעמדע. ער איז גרייט געווען אויסצוטאָן זיין אייגן העמד און עס אַוועקגעגעבן אַ פרעמדן, אַ נויטבאַדערפטיקן. ער האָט גוט געוווּסט אין שטעטל ווער עס בייטיקט זיך אין אַ שטיקל ברויט און געזען, אַז יענער זאָל נישט ליידן קיין הונגער. ער האָט מער געלעבט פאַר יענעם ווי פאַר זיך.

מיט אַ נאַכט פריער, איידער דער טויט האָט אים צוגענומען אויף אַזאַ גרויזאַמען אופן, האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טויער פון אונדזער הויז. מיין עלטסטער ברודער גייט אַראָפּ, עפנט דעם טויער און דער גאַנצער הויף ווערט פול מיט קינדער. זיי פאַרפולן דעם שייער און די שטובן. מיר דערוויסן זיך, אַז דאָס זענען צו אונדז געקומען נאָנעס מיט די קינדער פון אַ קריסטלעכן יתומים־הויז, וואָס האָט זיך עוואַקואירט פון מערב־פּוילן. פישל האָט זיי שוין באַזאָרגט מיט עסן, מיט פרישן היי צום שלאָפן. אויסגעשלאָפענע, אָפּגעגעסענע און אָנגעטרונקענע, האָבן די געסט זיך אויפגעהויבן אינדערפרי און איינע פון די נאָנעס האָט געבענטשט מיין ברודער:

— זאָלסט קיינמאָל נישט וויסן פון קיין צער, ווייל האָסט געהאָלפן אומגליקלעכע יתומים...

איך צעוויין זיך אויפן געדאַנק וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען עטלעכע שעה שפּעטער. ער איז אויך געווען זייער אַ פרומער. מיין שווער, אַ ייד פון 96 אייניקלעך, האָט אים ליבער געהאַט פון אַלע זיינע קינדער און קינדס־קינדער. דאָס האָט ער אים געבעטן מיטגיין דאַווענען. און דאַן איז געקומען זיין סוף. פאַרוואָס? ווו איז גערעכטיקייט? טרערן רינען איבער מיינע באַקן. און אפשר — האָב איך געטראַכט — איז דאָס פון גאָט? קוים איז אים איצט בעסער ווי אונדז (שפּעטער האָב איך נישט איינמאָל געטראַכט וועגן דעם). זאָלן די דאָזיקע ווערטער זיין פאַר אים אַ מצבה, וואָס איז קיינמאָל נישט אויפגעשטעלט געוואָרן...

.3

דער וואַנדער־וועג, וואָס האָט געלאָזט נאָך זיך אַזוי פיל קרבנות, האָט זיך אָנגעהויבן. נאָך היינט טראַכט איך איבער דעם וואָס איך, גראָד די ייִנגסטע און שוואַכסטע, בין געבליבן לעבן, די איינציקע פון אַ גרויסער משפחה וואָס איז פאַרלענדט געוואָרן אין פייער פון מלחמה. מיר פאָרן און גייען, מיר גייען און פאָרן. באַרג־אַרויף מוז מען שטופּן דעם צערודערטן וואָגן, וואָס איז אינגאַנצן אויסגעטרוקנט. קיין שמירעכץ האָבן מיר נישט, הגם מיין זיידע האָט געהאַט דערפון אַ פאַבריק. ווערן די אַקסן און רעדער געשמירט מיט פוטער, אַבי עס זאָל דעם פערד זיין גרינגער. איז דאָך דער וואָגן איצט געווען אונדזער היים אויף רעדער.

קליינע, יידישע קינדער האָבן געבלאָנדזשעט אויף די וועגן. הונגעריקע, באָרוועסע, פאַרלאָזטע. האָבן מיר זיי אויפגעזעצט אויפן וואָגן און אַליין געשלעפּט די פיס. געפאָרן איז מען נאָר אין די נעכט, בייטאָג האָט מען גערוט אין וואַלד. עס ווילט זיך אָבער עסן. ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט, ווען איך און משה־לייב גאָנטערס אייניקל, 10 יאָר אַלט, זענען אַרויס אויפן שאָסיי וואָס צעטיילט אין צווייען די סאָקאָלאָווער וועלדער. מיטאַמאָל זענען אונדז אַנטקעגנגעקומען טאַנקען. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. צוויי דייטשן זענען אַרויסגעשפרונגען פון אַ טאַנק און מיט אָנגעצילטע רעוואָלווערן אונדז געפרעגט:

— ווו איז דאָס פּוילישע מיליטער, שפּיאָנען?

פאַר שרעק זענען מיר אַנטשטומט געבליבן. ס'איז דאָך געווען מיין ערשטע באַגעגעניש מיט דייטשן. מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט אַ שיסעריי פון דער צווייטער זייט. מיר זענען געפאַלן צו דער ערד און אָנגעהויבן צוריק אַריינקריכן אין וואַלד. איבער אונדזערע קעפּ זענען געפלויגן קוילן פון

פאַליאַקן, וואָס האָבן נאָך געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, און די ענטפער־שאָסן פון די דייטשן.

אָבער יענע שיסערײַ האָט אונדז געראַטעוועט דאָס לעבן.

.4

מערער דערקאָנט די דייטשן האָב איך אין ווענגראָוו. נאָך איצט גייט מיר אַדורך אַ שוידער איבערן לײַב, ווען כ׳דערמאָן זיך יענע צײַטן. אין ווענגראָוו האָבן זיך דאַן געפינען פיל ווישקאָווער, נאָר איך קאָן זיך נישט דערמאָנען ווער. דער טאָג איז געווען פינצטער און די נאַכט — אײַ־ן טויט־פּחד. איך קאָן נישט פאַרגעסן די דײַטשישע אכזריות־דיקייטן אין ווענגראָוו. זיי האָבן באַפוילן דעם רב ער זאָל הייסן די בעקער באַקן ברויט אין יום־כּיפּור. נאָכדעם ווי ער האָט געטאָן זייער ווילן, האָבן זיי אים פאַרפּײַניקט פאַר מײַנע אויגן.

איינמאָל האָבן זיי טויזנטער מענטשן צונויפגעטריבן אויף אַ גרויסן פּלאַץ: גלחים, רבנים, זעלנער, בירגער. דער רעגן האָט געפּלייצט אַ גאַנצן טאָג און זיי זענען געשטאַנען מיט די אַראָפּגעלאָזטע הענט צו דער ערד. ווער פון זיי עס האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ אָדער זיך געגעבן אַ באַוועג, איז דערשאָסן געוואָרן אָדער באַקומען אַ זעץ מיט דער קאָלבע. מיר האָבן געוווּסט, אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן אַ גאַנצן מעת־לעת נישט געגעסן. אין אַ גרויסן קעסל פון וועש, וואָס מיר האָבן גענומען אין אונדזער נײַער קוואַרטיר, האָבן מיר אָפּגעקאָכט עסן און איך מיט מײַן ברודער גבריאל זענען אַוועק צו די אומגליקלעכע צו דערלאַנגען אַ לעפל געקעכטס. ווי נאָר מיר האָבן זיך דערנענטערט צום ערשטן וואַך־פּאָסטן, האָב איך באַקומען אַ זעץ מיט אַ גומי־שטעקן. גבריאל איז אַנטלאָפן, האָט מען אים נאָכגעשאָסן, אָבער צום גליק געטראָפן בלויז אינעם אָפּצאַס פון שטיוול. דעם קעסל מיטן עסן האָבן זיי איבערגעקערט אין דער בלאָטע און געשריגן צו אונדז „פערפלוכטע יודע". איך בין אַוועק אַהיים.

איינמאָל האָבן זיי דערלויבט די מענטשן צו נעמען קוילן־אָפּפאַל און קוילן־שטויב. ווי נאָר די זעקלעך האָבן זיך אָנגעפילט און די צופרידענע מענטשן האָבן זיי אַרויפגעלייגט אויף די פּלייצעס און זיך געלאָזט אַהיימגיין, זענען די דײַטשן אויף זיי אַרויף מיט די פערד, געטרעטן, געשלאָגן און געשאָסן. בלוט איז גערונען אין די גאַסן.

נישט געווען קיין שוץ אויך אין ווענגראָוו. מען דאַרף ווײַטער פאָרן. וווּאַהין? דאָס עטוואָס אויסגערוטע פערד און דער אויסגעשמירטער וואָגן פירן אונדז ווידער איבער פעלדער און וועלדער — אין רעגן, אין זון, בײַטאָג און בײַנאַכט. הונגעריקע און באָרוועסע האָבן מיר אַדורכגעמאַכט דעם דאָזיקן וועג.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן סאַדאָוונע און דאָס אָרט, ווו עס ליגן די זין פון משה עלבוים (פון דער שענק) ווישקאָווער. דאָרט האָט מען זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט. די דײַטשן האָבן דערנאָך באַפוילן זייער מוטער צו טאַנצן און זינגען אויפן קבר — און דערנאָך אויך זי פאַרפּײַניקט.

אין סאַדאָוונע האָט מען אונדז געזאָגט: „יידן, צוּוואָס זענט איר דאָ געקומען? הײַנט איז אונדזער לעצטער טאָג. ביז אינמיטן נאַכט מוזן מיר זײַן געפּאַקט נעבן קלויסטער. די וועגן אַרום סאַדאָוונע זענען אָפּגעצוימט פון געסטאַפּאָ".

גבריאל האָט גוט געקענט יענע געגנט. בײַנאַכט זענען מיר פון דאָרט אַוועק. און ווידער: סטאַק, ברוק, צענדליקער ישובים, דערפער און שטעטלעך וואָס זייערע נעמען געדענק איך שוין פון לאַנג נישט. אויף טריט און שריט — הונגער, ליידן, דײַטשישע מערדער, עלנטע קינדער, קראַנקע זקנים, פאַרצווייפלטע פרויען. מיר נעמען אַרויף אויפן וואָגן עטלעכע פאַריתומטע קינדער. קוים מיט צרות זיך דערשלעפּט קיין אָסטראָוו.

.5

טויזנטער פּליטים זענען אין אָסטראָוו געשטאַנען, געלעגן, געזעסן, וואַרטנדיק אויף אַ נס. באַוואָפנטע דײַטשן האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דעם ים־מענטשן. אַ קלאַנג האָט געזאָגט, אַז אויף אַ געוויס אָרט אין אָסטראָוו, ווו ס׳איז פאַראַן אַ נידעריקער טויער, רעגיסטרירט מען צו פאָרן קיין רוסלאַנד. מען גייט דאָרט איינציקווייז אַרײַן — און קיינער קומט מער נישט אַרויס פון דעם טויער. מען בייגט נאָר אַראָפּ דעם קאָפּ — און עס ציט אים אַרײַן אינעווייניק. דער טויער האָט געאַרבעט בײַטאָג און בײַנאַכט. וואָס זאָלן מיר טאָן?

אויף אונדזער וואָגן זיצן צונויפגעדרענגט עטלעכע קינדער. אַ קאַלטער רעגן שנײַדט אין פּנים אָן רחמנות. וואָס צו נעמען אין מויל אַרײַן איז אויך נישטאָ. איך דער׳זע פונדערווײַטנס אַ דײַטש. איך ווייס נישט וואָס מיך האָט דאַן אונטערגעטריבן צוגיין צו אים. ווי דורך אַ נעפּל הער איך מײַן מאַמעס פראַגע: „ווו גייסטו?" — נאָר איך שפּאַן ווײַטער. דער דײַטש האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיר קוקן זיך בײדע אָן. „מײַן הער", ווענדע איך זיך צו אים, „וויפל אוהר איז יעצט?" ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז פיס און אַרויסגעברומט: „דרײַ נאַכמיטאַג". „די קינדער האָבן נישט געגעסן" — זאָג איך ווײַטער און ווײַז אים אויפן וואָגן. ער האָט געקוקט אויף מיר, אויפן וואָגן — און אויף זײַן פּנים זע איך נישט קיין שום צייכן פון רעאַגירונג. די עטלעכע מינוטן האָבן מיר אויסגעזען אַן אייביקייט. „קאָמען זי" דערהער איך מיטאַמאָל זײַן שטים. די דאָזיקע צוויי ווערטער האָבן געקאָנט אַלץ באַדײַטן. מערער שלעכטס ווי גוטס. נאָר איך גיי אים נאָך. אין וואַך־פּאָסטן בין איך, אַ קליינע און דריבנע, געשטאַנען אַנטקעגן דעם ברייטן דײַטש. „ברויט פאַר די קינדער" — האָב איך געזאָגט. ער האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר אַראָפּגענומען פון דער פּאָליצע פיר ברייטלעך, אַ שטיק פּוטער און אַ פּעקל סיגאַרעטן. דאָס אַלץ האָט ער מיר אַוועקגעגעבן. איך בין נאָך אַלץ געשטאַנען. מיטאַמאָל פרעגט ער: „וויפל זייט איר?" „פופציק", ענטפער איך. ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן אויף אַ פּאַפּיר, געלייגט זיגלען און מיר אַוועקגעגעבן דעם דאָקומענט אין האַנט. „אין איינע שטונדע טוישט מען די וואַכע, געב איך איין צייכן — פאַרען זי לאָס". די שעה האָט געדויערט ווי אַ יאָר. אָבער מיר האָבן זיך דערוואַרט אויפן צייכן און אָנגעהויבן רירן פון אָרט.

איך בין געגאַנגען פאָרויס, דערנאָך — דער וואָגן מיט די קינדער. מײַן מוטער, ברודער, שוועסטער און פרעמדע זענען געגאַנגען הינטערן וואָגן. דער וועג פון אָסטראָוו ביז פּרושקאָוו, ווו ס׳האָבן זיך געפינען די רוסן, איז פאַר אונדז געווען אָפן. יעדער וואַכפּאָסטן האָט אַ דאַנק דעם דײַטשישן פּאַפּירל געלאָזט אונדז אומגעשטערט אַדורכגיין. די דײַטשן פון לעצטן פּאָסטן האָבן אונדז אַפילו געהאָלפן אונטערשטופּן דעם וואָגן באַרג־אַרויף, נישט ווײַט פון דער נײַער גרענעץ.

.6

אויך די רוסן האָבן זיך געוווּנדערט, ווען זיי האָבן דערזען בײַ מיר דאָס אויסטערלישע פּאַפּירל.

נאָך ביזן הײַנטיקן טאָג קאָן איך נישט פֿאַרשטיין, וואָס ס'האָט דאַן פּאַסירט מיטן דײַטש, וועלכער האָט אונדז אַרויסגעראַטעוועט פֿון אַ זיכערן טויט. זעט אויס, אַז דאָס זענען מיר אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן אין זכות פֿון די קינדער.

איך בין געבליבן לעבן, כדי... ווײַטער זיך מאַטערן. פֿיל צײַט נאָך יענעם פֿאַל, פֿלעג איך גאַנץ אָפֿט זיך אויפֿכאַפּן פֿון שלאָף מיט אַ געשריי און אויפֿוועקן אַנדערע. מיר פֿלעגט זיך אויסווײַזן, אַז די צווײַג, אויף וועלכער כ'בין געשלאָפֿן אין וואַלד, ברעכט זיך איין און איך פֿאַל אַראָפּ; אָדער אַז איך שלעפּ אַרויס אַ פֿוס פֿון די אינגעווײדן פֿון אַ טויטן קערפּער — אָבער דער טויטער האַלט מיך און לאָזט נישט באַפֿרײַען. כ'קאָן נישט פֿאַרגעסן דאָס זינגען פֿון דער מאַמע עלבֿוים אויף די קבֿרים פֿון אירע דערמאָרדעטע זין. נישט איינמאָל פֿלעג איך אויסברעכן מיט אַ ווילד געלעכטער. נישט צום פֿאַרגעסן איז אויך די סצענע, ווי די דײַטשן האָבן געצוווּנגען אַ פֿרומען ייִד, מיט באָרד און פּאות, אָנצופֿילן מיט וואַסער פֿון אַ פּלומפּ אַ ליידיק פֿעסל, נאָר דאָס האָט ער געמוזט טאָן מיט אַ... לעכערדיקן קאַפּעליוש. די דײַטשן האָבן זיך דאַן פֿריילעך געמאַכט אויפֿן חשבון פֿונעם אומגליקלעכן, איידער זיי האָבן אים פֿאַרפּייניקט אויף טויט.

מיר האָבן לאַנג נישט גערוט, ווײַל אָט האָט זיך דער הימל ווידער באַדעקט מיט עראָפּלאַנען און די גאַנצע געגנט האָט אָנגעהויבן ציטערן פֿון די אויפֿרײַסן. מיר זענען ווידער געווען געצוווּנגען זיך צו רירן פֿון אָרט. אין דער זעלבער מינוט האָט מײַן מוטער מיך צוגערופֿן און אויסגעקרעכצט: „כ'קאָן שוין נישט מער" — און אויף מײַנע הענט איז זי געשטאָרבן...

מײַן טײַערע מוטער! זי איז דאָך פֿאַר אונדז געווען אי אַ טאַטע, אי אַ מאַמע. איר איבערגעגעבנקייט צו אונדז איז געווען אָן אַ גרענעץ. ס'דערמאָנט זיך אַ פֿאַל, ווען מײַן עלטסטער ברודער פֿישל האָט געדינט אין מיליטער אין פּולטוסק. געווען דאַן אַ שווערער ווינטער. דער וועג קיין פּולטוסק — אינגאַנצן פֿאַרשנייט. אַ סכּנה געווען אַרויסצושטעקן די נאָז אויסער דער שטאָט. האָט זי אײַנגעפּאַקט אַ פּעקל מיט עסנוואַרג, זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן קיין פּולטוסק, כּדי מיט די אייגענע אויגן צו זען ווי מ'יאָגט איר זון אַרויס אויפֿן פֿראָסט זיך צו וואַשן אונטערן קראַן.

זאָלן די דאָזיקע ווערטער דינען פֿאַר מײַן מוטער ווי אַ מצבֿה, וואָס כ'האָב איר נישט געקאָנט שטעלן.

.7

מיר האָבן זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרײַן, געגאַנגען איבער פֿעלדער און וועלדער. טרערן האָבן געשטיקט אין האַלדז. דער מידער קערפּער טראָגט נישט מער — נאָר מען מוז גיין פֿאָראויס. אָפּטמאָל געשעט, ווען כ'ליג בײַטאָג דוכט זיך מיר, אַז מײַן ברודער פֿישל קומט צו רײַטן אויף אַ ווײַס פֿערד און גיט מיר צו טרינקען ווײַן פֿון אַ קליין פֿלעשעלע. דערנאָך הייבן מיר זיך אויף און וואַנדערן ווײַטער. באַלד דערזען מיר, אַז אויף דעם פֿריערדיקן אָרט, וווּ כ'בין געלעגן, איז געפֿאַלן אַ באָמבע. אָט ליג איך און פֿאַרמאַך מײַנע מידע אויגן, כּדי זיי שוין קיינמאָל נישט אויפֿצועפֿענען. מענטשן האָבן געמיינט, אַז כ'בין אַ טויטע. אָבער אין עטלעכע מינוטן שפּעטער עפֿן איך ווידער די אויגן און וואַנדער ווײַטער. מײַנע מידע פֿיס האָבן מיך געשלעפּט נישט מיט זייער כּוח. זעט אויס, אַז דאָס האָבן פֿאַר מיר געטאָן מײַן פֿאַרשטאָרבענע מוטער, מײַנע דערהרגעטע ברידער...

*

נאָכן קריג האָב איך זיך באַמיט אויפֿצוזוכן מײַנע נאָענטע קרובֿים אין אַמעריקע און ענגלאַנד — אָבער זיי נישט געפֿינען.

די דאָזיקע ווערטער זענען פֿאַר מיר אַ טרייסט און אַ פֿאַרגיטיקונג פֿאַר די ליידן וואָס כ'האָב אַדורכגעמאַכט בײַ די דײַטשן.

# מיט פּאַרטיזאַנער אין וואַלד

פּייוול פּולאַר
געבוירן אין ווישקאָוו אין י. 1931

אין סעפּטעמבער 1939 זענען די דײַטשן אַרײַן אין ווישקאָוו און האָבן אַלע ייִדן אַרײַנגעטריבן אין אַ סטאָדאָלע, הינטער דער שטאָט. אַ טייל זיי האָבן זיי געהייסן גראָבן גריבער און אַ טייל — ברענגען שטרוי. מ'האָט געזאָגט, אַז מ'וועט די ייִדן פֿאַרברענען אין סטאָדאָלע. די מענער האָבן זיי אויסגעשטעלט אין רייען און כּמעט אַלע אויסגעשאָסן. די פֿרויען און קינדער האָבן זיי געהייסן גיין אויף מיזרח, צו די באָלשעוויקעס. קיין ביאַליסטאָק זענען מיר אָנגעקומען צופֿוס. פֿון דאָרטן זענען מיר איבערגעפֿירט געוואָרן קיין קראַסנע סלאָבאָדע, אַ שטעטעלע אין מיזרח־ווײַסרוסלאַנד. ס'האָבן זיך דאָרטן געפֿונען אַ 300 ייִדן.

ביזן יאָר 1941 האָב איך געלערנט אין שול, אין צווייטן קלאַס. אויפֿן דריטן טאָג נאָכן פֿאַרנעמען דאָס שטעטל דורך די דײַטשן (אין יוני 1941), האָט מען אַלע ייִדן צונויפֿגעזאַמלט אין ראַיִספּאָלקאָם. פֿאַר די פֿאַרזאַמלטע האָט מען געלייענט עפּעס באַפֿעלן, דערנאָך האָט מען די ייִדן געשלאָגן. די דײַטשן, וואָס האָבן געשלאָגן, האָבן געטראָגן אויף זייערע היטלען טויטע־קעפּ אָפּצייכענונגען. אין אָוונט האָט מען די ייִדן באַפֿרײַט. דעם אַנדערן טאָג האָט מען געכאַפּט ייִדן צו רייניקן די מאַשינען. נאָך דער אַרבעט האָט מען די מענער אויסגעשטעלט צו צען און זיי דערשאָסן. די פֿרויען און מיידלעך האָט מען געהייסן אַהיימגיין. מײַן מוטער האָט מיך אַרומגעהילט מיט אַ שאַל און אַרויסגעפֿירט פֿון פּלאַץ אַלס מיידל. צומאָרגנס האָבן די פֿרויען באַגראָבן אויפֿן בית־עולם די טויטע מענער. אין קראַסנע־סלאָבאָדע איז נאָך נישט געווען קיין פּאָליציי. די דײַטשן האָבן געטיילט געוועהר די פּויערים און זיי געהייסן כאַפּן ייִדן און הרגענען. די פּויערים האָבן געלויערט אויף די ייִדן, ווי אויף האָזן. דעמאָלט האָבן זיי געהרגעט מײַן פֿאָטער, הגם ער האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. כ'האָב געהערט ווי אַן אַלטער ייִד האָט זיך געבעטן מ'זאָל אים וואָס שנעלער טויטן, ווײַל ער קאָן נישט מער דאָס צוזען. מיר האָבן באַגראָבן דעם טאַטן און די מאַמע האָט מיך ווידער איבערגעטאָן פֿאַר אַ מיידל. מיר זענען אַוועק אין טשויקאָוויטש, אַ צענטער־ראַיאָן. דאָרט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מען גראָבט גריבער — און פּאַקטיש האָט מען צומאָרגנס דערמאָרדעט אַלע ייִדן. אונדז איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן. אין גאַנצן ראַיאָן זענען פֿאַרבליבן איינצלנע ייִדן, פֿאַכמענער, צו וועלכע אויך מיר האָבן זיך

פאַרעכנט. אַלע האָבן געוווינט אין 7־8 הייזער, אַרומגעצוימטע מיט שטעכיקע דראָטן.

מיר האָבן געהערט, אַז אין ראַיאָוויעץ זענען טעטיק פּאַרטיזאַנער. דער פּאָליציאַנט קאַרזין האָט אין געטאָ געהאַט אַ יידיש מיידל, זיין כלה. הגם אַ פּאָליציאַנט, איז ער פּאַקטיש געווען אַ פאַרבינדלער פון די פּאַרטיזאַנער. ער האָט אונדז געראָטן צו אַנטלויפן צו די פּאַרטיזאַנער, ווייל אין אַ פּאָר טעג אַרום דאַרף ווידער פּאָרקומען אַן אַקציע. איך מיט דער מאַמען זענען אַוועק אין וואַלד, וווּ ס׳איז צו אונדז צוגעשטאַנען נאָך אַן 18יעריקער יידישער בחור. צוליב מיין גויישן אויסזען, האָב איך אומגעשטערט געקאָנט אַרומגיין און בעטן ברויט און מילך ביי די אַרומיקע פּויערים. מיר זענען אַריבער אין אַ גרויסן וואַלד, סמאָלניקי. אַ געוויסן טאָג האָב איך באַגעגנט צוויי באַוואָפנטע מענער. זיי האָבן מיך פאַרהאַלטן און געפרעגט ווער איך בין און פונוואַנעט איך קום? דערוויסנדיק זיך אַז כ׳בין אַ ייד, האָבן זיי מיך געהייסן רופן די מאַמען מיטן בחור, האָבן אונדז אַוועקגעפירט צו אַ גרופּע יידן, צווישן וועלכע ס׳האָט זיך געפינען אַ זייער שיין מיידל. איינער פון די פּאַרטיזאַנער האָט געזאָגט, אַז אויב דאָס מיידל וועט וועלן ווערן זיין פרוי, וועט ער אונדז אַלע אַוועקפירן צו די פּאַרטיזאַנער. דאָס מיידל האָט נישט מסכים געווען. זיי האָבן אונדז דאַן פאַרלאָזט און זענען אַוועק טיף אין וואַלד. פונדערווייטנס האָבן מיר באַמערקט אַן אָנגעצונדן פייער. ווען מיר זענען צוגעקומען נענטער, האָבן מיר דערזען אַ גרופּע באַוואָפנטע מענער, וואָס האָבן אונדז געהייסן אַריבערגיין אין טאָוואַרנער וואַלד.

קומענדיק אין דעם אָנגעוויזענעם דורך די פּאַרטיזאַנער וואַלד, האָבן מיר בלויז געפונען די שפּורן פון אַ פאַרלאָזטן לאַגער. די פּאַרטיזאַנער זענען געהאַט אַוועק. כ׳האָב גענומען אַ פּאָר לאַקירטע שיך מיט אַ בייטל און אַוועק אין דאָרף זיי אויסטוישן אויף עסן. די זאַכן זענען געפעלן די פּויערים, זיי האָבן עס גערן געוואָלט קויפן. כ׳האָב געזאָגט אַ פּויער, אַז אויב ער ווייזט מיר אָן וווּ ס׳געפונען זיך פּאַרטיזאַנער, וועל איך אים די זאַכן פאַרקויפן. האָט ער מיר געזאָגט, אַז די פּאַרטיזאַנער נעמען אָן נאָר די וואָס האָבן געווער. ער קאָן מיר פאַרקויפן אַ ביקס. דעם אַנדערן טאָג האָט ער פּאַר די לאַקערקעס און בייטל מיר געגעבן אַ ביקס מיט קוילן. מיר זענען אַוועק קיין וואַלעשטשין, געטראָפן דאָרט פּאַרטיזאַנער און נאָך יידן פון קאָפּיט און סביבה.

אַ ייד מיטן נאָמען גילטשיק האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דעם אָטריאַד. מען האָט צוויסן געטאָן, אַז די דייטשן דאַרפן קומען אין דאָרף רעיאָווסקי רעקווירירן קי. ווען זיי זענען שוין געווען אין דאָרף, האָבן די פּאַרטיזאַנער פאַרשטעלט אַלע וועגן, אַרומגערינגלט דעם כוטאָר און געעפנט אַ שטאַרקן פייער אויף די דייטשן. נאָך אַ קורצן ווידערשטאַנד, האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין די ראָוועס. די פּאַרטיזאַנער האָבן אַהין אַריינגעוואָרפן גראַנאַטן, זיי אַלע אויסגעהרגעט און צוגענומען זייער געווער. ווען כ׳האָב געוואָלט זיך נעמען אַ ביקס, האָבן די אַנדערע נישט געלאָזט, זאָגנדיק:

— האָסט נישט געקעמפט, האָסטו נישט קיין רעכט אויף געווער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען 182 דייטשן געקומען צונעמען די פּגרים פון זייערע קאַמעראַדן. דאָס דאָרף האָבן זיי אונטערגעצונדן.

גילטשיק איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט פון אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג און אין קורצן האָט ער דעראָבערט געווער פאַר זיין אָטריאַד.

זייענדיק אין זיין אָפּטיילונג, האָט גילטשיק מיך נישט געלאָזט אָנטיילנעמען אין די קאַמפּן מיט דער טענה, אַז איך בין נאָך צו קליין. ערשט אין סעפּטעמבער 1942, האָב איך, אַן דער דערלויבעניש פון גילטשיקן, אָנטיילגענומען אין אַ „באָמביאָשקע", ד.ה. אין אַ ווירטשאַפטלעכער אָפּעראַציע, וואָס איז זייער געלונגען. מיר האָבן געבראַכט אין לאַגער אַ חזיר, קעז, פּוטער, ברויט און אייער. דער קאָמענדאַנט האָט אויף מיר שטאַרק געשריגן, פאַרוואָס כ׳בין אַוועק אָן זיין דערלויבעניש. ער האָט מיך דאַן באַשטימט אַלס זיין אַדיוטאַנט.

אין מערץ 1943 בין איך ווידער אַוועק אויף אַן אויפגאַבע. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף דייטשן, וואָס זענען געקומען אין וואַלד מאַכן אַן אָבלאַווע. מיר זענען זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן. כ׳האָב שפּעטער נישט געקאָנט געפינען מיין אָפּטיילונג, ווייל זיי האָבן שוין געביטן דאָס אָרט. כ׳האָב געוויינט און שרעקלעך באַדויערט, וואָס כ׳האָב נישט געהאָרכט די מאַמען און מיטגעפאָרן אויף דער „זאַדאַטשע". כ׳האָב אויך מורא געהאַט פאַר וועלף. אַ פּאָר טעג האָב איך געבלאָנדזשעט אין וואַלד, דערנערנדיק זיך בלויז מיט פאַרשידענע קרייטעכצער. כ׳האָב ענדלעך אָנגעטראָפן אויף די שפּורן פון די פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען מיר אַזוי געווען באַקאַנט.

דורך אַ לאָרנעטע, וואָס כ׳האָב מיט זיך געהאַט, האָב איך באַמערקט אַ 9־יאָריק קינד, וואָס האָט אויך פאַרלוירן די אָפּטיילונג. כ׳האָב מיך צו אים דערנענטערט. ער האָט פאַר מיר שטאַרק געוויינט. צוזאַמען האָבן מיר ווייטער געזוכט די שפּורן. אויפן צווייטן טאָג האָב איך באַמערקט אונדזערע פּאַרטיזאַנער. אַלע האָבן אונדז אַרומגערינגלט. די מאַמע האָט מיך געהאַלדזט און געקושט און הויך געוויינט. כ׳האָב מיך שוין געשעמט מיט דער מאַמעס צערטלעכקייטן. מ׳האָט מיר דערלאַנגט אַ פולע שיסל עסן. מיר האָט זיך געדוכט, אַז כ׳וועל אַלץ אויפעסן. אָבער כ׳האָב כמעט גאָר נישט פאַרזוכט.

די אָפּטיילונג איז אַוועק קיין שטשאַרק. די דייטשע וואַך איז פאַר אונדז אַנטלאָפן. נאָך דעם האָט מען געביטן דעם קאָמאַנדיר פון אונדזער אָטריאַד. אָנשטאָט גילטשיק איז געקומען באַראַנאָוו. ער האָט מיר שוין דערלויבט אָנטייל צו נעמען אין אַלע קאַמפּס־אויפגאַבן און קריגס־אָפּעראַציעס. אַזוי אַרום האָב איך נישט פאַרפעלט קיין איין אַקציע פון אונדזער אָפּטיילונג.

זומער 1943 האָב איך אונטערגעלייגט דינאַמיט אונטער באַן־רעלסן. כ׳בין אַלס „ראַזוויעדטשיק" געפאָרן אויסשפּירן אין ציגיינערישע לאַגערן, אָנטיילגענומען אין אויפרייסן די באַן־ליניע וואַרשע—מאָסקווע. כ׳בין אויך געלעגן אין לויערונגען.

איינמאָל האָבן מיר געלויערט אויפן וועג מיעדזשוויעדזשאַ—קורשינאָוויטשע. פאַרטאָג האָבן 12 פּאָליציאַנטן קאָנטראָלירט דעם וועג. זיי זענען געגאַנגען זינגענדיק: „מיר וועלן בערג און הויכקייטן אַדורכגיין, יידן און קאָמוניסטן וועלן מיר אַלע שטעכן..." כ׳בין דעמאָלט געשטאַנען אויפן ערשטן פּאָסטן. מיט אַ האַסטיק פייער האָבן מיר אַכט פון זיי דערהרגעט. כ׳האָב שוין דאַן פאַרמאָגט אַן אייגן מאַשינגעווער.

נאָך דער באַפרייונג האָב איך באַקומען אַ צייכניש, אַ ראַנגע און אַ מעדאַל.

(לויט די ייוו"אָ־אַקטן נר. 643)

# די לעצטע בקשה פון א קדוש

ביי איינעם פון די אומגעקומענע יידן אין ראָוונע, דעם ראש־הישיבה פון ווישקאָוו, וואָס איז שפעטער געווען רב אין ראָוונע, האָט מען אין קעשענע געפינען אַ בריוו* מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

ב״ה

לאחינו בני ישראל,

עס איז געקומען אונדזער צייט. מיר מוזן גלייך ווי אַלע יידן, וואָס זענען אונטער ממלכת הרשעה, גיין על קדושת שמו יתברך...

איך, אברהם בן ר׳ שמאי הלוי ציטרין, הנולד בעיר טראַכענבאַד. מיין פאָטער ר׳ שמאי ציטרין הנולד בבאלד, איז אַ זון להמפורסם ר׳ מאיר זאב. מיינע עלטערן האָבן געוווינט אין ראָוונע. דער פאָטער איז געהרגעט געוואָרן פאַראיאָרן אין ראָוונע, מיט זיין איידעם ר׳ יצחק טשעכניזער שו״ב וש״ץ. די מוטער שרה־רבקה, בר ר׳ אליקים געצל געלמאַן פון טראַכינבאַד, מיט דער גאַנצער פאַמיליע, זענען געהרגעט געוואָרן דורך די רוצחישע הענט אין ראָוונע. מיר האָבן קרובים אין אַמעריקע. מיין מוטערס ברודער, יוסף געלמאַן, מיין פרוי,ביילע בת ר׳ יעקב אריה שטיימאַן מעיר ווישקאָוו נעבן וואַרשע, האָט אַ גרויסע פאַמיליע אין אַמשילאָוו, שטיינמאַן. איך לאָז דאָ איבער אין פאברוסק צוויי הייזער מיט אַ סך זאַכן פאַרמויערט, אויך ביי דעם אוקראַינער כומר איז דאָ מיין מעבל מיט זאַכן. זוכט אויס אונדזערע קרובים, אַז אונדזערע ביינער זאָלן זיך נישט וואַלגערן, אונדזערע נעמען לאָזן כאָטש בלייבן לזכרון. די קרובים זאָלן נאָך אונדז קדיש זאָגן און האַלטן אונדזער יאָרצייט. איך, אברהם בן ר׳ שמאי הלוי געזעגן זיך מיט דער נאַרישער



ר׳ אברהם ציטרין, ראש הישיבה אין ווישקאָוו, מיט זיין פרוי.ביידע אומגעקומען אין ראָוונע.

ר׳ אברהם ציטרין, ראש הישיבה בוישקוב, ואשתו, שניספו ברובנה.

וועלט און זוגתי ביילע בת ר׳ יעקב אריה, זי האָט אַ ברודער אין רוסלאַנד, צבי שטיינמאַן. מיין טייערער זון, מאיר־זאב — 9 יאָר אַלט, מיין טאָכטער חיה — 6 יאָר אַלט, מיין טאָכטער מאַשע — 3 יאָר אַלט, מיין שוויגער חוה־זלאַטע מיט איר זון משה, איר טאָכטער חיה־שרה און יענטע־הדסה, איר שנור אשת צבי הנ״ל וואָס איז אין רוסלאַנד מיט אירע דריי קליינע קינדער און מיט איר מוטער. מיר אַלע גייען על קדושת שמו יתברך, מיטן גאַנצן שטעטל פאברוסק פון 70 פאַמיליעס און פון פיאַסעטשני, 15—20 משפחות.

פאַרגעסט נישט אין אונדז, נהרגים ונשחטים, על לא חמס בכפינו.

שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד!

אברהם בן שרה־רבקה.

* דעם דאָזיקן בריוו האָט געבראַכט קיין אַמעריקע דער בראָדער רב, הרב משה שטיינבערג, וועלכער האָט נאָך דער באַפרייונג באַזוכט ראָוונע, כדי דאָרט ווידער אָרגאַניזירן דאָס קהילה־לעבן. דער בריוו איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „טאָג״ פון 16־טן דעצעמבער, פונוואַנען מיר דרוקן אים איבער. דאָס איז אַ דאָקומענט פון אַן אימהדיקער צייט. פון דעם בריוו הערט מען דאָס געשריי פון אַ לעבן וואָס וויל נישט אונטערגיין, וויל נישט פאַרשווינדן אָן שום סימן און וויל אויך נישט פאַרגעסן ווערן. דאָס וואָס אברהם בן שרה־רבקה האָט געפילט אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן, ווען ער האָט געזען אַז קיין רעטונג איז שוין פאַר אים נישטאָ, אַז ער וועט זיך נישט אַרויסדרייען פון די רוצחישע הענט — דאָס האָבן אויך געפילט און געוויינטיקט טויזנטער און הונדערטער טויזנטער אַנדערע יידן ווי ער.

ר׳ אברהם בן שמאי הלוי שרייט אויף דער שוועל פון זיין טויט מען זאָל אויסזוכן זיינע קרובים, אַז די ביינער פון אים און זיין משפחה זאָלן זיך נישט וואַלגערן און אַז זייערע נעמען זאָלן כאָטש בלייבן לזכרון. די קרובים זאָלן נאָך זיי קדיש זאָגן און האַלטן די יאָרצייט.

# פאָליאַקן געהאָלפן אומברענגען ווישקאָווער יידן

מיר זענען אָנגעקומען קיין ווישקאָוו, וואָס איז פאַר דער קריג געווען אַ טיפיש יידיש שטעטל. איצט איז עס חרוב. דער צענטער און די וואַרשעווער גאַס זענען אינגאַנצן פאַרניכטעט. דאָרט, ווו ס׳זענען פריער געשטאַנען הייזער, שטעלן אויף די יורשים פון יידישן פאַרמעגן הילצערנע באַראַקן און ביידלעך, וואָס דינען אַלס געשעפטן. צוזאַמען מיטן אָפיציר גיי איך אַריין אין אַ קיאָסק טרינקען טיי. כ׳האָב געפרעגט אַ פוילישן אַרבעטער אויפן גורל פון די ווישקאָווער יידן. ער ענטפערט מיר נאַיוו:

— נאָך אין 1939 האָבן די דייטשן ליקווידירט אַלע אָרטיקע יידן און צו מיין גרויסן באַדויערן האָבן אויך אונדזערע מענטשן זיי געהאָלפן אין דעם. איצט איז דאָ נישט פאַראַן קיין איין ייד. אונדזער שטעטל, וואָס האָט פריער געבליט עקאָנאָמיש — איז היינט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית־הקברות.

דער יידישער אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי ווערט שרעקלעך אויפגערעגט, ווען איך זעץ איבער דעם אינהאַלט פון מיין געשפרעך מיטן פוילישן אַרבעטער:

— אויב אַזוי בין איך גערעכט, ווען כ׳באַצי זיך צו זיי ווי צו הינט!

ווען ס'האָבן זיך ווידער אַרום זיין אויטאָ פאַרזאַמלט אַ המון פוילישע מענער און פרויען און אים געבעטן ער זאָל זיי מיטנעמען מיט זיך, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— אַוועק פון דאַנען, באַנדיטן, חזרים, היטלעראָווצעס!...

נאָר מירביידע זענען ווייטער געפאָרן אין דער ריכטונג פון אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק.

אויך דאָ דערקענט מען די שפורן פון דער מלחמה. די הויפּט־גאַס, וואָס איז פריער געווען אַ יידישע גאַס, אַרום דער שיינער מאַגיסטראַט־געביידע, איז אינגאַנצן חרוב. אויפן אָרט פון די הייזער איז איצט אַ ליידיקער פּלאַץ, באַדעקט מיט שטיינער און גראָז. מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט איינ־קע פון די, בסך־הכל צוואָנציק יידן, וואָס וווינען אין שטאָט, צווישן זיי — איין פרוי מיט איר זון, וואָס איר מאַן האָט מען ערשט מיט דריי וואָכן צוריק דערמאָרדעט אויף דער גאַס אינמיטן טאָג. דער זון האָבן זיי בלויז פאַרווונדעט און דורך אַ נס איז ער ניצול געוואָרן פון טויט. די פּוילישע מערדער האָט מען, פאַרשטייט זיך נישט געכאַפּט. דעם ייד, אייגנטימער פון מיל, האָט מען דערמאָרדעט צוליב צוויי סיבות: צוליב דער חוצפּה, וואָס ער האָט נאָך געוואַגט צו בלייבן לעבן און צוליב דער חוצפּה, וואָס ער האָט געפאָדערט מ'זאָל אים אומקערן די מיל.

(פון אַ העברעישער צייטונג)

# אונדז איז געלונגען צו אנטלויפן

וועלוול אָלענבערג
חיפה

ס'איז שוין געווען דער 9־טער טאָג זינט די דייטשן האָבן איינגענומען ווישקאָוו. די שטאָט איז געווען פאַרברענט. די מענטשן זענען זיך צעלאָפן אין די וועלדער. נאָר אין עטלעכע קעלערס זענען געווען באַהאַלטן פיל פאַמיליעס. האָט מען אונדזער פאַמיליע און פיל אַנדערע אַרויסגע־שלעפּט פון די קעלערס און, בערך 350 פּערזאָן, מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, צונויפגעזאַמלט אויפן מאַרק און געטריבן אויפן וועג קיין פּולטוסק. די ס.ס.־באַגלייטער האָבן אַלעמאָל געשאָסן עטלעכע פון זיי. מיין פעטער, הערשל אָלענבערג, האָט מיטגעטראָגן אַ טלית ותפילין, האָט אים אַ ס.ס.־מאַן געגעבן אַ קלאַפּ מיט דער קאָלבע פון אַ ביקס, ער זאָל דאָס אַוועקוואַרפן. ער האָט געהאַט שרעקלעכע שמערצן פון קלאַפּ, האָבן די שוועסטער קראַסע און נעמי אָלענבערג אַרויסגענומען פון זייער מאַנטל אַ פלאַש בראָנפן און אָנגעריבן דעם פעטערס האַנט, ער זאָל קאָנען ווייטער לויפן. מיט דער רעשט בראָנפן האָט ר' יצחק בער ראָזענבערג געמאַכט אַ שנאַפּס „לחיים" — ער זאָל האָבן מוט ווייטער צו לויפן. פיל מאָל איז מען אויפן וועג געווען אויסגעשטעלט דערשאָסן צו ווערן. אין דער לעצטער מינוט איז דער באַפעל אָפּגעהאַלטן געוואָרן פון העכערע ס.ס., וואָס זענען צופעליק דורכגעפאָרן. מיר זענען שוין געבליבן אַ קליינע גרופּע, און ביי אַ געלעגנהייט, ווען די ס.ס.־לייט זענען געווען פאַרנומען מיט זיך, איז אונדז געלונגען צו אַנטלויפן אויף דער רוסישער זייט.

# פרטיזנים ולוחמי הגיטאות ביערות וישקוב

(מן ה„ספר מלחמות הגיטאות — בין החומות, במחנות, ביערות", ערוך בידי יצחק (אַנטק) צוקרמן ומשה בסוק. הוצאת הקיבוץ המאוחד, בית לוחמי הגיטאות ע"ש יצחק קצנלסון תל־אביב, 1954)

אלתרמן שלמה — מפעילי „דרור" בגיטו וארשה. נלחם בשטח המברשתנים ובגיטו המרכזי. בין היוצאים מהגיטו ב־8 במאי 1943. פארטיזאן ביערות וישקוֹב. נפל בקרב עם הגרמנים. כבן 23.

ארבוז חיים — יליד וארשה. חניך השומר הצעיר. חבר אירגון הלוחמים בגיטו וארשה. השתתף בהצתת מפעלי התעשיין הגרמני האַלמאַן. במרד אפריל נלחם בשטח טאֶבאֶנס־שוּלץ. אחרי המרד — פארטיזאן ביערות וישקוֹב. נרצח עם כל חברי פלוגתו של מרדכי גרוֹבאם על־ידי חיילי א.ק. („אַרמיה קראַיוֹבה"). כבן 22.

אֶרליך אליהו — יליד וארשה. מפעילי פועלי־ציון שמאל. חבר אירגון הלוחמים בגיטו וארשה. לחם בשטח המברשתנים ובגיטו המרכזי. אחרי היציאה בתעלות־הביוב — פארטיזאן בסביבות וישקוֹב. נפל במרד הפולני.

גרובאס מרדכי (מאַרדאָק) — יליד וארשה. חבר השומר הצעיר. מפקד פלוגת אירגון לוחמים בגיטו וארשה. ביצע עם אליהו רוז'אנסקי את פסק־דין־המוות על יעקב לייקין. עם המתגוננים בינואר 1943. במרד אפריל — בראש פלוגתו בגיטו המרכזי. ב־10 במאי עם היוצאים מהגיטו ללוֹמיאַנקי. מפקד פלוגה ביערות וישקוֹב. נתפתה ע"י א.ק. לשתף פעולה ונרצח ע"י אנשיה עם כל חברי פלוגתו, בקיץ 1943. כבן 22.

ואַצאֶק (שמו ושם־משפחתו אינם ידועים) — חבר השומר הצעיר, שהצטרף בצד הארי בוארשה לאירגון הלוחמים ונתן ידו להצלת שארית לוחמי הגיטו. פארטיזאן בסביבות וישקוב. נפל מידי גרמנים בשעת סיור.

יונגהייזר יוּלאֶק — חבר ה„בונד". איש אירגון הלוחמים בגיטו וארשה. בימי מרד אפריל נלחם בפלוגתו של יוּראֶק בלוֹנאֶס בשטח המברשתנים ואחר־כך בגיטו המרכזי. ב־8 במאי 1943 — עם היוצאים דרך תעלות הביוב ללוֹמיאַנקי. פארטיזאן בסביבות וישקוֹב, בפלוגתו של מרדכי גרוֹבאַס. נרצח ע"י" א.ק.

לאֶבסקי איזיו — איש פ.פ.ר., חבר אירגון הלוח־מים בגיטו וארשה. בימי מרד אפריל נלחם בשטח טאֶבאֶנס־שוּלץ, עם היוצאים ב־29 באפריל דרך תעלות הביוב ללוֹמיאַנקי. פארטיזאן ביערות וישקוֹב, בפלוגת מרדכי גרובאס. נרצח ע"י אנשי א.ק.

נוֹבוֹדבוֹרסקי דוד — יליד וארשה, ממארגני תנועת השומר הצעיר במחתרת בוורשה. מפקד פלוגת אירגון הלוח־מים בשטח טאֶבאֶנס־שוּלץ. עם היוצאים דרך תעלות־הביוב



יידישע פאַרטיזאַנער אין די ווישקאָווער וועלדער — האַרבסט 1943. יאַנעק בילאַק (לינקס) און יעקב פוטערמילך, מיטגלידער פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע (זש. אָ. ב.) אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכע האָבן דערנאָך געקעמפט אין דער פאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פון דער „גוואַרדיאַ לודאָוואַ" א. נ. פון אַניעלעוויטש. בילאַק איז געפאַלן אין שלאַכט בעתן פוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, 1944.

(פונעם אַלבום בילדער „מארטירערטום, אומקום פון די יידן אין פוילן 1945—1939", ארויסגעגעבן אין דער פוילישער שפּראַך דורכן פארלאג פון מיניסטעריום פאר נאציאַנאלער פארטיידיקונג — ווארשע, 1960)

פרטיזנים יהודיים ביערות וישקוב — סתיו 1943. יאַנק בילאק (משמאל) ויעקב פוטרמילך, חברים של הארגון היהודי הלוחם (ז'. או. ב.) בגיטו וארשה, שלחמו אח"כ כפרטיזנים ב„גוורדיה לודובה" ע"ש אנילביץ'. בילאק נהרג בזמן המרד של הפולנים בוארשה, 1944.

(מתוך אלבום תמונות „מרטירולוגיה, מאבק, חורבן יהודי פולין בשנות 1945—1939" (בשפה הפולנית), הוצאת ספרים של המיניסטריון להגנה הלאומית, וארשה 1960)

ללומיאנקי. ואח"כ — ביערות וישקוב. בקיץ 1943 החליטו, הוא ועוד כמה חברים, להבקיע להם דרך להונגריה. חוזר ללומיאַנקי ומנסה בעזרת הפולני קיישצ'אק להתקשר עם מיפקד אירגון הלוחמים בצד האַרי. אשה „פולקסדויטשה", שהורתה להם את הדרך לקיישצ'אק, הסגירה אותם לידי הגיסטאפו. כבן 27.

סאַביצקי סטאֶפאַן — פולני, חניך „טור", אירגון הנוער של פ. פ. ס., פעיל בקבוצת אירגון הלוחמים בווארטה בצד האַרי. סייע בהעברת שרידי הלוחמים מלומיאַנקי ליערות וישקוב. נרצח ביוני 1943 במסעדה בוארשה ע"י ז'אנדארמים גרמנים. דודתו וונחאַלסקה אַננה.

סטאָלאַק אברהם — חבר פועלי־ציון שמאל. חבר אירגון הלוחמים בגיטו וארשה. נלחם בשטח המברשתנים, ואח"כ — בגיטו המרכזי. עם היוצאים דרך תעלות הביוב. פארטיזאן ביערות וישקוב. טבע בנהר בוג. בן 25.

פאַפיאֶר פנינה — חברת אירגון הלוחמים בגיטו וארשה. בבימי מרד אפריל נלחמה בשטח טאֶבאֶנס־שולץ. ב־29 באפריל עם היוצאים דרך תעלות הביוב ללומיאַנקי, ואחר כך ביערות וישקוב. בין הניצולים. בארץ.

פוטרמילך יעקב — חבר אירגון הלוחמים בגיטו וארשה. בימי מרד אפריל נלחם בשטח המברשתנים בפלוגתו של יעקב פייגנבלאט. עם היוצאים ב־20 באפריל ללומיאַנקי ואח"כ ליערות וישקוב. חי בארץ.

פייגנבלאט יעקב — יליד וארשה. חבר „גורדוניה". מפקד פלוגת אירגון הלוחמים בגיטו וארשה. בימי מרד אפריל נלחם בשטח טאֶבאֶנס־שולץ. ב־29 באפריל — עם היוצאים דרך התעלה ללומיאַנקי. פארטיזאן ביערות וישקוב. בינואר 1944 חזר עם גוטה קב—ונקי לוארשה ונאספו לבית הפולני יאַבלונסקי, מאנשי א. ק. שוער ברחוב פרוז'אנה 14. כעבור כמה ימים הוקף הבית ושניהם נפלו תוך התגוננות, ועמהם גם הלוחם זיגמונט איגלה. יאַבלונסקי נתפס וגורש למחנה־ריכוז. כבן 23.

פרימאר חיים — מפעילי „עקיבא" בגיטו וארשה. חבר אירגון הלוחמים. בימי מרד אפריל נלחם בגיטו המרכזי. למן ה־10 במאי 1943 — בלומיאַנקי ואחר כך ביערות וישקוב. הצטרף לפלוגות פארטיזאנים סובייטיים ביערות מעבר לבוג מזרחה. בחיים. בארץ.

קאַנאַל ישראל — יליד בידגושץ'. חבר „עקיבא". בימי המלחמה — בגיטו וארשה. מראשוני לוחמי אירגון הלוחמים. ב־20 באוגוסט 1942 התנקש ביוזאֶף שאֶרינסקי, מפקד ה„אָרדענונגס־דינסט". ב־20 בינואר 1943 התגונן עם קומץ חברים בשטח טאֶבאֶנס־שולץ. מראשית אפריל — מפקד הגיטו המרכזי. ב־10 במאי היה עם היוצאים ללומיאַנקי, ואח"כ ליערות בסביבות וישקוב. באוגוסט חזר לוארשה ויצא

כנתין דרום־אמריקאי לבאָרגאָן־באָלזאָן. באוקטובר 1943 גורש לאוֹשביץ ושם נרצח. כבן 23.

קליינוויס הניאָק — יליד וארשה. איש „גורדוניה". חבר אירגון הלוחמים. בימי מרד אפריל נלחם בפלוגתו של יעקב פייגנבלאַט. בשטח טאָבאָנס־שולץ. עם היוצאים ב־29 באפריל ללומיאַנקי ואח"כ ליערות וישקוֹב. בסוף יוני בקבוצתו של דוד נוֹבוֹדבוֹרסקי, שניסתה להבקיע דרך להונגריה וניספתה מחמת הלשנה בכפר לומיאַנקי, בבקשה קשר עם מפקדת אירגון הלוחמים בווארשה. כבן 26.

רוזנפלד מיכאל — מפעילי פ.פ.ר., חבר מיפקדת אירגון הלוחמים בגיטו וארשה. בימי מרד אפריל נלחם בגיטו המרכזי. ב־10 במאי — עם היוצאים דרך תעלות־הביוב ללומיאַנקי, ואח"כ — לפארטיזאנקה שבסביבות וישקוֹב. נפל בהתנגשות עם גרמנים. כבן 30.

# מיטן וואַנדערשטאָק אין האַנט

יצחק בהרב
תל־אביב

**(אויפן שליאַך ווישקאָוו-ביאַליסטאָק-„פּאַשיאַלעק"-סאַמאַרקאַנד-וואַראַצלאַוו-פּראַג-פּאַריז-בוענאָס־איירעס-תל־אביב)**

.1

ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָב איך זיך געפינען אין ווישקאָוו, ווו כ'בין אין משך פון פיל יאָרן געווען טעטיק אין פאַרשידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. דאָס שטעטל האָב איך פאַרלאָזט באַזאַמען מיט אַלע איינוווינער, נאָך דער שרעקלעכער באָמבאַרדירונג אין די ערשטע טעג סעפּטעמבער 1939. יענער וואַנדאַלישער אָנפאַל אויף אַ רואיק שטעטל, אָן וועלכע ס'איז מיליטערישע אָביעקטן, האָט געצוווּנגען די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג צו נעמען דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט און זיך לאָזן לויפן. דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער נע־ונד, וואָס האָט ביי אונדז נאָך געדויערט עטלעכע יאָר נאָכן פאַרענדיקן דעם קריג. נישט אלע זענען דערגאַנגען דאָרט ווו מען האָט געוואָלט. דער וואַנדער־שליאַך פון ווישקאָווער יידנטום האָט זינט סעפּטעמבער 1939 זיך געצויגן איבער מזרח־פּוילן, איבער די סטעפּעס, טייגעס, וועלדער און פעלדער פון גרויסן רוסלאַנד, דערנאָך צוריק אין פּוילן. ווער עס איז באַלד געפאָרן קיין ארץ־ישראל, ווער עס האָט נאָך ווייטער ממשיך געווען דעם נע־ונד. אָבער נישט אַלע די וואָס האָבן דאַן פאַרלאָזט ווישקאָוו, האָבן זוכה געווען זיך צו ראַטעווען. אונדזער שליאַך איז אויך געווען געצייכנט מיט פיל אומגעקומענע, געשטאָרבענע, פאַרפייניקטע. די ווייטערדיקע באַשרייבונג, הגם זי באַציט זיך בלויז צו די איבערלעבונגען פון דעם מחבר, איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם רוב ווישקאָווער יידן, וואָס האָבן אין יענעם בהלהדיקן טאָג פאַרלאָזט דאָס שטעטל. און ווייל דאָ וועלן דערמאָנט ווערן פיל ווישקאָווער, האָב איך געהאַלטן פאַר נויטיק צו דערציילן מיינע איבערלעבונגען בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך איר, כדי די לייענער זאָלן האָבן אַ בילד פון דעם וואָס ס'האָט פאַסירט מיט אַ כמעט גאַנצער יידישער קהילה אין יענע שוידערלעכע יאָרן פון מלחמה.

.2

פרייטיק, 1־טער סעפּטעמבער. דאָס גאַנצע לאַנד ווייסט שוין וועגן דער מלחמה וואָס היטלער־דייטשלאַנד האָט דערקלערט פּוילן. מיר אין ווישקאָוו האָבן געוווּסט, אַז נאָך 4 פאַרטאָג האָט פּאָליציי שוין אַרומגעטראָגן מאָביליזאַציע־צעטלען צו אַלע רעזערוויסטן, זיי זאָלן 8 פרי זיך צושטעלן אין מאַגיסטראַט און פון דאָרט וועט מען זיי אָפּפירן קיין פּולטוסק. שווער צו באַשרייבן וואָס פאַראַ סצענעס מען האָט געזען יעדן פרימאָרגן. הונדערטער מאַמעס, טאַטעס, שוועסטערס און ברודערס האָבן מיט געוויינען, געשרייען, מיט כליפּען און קרעכצן געזעגנט די מאָביליזירטע. מען האָט געפילט, אַז דאָס איצטיקע געזעגענען זיך מיינט צעשיידונג אויף שטענדיק...

פאַרנאַכט איז אין שטעטל געווען פינצטער. די ברענענדיקע שבת־ליכט האָבן שוין נישט געלויכטן אין די פענצטער. אַלץ איז געווען פאַרשטעלט און פאַרמאַסקירט, אויס מורא פאַר נאַכט־אָנפליען. שבת אין דער פרי, ווען אַ טייל יידן זענען צוריקגעגאַנגען פון בית־המדרש נאָכן דאַווענען, האָט אָן אַנדערער טייל זיך עוואַקואירט — ווער צופוס, ווער אויף וועגענער. דאָס זענען געווען פּליטים, יידן און פּאָליאַקן, פון די מערב־געביטן פון פּוילן, ווו די דייטשישע אַרמיי האָט שוין געהאַט אַריינגעשטעלט איר בלוטיקן שטיוול, אָדער חרוב געמאַכט אַ ריי ערטער דורך לופט־באָמבאַרדירונגען. מיר האָבן געהייסן די יידן אַראָפּגיין פון די וועגענער און זיי אַלע איינגעאָרדנט אין פאַרשידענע היימען, געגעבן אָפּצועסן, געלאָזט זיך אויסרוען. מיר האָבן שטאַרק רחמנות געהאַט אויף די דאָזיקע מענטשן, וואָס זענען מיט איינמאָל אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע איינגעאָרדנטע נעסטן. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אין 4 טעג אַרום וועלן אויך מיר זיין אין זייער לאַגע...

דער זונטיקדיקער טאָג איז אַדורך רואיק. בלויז די פאַרבייגייענדיקע און דורכפאָרנדיקע פּליטים האָבן נישט געלאָזט פאַרגעסן קיין איין מינוט, אַז די מלחמה דויערט. מאָנטיק און דינסטיק זענען נאָך געקומען צו מיר די דעטאַל־סוחרים פון די דערפער פאָרעמבע, ברײנשטשיק, יאָסצאלט און קאַמענטשיק איינקויפן אין מיין הורט־געשעפט. דינסטיק פרי, ווען כ'בין געשטאַנען און איינגעפּאַקט די סחורות פאַר אַ ריי סוחרים פון ווישקאָוו און אומגעגנט, האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער פייף און געוואָי, שפּעטער — דער אויפרייס פון צוויי באָמבעס. אַלץ אין געשעפט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. איך בין אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס און דערזען, אַז איין באָמבע איז געפאַלן אויף דער פשעדמיעשטשע, נעבן הויז פון מאָטל נאָוואָגרודזקי, און די צווייטע באָמבע — אויף סטאָדאָלנע, ביי ר' יצחק עפּשטיין. מען טראָגט שוין פאַרוווּנדעטע, בלוט רינט אין די גאַסן, די געשרייען גרייכן ביזן הימל. די געשעפטן האָבן זיך מיט אַמאָל פאַרמאַכט, דאָס שטעטל איז געוואָרן ווי איבערגעקערט. מען לאָזט זיך לויפן — ווער צופוס, ווער אויף פערד־און־וואָגן. וואָס מען באַווייזט צו כאַפּן מיט זיך, טראָגט מען אויף דער פּלייצע, אין די הענט. אָבער אין די קינדער פאַרגעסט מען נישט. אָט זענען אייניקע נאָך ביי דער מאַמעס ברוסט, אַנדערע פירן די טאַטעס ביי די הענט, אַ טייל לויפן און זוכנדיק שרייען זיי: „טאַטע מאַמע!". אין געציילטע מינוטן ווערט די בריק אויפן בוג

פאַרפולט אינגאַנצן. מען לאָזט זיך אין דער ריכטונג פון יאַדאָווע, ווענגראָוו און צום אָסטראָווער שאָסיי. מען אַנטלויפט פון ווישקאָוו.

.3

אָבער וווּ לויפן?

אין אַלעמענס אויגן זעט מען שרעק און די פּאַניק איז גרויס. מען האָט מורא פאַר די באָמבעס, פאַר די דייטשן, וואָס אָט־אָט קומען זיי אָן, פאַר דעם אומבאַקאַנטן און פרעמדן וועג, מיט אַלע זיינע געפאַרן און איבעראַשונגען. אָט זעען די פליטים ווי עטלעכע שעה שפּעטער נאָכן וואַרפן די צוויי באָמבעס, איז ווידער איין באָמבע אַראָפּגעפאַלן אין ווינקל פון אָסטראָווער שאָסיי, וווּ עס האָט געוווינט ר׳ אברהם פיינציין (וועלכער האָט געהאַט אַן אייזן־געשעפט). איצט פילן אַלע, אַז קיין וועג צוריק איז שוין נישטאָ. לויפט מען אין וואַלד אַריין, דאָרט איז קיל, שאָטנדיק און מער זיכערער. עס זאָגט זיך נאָר — מען לויפט אין וואַלד אַריין... די דייטשישע לופט־פּיראַטן יאָגן זיך נאָך דער אַנטלויפנדיקער ציווילער באַפעלקערונג און מיט מאַשינגעווער באַשיסן זיי די פליטים. דער שאָסיי ווערט באַדעקט מיט טויטע און פאַרווונדעטע.

איך, מיין פרוי פייגע און מיין 8־יאָריק טעכטערל רבקהלע לאָזן זיך לויפן אויפן אָסטראָווער שאָסיי. אַזוי ווי מיין זון יהושע געפינט זיך דאַן אין וואַרשע, לאָז איך זיך אַוועק אין דער ריכטונג צו ראַדזימין, כדי אָנצוקומען אין דער הויפּטשטאָט. אָבער די באַנען פונקציאָנירן שוין נישט. בייטאָג איז געפערלעך צו וואַנדערן. מוז מען גיין נאָר אין די נעכט.

מיין פרוי, מיט אַ גרופּע ווישקאָווער, זענען אַוועק קיין פּאָרעמבע. אין דער גרופּע האָבן זיך געפונען: פּעשע עלבוים מיט אירע זין: זונדל, לייזער און נחמן, איר טאָכטער, שנור און אייניקל. נאָכן אָפּזיין עטלעכע טעג אין פּאָרעמבע, איז פּעשע עלבוים אַוועק קיין סאַדאָוונע צו מיין קוזין ר׳ ברוך גראַפּע, סאָקאָלס איידעם. מיט עטלעכע טעג שפּעטער זענען די דייטשן אַריין קיין סאַדאָוונע.

איין דייטשישער פּאַטרול איז איינמאָל אַריינגעקומען צו גראַפּען אין שטוב, וווּ עס האָבן זיך געפונען 9 מענער מיט פרויען. זיי האָבן באַפוילן די פרויען אַוועקצוגיין און די מענער (די דריי ברידער און עטלעכע יידן) האָבן זיי אַרויסגעפירט אין דרויסן, געהייסן זיי אויסגראָבן גריבער — און דערנאָך זיי דערשאָסן. זונדל עלבוים האָט געהאַלטן זיין קינד אויף די הענט, האָט איין דייטש באַפוילן אים אָפּגעבן דאָס קינד דער מאַמען...

נאָך דעם אומגליק, איז פּעשע עלבוים מיט איר שנור און טאָכטער צוריקגעקומען קיין פּאָרעמבע און דערציילט מיין פרוי וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט זינט דער צעשיידונג מיט איר. דערביי האָט זי איבערגעגעבן, אַז איר זון זונדל, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן, האָט געהאַט ביי זיך זייער געלט און איצט איז זי געבליבן אָן אַ גראָשן (מיין פרוי האָט איר דאַן געהאָלפן).

דער גליקלעכער צופאַל האָט געוואָלט, אַז נאָך צוויי וואָכן צעשיידונג צווישן מיר און מיין פרוי, האָבן מיר זיך געטראָפן אין דאָרף שעצעך, נעבן ווישקאָוו. וואָס אין יענע צייטן האָט געמיינט אַזאַ באַגעגעניש, ווען יעדער האָט געטראַכט, אַז מן־הסתמא האָט מען זיך צעשיידט אויף שטענדיק — איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. נאָר וועגן בלייבן אין דאָרף האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד, ווייל ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין קיין שעצעך, האָבן זיי אַלע יידן אַרויסגעטריבן אויפן גאַס, אויסגעשטעלט אין אַ קרייז, יעדן איינעם רעווידירט און ביי אים צוגענומען די ווערטפולע זאַכן און געלט. שפּעטער — באַפוילן אונדז צו לויפן און דערביי געשאָסן אין דער לופטן. די דייטשן זענען שוין געהאַט דערגאַנגען ביז אָסטראָווע, די נייע דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און דייטשלאַנד.

הגם די גרענעץ איז געווען אָפן און מ׳האָט נאָך דאַן פריי געקאָנט אַריבערגיין אויף דער רוסישער זאָנע, האָבן די דייטשן אונדז באַזוכט און אַלץ צוגענומען. דערביי קאָן איך נישט פאַרגעסן יענע ווילדקייט פון איין דייטשישן זעלנער, וועלכער האָט געפאָדערט דאָס קידושין־רייפל, וואָס ער האָט דערזען אויף מיין פרויס פינגער. אַלע באַמיאונגען אַראָפּצונעמען דאָס רינגל האָבן זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. ווייזט אויס, אַז דאָס פינגערל איז אַריינגעוואַקסן אין פלייש. דער דייטש האָט לאַנג נישט געטראַכט און אַרויסגעכאַפּט אַ מעסער, כדי אָפּשניידן דעם פינגער צוזאַמען מיטן גאָלד. נאָך גרויסע יסורים און מי איז אונדז פאָרט געלונגען אַראָפּצוציען דאָס רייפל פון דער האַנט, דערביי איז מיין פייגע פאַרווונדעט געוואָרן. אָבער מיר זענען אַריבער אויף יענער זייט גרענעץ, נאָר צעשלאָגענע און אויפגעטרייסלטע צוליב דעם דייטשישן סאַדיזם. דערביי איז שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן דער 75־יאָריקער ייד פון דאָרף שעצעך, ביי וועמען מען האָט נאָך אָפּגעשוירן די לאַנגע באָרד, איבערלאָזנדיק בלויז איין שפּיץ. אַזוי האָט מען אים געהייסן ווייטער גיין... שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין זאָמבראָווע.

.4

דאָס שטעטל איז פול געווען מיט פליטים פון פּוילן, איבערהויפּט — יידן. כמעט אַלע הייזער און דירות זענען געווען פאַרנומען. אַ שטאַרקער רעגן האָט געפּלייצט אָן אויפהער — און ס׳איז נישט געווען וווּ אַריינצוגיין. אונדז איז געלונגען אויסצופועלן ביי מענטשן מען זאָל אונדזער 8־יאָריק טעכטערל אַריינגעמען אונטער אַ דאַך, בעת איך, מיין פרוי און אונדזער אומפאַרגעסלעכער זון יהושע זענען געשטאַנען אין דרויסן אַ גאַנצע נאַכט.

צומאָרגנס האָבן פיל יידן זיך געלאָזט קיין טיקטין — איז מען מעכאַניש מיטגעגאַנגען, נישט וויסנדיק קיין ציל און קיין וועג. ביינאַכט האָט מען איבערגענעכטיקט אין דעם גרויסן בית־המדרש, וואָס האָט געהאַט הינטער זיך אַ געשיכטע פון עטלעכע הונדערט יאָר. אין דער פרי איז מען אַרויס אין גאַס זוכן אַ קילאָ ברויט.

אין אַזעלכע באַדינגונגען איז מען אָפּגעווען אין טיקטין אַ צוויי וואָכן און דערנאָך אַוועק ווייטער — קיין ביאַליסטאָק.

דער ערשטער „אַדרעס" איז געווען: די גרויסע שול. אָבער דאָ איז אַלץ געווען פאַרלייגט מיט פליטים. אַפילו דער פּאָליש איז געווען איבערפולט, צונויפגעדרענגט קערפּער צו קערפּער. בלית־ברירה זענען מיר געבליבן נעכטיקן אויפן גאַס. אַ פאַרבייגייענדיקער ביאַליסטאָקער ייד האָט אויף אונדז רחמנות באַקומען און איינגעאָרדנט אין אַ קליין שטיבל. פיר פאַרטאָג זענען מיר אַוועק צו אַ בעקעריי, וווּ מען האָט געטיילט ברויט. דאָרט איז שוין געווען אַ ריי פון הונדערטער מענטשן. זענען מיר אָפּגעשטאַנען אַ האַלבע נאַכט און אַ האַלבן טאָג און יעדן פון מיין משפחה איז געלונגען צו באַקומען אַ קילאָ שוואַרץ ברויט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז מיר זענען איצט אַזוי אָרעם, אַז אַפילו פאַר דעם קילאָ ברויט וועט שוין מאָרגן נישט זיין צו באַצאָלן. בין איך אַוועק

אויפן באַזאַר אַ קוק געבן צי עס וועט זיך לאָזן עפּעס פאַרדינען. דאָ האָב איך געטראָפן מיינע גוטע חברים און פריינד, פריערדיקע גרויסע סוחרים פון ווישקאָוו: איטשע ניימאַן — מיט 3 שטיקלעך זייף אויף די הענט; ישראלקע דזשענגעוויטש — מיט אַ פּאָר שטיוול צום פאַרקויפן; פּולע שקאַרלאַט — מיט אַ פּאָר נייע כאָלעוועס; הענעך קאַלוסקי און מרדכי־מענדל האָלענבערג, ווי אויך אַנדערע ווישקאָווער, ווי: מאיר פראַגער און פישל קאָפּלאָוויטש. אויך איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם מסחר, ווייל פון עפּעס אַנדערש איז נישט געווען צו לעבן. כמעט יעדן טאָג האָבן די רוסן אַדורכגעפירט אָבלאַוועס, קאָנפיסקירט די סחורה, וואָס איז געווען באַשטימט צום פאַרקויפן און דעם אייגנטימער איינגעזעצט אין אַרעסט אויף 2 טעג.

דאָס לעבן אין ביאַליסטאָק איז געווען שווער און אומדערטרעגלעך. נאָך יעדער זאַך, אָנהייבנדיק פון דעם שטיקל ברויט, ביז אַ פּאָר שקאַרפּעטן — האָט מען שעהן־לאַנג באַדאַרפט שטיין אין דער ריי. דאָס וואָרט „אָטשערעד" איז דאַן געווען זייער פאַרשפּרייט. נאָר קיין ברירה איז נישט געווען, מען האָט געמוזט האַנדלען, כדי קאָנען דערנערן זיך און די משפחה.

.5

איינמאָל האָבן זיך באַוויזן גרויסע מעלדונגען, אַז עס הייבט זיך אָן די רעגיסטראַציע פון די פּליטים וואָס ווילן ווערן סאָוויעטישע בירגער און אַרויסנעמען פּאַספּאָרטן, אָדער זיי ווילן צוריקפאָרן קיין וואַרשע, צום דייטש. די דאָזיקע מעלדונג האָט אַלעמען איבערראַשט. טאַקע דערפאַר ווייל מען האָט געגעבן צוויי ברירהס, איז שווער געווען צו אַנטשיידן. אויסער דעם, האָט מען נישט געוואָלט צוריק צום דייטש, פון וועלכן מען איז ערשט נישט לאַנג אַנטלאָפן, נאָר נעמען אויף זיך דעם עול פון סאָוויעטישער בירגערשאַפט — האָט מען זיך אויך נישט געאיילט. מיר, די פּליטים, האָבן געוווּסט, אַז פיל ביאַליסטאָקער יידן, געוועזענע סוחרים און פאַבריקאַנטן, האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר. דערוואַרט נישט אַמאָל אויך אונדז אַזאַ גורל?

נאָך איידער די מעלדונג האָט זיך באַוויזן אויף די ביאַליסטאָקער גאַסן, פלעגן פיל יוגנטלעכע ריזיקירן און אַריבערפאָרן קיין וואַרשע, כדי פון דאָרט ברענגען סחורות און זיי פאַרקויפן אין ביאַליסטאָק. די דאָזיקע יוגנטלעכע האָבן דערציילט, אַז אין וואַרשע צו יענער צייט (1940), איז די לאַגע נישט אַזאַ געפערלעכע. אין אַלגעמיין איז שטיל, דער מסחר גייט ווייטער אָן. אויפן סמך פון אַזאַ אינפאָרמאַציע, האָבן אַ היפּשע צאָל יידן זיך רעגיסטרירט צוריק צו פאָרן אין דער אָקופּירטער פּוילן. נאָר דער רוב איז געווען צעטומלט און אומאַנטשלאָסן. אויך אונדזערע ווישקאָווער אין ביאַליסטאָק — הענעך קאַלוסקי, מרדכי־מענדל האַלענבערג, חיים רינג, רפאל שקאַרלאַט, איטשע ניימאַן, ישראל דזשענגעוויטש און אַנדערע, האָבן איינמאָל זיך געטראָפן און אָנגעהויבן אַרומריידן די פראַגע פון דער רעגיסטראַציע. הענעך קאַלוסקי איז געווען ביי דער מיינונג, אַז בעסער אַרויסנעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן. דאָס הייסט נאָך נישט — ווערן קאָמוניסטן. דאַקעגן אין וואַרשע, ביים דייטש, וועט אַלעמאָל ווערן ערגער. יידן דאַרפן אַהין נישט פאָרן. ליידער, דער רוב פּליטים אין ביאַליסטאָק האָט זיך דאַן פאַרשריבן צוריק צו פאָרן קיין וואַרשע, בעת אַ מינדערהייט האָט זיך דעצידירט אויף סאָוויעטישע בירגערשאַפט. און די האָט מען דערלויבט בלייבן וווינען אין דער ביאַליסטאָקער וואָיעוואָדסטווע, אין די קליינע שטעטלעך.

היינט דערמאָן איך מיט באַדויערונג, אַז אויך איך האָב געהערט צו די, וואָס האָבן זיך רעגיסטרירט צו פאָרן צום דייטש. אַוודאי זענען צו יענער צייט געווען דערצו פיל סיבות. קודם־כל — דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ אָפּמאַך און די פריינדשאַפט צווישן דייטשלאַנד און דעם ראַטנפאַרבאַנד. וועגן אַנטי־יידישע רדיפות אין גרויסן מאַסשטאַב, האָט מען נישט געהערט. צו יענער צייט זענען קיין ביאַליסטאָק געהאַט צוריקגעקומען פיל אונדזערע יידן, וואָס האָבן שוין באַוויזן צו זיין אין רוסלאַנד עטלעכע חדשים און די גרוסן וואָס זיי האָבן געבראַכט פון דאָרט, זענען נישט געווען קיין פריילעכע. צו דער שווערער אַרבעט, לעבט מען אויך אין דחקות. און די אָפּטע פאַרשיקונגען קיין סיביר און געריכטן איבער געוועזענע יידן, האָבן אוודאי נישט דערמוטיקט די פּליטים צו ווערן סאָוויעטישע בירגער.

איינמאָל האָט אין שטאָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז פיל נ.ק.וו.ד.־לייט זענען געקומען קיין ביאַליסטאָק. ערשט שפּעט ביינאַכט האָב איך אויף דער אייגענער הויט דערפילט דעם באַטייט פון אַזאַ פּאָליצייאישער אינוואַזיע. דריי באַוואָפנטע נ.ק.וו.ד.יסטן האָבן אָנגעקלאַפּט אין אונדזער וווינונג און נאָכן אויספרעגן זיך צי דאָ וווינען פיר פּערזאָן פון דער פאַמיליע בהרב — האָבן זיי אונדז שנעל געהייסן פאַרלאָזן די דירה, אונטער אַ קאָנוואָי. כ'האָב קוים באַוויזן מיטצונעמען מיין „פאַרמעגן": דעם טלית און תפילין און עטלעכע קליינע זאַכן. פאַרן הויז איז געשטאַנען אַ לאַסטאויטאָ מיט נאָך פאַרהאַלטענע יידן. מען האָט אונדז צוגעפירט צו דער פראַכט־סטאַציע, ווו עס זענען געשטאַנען לאַסטוואַגאָנען מיט בענק און צוגעגרייטע נאַרעס צום שלאָפן. נאָך דעם ווי יעדער וואַגאָן האָט זיך פאַרפולט מיט מענטשן, איז ער פאַרמאַכט געוואָרן און אַ נ.ק.וו.ד.יסט מיט אַן אָנגעלאָדענער ביקס האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים אַריינגאַנג.

געפאָרן איז מען אַזוי 3 טעג. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס פירט מען קיין וואַרשע די אַלע, וואָס האָבן זיך בשעתו רעגיסטרירט אַהינצופאָרן. נאָך דעם אָבער ווי מען האָט אונדז אַרויסגעגעבן אַ פּאַיאָק ברויט אויף פרישע 4 טעג און באַזאָרגט אויף גרעסערע סטאַציעס מיט אַ טעלער זופּ, איז קלאָר געוואָרן, אַז מען פירט אונדז גאָר אין טיף רוסלאַנד.

איצט ווייסט מען שוין ווו מען געפינט זיך. באַרזשעס און שלעפּ־שיפן פירן אונדז איבער דער דווינע, צו דער שטאָט קאָטלאַס, אין אַרכאַנגעלסקער אָבלאַסט (געגנט). דאָ געפינען זיך איצט פאַרשיקטע שונאים פון סאָוויעטישן רעזשים, לאַגערניקעס מיט גרויסע אורטיילן און פון לאַנגיאָריקע תפיסה הינטער זיך און... פאַר זיך. צו 30 מענטשן האָט מען אונדז אַריינגעלאָזט אין אַ באַראַק, אַלע צוזאַמען — מענער, פרויען און קינדער.

.6

14 חדשים צייט האָט זיך געצויגן די קאַטאָרגע־אַרבעט ביים אויסהאַקן וועלדער. די שווערע האָרעוואַניע, דאָס קנאַפּע עסן, די שלעכטע און אַנטיסאַניטאַרע באַדינגונגען, די נישט גענוגנדיקע קליידונג אין די טעג פון שטאַרקע פרעסט און קעלטן, האָבן שיטערער געמאַכט אונדזערע רייען, גורם געווען צו קראַנקהייטן און דעגענעראַציע. 5 פאַרטאָג פלעגט מען זיך אויפהייבן, מאַרשירן 6 קילאָמעטער צופוס אין וואַלד אַריין און ערשט דאָ אָנהייבן זעגן, האַקן און שלעפּן די ביימער און קלעצער. איך, אַלס עלטערער מענטש, האָב געאַרבעט אויפן „פּאָשיאָלעק" גופא, ביים צונויפלייגן דאָס האָלץ. מיין יהושע האָט צוזאַמענגענומען די קלעצער אויף דער דווינע און מיטן „ספּלאַוו" זיי געשיקט איבערן טייך.

אין דער „סטאָלאָווע" האָט מען באַקומען צוויי מאָל אין טאָג עסן אויף אַפּראָוויזאַציע־קאַרטן, וועלכע ס'האָט געהאַט נאָר דער וואָס האָט געאַרבעט. דעריבער האָבן אויך די פרויען, אַפילו עלטערע, געמוזט גיין צו דער אַרבעט, אַנדערש וואָלטן זיי נישט געהאַט קיין שפּייז־קאַרטן. די מיטאָגן זענען געווען זייער אָרעמע, אָן פלייש, וועלכעס מען האָט באַקומען נאָר איין מאָל אין וואָך — זונטיק. איך און מיין פאַמיליע האָבן נישט געגעסן פון דער „סטאָלאָווע", ווייל אַלץ איז געווען טריפה. מיר האָבן זיך באַגנוגנט מיט ברויט, טיי און קאַרטאָפל, וועלכע מ'האָט זיך אַליין געקאָכט. ערגער איז געווען מיטן איינשאַפן זיך די קאַרטאָפל, ווייל די איינוווינער פון „פּאָשיאָלעק" האָבן נישט געוואָלט פאַרקויפן פאַר רוסישע רובלס, נאָר געפאָדערט אַ טויש־האַנדל — צו געבן זיי העמדער, שיך, שטיוול אדג"ל.

אין יאָר 1941 איז געשלאָסן געוואָרן דער א. ג. „שיקאָרסקי־סטאַלין אָפּמאַך" צווישן דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג אין לאָנדאָן און דער סאָוויעטישער רעגירונג. לויט דעם הסכם זענען אַלע געוועזענע פּוילישע בירגער, אַרעסטירטע אָדער אינטערנירטע אין רוסלאַנד, באַפרייט געוואָרן פון זייערע פאַרשיקונגס־פּלעצער אָדער תפיסות. אַזוי ווי דאָס רעאַליזירן דעם אָפּמאַך איז אויסגעפאַלן אין די ווינטער־חדשים, האָט דער רוב באַפרייטע יידן, צווישן זיי — אויך פון אונדזער „פּאָשיאָלעק", זיך געלאָזט אין די וואַרעמע לענדער. מיר זענען אָנגעקומען אין דער שטאָט סאַמאַרקאַנד, אין דער אוזבעקישער רעפּובליק.

.7

אין די אוזבעקישע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך דאַן געפינען פיל יידן, עוואַקואירטע פון די אָקופּירטע סאָוויעטישע געביטן, באַפרייטע פון די לאַגערן און פאַרשיקונגס־ערטער, ווי אויך די א.ג. בוכאַרער יידן. די יאָרן תפיסה און לאַגער, דאָס נישט־דערעסן און די שווערע אַרבעט, האָבן איצט, נאָכן טוישן דעם קלימאַט און דאָס אָרט, געגעבן זייער טרויעריקע רעזולטאַטן. דער בושעווענדיקער טיפוס האָט שיטער געמאַכט די רייען פון די באַפרייטע יידן. טויטע און דערשעפּטע זענען זיי געלעגן אויף די גאַסן פון אוזבעקיסטאַן.

און די וועמען די פיס האָבן נאָך געטראָגן, האָבן אָנגע־הויבן ביסלעכווייז זיך איינאָרדענען אויף אַרבעט. די יוגנט איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס, אָדער אין דער רויטער אַרמיי. די עלטערע יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל. אַזוי האָט מען געוואַרט אויף דער פאַרענדיקונג פון דער בלוטיקער מלחמה, וואָס האָט געלאָזט אירע טיפע שפּורן אויך אין וייטן הינטער־לאַנד, די סאָוויעטישע מיטל־אַזיע.

מיין זון יהושע האָט זיך אַנגאַזשירט אַלס באַן־אַרבעטער, ווייל די ברויט־נאָרמע פון אַזאַ קאַטעגאָריע באַשעפטיקטע איז געווען 800 גראַם אַ טאָג, אַנשטאָט 400 פאַר קינדער און נישט־אַרבעטנדיקע משפחה־מיטגלידער. אויך האָט יעדער אַרבעטער געקאָנט אָפּעסן אַ מיטאָג אין דער סטאָלאָווע פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ. איך אָבער, זייענדיק אָפּגעהיטן נישט צו עסן קיין טריפות, פלעג מיין נעבעכדיקע ברויט־נאָרמע פאַרקויפן אויפן באַזאַר און דערפאַר זיך איינשאַפן קאַרטאָפל, ציבעלעס, גרינוואַרג, כדי טועם זיין אַ ביסל געקעכטס. אַזאַ רעזשים האָט מיך דערפירט צו אַלגעמיינער דערשעפּונג און כ'בין קראַנק געוואָרן אויף אַ מוח־אָנצינדונג. אַ גאַנץ יאָר בין איך געלעגן צו בעט און די דאָקטוירים זענען נישט געווען אָפּטימיסטיש בנוגע מיין לעבן.

אין יאָר 1943 איז אונדזער לאַגע פאַרבעסערט געוואָרן צוליבן דערהאַלטן פון ארץ־ישראל און פון אַמעריקע פּעקלעך פון קרובים און פריינד, דורך דער פאַרמיטלונג פון „דזשאָינט". אין די יאָרן 1944/45 האָט דער „דזשאָינט" געשיקט קיין סאַמאַרקאַנד פיל קאַסטנס קליידער און עסנוואַרג, וואָס האָט געלינדערט די נויט פון די פּוילישע יידן דאָרט און אין אַנדערע שטעט פון רוסלאַנד.

.8

אין יאָר 1946, נאָכן אָפּמאַך מיט דער פּוילישער רעגי־רונג, האָט מאָסקווע דערלויבט אַלע געוועזענע בירגער פון פּוילן ביזן יאָר 1939, זיך צוריקקערן אין זייער פריערדיקע היימען. עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע רעפּאַטריאַציע. די סאָוויעטישע רעגירונג האָט צוגעשטעלט ספּעציעלע באַנען, באַזאָרגט די רעפּאַטריאַנטן מיט „צידה לדרך" און יעדער פון אונדז, הגם ר'האָט שוין געוווסט דעם גרויסן בראָך, האָט נאָך געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז אומקערנדיק זיך קיין פּוילן, וועט ער אפשר אין זיין שטאָט אָדער שטעטל טרעפן וועמען פון דער פאַמיליע, די פריערדיקע דירה אָדער אַן אַנדער פאַרמעגן, וואָס איז איבערגעלאָזט גע־וואָרן מיט 7 יאָר צוריק. ליידער, מיידאַנעק, טרעבלינקע, אוישוויץ און סאָביבאָר האָבן דערציילט וועגן דעם חורבן פון פּוילישן יידנטום, וועגן אַן אויסגעהרגעט פאָלק וואָס איז אומגעקומען אויף קידוש השם. וועגן באַזעצן זיך צוריק אין די פריערדיקע וווינונגס־ערטער האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט אומעטום - אין די גרויסע שטעט, ווי אין די קליינע ערטער. אויפן ניצול־געוואָרענעם ייד האָבן געלויערט טויזנטער געפאַרן.

דער רוב רעפּאַטריאַנטן איז געשיקט געוואָרן קיין נידער־שלעזיע, וואָס האָט זיך אויסגעליידיקט צוליבן פאַרטרייבן פון דאָרט די דייטשן. איך מיט מיין פאַמיליע זענען אָנגעקו־מען קיין וורצלאַוו און דאָ האָבן די פּאָליאַקן אויף אַ ציניש און אומפאַרשעמטן אופן אונדז געשיקט „דאָ פּאַלעסטיני" און דערביי זיך געפרעגט מיט שטוינונג „פונוואַנען האָבן זיך גענומען אַזויפיל יידן ? !"...

ווידער האָט זיך אַנטפּלעקט די גרויסע הילפס־טעטיקייט פון „דזשאָינט" אין דעמאָלטיקן פּוילן. נישט נאָר עסן און מלבושים זענען צעטיילט געוואָרן די נויטבאַדערפטיקע, נאָר מ'האָט אויך אויפגעשטעלט קאָאָפּעראַטיוון, געשאַפן אַרבעטס־פּלעצער, געגרינדעט קיבוצים און פינאַנסירט עמיגראַציע און עליה. מיר זענען נישט לאַנג געווען אין וורצלאַוו און דערנאָך אַרויסגעפאָרן (פאַרשטייט זיך, אַז אומלעגאַל) קיין פּראַג. אויך דאָ האָבן מיר געפילט די זאָרגעוודיקע האַנט פון „דזשאָינט", וועלכע האָט נאָך 6 וואָכן פון אונדזער זיין אין דער הויפּט־שטאָט פון טשעכאָסלאָוואַקיי, אונדז איבער־געשיקט קיין פּאַריז.

נאָכן אָפּזיין ביי אַ האַלב יאָר אין אַ קיבוץ פון פּועלי אגודת ישראל הינטער פּאַריז, איז מיר געלונגען אָנצוקניפּן אַ בריוולעכן קאָנטאַקט מיט מיינע שוואָגערס אין אַרגענטינע: וועלוול ראָטבאַרד און ישראל סאָקאָל. אַזוי ווי מיר זענען געווען די איינציק לעבנגעבליבענע פון זייערע פאַמיליעס, האָבן זיי שטאַרק געדריקט אויף אונדז מיר זאָלן אַריבערפאָרן קיין בוענאָס־איירעס. זיי האָבן אונדז דאָרט אויפגענומען און אַפילו פאַרזאָרגט מיט אַ קאָלאָניאַל־געשעפט, אָבער ליידער האָב איך נישט געקאָנט דערפון גענִיסן, ווייל מ'האָט עס געמוזט אָפּן האַלטן אין שבת. פאַר אַזאַ ייד ווי איך, וואָס האָט אין די שרעקלעכע באַדינגונגען פון נע־ונד איבער לענדער און צווישן אַנדערע פעלקער, אָפּגעהיטן דעם שבת,

האָב נישט געוואָלט איצט, נאָך דער באַפרייאונג, מחלל־שבת זיין אין אַן אייגן געשעפט. דער סוחר, וואָס האָט מיר איבערגעגעבן די קראָם, האָט געשטוינט. „ס׳טייטש — האָט ער געטענהט, — שבת איז דער גרעסטער לייז, און אויב איר בלייבט נישט אין געשעפט, מעגט איר ווערן אַ שמש אין אַ שול...״

אַ צעבראָכענער בין איך יענעם פרייטיק אָוונט אַהיימ־געקומען און באַשלאָסן ווערן אַן אַרבעטער אין דער פאַבריק פון מיין שוואָגער וועלוול ראָטבאַרד. ווען מיינע צוויי קינדער — דער זון יהושע און די טאָכטער רבקהלע — האָבן בכבודיק חתונה געהאַט אין אַרגענטינע און זיך איינ־געאָרדנט, האָב איך שוין ג׳ישט באַדאַרפט אַרבעטן. זיי האָבן פולשטענדיק מקיים געווען די מצווה פון כיבוד אב ואם (מיין זון יהושע האָט געהייראַט מיט דער טאָכטער פון גרויסן וואַלד־סוחר און טאַרטאַק־אייגנטימער פון ריפין — ר׳ שלמה ברון; מיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט יעקב שיימאַן, אַ זון פון גרויסן פאַבריקאַנט און הויז־באַזיצער אויף זי׳ נאַלעווקעס, ר׳ משה שיימאַן. מיין שנור און איידעם האָבן ווי מיר אַדורכגעמאַכט דעם נע־ונד אין די מלחמה־יאָרן).

.9

הושענה־רבה 1961 האָט מיך געטראָפן אַ גרויס אומגליק. מיין הייס־געליבטער און טייערער זון יהושע איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק אין עלטער פון 39 יאָר. ער האָט פאַר־יתומט נישט נאָר זיין פרוי רחלע, זיינע צוויי זין שלמה (10 יאָר אַלט) און מרדכי (5 יאָר אַלט) — נאָר אויך איך און מיין פרוי פייגע האָבן זיך דערפילט שטאַרק איינזאַם און דערשיטערט פון דער אומגעריכטער אבידה. ער איז געווען פון די זעלטענע אין איצטיקן דור, וואָס האָט אַזוי געטריי און איבערגעגעבן געזאָרגט פאַר זייער טאַטע־מאַמע.

מיין שנור, טאָכטער און איידעם, צוזעענדיק דעם גרויסן צער צוליבן טויט פון יהושען, האָבן אונדז דערמעגלעכט אַ טוריסטן־רייזע קיין ישראל, כדי דאָ, אין יידישן לאַנד, פאַרגעסן אַביסל אין דעם אומגליק. קומענדיק קיין ישראל און זעענדיק וואָס דאָ קומט פאָר, איז ביי מיר און מיין פרוי געפאַלן דער באַשלוס: מיר בלייבן דאָ! אַזוי אַרום איז ענדלעך מקוים געוואָרן דער גרויסער טרוים אונדזערער אין משך פון לאַנגע יאָרן, נאָך פון יענער צייט, ווען אין ווישקאָוו האָט זיך אין אונדז דערוועקט אַ בענק־שאַפט נאָך ציון.

אין אָנהייב זענען מיר פול געווען מיט איינדרוקן און טיפע איבערלעבונגען פון דעם וואָס די אויגן האָבן געזען און די אויערן האָבן געהערט. פאַר אונדז האָט זיך אַנטפּלעקט די יידישע מדינה אין איר דינאַמישקייט און מיט איר אופן פון אויפנעמען און איינאָרדענען די עולים פון פאַרשידענע לענדער. גלייכצייטיק האָבן מיר געהאַט נאָך אַן אָנגענעמע איבערראַשונג: די אַקטיוויטעט און לעבעדיקייט פון אונדזער ווישקאָווער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן דאָ געטראָפן אונדזערע לאַנדסלייט — די ערשטע חלוצים פון ווישקאָוו, וואָס האָבן שוין איצט גראָע האָר און אויך די שארית־הפליטה פונעם גרויסן חורבן, וואָס האָבן עולה געווען אין לאַנד שוין נאָך דער אַנטשטייונג פון דער מדינה.

עס דאַרף גלייך געזאָגט ווערן, אַז דער אירגון יוצאי וישקוב בישראל איז טריי געבליבן די שענסטע טראַדיציעס פונעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ווישקאָוו. מיטן אויפשטעלן אין תל־אביב דעם „בית וישקוב״, האָבן זיי אויפן סאַמע בעסטן אופן פאַראייביקט דעם אָנדענק פון יידישן שטעטל אויפן בוג. די אַרבעט און צוגרייטונג אַרום דעם יזכור־בוך האָט מיך גלייך פון אָנהייב געלאָזט גלויבן, אַז מיר וועלן מצליח זיין אַרויסצוגעבן אַ ספר־מאָנומענט נאָך דער אומגעבראַכטער ווישקאָוו. דאָס זעלבע לאָזט זיך אויך זאָגן וועגן דער גמילת־חסדים קאַסע, וואָס העלפט שטעלן אויף די פיס פיל לאַנדסלייט, וועלכע נייטיקן זיך אין קאָנ־סטרוקטיווע הילף. די הלוואות ווערן אַרויסגעגעבן אָן פּראָ־צענט. עס איז אויך טעטיק אַ פרויען־קאָמיטעט, וועלכער ווייזט אַרויס אַ סך איניציאַטיוו און אַקטיוויטעט.

בראש פון דעם אירגון אין ישראל שטייט דער פּרעזעס מנחם שטעלונג, דער זון פון די קדושים ר׳ חיים־הענעך און אסתר־מינדל שטעלונג. סעקרעטאַר — דער שטילער און באַשיידענער ירחמיאל ווילענסקי, דער זון פון די קדושים בעריש און ביילע ווילענסקי. מיט די פינאַנסן פאַרוואַלטעט פּנחס שולץ, דער זון פון קדוש און אַלעקסאַנדער חסיד ר׳ יחיאל שולץ ע״ה. דער בוי־אונטערנעמער אברהם ווילנער (ווילענסקי), וואָס אונטער זיין אָנפירונג איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער בית וישקוב. דער וויצע־פּרעזעס — יעקב מיטלסבאַך, זון פון מיכאַל מיטלסבאַך ז״ל.

אינעם פרויען־קאָמיטעט זענען באַזונדערס טעטיק: רבקה ביסמאַנאָווסקי, ליזע שטעלונג, צפורה כהן, חוה יחיאלי, חיה אוסטרי, סערעלע פּשעטיצקי און אַנדערע. זאָלן מיר מוחל זיין די, וואָס כ׳האָב נישט אויסגערעכנט זייערע נעמען. איך האָב נאָר געוואָלט איבערגעבן מיינע ערשטע איינדרוקן ווי אַזוי כ׳האָב געטראָפן אין ישראל די ווישקאָווער לאַנדס־לייט.

# טויטע שאָטנס שפּאַצירן אין מארק...

ד״ר חיים שאָשקעס

(איבערגעדרוקט פון „דער טאָג־מאָרגן־זשורנאַל״, ניו־יאָרק, 15.11.59, „מיין רייזע איבער אַמאָ־ליקע יידישע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן״)

...און שוין זענען מיר אין דער שטאָט ווישקאָוו. וויי, וויי, וויפל זכרונות קוילן זיך פון דער צייט, ווען איך בין דאַ דאָס ערשטע מאָל געקומען מיט 35 יאָר צוריק, כדי צו פאַרלייגן די קאָאָפּעראַטיווע באַנק.

נישט אַליין בין איך דאַן געווען אין אויטאָמאָביל. עס איז מיטגעפאָרן דער דאַן נאָך גענצלעך אומבאַקאַנטער צווישן יידן אין פּוילן, אינזשיניער אַדאַם טשערניאַקאָוו, דער שפּעטערדיקער ראש פון וואַרשעווער געטאָ, וואָס איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווען מען האָט ביי אים געפאָדערט אַרויסגעבן צו די גאַז־קאַמערן דעם ערשטן טראַנספּאָרט יידן. איצט איז זיין נאָמען באַרימט און זיין פּלאַץ אין דער יידישער געשיכטע פאַרזיכערט.

דעמאָלט אָבער, בעת אונדזער ערשטער רייזע אויפן שליאַך וואַרשע—ביאַליסטאָק, איז ער געווען זייער ווייט פון יידן און יידישקייט. שוין זיין פאָטער האָט גערעדט נאָר פּויליש און דייטש. און אַזוי אויך דער זון. ער האָט אַפילו

קיין אלף־בית נישט געקענט. ער איז געווען אָנגעשטעלט דורך דער אויפבוי־אָפּטיילונג פון „דזשאָינט" אַלס דער בוי־ספּעציאַליסט אויפצושטעלן די חורבות אין אַ ריי יידישע ישובים. און אַזוי זענען מיר אייניקע יאָרן צוזאַמען געפאָרן. ער — כדי מיטהעלפן בויען הייזער, און איך — קאָאָפּעראַטיווע בענק.

אַריינפאָרנדיק אין ווישקאָוו, האָבן מיר זיך דאַן פאַרהאַלטן אין אַ יידישן רעסטאָראַן, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיינע פיש.

און ווען איך האָב מיט יאָרן שפּעטער ווידער באַזוכט ווישקאָוו, האָב איך געגעכטיקט ביים בעקער, וועמענס ברויט האָט געהאַט אַ שם אין גאַנצן געגנט.

און איצט, נאָכן חורבן? דער ווישקאָווער מאַרק האָט אייניקע רעגירונגס־קראָמען: פון לעדער, פון עלעקטרישע מכשירים, פון שפּייז. אויך קייַלעכדיקע שוואַרצע ברויטן, אַזעלכע ענלעכע אויף די, וואָס מיין בעקער האָט געבאַקן, לאַדעוועט מען אָן אויף אַ וואָגן און אַ ביסל מענטשן דרייען זיך אין מאַרק אַרום פויערישע פורן. אַלץ די נייע, די פרעמדע.

אַ שילדל ביי דעם גאַז־לאָמפּ אינמיטן מאַרק לאַדט אונדז איין אויף עסן און אַ שנאַפּס צום רעסטאָראַן אין געסל, אונטערן עטוואָס מאָדנע קלינגעדיקן אין פּוילן איטאַליענישן נאָמען „לאַ בעללאַ דאָננאַ" („די שיינע דאַמע"). דאָס הויז איז טאַקע דאָרטן, ווו מיר האָבן אַמאָל מיט טשערניאַקאָוון געגעסן די געפילטע פיש. לאָז איך דעם שאָפער אָננעמען בענזין און אַליין פאַרדריי איך זיך אין געסל.

שטייט דאָס זעלבע גרויע הילצערנע הייזל צווישן אָסיענדיקע ביימער. שטייען וואַזאָנעלעך מיט רויטע בלימעלעך אויפן פענצטער. רוקט זיך אַרויס אַ צעקודלטער קאָפּ מיט שלעכט געפאַרבטע בלאָנדע האָר, וואָס הענגען אין קאָסמעס, מיט אַ ראָזלעך־דיקן פרעך־לאַכעדיקן געזיכט. דער „קאָפּ" פרעגט מיך: „וועמען זוכט איר דאָ, פּראָשען פּאַנאַ?" ענטפער איך: „די ‚לאַ בעללאַ דאָננאַ' זוך איך". „קומט אַריין, זוכט נישט, דאָס בין איך די ‚פּיענקנאַ פּאַני' (די שיינע דאַמע)" — זאָגט דער צניעותדיקער קאָפּ.

אַנטשולדיק איך זיך און גיי אַוועק. איך ווייס, אַז דאָס וואָס איך זוך איז מער נישטאָ. טויטע שאָטנס שפּאַצירן אין מאַרק, טרינקען דאָ אין שענק און איך קוק דאָך צוריק אויף די יאָרן, ווען צוזאַמען מיט טשערניאַקאָוון האָבן מיר אין חסידישן ווישקאָוו געגעסן געפילטע פיש...

# הרב בראָנשטיין באזוכט ווישקאָוו אין 1961

הרב בראָנשטיין, געוו. תלמיד פון דער נעוואַרידקער ישיבה אין ווישקאָוו און איצט — רב אין שפּיטאָל „לבנון" אין בראָנקס (ניו־יאָרק), האָט אין די יאָרן 1958 און 1961 באַזוכט אַ ריי מזרח־אייראָפּעישע לענדער (רוסלאַנד, פּוילן און אַנד.), אין די ראַמען פון אַ רעליגיעזער שליחות אין אויפטראַג פון דער אַמעריקאַנער אגודת־ישראל. אין פּוילן האָט הרב בראָנשטיין אַדורכגעפירט דעם ברית־מילה אַקט ביי צוויי הונדערט יידישע קינדער און יוגנטלעכע.

זייענדיק אין פּוילן, האָט אונדזער בן־עיר הרב צבי בראָנשטיין, געהאַלטן פאַר זיין הייליקן חוב צו באַזוכן אויך ווישקאָוו. מיר זעען אים דאָ אויפן בילד, ביים אַריינקום אין שטאָט. אויפן האָריזאָנט — די אַלטערטימלעכע ווישקאָווער קירכע.




קיין ווישקאָוו איז הרב בראָנשטיין געקומען מיט נאָך אַ בן־עיר, נחום ציוויאַק, וועלכער וווינט היינט אין וואַרשע. אויפן בילד: נ. ציוויאַק באַגראָבט אויפן ווישקאָווער בית־עולם דיביינער וואָס האָבן זיך דאָרט אַרומגעוואַלגערט (זומער 1961).



אין איינעם פון די פליסנדיקע וואַסערלעך אין ווישקאָוו, אין דער א. ג. „סטרוּגע", האָט הרב בראָנשטיין געפונען אַ מצבה מיט אַ יידישן אויפשריפט, אויף וועלכער ער ווייזט אָן מיטן פינגער (בילד אויף זייט 202). אַ שטיק פון דעם שטיין האָט ער געבראַכט קיין ישראל און אים איבערגעגעבן אין רשות פון „בית וישקוֹב" אין תל־אביב.



דאָס בילד אונטן שטעלט פאָר די געביידע פון איצ־טיקן ווישקאָווער מאַגיסטראַט (שטאָט־פאַרוואַלטונג), פאָ־טאָגראַפירט דורכן הרב בראָנשטיין.



כדאי אונטערצושטרייכן, אַז די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען און דער ועד הקהילות הקדושות אין פוילן, האָבן דעם הרב צבי בראָנשטיין אַרויסגעוויזן די וויטגייענדיקע הילף און פאַרשטענדעניש פאַר זיין שליחות. אין ליגניץ האָט ער אין אַ גוט אויסגעשטאַטער אַמבולאַטאָריע אַדורכגעפירט דעם מילה־אַקט איבער קינדער און יוגנטלעכע, דער רוב — פון רעפּאַטריאַנטן פון רוסלאַנד.

פאַר דעם אויפטו, האָט דער פאַרבאַנד פון די רעליגיעזע יידישע קהילות אים באַשאָנקען מיט אַ ספּעציעלן דאַנק־בריוו, געחתמעט דורך ד"ר א. ליבא און י. פרענקעל. דער בריוו דערציילט בפרטיות וועגן זיין מסירותדיקער אַרבעט דאָרט.



א' ד"ה
ל' ל"ת
ל"ה ל"ת
ז"א ל"ת
ב"א ל"ת

ועד הקהלות הקדושות בפולין
Związek Religijny Wyznania Mojżeszowego w P.R.L.
Warszawa, ul. K.R.N. 6 — Tel. 6-75-25 — K-to P.K.O. Warszawa 1-9-120721

Warszawa dnia

ב"ה יום ג יט לח' אדר תשמ"ה

אל כבוד הנהלה אגודת ישראל באמעריקא
ולהרב ר' צבי בראנשטיין

דער וועד הקהילות הקדושות בפולין וויל דא אויסדריקן אין נאמען פון פוילישן אידנטום איהר הארציגן דאנק און ברכה צו דער פיהררשאפט פון דער אגודת ישראל און צום חשבון הרב בראנשטיין פאר דער הייליגער און מסירה נפשדיקער ארבייט אין פוילן אין דער שליחות פון די זיין יידישע קינדער און דאס אויסשולן פון 3 יונגעלייט אלס מוהלים.

הרב בראנשטיין האט ביז היינט מל-געווען הונדערטער יידן אין פערציג קינדער אין פארשיידענע שטעט אין פוילן אין עלטער פון 6 חדשים ביז 18 יאהר. מיט וואונדערבארע רעזולטאטן און אין איינקלאנג פון טראדיציאנאל מסורהדיגן דין.

מיר ווילן דא קאנסטאטירן דאס הרב בראנשטיין האט געטאן זיין ארבייט אונטער אויסערגעוויינליך שווערע באדינגונגען ארבייטענדיק גאנצע טעג און היישענדיג ביינאכט.

מיר ווילן אבער דא פעסטשטעלן דעם פאקט דאס עס איז משום פיזיש ניט געווען מעגליך פאר הרב בראנשטיין צו מל זיין אלע קינדער וועלכע עלטערן האבן דאס פארלאנגט צוליב דעם פאקט וואס זיין ווייזע איז אויסגעגאנגען און אזוי ווי עס זיינען שוין פארהאן נאך איבער 400 רעגיסטרירטע פארלאנגען פון עלטערן פאר מילה — אפעלירן מיר צו דער אגודת ישראל אין אמעריקא און צום חשבון הרב דורכאויס צו זעהן צו קומען נאכאמאל קיין פוילן נאך פסח אום צו ערלעדיגן דעם הייליגן ענין.

דאס פוילישע אידנטום וועט דאס קיינמאל ניט פארגעסן ווייל דאס איז אן היסטארישער אקט פון גרעסטן און הייליגסטן באדייט.

מיט דער ערווארטונג דאס איהר וועט אונדזער בקשה ערפילן פארבלייבן מיר מיט די בעסטע ווינטשן און דאנק.

דר א. ליבא — פרעזעס י. פרענקל וויצע פרעזעס
הרב דוב בער פערצאוויטש

באַזוכנדיק ישראל, האָט הרב בראָנשטיין זיך געטראָפן מיט דעם קאָמיטעט פון אירגון יוצאי וישקוב און באַריכטעט וועגן זיין באַזוך אין דער אַלטער היימשטאָט, אין וועלכער ס'איז היינט נישטאָ קיין סימן פון אַ יידיש לעבן...

דריטער טייל

חלק שלישי

# ווישקאווער אין ישראל
# און אין דער וועלט

# בני וישקוב בישראל ובעולם



קאָמיטעט פון אירגון יוצאי וישקוב בישראל און דער בוך־קאָמיטעט. פון רעכטס: יחיאלי פנחס, אָסטרי חייה, קאָוויץ חיים, שטעלונג ליזאַ און מנחם, פאַרבשטיין משה, ווילענסקי ירחמיאל, ביסמאַנאָווסקי רבקה, מיטלסבאַך יעקב און כספי מנחם.

ועד אירגון יוצאי וישקוב בישראל וועד־הספר. מימין: יחיאלי פנחס, אוסטרי חייה, קוביץ חיים, שטלונג ליזה ומנחם, פרבשטיין משה, וילנסקי ירחמיאל, ביסמנובסקי רבקה, מיטלסבך יעקב, כספי מנחם.

# דער אָנהייב אין ישראל

משה פאַרבשטיין
לאָס־אַנזשעלעס

ביז דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, זענען די ווישקאָווער געקומען קיין ארץ־ישראל מיט דער דריטער און פערטער עליה, ווי אויך אויף אַן אינדיווידועלן אופן. יעדער איינער פון זיי האָט מיט זיינע מעגלעכקייטן און טעמפּעראַמענט געהאָלפן דאָ פאָרמירן דאָס נאַציאָנאַלע יידישן לעבן און באַטייליקט זיך אינעם גראַנגל פון ישוב מיט דער מאַנדאַטן־מאַכט. אונדזערע לאַנדסלייט פלעגן זיך פון צייט־צו־צייט צונויפטרעפן, אָבער דאָס זענען געווען צוזאַמענקונפטן פון אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער, הגם קיין זכרונות וועגן ווישקאָוו האָבן נישט געפעלט...



פּרעזידיום פון אירגון יוצאי וישקוֹב בישראל, בעת דער אזכרה אין תל־אביב, 1950.

נשיאות אירגון יוצאי וישקוב בישראל באזכרה בתל־אביב, 1950.

פון רעכטס: חיים־נתן ווענגראָוו, בינה האָלצמאַן־ראכמאַן, יעקב־דוד פשעטיצקי ז״ל, דער חזן, פאָרשטייער פון התאחדות עולי פולין, משה פאַרבשטיין, יעקב מיטלסבאַך.

ערשט מיטן פאַרענדיקן די צווייטע וועלט־מלחמה און מיטן פאַרשטאַרקטן עליה־שטראָם פון די שארית־הפליטה, האָבן אונדזערע הערצער אָנגעהויבן שטאַרקער קלאַפּן: האָט ווער פון די נאָענטע זיך אָפּגעראַטעוועט? וועט מען זוכה זיין צו זען אין יידישן לאַנד אַ ניצול־געוואָרענעם מיטגליד פון די פאַרצווייגטע ווישקאָווער משפחות? און אויב זיי וועלן קומען אַהער — דערשלאָגענע און צעבראָכענע פון די שוידערלעכע מלחמה־איבערלעבונגען — ווער וועט פאַר זיי זאָרגן? פאַרוואָס זאָלן זיי נישט דערפילן די ברידערלעכע, וואַרעמע האַנט פון די לאַנדסלייט?

ערשט אין יאָר 1950 האָבן מיר געזען, אַז פון די אָפּגעראַטעוועטע פונעם בלוטיקן מבול אין אייראָפּע קומען אויך אין דער אויפגעריכטער יידישער מדינה אונדזערע בני־עיר, ווישקאָווער יידן, וועלכע מען דאַרף אויפנעמען ברידערלעך און האַרציק. דער ערשטער אָפיציעלער צוזאַמענקום פון כמעט אַלע ווישקאָווער איז פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון י. ד. פשעטיצקי ע״ה, אין תל־אביב, מיטן אָנטייל פון באַרימטן ישראל אַסמאַן פון לאָס־אַנזשעלעס. די אויסגעקליבענע פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעלאָזט אַ קול־קורא צו אַלע ווישקאָווער אין לאַנד און אין אויסלאַנד, ווו עס איז דערציילט געוואָרן וועגן דער אַנטשטייאונג פון אונדזער אָרגאַניזאַציע און עס איז פאַרלאַנגט געוואָרן דרינגענדיקע ממשותדיקע הילף פון די ווישקאָווער אין דער וועלט. גרויס זענען דאַן געווען די באַדערפענישן און די מעגלעכקייט צו העלפן — זייער באַגרענעצטע. דער קליינער קאַפּיטאַל האָט נישט געסטייעט פאַר די לויפנדיקע אויסגאַבן און הלוואות. פלעגן דעריבער די פאַרוואַלטונג־מיטגלידער פון צייט־צו־צייט זיך באַשטייערן פאַר דער קאָסע און אַזוי אַרום אַנטקעגנקומען מיט הילף די, וועלכע האָבן זיך אין איר גענייטיקט.

די געגרינדעטע ליי־קאָסע האָט אין ערשטן יאָר פון איר אַנטשטייאונג (1950) אַרויסגעגעבן הלוואות אויף גינסטיקע באַדינגונגען. פאַרן ניי־געקומענעם איז דאָס געווען אַ פינאַנציעלע און מאָראַלישע הילף פון דער ערשטער מדרגה. דעם זעלבן יאָר האָבן די ווישקאָווער אין לאָס־אַנזשעלעס אונדז אַריינגעשיקט 6000 דאָלאַר — און אַ דאַנק דער דאָזיקער געלט־איינשפּריצונג איז מעגלעך געווען אויסצוברייטערן די הילפס־אַרבעט אויף פאַרשידענע געביטן. מיר האָבן אויך אָנגעהויבן ערטיילן יומטוב־הילף צוויי מאָל אין יאָר פאַר די נויטבאַדערפטיקע — ערב ראש־השנה און ערב פּסח.

אויך פון אַרגענטינע איז געקומען מאַטעריעלע הילף און אַזוי אַרום האָבן אונדזערע לאַנדסלייט אין אויסלאַנד זיך אָפּגערופן אויף דער ווענדונג פון די ווישקאָווער אין ישראל. בעת די ערשטע הלוואות אין יאָר 1950 זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער הייך פון 75 ל״י — איז מען שפּעטער, אין יאָר 1953, אַ דאַנק דער הילף פון אויסלאַנד, דערגאַנגען צו הלוואות פון 200 ל״י, וואָס אין יענע צייטן איז עס געווען אַ גאָר ערנסטע סומע. מיט אַזאַ סכום האָט יעדער נייער עולה זיך געקאָנט העלפן ביים שטעלן די ערשטע טריט אין מדינת ישראל.

די אַרבעט איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן. אונדזער אַמביציע איז דערנאָך געוואָרן: אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך און אויפבויען אַ דויערהאַפטן מאָנומענט לזכר דער יידישער קהילה אין ווישקאָוו. זייענדיק די ערשטע זיבן יאָר סעקרעטאַר פון אירגון יוצאי וישקוב בישראל, בין איך צופרידן, וואָס אונדזער אָרגאַניזאַציע איז זיך אַזוי שיין פונאַנדערגעוואַקסן. סיי די הילפס־קאַסע, סיי דער בית וישקוב און דאָס ספר וישקוב מעגן אָנפילן מיט שטאָלץ יעדן לאַנדסמאַן אונדזערן, ווו ער זאָל זיך נאָר נישט געפינען.



אזכרה בבית החלוצות בתל־אביב

אזכרה אין בית החלוצות אין תל־אביב

פון רעכטס: משה פאַרבשטיין, יעקב מיטלסבאַך, בראַמאַ, פאָרשטייער פון התאחדות עולי פולין, מנחם שטעלונג, יעקב־דוד פשעטיצקי, ישראל קאַלוסקי.

# 15 יאָר אירגון יוצאי וישקוב בישראל

ירחמיאל ווילענסקי
תל־אביב

15 יאָר ווישקאָווער פאַרבאַנד אין ישראל איז געוויס אַ באַשיידענע דאַטע לגבי די פיל צענדליקער יאָרן עקזיסטענץ און אַקטיוויטעט פון אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד. פונדעסטוועגן איז אונדזער אירגון געוואָרן דער צענטער פון ווישקאָווער טעטיקייט אין דער גאַנצער וועלט און אַ הויפּט־אַדרעס פאַר אַלע אונדזערע בני־עיר אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון ווישקאָווער פאַרבאַנד אין ישראל איז געווען און איז נאָך איצט: דערלאַנגען אַ וואַרעמע, ברודערלעכע האַנט יעדן לאַנדסמאַן, נייעם עולה, וועלכער טרעט איבער די שוועל פון דער יידישער מדינה; העלפן אים באַפרייען זיך פון זיינע איבערלעבונגען אין די גלות־לענדער און צואיילן דעם פּראָצעס פון זיין אַקלימאַטיזירן זיך און איינאָרדענען אין לאַנד, כדי ווייטער זיך אויסלעבן דאָ אין אַ היימישער סביבה. און נאָך עפּעס: פאַראייביקן דעם זכר פון די ווישקאָווער קדושים און טהורים וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם — דורך אזכרה־אָוונטן, „בית וישקוב", מאָנומענט־זאַל, יזכור־בוך אדג"ל.

אויף וויפל אונדז איז געלונגען צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע וויכטיקע אויפגאַבן — וועט דערציילן דער ווייטערדיקער באַריכט פון אונדזער טעטיקייט.

### די אַנטשטייאונג פון אירגון

דער פאַרבאַנד אין ישראל האָט זיין געשיכטע אויך ביז דער מדינה־אַנטשטייאונג. אין ארץ־ישראל זענען ווישקאָווער געווען אין אַ גאַנץ אָנגעזעענער צאָל, בערך עטלעכע הונדערט נפשות. זייער הויפּט־פּראָבלעם איז געווען — שאַפן אַ נייע פאָרם פון לעבן. אָן אונטערשייד פון אידעאָלאָגיע און פאַרטייאישער צוגעהעריקייט, האָבן אַלע געשטרעבט צו „ותוליכנו קוממיות לארצנו ותטענו בגבולנו", וואָס האָט די הונדערטער ווישקאָווער אין ישראל צוגעבונדן צו די נייע לעבנס־פאָרמען און באַדינגונגען. צי דאָס זענען געווען חברים פון אַ ניי־אַנטשטאַנענעם קיבוץ, אָדער קאָלאָניע (מושב), צי אין וואַרשטאַט און פאַבריק — האָט מען אויסגעשמידט די מלוכהשע זעלבשטענדיקייט אין אייגענעם לאַנד.

אָבער יעדער איינער איז געווען פאַרבונדן מיט זיין שטעטל, האָט געשטרעבט אַהערברענגען פון דער אַלטער היים זיינע נאָענטע. פאַרשטענדלעך, אַז ביי יענע אימשטענדן איז נישט געווען מעגלעך, אָדער נייטיק צו שאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט. אַן ענדערונג איז געקומען מיטן טרויעריקן אויסגאַנג פון דער צווייטער וועלט־קריג.

ענדע 1946 האָבן מיר דערהאַלטן די ערשטע ידיעות וועגן טראַגישן אומקום פון ווישקאָווער יידנטום: פון איבער 10 טויזנט נפשות, זענען נאָר הונדערטער ניצול געוואָרן. דער פולער פאַרנעם פון אומגליק איז אונדז נישט געווען באַקאַנט. ס'זענען דאַן געקומען אין לאַנד די ערשטע גרופּע ווישקאָווער יתומים־קינדער פון טעהעראַן. אויך עלטערע עולים, דערוואַקסענע, וואָס זענען אָנפאַנג 1947 געקומען קיין ארץ־ישראל פון טעהעראַן, האָבן דערציילט וועגן חורבן פון אונדזער שטאָט. נישט באַנעמענדיק נאָך די גרייס פון אומגליק, זענען ווישקאָווער אין א"י געלאָפן אין גרויס בהלה זיך דערוויסן וועגן גורל פון זייערע פאַמיליעס ביי דער יידישער אַגענץ, אָדער צום „רויטן קרייץ". אָנפאַנג 1948, ווען מ'האָט שוין דערוואַרט די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל, איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס ראַטעווען די שארית הפליטה קאָן פאָרקומען נאָר דורך עליה קיין ישראל. אָבער ווער וועט זיין פון די גליקלעכע, וואָס זייערע נאָענטע זענען געבליבן לעבן — האָט מען נאָך נישט געוווּסט. ס'האָבן זיך ספּאָראַדיש געשאַפן קאָמיטעטן צו העלפן די געראַטעוועטע, דורך שיקן שפּייז־פּעקלעך און באַזאָרגן ערשטע עקאָנאָמישע הילף די ניי־געקומענע. פרוי אָרענשטיין (גאָלדוואַסער) פּעסע, וואָס האָט דאַן אין חיפה זיך פאַרנומען מיט איינאָרדענען די ווישקאָווער קינדער פון עלית הנוער, קומט קיין תל־אביב און צוזאַמען מיט זמיר (בזשאָזאַ) רחל, אָסענהאָלץ דוואָשע, בהרב זאב, בראַמאַ שמואל, ליבער וויגאָדאַ און אַנדערע, האָבן זיי זיך געווענדעט צו אונדזערע לאַנדסלייט וועגן שאַפן עקאָנאָמישע הילף און העלפן מיט וואָס איינער קען.

אין 1948 זענען פאָרגעקומען קלענערע פאַרזאַמלונגען פון לאַנדסלייט, אויף וועלכע ס'זענען פאָרגעלייענט געוואָרן בריוו פון געראַטעוועטע לאַנדסלייט, פולע מיט איוב־בשורות און שוידערלעכע איינצלהייטן. זיי האָבן פאַרלאַנגט פון אונדז צו אָרגאַניזירן אַ הילפס־פאַרבאַנד, וואָס זאָל שיקן הילף קיין אויסלאַנד און אויך אויפנעמען די נאָר־וואָס געקומענע אין לאַנד. מיטן אויסברוך פון דער באַפרייאונגס־מלחמה, האָט דער פאַרבאַנד נישט געקאָנט אַנטשטיין אין דער פאָרם ווי ער האָט געוואָלט: אַז ס'זאָלן אין אים זיין פאַרטרעטן די יוגנט פון די ווישקאָווער אין ישראל; אַוועקשטעלן דעם הילפס־קאָמיטעט אויף דער געהעריקער הייך. אַלע זענען דאַן געווען פאַרנומען מיטן זיכערן דעם נצחון איבערן אַראַבישן אַגרעסאָר. מיטן אָנקומען פון דער ערשטער גרופּע ווישקאָווער פאַמיליעס פון די דייטשע לאַגערן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, זענען אונדז באַקאַנט געוואָרן כמעט אַלע איינצלהייטן פון טראַגישן אומקום פון יידישן ווישקאָוו. די געקומענע פאַמיליעס: ראָזענבערג, פּשעטיצקי, וועגראָוו, פּאָסטאָלסקי, ניימאַן און אַנדערע, אַלע לאַנגיאָריקע עסקנים אין ווישקאָוו (ראַטמענער, דאָזאָרעס א.א.וו.). זיי האָבן גערופן פאַרזאַמלונגען פון אונדזערע לאַנדסלייט און געפאָדערט אַלזייטיקע טעטיקייט, נישט באַגנוגענען זיך מיט קליינע הילפס־אַרבעטן.

די ערשטע אָפיציעלע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען דעם 4־טן מערץ 1950, אין הויז פון ר' יעקב־דוד פּשעטיצקי ז"ל. די וויכטיקסטע באַשלוסן וואָס זענען דאַן אָנגענומען געוואָרן: שאַפן אַ גמילות־חסד קאַסע פאַר קאָנסטרוקטיווער הילף; ערטיילן שטיצע די נויטבאַדערפטיקע. ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון די חברים:

חיים־נתן וועגגראָוו, שמחה פאַרבשטיין, פּעסע אָרענשטיין־גאָלדוואַסער פון חיפה, ישראל קאַלוסקי, רחל זמיר (בזשאָזאַ), אברהם קוויאַטעק, יעקב־דוד פּשעטיצקי, שמואל בראַמאַ, יצחק נודעל, משה פאַרבשטיין, יעקב ניימאַן און חיים צעמבאַל.

צוויי הויפּט־שטריכן באַצייכענען די טעטיקייט און אַנטוויקלונגס־וועג פון פאַרבאַנד אין ישראל: א) די הילפס־

אַרבעט אין אירע פאַרשידענע פאָרמען; די באַמיאונגען צו פאַרברייטערן די טעטיקייט, אַוועקשטעלן דעם פאַרבאַנד אויף אַ העכערן געזעלשאַפטלעכן ניוואָ. ב) דער קאָנטאַקט מיט די ווישקאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אויף דער וועלט. די קעגנזייטיקע הילף און צוזאַמענאַרבעט, ווי אויך די געמיינזאַמע ריכטליניעס, וואָס זענען פלאַנירט און פאַרווירקלעכט געוואָרן אין פאַרלויף פון דער צייט, האָבן אויך געגעבן בשותפותדיקע דערגרייכונגען. איך וועל שילדערן די דאָזיקע טעטיקייט כראָנאָלאָגיש, כדי געבן אַ געטריעם איבערבליק פון דער אַקטיווער טעטיקייט און אויפטועך.

### באַנייטע טעטיקייט

דעם 8־טן מאַי 1950 זענען אַקצעפּטירט געוואָרן די פּלענער פון נייעם קאָמיטעט. ס׳זענען שוין געווען ערשטע סומען אַ דאַנק שפּענדונגען און הלוואות פון פאַרמעגלעכע חברים אין ישראל. משה פאַרבשטיין, צוזאַמען מיט יעקב־דוד פּשעטיצקי, ווערן באַשטימט אַלס די פאַראַנטוואָרטלעכע צו שאַפן אַ געלט־פאָנד, זאָרגן וועגן איינקאַסירן מיטגלידס־אָפּצאָל ביי אַלע ווישקאָווער אין ישראל, ווי אויך זיך פאַרבינדן מיט די לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע און אַרגענטינע, כדי שאַפן דעם געהעריקן פאָנד פאַר אַ גמילות־חסד קאַסע. ניימאַן יעקב איז געוואָרן באַשטימט אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער אויפצומאָנען דאָס מיטגלידס־אָפּצאָל.

סוף 1950 וויילט אין לאַנד ה׳ ישראל אַסמאַן — אַ ווישקאָווער וואָס איז געקומען פון לאָס־אַנזשעלעס, באַקאַנט אַלס חשובער ליטעראַט און פאָרשער פון לעגענדעס און פאָלקלאָר, מיטאַרבעטער פון ניו־יאָרקער „טאָג“, מחבר פון עטלעכע ביכער. ער באַקענט זיך מיט די אַרבעטן פון קאָמיטעט, באַטייליקט זיך אין אַ גרעסערער פאַרזאַמלונג פון ווישקאָווער אין תל־אביב. ער דערציילט, אַז די טיכטיקע ווישקאָווער גרופּע אין לאָס־אַנזשעלעס (יחיאל בזשאָזאַ, די טעפּס, מאַרקוסכאַמער, ראָטבלאַט, ביאַלאס, און באַזונדערס דער איבער׳געגעבענער סעקרעטאַר מושקאַט און אַנד.), זענען גרייט צו העלפן רעאַליזירן די עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּלענער פונעם פאַרבאַנד אין ישראל.

אין די חדשים אָקטאָבער—דעצעמבער 1950 ווערן צוקאָאָפּטירט צום קאָמיטעט די חברים משה פּאַכט, ראַכמאַן (האָלצמאַן) בינה, יעקב מיטלסבאַך, ירחמיאל ווילענסקי, לאה גאָלדשטיין (נאַדעל) און מאיר פּאָסטאָלסקי.

די אַרבעט פון קאָמיטעט ווערט אויסגעברייטערט. דער קאַסיר, יעקב־דוד פּשעטיצקי, באַריכטעט וועגן די אַרויסגעגעבענע הלוואות און דער גרעסערער צאָל ביטעס אויף נייע הלוואות. דער סעקרעטאַר משה פאַרבשטיין באַריכטעט וועגן קאַפּיטאַל פון דער ליי־קאַסע, וואָס באַשטייט דאַן פון 500 דאָלאַר (דאַן — נאָר 170 ישראל־פונט) פון לאָס־אַנזשעלעס; 85 פונט פון אַרגענטינע און דעם געזאַמלטן הלוואות־פאָנד אין ישראל — 265 ל״י. ער דערציילט אויך וועגן די פונאַנדערגעטיילטע שפּייז־פּעקלעך, וואָס זענען דערהאַלטן געוואָרן פון בוענאָס־איירעס, ניו־יאָרק און לאָס־אַנזשעלעס. דערביי גיט איבער מ. פאַרבשטיין וועגן דער ווענדונג פון פאַרבאַנד אין לאָס־אַנזשעלעס, מ׳זאָל זיי איבערגעבן די נעמען פון די וואָס האָבן באַקומען די פּעקלעך, און אויך וועגן בריוו פון לאַנדסלייט אין ישראל צו די אַמעריקאַנער קאָמיטעטן, מיט אָנקלאַגעס אויפן היגן קאָמיטעט, מיט דער פאָדערונג צו שיקן זיי דירעקט די שפּייזפּעקלעך. אין ישראל איז דאַן געווען די „צנע“־תקופה: שפּייז האָט מען באַקומען נאָר לויט קאַרטן. אונדזער קאָמיטעט האָט נישט געקענט נאָכקומען אַלעמענס פאַרלאַנגען און איבערצייגן די באַעוולהטע, אַז ס׳זענען פאַראַן מער נויטבאַדערפטיקע פון זיי.

אויף אַ צווייטער זיצונג באַריכטעט דער סעקרעטאַר פאַרבשטיין, אַז לאָס־אַנזשעלעס וועט בקרוב שיקן נאָך 500 דאָלאַר פאַר דער ליי־קאַסע, און אַז די ניו־יאָרקער בעטן אַ ליסטע פון נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט פאַר פּסח־שטיצע. אַזאַ שטיצע ווערט געגעבן יעדן לאַנדסמאַן וואָס האָט זיך געוואָנדן צום קאָמיטעט, און אויך די וואָס שעמען זיך צו ווענדן, הגם זיי נייטיקן זיך אין הילף.

### קאָנסטרוקטיווע און סאָציאַלע הילף

אין יאָר 1951 ווערט רעאָרגאַניזירט די טעטיקייט פון פאַרבאַנד. באַזונדערע קאָמיסיעס זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די רעסאָרטן פון זייער טעטיקייט. אין דער ליי־קאַסע קאָמיסיע ווערן באַשטימט: ישראל קאַלוסקי, משה פּאַכט און משה פאַרבשטיין. די אַרבעט פון סעקרעטאַר ווערט פאַרברייטערט מיטן צוקאָאָפּטירן ה׳ ירחמיאל ווילענסקי אַלס פּראָטאָקאָלן־סעקרעטאַר. דער געדאַנק וועגן אַ יזכור־בוך איז נאָך נישט אַקטועל, ווייל די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד איז דאַן אַ שווערע. דער כסדרדיקער שטראָם פון נייע עולים באַשעפטיקט דעם קאָמיטעט מיט פיל ביטעס און ווענדונגען. מ׳זוכט וועגן און מיטלען ווי אַזוי אַנטקעגנקומען די אַלע בקשות. מיר באַקומען דאַן פון לאָס־אַנזשעלעס נאָך 3 טויזנט דאָלאַר. דער פאָנד פון דער ליי־קאַסע ווערט לאָקירט אין „באַנק דיסקאָנט“. מיר זוכן דאַן וועגן צו פאַרגרעסערן די הלוואות־מעגלעכקייטן פאַר די לאַנדסלייט. מיר נעמען אָן דעם פאָרשלאַג פון באַנק „אוצר עממי“ צו האַלטן ביי זיי אונדזער קאַפּיטאַל און דערפאַר באַקומען מיר פון זיי הלוואות אויף אַ דאָפּלטער סומע. דער רעגולאַמין פון דער ליי־קאַסע לויטעט: „הלוואות ווערן געגעבן אויף אַ מאַקסימום־סומע פון 100 ל״י (דאַן — 300 דאָלאַר). אויף יעדער בקשה וועגן אַן הלוואה דאַרפן זיין צוויי זשיראַנטן. יעדע וואָך באַטראַכט די קאַסע־קאָמיסיע די ביטעס, זשירירט זיי דער באַנק מיט איר דעפּאָזיט. באַשטימט אויך ווער ס׳זאָל פריער באַקומען די הלוואה און ווער שפּעטער“. די ליי־קאַסע באָרגט אויס דעם קאָמיטעט געוויסע סומען, נאָר פאַר סאָציאַלע באַדערפעניש און אין דרינגנדע נויטפאַלן. די סאָציאַלע הילף וועט געפירט ווערן אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן, דער עיקר — פון דער שטיצע וואָס מ׳באַקומט אויף דעם צוועק פון די אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפטן, אָדער יחידים.

אין די יאָרן 1952—1953 ווערט פאַרגרעסערט די טעטיקייט פון אירגון. מיר באַקומען דאַן פון לאָס־אַנזשעלעס נאָך 3 טויזנט דאָלאַר און אַ צוזאָג צו שיקן יערלעך נייע סומען אויף צו פאַרגרעסערן דעם פאָנד פון דער ליי־קאַסע, נאָכצוקומען די באַדערפענישן פון די הונדערטער נייע עולים צו באַזירן זייער לעבן אין ישראל. אין קאָמיטעט טרעטן אַריין נייע חברים: חנינא סטאָליק, בעריש סאַפּירשטיין; קאָנטראָל־קאָמיסיע: יוסף יאניש, אברהם קוויאַטעק. דער אירגון באַקומט אָנערקענונג פון אַלע לאַנדסלייט אין ישראל. חיים־נתן ווענגראָוו (פון חיפה) פאַרלאַנגט צו גרינדן אין חיפה אַן אָפּטיילונג פון דער ליי־קאַסע. דער קאַסיר יעקב־דוד פּשעטיצקי ווייזט אויף, אַז חיפהער לאַנדסלייט האָבן אין לעצטן יאָר באַקומען הלוואות אויף אַ סומע פון 2,100 ל״י —

און זיי ווערן נישט באַעוולהט. מען באַשליסט פאַרלייכטערן די חיפהער לאַנדסלייט, זיי זאָלן נישט דאַרפן ספּעציעל פאָרן קיין תל־אביב.

ס׳ווערט דאַן באַטראַכט דער פאָרשלאַג פון עטלעכע חברים, אַז די לייי־קאַסע זאָל ווערן אַ גמילות־חסד קאַסע. אַנשטאָט די באַנק „אוצר עממי" און „באַנק דיסקאָנט", זאָלן די הלוואות געגעבן ווערן דורך אונדזער אַ גמילות־חסד קאַסע, וואָס וועט איינשפּאָרן פּראָצענט וואָס די בענק נעמען פאַר זיך. אויך וועלן אונדזערע לאַנדסלייט פון ווייטע געגנטן נישט דאַרפן ספּעציעל קומען אין די בענק קיין תל־אביב. אין פּרינציפּ ווערט דער פאָרשלאַג אָנגענומען, נאָר מיטן באַדינג צו פאַרגרעסערן דעם פאָנד ביז 20,000 ל״י, כדי נאָכצוקומען די פאָדערונגען אויף הלוואות. מיר האָבן דאַן אונטערהאַנדלט מיט די ווישקאָווער קאָמיטעטן אין ניו־יאָרק, זיי זאָלן זיך באַטייליקן אין דעם לייי־קאַסע פאָנד, אויסער זייער יערלעכע הילף אין באַזונדערע נויטפאַלן. אין יענעם יאָר גרינדעט זיך דער „אויפבוי־קלוב" אין ניו־יאָרק, וואָס ברענגט אַריין אויפלעבונג ביי די אָרטיקע ווישקאָווער לאַנדסלייט, נאָר דערפירט אויך צו פאַרדרוס און מיספאַרשטענדענישן מצד די לאַנגיאָריקע ווישקאָווער פאַרבאַנדן. דער „אויפבוי־קלוב", וואָס באַשטייט פון יונגע כוחות, פאַרבינדט זיך אויך מיט אונדז און שיקט, אין אַ באַגרענעצטער פאָרם, שטיצע. נישט געקוקט אויף דעם וואָס זיי זענען פאַרנומען מיט לאָקאַלע פראַגן און שוועריקייטן, באַמיען זיי זיך פאָרצוזעצן די אַמעריקאַנער טראַדיציע צו העלפן לאַנדסלייט. מיר ווענדן זיך צו אַלע ווישקאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק, זיי זאָלן זיך פאַראייניקן אין איין פאַרבאַנד, וואָס זאָל דינען די זעלבע אינטערעסן. אונדזער רוף איז געוואָרן אָנגענומען ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום. דער סעקרעטאַר פון „אויפבוי־קלוב", טש. אַפּעלבוים, איז, צו אונדזער אַלעמענס צופרידנהייט, געוואָרן סעקרעטאַר פון פאַראייניקטן ווישקאָווער קאָמיטעט.

אויך דער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע שיקט יערלעך צענדליקער שפּייז־פּאַקעטן פאַר די נויטבאַדערפטיקע אין ישראל, לויט דער ליסטע וואָס ווערט באַשטימט דורך אונדזערס אַ ספּעציעלער קאָמיסיע.

## פלענער פאַר אַ „בית וישקוב"
## און אַ יזכור־בוך

אין יאָר 1954 ווערט פאַרשטאַרקט די טעטיקייט פון פאַרבאַנד, דורכן אויסקלויבן אין קאָמיטעט די חברים: מנחם שטעלונג, אברהם ווילנער, יעקב פאַכט און העניע גאָלדבאַרשט. ס׳ווערן דאַן באַטראַכט נייע פלענער פאַר גרעסערע אַרבעטן, ווי אויפשטעלן אַ מאָנומענט פאַר די ווישקאָווער קדושים: א) אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך; ב) דער פּלאַן פון לאָס־אַנזשעלעס אויפצושטעלן אין תל־אביב אַ „בית וישקוב", וואָס זאָל דינען פאַר אַלע טעטיקייטן פון אירגון: די לייי־קאַסע, אַ זאַל אויף פאַרזאַמלונגען און אַ יזכור־זאַל.

סוף 1953 פאָרט אונדזער סעקרעטאַר, משה פאַרבשטיין, קיין אַמעריקע. ער באַקומט פולמאַכטן צו פאַרהאַנדלען וועגן אויפשטעלן די צוויי מאָנומענטן אין ישראל. אין יאָר 1954 באַקומען מיר נאָך 1000 דאָלאַר פון לאָס־אַנזשעלעס פאַר דער לייי־קאַסע.

אין דער נייער פאַרוואַלטונג ווערט מנחם שטעלונג געוויילט אַלס וויצע־פאָרזיצער. קאָמיסיע פאַר „בית וישקוב": אברהם ווילנער — פאָרזיצער, ישראל קאַלוסקי און מנחם שטעלונג — מיטגלידער. יעקם פאַכט ווערט צוקאָאָפּטירט צו דער קאַסע־קאָמיסיע (קאַלוסקי, פאַרבשטיין און פשעטיצקי). יזכור־בוך קאָמיסיע: ישראל קאַלוסקי, מנחם שטעלונג, ירחמיאל ווילענסקי, לאה נאַדעל. פאָרזיצער, סעקרעטאַר, פּראָטאָקאָלן־סעקרעטאַר און אַנד. — ווי פריער.

לויט די באַריכטן פון משה פאַרבשטיין, זענען פאַראַן וויכטיקע מאַטעריאַלן פאַרן יזכור־בוך אין ניו־יאָרק, אין ייוו״אָ־אינסטיטוט א.אַנד. וועגן „בית וישקוב" ווערט אַ סך געטאָן אין לאָס־אַנזשעלעס: זיי שאַפן אַ סומע פון 10,000 דאָלאַר. זיי האָבן שוין געזאַמלט די סומע פון 3,900 דאָלאַר. נאָכן איבערשיקן קיין לאָס־אַנזשעלעס דעם פּלאַן פון בית־וישקוב, ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן שוין 4000 דאָלאַר אויף דעם צוועק און אַז זיי זענען אין דער פראַגע אין קאָנטאַקט מיט די פאַרבאַנדן אין ניו־יאָרק און אַרגענטינע.

די פאַרוואַלטונג באַהאַנדלט דאַן די פראַגע פון לעגאַליזירן דעם אירגון. אַן אַדוואָקאַט אַרבעט אויס דעם רעגולאַמין, וואָס ווערט פיל דיסקוטירט, אויסגעבעסערט און — ווידער דיסקוטירט. די קאָמיסיע פאַרן „בית וישקוב" שלאָגט פאָר צו קויפן בוי־פּלעצער אויף גוטע באַדינגונגען. די אַלע פאָרשלאַגן, צוגעגרייט און באַטראַכט דורכן ה׳ אברהם ווילנער, ווערן באַשטעטיקט און דערנאָך — אָפּגעלייגט צוליב מאַנגל אין געלט. די לייי־קאַסע גיט אַרויס הלוואות אין די יאָרן 1954—55 אויף אַ סומע פון איבער 18,000 ל״י יערלעך (איבער הונדערט הלוואות אַ יאָר).

אויף די יערלעכע יזכור־אָוונטן נעמען אָנטייל איבער 400 לאַנדסלייט. מיטן פאַרגרעסערן די טעטיקייט, ווערט אַקטועל דאָס האָבן אַן אייגענע ביוראָ, ווייל מיט גרויסע שוועריקייטן ווערט געטאָן די אַרבעט פון פאַרבאַנד. ר׳ יעקב־דוד פשעטיצקי נעמט אויף ביי זיך אין הויז לאַנדסלייט וועגן הלוואות און פאַרשידענע אַנדערע ענינים. אויך צו אַנדערע קאָמיטעט־מיטגלידער קומט מען אין שטוב. די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג קומען פאָר אַלע וואָך ביי אַן אַנדערן מיטגליד. די פראַגע פון בויען אָדער קויפן אַ הויז ווערט דרינגענד און גלייכצייטיק — נאָענט צו פאַרווירקלעכן. לויט די באַריכטן וואָס מיר באַקומען פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, זענען באַשטימט געוואָרן באַזונדערע קאָמיסיעס פאַרן „בית וישקוב" אין ישראל. אין יאָר 1955 פאַרנעמט זיך דער פאַרבאַנד אין ישראל מיטן אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פון „בית וישקוב" און אונטערהאַנדלען וועגן קויפן אַ בוי־פּלאַץ, אָדער אַלטע הייזער. אויך דער רעגולאַמין פון אירגון ווערט דורך אונדז באַשטעטיקט און איבערגעשיקט צום לעגאַליזירן ביי דער מאַכט.

אַ ספּעציעלע קאָמיסיע באַטראַכט באַזונדערע נויט־פאַלן און סאָציאַלע באַדערפענישן פון די ווישקאָווער אין ישראל. מיר באַקומען פון ניו־יאָרקער „ליידי׳ס אקזילערי" די ערשטע סומע פון 50 דאָלאַר, אַלס סאָציאַלע הילף. אויך דער „אויפבוי־קלוב" שיקט געוויסע סומען פאַר ספּעציעלע צוועקן, אָנצייכנדיק די פערזאָנען וועמען צו געבן די הילף.

דעם 16־טן יאַנואַר 1956 — ג׳ שבט תשט״ז, פאַרלאָזט אונדז אויף אייביק דער לאַנגיאָריקער פאַרדינסטפולער עסקן און אין די לעצטע יאָרן אונדזער טיכטיקער קאַסיר ר׳ יעקב־דוד פשעטיצקי ז״ל. זיין איבערגעגעבנהייט, אַקטיוויטעט און מסירת־נפש פאַר די לאַנדסלייט האָט געדינט אַלס סימבאָל פון ברידערלעכער הילף און קעגנזייטיקן צוטרוי. אויף דער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג דעם 23־טן

יאַנואַר 1956 ווערט באַערט זיין אָנדענק און צו די שלושים — אַן אזכרה אויפן קבר.

אויף אַ ספּעציעלער זיצונג ווערט איינגעלאַדן ה׳ פּנחס יחיאלי (שולץ) און מ׳באַשטימט אים אַלס קאַסיר פון אירגון. ער פלעגט נאָך ביים לעבן פון זיין שווער ע״ה מיטהעלפן אים פירן די ליי־קאַסע.

דעם 28־טן פעברואַר 1956, אויף אַ זיצונג וועגן דער ליי־קאַסע, גיט איבער ה׳ יחיאלי, אַז דער קאַפּיטאַל פון קאַסע באַשטייט:

| | | |
|---|---|---|
| אין באַנק „אוצר עממי״ | 8460.80 | ל״י |
| אין „בנק דיסקונט״ | 875.74 | ״ |
| וועקסלען | 2342.75 | ״ |
| סה״כ | 11679.29 | ל״י |

לעצטנס דערהאַלטן פון לאָס־אַנזשעלעס 1000 ל״י.

אין חודש פעברואַר זענען געגעבן געוואָרן 12 הלוואות אויף אַ סומע פון 2,431 ל״י.

דער לעצטער יערלעכער באַריכט פון ה. פּשעטיצקי ז״ל האָט געלויטעט:

אין פאַרלויף פון יאָר, ביז סעפּטעמבער 1955, זענען געגעבן געוואָרן 116 הלוואות אויף אַן אַלגעמיינער סומע פון 20,900 ל״י. דער קאַפּיטאַל איןביידע בענק, נאָכן דערליידיקן די אַלטע חובות, איז 9,000 ל״י. פאַרשטייט זיך, אַז די באַדערפענישן זענען פיל גרעסער.

די פאַרוואַלטונג באַשליסט צו שאַפן אַן אינערלעכן פאָנד אויף צו פאַרגרעסערן דעם קאַפּיטאַל פון דער ליי־קאַסע. אויפן אָרט שפּענדן די חברים פון דער פאַרוואַלטונג 105 ל״י און מ׳באַשטימט פאָרצוזעצן די באַשטייערונג מיט אַ יערלעכן אָפּצאָל.

אין אַפּריל 1956 ווערט איבערגעגעבן דעם רעדאַקטאָר, ה׳ דוד שטאָקפּיש, ער זאָל אָנהייבן זאַמלען מאַטעריאַל פאַרן „ספר יזכור״. מיר באַשטימען דאַן די אויפגאַבן פון „בית וישקוב״, וואָס זאָל דינען אַלע באַדערפענישן פון די לאַנדסלייט אין ישראל — סיי אַלס מאָנומענט, סיי פאַר דער טעטיקייט פון פאַרבאַנד. די איינקונפטן וועלן דינען דער ליי־קאַסע און סאָציאַלע אויסגאַבן. דער פּלאַן פון דער „בית וישקוב״ קאָמיסיע, בראש מיטן ה׳ ווילנער, לויטעט: די קאָסטן וועלן באַטרעפן 10,000 דאָלאַר, דאָס בויען ביז 8,000 דאָלאַר. אין אויגוסט 1956 ווערן אויפגעמאָנט אַלטע חובות. די חברים פון דער פאַרוואַלטונג שאַפן אַ ספּעציעלן אינערלעכן פאָנד.

דער באַריכט פון די 7 מאָנאַטן 1956 (פעברואַר—סעפּטעמבער): מיטגלידס־אָפּצאָל — 371 ל״י, ספּעציעלער פאָנד — 1230 ל״י, הלוואות — 10,400 ל״י.

יולי 1956 פאָרט ה׳ פאַרבשטיין צום צווייטן מאָל קיין לאָס־אַנזשעלעס. ער פאַרהאַנדלט מיט די פאַרבאַנדן אין ניו־יאָרק און לאָס־אַנזשעלעס וועגן יזכור־בוך און וועגן באַקומען מאַטעריאַלן פון ייוו״אָ. אויף דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, סעפּטעמבער 1956, גיט אָפּ אַ באַריכט ה׳ דוד שטאָקפּיש וועגן זיינע שריט צו זאַמלען מאַטעריאַלן און צוגרייטן צום דרוק דעם „ספר וישקוב״. אויף דער קאָנסטיטואירונגס־זיצונג ווערט געוויילט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַרן יזכור־בוך: קאַלוסקי ישראל, שטעלונג מנחם, ווילענסקי ירחמיאל, יחיאלי פּנחס און פאַרבשטיין משה. פּאָרזיצער — קאַלוסקי ישראל. וויצע־פּאָרזיצער — שטעלונג מנחם. קאַסע־קאָמיסיע: קאַלוסקי, שטעלונג, ווילנער. סעקרעטאַר — פאַרבשטיין משה. קאַסירער — יחיאלי פּנחס. בוי־קאָמיסיע — שטעלונג, ווילנער, מיטלסבאַך. פּראָטאָקאָלן־סעקרעטאַר — ווילענסקי. קאָנטראָל־קאָמיסיע: יאַניש יוסף, ראַכמאַן בינה.

אין די חדשים יאַנואַר—אַפּריל 1957 זענען עולה קיין ישראל פיל ווישקאָווער. דער קאָמיטעט באַשטימט צו געבן יעדן פון זיי די סומע פון 20 ביז 40 ל״י. די בוך־קאָמיסיע באַהאַנדלט די פראַגע פון געלט, פּאַפּיר, רעדאַקציע. ס׳ווערט באַשטימט אַ ספּעציעלע אינערלעכע זאַמלונג פאַרן בוך, כדי נישט באַלעסטיקן מיט די אויסגאַבן די ליי־קאַסע. אַ ספּעציעלער צירקולאַר צו אַלע לאַנדסלייט פאָדערט שיקן מאַטעריאַלן און אַ באַשטייערונג. ה׳ יחיאלי נעמט אונטער אַן אַקציע אויפצומאָנען חובות פון די הלוואות, וואָס איז געווען פאַרנאַכלעסיקט די גאַנצע צייט.

צוליב דער קראַנקהייט פון פּאָרזיצער קאַלוסקי, אַמטירט מ. שטעלונג אַלס פּאָרזיצער. צוליב דער אָפּוועזנהייט פון סעקרעטאַר פאַרבשטיין, פאַרטרעט אים יחיאלי, שפּעטער — ווילענסקי. דעם 26־טן יוני 1957 קומט ה׳ פאַרבשטיין צוריק קיין ישראל. אויף אַ ספּעציעלער זיצונג אין הויז פון ה׳ שטעלונג, גיט ער אָפּ אַ באַריכט פון די ווישקאָווער פאַרבאַנדן אין ניו־יאָרק און לאָס־אַנזשעלעס: זיי האָבן שוין אין באַנק 6,000 דאָלאַר און נאָך 4,000 דאָלאַר וועט איינפליסן אין דער נאָענטסטער צייט. די ווישקאָווער אין ניו־יאָרק וועלן פינאַנסירן דעם „ספר יזכור״ און דעם „בית וישקוב״. דער „אויפבוי־קלוב״ האָט שוין עטלעכע הונדערט דאָלאַר פאַרן יזכור־בוך.

דעם 4־טן יולי 1957 קומט פאָר אַ פאַרוואַלטונג־זיצונג אין הויז פון בינה ראַכמאַן. משה פאַרבשטיין גיט איבער, אַז ער פאָרט צוריק קיין אַמעריקע אויף אַ לענגערע צייט. ער וויל, אַז ביז זיין פאָרן זאָלן מיר קויפן אַ פּלאַץ פאַרן „בית וישקוב״. אויך דאַרפן מיר באַשטימען אַ סעקרעטאַר און קאַסע־קאָמיסיע, צוליבן אָפּפאָרן פון דריי פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער קיין אויסלאַנד: קאַלוסקי — קיין אייראָפּע, שטעלונג — קיין אַרגענטינע, פאַרבשטיין — קיין אַמעריקע. לייב האָלצמאַן (פון אַרגענטינע), וועלכער האָט אָנטייל גענומען אין דער זיצונג, פאַרזיכערט דעם צושטייער פון ביידע ווישקאָווער פאַרבאַנדן אין אויפשטעלן די מאָנומענטן אין ישראל.

ס׳ווערט געוויילט אַ קאַסע־קאָמיסיע: ווילנער אברהם, ראַכמאַן בינה און פּאָסטאָלסקי מאיר. אַלס סעקרעטאַר — ווילענסקי ירחמיאל. צו דער בוי־קאָמיסיע ווערט צוקאָאָפּטירט ה׳ פאַרבשטיין, און זיי פאַרפליכטן זיך אין פאַרלויף פון 2 וואָכן צו קויפן אַ פּלאַץ. אָבער די לאָס־אַנזשעלעסער ווילן וואַרטן ביזן אָנטייל פון אַרגענטינע און ניו־יאָרק אין דאָזיקן פּלאַן. פון ניו־יאָרק שרייבט מען אונדז, אַז די אָרטיקע חברה תהלים וויל דורכאויס, אַז אין „בית וישקוב״ זאָל זיך אויך געפינען אַ שול צום דאַווענען, דאַן וואָלטן זיי זיך באַשטייערט פאַרן דאָזיקן פּלאַן. מיר באַשליסן דאַן אָפּצוּוואַרטן מיטן „בית וישקוב״ און פאַרשטאַרקן די אַרבעט פאַרן יזכור־בוך.

יולי 1957 אָרדענען מיר איין אַן אָפּשיידס־אָוונט לכבוד דעם אַרויספאָר פון מ. שטעלונג קיין אַרגענטינע. ער באַקומט די פולמאַכטן פון אירגון צו פאַרהאַנדלען מיטן פאַרבאַנד אין בוענאָס־איירעס וועגן יזכור־בוך און „בית וישקוב״, ווי אויך פאָרזעצן די באַמיאונגען פון סעקרעטאַר ווילענסקי צו פאַראייניקונג — זאָלן זיי זיך פאַראייניקן אין די פראַגן פון דעם יזכור־בוך (וואָס טראָגט נישט קיין פּאָליטישן כאַראַק־

טער). ער דערפילט די דאָזיקע שליחות געוויסנהאַפט, הגם זיין וויזיט טראָגט אַ פּריוואַטן כאַראַקטער. אויף אַן אויפנאַמע לכבוד אים, ווערט באַשטימט אַ זאַמל־אַקציע פון 5000 דאָלאַר פאַרן בוך און דעם הויז. אויך זיינע באַמיאונגען פאַר אַ פאַראייניקונג האָבן געגעבן פרוכטן.

### אָנהייב פון דער פאַרווירקלעכונג

דאָס יאָר 1958 איז דער אָנפאַנג פון פאַרווירקלעכן די צוויי גרויסע אונטערנעמונגען. מערץ 1958 קומט קיין ישראל אונדזער בן־עיר הרב בראַנשטיין, אַלס דעלעגאַט פון אַמעריקאַנער יידישן רעטונגס־קאָמיטעט, אויף זיין וועג צו יידישן קינדער אין פוילן, געבוירענע אין די מלחמה־יאָרן. ער באַריכטעט אונדז וועגן דער באַגייסטערונג פון די ווישקאָווער אין ניו־יאָרק בנוגע די מאָנומענטן אין ישראל און אַז די ניו־יאָרקער וועלן זאַמלען פיל מער ווי דער פאַרבאַנד אין לאָס־אַנזשעלעס. ס׳קומט דאַן קיין ישראל אַ גרעסערע דעלעגאַציע פון די פירער און גרינדער פון פאַרבאַנד אין לאָס־אַנזשעלעס. מיר האַלטן אָפּ מיט זיי עטלעכע זיצונגען, געווידמעט דעם קאַסע־באַריכט, וואָס לויטעט:

אין פאַרלויף פון יאָר 1957 זענען געגעבן געוואָרן 120 הלוואות אויף אַן אַלגעמיינער סומע פון 23 טויזנט פונט. דער קאַפּיטאַל:

| | | |
|---|---|---|
| אין די בענק | 10,020.— | ל״י |
| וועקסלען | 1,811.— | ״ |
| פאַרלעגענע חובות | 97.— | ״ |
| יזכור־בוך | 111.— | ״ |
| שטיצע אין פאָרם פון הלוואות | 350.— | ״ |
| סה״כ | 12,389.— | ל״י |
| פון באַשטייערונגען און מיטגלידס־אָפּצאָל | 2,306.— | ל״י |
| אויסגאַבן און אונטערשטיצונג | 2,306.— | ״ |
| פאַרכאַלענע חובות | 401.— | ״ |

די דאָזיקע סומען שטעלן נישט צופרידן די לאַנדסלייט, וואָס זייערע ביטעס אויף הלוואות ווערן נישט באַשטעטיקט. די פאַרוואַלטונג נעמט אונטער אַן אַקציע צו פאַרגרעסערן די ליי־קאַסע מיט נאָך 5000 ל״י, מעגלעך מיט דער הילף פון ניו־יאָרק. די בוי־קאָמיסיע האַלט אָפּ עטלעכע זיצונגען מיט די דעלעגאַטן, אויך די קאָמיסיע פאַרן יזכור־בוך. זיי באַקענען זיך מיט דער פאַרצווייגטער אַרבעט און באַדערפענישן פון פאַרבאַנד אין ישראל. דעם 29־טן אַפּריל 1958 אָרדענען מיר פאַר זיי איין אַ פייערלעכע אויפנאַמע אין „בית סוקולוב״, מיט באַגריסונגען לכבוד די גרינדער און טוער פון די ווישקאָווער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע. ס׳קומט אויך פאָר אַ דיסקוסיע וועגן די ווייטערע צילן פון אונדזער טעטיקייט. צום שלוס ווערט פייערלעך פאַרזיכערט מצד אַלע דעלעגאַטן פון לאָס־אַנזשעלעס, צו פאַרווירקלעכן דאָס בויען דעם „בית ווישקוב״ און איבערשיקן די סומע פון 10,000 דאָלאַר פאַר דעם צוועק.

די טעטיקייט פון פאַרבאַנד ווערט אָפּגעשוואַכט, נאָכן אַנולירן דעם קאָנטראַקט פון קויפן דעם „בית ווישקוב״ אויף רחוב ברנר. ה׳ קאַלוסקי איז דאַן שווער קראַנק און נעמט נישט אַנטייל אין די וועכנטלעכע זיצונגען. דער קאַסירער ה׳ יחיאלי געפינט זיך אין אייראָפּע און ה׳ שטעלונג אַמטירט אויך אַלס לייטער פון דער ליי־קאַסע. די אַרבעט פאַרן יזכור־בוך טרעפט אָן אויף גרויסע שוועריקייטן. מיר רופן אַ גרעסערע פאַרזאַמלונג פון די טעטיקע לאַנדסלייט. די צוקאָאָפּטירטע מיטגלידער באַקומען די מיסיע, יעדער אין זיין געגנט: אַלענבערג — אין חיפה; פרוי גאָלדבאַרשט — אין נתניה; מיטלסבאַך — אין פתח־תקוה. דער עיקר — זאַמלען מאַטעריאַלן און געלט פאַרן יזכור־בוך. ווילענסקי ווערט באַשטימט צו אָרגאַניזירן די געלט־זאַמלונג און שאַפן דעם פאָנד פאַרן בוך. אַלס וויצע־סעקרעטאַר ווערט באַשטימט ה׳ בראַק בנימין־חיים, געוועזענער סעקרעטאַר פון „החלוץ״ אין ווישקאָוו. ס׳ווערט געעפנט אַ ספּעציעלע קאָנטע אין באַנק הפועלים פאַרן פאָנד פון יזכור־בוך און „בית ווישקוב״. מיר באַקומען אויך נייע מאַטעריאַלן פאַרן בוך.

מיר פאַרשטענדיקן זיך מיטן פאַרבאַנד פון פוילישע יידן און זיי שטעלן צו אונדזער דיספּאָזיציע זייער זאַל אויף בן־יהודה גאַס 100. דאָרט האַלטן מיר אָפּ אונדזערע זיצונגען. דער סעקרעטאַר נעמט אויף די לאַנדסלייט צוויי מאָל אין וואָך, אין די אָוונט־שעהן.

### דער ציל — אַן אייגענע גמילות־חסד קאַסע

די רעאָרגאַניזירונג פון קאָמיטעט, אונטערן פאָרזיץ פון מנחם שטעלונג, ברענגט אַריין באַנייאונג און פאַרברייטערונג פון דער טעטיקייט אויף אַלע געביטן.

דער פּראָגראַם פאַרן יאָר 1959 לויטעט:

1. פאַרגרעסערן די ליי־קאַסע און שאַפן אַן אייגענע גמילות־חסד קאַסע, כדי אויסבעסערן די פעלערהאַפטע טעטיקייט פון דער ליי־קאַסע, וואָס האָט געהאַט שאָדנס צוליב די באַנק־אויסגאַבן, אומצופרידנהייט פון די לאַנדסלייט, וואָס יעדע אומפּינקטלעכקייט אין צאָלן די ראַטעס פלעגט זיי אַריינטרייבן אין גרויסע קאָסטן (פאַר יעדן בריוו — 2 ל״י, אויסער פּראָצענטער א.א.וו.). דאָס אַלץ האָט די באַנק אַראָפּגערעכנט פון קאַפּיטאַל פון פאַרבאַנד, וואָס פלעגט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדער הלוואה. פיל מאָל איז דאָס אויפמאָנען די חובות געווען אומעגלעך, ווייל מ׳האָט אונדז געמאָלדן ווען יענער איז שוין געווען אין אויסלאַנד, אָדער אַנדערע סיבות. אויך האָט די גמילות־חסד קאַסע פאַרשפּאָרט די לאַנדסלייט איבערצולאָזן אין באַנק אַ טייל פון זייער הלוואה אַלס מיטגלידס־אָפּצאָל, באַנק־פּראָצענט און אַנדערע אויסגאַבן. אָנשטאָט דעם צאָלן זיי מיטגלידס־אָפּצאָל דעם פאַרבאַנד — 10 ל״י פון יעדער הלוואה אויף 200 ל״י. ווען זיי ווענדן זיך צו דער קאַסע־קאָמיסיע אָפּצולייגן דאָס צאָלן אַ ראַטע אויף שפּעטער, קאָסט דאָס נישט קיין שום געלט. דער קאַסע־לייטער, ה׳ יחיאלי, באַקומט דעם אויפטראַג אויסצואַרבעטן דעם נייעם פּראָגראַם און קומען אין קאָנטאַקט מיט דער באַנק הדואר (פּאָסט־באַנק) און אַריבערפירן דאָס געלט פון „אוצר עממי״ אין באַנק הדואר.

מיר שאַפן דעם פרויען־קאָמיטעט, וועלכער העלפט אונדז אין די אַרבעטן פון פאַרבאַנד, ווי: סאָציאַלע הילף, זאַמל־אַקציעס, אויפנעמען לאַנדסלייט, פאַרשידענע טעכנישע אַרבעטן, אָרגאַניזירן אויפנאַמעס פאַר געסט און פאַרשידענע פייערלעכקייטן.

מיר באַקומען פאַרן בוך גרעסערע אַרבעטן פון ניו־יאָרק, לאָס־אַנזשעלעס, אַרגענטינע. ה׳ ווילענסקי גיט איבער די סומע פון 3,000 ל״י (פאַר נעקראָלאָגן) פון ניו־יאָרק, לאָס־אַנזשעלעס, און פון ישראל — איבער 2,000 ל״י, אַלס אַ קאַנטע אויף גרעסערע פאַרפליכטונגען. פאַר דעם געלט קויפט מען פּאַפּיר פאַרן ספר, אויף אַ סומע פון קאַרגע 5,000 ל״י.

עס איז אויסגעוויילט געוואָרן פאָלגנדיקע פאַרוואַלטונג: אברהם מיטעלסבערג — פרעזידענט; יחזקאל פאַראָווער — וויצע־פרעזידענט; שמואל גמרה — פינאַנס־סעקרעטאַר; מאָריס טאַפּפעל — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר און שמואל ווידעלעץ — קאַסירער.

דער הויפּט־צוועק פון דער נייער ווישקאָווער אָרגאַניזאַציע איז געווען צו שטיצן מאָראַליש און פינאַנסיעל די נאָר־וואָס געקומענע „גרינע" לאַנדסלייט. מיט דער צייט האָבן די מיטגלידער זיך איינגעאָרדנט אין נייעם לאַנד און אַריבערגעבראַכט זייערע פאַמיליעס. דאַן זענען אַנטשטאַנען נייע פּראָבלעמען, ווי די נויטווענדיקייט צו באַזאָרגן מיט מעדיצינישער הילף, שאַפן אַ בית־הקברות א.א. אגב האָבן מיר דעמאָלט געהאַט אַלס אַ יערלעך־אָנגעשטעלטן דאָקטאָר, וואָס האָט געגעבן פרייע מעדיצינישע הילף די מיטגלידער, דעם גוט־באַקאַנטן כלל־טוער ד"ר נתן ראַטנאָוו. ער האָט שפּעטער פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין ירושלימער אוניווערסיטעט. ד"ר ראַטנאָוו איז אויך אַ לאַנגע צייט געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין ווישקאָווער פאַראיין.

דער אַלטער ווישקאָווער אונטערשטיצונגס־פאַראיין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1896, האָט שוין געהאַט אַן אייגענעם בית־הקברות און פינאַנסיעל איז ער געווען בעסער אַוועקגעשטעלט. צו דעם אַלטן ווישקאָווער פאַראיין האָבן געהערט די סאַמע ערשטע אימיגראַנטן פון אונדזער שטעטל. איינער פון זיי איז געווען דער פאַרשטאָרבענער דוד פיינגאָלד, וועלכן אַ טייל פון אונדז געדענקען נאָך ביזן הייַנטיקן טאָג. אַ סברה, אַז נאָך פריער, פאַרן אַלטן פאַראיין, איז געשאַפן געוואָרן אַן ערשטע ווישקאָווער חברה אונטערן נאָמען „עזרת אחים". אַזוי האָט דערציילט אונדזער פאַרשטאָרבענער לאַנדסמאַן חיים אהרן יאָסקאָוויטש, וועלכער איז אויך געווען וויצע־פרעזידענט פון דער חברה. אָבער „עזרת אחים" האָט עקזיסטירט בלויז אַ קורצע צייט.

די נייע אויפגאַבן האָבן דערפירט צו דער פאַראייניקונג פון ביידע אָרגאַניזאַציעס: דעם אַלטן ווישקאָווער פאַראיין פון 1896 און דעם נייעם פאַראיין פון 1904. די פאַראייניקונג איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין מאַי 1906. דאָס פאַרמעגן פון דער נייער פאַראייניקטער אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון פיר הונדערט און אַכט דאָלאַר מיט 31 סענט. די צאָל מיטגלידער איז געווען צוזאַמען 142. די פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן צו זאָרגן מאַטעריעל פאַר אירע מיטגלידער און באַשטימט די סומע פון זעקס דאָלאַר אַ וואָך הילף אין פאַל פון אַ קראַנקהייט, אַ חוץ דער שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע.

אונדזער ווישקאָווער פאַראיין איז דאַן אויך געווען פון די ערשטע לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט אָנגעהויבן זאָרגן פאַרן קולטור־מצב פון די מיטגלידער. דער פאַראיין האָט געקעמפט קעגן דער דייטשמערישקייט, וואָס האָט זיך דעמאָלט אַרייַנגעכאַפּט אין די יידישע פאַראיינען, סיי אין דער פירונג און סיי אין דער שפּראַך גופא, מיט וועלכער מען האָט גערעדט אויף די פאַרזאַמלונגען. מיר זענען געווען כמעט די איינציקע, וואָס האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז דער סטאַטוט פון אונדזער פאַראיין זאָל אָנגעשריבן ווערן אין אַ גוטן, ריינעם יידיש. פאַר דעם צוועק האָבן מיר אַנגאַזשירט דעם דעמאָלט באַקאַנטן יידישן זשורנאַליסט יעקב פפעפער, וואָס האָט אָנגעשריבן אונדזער סטאַטוט, וועלכן מיר האָבן ביזן הייַנטיקן טאָג (מיט קליינע ענדערונגען). דאָס איז געווען להיפוך צו די סטאַטוטן פון אַנדערע פאַראיינען, געשריבן אין אַ געמישטן דייטשמערישן לשון.

די פירער פון אונדזער פאַראיין האָבן אויך באַקעמפט די דעמאָלטיקע אַפּיקורסישע באַוועגונגען און מיאוסע מינהגים, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף דער יידישער גאַס אין ניו־יאָרק. מיר האָבן נישט געלאָזט אונדזערע לאַנדסלייט מיטמאַכן די פריילעכע הוליאַנקעס אין יידישן נאַציאָנאַלן טרויער־טאָג, אין תשעה־באב. מיר האָבן אויך נישט דערלאָזט איינפירן ביי אונדז דעם אָפּשטויסנדיקן מינהג פון פּראַווען אַ סעודה נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם מיטגליד א.א.וו.

.3

נאָכן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, האָט דער ווישקאָווער פאַראיין זיך שטאַרק באַטייליקט אין אַלע מלחמה־אַקטיוויטעטן: אינוועסטירט געלט אין די „ליבערטי־באָנדס", אין די אָפּשפּאָרונגס־מאַרקעס, בייגעשטייערט באַדייטנדיקע סומעס פאַר דעם רויטן קרייץ און אויך פאַר דער הילפס־אַרבעט לטובת די מלחמה־געליטענע אין אייראָפּע. דער פאַראיין האָט אויך געהאָלפן די מיטגלידער, וואָס זענען אַוועק אין דער אַרמיי. צוליב דער מלחמה האָט זיך דאַן ליקווידירט די יונגע אָרגאַניזאַציע „די ווישקאָווער יאָנגמען" וואָס האָט זיך געהאַט געשאַפן און זיך אָנגעשלאָסן אין פאַראייניקטן ווישקאָווער פאַראיין. אויסער די צוגעקומענע „יאָנגמען", זענען צוגעטרעטן נייע מיטגלידער. אונדזער פאַראיין האָט געדונגען אַ גרעסערן זאַל פאַר פאַרזאַמלונגען. אין יענער צייט האָט דער ווישקאָווער פאַראיין אויך אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיט דעם אַלגעמיינעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע. לויט אונדזערע פינאַנסיעלע כוחות, האָבן מיר געשטיצט אַ ריי וויכטיקע אינסטיטוציעס און אַקציעס. מיר האָבן, אין איין פאַל, אויך געגעבן הילף דער אָרגאַניזאַציע פון העמדער־אַרבעטער, וואָס זענען אַרויס אין אַ שטרייק.

באַזונדערס האָט אונדזער פאַראיין זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַרבעט לטובת די ווישקאָווער מלחמה־געליטענע פון יענער צייט. מיר האָבן צונויפגעזאַמלט צווישן די מיטגלידער טויזנטער דאָלאַר. און גלייך נאָך דער מלחמה איז אונדזער לאַנדסמאַן בעני דאָבריס געפאָרן אַלס אונדזער ספּעציעלער שליח צו ברענגען הילף דער פאַראָרעמטער יידישער באַפעלקערונג אין ווישקאָוו. מיר האָבן אויך אָנטיילגענומען אין גרינדן (בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה) דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, וואָס האָט דאַן אָנגענומען די היסטאָרישע רעזאָלוציע מיט דער פאָדערונג אויפצוריכטן די יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. אונדזערע דעלעגאַטן אין אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס זענען געווען די לאַנדסלייט בעני דאָבריס און פאַול קרעמער. פאַר דער אויסגעברייטערטער טעטיקייט פון ווישקאָווער פאַראיין, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן, פאַרדינט אַ סך אָנערקענונג דער פרעזידענט מאָריס טאַפּפעל, וואָס איז צום ערשטן געוויילט געוואָרן אויף דעם אַמט אין יאָר 1914.

.4

איינע פון די סיבות, וואָס האָט געשטויסן צו גרינדן לאַנדסמאַנשאַפטן־פאַראיינען אין ניו־יאָרק, איז געווען — ווי שוין דערמאָנט — דאָס פּראָבלעם פון אַ בית־הקברות. אויב אין די קליינע שטעטלעך איז נאָך מעגלעך אַן אַלגעמיינער בית־הקברות, ווי אין דער אַלטער היים, איז עס אין ניו־יאָרק, צוליב דער געמישטער יידישער באַפעלקערונג, נישט מעגלעך. אונדזער ווישקאָווער פאַראיין האָט אין די

ערשטע יאָרן פאַרמאָגט אַ קליינעם בית־עולם, ווי אַ טייל פון דעם „הר ציון" בית־עלמין אַרום ניו־יאָרק. אין יאָר 1911 האָט דער פאַראיין געקויפט אַ גרעסערן שטח אויף דעם בית־עולם „הר חברון". צוליבן מאַנגל אין געלט, האָבן מיר ביזן יאָר 1923 נישט געשטעלט קיין גדר אַרום דעם נייעם בית־עולם. דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט מאַקס באַסלאַוו איז ענערגיש צוגעטרעטן צו דעם ענין. אין 1923 איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ ספּעציעלער גדר־קאָמיטעט וואָס האָט דעם פּלאַן פאַרווירקלעכט. דער ענין איז אַזאַ וויכטיקער, אַז ביזן היינטיקן טאָג זענען די ווישקאָווער לאַנדסלייט דאַנקבאַר דעם קאָמיטעט פאַר דער גוטער אַרבעט, וואָס ער האָט געטאָן אויפצושטעלן דעם גדר און אויך מיטן באַרייכערן (ביי דער געלעגנהייט) די קאַסע פון פאַראיין מיט זעקס הונדערט דאָלאַר.

דער דערפאָלג ביים דורכפירן די אַרבעט אַרום דעם גדר האָט געפירט צום געדאַנק צו זאָרגן נישט בלויז פאַר די טויטע, נאָר אויך — טאָן נוצלעכע אַרבעט פאַר די לעבעדיקע. געווען אַן איניציאַטיוו אויפצושטעלן אַן אייגענע געביידע, אַ „ווישקאָווער צענטער" אין ניו־יאָרק, ווו אַלע לאַנדסלייט זאָלן זיך גרופּירן און פירן געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אַזאַ שטימונג האָט דאַן בכלל געהערשט אין יידישן לעבן אַ דאַנק דעם גוטן עקאָנאָמישן צושטאַנד און דער וואַקסנדיקער כלל־אַרבעט. כדי צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן וועגן אַ „ווישקאָווער צענטער", האָט אונדזער פאַראיין אַנטוויקלט אַ גרויסע טעטיקייט. דער דאָזיקער פּעריאָד איז דער שענסטער און אינטערעסאַנטסטער אין לעבן פון דער ווישקאָווער לאַנדסלייט.

.5

עס האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן אינערלעכע סיכסוכים. אַ טייל גרויסע באַשטייערער האָבן שטילערהייט גענומען אַגיטירן קעגן דעם פּלאַן. אין מאַי 1925 איז אַרויסגערוקט געוואָרן דער פאָרשלאַג אויפצולייזן דעם בוי־פאָנד, וועלכן מיר האָבן שוין געהאַט צונויפגעזאַמלט. עס זענען אומגעקערט געוואָרן די געלטער צו די אינדיווידועלע מנדבים. אָבער פון די פאַרשידענע אונטערנעמונגען, וואָס מיר האָבן געהאַט איינגעאָרדנט פאַר דעם בוי־פאָנד, זענען עטלעכע טויזנט דאָלאַר געבליבן אין דער קאַסע פון פאַראיין.

בעת דעם עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע, נאָכן יאָר 1929, האָט אונדזער פאַראיין נישט אָפּגעשטעלט זיין הילפס־אַרבעט פאַר די ווישקאָווער לאַנדסלייט און פאַר אונדזער היימשטעטל גופא. דער פאַראיין האָט פינאַנסיעל געהאָלפן זיינע מיטגלידער און פלעגט ווייטער איינאָרדענען פרייע חנוכה־קאָנצערטן און אַנדערע פאַרוויילונגען פאַר די מיטגלידער און זייערע משפחות.

אויך בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אונדזער פאַראיין אָנגעפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. מיר האָבן געקויפט פאַר דרייסיק טויזנט דאָלאַר רעגירונגס־באָנדס. הונדערט יונגעלייט פון אונדזערע מיטגלידער זענען געווען אין דער אַרמיי. מיר האָבן זיך באַטייליקט מיט אונדזערע באַשטייערונגען אין פאַראייניקטן יידישן אַפּיל און אין די אַקציעס פאַר דער הסתדרות, האַיאַס, ישיבות א. א.

איצט דערפילן מיר ווייטער אונדזערע פליכטן פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט. אמת, מיר טיילן דעם גורל פון די אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס, ווו דער עלטערער עלעמענט איז דער רוב מנין ובנין, און דער יונגערער דור קומט נישט צו — כאָטש מיר האָבן געמאַכט גרויסע אָנ־שטרענגונגען און אַ סך הוצאות אַריינצוציען די יונגע כוחות — אָבער אָן דערפאָלג. מיר קאָנען בלויז זאָגן מיט צופרידנקייט, אַז אין אונדזער ווישקאָווער פאַראיין צייכענען מיר זיך אויס מיט דעם, וואָס ביי אונדז איז שטאַרק פאַרוואָרצלט דער יידיש־נאַציאָנאַלער גייסט און די צוגעבונדנקייט צו די יידישע טראַדיציעס, וואָס מיר האָבן געבראַכט פון דער אַלטער היים.

ווי פריער, באַטייליקן מיר זיך ווייטער אין די קאַמפּיינס פאַרן פאַראייניקטן יידישן אַפּיל, הסתדרות, „האַיאַס", פאַר די ישיבות אין ניו־יאָרק א. א. מיר זענען באַזונדערס צופרידן דערפון, וואָס אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט האָט לויט אירע כוחות צוגעטראָגן אַ ציגל צום בנין פון דער יידישער מדינה. מיר האָבן דורכן פאַראייניקטן יידישן אַפּיל צוגעשטעלט דעם פאָנד פאַר אויסבויען אַ וווינונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אונדזער ווישקאָווער לאַנדסמאַנשאַפט.

אַזוי באַמיען מיר זיך מיט אַלע כוחות אויפצוהאַלטן די שיינע טראַדיציעס פון אונדזער ווישקאָווער פאַראיין אין ניו־יאָרק, זינט זיין גרינדונג — ביז היינט־צו־טאָג.

.6

אַ באַזונדערער איבערבליק דאַרף ביי דער געלעגנהייט געגעבן ווערן וועגן דער טעטיקייט פון דעם אַלגעמיינעם פאַראייניקטן ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1918, אויף דער איניציאַטיוו פון אונדזער ווישקאָווער פאַראיין אין ניו־יאָרק. ווי אין אונדזער גאַנצער אַרבעט, האָבן מיר אויך אין דער טעטיקייט פון אונדזער פאַראייניקטן ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט אָפּגעהיטן די אַלטע שיינע טראַדיציעס, אין וועלכע מיר זענען אויפגעוואַקסן. מיר האָבן געטאָן אונדזער הילפס־אַרבעט באַשיידן, אָן טומל, און דערביי תמיד געדענקט וואָס מיר האָבן געלערנט אין די חדר־יאָרן, אַז „לא על הלחם לבדו יחיה האדם". מיר האָבן געהאָלפן די נויטבאַדערפטיקע אין אונדזער היים־שטעטל, ווען מיר האָבן זיי געקאָנט העלפן און מיר האָבן געשטיצט די ישיבה „בית יוסף" און אַנדערע אַנשטאַלטן אין ווישקאָוו, ווען זיי זענען נאָך דאָרט געווען.

גלייך ווי אונדזער פאַראייניקטער הילפס־קאָמיטעט איז געגרינדעט געוואָרן, האָבן מיר אָנגעהויבן אַן ענערגישן און טיכטיקן קאַמפּיין — און געזאַמלט טויזנטער דאָלאַר. אין יאָר 1920 האָט דער קאָמיטעט, ווי דערמאָנט, געשיקט דעם


ווישקאָווער פרויען־פאַרבאַנד אין ניו־יאָרק
אירגון נשים של יוצאי וישקוב בניו־יורק

לאַנדסמאַן בעני דאָבריס אַלס ספּעציעלן דעלעגאַט צו ברענגען און פאַרטיילן הילף צווישן די נויטליידנדיקע יידן אין ווישקאָוו. מיר זענען אָנגעגאַנגען מיט אונדזער הילפס־אַרבעט ביז די לאַגע האָט זיך עטוואָס סטאַביליזירט אין דעמאָלטיקן

פוילן און די ווונדן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אַ ביסל פאַרהיילט געוואָרן. די טעטיקייט פון ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט איז דאַן אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אָבער נישט אויף לאַנג.

אין די יאָרן 1927—1928 האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן טראָגן הילפס־רופן פון שטעטל. אונדזער קאָמיטעט האָט דערהאַלטן אַ צאָל טרויעריקע בריוו פון דער ווישקאָווער קהילה, פון די באַזונדערע אינסטיטוציעס און אויך פון סתם יידן אין שטעטל, וואָס האָבן זיך באַקלאָגט אויף זייער מצב. זיי האָבן דערציילט, אַז נויט און דחקות פאַרשפּרייטן זיך ווידער צווישן די יידן אין שטעטל. די ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע לאַגע פון די יידן אין פוילן איז דאַן געוואָרן אַ קריטישע, אין לאַנד זענען אויסגעבראָכן מאַסן־אומרוען קעגן יידן. די יידישע פרנסות האָבן זיך שטאַרק אַ וואַקל געטאָן.

די אָנפירער און טוער פון פאַראייניקטן ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט זענען דאַן גלייך צוגעטרעטן צו ענטפערן אויף די הילפס־רופן פון אונדזער שטעטל. בראש פון הילפס־קאָמיטעט האָבן זיך דאַן געפונען די אַקטיווע טוער: מאָריס טאַפּפּעל — פּאָרזיצער, פרוי טשעכאַנאָוו — וויצע־פּאָרזיצערין; שמואל ווידעלעץ — קאַסירער; לעאָ טשערנין — פינאַנס־סעקרעטאַר, בעני צימערמאַן — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר. צום עקזעקוטיוו־קאָמיטעט האָבן געהערט: דזשייק זילבערשטיין, מאַקס האָלאַנד, וויליאַם ראַדזימינסקי, אייזיק בענגאַל, רחל ראַדזימינסקי, פּאַול קרעמער, פרוי מאַלי פּאַראַווער, מאָריס בערנשטיין, אברהם גאָלדשטיין, משה באָרנשטיין, דזשייקאָב זשעלאָנקאַ, מאָריס לעווי, אברהם אַלדאָק, חיים־אהרן יאַקובאָוויטש, אברהם גאָלדמאַן און סעם יאַגאָדאַ. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ טעאַטער־אונטערנעמונג און אָנגעפירט אַן ענערגישן קאַמפּיין. אין אַ קורצער צייט איז געזאַמלט געוואָרן אַ גרעסערע סומע, מיט וועלכער מיר האָבן געהאָלפן דער גמילות־חסדים־קאַסע, דער ישיבה, תלמוד־תורה, ביקור חולים און הונדערטער משפחות אין ווישקאָוו.

7

אונדזער פאַראייניקטער ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט האָט זיך נאָך פריער געווענדעט צו דער קהילה אין ווישקאָוו מיטן פאָרלאַנג, אַז ס'זאָל דאָרט געשאַפן ווערן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן אַלע טיילן פון דער יידישער באַפעל־קערונג, אַזוי, אַז די געזאַמלטע געלטער זאָלן פאַרטיילט ווערן פאַר די געהעריקע צוועקן אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן. אַזאַ פאַראייניקטער קאָמיטעט איז קאָנסטיטואירט געוואָרן דורך דער קהילה אין ווישקאָוו, און אונדזער ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק האָט דערהאַלטן וועגן דעם אַן אָפיציעלע מיטטיילונג. צו דעם קאָמיטעט אין ווישקאָוו האָבן געהערט: משה אָרסטי, משה פּשעמיאַראָווער, יעקב גמרא (געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק), יוסף בינדוסקי, משה שטערן, יהודה־יוסף מאַלטשיק, הערשל באָרשטיין, ניסן בזשעשינסקי, יצחק־בער ראָזענבערג, ברוך סטאָליק און מרדכי־מענדל אָלענבערג. זיי האָבן אונדז צוגעשיקט אַ גרופּן־פאָטאָגראַפיע פון קאָמיטעט, וואָס מיר האָבן פאַרעפנטלעכט אין אונדזער פאַראיינס־זשורנאַל.

צווישן די הילפס־אַרבעטן פאַר אונדזער שטעטל האָבן מיר שטאַרק אָפּגעהיט די טראַדיציאָנעלע מעות־חיטים אַקציע (צו שיקן הילף אויף פסח). אונדזערע ווישקאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק האָבן אַראַנזשירט אַלערליי אונטערהאַלטונגען אין דער פאָרם פון פורים־סעודות און פורים־קאָנצערטן, צו וועלכע אונדזערע איבערגעגעבענע טוער וויליאַם און רחל ראַדזימינסקי האָבן אַ סך בייגעשטייערט. די דאָזיקע אונטער־נעמונגען פלעגן אַריינברענגען אַ גרויסן ריווח און אַ דאַנק דעם פלעגט טאַקע דער הילפס־קאָמיטעט קאָנען שיקן יעדעס יאָר באַדייטנדיקע סומעס מעות־חיטים פאַר די אָרעמע יידן אין ווישקאָוו. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיט אַזעלכע מינים הילפס־אַקציעס. מיר האָבן געזוכט צו העלפן אויף אַ קאָנסטרוקטיוון אופן די נויטליידנדיקע אין אונדזער שטעטל אין משך פון אַ גאַנץ יאָר.

אין 1937—1938 האָט אונדז די קהילה אין ווישקאָוו געשריבן, אַז הילף איז נייטיק נישט נאָר פאַר די אָרעמע יידן אין שטעטל, נאָר אויך פאַר די אַרויסגעטריבענע יידן פון שכנותדיקן דאָרף שטשאַנקע, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין ווישקאָוו. מיר האָבן געדאַרפט אויסברייטערן אונדזער אַקציע, און דער הילפס־קאָמיטעט איז פאַר דעם צוועק רעאָרגאַניזירט געוואָרן. יחיאל בורשטין איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פינאַנס־סעקרעטאַר און רחל ראַדזימינסקי אַלס וויצע־פּאָרזיצערין. מיר האָבן אָנגעהויבן אַ נייע ענערגישע אַקציע, דער אָפּרוף פון די לאַנדסלייט איז געווען אַ וואַרע־מער. דערמוטיקט פון דעם, האָבן מיר אויך דאַן איינגעאָרדנט אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג אין מאָריס שוואַרצ'ס יידישן קונסט־טעאַטער, וואָס האָט אויפגעפירט י. י. זינגערס „די ברידער אשכנזי". די אונטערנעמונג האָט אונדז אַריינגעבראַכט אַרום דריי טויזנט דאָלאַר פאַר דער הילפס־אַרבעט.

אין משך פון די אַלע יאָרן האָבן מיר רעגולער (דריי מאָל, אָפט אויך — פיר מאָל אין יאָר) געשיקט הילף פאַר די אויבנדערמאָנטע אינסטיטוציעס אין ווישקאָוו. ווינטער־צייט האָבן מיר געשיקט שטיצע אויף באַהייצונג פאַר אָרעמע יידן. פון דער טראַדיציאָנעלער מעות־חיטים אַקציע פלעגן געניסן עטלעכע הונדערט משפחות. אַ סכום פון צוויי הונדערט דאָלאַר האָבן מיר געשיקט אויף צו פאַריכטן דעם גדר פון בית־עולם. אַ חוץ אונדזער יערלעכער באַשטייערונג פאַר דער גמילת־חסד־קאַסע, האָבן מיר איבערגעגעבן דעם אַמעריקאַנער
גמילות־חסד־קאַסע, האָבן מיר איבערגעגעבן דעם אַמעריקאַנער
„דזשאָינט" האָט פון זיין זייט צוגעלייגט טויזנט דאָלאַר. אַ דאַנק דעם האָט די ווישקאָווער ליי־קאַסע באַקומען אַ ספּעציעלע סומע פון צוויי טויזנט דאָלאַר.

די וויכטיקע הילפס־אַרבעט, וואָס די ווישקאָווער גמילות־חסדים־קאַסע האָט אָנגעפירט מיט די געלטער, וועלכע מיר האָבן געשיקט, איז אין יענע יאָרן באַדייטנדיק געשילדערט געוואָרן אין דעם זשורנאַל „פאָלקס־הילף", וואָס איז אַרויס־געגעבן געוואָרן דורך דער אָנפירונג פון דער גמילות־חסדים באַוועגונג אין פוילן. אין דער באַשרייבונג איז באַזונדערס דערמאָנט געוואָרן, אַז מיט די געלטער זענען געהאָלפן געוואָרן די יידן, וואָס זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די שכנותדיקע דערפער שטשאַנקע, בריאַנטשיק, פאָרעמבאַ און דיבקי. עס איז זיי געגעבן געוואָרן הילף זיך אויפצובויען פרנסות. אַזוי האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן די אָרעמע יידן אין אונדזער שטעטל און אין דער אומגעגנט ווי לאַנג ס'איז נאָר געווען אַ מעגלעכקייט צו שיקן די הילף. מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז די טעטיקייט פון פאַראייניקטן ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט אָפּגעשטעלט גע־וואָרן אויף אַ צייט.

8.

סוף 1944 האָבן מיר אָנגעהויבן אויפלעבן דעם הילפס־קאָמיטעט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפן זיך גרייטן

צו דערלאַנגען הילף דער שארית־הפליטה פון דער ווישקאָווער קהילה, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. גלייך נאָכן סוף פון קריג, האָבן מיר איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט די פון אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפינען אין שלעזיע און מיט די וואָס זענען געווען אין די פליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד. אונדזער ערשטע הילף איז באַשטאַנען אין אַרויסשיקן שפייז־פעקלעך צו איינצלנע לאַנדסלייט, וועמענס אַדרעסן מיר האָבן באַקומען. מיר האָבן זיך דעמאָלט דערוווּסט, אַז אויך אין שוועדן און איטאַליע האָבן זיך אָפּגעזוכט געראַטעוועטע לאַנדסלייט. גלייך האָבן מיר זיי אַרויסגעשיקט שפּייז־פעקלעך און אַנדערע הילף. עס זענען געווען פאַלן, ווען אָפּגעראַטעוועטע ווישקאָווערע יידן האָבן אונדז געבעטן זיי שיקן אַ טלית מיט אַ סידור. איז עס געווען אַ נחת פאַר אונדז אַליין צו דערפילן אויך אַזעלכע בקשות. ווען די שארית־הפליטה פון דער ווישקאָווער קהילה האָט באַצייטנס פאַרלאָזט די שטעט פון שלעזיע און צוזאַמען מיט אונדזערע לאַנדסלייט פון די פליטים־לאַגערן אָנגעהויבן עולה זיין קיין ישראל, האָבן מיר געאײַלט זיי צו שיקן די נייטיקע הילף אין יידישן היימלאַנד.

מיר האָבן אויך מיט גרעסערע סומעס אַרויסגעהאָלפן אַ צאָל אַריבערגעקומענע ווישקאָווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק. פאַר עטלעכע האָבן מיר געשאַפן וווינונגען און מעבל. אונדזער פאַראייניקטער הילף־קאָמיטעט גיט אויך ווייטער זיינע יערלעכע באַשטייערונגען פאַרן פאַראייניקטן יידישן אַפּיל. בעת דעם אַראַבישן אָנפאַל אויף מדינת ישראל, אין 1948, האָבן מיר געגעבן אַ ספּעציעלע באַשטייערונג פון 1,500 דאָלאַר. פון דעם יאָר 1919 ביז 1948 האָט אונדזער פאַראייניקטער ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט געזאַמלט און צעטיילט די סומע פון זעכציק טויזנט דאָלאַר. אין די לעצטע יאָרן קאָנצענטרירן מיר זיך אויף דער הילפס־אַרבעט פאַר דער געראַטעוועטער שארית הפליטה פון ווישקאָוו, וואָס געפינט זיך אין מדינת ישראל.

.9

כדאי אויך צו דערמאָנען אונדזער „חברה תהלים אנשי ווישקוב“, וואָס איז אַ סך עלטער פון אונדזער פאַראיין. ווי טראַדיציאָנעלע יידן, וואָס זענען ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זייער לעבנס־שטייגער, האָבן אונדזערע לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק געגרינדעט די „חברה תהלים אנשי ווישקוב“, וואָס האָט אויך איצט אַ שול אויף דער אַלטער איסט־סאַיד אין ניו־יאָרק.

די „חברה תהלים אנשי ווישקוב“ אין ניו־יאָרק האָט אַן אַלטע און שיינע געשיכטע. דאָקומענטן, וואָס זענען אָפּגעהיט געוואָרן ביזן היינטיקן טאָג, באַווייזן, אַז די חברה איז געגרינדעט געוואָרן אין ה׳תרכ״ד, מיט אַ הונדערט יאָר צוריק. די שול, וואָס שטייט נאָך ביז איצט אויף דער איסט־סאַיד, האָט די חברה אויפגעבויט מיט אַ זעכציק יאָר צוריק, אין ה׳תרס״ד. די שול איז געבויט געוואָרן דורך אונדזער לאַנדסמאַן משה פליישמאַן ע״ה און זיין איידעם, יהודה ראַטקאָווסקי. דער גרינדער פון דער שול, ר׳ משה פליישמאַן, איז אין משך פון אַ סך יאָרן געווען פרעזידענט פון דער „חברה תהלים אנשי ווישקוב“. ביי דער שול איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַן אייגענע חברה קדישא, נאָך מיט איבער ניינציק יאָר צוריק, ווען די חברה האָט נאָך נישט געהאַט קיין אייגענעם בנין פאַר דעם בית־המדרש. אין משך פון פיל יאָרן איז געווען צוזאַמען מיט אונדז אין דער חברה דער שעפּסער רב, הרב יהושע בר׳ משה יוסף זצ״ל. מיט זיין טויט האָבן מיר געליטן אַ שווערע אבידה און מיר היטן־אָפּ זיין טייערן אָנדענק.

די שול פון דער „חברה תהלים אנשי ווישקוב“ האָט זיך דערוואָרבן אַ גוטן נאָמען אויף דער איסט־סאַיד. מיר האָבן אַלס שטענדיקע מתפללים זייער בכבודיקע באַלעבאַטים, געטרייע און איבערגעגעבענע עסקנים. אונדזער חברה האָט אַלע יאָרן דערפילט אַ וויכטיקע אויפגאַבע פאַר האַלטן צוזאַמען די לאַנדסלייט און פריינד. אין אונדזער שול קומען פאָר חתונות און אַנדערע שמחות צווישן אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס פילן זיך אין דער שול ווי אין דעם בית־המדרש פון דער אַלטער היים. אויך קומען זיך צונויף אונדזערע לאַנדסלייט אין דער שול ביי טראַדיציאָנעלע חנוכה־פייערונגען, פורים־שמחות און שמחת־תורה. נאָך ביזן היינטיקן טאָג, אויב מען וויל אויסגעפינען אונדזערן אַ לאַנדסמאַן, קאָן מען זיך נאָכפרעגן אין דער שול — און מען וועט וויסן צו ענטפערן.

אונדזער „חברה תהלים אנשי ווישקוב“ האָט אַלע יאָרן געשטיצט פאַרשידענע צדקה־אינסטיטוציעס און ישיבות אין ניו־יאָרק. אַ גרויסן אָנטייל אין דער וויכטיקער אַרבעט האָט אונדזער „עזרת נשים“־אָרגאַניזאַציע, די ווישקאָווער „ליידיס אקזילערי“, וואָס האָט אויך אַלע יאָרן זיך שטאַרק באַטייליקט אין אונדזער פאַראייניקטן ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט. די ווישקאָווער פרויען־אָרגאַניזאַציע מעג באמת שטאָלצירן מיט איר וויכטיקער הילפס־אַרבעט, געפירט אין גייסט פון די שענסטע יידישע טראַדיציעס.

.10

איך וויל פאַרענדיקן מיט אַ קורצן איבערזיכט וועגן דער נייער אינסטיטוציע, וואָס מיר האָבן געשאַפן — דעם פאַראייניקטן ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט פאַר ישראל, דורך וועלכן מיר צענטראַליזירן אונדזער אַרבעט פאַר אונדזערע געראַטעוועטע לאַנדסלייט אין דער יידישער מדינה. דער פאַראייניקטער ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט פאַר ישראל איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1957. פאָרזיצערין פון דעם קאָמיטעט איז פרוי רחל ראַדזימינסקי, וואָס האָט אויך פריער אַ לאַנגע צייט אָנגעפירט מיט אונדזערע הילפס־טעטיקייטן. וו. ראַדזימינסקי איז קאַסירער און טשאַרלז אַפּעלבאַום איז עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר. אין דעם קאָמיטעט זענען אָנגעשלאָסן פאָלגנדיקע ווישקאָווער אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק:

1. חברה תהלים אנשי ווישקוב;
2. דער ווישקאָווער פאַראיין, פון וועלכן מאָריס טאַפּפעל איז איצט פרעזידענט און דזש. זיידענבערג — וויצע־פרעזידענט;
3. דער ווישקאָווער צווייג פון אַרבעטער־רינג;
4. די ערשטע ווישקאָווער „ליידיס אקזילערי“־אָרגאַניזאַציע, פון וועלכער פרוי מאַלי פאַראָווער איז פרעזידענטין און פרוי עני פיין — סעקרעטאַרין;
5. די „ליידיס אקזילערי“ פון „חברה תהלים אנשי ווישקוב“, ווו רחל ראַדזימינסקי איז פאָרזיצערין;
6. דער ווישקאָווער קלוב „אויפבוי“, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן מיט פיר יאָר צוריק דורך אונדזערע לאַנדסלייט הרב צבי בראָנשטיין, הרב סילווער, שאול און מינדל שטיינמאַרק, לילי יאָסקאָוויטש און טשאַרלס אַפּעלבאַום.

מיר לייגן איצט אַ סך האָפענונגען אויף דעם פאַראייניקטן ווישקאָווער הילפס־קאָמיטעט פאַר ישראל, אַז ער וועט שטיין

אויף דער הויך פון זיין אויפגאַבע און אָרגאַניזירן די גרויסע אַרבעט, וואָס איז נייטיק צו העלפן אונדזערע לאַנדסלייט אין דער יידישער מדינה זיך איינצואָרדענען און אויפצובויען זיך היימען אין אייגענעם לאַנד. דורך דעם וועלן מיר אויך פאַראייביקן דעם הייליקן נאָמען פון אונדזער אומגעקומענער ווישקאָווער קהילה און שאַפן פאַר איר אַ זכר עולם אין דער באַנייטער יידישער מדינה.

גלייכצייטיק דערוואַרטן מיר, אַז די פאַראייניקונג פאַר דער אַרבעט לטובת ישראל וועט אויך ברענגען אַ גרויסן נוצן אונדזערע באַזונדערע ווישקאָווער אָרגאַניזאַציעס, וואָס מיר האָבן געשאַפן אין ניו־יאָרק. ווי אין דעם גאַנצן הייליקן ענין פון ישראל, איז אויך בנוגע אונדזער ווישקאָווער לאַנדס־מאַנשאַפט ריכטיק דער כלל, אַז מיר וועלן העלפן ישראל און ישראל וועט אונדז העלפן. מיר ווייסן, אַז די אַרבעט פאַר ישראל קאָן אונדז איצט האַלטן צוזאַמען, כדי אונדזערע אָרגאַניזאַציעס זאָלן ווייטער בלייבן עקזיסטירן און אַז מיר זאָלן אויך להבא קאָנען אָפּהיטן די טראַדיציעס און דעם זכר פון אונדזער שטעטל.

# ווישקאָווער אין ניו־יאָרק

איבערגעדרוקט פון „מאָרגן־זשורנאַל״, 28 דעצעמבער 1939, ניו־יאָרק. אָפּטייל: באַריכטן, באַמערקונגען און באַלויכטונגען פון אהרון בענדזשאַמין „וואָס מען הערט און וואָס מען טוט ביי די יידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס — 700 הייזער חרוב געוואָרן אין זייער היימשטאָט״.

אַ באַזוך ביי דער ווישקאָווער בענעוואָלענט סאָסייטי: ווישקאָוו איז אַ שטעטל נעבן וואַרשע. בעת די נאַצישע חיילות האָבן באַלאַגערט די געגנט און געהאָגלט טאָג און נאַכט מיט שראַפּנעלן און באָמבעס, איז דאָס שטעטל חרוב ונחרב געוואָרן.

פון באַריכט — אומדירעקט פאַרשטייט זיך — וואָס די לאַנדסלייט האָבן דערהאַלטן, דערוויסט מען זיך, אַז אַן ערך 700 הייזער זענען אַוועק מיטן רויך. גרויס איז געווען די צאָל קרבנות, די צאָל אומגעקומענע. אַקוראַט ווי גרויס דער שאָדן איז און ווי גרויס דער אומגליק איז, קאָן מען נאָך נישט שאַצן. אָבער ווער עס האָט נאָכגעפאָלגט די אַנטוויקלונגען פון די שלאַכטן הינטער וואַרשע ווייסט, אַז די געבראַכטע ציפערן זענען זיכער נישט איבערגעטריבן.

דער פאַראייניקטער רעליעף־קאָמיטעט, אין וועלכן עס גייען אַריין די ווישקאָווער בענעוואָלענט סאָסייטי און איר



פאַראייניקטער ווישקאָווער קאָמיטעט אין ניו־יאָרק
הוועד המאוחד של יוצאי וישקוב בניו־יורק

ליידיס אקזילערי, דער אַרבעטער־רינג בראַנטש, די שול „חברה תהלים אנשי וישקוב״ און איר ליידיס אקזילערי, האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפן אַזוי שנעל ווי מעגלעך אַ מינימום פון 5 טויזנט דאָלאַר. לויט ווי די סאָסייטי־באַאַמטע גיבן איבער, איז די ווישקאָווער בענעוואָלענט סאָסייטי די אַקס פון דער רעליעף־אַרבעט און אירע מיטגלידער — פון די אַקטיווסטע טוער אין רעליעף־קאָמיטעט פון סאַמע ערשטן טאָג. מאָריס טאַפּפעל, פּרעזידענט פון דער סאָסייטי, איז טשערמאַן פון רעליעף־קאָמיטעט פון סאַמע ערשטן טאָג — אַ קימאַ־לן פון 22 יאָר. זייער אַקטיוו אין דער אַרבעט פאַר זייער שטאָט זענען: שמואל ווידעלעץ, יעקב זילבערשטיין, מאַקס האָלאַנד, מר און מרס ראַדזימינסקי און די טשערליידיס פון די צוויי אקזילעריס — מאַלי פאַראָווער און רבקה ריטשמאַן.

דורך דער צייט האָבן די ווישקאָווער לאַנדסלייט איבער־געשיקט אַרום 60 טויזנט דאָלאַר. זיי שיקן איבער העכער 3 טויזנט דאָלאַר יערלעך און שטיצן די אָרטיקע ישיבה, תלמוד־תורה, ביקור־חולים, האַנטווערקער־פאַראיין, קראַנקן־קאַסע און די גמילות־חסדים־קאַסע. פאַראַיאָרן האָבן זיי איבערגעשיקט פאַר דער גמילת־חסדים־קאַסע טויזנט דאָלאַר, צו וועלכע דער „דזשאָינט״ האָט צוגעטראָגן נאָך טויזנט דאָלאַר. זיי האָבן לעצטנס פאַרהאַנדלט מיטן „דזשאָינט״ וועגן פּלענער פאַר קאָנסטרוקטיווער אַרבעט אין ווישקאָוו, אָבער די מלחמה האָט עס צונישט געמאַכט.

אין פאַרבינדונג מיט זייער נייער רעליעף־אַקציע, האָט דער טרעזשורער פון זייער רעליעף־קאָמיטעט צוגעזאָגט, אַז ער וועט פון זיין אייגענער קעשענע געבן אַ באַשטייערונג, וואָס וועט באַטרעפן פּונקט אַזוי פיל וויפל די אַקציע וועט אַריינטראָגן.

אַ גרויסער טייל פון דער אַריינגעבראַכטער אינפאָרמאַציע האָט מיר געגעבן דער פּרעזידענט מר מאָריס טאַפּפעל און דער סעקרעטאַר הערי בורשטיין.

די סאָסייטי העלפט אָרעמע און קראַנקע מיטגלידער. זיי האָבן אַ שווינדזיכטיקן מיטגליד געגעבן אויף צו קורירן זיך און ווען ער איז אַרויסגעקומען אַ געזונטער, האָבן זיי אים געקויפט אַ באָרדינג־הויז אין די מאַונטעינס, ווייל דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז די שטאָט איז פאַר אים סם־המוות. ער האָט זיך מיט דער צייט אַרויפגעאַרבעט און פיל פאַר־גרעסערט דעם פּלאַץ. אַן אַנדערער מיטגליד האָט געהאַט אַ האַרץ־פעלער, האָבן זיי אים אַוועקגעשיקט אין קאַנטרי זיך קורירן און געצאָלט ביים גראָסער און בוטשער די בילס פאַר זיין משפחה. זיי שטיצן דעם מושב זקנים בני ישראל אויף דזשעפערסאָן סטריט, די יונייטעד ישיבה פאַונדיישאָן, געווערקשאַפטן־קאַמפּיין, צדקה־פעדעראַציע, דענווער־סאַנאַ־טאַריע, אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס.

# לאָס־אַנזשעלעס ווישקאָווער פאַראיין

אברהם־דוד טעף
לאָס־אַנזשעלעס

די באַלדיקע און ענערגישע הילף וועלכע מיר האָבן געגעבן אונדזערע ווישקאָווער, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון היטלערס חורבן אין פוילן און דייטשלאַנד, האָט מעגלעך געמאַכט, אַז אונדזערע לאַנדסלייט זאָלן אַריינקומען קיין ישראל געזונטער, בעסער געקליידעט, גייסטיק דערהויבן און פול מיט האָפענונג און באַוווסטזיין, אַז זיי האָבן אַ גרויסע משפחה לאַנדסלייט אין דער גליקלעכער אַמעריקע וואָס פילט מיט זייער גרויסן צער און איז גרייט צו העלפן זיך איינאָרדענען און ווערן אַ טייל פון די וואָס בויען און שטאַרקן מדינת ישראל — און מיר האָבן זיי נישט אַנטוישט.

מיר האָבן גלייך געגרינדעט אַ לייַ־קאַסע, וואָס פונקציאָנירט דערפאָלגרייך אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אַ גרופּע אַלט־איינגעזעסענע ווישקאָווער, וואָס זענען איבערגעגעבן דער הומאַניטאַרער אַרבעט צו העלפן די ניי־געקומענע לאַנדסלייט. דורך דער לייַ־קאַסע זענען פיל געהאָלפן געוואָרן צו ווערן אַליין פּראָדוקטיוו, אַזוי אַז זיי דאַרפן נישט מער אָנקומען נאָך שטיצע. מיר האָבן איבערגעשיקט גענוג פאָנדן און די קאַסע גיט איצט אַרויס הלוואות זאָגאַר פאַר נישט־ווישקאָווער אויך.

אָבער אונדזער אַרבעט איז נאָך נישט פאַרענדיקט. אין אונדזער שטרעבונג צו העלפן די איבערגעבליבענע, האָבן מיר אויך נישט פאַרגעסן אָן אונדזערע קדושים — די טויזנטער ווישקאָווער, וואָס זענען אומגעקומען דורך די נאַציס בלוי׳ז דערפאַר וואָס זיי זענען געווען יידן און נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען. דעריבער איז אונדזער הייליקע פליכט זיי נישט צו פאַרגעסן. פאַר דעם צוועק האָבן מיר געשאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס העלפט רעאַליזירן דעם פּראָיעקט פון אויפשטעלן אין ישראל אַ הויז, וואָס זאָל דינען אַלס דענקמאָל נאָך אונדזערע קדושים און גלייכצייטיק דינען די קולטורעלע, גייסטיקע און פיליכט מאַטעריעלע אינטערעסן פון אונדזערע לאַנדסלייט. פאַר דעם דאָזיקן ציל האָבן מיר שוין געשאַפן אַ געוויסע סומע געלט, הגם אַ נאָך נישט גענוגנדיקע. דאָס איז אַ גרויסע און הייליקע אַרבעט און דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן ערנהאַפטע הייליקע פליכט פון יעדן ווישקאָווער ייד, ווו ער זאָל זיך נאָר נישט געפינען און געבן זיין צושטייער צו רעאַליזירן דעם וויכטיקן פּראָיעקט.

עס איז פאַר מיר אַ גרויסע ערע און פאַרגעניגן צו שטיין אין שפּיץ פון אַ גרופּע, וואָס יעדער מיטגליד אירער האָט אַזוי גערן, פרייוויליק און האַרציק, לויט זיינע כוחות און מערער, בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון אונדזער פאַראיין נישט נאָר בנוגע דער שטיצע, וועלכע מיר האָבן געגעבן, נאָר אויך דערמיט וואָס מיר האָבן מיטגעהאָלפן פאַרוואַנדלען אונדזער אָרגאַניזאַציע אין איינער פון די שענסטע און קולטורעלסטע אין לאָס־אַנזשעלעס.

אין נאָמען פון אונדזער מיטגלידערשאַפט וויל איך באַ־



קאָמיטעט פון פאַרבאַנד יוצאי ווישקאָוו אין לאָס־אַנזשעלעס — ועד אירגון יוצאי וישקוב בלוס־אנג׳לס

גריסן אַלע לאַנדסלייט אין ישראל, ספּעציעל די עקזעקוטיווע פון דער לייַ־קאַסע, וואָס זענען ערלעך איבערגעגעבן דער טעטיקייט פון לינדערן די נויטן פון אונדזערע ווישקאָווער. איך וויל אויך באַגריסן די לאַנדסלייט אין דעטראָיט, שיקאַגאָ, אַרגענטינע און מעקסיקע, וועלכע האָבן בייגעטראָגן צו דער ערשטער הילף ווי אויך צו דער לייַ־קאַסע. כ'וויל אויך איבערשיקן אַ וואַרעמע באַגריסונג דער ניו־יאָרקער אויפבוי־גרופּע, וואָס האָט אַביסל שפּעטלעך, דאָך נישט צו שפּעט, איינגעזען די נויטווענדיקייט פון העלפן אונדזערע לאַנדסלייט אין ישראל אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן. איך ווינטש זיי דערפאָלג און האָף, אַז זייער בייטראָג צום פּראָיעקט וועט זיין אַ באַדייטנדיקער.

# ווישקאָווער אין לאָס־אַנזשעלעס

ה. מושקאַט
לאָס־אַנזשעלעס

ווער איז געווען דער ערשטער וואַנדערער פון פאָלק ישראל? אַ סברה, אַז דאָס האָט אברהם אבינו געמאַכט דער אָנהייב. טריי דעם „לך־לך מארצך וממולדתך" — האָט ער אויסגעוואַנדערט אין אַנדערע מקומות.

מיר, אויפגעוואַקסענע און דערצויגענע אין אונדזער ליב שטעטל, זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן ווישקאָוו און אויסוואַנדערן ווו די וועלט האָט נאָר אַן עק. געווען פאַרשידענע סיבות פון אַזאַ וואַנדערן. אַ טייל האָט געזוכט מער פרייהייט פאַר זיך, מער תכלית אין לעבן, מער מעגלעכקייטן מאַטעריעל זיך אַרויפצואַרבעטן. מיר האָבן געוואַנדערט, כדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ סוף מאַכן צו דער לאַגע פון אַ גערודפטן.

דאָס איז געשען מיט 70 יאָר צוריק. אַ גרופּע יינגעלייט האָט זיך פאַרנומען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין לאָדן פון מיין פאָטערס וווינונג. ער האָט באַדאַרפט מיט זיי אויסוואַנדערן. אין דער לעצטער מינוט, שוין ביים געזעגענען זיך מיט זיין יונגער פרוי און דעם ניי געבוירענעם ערשטן זון, האָט ער זיך באַדענקט און באַשלאָסן זיי נישט איבערצולאָזן. דערפאַר איז זייער זון, שוין אין די שפּעטערדיקע יאָרן, יאָ אַוועק אין אַ פינצטערער נאַכט און איבערגעלאָזט זיינע עלטערן, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אַ שטיקל נחת פון אים.

אונדזערע ווישקאָווער לאַנדסלייט האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער אַלע גרויסע אַמעריקאַנער שטעט. איבערהויפּט האָבן דאָס געטאָן די, וואָס האָבן געהערט צו דער גאַלוועסטאָנער גרופּע. אין יענע צייטן האָבן נישט געפעלט קיין נאַיווע יידן, וואָס האָבן זיך געלאָזט איינרעדן פון די דעמאָלטיקע פילאַנטראָפּן, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע מורא, קוים וועלן יידן ווידער זיך וועלן קאָנצענטרירן אין די גרויסע צענטערן. דעריבער האָבן זיי געוואָלט לענקען די עמיגראַציע אין די אַגראַר־געגנטן, אין וויטן מערב פון אַמעריקע. ליידער, האָט מען דאָרט, אין מערב, נישט געפונען דאָס וואָס מ'האָט געזוכט. נישט געווען קיין באַשעפטיקונג, אפילו פאַר די אָרטיקע אַמעריקאַנער. און אויב מ'האָט יאָ געפונען אַרבעט, איז דאָס געווען שקלאַפן־אַרבעט, צו וועלכער די ווישקאָווער זענען נישט געוווינט געווען. האָט מען פאַרלאָזט די נייע געגנטן און טיימאָל צופוס, אפילו הונדערטער און טויזנטער מיילן, און אַוועק צו אַ גרויסן צענטער, ווו מ'האָט געהאָפט צו געפונען לאַנדסלייט. און דער עיקר — מ'האָט געזוכט פרנסה... מ'איז אויך געלאָפן אין וואַרעמע געגנטן. אַזוי אַרום זענען ווישקאָווער אָנגעקומען קיין לאָס־אַנזשעלעס און דאָ שוין פאַרבליבן.

ביי די ווישקאָווער תושבים איז אַנטשטאַנען אַן אינערלעכע בענקשאַפט זיך אויסצולעבן אין אַ היימישער סביבה, צו שאַפן אַז אייגענע לאַנדסמאַנשאַפט, ווי אין ניו־יאָרק. אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון ווישקאָווער אין לאָס־אַנזשעלעס, איז גרויס געווען די איבעראַשונג, ווען מ'האָט דערזען די גרויסע צאָל אַנוועזנדע.

אין אויגוסט 1946 איז באַשטימט געוואָרן צו גרינדן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיך פאַרנעמען מיט ערטיילן הילף פאַר אַלע ווישקאָווער אין דער וועלט. דער פאַראיין האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַן אומפּאַרטייאישער אינסטיטוציע, וואָס דאַרף זאָרגן פאַר אַלע, אָן אויסנאַם, ווישקאָווער. ס'איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג, מ'האָט באַשטימט די געהעריקע באַאַמטע און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויפזוכן ווישקאָווער, געבליבענע נאָכן גרויסן חורבן.

אין דער יידישער צייטונג, וואָס איז דערשינען אין לאָדזש („דאָס נייע לעבן"), האָבן מיר אַפּגעדרוקט אַן אַנאָנס, אַז מיר זוכן ווישקאָווער, וועלכע נייטיקן זיך אין הילף. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן באַקומען אַ בריוו פון פוילן מיט אַ רשימה פון 210 ווישקאָווער נעמען. דאָס זענען געווען די שארית־הפליטה, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אין רוסלאַנד. אינעם בריוו האָט זיך געשריבן, אַז זייער לאַגע איז אַ שרעקלעכע. זיי זענען נאַקעט און באָרוועס. אין ווישקאָוו האָבן זיי זיך נישט געקאָנט באַזעצן, נישט געבליבן דאָרט קיין איין גאַנץ הויז. צוויטנס, האָט מען זיי געהייסן פאָרן קיין שלעזיע, ווו ס'זענען געבליבן פיל הייזער נאָך די דייטשן, וועלכע מ'האָט אַרויסגעשיקט פון פוילן.

אונדזער פאַראיין, וואָס איז באַשטאַנען פון איבער צוואַנציק פערזאָן, האָט זיך ענערגיש גענומען צו דער אַרבעט. מ'האָט באַדאַרפט שאַפן דאָס נייטיקע געלט אויף איינצוקויפן פאַרשידענע זאַכן. די אַרבעט איז געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן. מיר האָבן דאָס אַדורכגעפירט מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפש. ס'וועט זיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַזאַ עפּיזאָד: איינע פון אונדזערע פרויען, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן צוגרייטן די פּעקלעך, האָט זיך געפילט נישט געזונט, פשוט נישט געקאָנט זיך איינביגן. זי האָט אָבער נישט געוואָלט רעזיגנירן פון דער הייליקער אַרבעט און קראַנקערהייט דערפילט איר פליכט. זיצנדיק אויף דער פאָדלאָגע, האָט זי זיך געריקט פון איין קעסטל צום צווייטן, כדי דאָרט אַריינלייגן די זאַכן פאַר די נויטבאַדערפטיקע.

די מענער האָבן געפּאַקט און געבונדן די פּעקלעך, געשריבן די אַדרעסן מיט רשימות פון די זאַכן, וואָס מ'האָט אַריינגעלייגט אין יעדער פּעקל. מ'האָט אויך צוגעשריבן טעלעכע וואַרעמע ווערטער.

מיר האָבן דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ לערער, אַז מ'האָט געעפנט אַ שול, ס'איז אָבער נישטאָ קיין יידיש בוך פאַר

די קינדער. האָבן מיר איינגעשאַפט אַ קאַסטן מיט יידישע ביכער. מיר האָבן אויך אַוועקגעשיקט אַ קאַסטן מיט חמישה־עשר־בשבט־זיסוואַרג פאַר די קינדערלעך. די דאָזיקע מתנה האָט אַלעמען אַנטציקט, ווייל די קינדער האָבן אַזעלכעס אין זייער לעבן נישט פאַרזוכט. זענען זיי דאָך געבוירן געוואָרן אין די שרעקלעכע מלחמה־יאָרן.

נאָכן באַפרידיקן די ערשטע נויטן, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז כדאי צו אָרגאַניזירן קאָנסטרוקטיווע הילף און די מענטשן שטעלן אויף די פיס. געווען אַ גרויסער ווילן — אָבער ווינציקע געלט־מיטלען. אין דערזעלבער צייט איז אונדזער לאַנדסמאַן ישראל אַסמאַן ז״ל געפאָרן קיין ישראל, וווּ ער האָט זיך געטראָפן מיט די ווישקאָווער. ער האָט בייגעוווינט אַ פאַרזאַמלונג און אויסגעהערט די טענות, ספעציעל פון די נייע עולים, וועלכע האָבן זיך געניייטיקט אין ממשותדיקער הילף אויף איינצואָרדענען זיך אין לאַנד. מיר האָבן גלייך איבערגעשיקט די ערשטע 500 דאָלאַר, וועלכע זענען געוואָרן דער יסוד פאַר דער ניי־געגרינדעטער ווישקאָווער ליי־קאַסע אין ישראל. מיר האָבן געמוזט גובר זיין פיל שוועריקייטן, כדי שאַפן צען טויזנט דאָלאַר פאַר דער ליי־קאַסע.

אונדזער אינערלעכע שטרעבונג איז געווען: אויפשטעלן אַ מאָנומענט דער פאַרשניטענער יידישער קהילה אין ווישקאָוו, אַ הויז אויפן נאָמען פון די קדושי ווישקוֹב, וואָס זאָל זיך געפינען אין צענטער פון ישראל, וווּ מ׳זאָל זיך צוזאַמענטרעפן. מיר זענען גליקלעך, וואָס דער טרוים איז רעאַליזירט געוואָרן.

## פילזייטיקע טעטיקייט

בעלטשע טעף (יעלין)
לאָס־אַנזשעלעס

שוין גאָר לאַנג ווי כ׳האָב פאַרלאָזט מיין שטעטעלע ווישקאָוו. אָבער פאַרגעסן יענע קינדער־יאָרן, וואָס מיר אַלע האָבן אַדורכגעמאַכט אין ווישקאָוו — איז אוממעגלעך. מיט די אייגענע כוחות האָבן מיר באַדאַרפט זיך אַדורכבריכן אַ וועג אין לעבן, דערוואַרבן לערע און וויסן, כדי אַריינצוטרעטן אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ. מיר האָבן געזוכט און געפונען די פאַרשידענע „איזמען״: אין בונדיזם, פאָלקיזם, ציוניזם א.א.וו. נישט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז אונדזער פיזישן הונגער האָבן מיר געשטילט מיט אַ שיינעם רעפעראַט, מיט די אומאויפהערלעכע דיסקוסיעס, כדי צו געפינען דעם ריכטיקן וועג צו דער באַפרייאונג.

שוועער צו פאַרגעסן דאָס שטעטעלע!

אַט שטייט פאַר מיינע אויגן די בריק איבערן טייך בוג, יענע שטילע און רואיקע אָוונטן פון אונדזערע שפּאַצירן דאָרט.

אומפאַרגעסלעך זענען די פרייטיק־צו־נאַכטסן, ווען אַלץ אין שטעטל איז געווען איינגעהילט אין אַ מין שבת־קודש־דיקייט. די שבת־ליכט האָבן פונדערווייטנס זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם גלאַטיקן טייך, וועלכער צעטיילט דאָס שטעטל אינצווייען; אָדער די שבתדיקע שפּאַצירן אין דערבייאיקן וועלדל, וואָס האָט דיך אַרומגענומען מיט סודותדיקער שטילקייט.

מיר דאָ, אין לאָס־אַנזשעלעס, האָבן מיט ציטער אויפגענומען די שרעקלעכע ידיעות וועגן די היטלעריסטישע מערדערייען. מיר האָבן אָנגעהויבן צו אינטערעסירן זיך מיט די לאַנדסלייט, וואָס זענען לעבן געבליבן נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע. אויף אונדזער רוף אין דער פּרעסע, האָבן זיך אָפּגערופן פיל לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געבעטן הילף מיר האָבן אַלס אָרגאַניזירטע לאַנדסמאַנשאַפט אָנגעהויבן איבערצושיקן הילף. מיט אונדזער ערשטער סומע איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ליי־קאַסע אין ישראל פאַר ווישקאָווער נויטבאַדערפטיקע.

מיר, אין לאָס־אַנדזשעלעס, טרעפן זיך אָפּט און ווייזן אַרויס אַקטיוויטעט אויף פאַרשידענע געביטן: הילף פאַר ישראל („יונייטעד אַפּיל״, ירושלימער אוניווערסיטעט, הסתדרות־קאַמפּיין א.א.וו.); אָרטיקע יידישע פּראָבלעמען.

מיר וועלן נישט פאַרגעסן דעם אָנדענק פון אונדזער לאַנדסמאַן ישראל אַסמאַן ז״ל.

## פאַרבאַנד פון ווישקאָוו און אומגעגנט אין אַרגענטינע

אריה שטעלונג
בוענאָס־איירעס

דער ווייטערדיקער באַריכט נעמט אַרום די אָרגאַניזאַציאָנעלע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער ווישקאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע אין משך פון 40 יאָר.

נאָך אין יאָר 1921 האָט אין בוענאָס־איירעס זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אַ קאָמיטעט פון ווישקאָווער, מיטן ציל צו העלפן די לאַנדסלייט, פרישע עמיגראַנטן, וואָס פלעגן אין גרעסערע גרופן קומען קיין אַרגענטינע. ווישקאָווער אין אַרגענטינע האָבן זיך געפונען פיל פריער, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָבער אין אַ גאָר קליינער צאָל. דער עיקר — די מענער. ערשט נאָכן קריג האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַראייניקן די משפחות און אַזוי אַרום האָט די צאָל לאַנדסלייט זיך פאַרגרעסערט.

דער לעבעדיקער נערוו צו שאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע אין בוענאָס־איירעס, איז געווען יהושע דובנער ז״ל. אַלס קאַסיר, וואָס איז דאַן געווען איינע פון די וויכטיקסטע פונקציעס, האָט ער אַרויסגעוויזן פיל איניציאַטיוו און אַקטיוויטעט ביים גרינדן דעם פאַראיין פון די ווישקאָווער. אין זיין וווינונג זענען פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג און צוזאַמענטרעפן פון די לאַנדסלייט. אין זיין שטוב איז יעדער ניי־געקומענער אויפגענומען געוואָרן מיט פאָטערלעכער זאָרג און וואַרעמקייט, באַקומען דאָ אָפּצועסן און אויך טרייסט אין

זיין עלנט. אין די דאָזיקע היילקע אַרבעטן האָט אים אַ סך מיטגעהאָלפן זיין פרוי פייגע ע״ה.

אין יאָר 1928 האָט די אימיגראַציע קיין אַרגענטינע זיך פאַרשטאַרקט. מיטן אָנקומען פון נאָך לאַנדסלייט איז דער קאָמיטעט רעאָרגאַניזירט געוואָרן. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ גמילות־חסדים־קאַסע צו ערטיילן קליינע הלוואות דעם אימיגראַנט. די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך געפירט — מיט קליינע איבעררייסן — ביזן יאָר 1939.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די ווישקאָווער אין אַרגענטינע, וואָס האָבן אַליין געפילט אויף זיך די גרוילן פון קריג, באַשלאָסן ממשותדיק צו העלפן זייערע לאַנדסלייט אויף יענער זייט אָקעאַן, אויב זיי וועלן אַלס מלחמה־קרבנות זיך נייטיקן אין הילף און דערמוטיקונג. קיינער פון אונדז האָט נישט געקאָנט פאָראויסזען די גרוי־זאַמע פאַרניכטונג פון פוילישן יידנטום און צווישן זיי — אונדזער יידישע ווישקאָוו. קלאָר, אַז אין משך פון די מלחמה־יאָרן האָבן מיר נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט אונדזער היימשטאָט און באַגנוגנט זיך מיט פירן אַ לאָ־קאַלע טעטיקייט. אויך דאָ זענען געווען פיל אומפאַרמעגלעכע ווישקאָווער און קראַנקע, וועלכע האָבן זיך גענייטיקט אין שטיצע. מיט דער הילף פון דער ליי־קאַסע האָט מען ערטיילט קליינע, אָנפּראַצענטיקע הלוואות.

פון די ערשטע ידיעות וואָס זענען אָהערגעקומען פון לאַנדסלייט אין דער גרויסער וועלט, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אונדזער ווישקאָוו איז נאָך אין אָנהייב קריג כמעט אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן, אַז אונדזערע טייערע און נאָענטסטע זענען אומגעקומען מיט אַ שוידערלעכן טויט. מיר האָבן אָפילו נישט געהאַט די עלעמענטאַרסטע מעגלעכ־קייט זיי צו העלפן.

מיר האָבן געהערט, אַז פיל ווישקאָווער איז געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען אין רוסלאַנד, אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך געפונען אויף פאַרשיקונג און אין די ווייטע ערטער. ווי נאָר מיר האָבן געהאַט פון דאָרט אַ ידיעה, אָדער אויסגעפונען אַן אַדרעס פון אונדזערס אַ לאַנדסמאַן — איז אים געשיקט געוואָרן אַ פּעקל. ליידער, נישט יעדער פּעקל איז דערגאַנגען צום ריכטיקן אַדרעסאַט און מיר האָבן דערפון געהאַט גרויס עגמת־נפש.

אַז די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, זענען מיר געווען פון די ערשטע לאַנדסמאַנשאַפטן־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף די נויטן פון די וואָס האָבן אַלס רע־פּאַטריאַנטן זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד אָדער זענען געקומען פון די וועלדער און „אַרישער״ זייט, צי זיך אָפּגעראַ־טעוועט פון די טויט־לאַגערן. די טרויעריקע באַריכטן פון די שארית־הפליטה אין פוילן און דייטשלאַנד, האָבן אונדז געגעבן אַ קלאָר בילד פון דער גרויסער טראַגעדיע, וועלכע אונדזערע ווישקאָווער האָבן אַדורכגעמאַכט אין די מלחמה־יאָרן. מיר האָבן גלייך מאָביליזירט הילף אין גרויסן מאַס־שטאַב: פּעקלעך קליידונג קיין פוילן און דייטשלאַנד און געלט־שטיצע פאַר קראַנקע און אומפעיקע צו דער אַרבעט.

אַ גרויסער טראַנספּאָרט מלבושים (195 קילאָ) איז איבערגעשיקט געוואָרן צו די ווישקאָווער אין נידערשלעזיע. אַ גרויסער טייל פון די מלבושים איז אייגנהענטיק אויפ־געניייט געוואָרן דורך ווישקאָווער שניידער אין בוענאָס־איירעס. שפּעטער זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות, אַז כמעט אַ העלפט פון דעם טראַנספּאָרט קליידער, שיך און וועש, האָט נישט דערגרייכט אונדזערע ווישקאָווער.

מיטן אַנטשטיין פון דער מדינה, האָט אונדזער אָרגאַני־זאַציע נישט געקאָנט זיין גלייכגילטיק צו די גרויסע נאַציאָ־נאַלע פּראָבלעמען פון דער מדינה און פון יידישן פאָלק און זיך באַטייליקט אין אַלע קאַמפּיינען. אַזוי האָבן מיר דער שליחה פון דער הגנה, רות קליגער, וועלכע האָט באַזוכט בוענאָס־איירעס אין יאָר 1948, מיטגעגעבן אַ גרעסערע באַ־שטייערונג און אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז יעדער ווישקאָווער



פאַרוואַלטונג פון פאַראייניקטן פאַרבאַנד פון ווישקאָוו און אומגעגנט אין אַרגענטינע — 1957-59
ועד האירגון המאוחד של בני וישקוב והסביבה בארגנטינה — 1957-59

אין ישראל, וואָס איז געקומען אין לאַנד, זאָל באַקומען אַ שפּייז־פּעקל און אַנדערע פאָרמען פון הילף.

די אַלע אַקציעס זענען געפירט געוואָרן ביי דער באַגלייטונג פון אָפטע רייסערייען אין דער פאַרוואַלטונג מצד אַנטי־נאַציאָנאַלע עלעמענטן, וואָס האָט דערפירט אין יאָר 1949 צו אַ שפּאַלטונג. מיר האָבן דאַן אַ נאָמען געגעבן אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט „פאַרבאַנד פון ווישקאָוו און אומגעגנט אין בוענאָס־איירעס", און אויך זיך אָנגעשלאָסן אין צענטראַל־פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן און פון דעם נאַציאָנאַלן ראַט. פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן און פון דעם נאַציאָנאַלן ראַט.

ביי וועלכע אומשטענדן ס'איז פאָרגעקומען די שפּאַלטונג, דערציילט דער ווייטערדיקער אופרוף, וואָס איז צו יענער צייט דערשינען אין דער יידישער פּרעסע אין בוענאָס־איירעס:

עפנטלעכע דערקלערונג פון ווישקאָווער לאַנדסלייט־פאַראיין

מיר, די אונטן אונטערגעשריבענע מיטגלידער פון ווישקאָווער לאַנדסלייט־פאַראיין, האַלטן פאַר אונדזער חוב אויפצוקלערן פאַר דער עפנטלעכקייט וועגן דער האַנדלונג פון דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין. אויף דער לעצטער געגו. פאַרזאַמלונג, שבת, דעם 30־סטן פ.מ., זייענדיק געצוווּנגען דורך אַ מערהייט שטימען אָוועקצושטעלן אויפן סדר־היום די פראַגע וועגן הילפס־קאַמפּיין פאַר מדינת ישראל, האָבן זיי אָבער מיט גוואַלדן און טומל, טעראָריזירנדיק ממש די פאַרזאַמלונג, דורכגעזעצט אַ באַשלוס מיט אַ מערהייט בלויז פון 2 שטימען נישט צו שטיצן דעם פאַראייניקטן קאַמפּיין־קאָמיטעט, נאָר פאַרבלייבן נייטראַל (פאַר דעם דאָזיקן פאַרשלאַג האָבן געשטימט סך־הכל 25 מיטגלידער). באַטראַכטנדיק דעם דאָזיקן באַשלוס פאַר אַן אַנטי־נאַציאָנאַלן, וואָס דאָס איז קעגן די איבערצייגונגען פון דער מערהייט מיטגלידער פון ווישקאָווער לאַנדסלייט־פאַראיין, וועלכע זענען נאַציאָנאַלע יידן און ווילן זיך מיטן גאַנצן האַרץ מיטבאַטייליקן מיט אַלע יידן און מיט דעם גאַנצן אָרגאַניזירטן ישוב אין דער הייליקער אַרבעט פון העלפן מדינת ישראל דורך דעם איינציקן אויטאָריזירטן און פאַראייניקטן קאַמפּיין־קאָמיטעט, האָבן עטלעכע און צוואַנציק מיטגלידער פאַרלאָזט אַלס פּראָטעסט די פאַרזאַמלונג. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס כמעט אַ העלפט אַנטיילנעמער פון דער פאַרזאַמלונג איז אַוועק און דורך דעם איז נישט געבליבן קיין קוואָרום, האָט די פריערדיקע פאַרוואַלטונג פאָרגעזעצט די פאַרזאַמלונג און אויך אויסגעוויילט אַ נייע לייטונג. מיר, די אונטן אונטערגעשריבענע, וועלכע זענען אַ מערהייט פון דער מיטגלידערשאַפט, דעזאַוואָוירן די ניי־באַשטימטע פאַרוואַלטונג, וועלכע מיר באַטראַכטן אַלס נישט לעגאַל אויסגעוויילטע. מיר פאָדערן אויף דער פריערדיקער פאַרוואַלטונג במשך פון פופצן טעג רופן אַ נייע פאַרזאַמלונג אויף אויסצווויילן אַ פאַרוואַלטונג. ביז עס וועט נישט גערופן ווערן קיין נייע פאַרזאַמלונג און עס וועט נישט אויסגעוויילט ווערן קיין לעגאַלע פאַרוואַלטונג, איז נישטאָ קיין שום רעכט פאַר דער נישט לעגאַל־אויסגעוויילטער פאַרוואַלטונג איבערצונעמען די אָנפירונג און דאָס פאַרמעגן פון דער ליי־קאַסע און אויך די געלטער פון דעם הילפס־פאָנד ביים פאַראיין.

מיר רעזערווירן זיך דאָס רעכט אָנצונעמען די געהעריקע געזעלשאַפטלעכע מיטלען אין פאַל, ווען די פריערדיקע פאַרוואַלטונג וועט נישט דערפילן אונדזערע גערעכטע פאָדערונגען.

| | |
|---|---|
| יעקב בראָנשטיין | שיע ראָטבאָרד |
| ברוך איסמאַך | איטשע גרושקע |
| (ישמח) | מאָטל גרושקע |
| ישראל צעמבאַל | י. גרושקע |
| יעקב שטעלונג | הערשל שטיימען |
| וועלוול ראָטבאָרד | יוסף פאַקטאָר |
| וועלוול סענדעראָוויטש | אברהם בראַמבערג |
| אברהם זגריזעק | יעקב אַלטמאַרק |
| סענדער האַלצמאַן | יידל ראָטבאָרד |
| מאיר איסמאַך | שמואל וויאַטער |
| פישל זגריזעק | יידל דזשיק |
| יצחק מיימאַן | מענדל וועגעל |
| יקותיאל אַלטמאַרק | משה שוסטאַק |
| ישראל דייק | יעקב מאנקיטא |
| אהרן צעמבאַל | ס. סאָקאָל |
| יוסף פּאַפּאָווסקי | שמערל מאַלטשיק |
| שמחה קריסטאַל | משה מאַלטשיק |
| הערשל איסמאַך | ב. גאָלדפאָדער |
| אברהם בערענשטיין | שמחה פּאַסקאָוויטש |
| שמעון אַראָנסאָן | שלמה פּראַגער |
| אברהם בלאַסקע | אשר מיטלסבאַך |
| לייבל ווילענסקי | מרדכי טאַנדעטער |
| יצחק זלאָטאָגוויאַזדאַ | אריה שטעלונג |
| ישראל טענענבוים | אברהם דובנער |
| הערשל רינעק | כאַסע הוטענסקי |
| יוסף נאָוואָמינסקי | יחיאל ווייס |
| יצחק בהרב | אליהו שריידער |
| מרדכי איסמאַך | נחום גרינבערג |

צו יענער צייט האָבן מיר אויך באַקומען באַריכטן פון ישראל, אַז די רעאָרגאַניזירטע לאַנדסמאַנשאַפט (אירגון יוצאי ווישקוב בישראל) האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו העלפן די נייע עולים. דער ערשטער אויפטו זייערער איז געווען: אויפשטעלן אַ לייַ־קאַסע פאַר קאָנסטרוקטיווער הילף די נייע עולים. מיר האָבן אויף אַ פאַרוואַלטונגס־זיצונג באַשלאָסן בייהילפיק זיין אין שאַפן אַ וויכטיקע אינסטיטוציע און גלייך איבערגעשיקט די נייטיקע מיטלען. נאָך היינט־צו־טאָג העלפן מיר איינצלנע ווישקאָווער אין ישראל און אין פוילן, פירנדיק גלייכצייטיק אין בוענאָס־איירעס אַן אייגענע לייַ־קאַסע פאַר נויטבאַדערפטיקע דאָ.

מיטן אָוועקשטעלן אויפן סדר־היום די פראַגע פון אַ יזכור־בוך, האָבן מיר באַשלאָסן אויפן סאַמע אַקטיוווסטן אופן און מיטן גאַנצן האַרצן שטיצן די דאָזיקע איניציאַטיוו. אויך דער געדאַנק וועגן אויפשטעלן אין תל־אביב אַ בית ווישקוב האָט אונדז געגעבן אַ שטויס צו נייע אַקטיוויטעטן. מיר זענען צופרידן, וואָס אין די צוויי וויכטיקע אויפטוען פון אונדזערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין ישראל און אין דער וועלט — ספר ווישקוב און בית ווישקוב — האָט אַרגענטינע געגעבן איר מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף. די צוויי טויזנט דאָלאַר, ווי אויך מאַטעריאַלן, בילדער און זכרונות פאַרן בוך, זענען אַ ווערטפולער צושטייער צום אויפטו פון די ווישקאָווער אין ישראל.

מיט באַדויערן וויל איך אונטערשטרייכן, אַז די ווישקאָווער פון צווייטן פאַראיין אין בוענאָס־איירעס, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנטיילצונעמען אין די אַלע הייליקע אַרבעטן און געפראָוועט שבת פאַר זיך.

די אַקטיוויטעט און איניציאַטיוו פוןווישקאָווער אין אַרגענטינע סיי אין די ראַמען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, סיי אין די ראַמען פון די אַלגעמיינע, נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע, ווי: די שלום־עליכם שולן, קרן־קימת מגבית, צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן, נאַציאָנאַל־ראַט, דאיא (יידישע קהילה), קולטור־צענטער א. נ. פון ד״ר רינגעלבלום, „ייווא״ א. אַנד.

לויט אונדזער אָפשאַצונג, געפינען זיך אין אַרגענטינע איבער 250 ווישקאָווער פאַמיליעס, צוזאַמען מיט ראָזאַריע און קאָרדאָווע — צוויי גרעסערע פראָווינץ־שטעט. אונדזער פאַרבאַנד ציילט ביי אַ 200 מיטגלידער. אין די ערשטע יאָרן זענען געווען טעטיק אין דער הויפט־אָנפירונג די ח״ח יהושע דובנער ע״ה און וועלוול ראָטבאַרד. מיטן אַנטשטיין פון אונדזער פאַרבאַנד, איז גלייכצייטיק אויסגעבילדעט געוואָרן אַ פרויען־קאָמיטעט, וועלכע איז טעטיק ביזן היינטיקן טאָג.

אויף אונדזער איניציאַטיוו איז אויך אין ראָזאַריע אַנטשטאַנען אַ ווישקאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. אין יאָר 1959 איז אונדז געלונגען אין מאָנטעווידעאָ (אורוגוויי) אויפצושטעלן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציע, וואָס ציילט אַ פופציק פאַמיליעס און איז זייער אַקטיוו.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן מיר אַדורכגעפירט אַן אַקציע פאַרן יער הקדושים און אַריינגעטראָגן פאַר דעם צוועק די סומע פון 16 טויזנט פעזעס. מיר האָבן זיך געווענדעט צום צווייטן פאַראיין פון די ווישקאָווער אין בוענאָס־איירעס



ווישקאָווער פרויען־קאָמיטעט אין אַרגענטינע
ועדת נשים של אירגון יוצאי וישקוב בארגנטינה

זיי זאָלן צוזאַמען מיט אונדז פלאַנצן אַ חורשה (וועלדל) אין יער הקדושים — האָבן זיי זיך אָפגעזאָגט. אַן ענלעכע באַציאונג האָבן זיי אַרויסגעוויזן ביים ווענדן זיך צו זיי וועגן צוזאַמענאַרבעטן ביים העלפן אַרויסגעבן אונדזער יזכור־בוך.

פון אונדזער זייט האָבן מיר באַשטימט אַ רעדאַקציע־קאָמיסיע אין די פערזאָנען פון ישראל־משה צעמבאַל, אריה שטעלונג, ברוך ישמח, יעקב שטעלונג, אלתר קאָפּלאָוויטש און משה קוויאַטעק.

### אונדזערע אינסטאַנצן אין די יאָרן 59—1949

פאַרוואַלטונג אין יאָר 1949 : ברוך ישמח — פרעזידענט ; בראָנשטיין — סעקרעטאַר ; ישראל־משה צעמבאַל — קאַסיר ; סענדער האָלצמאַן — וויצע־פרעזידענט ; יעקב שטעלונג — פראָט.־סעקרעטאַר ; שמחה קרישטאַל — אַקטן־סעקרעטאַר.

ליי־קאַסע : וועלוול ראָטבאַרד — סעקרעטאַר ; יקותיאל אַלטמאַרק — קאַסיר ; אברהם זגריזעק, יצחק בהרב, מרדכי טאַנדעטשאַזש, אריה שטעלונג, יצחק ניימאַן, יעקב מאַנקיטא, שמעון אַראָנסאָן — פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער ; משה קוויאַטעק, הערש רינעק און שלמה פראַגער — רעווידיר־קאָמיסיע.

פרויען־קאָמיסיע ביים פאַרבאַנד (געשאַפן אין יאָר 1949) : פרעזידענטין — הינדע פראַגער ; סעקרעטאַרין — מלכה רינעק, לאה שטעלונג ; קאַסירערין — הענדל ראָטבאַרד ; וואָקאַלן : עווא ישמח, זלאַטקע בראָנשטיין, נחמה בערענשטיין, דבורה ווענגעל, ברכה רינעק, חנה רייטשיק, פייגע בהרב, רחל צעמבאַל.

1950 : פרעזידענט — ברוך ישמח ; וויצע־פרעזידענט — משה קוויאַטעק ; סעקרעטאַר — יעקב בראָנשטיין, פראָט.־סעקרעטאַר — יעקב שטעלונג, אַקטן־סעקרעטאַר — שמחה קרישטאַל ; קאַסיר — ישראל־משה צעמבאַל ; פראָ־קאַסיר — אריה שטעלונג.

ליי־קאַסע : וועלוול ראָטבאַרד, יקותיאל אַלטמאַרק און יוסף פאָפּאָווסקי. וואָקאַלן : שלמה פראַגער, מרדכי ישמח, שמואל רייטשיק, אברהם זגריזעק, סענדער האָלצמאַן, שמחה פאַסקאָוויטש, אַנשל רובינאָוויטש, יעקב מאַנקיטא.

פרויען־קאָמיסיע — די זעלבע ווי אין יאָר 1949.

1951 : פרעזידענט — ישראל־משה צעמבאַל ; וויצע — אַנשל רובינאָוויטש ; סעקרעטאַר — אריה שטעלונג ; פראָ־סעקרעטאַר — יוסף פאָפּאָווסקי (אויך אַקטן־סעקרעטאַר) ; קאַסיר — משה קוויאַטעק ; פראָ־קאַסיר — מרדכי ישמח.

ליי־קאַסע : יקותיאל אַלטמאַרק און וועלוול ראָטבאַרד. וואָקאַלן : יעקב שטעלונג, ברוך ישמח, סענדער האָלצמאַן, עליאַס שרייבער, יעקב בראָנשטיין, נחום גרינבערג, סענדער ווענגעל, שלמה פראַגער, אלתר קאָפּלאָוויטש, יעקב פלודאַ.

רעווידיר־קאָמיסיע : שמחה קרישטאַל, אברהם זגריזעק, שמחה פאַסקאָוויטש.

פרויען־קאָמיסיע — די זעלבע ווי אין יאָר 1949.

1953 : פאָרזיצער — ישראל־משה צעמבאַל, וויצע־פאָרזיצער — וועלוול ראָטבאַרד ; סעקרעטאַר — אריה שטעלונג, פראָ־סעקרעטאַר — אלתר קאָפּלאָוויטש ; קאַסיר — משה קוויאַטעק, פראָ־קאַסיר — שמואל רייטשיק ; אַקטן־סעקרעטאַר — יוסף פאָפּאָווסקי.

ליי־קאַסע : קאַסיר — מרדכי ישמח, סענדער ווענגעל, יקותיאל אַלטמאַרק. וואָקאַלן : ברוך ישמח, אנכעל רובינאָוויטש, בצלאל רובינאָוויטש, יעקב בראָנשטיין, יצחק גרושקאַ, לייבל וו״לענסקי, יעקב מאנקיטא, אברהם רובין, אברהם בערנשטיין.

רעווידיר־קאָמיסיע : יעקב שטעלונג, ישראל סאָקאָל, שמחה פאַסקאָוויטש.

פרויען־קאָמיסיע : פרעזידענטין — עוואַ ישמח, סעקרעטאַרין — לאה שטעלונג, קאַסירערין — תמה ברענשטיין ; דאָראַ ווענגעל, חנה רייטשיק, זלאַטע בראָנשטיין, רחל צעמבאַל, שרה אַלטמאַרק, הענדל ראָטבאַרד, פעליסאַ רובינאָוויטש, רעבעקאַ רובינאָוויטש, עטאַ זגריזעק.

1956 : פרעזידענט — אריה שטעלונג, וויצע־פרעזידענט — שמואל רייטשיק, סעקרעטאַר — אלתר קאָפּלאָוויטש, אַמט.־קאַסיר — משה קוויאַטעק, פראָ־קאַסיר — סענדער ווענגעל, אַקטן־סעקרעטאַר — יוסף פאָפּאָווסקי. וואָקאַלן : ישראל צעמבאַל, ברוך ישמח, יעקב שטעלונג, מרדכי ישמח, אברהם בערענשטיין, קאַרלאָס רובינאָוויטש, יקותיאל אַלטמאַרק, יצחק גרושקאַ, יואל גוויזדאַלסקי.

רעווידיר־קאָמיטע: **וועלוול ראַטבאַרד, יעקב פּאַליוך, יוסף פּזשעשטשעלעניעץ.**

לייַ־קאַסע: **מרדכי ישמח, אלתר קאַפּלאַוויטש, יעקב זגריזעק.**

פרויען־קאָמיסיע: **פּרעזידענטין — עוואַ ישמח, דאָראַ וועגגעל, חמה בערנשטיין, חנה רייטשיק, דאָראַ גוויזדאַלסקי, פּעליסאַ רובינאָוויטש, זלאַטע בראַנשטיין, ליובאַ קאַפּלאַוויטש, רחל צעמבאַל, ליבע דייק, הענדל ראַטבאַרד, לאה שטעלונג.**

**1959: פּרעזידענט — ברוך ישמח; וויצע־פּרעזידענטן: י. מ. צעמבאַל, משה פּאַסטאַלסקי. סעקרעטאַרן: יוסף פּאַפּאָווסקי, אלתר קאַפּלאַוויטש, הערשל רינעק. קאַסירערס: אריה שטעלונג, סענדער וועגגעל, מרדכי ניעדזוויצקי. וואָקאַלן: יעקב לעווין, אברהם בערענשטיין, יואל גוויזדאַלסקי, שמואל רייטשיק, מאיר־לייב האַלצמאַן, לייבל ליסאָוויצקי.**

לייַ־קאַסע: **מרדכי ישמח, אלתר קאַפּלאַוויטש, יעקב זגריזעק, ברוך ישמח, מאיר־לייב האַלצמאַן, משה קוויאַטעק, אריה שטעלונג.**

רעווידיר־קאָמיסיע: **יעקב שטעלונג, משה קוויאַטעק, לייבל ליסאָוויצקי.**

פרויען־קאָמיסיע — **די זעלבע ווי אין יאָר 1956.**

### באַזונדערע אַקטיוויטעטן פון די ווישקאָווער לאַנדסלייט — לויט דער יידישער פּרעסע אין אַרגענטינע

**דעם 28־טן יולי 1953, איז ביי דער אַנוועזנהייט פון אַ גרויסער צאָל מיטגלידער דורכגעפירט געוואָרן די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אונטערן פאָרזיץ פון פּרעזידענט י. מ. צעמבאַל. דער פּראָ־סעקרעטאַר י. פּאַפּאָווסקי לייענט דעם פּראָטאָקאָל פון דער פריערדיקער פאַרזאַמלונג, וואָס ווערט גוטגעהייסן. דער סעקרעטאַר, אריה שטעלונג, האָט געגעבן אַן אויספירלעכן באַריכט פון דער טעטיקייט פון גאַנצן פעריאָד און שטרייכט אונטער, אַז פאַר די לאַנדסלייט אין ישראל האָט מען געשיקט שפּייז־פּעקלעך פאַר דער סומע פון צוויי און צוואַנציק טויזנט פּעזאָס, געהאָלפן די לאַנדסלייט אויפן אָרט מיט דער סומע פון העכער זעקס טויזנט פּעזאָס, בייגעשטייערט פאַר שולן און קולטור־אינסטיטוציעס מיט אַריבער צוויי טויזנט פּעזאָס, פאַר ישראל־פאָנדן — צוויי טויזנט פּעזאָס. דעם בילאַנס פון דער קאַסע האָט געלייענט דער קאַסיר, מ. קוויאַטעק, און באַוויזן מיט ציפערן דעם פאַרנעם פון דער אַרבעט פון דעם פעריאָד. פון דער לייַ־קאַסע האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט א. ראַטבאַרד. עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן 41 הלוואות צו פינף הונדערט פּעזאָס.**

**מען האָט אויך געלייענט אַ שריפטלעכן באַריכט צוגעשיקט פון „אירגון יוצאי וישקוב בישראל", פון זייער אַרבעט פאַר די ערשטע 5 חדשים פון יאָר, וואָס ווערט געטאָן אין אַ גרויסער מאָס מיט דער מאַטעריעלער מיטהילף פון אונדזער פאַרבאַנד. זייער לייַ־קאַסע האָט אַרויסגעגעבן הלוואות פאַר 107 פּערזאָן צו הונדערט פונט, צוזאַמען צען טויזנט זיבן הונדערט פונט. פינף הונדערט פונט פון נויט־פאָנד פאַר הילף. נאָך דעם ווי די רעווידיר־קאָמיסיע באַשטעטיקט, אַז די ביכער זענען אין אָרדענונג, ווערט איינשטימיק אָנגענומען דער פאָרשלאָג פון פ׳ א. זגריזעק צו באַגריסן און אויסדריקן צוטרוי דער אוועקגייענדיקער פאַרוואַלטונג פאַר דער אָפּגעטועגער אַרבעט.**

**דער מיטגליד־אָפּצאָל ווערט באַשטימט אויף 2 פּעזאָס אַ חודש מינימום. דורך אַקלאַמאַציע ווערט אָנגענומען די איינציקע קאַנדידאַטן־ליסטע צוגעשטעלט פון דער פּערמאַנענץ־קאָמיסיע אין דעם ווייטערדיקן באַשטאַנד:**

**י. מ. צעמבאַל, א. שטעלונג, מ. קוויאַטעק, א. רובינאָוויטש, א. ראַטבאַרד, ב. ישמח, א. קאַפּליאַוויטש, י. פּאַפּאָווסקי, מ. ישמח, י. בראַנשטיין, ק. אַלטמאַרק, ס. וועגגעל, ש. רייטשיק, ב. רובינאָוויטש, ש. וואַלינסקי, י. מאַנקיטאַ, י. גרושקאַ און א. רובין. רעווידיר־קאָמיסיע: ישראל סאָקאָל, יעקב שטעלונג און שמחה פּאַסקאָוויטש.**

פרויען־קאָמיסיע: **עוואַ ישמח, חנה רייטשיק, נחמה בערנשטיין, דאָראַ וועגגעל, לאה שטעלונג, זלאַטקע בראַנשטיין, רוכטשע צעמבאַל, עטע זגריזעק, עמאַ ראַטבאַרד, פּעליסאַ רובינאָוויטש, שרה אַלטמאַרק און רעבעקאַ רובינאָוויטש.**

### באַשלוסן פון דער פאַרוואַלטונג

**דעם 15־טן יולי איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג און די ניי־געוויילטע פאַרוואַלטונג האָט זיך קאָנסטיטואירט אויף פאָלגנדיקן אופן:**

**י. מ. צעמבאַל — פּרעזידענט; א. ראַטבאַרד — וויצע־פּרעזידענט; א. שטעלונג — סעקרעטאַר; א. קאַפּליאַוויטש — פּראָ־סעקרעטאַר; מ. קוויאַטעק — קאַסיר; ש. רייטשיק — פּראָ־קאַסיר; י. פּאַפּאָווסקי — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר.**

פאַר דער לייַ־קאַסע: **מ. ישמח — קאַסיר; ס. וועגגעל און ק. אַלטמאַרק.**

פרויען־קאָמיסיע: **עוואַ ישמח — פּרעזידענטין; חנה רייטשיק — סעקרעטאַרין; נחמה בערנשטיין — קאַסירערין. נאָכן באַשטעטיקן די אַריינגעקומענע אַנשלוסן צו ווערן מיטגלידער און אַרויסצוגעבן הלוואות, ווערט געלייענט די קאָרעספּאָנדענץ און עס ווערן באַשטימט צוויי דעלעגאַציעס, איינע צו דעם באַערונגס־אָוונט פאַרן אַרטיסט לעאָן ברעסט צו זיין פענסיאָנירן זיך, און אַ צווייטע פאַר דעם יובילייאון אָפּשייד־אָוונט פאַרן דיכטער א. סוצקעווער.**

**אויף די צוגעשיקטע אַדרעסן פון „אירגון יוצאי וישקוב בישראל", איז אָפּגעשיקט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט פון דרייסיק שפּייז־פּעקלעך צו צען קילאָ.**

**אונדזערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָבן דערפילט זייער חוב לגבי דעם פאַראייניקטן קאַמפּיין און רופן אַלע ווישקאָווער וואָס שנעלער דערפילן זייערע פליכטן צו מדינת־ישראל. אין דער צענטראַלע אויף פּועירע־דאָן 667 איז יעדן אָוונט טעטיק אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר דעם צוועק.**

**די פאַרוואַלטונג גרייט צו אויף זונטיק, פאַר יום־כפור, דעם 13־טן סעפּטעמבער, אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ ביים מאָנומענט פון די קדושים, אַ יזכור־צוזאַמענקום צום אָנדענק פון אונדזערע עלטערן־ברידער, שוועסטער און פריינד, וואָס זענען אומגעקומען פון די נאַצישע מערדער על קידוש השם ועל קידוש העם.**

### ערשטער פאַמיליאַרער צוזאַמענקום

**מיט גרויס דערפאָלג איז אַדורך דער ערשטער פאַמיליאַרער צוזאַמענקום, איינגעאָרדנט פון דער ניי־געוויילטער פרויען־קאָמיסיע בראש מיט איר פּרעזידענטין, עוואַ ישמח, פאָרגעקומען דעם 16־טן אויגוסט, אין הויז אויף טעראַדא 4421.**

נישט געקוקט וואָס אַ גאַנצן טאָג האָט אָנגעהאַלטן דער רעגן און קעלט, זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ זעכציק מיטגלידער, פרויען און מענער.

די מסיבה האָט געעפנט די מיטגלידערין פון דער פרויען־קאָמיסיע, עטע זגריזעק, די באַלעבאָסטע פון הויז וואָס האָט געשאָנקען דעם טיי צו דער געלעגנהייט וואָס עס איז געבוירן געוואָרן אַן אייניקל. אויפן פאָרשלאָג פון קרן־קימת־עסקן, א. שטעלונג, האָבן די זיידעס א. זגריזעק און י. מאַנקיטא איינגעצאָלט די סומע פון צוויי הונדערט פעזעס צו פאַרשרייבן דאָס ניי־געבוירענע קינד אין ספר הילד, און דער פאָטער פישל זגריזעק האָט זיך באַשטייערט מיט הונדערט פעזעס פאַרן פאַרבאַנד. דער צוזאַמענקום איז געווידמעט אויך דאָס איבערנעמען די אַמטן און איז מייסטערהאַפט אָנגעפירט געוואָרן פון פרעזידענט י. מ. צעמבאַל, וועלכער האָט ביי דער געלעגנהייט זייער געלונגען גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון אַ לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע און וועגן פאַמיליאַרע צוזאַמענקונפטן. וועגן ווייטערדיקע אַרבעט האָט גערעדט דער ח׳ י. שטעלונג, וועגן מדינת ישראל — מ. ישמח. אַ באַגריסונג האָט געהאַלטן דער מיטגליד אהרון צעמבאַל. דאָס לעצטע וואָרט האָט געהאַט די פרעזידענטין פון דער פרויען־קאָמיסיע, עוואַ ישמח, וועלכע האָט געדאַנקט אַלע אָנוועזנדיקע וואָס זענען געקומען צום ערשטן טיי פון דער פרויען־קאָמיסיע.

געזאַנג־נומערן האָבן אויסגעפירט אונדזערע באַליבטע חברים ש. אריה, ח. משה און פ. יאָסל. די מסיבה האָט איבערגעלאָזט אַ שיינע סומע פאַר דער קאַסע פון פאַרבאַנד. צום סוף האָט די פרוי קאַפלאָוויטש געמאָלדן, אַז זי שטעלט צו דער דיספאָזיציע פון דער פרויען־קאָמיסיע איר הויז מיט כיבוד לטובת דער הילף־אַרבעט פון פאַרבאַנד.

### אַנדערע אַקטיוויטעטן

אויף דער זיצונג פון 28־טן אַפריל, אָנגעפירט פון וויצע־פרעזידענט א. רובינאָוויטש, האָט מען געלייענט אַ גרויסע צאָל קאָרעספאָנדענץ, וואָס איז באַשטאַנען פון בריוו פון דאָ הי פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, ווי: דאַ״אַ, ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין, קק״ל, צענטראַלע פון לאַנדסמאַנשאַפטן און בריוו פון נ. אַמעריקע און פון מדינת ישראל. אַלע בריוו זענען דערליידיקט געוואָרן אויף אַ צופרידנשטעלנדיקן אופן. דער סעקרעטאַר האָט אָפגעגעבן אַ באַריכט פון די ערשטע פיר מאָנאַטן פון יאָר 1953. ער מערקט אָן, אַז הגם אין דעם צייט־אָפשניט געפינען זיך חדשים פון דעם אַזוי גערופענעם „אוגערקעס־סעזאָן”, דאָך האָבן מיר צו פאַרצייכענען אַ גאַנץ נישקשהדיקע אַקטיוויטעט. דאָס ערשטע דאַרף פאַרצייכנט ווערן די קינאָ־אונטערנעמונג, פאָרגעקומען אין יאַנואַר, וואָס אַ דאַנק דער אחריות פון דער גאַנצער פאַרוואַלטונג איז זי געווען אַ דערפאָלג און דערמעגלעכט, אַז מיר זאָלן העלפן די נויטבאַדערפטיקע מיט טויזנטער פעזעס. די צווייטע אַרבעט איז געווען די אָפשייד־מסיבה פאַר די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער ברוך און עוואַ ישמח צו זייער פאָרן באַזוכן מדינת ישראל, פאָרגעקומען אין מאָנאַט פעברואַר, וואָס נישט געקוקט אויף די גרויסע היצן, איז זיך צוזאַמענגעקומען אַן עולם וואָס האָט אָנגעפילט דעם סאַלאָן פון דער קאָנפיטעריע „תל־אביב”, צווישן זיי פאָרשטייער פון אַ גרויסער צאָל אינסטיטוציעס. דער דאָזיקער אַקט איז געשטאַנען אויף אַ געהעריקער הויך, ווייל אַ חוץ די באַערונג און אָנערקענונג פאַר די אָפפאָרנ־

דיקע, איז געקומען צום אויסדרוק דער קשר פון אונדזער פאַרבאַנד צו מדינת ישראל דורך די אַלע אופנים פון אַרבעט פאַר ארץ־ישראל. די דריטע אַרבעט איז געווען דאָס אַרויסשיקן אין די ערשטע טעג פון מאָנאַט מערץ אַ טראַנספאָרט פון דרייסיק שפייז־פעקלעך צו 10 קילאָ פאַר די לאַנדסלייט אין מדינת ישראל.

די ליי־קאַסע האָט פאַר דער צייט אַרויסגעגעבן אַ גרעסערע צאָל הלוואות צו פינף הונדערט פעזעס. מען האָט מבקר חולה געווען קראַנקע מיטגלידער און זיך פאַראינטערעסירט מיט זייער מצב. דער פאַרבאַנד איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער אָפשייד־מסיבה פאַר דעם מנהל פון קק״ל, פריינט מ. גרייוועד און פרוי, צו זייער עולה זיין קיין ישראל מיט אַ דעלעגאַציע.

אויף דער איינלאַדונג פון „ייוואָ” האָבן מיר גערופן די גאַנצע פאַרוואַלטונג און אַלע אונדזערע מיטגלידער צו זיין אָנוועזנדיק ביי דעם פייערלעכן אַקט פון דער דערעפענונג פון דער קאָלעקטיווער אויסשטעלונג פון בילדער און סקולפטורן, אָרגאַניזירט פון דער סעקציע פון פלאַסטישער קונסט לזכר אונדזערע פאָלקס־מאַרטירער אין שייכות מיטן צענטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. מיר זענען געווען פאַרטראָטן מיט אַ דעלעגאַציע ביי דער געזעלשאַפטלעכער באַראַטונג וועגן העלפן אַרויסגעבן דאָס הונדערטסטע בוך פון פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום”. אונדזערע מיטגלידער זענען געווען אויף דעם צענטראַלן אַקט פון כ״ז ניסן, צו דערמאָנען די העלדן פון אויפשטאַנד אין די געטאָס, איינגעאָרדנט דורך דער דאַיאַ און צענטראַלע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן. דער פאַרבאַנד האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער פייערונג פון דרייסיק יאָריקן יובל פון יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין „ה. ד. נאָמבערג” און געווען פאַרטראָטן מיט אַ דעלעגאַציע אויפן באַנקעט. אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון צעמבאַל, שטעלונג און קוויאַטעק האָבן באַזוכט די ביוראָ פון קק״ל, זיי האָבן איבערגעגעבן אַ גרעסערע סומע אויפן חשבון פון שטעלן אַ מצבה דער קהילה ווישקאָוו אין יער הקדושים. לויטן קאָנטראָל פון סעקרעטאַריאַט, האָבן פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אין משך פון דער צייט געזאַמלט ביי פאַרשיידענע שמחות די סומע פון 8,274,50 פ׳ פאַרן קק״ל. מיר האָבן איבערגעגעבן אין דער אַדמיניסטראַציע פון זשורנאַל „דאָס נייע וואָרט” אַ ליסטע פון קנאַפע הונדערט אַדרעסן פון אַבאָנענטן. אין דעם פאָרגעקומענעם קאָנגרעס פון פאַראייניקטן קאַמפיין זענען דריי פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער געווען פאַרטראָטן ווי דעלעגאַטן.

### אַ גרוס פון ישראל

דער קבלת־פנים, וואָס דער פאַרבאַנד האָט איינגעאָרדנט פאַר די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער ברוך און עוואַ ישמח צו זייער צוריקקומען פון מדינת ישראל, האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום געדעקטע טישן אין דעם סאַלאָן פון דער צענטראַלע, פועירע־דאָן 667, פון איין עק ביז דעם צווייטן. פריינד שלינגער האָט מיט אַ ברייטער האַנט דערלאַנגט אַ פיינעם טיי מיט געבעקס און דער עולם האָט זיך אונטערגעהאַלטן מיט שירה בציבור, אָנגעפירט פון די פריינד קוויאַטעק און שטעלונג. דעם אָוונט האָט געעפנט דער פרעזידענט י. צעמבאַל מיט אַ באַגריסונג פאַר די צוריקגעקומענע ברוך און עוואַ ישמח. ער שטרייכט אונטער די פרייד, וואָס די רייזע איז אַדורך בשלום און דריקט אויס די זיכערקייט, אַז זייער באַזוך אין ישראל וועט

זיי געבן מער אימפעט צו פאַרשטאַרקן די אַזוי וויכטיקע און נייטיקע אַרבעט, וועגן וועלכער זיי אַליין האָבן זיך איבערצייגט דאָרט.

נאָכן איבערלייענען פון לאַנדסמאַן יאַנקל פאַליוך אַן אייגענע אַרבעט ספּעציעל פאַר דעם קבלת־פּנים, באַקומט דאָס ערשטע וואָרט די פרוי עוואַ ישמח, וועלכע ברענגט דעם גרוס פון דער פרויען־קאָמיסיע ביים אירגון יוצאי וישקוב בישראל פאַר אַלע ווישקאָווער פרויען אין אַרגענטינע און פאָדערט אויף, אַז מען זאָל העלפן מקיים זיין דעם צוזאָג וואָס זי האָט געגעבן אין ישראל אין נאָמען פון די פרויען אין אַרגענטינע צו שאַפן די מיטלען פאַר זייער גרויסער הילף־אַרבעט.

ס'ווערט דורכגעפירט ביי דער געלעגנהייט אַ זאַמלונג פאַר דעם זשורנאַל „דאָס נייע וואָרט", און עס באַקומט דאָס וואָרט ברוך ישמח, וועלכער האָט געשפּאַנט דעם עולם אַנדערטהאַלבן שעה צייט מיט זיין שילדערן דאָס לעבן פון די ווישקאָווער און די גרויסע אַרבעט צוהילף די לאַנדסלייט, וואָס דער „אירגון יוצאי וישקוב" טוט דאָרט.

פינף הונדערט פאַמיליעס רעכנט זיך די ווישקאָווער משפחה אין ישראל, דערפון 100 ניי אָנגעקומענע. כמעט אַלע פריש געקומענע נייטיקן זיך אין הילף: ווער אין נויט־פאָנד אויף חיי שעה און ווער אין דער ליי־קאַסע אַרויסצונעמען אַ הלוואה אויף איינצואָרדענען זיך אַ דירה, קויפן אַרבעט־מכשירים אא"וו, און איבער אַלץ — די מאָראַלישע הילף, וואָס דער ניי־געקומענער דערפילט, אַז ער איז נישט עלנט, אַז ס'איז פאַראַן אַ קערפערשאַפט וואָס טראַכט וועגן אים, אַן בודק זיין זיין פאָליטישע אָנשויונג. די מיטלען צו העלפן זענען אָבער קליין אין פאַרגלייך מיט די באַדערפענישן. ביז היינט איז אָנגעקומען הילף פון לאָס־אַנזשעלעס, דעטרויט און פון אונדזער פאַרבאַנד, דאַקעגן דער אַזוי גערופענער „פּראָגרעסיווער" ווישקאָווער פאַראיין פון קאַנינג 122 האָט אויף די אַלע ווענדונגען פון אירגון יוצאי וישקוב גאָרנישט געענטפערט. אַפילו די ערשטע ליסטע מיט 22 אַדרעסן פון די סאַמע נויטבאַדערפטיקסטע פּליטים, צעבראָכענע, אומפעיקע צו דער אַרבעט, געשיקט צו זיי מיט עטלעכע יאָר צוריק צו באַזאָרגן שפּייז־פּעקלעך — איז געבליבן ביי זיי אין סעקרעטאַריאַט נישט דערליידיקט. איז דעריבער דער חוב אויף אונדזער פאַרבאַנד צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט און שאַפן וואָס מער מיטלען פאַר זייער הילף־אַרבעט. אויך די ווישקאָווער אין ראָזאַריע, קאָרדאָבאַ, מאָנטעווידעאָ און אין בראַזיל טאָרן נישט בלייבן רויק, נאָר דאַרפן שאַפן די מיטלען פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די נויט־ליידנדיקע ווישקאָווער פּליטים און איבערשיקן די הילף דורך אונדזער פאַרבאַנד אָדער דירעקט צום „אירגון יוצאי וישקוב בישראל".

### פאַרצווייגטע טעטיקייט

מיט דער אָנוועזנהייט פון אַ גרויסער צאָל אַקטיוויסטן איז, מיטוואָך דעם 27־טן פ. ח., פאָרגעקומען אַ פאַרברייטערטע זיצונג צוזאַמענצושטעלן אַ קאַנדידאַטן־ליסטע פאַר אַ נייער פאַרוואַלטונג און אַ פרויען־קאָמיסיע צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, וואָס וועט פאָרקומען דעם 28־טן ד. ח. ס'זענען אויך באַהאַנדלט געוואָרן פאָלגנדיקע פּונקטן:

פאַראייניקטער קאַמפּיין: ביז צו דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג דאַרפן אַלע מיטגלידער, אין דער ערשטער ריי די נייע קאַנדידאַטן, האָבן דערליידיקט זייער חוב פאַר מדינת ישראל. זיי קענען דאָס טאָן אין די סוב־קאָמיטעטן ווי אויך ביי דער ספּעציעלער קאָמיסיע אין דער צענטראַלע אויף פועירע־דאָן 667. אָן דער קבלה פון פאַראייניקטן קאַמפּיין, איז אַ באַשלוס פון דער „דאַיאַ", קאָן מען נישט זיצן ביי קיין שום געזעלשאַפטלעכן טיש.

קק"ל: מיר זעצן פאָר די זאַמלונג אויפצושטעלן אַ מצבה פאַר אונדזער שטאָט ווישקאָוו אין יער־הקדושים. נאָכן איבערגעבן די ערשטע קוואָטע, זענען שוין אַריינגעקומען נייע ביישטייערונגען, אָבער כדי צו געבן אַ גרעסערע סומע פאַר דער צווייטער קוואָטע, דאַרפן די מיטגלידער און בכלל אַלע לאַנדסלייט, מיט מער ריריקייט איינצאָלן זייער ביישטייער אין סעקרעטאַריאַט אָדער דירעקט אין ביוראָ פון קק"ל, אויף דער קאָנטע „יער־הקדושים וישקוב".

יידישע קונסט־בינע: מיר נעמען אויף מיט צופרידנקייט די שאַפונג פון דער קונסט־בינע אונטער דער לייטונג פון רעזשיסאָר דוד ליכט. מיר זעען אין דער קונסט־בינע די אמתע נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט פאַר טעאַטער. מיר זענען זיך מתחייב זי צו שטיצן מאָראַליש און מאַטעריעל. מיר רופן די לאַנדסלייט אָנטייל צו נעמען אין אַלע אירע אויפטריטן און ספּעציעל אין דער פאָרשטעלונג פון דער צענטראַלע מיט אַלע אירע נאַציאָנאַלע לאַנדסמאַנשאַפטן.

קולטור־אַרבעט: נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט אַליין אָנצופירן אַ קולטור־טעטיקייט, רופן מיר די מיטגלידער צו באַזוכן די קולטור־אָונטן וואָס די צענטראַלע אָרדנט איין פאַר אַלע אירע אָנגעשלאָסענע לאַנדסמאַנשאַפטן און אין דער ערשטער ריי די לעקציעס פון פאָלקס־אוניווערסיטעט איבער יידישע געשיכטע און ליטעראַטור.

הילף פאַר עליה: אויף דער ווענדונג פון אַ יוגנטלעכן לאַנדסמאַן, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ הכשרה און איז עולה ווי אַ חלוץ קיין ישראל, איז באַשטימט געוואָרן אַ געוויסע ביישטייערונג פאַר דער נסיעה.

ליי־קאַסע: ס'איז באַשטימט געוואָרן אָנצוהויבן אַן אַקציע צו פאַרגרעסערן דעם גרונט־קאַפּיטאַל פון דער ליי־קאַסע, כדי מ'זאָל איינגיכן אַרויסגעבן הלוואות צו 1,000 פּעזעס.

אויף דער פאַרוואַלטונגס־זיצונג פון 29־טן סעפּטעמבער זענען באַשטעטיקט געוואָרן 4 נייע מיטגלידער און אַ צאָל ווענדונגען נאָך הלוואות. ס'זענען אָנגעקומען בריוו פון „אירגון יוצאי וישקוב בישראל" מיט אַ באַריכט פון דער הייאָריקער טעטיקייט. זיי האָבן אַרויסגעגעבן 114 הלוואות אויף אַ באַטרעף פון אַריבער 15 טויזנט פונט. פון נויט־פאָנד זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן 5 הונדערט פונט פאַר 28 פּערזאָן ווי אַן איינמאָליקער שטיצע. אויך אַ באַריכט פון דער נסיעה פון סעקרעטאַר פאַרבשטיין קיין נאָרד־אַמעריקע, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן צו דער זאַמלונג פון 5,000 פונט פאַר דער ליי־קאַסע.

זונטיק, דעם 13־טן סעפּטעמבער, איז אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ ביים מאָנומענט פאָרגעקומען דער יערלעכער קאָלעקטיווער יזכור־צוזאַמענקום נאָך די קדושים פון ווישקאָוו. ס'זענען בייגעווען אַריבער 150 לאַנדסלייט זיך מתיחד צו זיין מיט זייערע אומגעקומענע. וועגן חורבן ווישקאָוו, אין באַדייט פון אַ קאָלעקטיוון דערמאָנונג, האָט גערעדט דער פּרעזידענט, י. מ. צעמבאַל. וועגן יער־הקדושים, צום אייביקן אָנדענק פון די אומגעקומענע, האָט גערעדט ב. ישמח. דעם רעליגיעזן טייל האָט דורכגעפירט אַ חזן.

## וועגן צוויי טוער אין ווישקאָוו־פאַרבאַנד אין אַרגענטינע

# י. מ. צעמבאַל

(צו זיין 60־סטן געבוירנטאָג)

די טעטיקייט פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע איז ענג פאַרבונדן מיטן נאָמען פון איינעם פון אירע איבערגעגעבנסטע חברים — ישראל משה צעמבאַל.

געבוירן ביי פרומע, האָרעפּאַשנע עלטערן, ווערט ער נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה מיטגעריסן מיטן שטראָם נייע געדאַנקען, אַז די וועלט קאָן אויך זיין אַ שענערע און בעסערע. ער העלפט גרינדן די פועלי־ציון, ווו עס ווערט געפירט אַ ברייטע אויפקלערונגס־אַרבעט. צוליב דער מלחמה פון פוילן מיט די באָלשעוויקעס, מוז ער דינען אין מיליטער. זיין פאַרטייאישע אַרבעט ווערט צוליב דעם איבערגעריסן. ווען ער קומט צוריק, טרעפט ער שוין די פאַרטיי אַ געשפּאַלטענע אויף רעכטע און לינקע פועלי־ציון. ער שליסט זיך אָן אין די לעצטע, באַטייליקט זיך אין דער גרינדונג פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", ווו עס ווערט געפירט אַ גרויסע קולטור־אַרבעט, ווי: לעקציעס, ביבליאָטעק, ספּאָרט א. א. וו. ער אַרבעט מיט אין דער פאַרוואַלטונג פון דער גרויסער שטאָטישער ביבליאָטעק, גיט לעקציעס אין די קרייזן פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. זיין שטוב ווערט דאָס אויפהאַלטס־אָרט פון אַלע אָנפירנדיקע חברים און רעפּערענטן וואָס קומען פון וואַרשע קיין ווישקאָוו.

ווען אין שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידישע פאָלקס־שול פון ציש"אָ, ווערט ער געוויילט אַלס וויצע־פאָרזיצער פון דער שול־פאַרוואַלטונג.

ער באַטייליקט זיך אַלס דעלעגאַט, אָדער שפּעטער איינגעלאַדענער, אין פאַרשידענע צוזאַמענפאָרן און באַראַטונגען, וואָס דער צ. ק. פועלי־ציון רופט קיין וואַרשע. ער באַטייליקט זיך אַלס דעלעגאַט אויפן 1־טן פּראָ־פּאַלעסטינע קאָנגרעס, וואָס איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון פוילן פאָרגעקומען אין זיצונגס־זאַל פון וואַרשעווער שטאָטראַט. ער איז פון די געציילטע פּראָווינצער חברים, וואָס דער וועלט־פאַרבאַנד האָט אַרויסגעשטעלט אויף דער וועלט־קאַנדידאַטן־ליסטע פון דער פאַרטיי צום וועלט־קאָנגרעס פאַרן אַרבעטנדיקן ישראל, פאָרגעקומען אין בערלין אין יאָר 1927.

אין משך פון 8 יאָר (1925—1933), ד. ה. — צוויי קאַדענצן, איז ער דער פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן אין דעם ווישקאָווער שטאָטראַט. ער איז קיינמאָל נישט געשטרויכלט געוואָרן, שטענדיק געשטימט פאַר די אינטערעסן פון די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן און לויט דער ליניע פון זיין פאַרטיי — לינקע פועלי־ציון.

ביז זיין פאַרלאָזן פוילן, אַרבעט ער אויך מיט אין די אַלגעמיין־יידישע אינסטיטוציעס, ווי: יידישע פאָלקס־באַנק, מיטגליד אין ראַט און פאָרזיצער פון דער גמילת־חסד קאַסע, וואָס האָט באַדינט פופציק פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

זיין שטרעבונג איז געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. אַלס פאַכמאַן (בעקער) ווענדעט ער זיך צום פּאַלעסטינע־אַמט נאָך אַ סערטיפיקאַט, האַלט אויס דעם עקזאַמען. אָבער דער סערטיפיקאַט ווערט אים נישט געגעבן, ווייל ער איז אַ לינקער פועלי־ציוניסט. אַזוי אַרום איז ער געצוווּנגען מיט יאָרן שפּעטער צו עמיגרירן קיין אַרגענטינע.

אין יאָר 1936 פאַרלאָזט ער פוילן און קומט קיין בוענאָס־איירעס, איבערלאָזנדיק אין דער אַלטער היים אַ פרוי מיט אַ קינד. ער דאַרף זאָרגן פאַר פרנסה און אויך אַריבערברענגען די פאַמיליע. דאָך שטעלט ער זיך גלייך צו דער פּאַרטיי־אַרבעט. ער טרעט אַריין אין דער פאַרוואַלטונג פון דער שלום־עליכם שול, ווערט געוויילט אַלס מיטגליד אין צ. ק. פון דער פּאַרטיי, איז אַקטיוו אין דער אַמאָליקער געזעלשאַפט „פריינד פון אַרבעטער־פּאַלעסטינע", פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. היינט טרעפן מיר אים אַלס מיטגליד פון צ. ק. פון דער פּאַרטיי, עקזעקוטיוו־מיטגליד פון דער צענטראַלער שלום־עליכם שול, ערשטער וויצע־פאָרזיצער פון סוב־קאָמיטעט פון ק. ק. ל., פון סוב־קאָמיטעט פון פאַראייניקטן קאַמפּיין, מיטגליד פון פּלענום פון לאַנד־סעקרעטאַריאַט פון ק. ק. ל., מיטגליד פון פּלענום פונעם מגבית. ער אַרבעט אויך אַקטיוו אין דער לאַנדסמאַנשאַפט פון זיין שטאָט ווישקאָוו, ווו ער פאַרנעמט אָנפירנדע אַמטן אין פּרעזידיום.

היינט איז ער דער פּרעזידענט פון פאַרבאַנד פון ווישקאָוו און אומגעגענט, ער האָט אויך געהאָלפן שאַפן דעם נאַציאָנאַלראַט פון די לאַנדסמאַנשאַפטן און געווען איינער פון אירע וויצע־פאָרזיצערס.

י. לייעלעס

# יעקב שטעלונג

(50 יאָר פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער)

יאַנקל שטעלונג איז געבוירן געוואָרן אין ווישקאָוו, ביי זייער חסידישע עלטערן. דער פאָטער, ר' חיים־הענעך ע"ה, אַ גערער חסיד, האָט געאַרבעט אַלס שרייבער אין דער האָלץ־בראַנזשע. געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים אין שטעטל. אַלע יאָרן — אַ פרייוויליקער בעל־מוסף אין די ימים־נוראים אין גערער שטיבל.

יאַנקל איז געווען דאָס פערטע קינד (פון זיבן), געהאַט אַ גוטן קאָפּ צום לערנען אין חדר און שפּעטער — אין דער ישיבה. די עלטערן זענען געווען זיכער, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן דער אמתער בן־תורה. אָבער צו יענער צייט האָבן אין פוילן אָנגעהויבן בלאָזן אַנדערע ווינטן, וועלכע האָבן אויך אַריינגעדרונגען קיין ווישקאָוו. יאַנקל שטעלונג איז דער ערשטער אין זיין שטוב, וואָס ברענגט אַריין די נייע ווינטן אין דער דאָזיקער פעסטונג פון חסידות.

אַלט זייענדיק בסך־הכל 15 יאָר, זעען מיר אים אַלס גרינדער פון דער פועלי־ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין ווישקאָוו. ער ווערט גלייך דער אָנערקענטער מנהיג אין אידעיש און ווי אין פּראַקטיש זין. אים דעלעגירט מען צום ערשטן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דער יוגנט, וואָס איז אין יאָר 1919 פאָרגעקומען אין וואַרשע.

אין יאָר 1920, ווען די באָלשעוויקעס פאַרנעמען ווישקאָוו, טרעט חבר יאַנקל אַריין אין דער בירגערלעכער מיליץ, העלפט שאַפן דעם רעווקאָם (רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט) און איז טעטיק ביים איינשטעלן די נייע מאַכט. מיטן פאַרלאָזן די שטאָט דורך די באָלשעוויקעס, ווערט ער דערנאָך אַרעס־

טירט דורך די פּאַליאַקן אויסער ווישקאָוו און מען שטעלט אים פאַר אַ קריגס־געריכט. אים דראָט טויט־שטראָף, נאָר אַ דאַנק פיל אינטערווענצן און אויך דער פאַקט וואָס ר׳איז מינדעריעריק — דערמעגלעכן אים צו פאַרלאָזן די תפיסה־מויערן נאָכן אָפּזיצן זעקס חדשים.

אין יאָר 1921, בעת דער שפּאַלטונג אין פּועלי־ציון, איז ער פון די ערשטע און אַקטיווסטע ביים אויפשטעלן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די לינקע פּועלי־ציון. אין יאָר 1921 טרעט ער אַריין אין דער פּאַרטיי און בלייבט דער פאָרשטייער און אָנפירער פון דער יוגנט.

אין יאָר 1922 מוז ער איבעררייסן זיין פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, ווייל ער ווערט גערופן צום מיליטער־דינסט אין דער פּוילישער אַרמיי. דער בונטאַרער גייסט זיינער קאָן נישט פאַרטראָגן די אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען אין דער אַרמיי. אויף אַ ווענדונג צו די יידישע סיים־דעפּוטאַטן וועגן אַנטיסעמיטיזם אין מיליטער, איז דער ערשטער אונטערגעשריבן... יעקב שטעלונג. דאָרט איז דערציילט געוואָרן, אַז בריוו צו זעלנער, געשריבן אין דער יידישער שפּראַך, ווערן צעריסן און נישט איבערגעגעבן דעם אַדרעסאַט. פאַר דער דאָזיקער ווענדונג איז י. שטעלונג געשטעלט געוואָרן פאַרן אינערלעכן געריכט פון זיין פּולק און באַקומען די העכסטע שטראָף וואָס זיי האָבן געמעגט געבן.

אומקערנדיק זיך פון מיליטער־דינסט, איז ער ווייטער אַקטיוו אין דער באַוועגונג און צייכנט זיך באַזונדערס אויס ביי וואַל־אַקציעס צו דער קהילה, שטאָטראַט. ער איז אָפטער דעלעגאַט אויף קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן אין וואַרשע. ביי דער צווייטער קאַדענץ פון ווישקאָווער שטאָטראַט, איז ער שוין פּוליעריק און ער ווערט אַלס קאַנדידאַט אַרויסגעשטעלט אויפן צווייטן אָרט פון דער פּועלי־ציון רשימה.

זיין שטרעבונג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל האָט ער רעאַליזירט נאָך אין יאָר 1925, פאָרנדיק אַהין אומלעגאַל, ווייל לינקע פּועלי־ציון, ווי באַוווסט, האָבן נישט באַקומען קיין סערטיפיקאַטן. ער קומט אין לאַנד אַריין ווען עס הערשט אַ גרויסער קריזיס. פונדעסטוועגן ראַנגלט ער זיך מיט אַלע כוחות, כדי זיך איינאָרדענען און אַראָפּברענגען זיין פרוי מיטן קינד. אַלס אומלעגאַלער עולה איז פאַר אים געווען אומעגלעך אַראָפּצוברענגען די פאַמיליע — און ער איז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן ארץ־ישראל און צוריק קומען קיין פּוילן.

אומקערנדיק זיך קיין ווישקאָוו, האָט ער, נאָך איידער ר׳האָט באַקומען אַרבעט און זיך איינגעאָרדנט, זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט אַלס פּאַרטיי־סעקרעטאַר, קאָרעספּאָנדענט פון דער פּאַרטיי־פּרעסע. ער איז דער פּאַרטייאישער אַדרעס אין ברייטסטן זין פון וואָרט פאַר די חברים אויפן אָרט און פאַר די וואָס פלעגן קומען פון דער צענטראַלע.

ער האָט פיל ענערגיע אַרויסגעוויזן ביים אָרגאַניזירן די טרעגער־אַרבעטער און אַלס טעכנישער סעקרעטאַר זיי באַדינט אָן וועלכן ס׳איז געהאַלט.

די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין ווישקאָוו צווינגען אים דאָך צו עמיגרירן. דאַסמאָל — קיין אַרגענטינע. אין יאָר 1934 איז ער צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס. אויך דאָ האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע וואָס אין געבורט־שטעטל. נאָך איידער ס׳איז אים געלונגען רעכט זיך איינאָרדענען אין נייעם לאַנד, שטעלט ער זיך קודם אין פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיי־חברים, העלפט בויען די שלום־עליכם־שול אין עטלעכע ראַיאָנען פון שטאָט. אַרבעט אין דער שול־פאַרוואַלטונג און אין דער פּאַרטיי. ער „גייט איבער די הייזער", כדי געווינען יידישע קינדער פאַר דער יידישער שול. ערשט אַ לענגערע קראַנקהייט האָט אים אָפּגעריסן אויף אַ געוויסער צייט פון זיין פרוכטבאַרער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

שוין פיל יאָרן ווי ער איז מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון לינקע פּועלי־ציון, מיטגליד אין פּלענום פון צוויש"א, מיטגליד אין דער קולטור־קאָמיסיע פון דער שול און אין דער פאַרלאַגס־קאָמיסיע פון דער פּאַרטיי. באַזונדערע פאַרדינסטן האָט ער אין אונדזער ווישקאָווער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין, ביים אָרגאַניזירן הילף די מלחמה־געליטענע, פּליטים און רעפּאַטריאַנטן אין פּוילן, דייטשלאַנד און אין ישראל. ער איז אויך אַקטיוו אין דער צענטראַלער אינסטאַנץ פון די פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, אין דעם נאַציאָנאַל־ראַט

50 יאָר לעבן פון יעקב שטעלונג (ביז 120 !) מיינט 35 יאָר שעפערישע טעטיקייט לטובת הכלל, באַזונדערס פאַר אונדזערע ווישקאָווער.

י. מ. צעמבאַל

# ווישקאָווער אין אורוגוויי

ש. גראַפּא, ח. וועגנער
מאָנטעווידעאָ

אויך קיין אורוגוויי, אין איינעם פון די דרום־לענדער אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, איז אָנגעגאַנגען די יידישע אויסוואַנדערונג פון פּוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה,



ווישקאָווער אין אורוגוויי בני וישקוב באורוגואי

און פון יאָר 1933 — פון דייטשלאַנד. קלאָר, אַז אויך ווישקאָווער יידן האָבן דאָ געפינען זייער מקלט, אַנטלויפנדיק פונעם אַנטיסעמיטישן פּוילן.

ערשט מיטן פאַרענדיקן די צווייטע וועלט־מלחמה האָבן אַ גרופּע ווישקאָווער אין אורוגוויי זיך צוזאַמענגעטראָפן ביים לאַנדסמאַן בינם בראָנשטיין, ווו עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ ווישקאָווער לאַנדסמאַנשאַפט. אין דער דאָזיקער ערשטער באַראַטונג האָט אָנטיילגענומען ה׳ ברוך ישמח, ספּעציעל דעלעגירט פון די ווישקאָווער אין אַרגענטינע. אויך דער צווייטער צוזאַמענטרעף אונדזערער איז פאָרגעקומען מיטן אָנטייל פון אַ דעלעגירטן פון אַרגענטינע — ה׳ אריה שטעלונג. די אויפגאַבן, וועלכע מיר האָבן זיך געשטעלט, זענען געווען זייער קלאָרע און פּרעציזע: שטיצן די ווישקאָווער לאַנדסלייט אומעטום ווו זיי ווילן זיך נייטיקן אין הילף; פאַראייביקן דעם אָנדענק פון דער אומגעקומענער יידישער ווישקאָוו, דורך העלפן אַקטיוו ביים אַרויסגעבן דאָס

יזכור־בוך. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די ווישקאָווער אין מאָנטעווידעאָ איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן די לאַנדסמאַנשאַפט און באַזונדערס זיךווידמען דער אַקציע פאַרן יזכור־בוך.

עס איז דאַן אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון 11 פערזאָן און אַ פרויען־קאָמיסיע פון 7. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אינערלעכע, קעגנזייטיקע הילף און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט, ווי ביקור־חולים, צוזאַמענקונפטן און קאָנטאַקטן.

די צאָל ווישקאָווער אין אורוגוויי איז נישט קיין גרויסע (עטלעכע פערציק פאַמיליעס). דאָך האָבן מיר אָפט אײַנגעאָרדנט צוזאַמענטרעפן ביי געדעקטע טישן, ווי אויך רעפעראַטן און קולטור־אונטערנעמונגען, צווישן דעם — אַ פאָרשטעלונג פון שלום־עליכמס „מאָטל פייסי דעם חזנ׳ס״ אין די ראַמען פון „שלום־עליכם יאָר״. יעדעס יאָר אין חודש אלול האָבן מיר אַדורכגעפירט דעם אזכרה־אַקט נאָך אונדזערע אומגעקומענע ברידער און שוועסטער.

מיר האָבן אויך געהאָלפן אויפשטעלן דעם „בית וישקוב״ אין תל־אביב.

# ווישקאָווער אין קובאַ

טש. אַפּעלבוים
ניו־יאָרק

אין די צוואָנציקער יאָרן איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער עמיגראַציע־שטראָם פון פוילן. צוליב דעם באַגרענעצטן אַרייַנפאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט זיך דער שטראָם געצויגן אין די דרום־ און צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער. פיל ווישקאָווער האָבן דאַן פאַרלאָזט אונדזער שטעטל און געקומען קיין קובאַ.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין קובאַ איז נישט אייַנגעשטעלט געוואָרן איבער נאַכט. דאָס האָט געפאָדערט יאָרן פון פיאָנערישער און אחריותדיקער אַרבעט, אין וועלכער אונדזערע לאַנדסלייט האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף יעדן געביט. צום שבח פון אונדזער שטאָט ווישקאָוו, איז אויך כדי צו פאַרצייכענען די אַרבעט פון אונדזערע לאַנדסלייט ביים בויען אַ נייעם יישוב.

אונדזערער אַ לאַנדסמאַן האָט געהאָלפן גרינדן די „אגודת ישראל״ און געווען דער איניציאַטאָר פון אויפבויען אַ מקווה און שאַפן מנינים צום דאַווענען שבת און יומטוב; מיר האָבן אויך גענומען אַן אָנטייל אין דער פירערשאַפט פון דעם איינציקן אָנגעזעענעם קולטור־פאַראיין; מיטגעהאָלפן, אויף דער שפּאַנישער גאַס אַרייַנברענגען דעם גייסט פון אָרגאַניזירן פאַראיינען, קאַמף פאַר יושר און פראָפעסיאָנעלע אינטערעסן.

דער גרינדער פון דער פועלי־ציון אָרגאַניזאַציע אין קובאַ איז טאַקע געווען אונדזערס אַ לאַנדסמאַן. געווען אַ מיטגליד אין דעם פּאַלעסטינע־אַמט. געפאָרן אַלס דעלעגאַט צו אַ קאָנפערענץ אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אייַנגעאָרדנט צום ערשטן מאָל אין קובאַ דעם (9־טן) יאָרצייט נאָך בער באָראָכאָוו. ער איז אויך געווען אָנפירער פון אַ זעלבסט־בילדונגס־קרייז. אָנגעזען אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, אויפגעטרעטן מיט רעפעראַטן, אייגענע שאַפונגען א. א. וו.

ווישקאָווער אין קובאַ זענען געווען אומגעפער אַ 80—90. שווער געווען קעגנצושטעלן זיך דער אַסימילאַציע, וואָס האָט אַרייַנגעצויגן די אין קובאַ געבוירענע קינדער. מ׳איז אַנטלאָפן אין גרעסערע יידישע ישובים, ווי מעקסיקע, קיין ישראל און דער עיקר — אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

היינט איז אין קובאַ געבליבן אַ הייפל. מאַטעריעל זיך אַרויפגעאַרבעט, אָבער דערווייטערט איינער פון צווייטן, אָפּגעריסן פון וועלכער ס׳איז פאַרבינדונג מיט ווישקאָווער.

# ווישקאָווער אין דייטשלאַנד בעטן הילף

(איבערגעדרוקט פון „פאָרווערטס״, 3 יאַנואַר 1946. אָפּטייל: די געראַטעוועטע זענען עלנט און זיי נייטיקן זיך אין הילף — פון י. מ. קערש. קעפּל: אין ווישקאָוו האָבן פון 5 טויזנט יידן זיך געראַטעוועט אַרום 100.)

מר הערי בורשטיין, דער סעקרעטאַר פון דער ווישקאָווער בענעוואָלענט סאָסייטי, וואָס וווינט אויף 501 וועסט 189־טע סטריט ניו־יאָרק, האָט באַקומען אַ טרויעריקן בריוו פון עטלעכע לעבנגעבליבענע יידן אין ווישקאָוו. זיי שרייבן:

„מיר ווישקאָווער, וואָס זענען געקומען פון רוסלאַנד, צוזאַמען זיבן פערזאָן, שרייבן אייך, אַז מיר האָבן אין דער היים געטראָפן נאָר קריסטן און נישט קיין איין ייד. אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער האָבן די דייטשע מערדער געשאָסן און דערנאָך פאַרברענט. מיר זענען נישט אימשטאַנד אַלץ אַרויסצושרייבן. אַ ווייטערדיקער מענטש קאָן דאָס צומאָל נישט גלויבן. מיר, זייענדיק אין רוסלאַנד, האָבן דאָס אויך נישט געגלויבט. עס גיסט זיך בלוט פון אונדזערע הערצער, שרייבנדיק צו אייך דעם בריוו. פון אַזאַ שטאָט ווישקאָוו, וואָס האָט געציילט 5 טויזנט יידן, זענען געבליבן אַרום 100. אפשר אַ 20 זענען אין פוילן צעזייט און צעשפּרייט און די רעשט געפינען זיך אין רוסלאַנד. מיר ווייסן פון אַלע. ווער עס איז פאַראינטערעסירט, קאָן צו אונדז שרייבן, וועלן מיר ענטפערן.

מיר געפינען זיך איצט אין דייטשלאַנד, אין דער געגנט וואָס איז אָקופּירט פון די אַמעריקאַנער. עס געפינט זיך דאָ דער הער יאָסקאָוויטש, וואָס פאַראינטערעסירט זיך מיט די ווישקאָווער. מיר זענען ספּעציעל אַהערגעקומען פון פוילן, ווייל מענטשן האָבן אונדז געזאָגט, אַז אין דער שטאָט ווייַדען פרעגט זיך יאָסקאָוויטש נאָך אויף ווישקאָווער. מיר בעטן אייך אונדז מיטצוהעלפן מיט וואָס איר קענט. מיר בלאָנקען אַרום ווי די ציגיינער. אונדזער געבורט־שטאָט ווישקאָוו עקזיסטירט נישט מער. מיר האָבן געמאַכט אַ באַזוך אין ווישקאָוו. עס איז דאָרט נישטאָ קיין איין הויז. אַפילו דער בית־עלמין איז אויך צעקלאַפּט, עס וואַקסט דאָרט תבואה.

אין פּוילן איז פאַר אונדז קיין אָרט נישטאָ, ווייל ביי די פּאָליאַקן איז שוין איינגעוואָרצלט דער דייטשישער דור. ביי די געציילטע פּוילישע יידן וואָס זענען געבליבן, געשען פאַלן, אַז מען באַפאַלט זיי און מען הרגעט די רעשט. מיר האָבן נישט קיין היים. מיר זענען אין יידישן קאָמיטעט. מיר שלאָפן אויף בענק. אַזוי ווי מיר וואָלטן קיינמאָל נישט געהאַט קיין היים. מיט איין וואָרט — ערגער קאָן שוין קיינעמען אויף דער וועלט נישט זיין, ווי עס איז אונדז — איבערגעבליבענע, צעבראָכענע. מיר בעטן אייך נאָכאַמאָל אין אונדז נישט צו פאַרגעסן.

מיר בעטן אייך אויך אויפזוכן אברהם ניימאַרק און משה ניימאַרק, זיי וווינען אין ניו־יאָרק. שמואל־לייב בזשעזשינסקי שרייבט צו זיי. זיי זענען זיין מוטערס ברודער.

פּוילן איז מער קיין היים נישט פאַר יידן. געפונען איצט אין פּוילן דערשאָסענע יידן — איז אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. די יידן פאָרן, אָדער בעסער געזאָגט — אַנטלויפן פון פּוילן. מען לאָזט אַלץ איבער, ווייל מען מוז דאָך שוואַרצן גרענעצן. קיינער לאָזט אונדז נישט אַריין. עס טרעפט, אַז ביי דער גרענעץ נעמט מען ביי אונדז צו די לעצטע פּאָר גראָשן. קיין איין ייד וווינט נישט אין ווישקאָוו. אין פּולטוסק האָט געוווינט אַ יידישער בעקער, האָט מען אים מיט דער גאַנצער פאַמיליע ביינאַכט דערשאָסן."



אַ גרופּע פון דער ווישקאָווער שארית־הפּליטה אין מינכען, דייטשלאַנד — 1946. **ערשטע ריי, פון רעכטס:** א. פּ. שולץ, אומבאַקאַנט. **צווייטע ריי:** ווענגראָוו, וויסאָצקי, מאַרקוסכאַמער, פּאָסטאָלסקי, קראוזע. **דריטע ריי:** שרעדני, פאכט, שוואַרצבאַרד, וויסאָצקי.

קבוצת משארית־הפליטה של בני וישקוב במינכן, גרמניה — 1946. **שורה ראשונה, מימין:** א. פּ. שולץ, בלתי־ידוע. **שורה שנייה:** וונגרוב, ויסוצקי, מרקוסכמר, פוסטולסקי, קראוזה. **שורה שלישית:** א. שרדני, פאכט, שוורצברד, ויסוצקי.

דאָס זענען די אונטערגעשריבענע אויפן בריוו:

איטשע־מאיר וויסאָצקי, משה פאלעקס זון מיט זיין פרוי שפרה און צוויי זין וועלוול און ישראל; שמואל־לייב בזשעזשינסקי; עליע מיכאלקעס און זיין פרוי פייגע, חיים ניסנם אַ טאָכטער; גדליה דאָברעס — שלמה גדליהוס און מרדכי־יאָסלס אַן איינדיקל.

# יזכור

זכור את שואת ישראל
זכור את האבדון ואת המרי
יהי לך לאות וללקח
לשנות דור ודור
ונלוה הזכרון הזה
אליך תמיד
בלכתך בדרך
ובשכבך ובקומך.
ושווית לנגד עיניך
זכר אחים אשר אינם עוד
ובא הזכר בבשרך, בדמך ובעצמותיך:
חרוק שיניך וזכור:
באכלך את לחמך זכור
בשתותך את מימיך זכור
שיר כי תשמע זכור,
בזרח השמש זכור
ובבא הלילה זכור
וביום חג ומועד זכור תזכור!

**ד"ר מ. דבורז'צקי**

יזכור עם ישראל את בניו ובנותיו חילי צבא ההגנה לישראל, הנאמנים והאמיצים אשר חרפו נפשם במלחמה על תקומת ישראל; יזכור ישראל ויתברך בזרעו ויאבל על זיו העלומים והמדת הגבורה וקדושת הרצון ומסירות הנפש, אשר נספו במערכה הכבדה; יהיו גבורי מלחמת השחרור והנצחון חתומים בלב ישראל לדור דור.

**ש. שלום**

# קדיש...

בחרדת קודש אנו נגשים לאמור „קדיש" על הורינו, אחינו, אחיותינו, ילדינו היקרים, וכל בני עירנו בקהלה קדושה וישקוב.

אחינו ואחיותינו הנאהבים והנעימים, משפחות קדושות ומכובדות, יהודים יקרים ועסקני צבור מפלאים — שעונו, הושפלו ונרצחו, ושמסרו נפשם על קדוש השם, ביחד עם שאר קהלות ישראל באירופה, שהצוררים גזרו עליהם שחיטה וכליה, ואפרם מפוזר בכל קצוי תבל, ולא נודע לנו אפילו מקומות קברותיהם.

תתגדלנה ותתקדשנה נשמותיהם, תתגדל ותתקדש קהלתנו, שנחרבה בידי הרוצחים הנאצים ימ"ש.

עירנו וישקוב, שמאות בשנים היו בה אלפי משפחות על ברכי היהדות המסורתית, חיים טהורים וקדושים, בהוותם סמל החברה האנושית, תפארת האדם; קהלתנו ועסקניה שהיו למופת — שרופים כסוחים באש, וחלק גדול משרידיה מתו בנדודים, או נרצחו במקומות מחבואיהם בתחנות נדודיהם השונות — מי באש ומי במים, מי ברעב ומי בצמא, מי בחרב ומי במגפה ומי בתאי הגזים...

מי יתן ראשינו מים ועינינו מקור דמעה, ונבכה יומם ולילה את חללי קהלתנו, אשר גורלם היה כגורל קדושי כל הדורות, מאז חורבן ביתנו הלאומי, כקדושי ספרד, קדושי מסעי הצלב, קדושי גזירות ת"ח ות"ט, קדושי פרעות חמילניצקי ופטלורה והפוגרומים השונים.

שכול כל הדורות, דמעת היתומים והאלמונות, האמהות השכולות, יסורי הורים על טרף פרי בטנם לעיניהם בידי הרוצחים ימ"ש.

— ישאר נא לזכרון עד, יגון עמנו הגדול בדורנו, שאין לו נוחם

— כל אלה יוחקו בספר

לא נשכחם כמו ירושלים!

בשם ועדת ספר-יזכור

**ירחמיאל וילנסקי**

רשימה פון אומגעקומענע, געפאַלענע און
געשטאָרבענע ווישקאָווער יידן אין די יאָרן
פון דער 2־טער וועלט־מלחמה און נאָך איר

רשימת יהודי וישקוב שניספו, נפלו חלל
ומתו בשנות מלחמת העולם השנייה ואחריה

## א

אַבראַמטשיק אברהמטשע
אַבראַמטשיק חיים
אַבראַמטשיק משה־יוסף
אַבראַמטשיק סימע
אַבראַמטשיק פייגע־מאַלע
אַבראַמטשיק שיינדל
אַבראַמטשיק שמאי
אויסלענדער איטע און קינדער
אויסלענדער ברוך
אָזמאַן מרדכי, פרוי און קינדער
אָזמאַן פישל, פרוי און קינדער
אייזמאַן בנימין און פרוי
אייכענבויםביילע
אייכענבוים יעקב און פרוי
אָלאַנד ביניש און פרוי
אָלאַנד גיטע בת צירל
אָלאַנד דוד
אָלאַנד חיים־בער
אָלאַנד יצחק
אָלאַנד יצחק, פרוי און קינדער
אָלאַנד יאַנקל בן צירל
אָלאַנד טעמע
אָלאַנד מאָטל
אָלאַנד פישל בן צירל
אָלאַנד פריידע בת צירל
אָלאַנל שיע
אָלאַנד שרה־רויזע
אָלאַנד צירל
אָלאַנד מלכה
אָלדאַק בונם, פרוי און קינדער
אָלדאַק בעריש, פרוי און קינדער

אָלדאַק גרשון
אָלדאַק דוד־לייב
אָלדאַק הערשל
אָלדאַק חנה־מלכה
אָלדאַק טובה
אָלדאַק טשאַרנע
אָלדאַק יוסף
אָלדאַק ישראל, פרוי און קינדער
אָלדאַק מענדל, פרוי און קינדער
אָלדאַק קלמן
אָלדאַק שרה
אַלטמאַן אבא
אַלטמאַרק וועלוול
אַלטמאַרק יעקב, פרוי און קינדער
אַלטמאַרק שמעון, פרוי און קינדער
אָלענבערג אברהם־יצחק, פרוי און קינדער
אָלענבערג אהרון
אָלענבערג גדליה, פרוי און קינדער
אָלענבערג חיה
אָלענבערג ישראל
אָלענבערג מלכה
אָלענבערג מנוחה
אָלענבערג מרדכי־מענדל
אָלענבערג משה־בער און פרוי
אָלענבערג מרים און איר מאַן שמחה בורשטין
אָלענבערג נעמי
אָלענבערג נתן, פרוי און קינדער
אָלענבערג פעסע
אָלענבערג קרושאַ

אָלענבערג ריווע
אָלשאַקער יחיאל, פרוי און 6 קינדער
אָלשאַקער יעקב, פרוי און 6 קינדער
אָסאָוויעצקי יהושע־יצחק
אָסאָוויעצקי יצחק, פרוי און קינדער
אָסאָוויעצקי לאה
אָסאָוויעצקי לייב, פרוי און קינדער
אָסאָוויעצקי לייזער, פרוי און קינדער
אָסאָוויעצקי פיניע און פרוי
אָסטראָוויאַק בנימין
אָסטראָוויאַק חיים
אָסטראָוויאַק חנה
אָסטראָוויאַק פועה
אָסטראָוויאַק פעלטע
אָסטראָוויאַק פעסע
אָסטראָוויאַק ראובן
אָסטראָוויאַק שמואל
אָסטראָוויאַק רחל
אָסטרי בנימין־משה
אָסטרי דוד־הערש און פרוי
אָסטרי חביבה
אָסטרי חיה־נעכע
אָסטרי ישראל־מאיר
אָסטרי ליבע
אָסטרי מלכה
אָסטרי משה־זעליג און פרוי
אָסטרי משה־יוסף, פרוי און קינדער
אָסטרי פייגע
אָסטרי שושנה
אָרענשטיין שמחה, פרוי און קינדער

## ב

באָגדאַן יעקב
באָגדאַן רבקה
באָגדאַן רייזעלע
באָדער מאָטל און פרוי
באָרמאַן איטשע און פרוי
באָרמאַן זלמן
באָרנשטיין אברהם
באָרנשטיין בערל
באָרנשטיין וועלוול, פרוי און קינדער
באָרנשטיין חנה־לאה
באָרנשטיין מירטשע
באָרנשטיין מלכה
באָרנשטיין מנחם
באָרנשטיין פייגע
באָרנשטיין פעסע

באָרנשטיין רייזל
באַשיק חנוך
באַשיק־יאַקובאָוויטש כעלע
באַשיק יוסף
בהרב אברהם
בהרב אהרון
בהרב בראָנטשע
בהרב גיטל, מאַן קליגער און זייערע 4 קינדער
בהרב גיטעלע
בהרב הערשל, פרוי און קינדער
בהרב יאָסעלע
בהרב יוסף און זיין פרוי ניחה
בהרב ישראל, פרוי און קינדער
בהרב מאַניע

בהרב מאַניעלע
בהרב משה, פרוי און קינדער
בהרב פייגעלע
בהרב פייוול בן הערשל
בהרב פייוול בן יוסף
בהרב פייוול, פרוי און קינד
בהרב פערל
בהרב רבקה
בהרב רייזעלע
בהרב שלום
בהרב שרה — די מאַמע
בונדוסקי יוסף און פרוי
בורשטין אברהם, פרוי און קינדער
בורשטיין איטשע
בורשטיין בונם, פרוי און קינדער

בורשטין בונם און פרוי
בורשטיין ביילע־רחל
בורשטין בן־ציון און פרוי
בורשטיין חנה
בורשטיין חנה
בורשטין חנה־רחל
בורשטין יחזקאל, פרוי און קינדער
בורשטין יעקב און פרוי
בורשטיין ישראל־יצחק
בורשטיין מיכאל
בורשטין שלמה
בורשטיין שמערל
בורעק יצחק
בורעק פייוול
בזשאָזאַ אסתר
בזשאָזאַ יעקב
בזשעזשינסקי אבא
בזשעזשינסקי נתן און פרוי
ביאַלאָסטאָצקי יצחק־הערש
ביאַלאָסטאָצקי פנחס און פאַמיליע
ביאַלאָסטאָצקי רבקה
בלום אבא
בלום הערשל
בלום עטע

בלום צביה־גיטל
בלומענשטיין יהושע (שוחט) און פאַמיליע
בלומענשטיין יצחק און פאַמיליע
בלומענשטיין יעקב (שוחט) און טאָכטער
בלומשטיין לייזער
בענגעלסדאָרף אורקע
בענגעלסדאָרף גנענדל, מאַן און קינד
בענגאַלסדאָרף חיים, פרוי און קינדער
בענגעלסדאָרף חנה־הינדע
בענגאַלסדאָרף מישקע
בענגאַלסדאָרף משה, פרוי און קינדער
בערלינערבלוי מרדכי
בערלינערבלוי הוד־הערש
בראָדאַטש דוד
בראָדאַטש לאהטשע
בראָדער אסתר
בראָדער הדסה
בראָדער חיה
בראָדער יחזקאל און פאַמיליע
בראָדע מאָטל און פרוי
בראָדער רחל
בראָדער שלמה

בראָדער שרה מיט די קינדער
בראַמאַ בריינדל בת מלכיאל
בראַמאַ חנה מיט די קינדער
בראַמאַ מאָטל
בראַמאַ מיכאל
בראַמאַ רבקה
בראַמאַ שיינע־שרה
בראָמבערג אייזיק
בראָמבערג שלמה, פרוי און קינדער
בראָנשטיין בונם, בן ר׳ איטשע שוחט
בראָנשטיין בערל
בראָנשט זעלדע־מלכה בת יעקב-דוד
בראָנשטיין חוה
בראָנשטיין יעקב־דוד און פרוי רחל
בראָנשטיין יצחק־יעקב, זון פון בונם
בראָנשטיין פישל
בראָנשטיין שלמה, בן יעקב-דוד
ברוכאַנסקי מלכיאל, פרוי און קינדער
ברוק נחום און פרוי
ברוק משה, פרוי און קינדער
ברעסלער זעלדע

## ג

גאָזשעלצאַני העניע
גאָזשעלצאַני זיסקע
גאָזשעלצאַני יהודה־לייב
גאָלדבאָרשט יהושע־אלעזר
גאָלדוואַסער
גאָלדמאַן אריה
גאָלדמאַן מאַניע
גאָלדמאַן מלכה
גאָלדמאַן עלי־מאיר און פרוי עלקע
גאַנצגלאָז — פאָטער, מוטער און קינדער
גוטמאַן אליהו (עלי), פרוי און קינדער
ד״ר גוטשטאַט און פרוי
גורמאַן אסתר
גורמאַן ביילע
גורמאַן חייקע
גורמאַן יוסף
גורמאַן מרדכי
גורני דוד
גורני יוסף
גורני שאָשקע
גורני שפרה
גיבור חנה
גיבור יוסף
גיבור לאה

גיבור שרהקע
גלאָוואַש שמואל
גלאָוואַטש שמואל
גלאָווינסקי רחל און קינדער
גלאָווינסקי רחל
גלאָווינסקי שמואל און פרוי
גלאָווינסקי שמואל
גליקסבערג ישראל
גליקסבערג ישראל
גערשאָנאָוויטש אברהמל
גערשאָנאָוויטש יוסף
גערשאָנאָוויטש יעקב און פרוי
גערשאָנאָוויטש יצחק
גערשאָנאָוויטש מיכאל
גערשאָנאָוויטש רויזע
גערשאָנאָוויטש שרה
גערשאָנאָוויטש שמחה און פרוי
גראַבינאַ אברהם־הערש
גראַבינאַ אליעזר
גראַבינאַ זאב
גראַבינאַ זכריה
גראַבינאַ יעקב
גראַבינאַ ישראל
גראַבינאַ שלום

גראָמאַן ברײנע
גראָמאַן וועלוול
גראָמאַן מענדל
גראַנאַט אברהם־דוד
גראַנאַט ראובן און פרוי
גראַנעק חוה
גראַנעק יצחק
גראַנעק שעפּסל
גראָסווירט
גראָסווירט איטשע
גראָסווירט מאיר
גראָסווירט קאָפּל
גרושקאַ טוביה
גרושקאַ יהושע־בערל און פרוי חיה
גריזעק אברהם
גריזעק אברהם, פרוי און קינדער
גריזעק יצחק, פרוי און קינדער
גריזעק מענדל
גריזעק מענדל, פרוי און קינדער
גריזעק מענדל, פרוי און קינדער
גרינבערג אבא
גרינבערג אברהם־מאיר
גרינבערג ברוך
גרינבערג גאָלדע

גרינבערג דבורה
גרינבערג הערש־פנחס
גרינבערג חפצה
גרינבערג יחזקאל, פרוי און קינדער
גרינבערג יעקב
גרינבערג יעקב
גרינבערג יידל
גרינבערג משה־מענדל
גרינבערג פעסע
גרינבערג צירל
גרינצייג ראובן
גרינבערג רחל
גרינבערג שלום
גרינבערג שמואל־יצחק

## ד

דאָברעס ברוך־דוד און קינדער
דאָברעס חנה־טובה
דאָברעס יענטע
דאָברעס לאהטשע
דאָברעס רבקה
דאָברעס שרה־מינדל
דאָברעס שלמה־יעקב
דאָמב באַשע
דאָמב יחיאל־מאיר,
פרוי און דריי קינדער
דאָמב דוד־לייב
דאָן אורקע, פרוי אסתר און קינדער
דאָן איצל
דאָן אסתר
דאָן גאָלדע
דאָן דוד־לייב
דאָן חיים, פרוי און קינדער
דאָן חיים
דאָן יהושע
דאָן רבקה
דאָן שאול
דזבאַנעק אסתר, מאַן און פאַמיליע
דזוענגאַל גיטל
דזוענגאַל טובה
דזוענגאַל יוסף
דזוענגאַל יידל
דזוענגאַל יצחק
דזוענגאַל משה
דזוענגאַל רבקה
דזוענגאַל רחל
דזשענקעוויטש באָריס
דזשענקעוויטש חנה
דזשענקעוויטש יאָספע
דזשענקעוויטש ישראל
דזשענקעוויטש משה
דזשענקעוויטש פייגע
דזשענקעוויטש פריידע
דזשענקעוויטש רחל
דערען ישראל מיט אַ זון.

## ה

האָלאַנד בערל
האָלאַנד יצחק, פרוי און קינדער
האָלאַנד ביינדש און פרוי
האָלאַנד יהושע
האָלאַנד מאָטל
האָלאַנד שרה־רויזע
האָלאַנד פישל
האָלאַנד רויזע
האָלצמאַן אסתר
האָלצמאַן ברכה
האָלצמאַן גאָלדע
האָלצמאַן דאָבע
האָלצמאַן הינדע
האָלצמאַן הערשל
האָלצמאַן הערש מיט דער פאַמיליע
האָלצמאַן זלמן
האָלצמאַן חיה־שרה
האָלצמאַן חיים מיט דער פאַמיליע
האָלצמאַן חיים, פרוי און קינדער
האָלצמאַן יעקב
האָלצמאַן יעקב, פרוי און קינדער
האָלצמאַן לאה
האָלצמאַן ליבע
האָלצמאַן מנחם
האָלצמאַן משה־יצחק מיט 5 קינדער
האָלצמאַן פייגע
האָלצמאַן פייגע־לאה
האָלצמאַן שלמה־יעקב
האָלצמאַן שמחה־נח, פרוי, קינדער
האָלצמאַן שרה
האָלצקענער משה און קינדער
האָלצקענער פריידע,
טאָכטער פון מינטשע
היללער חייקל
היללער רחל
היללער רעלטשע
היללער חנה און זון
הירליכט שמעון

## ו

וואַטנבערג אשר און פרוי
וואָנסאָווער אייזיק
וואָנסאָווער אַלטע מיט די קינדער
וואָנסאָווער ברוך
וואָנסאָווער חיים
וואָנסאָווער יעקב
וואָנסאָווער פייגע־לאה
וואָנסאָווער פישל און פאַמיליע
וואָנסאָווער רבקה־לאה
וואָנסאָווער רחל־לאה
וואָנסאָווער שרה
וויאַטער אהרון
וויאַטער גיטל
וויאַטער דוד, פרוי און קינדער
וויאַטער חנהטשע
וויאַטער יעקב
וויאַטער ליבע
וויאַטער לאהטשע
וויאַטער ציפע
וויגאָדאַ זיסל מיט די קינדער
וויגאָדאַ חיה
וויגאָדאַ יהודה
וויגאָדאַ יהושע
וויגאָדאַ ישראל
וויגאָדאַ מנוחה
וויגאָדאַ מענדל
וויגאָדאַ ראובן

